# די אידישע
# לאַנדסמאַנשאַפטען
# פון ניו יאָרק

צונויפגעשטעלט דורך דער אידישער שרייבער־גרופּע
אויפ׳ן פעדעראַלען שרייבער פּראָיעקט

WORKS PROGRESS ADMINISTRATION
IN THE CITY OF NEW YORK


ארויסגעגעבען פון
י. ל. פּרץ שרייבער פאראיין

ניו יאָרק, נ. י.

1938

# *Works Progress Administration*

Harry L. Hopkins, Administrator
Ellen S. Woodward, Assistant Administrator
Henry G. Alsberg, Director of the Federal Writers' Project

•

Sponsored by

**YIDDISH WRITERS' UNION**

DR. B. HOFFMAN, President
M. DANZIS, Vice-President
B. LEVITIN, Treasurer
M. RIVLIN, Secretary

EXECUTIVE

L. BERMAN
WM. EDLIN
A. EPSTEIN
DR. L. FOGELMAN
CH. GOTTESFELD
H. KRETCHMAR (Liliput)
D. L. MEKLER
I. OPATOSHU
W. POCHOTZKY
A. SELDIN

•

**י. ל. פּרץ שרייבער פֿאַראיין:**

צביון (ד״ר ב. האָפֿמאַן), פּרעזידענט.
מ. דאַנציס, וויצע־פּרעזידענט.
ב. לעוויטין, קאַסירער.
מ. ריוולין, סעקרעטאַר.

ע ק ז ע ק ו ט י ו ו ע

י. אָפּאַטאָשו.
ל. בערמאַן.
ח. גאָטעספֿעלד.
א. זעלדין.
ליליפּוט (קרעטשמאַר)
ד. ל. מעקלער.
וו. עדלין.
א. עפּשטיין.
וו. פּאָכאָצקי.
ד״ר ל. פֿאָגעלמאַן.

## פון דער רעדאַקציע.

●

דאָס בוך „די אידישע לאַנדסמאַנשאַפטען פון ניו יאָרק" באַשטייט פון פאָלגענדיגע דריי טיילען:

1. **פאָרשונגען**
2. **ליטעראַטור**
3. **רייסטער פון אָרגאַניזאַציעס**

צוליב טעמים וואָס זיינען ניט געווען אָפּהענגיג פון אונז איז די אָרטאָגראַפיע פון בוך ניט קיין מאָדערנע און במילא ניט קיין אויסגעהאַלטענע.

אין רייסטער זיינען די נעמען פון די אָרגאַניזאַציעס אויסגעשטעלט אַלפאַבעטיש לויט זייערע שטעט. די נעמען פון שטעט זיינען אויסגעלייגט ווי אַנגענומען אין די אַנגעגעבענע קערפּערשאַפטען. (דערזעלבער נאָמען ווערט אָפט אויסגעלייגט אַנדערש ביי די פאַרשיידענע קערפּערשאַפטען פון דערזעלבער שטאָט).

# אינהאַלט:

## I



## II



## III

## בילדער און אילוסטראַציעס:

י. א. ראָנטש

# דער איצטיגער מצב פון די לאַנדסמאַנשאַפטן

## פון וואַנען איז אַ לאַנדסמאַן

עס מוז שטעקן עפּעס אַ טיפער זין אין דעם פאַקט, וואָס ווען צוויי אידען באַגעגענען זיך, צוויי ווילד־פרעמדע מענשען, אונטער וואָס פאַראַ אומשטענדען דאָס זאָל ניט פּאַסירען, אין וועלכער שטאָט פון לאַנד דאָס זאָל ניט פּאָרקומען, — זאָל דער צייכען פון זייער זיך וועלען דערנענטערען, זאָל די אומזעבאַרע אויסגעשטרעקטע האַנט זיין: „פון וואַנען איז אַ איד אַ לאַנדסמאַן?"

דוכט זיך, מען לעבט אין לאַנד שוין לענגער ווי מען האָט געלעבט אין דער אַלטער וועלט, מען איז אַוועק פון דאָרט נאָך כמעט אַ קינד, אַוועקגעטראָגען אָפּט די ביטערסטע דעראינערונגען, דאָך האָט אומבאַוואוסטזיניג פאַר זיך אַליין געטליעט אין האַרצען דער פונק פון דער אַלטער היים. מען האָט צענדליגער יאָהרען געהאַט פאַרגעסען אָן קרובים, אָן געבורטסאָרט, — מיטאַמאָל אומגעריכטערהייט, האָט מען זיך דערמאָנט אָן „דאָרט".

די לאַנדסמאַנשאַפט סאָסייעטי איז ביז'ן היינטיגען טאָג דאָס שטיפקינד אין אונזער אידישען געזעלשאַפטליכען לעבען פון אַמעריקע. מען קוקט אָפּט אויף דעם מיטגליד ווי אויף דעם אָפּגעשטאַנענסטען עלעמענט; מען לאַכט אָפּט אָפּ פון אידיש וואָס מען נוצט אין דער סאָסייעטי, מען חוזק'ט פון איהרע פירונגען, פון די פּאָינטס אָוו אָרדערס, פון די בענעפיטס און קרקע. ווען אונזער שרייבער־גרופּע האָט באַשלאָסען צו פאַרנעמען זיך מיט אַן אויספאָרשונג איבער די לאַנדסמאַנשאַפטען, האָט מען פון אונז געלאַכט. מען האָט אונז פאָראויסגעזאָגט, אַז מיר פאַרנעמען זיך מיט קרקע, מיט אַ טויטער זאַך, „אַלע סאָסייעטיס זיינען ענליך איינע אויף דער צווייטער", ניטאָ וועגען וואָס צו שרייבען...

נאָר די אַלע אָפּשפּעטער — און צווישען זיי האָבען זיך געפונען מענשען וואָס פאַרנעמען אַן אָנגעזעהן אָרט אין אידישען געזעלשאַפטליכען לעבען, שרייבער און כלל־טוער — האָבען פאַרגעסען, אַז מיר האָבען דאָ צו טאָן מיט אַן אינטעגראַלען טייל פון דער אידישער געזעלשאַפטליכקייט, מיט דער סאַמע אָנגעזעענסטער, ווינציגסטענס לויט דער כמות, קערפּערשאַפט אין ניו יאָרק, און אין דער זעלבער צייט מיט דער סאַמע פאַרנאַכלעסיגטער מאַסען־אינסטיטוציע.

אונזערע פאָרטגעשריטענע, ראַדיקאַלע און ראַדיקאַלסטע אָרגאַניזאַציעס האָבען אין זייער געזעלשאַפטליכער מיסיע, וואָס זיי טראָגען דער וועלט, אָפּט פאַרזעהן איין קאַרדינאַלע זאַך — דעם אינדיוויד, דאָס פּינטעלע מענש אין דעם מיטגליד זייערען, דאָס האַרץ וואָס קלאַפּט אונטער די פּליכטען און רעגולאַציעס. מען האָט זיך געזאָרגט פאַר אַלץ און יעדערען און פאַרנאַכלעסיגט די פּערזענליכע אינטערעסען פון די אייגענע מיטגלידער.

קיין מענש וויל ניט פאַרגעסען ווערען, פאַרזעהן ווערען. די לאַנדסמאַנשאַפט סאָסייעטי האָט אינסטינקטיוו דערפיהלט אָט־די נויט און זי האָט איהרע מיטגלידער דערוואַרימט, צוגעטוליעט צו זיך. קראַנקהייט, טויט, נויט־פאַלען, עלענט — יעדער מיטגליד, אָרים צי רייך, טעטיג אָדער פּאַסיוו, האָט געפונען זיין אָנזעהן אין דער סאָסייעטי.

אמת, אַ סך סאָסייעטיס זיינען פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין ווערטער־שלאַכפעלדער, וואו מחלוקת'ן צוליב גראָשענדיגע כבודים האָבען דערבראַכט צו זייער רואינע, אַ צאָל סאָסייעטיס האָבען זיך געשפּאַלטען און אַ סך זיינען אונטערגעגאַנגען, — דאָך געפינען מיר היינט־צו־טאָג הונדערטער און הונדערטער סאָסייעטיס און אנשים וואָס עקזיסטירען שוין צענדליגער יאָהרען און די פיהרער זייערע זיינען מוסטערען פון עהרליכע, איבערגעגעבענע פאָלקס־מענשען, וואָס זיינען מקריב זייער צייט און ענערגיע לטובת זייערע מיטגלידער.

אמת איז אויך אַז די מעהרסטע סאָסייעטיס זיינען נאָך היינט, אין דעם קריטישען יאָהר 1938, שטאַרק אָפּגעשטאַנען און מעהר ווי זייערע אייגענע בענעפיטען און ענגע געשעפט־אינטערעסען ‑גייט זיי ניט אָן. מען האַלט נאָך אָן „אינערוואַכע" ביי דער טיהר און קיין פרעמדע מענשען ווערען ניט צוגעלאָזט צו קיין מיטינג, און ווען אונזערער אַ שרייבער פלעג — מיט זיין קרעדענשעל — וועלען אַריינקומען און בייוואוינען אַ מיטינג, האָט מען אויף איהם געקוקט ווי אויף אַ שליח פון שונא'ס לאַגער.

אָנשטאָט צו זיין דער כח וואָס זיי קאָנען ווערען אין אידישען און אין אַלגעמיינעם לעבען דאָ אין לאַנד און אפילו אינטערנאַציאָנאַל, זיינען זיי נאָך מעהרסטענס איזאָלירט, „אינדעפּענדענט", ווי זיי האָבען זיך אַליין ליב אָנצורופען.

אויב מען האָט שוין מיט יאָהרען צוריק פאָראויסגעזאָגט דעם אונטערגאַנג פון די לאַנדסמאַנשאַפטען צוליב פאַרשיידענע „לאָגישע" סיבות, ווי דער אומגעזונטער צושטאַנד פון די בענעפיט אינשורענס, ווי דאָס אָפּשטעלען זיך פון דער אימיגראַציע פון די מזרח־אייראָפּיאישע לענדער, א. א., — דערזעהען מיר אָבער פון דער סטאַטיסטישער דאַטע וואָס אונזער שרייבער־גרופּע האָט צונויפגעקליבען,

אַז עס קומען צו מיטגלידער אין די סאָסייעטיס און אַז די סאָסייעטיס וואָס שליסען זיך אָן אין אַ פראַטערנאַלען אָרדען, פאַרלירען ניט זייער לאַנדסמאַנשאַפט פּרצוף דורך דער צוזאַמענשמעלצונג. מיר זעהען אויך, אַז כאָטש אין די אָרדענס (אַרבייטער רינג, אינטערנאַציאָנאַלער אַרבייטער אָרדען, נאַציאָנאַלער אַרבייטער פאַרבאַנד) גייט שוין אַ לענגערע צייט אָן אַ שריפטליכע און אַ מינדליכע דיסקוסיע וועגען לאַנדסמאַנשאַפט־ברענטשעס אָדער די מעהר אַמעריקאַנישע טעריטאָריעלע ברענטשעס, — און די קלאָרע לאָגיק איז, דוכט זיך, אויף דער זייט פון די לעצטע, — איז אָבער דער אַרגומענט פאַר לאַנדסמאַנשאַפטען ברענטשעס נאָך גאָר אַ שטאַרקער.

און דאָס דערפיהרט אונז צו דער פראַגע:

### פאַרוואָס אַ בוך וועגען די לאַנדסמאַנשאַפטען פון ניו יאָרק ?

דער לייענער פון דער אידישער פרעסע שטויסט זיך לעצטענס אָן אויף אַ סך נאָטיצען וואָס די לאַנדסמאַנשאַפטען גיבען אַריין אין די צייטונגען וועגען זייערע אונטערנעהמונגען, מען זעהט אַז עס קומט פאָר אַ לעבעדיגע טעטיגקייט אין די סאָסייעטיס. איבערהויפט האָט די ביטערע לאַגע פון די אידען אין פוילען, רומעניע און אונגאַרען אויפגערודערט די היגע לאַנדסלייט און עס זיינען געבאָרען געוואָרען פאַראייניגטע רעליעף־קאָמיטעטען פאַר זייערע שטעטלעך. אָט די קאָמיטעטען זיינען דער בעסטער באַווייז, וואָס עס קאָן געטאָן ווערען, ווען די לאַנדסמאַנשאַפטען אָרגאַניזאַציעס זאָלען אָנערקענען זייערע געמיינשאַפטליכע געזעלשאַפטליכע אינטערעסען און באַווייזען זייער כח לטובת הכלל.

אונזער בוך טיילט בכיוון אויס די לאַנדסמאַנשאַפט בענעוואָלענט סאָסייעטי פון דער גלאַט בענעוואָלענט סאָסייעטי, לאָמיר זאָגען, פון אַ „מאַנהעטען בענעוואָלענט סאָסייעטי“, ווייל דער לאַנדסמאַנשאַפט נאָמען שטעמפּעלט אָפּ דעם ספּעציפישען כאַראַקטער פון דעם סאָרט פאַראיין וואָס שטרייכט אונטער זיין היסטאָרישע ראָלע אין דער אימיגראַציע פון אַמעריקע. דורך דער אָנגעגעבענער אין אונזער בוך טאַבעלע פון דער גרינדונג פון די לאַנדסמאַנשאַפטען לויט זייערע יאָהרען, באַקומען מיר אַ קלאָר בילד פון דעם באַראָמעטער פון דער אידישער לאַגע אין איראָפּע און אַמעריקע. דורך דער גרינדונג פון אַלערליי לאַנדסמאַנשאַפט ריכטונגען דערזעהען מיר די שטאַפּלען אויף וועלכע דעם אידישען אימיגראַנט איז אויסגעקומען צו קלעטערען.

די לאַנדסמאַנשאַפטען גיבען אונז דעם שליסעל צו דעם לעבען פון די ברייטע פאָלקסמאַסען. זיי זיינען דער אומדערשעפּליכער רעזערוו פאַר אַלע מאַסען־אָרגאַניזאַציעס.

ווען ס'איז באַשלאָסען געוואָרען אַרבייטען אויף אַ שטודיע איבער די לאַנדסמאַנשאַפטען אין ניו יאָרק, האָט אונזער שרייבער־גרופּע זיך אָנגעשטויסען אויף אָן אַ שיעור שטיינער אין וועג. עקזיסטירען לאַנדסמאַנשאַפטען שוין איבער 50 יאָהר און דאָך איז וועגען זיי ניט געשאַפען געוואָרען קיין ליטעראַטור, איז ניט פאַראַן קיין רעקאָרד פון זייער צאָל, אויפטואונגען, א. א. און דאָס וואָס איז לעצטענס געשאַפען געוואָרען, איז אויך מטושטש און אָפט פאַלש.

וויפיל לאַנדסמאַנשאַפטען זיינען פאַראַן אין ניו יאָרק? אויף דעם האָבען מיר ביי אָנגעזעהענע געזעלשאַפטליכע פיהרער, וואָס גיבען זיך אָפּ מיט דעם ענין צוליב די אינטערעסען פון זייער רעספּעקטיווער אָרגאַניזאַציע, אַרויסגעקראָגען גוזמא'דיגע ציפערען. מיר זאָגען „אַרויסגעקראָגען“, ווייל דאָס איז אַ גרויסער סוד! אַ צאָל חשוב'ע קערפּערשאַפטען האָבען זיך אָפּגעזאָגט אונז צו העלפען אין דער אַרבייט, האָבען באַין אופן ניט געוואָלט אונז געבען די ליסטען פון די סעקרעטאַרען אָדער די אַדרעסען וואו די סאָסייעטיס האַלטען אָפּ זייערע מיטינגען. עס האָט ניט געהאָלפען דאָס פאַרזיכערען, אַז מיר דאַרפען דאָס האָבען בלויז פאַר אַ שטודיע און ניט פאַר געלט־צוועקען, אַז די גאַראַנטיע דערפאַר איז די רעגירונג וואָס האַלט אונז אויס און דער פּרץ שרייבער־פאַראיין אונטער וועמעס שרייבערישער אויפזיכט מיר שטייען. בלויז אַ דאַנק אַ פאָר געציילטע אויסנאַמען איז אונז געלונגען אָנצוהייבען די אַרבייט. דער „האַיאַס“ איז געווען דער ערשטער אונז צו געבען דעם ליסט פון זיינע אַדרעסען. געגעבען אונז די פולסטע קאָאָפּעראַציע האָבען די לאַנדסמאַנשאַפט־פאַרבאַנדען: דער פוילישער פאַרבאַנד, דער גאַליציאַנער פאַרבאַנד, דער רומענישער פאַרבאַנד און די אַרבייטער אָרדענס — דער אַרבייטער רינג, נאַציאָנאַלער פאַרבאַנד און דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבייטער אָרדען. באַהילפיג איז אויך געווען די איוואָ, דער ביאַליסטאָקער צענטער און אַ פאָר יחידים.

ווען ס'איז געקומען צו דער פראַגע וויפיל לאַנדסמאַנשאַפטען זיינען פאַראַן אין ניו יאָרק — דאָ האָט יעדער געהאַט זיין אייגענע צאָל: אַ טויזענט, צוויי טויזענט, 2,500, 3,000 און אפילו צווישען 5 און צען טויזענט!

ניט בעסער איז אויך געווען די ציפער וואָס מיר האָבען באַגעגענט אין דרוק. אַזוי שרייבט יהודה פּילטש אין אַן אַרבייט וועגען די לאַנדסמאַנשאַפטען אין דעם ספר השנה פון 1938 *), אַז מען קאָן אָננעהמען אַז די אַלגעמיינע צאָל לאַנדסמאַנשאַפטען אין אַמעריקע דערגרייכט אַן ערך פון 3000. ניו יאָרק און אומגעגענט פאַרמאָגט, לויט זיין השערה, 950 לאַנדסמאַנשאַפטען. ער האַלט אַז די אַלגעמיינע צאָל מיטגלידערשאַפט איבער'ן לאַנד באַטרעפט אַן ערך פון 200,000.

אין דער סאַמע לעצטער אויספירליכער אַרבייט וועגען דעם אידישען געזעלשאַפטליכען לעבען אין לאַנד, געשריבען פון דר. מ. קאַרפּף **) זאָגט זיך, אַז די צאָל פון די סאָסייעטיס (לאַנדסמאַנשאַפטען), וועלכע געפינען זיך אין אַלע שטעט מיט אַ גרויסער אידישער באַפעלקערונג איז ניט באַוואוסט, נאָר מען רעכענט אַז עס זיינען פאַראַן עטליכע טויזענט... מען ווייסט אויך ניט גענוי וועגען זייערע אַקטיוויטעטען און די סומעס געלט וואָס זיי האָבען געשאַפען...

---

*) ספר השנה ליהודי אמריקה, בעריכת מנחם ריבולוב, הוצאת ההסתדרות העברית באמריקה, נ. י. תרצ"ח.

**) Jewish Community Organization in the U. S., by Maurice Karpf, Ph.D., Bloch Publishing Co., 1938.

פאַר אונז איז דערפאַר געשטאַנען די אויפגאַבע צו טאָן אַ פיאָנערען־אַרבייט, צו גיין צום מקור, צו די לאַנסמאַנשאַפטען גופא. מיר האָבען באַשלאָסען אַז מיר וועלען זיך אָפּגעבען צו פאָלגענדיגע לאַנדסמאַנשאַפטען קערפערשאַפטען:

1. אנשי'ס, חברות און קאָנגרעגיישאָנס;
2. אינדעפּענדענט סאָסייעטיס;
3. ליידיס עיד און אָקזילעריס;
4. לאַנדסמאַנשאַפט־ברענטשעס אין די אָרדענס;
5. פאַמיליען־קרייזען און נעמען־סאָסייעטיס, און
6. פאַראייניגטע רעליעף און פאַטראָנאַטען.

שפּעטער וועלען מיר זיך אָפּשטעלען אויף יעדער קערפערשאַפט באַזונדער. נאָר דאָ מוז מען פאַרלויפען דעם וועג און דערקלעהרען, אַז די וואָס האָבען געהאַט דערפאַרונג מיט די סאָסייעטיס האָבען אונז פאָראויסגעזאָגט פעסימיסטישע רעזולטאַטען. זיי זיינען בלויז אין אַ קליינער טייל מקוים געוואָרען. זיכער איז, מוז מען מודה זיין, אַז ווען די סאָסייעטיס וואָלטען קאָאָפּערירט מיט אונז, וואָלטען מיר אָנשטאָט די אינפאָרמאַציע וואָס מיר האָבען געקראָגען פון איבער צוויי טויזענט אָרגאַניזאַציעס, געהאַט אינפאָרמאַציע פון נאָך אַ 500 אָדער מעהר קערפערשאַפטען.

יאָ, עס איז אָנגעקומען אויסערגעוויינליך שווער אַריינצודרינגען אָדער דורכצודרינגען די אינערוואַכעס, אָדער קלאָר צו מאַכען די סעקרעטאַרען, אַז מיר זיינען ניט געקומען, חלילה, נאָך שטיצע, נאָר, פאַרקעהרט, מיר זיינען געקומען עפּעס צוטראָגען.

געקומען זיינען אונזערע שרייבער מיט אַנקעטעס (זעה דעם מוסטער פון דער אַנקעטע אויף דער נעקסטער זייט). געקומען איז אונזער שליח צום סעקרעטאַר, אין מיטינג־פלאַץ, פריה איידער דער מיטינג האָט זיך אָנגעהויבען, מיט אַ קרעדענשעל, גערעדט אידיש, באַצויגען זיך פריינטליך. ווען דער סעקרעטאַר האָט שוין געהאַט איינגעשטימט צו ענטפערען, איז ער אָבער געוואָרען זעהר איינגעהאַלטען ביי דער פראַגע: „וואָס איז אייער פאַרמעגען". פון אַ טויזענט סאָסייעטיס האָבען אַרום דריי הונדערט זיך אָפּגעזאָגט צו געבען אינפאָרמאַציע. פון 257 חברות האָבען 63 ניט געוואָלט געבען קיין ענטפער.

אין גאָר אַ סך פאַלען האָט דער סעקרעטאַר צוגענומען די אַנקעטע און צוגעזאָגט אויפצונעהמען די פראַגע ביים מיטינג און זי אַליין אויספילען און צושיקען צו אונז. די פאַקטען באַווייזען אָבער אַז פון 621 אַנקעטעס וואָס מיר האָבען איבערגעלאָזט מיט די סעקרעטאַרען, האָבען בלויז 68 אונז צוגעשיקט שריפטליך זייערע אויסגעפילטע אַנקעטעס. אַ דאַנק דעם וואָס אונזערע שרייבער האָבען עטליכע מאָל באַזוכט די דערמאָנטע סאָסייעטיס, האָבען זיי באַקומען ענטפערס פון 224 סאָסייעטיס. אַכט סעקרעטאַרען האָבען אונז געענטפערט, אַז זייער סאָסייעטי זאָגט זיך קאַטעגאָריש אָפּ צוליב אייגענע אורזאַכען צו געבען אינפאָרמאַציע.

אָט איז אַ טיפּישער ענטפער פון אַ סעקרעטאַר, אין זיין אָרטאָגראַפיע:

„ווערטי שרייאבער פין דעם פעדעראַל פרהאיעקט אַזוי וויא שבת נאַחט איז ערשינען אין מייאן סהאסייטי איין קהאלעגי פון אייערע שרייבערס אין האָט מיר גילהאזסט איין אַנקעטע אויסציפילען וועגין אינזער סהאסייטי אין איך האָב אים גיפראָמיסט דאָס ציצישיקען נהאָר מין אסטהאם איז אייך באַוויסט אַז איין באַצאָלטיר בעאַמטיר פין אסהאסייטי קען אַלעיין ניט גיבען קייאן אינפהאָרמאַציע פין זייאן סהאסייטי ער מיז זיך ביפהאר אָן פרעגין אין דיא עחירע בעאַמטי איך האָב דאָס גיבראַחט אויפין פלהאָר אין עס איז גיפהאלין איין פהארשלאַג פין איין ברידער אַז מיזהאל קייאן אינפהאָרמאַציע ניט גיבען צי קעיינים ענפיר איך אייך אַז קען אייער ביטע ניט ערפילען".

אונזערע שרייבער איז אויסגעקומען צו באַזוכען איין און דיזעלבע סאָסייעטי צו עטליכע מאָל. די פראַגע איז ניט איינמאָל געבראַכט געוואָרען אויפ'ן פלאָר פאַר אַ דיסקוסיע און ניט איינמאָל האָט די סאָסייעטי איינגעלאַדען אונזער שרייבער צו דערשיינען און דערקלערען צוליב וואָס מען דאַרף געבען אינפאָרמאַציע.

די אידישע פרעסע איז אָן אויסנאַם אונז צוהילף געקומען. געדרוקט אונזערע נאָטיצען, און בכלל קאָאָפּערירט אויף יעדען געביט. דער גאַליציאַנער פאַרבאַנד האָט אונז אויך געלאָזט רעדען אויף זיין ראַדיאָ־פראָגראַם.

די ערשטע אויסגעפילטע אַנקעטע איז אַריינגעבראַכט געוואָרען אין אָקטאָבער, 1937, די 2045סטע—אין יולי, 1938.

צוזאַמען האָבען מיר באַזוכט און דורכגעקאמט 154 מיטינג־פלעצער אין מאַנהעטען, ברוקלין און בראָנקס. אין די נייערע ישובים זיינען קיין לאַנדסמאַנשאַפט־קערפערשאַפטען ניט פאַראַן. זייער צענטער איז נאָך אַלץ די איסט־סייד, און דער לאַנדסמאַן וואָס וואוינט אין סטעטען איילאַנד אָדער קווינס, כאַפּט זיך אַרונטער פון צייט־צו־צייט צו זיין סאָסייעטי אויף דער איסט־סייד.

אונזער אַנקעטע דערציילט אַז, דער גרעסטער מיטינג־צענטער פון לאַנדסמאַנשאַפטען איז דער סענטראַל פלאַזאַ ענעקס מיט 250 אָרגאַניזאַציעס. נאָך איהם קומט די נעשאָנאַל טעאַטער געביידע מיט אַ 175 סאָסייעטיס. די לעצטע מאָדע פון די מעהר אַמעריקאַניזירטע לאַנדסמאַנשאַפטען איז צו „באַזעצען" זיך אין האָטעלען און גראָד אין די בעסערע, אין סאַמע צענטער פון בראָדוויי (עדיסאָן, מעקאלפּין).

די פאַמיליען־קרייזען האָבען אַ טענדענץ אָפּצוהאַלטען זייערע מיטינגען אין פּריוואַטע היימען, אויסער ווען זיי זיינען צו־שטאַרק צעצווייגט, דאַן „מיטן" זיי אין האָטעלען, אָדער אין אָנגעזעהענע לאָקאַלען.

### די פאַרשיידנאַרטיגע לאַנדסמאַנשאַפט־קערפערשאַפטען

געענטפערט אויף אונזערע אַנקעטע־בויגענס האָבען 2045 לאַנדסמאַנשאַפטען. איינגאַנצען זיך אָפּגעזאָגט צו געבען, אָדער ניט געגעבען קיין פולע אינפאָרמאַציע האָבען 423 לאַנדסמאַנשאַפטען. צוזאַמען ווייסען מיר וועגען 2468

# לאַנדסמאַנשאַפט-אַנקעטע

1. נאָמען פון דער אָרגאַניזאַציע ........................... געגענט ..........
2. ווען אָרגאַניזירט? .......... צוועק .........................................
3. ווי אַזוי? .........................
4. וויפיל מיטגלידער ביי דער גרינדונג? .......... דורכשניט עלטער דאַן ........
5. האָט איהר געהאָלפען גרינדען אַנדערע אָרגאַניזאַציעס? ...................................
7. זייט איהר אַנגעשלאָסען אין אַ פאַרבאַנד ....... וועלכען? .....................
8. וויפיל מיטגלידער זיינען איצט דאָ? ............
9. עלעמענט: אַרבעטער .......... געשעפטסלייט .......... אַנדערע ..........
10. דער איצטיגער דורכשניט עלטער ............ פּראָצענט פון ניט לאַנדסלייט ......
11. וויפיל אַמעריקאַנער געבאָרענע מיטגלידער האָט איהר .......... יונגע? ........
12. ווען מיטעט איהר? ...................... פּלאַץ ......................
13. האָט איהר קולטורעלע טעטיקייטען? .............................................
14. לעקציעס? .... וועלכע? .......... טעאַטער בענעפיטס? .... וואו? .........
15. שפּראַך פון מיטינגען? ........ קאָרעספּאָנדענץ ........ פּראָטאָקאָלען ........
16. צאָהלט איהר בענעפיט? .... וויפיל טויטען? .... קראַנקען? .... אַנדערע? ....
17. וואָס זיינען אייערע דיוס? ....................
18. האָט איהר אייגענע קרקע? .... וויפיל איינגעצאָהלט? ...... וויפיל שולדיג? ......
19. האָט איהר אַ געשריבענע אָדער געדרוקטע קאָנסטיטוציע? ..................
20. האָט איהר אַרויסגעגעבען געדרוקטע מאַטעריאַלען? .........................
21. האָט איהר איינטייל גענומען אין די הילף אַקציעס לטובת אייער שטאָט? ........
22. דורך וואָס פאַר אַן אַגענטור: דזשוינט ..... אַנדערע ..... זעלבשטענדיג .....
23. וויפיל ביז איצט געשאַפען? .......... געשיקט אַ שליח קיין איראָפּע? ........
24. וואָס זיינען אייערע פאַרבינדונגען מיט דער אַלטער היים? ...................
25. מיט וויפיל שטיצט איהר די דאָרטיגע אינסטיטוציעס? ........................
26. שטיצט איהר באַשטימטע אידישע אַמעריקאַנער אינסטיטוציעס? ............
27. וועלכע? ............................ מיט וויפיל יעהרליך? ..........
28. וואָס איז אייער פאַרמעגענס? ..............................
29. איז אייער סאָסייעטי: ציוניסטיש .... רעליגיעז .... פּראָגרעסיוו .... ראַדיקאַל ...
30. פאַלען אָפּ מיטגלידער? ................. קומען צו? ................
31. נאָמען פון סעקרעטאַר ................ אַדרעס ......................
32. נאָמען פון אויספרעגער ........................ דאַטע ..........

קערפּערשאַפטען. אונזערע טאַבעלעס האָבען פולע סטאַטיסטיק וועגען פאָלגענדיגע:

1. אנשים — 290;
2. סאָסייעטיס — 715;
3. פרויען עידס 71; פרויען אָקזילעריס — 287;
4. אָרדענס: אַרבייטער רינג ברענטשעס — 164, פרויען קלובען — 63; יוגענט — 6; נאַציאָנאַלער אַרבייטער פאַרבאַנד: 14 ברענטשעס, 2 פרויען קלובען. אינטערנאַציאָנאַלער אַרבייטער אָרדען (אידישע סעקציע): 53 ברענטשעס,, 11 פרויען קלובען, 2 יוגענט. לאָדזשעס — 23, פרויען אָקזילעריס — 2;
5. פאַמיליען־קרייזען 76; נעמען סאָסייעטיס 45;
6. פאַראייניגטע רעליעף קאָמיטעס — 39; פאַטראָנאַטען — 25;
7. פאַרשיידענע צענטערס, קלובען — 18.

די אנשים. זיי זיינען די סאַמע עלטסטע לאַנדסמאַנשאַפטען אין ניו יאָרק. אונזערע אַנקעטעס ווייזען, אַז 2 זיינען געגרינדעט געוואָרען אין 1862—64; 5 — צווישען 1868 און 1877 און 25 צווישען 1877 און 1887 און אין אָנהויב פון דער מאַסען־אימיגראַציע (1888—1897) זיינען געגרינדעט געוואָרען 66 אנשים.

אויך די אנשים האָבען זייערע צענטערען. די מעהרסטע אנשים געפינען זיך איצט אויף דער שמאָלער הענרי סטריט. אויף אַ קורצען שטח פון אַ פּאָר בלאָק געפינען זיך איבער 100 אנשים. ניט יעדע אנשי פאַרנעמט אַן אייגענע געביידע. טייל זיינען באָרדערס ביי אַן אַנדער אנשי. אין איין צוויי־שטאָקיגער געביידע געפינען זיך צו פיר און צו פינף אנשים. כאָטש ס'איז שווער צו קריגען אַ מנין.

אונזערע שרייבער איז אויסגעקומען צו גיין אַהין אַ סך מאָל, ביז דאָס שלעסעל איז אַראָפּגענומען געוואָרען פון דער טיר און מען האָט געטראָפען דעם שמש אָדער אַ




הענרי סטריט — די גאַס פון די אנשי'ס

געזעמעל אידען. די מעהרסטע שמשים האָבען מורא געהאַט צו אַנטפּלעקען די „סודות" פון זייער חברה, אָפּט ניט געוואָלט מגלה זיין דעם אַדרעס פון גבאי, אָדער סעקרעטאַר.

אויף דער פראַגע וועגען פאַרמעגענס האָבען אַ צאָל סעקרעטאַרען געגעבען סימבאָלישע ענטפערס. איינער האָט געהייסען שרייבען: „מתים", אַן אַנדערער: „תורה לערנען". אין איין שוהל האָט אונזער שרייבער, אַ יונגער דיכטער, דערקענט אין דעם שמש זיין אַמאָליגען מלמד פון שטעטעל; דערקענט האָט ער איהם לויט זיין קול...

אין אַלגעמיין האָבען זיך די אנשים באַצויגען סימפּאַטיש צו דער אַנקעטע. קיין ציניזם האָבען מיר ניט באַגעגענט. מורא, אָפּהענטיגקייט יאָ. די הויפּט־צרה אונזערע איז געווען וואָס מיר האָבען ניט געקאָנט אויסגעפינען ווען די אנשים האַלטען אָפּ זייערע מיטינגען. ווען מען פלעגט באַגעגענען די דאַוונערס, האָט מען ניט געטאָרט שרייבען. אַ צרה איז אויך געווען וואָס אַ צאָל שרייבער אונזערע האָבען פאַרגעסען זייערע היטלען, וועלכע זיי טראָגען זעלטען, אין דער היים. ניט איינמאָל איז אונזער שרייבער צונויפגעקומען, ווען ס'האָט אויסגעפעלט צום מנין...

אַ צאָל אנשים רופען זיך אונטערשטיצונג פאַראיינען און די שוהל איז ביי זיי די בייזאַך. פון די קאָנסטיטוציעס זייערע דערוויסען מיר זיך, אַז די חברה קדישא און די מתעסקים אין יעדער אנשי שפּילען אַ הויפּט־ראָלע אין די אַקטיוויטעטען פון דער אינסטיטוציע.

דער קלעצקער פאַראיין, למשל, וואָס פאַרמאָגט אַן אייגענע שוהל־געביידע, האָט פאָלגענדיגע פונקטען וועגען דער שוהל אין זיין קאָנסטיטוציע:

„יעדער מיטגליד איז פאַרפליכטעט זיך האַלטען רואיג און אַנשטענדיג אין שוהל און ניט אַרומגיין ביים דאַוונען.

אין דער צייט פון ח"ה און ק"ק ניט ריידען צווישען זיך, עס איז אַ פליכט פון די טראָסטיס אויפצופּאַסען וועגען דעם.

קיינער קען צום עמוד ניט גיין אַלס ש"ץ, ניט פרעגענדיג ביי די טראָסטיס.

ווען עס טרעפט צוויי בר־מצוות אָדער צוויי חתנים פון מיטגלידער אין איין שבת, זאָלען זיי צווישען זיך וואַרפען גורל צו וועמען דער מפטיר געהערט. ווען עס איז אַ בר־מצוה מיט אַ חתן, געהערט דער מפטיר צום בר־מצוה.

דער מנהג אין דאַוונען דאַרף זיין: „אשכנז".

וועגען דער חברה קדישא איז אין דער קאָנסטיטוציע פאַראַן, צווישען אַנדערע, פאָלגענדיגע פונקטען:

„יעדען ט"ו כסלו רופט די ח"ק איין מיטינג און ערוועהלט פון זיך צוויי מעמבערס, אַלס גבאי ראשון און גבאי שני, די וואַהלען דאַרפען פאָרקומען דורך אַ באַלאָט. די גבאים דאַרפען קענען לעזען און שרייבען אַמוויניגסטענס אין אידיש.

יעדען שמיני עצרת, אחרון של פסח און דעם צווייטען טאָג שבועות געהערען די עליות צו ח"ק, די גבאים טיילען אויס די עליות צו די וואָס האָבען געקויפט און ניט פאַרקויפטע צו וועמען זייער אויסוואַהל איז.

די גבאים פון ח"ק דאַרפען פיקסען אַלעס, וואָס עס פאַדערט זיך אויף דער סעמעטערי פון פאַראיין פון זייער איינגאַהמע.

יעדען ט"ו כסלו מאַכט די ח"ק אַ סאַפּער פאַר איהרע מיטגלידער".

די סאָסייעטיס. זיי זיינען געוויינליך איינגעטיילט אין „אינדעפּענדענט", „פּוירסט" און „פּראָגרעסיוו קראַנקען אונטערשטיצונג פאַראיין". גאָר אַ גרויסע צאָל רופט זיך נאָך „יאָנג מען", כאָטש די סאָסייעטי עקזיסטירט נאָענט פון אַ פופציג יאָהר, נאָר ווען זי איז געגרינדעט געוואָרען זיינען איהרע מיטגלידער באַשטאַנען פון יונגע בחורים אין עלטער פון 18 ביז עטליכע און צוואַנציג. איז דערפאַר ווען אַ אומדערפאַרענער מענטש קומט אַריין צו אַ יאָנג מענס סאָסייעטי און דערזעהט פאַר זיך גרויע קעפּ אין דער פּירערשאַפט, רופט דאָס אַרויס ביי איהם אַ שמייכעל.

עס איז אָבער קלאָר. דער עלטערער דור וואָס איז געקומען אַהער פון היימישען שטעטעל איז געווען רעליגיעז און ער האָט געגרינדעט, פריער פון אַלעם, אַ חברה צום דאַוונען, אַן אַנשי. דער דור וואָס איז געקומען נאָך איהם, דער בחור וואָס איז אַנטלאָפען פון פּריזיוו, פון הונגער אין שטעטעל, פון רדיפות, אָדער צוליב פּאָליטישע מאָטיוען, האָט דאָ זיך געוואָלט אויסגרינען און דערפאַר האָט ער שוין דער סאָסייעטי וואָס ער האָט געגרינדעט געגעבען אַן ענגלישען נאָמען.

לאָמיר נעמען עטליכע טיפּישע ענטפערס אויף דער פראַגע: „ווי אַזוי איז אייער סאָסייעטי געגרינדעט געוואָרען", וואָס סעקרעטאַרען, אָדער די עלטסטע מיטגלידער האָבען געגעבען צו אונזערע שרייבער.

1. די מענער דאָ האָבען זיך געפיהלט עלענט, געלאָזען די פרויען, אָדער כלות אין דער אַלטער היים, פלעגט מען זיך צונויפקומען ביי אַ פאַרהייראַטען לאַנדסמאַן אין הויז, געטרונקען טיי, געשפּילט קאָרטען, אויסגעהערט פּאָטשטען וועגען דער לאַגע אין שטעטעל.

2. מען האָט געהאַלטען אין דעפּאָרטירען אַ לאַנדסמאַן צוליב קראַנקהייט, האָבען די לאַנדסלייט איינגעזעהן די וויכטיגקייט פון האָבען אַן אייגענעם פאַראיין צו העלפען זיך אין נויט.

3. אַ לאַנדסמאַן שטאַרבט אין פאַבריק. מען מיינט אַז ער איז אַ גריך, באַגראָבט מען איהם אויף פּאָטערס פילד. לאַנדסלייט דערוויסען זיך, גראָבט מען איהם אויס און מען באַשטימט צו האָבען אַן אייגענעם פאַראיין מיט קרקע, א. א.

פון די נעמען וואָס די סאָסייעטיס טראָגען איז צו זעהן, אַז עס פלעגען פאָרקומען שטרייטיגקייטען אין דער אָרגאַניזאַציע. פרומע געגען אַפּיקורסים, קליינשטאָט געגען אַמעריקאַניזאַציע, קאָנסערוואַטיווע געגען פּראָגרעסיווע. דער רעזולטאַט איז געווען אַ שפּאַלטונג און דאָס גרינדען פון אַ נייער אָרגאַניזאַציע. („אינדעפּענדענט").

די סאָסייעטי אין יענער צייט איז געווען די ערשטע לאַבאָראַטאָריע פאַר געזעלשאַפטליכע עקספּערימענטען. די מעהר פעיהיגע, די וואָס האָבען באַגריפען די וויכטיגקייט

פון די געשעהענישען פון טאָג, האָבען געהאָלפען בויען די יוניאָן־באַוועגונג, די פּאָליטישע פּאַרטייען, די פּרעסע, די אָרדענס. די מעהר צוריקגעשטאַנענע זיינען געבליבען אין דער סאָסייעטי און איבערגענומען איהר פיהרערשאַפט. דאָך געפינען מיר אָפט אָנגעזעענע טוער אין אַלע באַוועגונגען פון דער אידישער גאַס, ווי אויך שרייבער און אַנדערע פּראָפעסיאָנאַלען, וואָס געהערען נאָך ביז׳ן היינטיגען טאָג צו דער סאָסייעטי. פּרעגט זיי פאַרוואָס, וועלען זיי אייך ענטפערען, אַז ניט די בענעפיטס האַלטען זיי צו, נאָר דער סענטימענט פון אַמאָליגע יאָהרען, פּערזענליכע פריינטשאַפט מיט די מיטגלידער, אַ נאָסטאַלגיע נאָכ׳ן שטעטעל...

עס זיינען פאַראַן סאָסייעטיס וואָס זיינען געגרינדעט געוואָרען ניט בלויז ווייל די באַלדיגע נויטווענדיגקייט האָט זיי צום לעבען געבראַכט, ווי אַ טויטפאַל פון אַ לאַנדסמאַן, עלענטקייט פון מיטגלידער, נאָר צוליב אידעאַליסטישע צוועקען. די טשעכאַנאָווצער סאָסייעטי, למשל, וואָס איז געגרינדעט געוואָרען אין 1899, האָט זיך געשטעלט פאַר איהר אויפגאַבע צו גרינדען דאָ אַ דאָרף אויפ׳ן נאָמען פון איהר היים־שטעטעל. איהרע מיטגלידער האָבען זיך געוואָלט באַזעצען אויף ערד, ווייל אונטער׳ן צאַר האָט אַ איד ניט געטאָרט האָבען קיין ערד. זיי האָבען זיך געגרינדעט אונטער׳ן נאָמען „האום לענד סאָסייעטי” און געזוכט ערד לעבען ניו יאָרק, נאָכהער האָבען זיך אָנגעהויבען שטרייטיגקייטען אין דער אָרגאַניזאַציע און פון פּלאַן איז גאָרנישט געוואָרען.

אין אַ צאָל פון אונזערע אַנקעטעס געפינט מען פאָלגענדיגען כאַראַקטעריסטישען ענטפער וועגען דער גרינדונג פון דער סאָסייעטי: דאָס שטעטעל נאָך וועלכען די סאָסייעטי הייסט, איז אָפּגעווישט געוואָרען (מלחמה, שרפה) האָט מען באַשלאָסען צו שטיצען די אַרומיגע שטעטלעך.

די סאַמע עלטסטע לאַנדסמאַנשאַפט איז די האָלענדישע (1859) און די ערשטע פּוילישע איז אָרגאַניזירט געוואָרען אין 1870, זי האָט נאָך איצט 180 מיטגלידער.

די אינגסטע סאָסייעטי איז אָרגאַניזירט געוואָרען אין 1937 מיט 15 מיטגלידער און איצט האָט זי 75 מיטגלידער פון וועלכע 71 זיינען אַמעריקאַנער געבאָרענע.

די פרויען פאַראיינען. אַזוי ווי די אנשי איז געווען די ערשטע לאַנדסמאַנשאַפט־אינסטאַנץ פון דעם ניי־אָנגעקומענעם אימיגראַנט פון די מזרח־אייראָפּייאישע לענדער אין די אַכציגער יאָהרען פון לעצטען יאָהרהונדערט און די סאָסייעטי איז געווען די צווייטע, אַזוי איז די פרויען־סאָסייעטי, אָדער ווי כמעט אַלע האָבען זיך גערופען — די אינדעפּענדענט לײדיס עיד סאָסייעטי און די לײדיס אָקזילערי פון די מענער סאָסייעטיס, — געווען די דריטע און פערטע אינסטאַנץ פון דער לאַנדסמאַנשאַפט.

די זעלבשטענדיגע פרויען־סאָסייעטי איז געווען אַ סימן פון פּראָגרעס פון דער נייער פרוי.

געענטפערט אויף אונזער אַנקעטע האָבען 71 לײדיס בענעוואָלענט עיד׳ס און 286 פרויען אָקזילעריס. די עלטסטע פרויען בענעוואלענט איז אָרגאַניזירט געוואָרען אין 1895, די אינגסטע אין 1935. אונזערע שרייבער האָבען זיך אָנבאַגעגענט מיט די גרעסטע שוועריגקייטען צו באַקומען אינפאָרמאַציע צווישען די לײדיס. אויב די סעקרעטאַרשע האָט שוין באַגריפען די וויכטיגקייט פון אונזער אַרבייט און געענטפערט אויף די פראַגעס, האָבען זיך אָבער באַלד אַריינגעמישט אַקטיווע מיטגלידער און ניט געלאָזט.

כאַראַקטעריסטיש פאַר די „לײדיס” איז, אַז ביז׳ן היינטיגען טאָג זיינען נאָך די גרעסטע צאָל סעקרעטאַרען און אָפט פּרעזידענטען, ניט קיין פרויען, נאָר מענער.

די פרויען־סאָסייעטיס האַלטען אָפּ זייערע מיטינגען אין די פּלעצער וואו די מענער־סאָסייעטיס מיטען.

עס איז דאָ אַן אונטערשייד צווישען אַ לײדיס עיד סאָסייעטי, וועלכע איז אַ זעלבסשטענדיגע אָרגאַניזאַציע, מיט אַן אייגענער קאָנסטיטוציע, אייגענע בענעפיטס און דער פרויען־אָקזילערי, וועלכע איז אַ טייל פון דער מענער אָרגאַניזאַציע.

דער מאַן־סעקרעטאַר פון דער מעזריטשער לײדיס עיד סאָסייעטי זאָגט אין זיין איינלייטונג צו דער קאָנסטיטוציע פון פאַראיין:

„מיר באַטראַכטען יעצט אונזער פאַראיין אַלס איין גרויסע וואַקסענדע פאַמיליע. מיר זיינען זיכער, דאָס אונזער מעזריטשער לײדיס אייד סאָסייעטי וועט פאַר אימער און עוויג עקזיסטירען. די פאַרגאַנגענהייט האָט אונז געלערענט צו שעצען און אַכטען אונזער פאַראיין פאַר די פיעלעס גוטעס וואָס מיר טוען, דאַרום געפינען מיר פאַר אַן הייליגע פליכט דיעזען פאַראיין מיט איהרע געזעצען אויפריכטיג צו האַלטען, דאָס אונזער שוועסטער־ליבע זאָל אונטער קיינע אומשטענדען נישט צושטערט ווערען”.

די לאַנדסמאַנשאַפט־ברענטשעס פון די אָרדענס. יעדער אידישער אָרדען האָט פּראָגרעסירט אַ דאַנק דעם וואָס איהם איז געלונגען אַריינצונעהמען און אַבסאָרבירען די סאָסייעטיס, נאָר דער לאַנדסמאַנשאַפט־גייסט איז געבליבען אין די מעהרסטע ברענטשעס. מען איז גאַקע אונטערוואָרפען צו אַלע רולס און רעגוליישאָנס פון דער צענטראַלער קערפּערשאַפט, נאָר עס הערשט פאָרט אַ היימישע וואַרימקייט ביי די לאַנדסמאַנשאַפט־ברענטשעס, מען רעדט וועגען דער אַלטער היים, מען דערמאָנט זיך אין אַמאָליגע טעג און ווען ס׳קומט צו וואַהלען און אין ברענטש זיינען פאַראַן אַ סך ניט לאַנדסלייט, וועלען די לאַנדסלייט זיך אָפט רעכענען מיט אַ קאַנדידאַט, וואָס שטאַמט פון זייער שטעטעל.

די ראַדיקאַלע אידישע אָרדענס מאַכען גרויסע אָנשטרענגונגען צו אַפּעלירען צו די סאָסייעטיס, אַז זיי זאָלען זיך אָנשליסען אין זייער אָרדען.

דער אינדעפּענדענט אָרדען ברית אברהם וואָס איז פאַקטיש געגרינדעט געוואָרען דורך לאַנדסמאַנשאַפט סאָסייעטיס, האָט זיך אָפּגעזאָגט אונז צו געבען אינפאָרמאַציע וועגען זיינע לאַנדסמאַנשאַפט ברענטשעס, דערקלערענדיג

אַז ער האָט ניט אַזעלכע, כאָטש אין דעם יעהרליכען באַריכט פון 1930 געפינען מיר 75 לאָדזשעס וואָס טראָגען לאַנדסמאַנשאַפט נעמען. אין אונזער אַנקעטע איז אונז בלויז געלונגען צו פאַרצייכענען 18 לאָדזשעס פון אינדעפּענדענט אָרדער ברית אברהם.

אויך אין די אָרדענס גייט אָן די דיסקוסיע וועגען דער ראָלע פון זייערע פרויען אין זייערע ברענטשעס. אומעטום ווערט לעצטענס אָנערקענט די נויטווענדיגקייט אַריינצוציען די פרויען פון די מיטגלידער אין באַזונדערע קלובען, אָדער אַקטיווען, אָדער אָקזילעריס.

**פאַמיליען־קרייזען.** די נייעסטע פאָרם פון לאַנדסמאַשאַפט־טען איז דער פאַמיליע־קרייז. עס איז כמעט אוממעגליך צו דערגיין וויפיל אַזעלכע קרייזען געפינען זיך אין ניו יאָרק, ווייל די מעהרסטע קרייזען האַלטען אָפּ זייערע מיטינגען אין פריוואַטע הייזער און ניט רעגולער. בלויז די גרעסערע און מעהר איינגעפונדעוועטע קומען זיך צונויף אין אַ באַשטימטען מיטינג־טאָג אין רעגולערע לאָקאַלען אָדער האָטעלען.

מיר האָבען געקראָגען אינפאָרמאַציע וועגען 76 פאַמיליען קרייזען, מיט אַ מיטגלידערשאַפט פון 7734, פון וועלכע 3821 זיינען אַמעריקאַנער געבאָרענע. דער צוועק פון דעם פאַמיליען־קרייז איז אין תוך דערזעלבער וואָס פון דער סאָסייעטי: קרקע, קראַנקען־בענעפיט, העלפען די אייגענע מיטגלידער אין דער אַלטער היים און די נויטבאַדערפטיגע דאָ אין לאַנד. איין קאָנסטיטוציע זאָגט, אַז איהר צוועק איז „צו האַלטען די פאַמיליע־סאָסייעטי פאַראייניגט אויף אייביג". אַן אַנדער פאַמיליען־קרייז האָט געענטפערט: „אונזער אויפגאַבע איז ביקור חולים, גמילת חסדים און דערהויפּט שטיצען קרובים אין איראָפּע".

די פאַמיליען־קרייזען זיינען שטאַרק פאַראינטערעסירט צו האַלטען די יוגענט לעבען זיך. צוליב דעם גרינדען זיי יוגענט־ליג׳ס, אָדער קאָזין־קלאָבס און אפילו דזשוניאָר ליגס פאַר קינדער.

די מערסטע פאַמיליע־קרייזן האָבען אייגענע קרקע, קראַנקען בענעפיט, א. א. וו. נאָר אַ סך זיינען אָרגאַניזירט געוואָרען בלויז צוליב „סאָשלס". מען קומט זיך צונויף איינמאָל אין חודש ביי אַ געדעקטען טיש און מען אונטערהאַלט זיך.

די לעצטע געשעענישען אין איראָפּע גיבען אָבער דעם פאַמיליע־קרייז וויכטיגע אויפגאַבען. מען דאַרף העלפען די קרובים אין דער אַלטער היים מיט געלט, מיט קליידער. מען דאַרף זיי העלפען זיך אַרויסרייסען פון גיהנום. דאָס דערפיהרט דערצו, אַז דער פאַמיליע־קרייז וועט דאַרפען אָנקומען צו צענטראַלע אָרגאַניזאַציעס, ווי דער „האַיאַס", „דזשאָינט", לאַנדסמאַנשאַפט־פאַרבאַנד און דורכדעם וועט ער במילא אַריינגעצויגען ווערען אין אַלגעמיינעם געזעלשאַפטליכען לעבען.

**נעמען־אָרגאַניזאַציעס.** זיי זיינען קלאַסיפיצירט ביי אונז ווי לאַנדסמאַנשאַפט־אָרגאַניזאַציעס, ווייל זייערע גרינדער זיינען מעהרסטענס געווען לאַנדסלייט, וואָס האָבען זיך געשאַפען אַ נאָמען מיט זייער אַקטיוויטעט אין זייער קרייז און זיינען נאָכ׳ן טויט, אָדער טיילמאָל, נאָך ביים לעבען, באַלוינט געוואָרען מיט אומשטערבליכקייט. די נעמען־אָרגאַניזאַציעס געפינען זיך אין אַלע פאָרמען פון טיפּען לאַנדסמאַנשאַפטען. אַן אנשי גיט זיך אַ נאָמען נאָך אַ רבי׳ן, אַ סאָסייטי נאָך אַ באַריהמטען לאַנדסמאַן, אַן אָרדען־ברענטש נאָך אַ רעוואָלוציאָנערער לאַנדסמאַנשאַפט־פיגור.

אין אונזער אַנקעטע געפינען זיך 45 ריינע נעמען־אָרגאַניזאַציעס, וואָס דער נאָמען פון דער לאַנדסמאַנשאַפט איז ניט צוגעבונדען צו איהר, מיט אַ מיטגלידערשאַפט פון 7482. פון זיי זיינען 1762 אַמעריקאַנער געבאָרענע.

**רעליעף־אָרגאַניזאַציעס און פאַטראָנאַטען.** אין צייט פון אַ פאָלקס־אומגליק — מלחמה, פאָגראָמען, רדיפות — פאַראייניגען זיך די לאַנדסמאַנשאַפטען מיט׳ן צוועק צו העלפען זייער שטעטעל אין באַזונדערען אומגליק וואָס האָט איהם געטראָפען, אָדער עס ווערען אפילו געגרינדעט זעלבסטשטענדיגע אָרגאַניזאַציעס מיט׳ן איינציגען צוועק: צו שאַפען שטיצע פאַר׳ן שטעטעל. איבערהויפּט זיינען רעליעף אָרגאַניזאַציעס אויפגעקומען אין די מלחמה־יאָהרען 1914—1920.

די סאַמע לעצטע פאָרמען פון רעליף זיינען די פאַראייניגטע רעליעף־קאָמיטעטען און די פאַטראָנאַטען, וועלכע זיינען געגרינדעט געוואָרען צו העלפען די פאָליטישע אַרעסטירטע אין פוילען.

מיר האָבען אינפאָרמאַציע וועגען 39 רעליעף־קאָמיטעטען וואָס זיינען געגרינדעט געוואָרען צווישען 1913 און 1938. מיר האָבען אינפאָרמאַציע וועגען 25 פאַטראָנאַטען. דער פאַטראָנאַט ווערט אונטערשטיצט פון אַלערליי לאַנדסמאַנשאַפטען, ניט בלויז פון ראַדיקאַלע ברענטשעס, נאָר אָפט אויך פון די אָפּגעשטאַנענע סאָסייעטיס, וואָס דערוויסען זיך וועגען דעם גורל פון זייערע באַקאַנטע אָדער די קינדער פון זייערע לאַנדסלייט, וועלכע שמאַכטען אין די פוילישע טורמעס.

### די מיטגלידערשאַפט אין די לאַנדסמאַנשאַפטען: צאָהל, עלעמענט, פּראָצענט פון ניט־לאַנדסלייט

אין 1840 לאַנדסמאַנשאַפט־אָרגאַניזאַציעס פון אַלע מינים (אנשים, סאָסייעטיס, אָרדען־ברענטשעס, פאַמיליען־קרייזען און איינצעלנע מיטגלידער אין די רעליף־אָרגאַניזאַציעס און פאַטראָנאַטען) געפינען זיך 256,924 מיטגלידער, אָדער צו 140 אויף אַן אָרגאַניזאַציע. לויט דעם חשבון דאַרפען זיך אין די 423 אָרגאַניזאַציעס פון וועלכע מיר האָבען קיין פולע אינפאָרמאַציע ניט געקענט קריגען, געפינען אַרום 60,000 מיטגלידער. צוזאַמען, קען מען רעכענען, געפינען זיך אין ניו יאָרק אַרום 3,000 לאַנדסמאַנשאַפטען מיט אַ האַלבען מיליאָן מיטגלידער, אָדער יעדער פערטער איד אין ניו יאָרק באַלאַנגט צו אַ לאַנדסמאַנשאַפט.

די מעהרסטע לאַנדסמאַנשאַפטען זיינען אָרגאַניזירט געוואָרען צווישען 1903 און 1909. ניט געקוקט אויף דעם

אָפּשטעל פון אימיגראַציע זיינען אין די לעצטע 10 יאָהר צוגעקומען 32 אינדעפּענדענט לאַנדסמאַנשאַפט סאָסייעטיס. אַנדערש האַלט עס מיט די אנשים. פון 1928 ביז 1938 זיינען בלויז צוגעקומען 6 לאַנדסמאַנשאַפטען אנשי׳ס. דער ערשטער פאַמיליע־קרייז, לויט אונזער אַנקעטע, איז געגרינדעט געוואָרען אין 1887. אין 1934 זיינען אָרגאַניזירט געוואָרען 11 פאַמיליע־קרייזען.

לויט זייער עקאָנאָמישער איינטיילונג געפינען מיר אויס, אַז 75% פון דער מיטגלידערשאַפט אין די לאַנדסמאַנשאַפט אָרגאַניזאַציעס באַשטייט פון אַרבייטער, 15 פון קליינהענדלער און 10% פון פּראָפעסיאָנאַלען. עס איז אוממעגליך געווען פעסטצושטעלען מעהר וועגען די ספּעציפישע באַשעפטיקונגען פון דער מיטגלידערשאַפט, ווייל די סעקרעטאַרען האָבען קיין רעקאָרד דערפון ניט געפיהרט. ערשט אין די סאַמע לעצטע געדרוקטע אויסגאַבען פון אַ צאָל סאָסייעטיס האָט מען זיך אַ נעם געטאָן צו סטאַטיסטישע אויספאָרשונגען. אַזוי, למשל, דערציילט אונז „דהי פּראָגרעסאָר", דער ענגליש־ אידישער בולעטין פון דער בראָדיער י. מ. ב. און עדיוקיישאָנאַל עלאיענס פאַר מערץ 1938, אַז פון זייערע 104 מיטגלידער זיינען 75 געבאָרען געוואָרען אין פּוילען, 21 אין די פאַראייניגטע שטאַטען, 4 אין רוסלאַנד, 2 אין רומעניע, איינער אין דייטשלאַנד און איינער אין עסטרייך. די צאָל קינדער פון די מיטגלידער איז 151. פיר און אַכציג פּראָצענט פון די מיטגלידער זיינען אַמעריקאַנער בירגער. 47 מיטגלידער זיינען געבאָרען געוואָרען אין בראָדי.

ווי עס איז צו זעהן האָט מען אָבער קיין סטאַטיסטיק וועגען דער באַשעפטיקונג פון די מיטגלידער ניט גענומען. פון די פּערזענליכע ענטפערס פון די סעקרעטאַרען באַקומט זיך, אַז די מיטגלידער זיינען באַשעפטיגט מעהרסטענס אין די נאָדעל־פאַכען, זיינען קרעמער און אין די פּראָפעסיעס.

אַ טייל סעקרעטאַרען האָבען געענטפערט אַז ווען זייער סאָסייעטי האָט זיך געגרינדעט מיט יאָהרען צוריק זיינען די מאַיאָריטעט מיטגלידער געווען אין באַשטימטע פאַכען. ווען אַן אימיגראַנט איז אָנגעקומען אַהער, האָבען איהם די היגע לאַנדסלייט אַריינגענומען אין זייער שאַפּ אַרבייטען. אַזוי, האָט איין סעקרעטאַר געענטפערט, אַז זיין סאָסייעטי איז באַשטאַנען פון לויטער וועסטען־מאַכער. ביז׳ן היינטיגען טאָג זיינען דאָ אַ גרויסע צאָל מאַרמאָרעשער אין דער שניפּסען־אינדוסטריע.

איבערהויפּט זיינען עקאָנאָמיש מעהר צונויפגעקניפּט די פאַמיליען־קרייזען. דער גרינדער פון אַ געוויסען פאַמיליע־קרייז האָט זיך אַרויפגעאַרבייט אין דער דעליקאַטעסען־ביזנעס, זיינען אַ צאָל פאַמיליעס פון זיין קרייז אַריין אין דערזעלבער „לאַין".

יעדע לאַנדסמאַנשאַפט האָט אַ געוויסען פּראָצענט פון ניט־לאַנדסלייט אין איהרע רייען. ווי אַזוי זיינען זיי אַריינגעפאַלען אַהין? מיר געפינען ליטוואַקעס אין גאַליציאַנער סאָסייעטיס, פּאָליאַקען צווישען טיף־רוסישע אָרגאַניזאַציעס. די אורזאַכען זיינען פאַרשיידענע. די ערשטע איז די משפחה קרובה׳שאַפט. אַ רוסישער האָט חתונה געהאַט מיט אַ גאַליציאַנערין. דער שווער האָט איהם אַריינגענומען אין זיין לאַנדסמאַנשאַפט, א. א. וו. אַמאָל פּאַסירט, אַז דער שאַפּ־חבר האָט אַריינגענומען, אַ מאָל אַ שכן און אַמאָל איז ער אַריין צוליב געשעפט־אינטערעסען.

צוזאַמען ווייזט זיך אַרויס זיינען פאַראַן אַ 30% ניט־לאַנדסלייט אין דורכשניט אין אַלע טיפּען לאַנדסמאַנשאַפטען.

דער גרעסטער שונא פון יעדער בענעפיט־אָרגאַניזאַציע, פּונקט ווי דער שונא פון יעדען יחיד איז די אומרחמנות׳דיגע עלטער. ווי מיר האָבען געזעהן זיינען די מעהרסטע לאַנדסמאַנשאַפטען געגרינדעט געוואָרען אַלס „יאָנג מענס". מען איז טאַקע געווען יונג. מען האָט ניט מורא געהאַט פאַר קראַנק ווערען און, חלילה, פאַר טויט. היינט־צו־טאָג, ווען מען פייערט שוין דעם 25־סטען און 35סטען און אפילו דעם 50־סטען יובילייי פון דער סאָסייעטי׳ס עקזיסטענץ, לויערט אָבער אויף איהר די געפאַר פון עלטער. די שטערבליכקייט ווערט גרעסער. דער מיטגליד קאָן אָפּט שוין ניט צאָלען זיינע דיוס. ער אַרבייט שוין ניט, ער איז אָרים, קראַנק. אמת, די סאָסייעטיס גרינדען פאַרשיידענע פאָנדען צו באַשיצען זייערע מיטגלידער. לאָון פאָנדס, נויט־פאָנדס, און, איבערהויפּט, פאָנדען צו באַצאָלען די דיוס פאַר עלטערע מיטגלידער. דער אָלד איידזש פאָנד דריקט זיך אויס אין אַ סך סאָסייעטיס אין פאָלגענדיגער אָדער ענליכער פאָרם: אויב אַ מיטגליד באַלאַנגט 20 יאָהר און קאָן מעהר ניט צאָלען זיינע בילס, צאָלט פאַר איהם דער פאָנד און ער איז באַרעכטיגט צו אַלע זיינע בענעפיטען.

איינע פון די הויפּט־פּראָבלעמען איז, אַ דאַנק דעם אויבען־אַרויסגעבראַכטען, די פּראָבלעם פון צוציען יונגע מענשען אַלס מיטגלידער פון דער סאָסייעטי.

## די פּראָבלעם פון יוגענט און אַמעריקאַניזאַציע

איינע פון די אינטערעסאַנטסטע דערשיינונגען ווען מען באַזוכט אַ לאַנדסמאַנשאַפט־סאָסייעטי איז צו טרעפען דריי דורות ביים מיטינג. איהר טרעפט אַ זקן אין אַ היימישער יאַרמעלקע, וועמעס וואָרט איז שטאַרק אָנגעזעהן ביי אַלע מיטגלידער. ער איז איינער פון די גרינדער פון דער סאָסייעטי, קאָן יעדען איינעם ביים ערשטען נאָמען, האָט פאַרנומען כמעט יעדען פון די אַמטען אין פאַרשידענע צייטען. איצט טראָגט די פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַר די פליכטען אַ אינגערער מיטגליד, אַ איד אין די אָנהייב פערציגער. ער איז שוין דער צווייטער דור. ער איז ניט געווען פון די ערשטע מיטגלידער. ער איז אפשר גאָר קיין לאַנדסמאַן אויך ניט, נאָר צוליב זיינע פיהיגקייטען אויסגעקליבען געוואָרען צום אַמט. ער איז שוין מעהר אַמעריקאַניזירט און פיהרט דעם מיטינג איןביידע שפּראַכען, ווען נויטיג. דער וואָס גיט זיך אָפּ צו די בילעטען פאַר׳ן באָל, דער

פאַרזיצער פון דער אַראַנזשיר־קאָמיטע פון יעהרליכען באַנקעט איז שוין אינגאַנצען אַן אַמעריקאַניזירטער, וועלכער האָט זיין לאַנדסמאַנשאַפט־שטעטעל קיינמאָל ניט געזעהן, אָדער ער איז אַוועק פון דאָרט ווען ער איז געווען גאָר קליין.

אונזער אַנקעטע האָט אָט־וואָס צו דערציילען וועגען דער צאָל אַמעריקאַנער געבאָרענע אין די לאַנדסמאַנשאַפטען. פון 256,924 מיטגלידער אין 1840 קערפּערשאַפטען, זיינען 38,441 אַמעריקאַנער געבאָרענע, אָדער 15%. זיי ווערען איינגעטיילט לויט זייער פאָרם פון אָרגאַניזאַציע, ווי פאָלגט: פון די 42,416 מיטגלידער אין די אנשים און חברות זיינען 5,214 אַמעריקאַנער געבאָרענע. פון די 114,360 מיטגלידער אין די סאָסייעטיס זיינען 17,695 אַמעריקאַנער געבאָרענע. פון די 29,872 אַרבייטער רינג מיטגלידער זיינען 1,862 אַמעריקאַנער געבאָרענע. פון די 11,761 מיטגלידער אין אינטערנאַציאָנאַלען אַרבייטער אָרדען זיינען 1,065 אַמעריקאַנער געבאָרענע און פון די 1267 מיטגלידער אין נאַציאָנאַלען אַרבייטער פאַרבאַנד זיינען 120 אַמעריקאַנער געבאָרענע. פון די 4,240 מיטגלידער אין די לאָדזשעס זיינען 690 אַמעריקאַנער געבאָרענע.

דער גרעסטער פּראָצענט (פּראָפּאָרציאָנעל) אַמעריקאַנער געבאָרענע געפינט זיך אין די פאַמיליע־קרייזען. פון 7,734 מיטגלידער אין די פאַמיליע־קרייזען זיינען 3821 אַמעריקאַנער געבאָרענע.

אין די ליידיס עיד סאָסייעטיס געפינען זיך 6101 מיטגלידער, פון זיי זיינען 594 אַמעריקאַנער געבאָרענע און פון 22,496 מיטגלידער אין די ליידיס אָקזילעריס זיינען 2689 אַמעריקאַנער געבאָרענע.

די מעהרסטע לאַנדסמאַנשאַפטען האָבען ניט קיין סטאַטיסטיק פון פּראָצענט יונגע אין זייערע רייען. די סעקרעטאַרען האָבען געפּרואווט טרעפען. די ענטפערס זיינען אין די מערסטע פאַלען געווען: „אַ קליינע צאָל", „צווישען 5 און 10 פּראָצענט". דאָך זיינען דאָ אויסנאַמען. איבערהויפּט אין די מעהר רעליגיעזע קרייזען.

וואָס ציט צו די אַמעריקאַנער געבאָרענע און יונגע עלעמענטען אין די לאַנדסמאַנשאַפטען? אויף דעם האָבען זיי אַליין ניט געקאָנט געבען קיין קלאָרע ענטפערס. עס ווייזט זיך אָבער אַרויס, אַז עס האָט אַ סך צו טאָן מיט טראַדיציע. דער טאַטע איז געווען טעטיג, געהאַט אַ גוטען נאָמען אין דער סאָסייעטי, זעהט זיך דער זוהן אויך אָן דאָרט, האַלט ער אָן אַן אַמט, פיהלט ער אַז ער טוט אַ נוצליכע זאַך און די משפחה שטאָלצירט מיט איהם. אַנדערע לאָזען זיך איבעררעדען פון מיטגלידער פון דער משפחה, אָדער הויזפריינט. ביי אַ סך איז דאָס אַ פּראַקטישער ענין. זייערע פערזענליכע אינטערעסען פאָדערען עס פון זיי. עס העלפט זיי אין געשעפט, אין דער פּראָפעסיע. און גאָר אַנדערע ווערען באַוואויגען צוליב בענעפיטען זיך אָנצושליסען.

דריי דורות ביים זעלבען מיטינג האָבען, נאַטירליך, ניט דיזעלבע אינטערעסען און עס שווימען אַרויף פאַרשיידענע פּראָבלעמען, צווישען וועלכע די שפּראַך־פראַגע איז אַן אָנגעווייטיגטע.

די פראַגע פון שפּראַך און' קולטור־טעטיגקייטען

אַמאָל האָבען כמעט אַלע טאָסייעטיס זיך געפיהרט דייטשמעריש. ניט בלויז די גאַליציאַנער און אונגאַרישע לאַנדסמאַנשאַפטען, נאָר אפילו רוסישע האָבען זיך באַנוצט מיט דער „יודישער אָדער זשאַרגאָנישער שפּראַכע" אויף זייערע מיטינגען. יעדע קאָנסטיטוציע פון אַ פאַראיין האָט אַ פונקט וועגען שפּראַך. אָט איז אַ כאַראַקטעריסטישער ביישפּיל:

„אַלע פערהאַנדלונגען וויא אויך בוכפיהרונג אין דיזען פעראיין זאָל זיין און געפיהרט ווערען אין דער יודישער שפּראַכע, אָבער דאָך זאָלען מיטגליעדער האָבען דאָס רעכט זיך צו בענוטצען אין דייטש און ענגליש אין די דעבאַטען." (קאָנסטיטוציאָן דער ביסקער בני ברית, ק. א. פ., אָנגענומען דען 12טען מערץ, 1921).

דעם בולט'סטען ביישפּיל פון דער שפּראַך־אַנטוויקלונג גיט אונז, דוכט זיך, די קאָנסטיטוציע פון דער קאָלאָמעאַר פּרענדס אַסס'ן. דריי עקזעמפּלאַרען פון דערזעלבער קאָנסטיטוציע, וואָס זיינען דערשינען אין פאַרשיידענע צייטען, דערציילען, וועגען דער דאַטע פון דער גרינדונג פון פאַראיין. איינע זאָגט, אַז דער פאַראיין איז געגרינדעט "אַם 31־טען יענער 1904", אַ צווייטע זאָגט שוין „געגרינדעט אם 31־טען יאַנואַרי 1904" און די דריטע — „געגרינדעט 31־טען יאַנואַר 1904".

נאָר לאָמיר הערען וואָס דיזעלבע דריי עקזעמפּליאַרען פון דער קאָלאָמעאַר קאָנסטיטוציע זאָגען אַליין וועגען שפּראַך.

עקזעמפּלאַר נומער איינס: „אַללע פערהאַנדלונגען פאָם פעראיינע, פּראָטאָקאָלל — אונד פינאַנץ ביכער זאָללען אין דייטשער שפּראַכע געפיהרט ווערדען. ווענן אָבער דער בעטרעפפענדע בעאַמטע דער דייטשען שפּראַכע ניכט מעכטיג איזט, קענען דיזעלבען אין יודישער וויא אויך אין ענגלישער שפּראַכע געפיהרט ווערדען."

עקזעמפּלאַר נומער צוויי: „אַלע פערהאַנדלונגען דעם פעראיינעס פּראָטאָקאָל אונד פינאַנץ־ביכער זאָלען אין דייטשער שפּראַכע געפיהרט ווערדען. זאָללטע זיך אָבער קיין מיטגליעד פינדען דיע ביכער אין דייטשער שפּראַכע פיהרען צו קענען, זאָ דיע ביכער אין יידישער אָדער ענגלישער שפּראַכע פיהרען זאָלל".

עקזעמפּלאַר נומער דריי: „אַלע פערהאַנדלונגען ווי אויך די פּראָטאָקאָלען זאָלען ווערען געפיהרט אין אידיש. עס בלייבט אָבער פאַר יעדען מעמבער פריי זיך צו בענוצען מיט דער ענגלישער שפּראַך אויב ער געפינט דאָס פאַר נייטיג".

די קאָנסטיטוציע פון דער רבקה קאַטלעראָוו לאָזשע,

געגרינדעט אין 1893, באַשטייט פון אַ פּאָדערבלאַט וואָס איז געדרוקט העלפט אין אידישע בוכשטאַבען און העלפט אין דייטשע. די אידישע טייל לייענט זיך: נעבענגעזעצטע דער רבקה קאָטלעראָוו לאָזשע נומ׳ 4 א. אָ. א. י.

און די דייטשע: „געגרינדעט אַם 17 אַפּריל, 1893, אַנגענאָממען אַם 2 אָקטאָבער, 1900. ניו יאָרק. דרוק פאָן העלד קעסטענבאַום 289 סעקאָנד סט.".

היינט־צו־טאָג ווייזט זיך אַרויס, אַז אידיש איז שטאַרקער אין די אנשים און חברות, וועלכע דערלויבען צו פיהרען די ביכער אין ענגליש, נאָר באַשטייען דעראויף אַז די מיטינגען זאָלען געפיהרט ווערען אין אידיש. ווי עס קאָן עדות זאָגען, למשל, אַרטיקעל 2 פון קלעצקער א. פ., וואָס האָט אַן אייגענע שוהל.

„די פערהאַנדלונגען פון פעראיין, ווי אויך אַלע פינאַנס און פּראָטאָקאָלען ביכער, אויך אַלע נאָוטס, קענען געפירט ווערען אין אידיש און ענגליש. מיטינגען פון פעראיין דאַרפען געפירט ווערען נאָר אין דער אידישער שפּראַך."

די מעהרסטע קאָנסטיטוציעס פון די פאַמיליע־קרייזען ווערען געדרוקט אין ענגליש, נאָר זיי האָבען אַ פּונקט, אַז די טראַנסאַקציעס זאָלען געפיהרט ווערען אין ענגליש אָדער אידיש. כאָטש אין די יוגענט־צווייגען פון די פאַמיליע־קרייזען ווערט אַלץ דורכגעפיהרט בלויז אויף ענגליש.

פון איבער הונדערט קאָנסטיטוציעס וואָס געפינען זיך ביי אונז, איז ניטאָ קיין איינע וואו דער אַרטיקעל „דער" זאָל גענוצט ווערען קאָרעקט גראַמאַטיקאַליש. אומעטום איז דאָס — „די ערשטע פעראיין", ניט דער ערשטער א. אַ. וו. אומעטום איז דאָס — „די קאָנסטיטושאָן פון די ערשטער פעראיין", א. אַ. וו.

ביי אַ מיטינג פון אַ פאַראיין קאָן מען הערען אַ בבל פון שפּראַכען. דער אַלטער דור רעדט אַ זאַפטיגען אידיש, דורכגעפלאָכטען מיט העברעאישע ווערטליך און פסוקים, דער צווייטער דור רעדט אַ צעקאַליעטשעטען אידיש־ענגליש און דער נייער דור וואָס רעדט ענגליש בראָקט אַריין אידישע ווערטער און אויסדרוקען, אָט אַזוי ווי זיין זיידע האָט גענוצט דעם העברעאיש.

76 פּראָצענט פון אַלע סאָסייעטיס פיהרען זייערע פּראָטאָקאָלען אויף אידיש.

96 פּראָצ. פון אַלע פּראָטערנאַלע אַרבייטער אָרדענס פירען זייערע פּראָטאָקאָלען אויף אידיש. פון די לאָדזשעס פיהרען 70 פּראָצענט זייערע פּראָטאָקאָלען אויף אידיש, 15 פּראָצענט אויף ענגליש און 15 פּראָצענט אויף דייטש.

באָר איין זאַך איז קלאָר: עס הערשט פולע טאָלעראַנץ צו יעדער שפּראַך.

די שפּראַך־פראַגע איז ענג פאַרבונדען מיט דער קולטור פּראָבלעם און אונטערהאַנדלונגען פון די פאַראיינען.

אויף דער פראַגע: „האָט איהר קולטורעלע טעטיגקייטען?" האָבען 898 געענטפערט אַז יאָ און 904 אַז ניט.

לויט זייער צעטיילונג האָבען 89 אנשים געענטפערט אַז יאָ און 157 אַז ניט.

פון די אינדעפּענדענט סאָסייעטיס האָבען 273 געענטפערט אַז יאָ און 410 ניט.

פון די פרויען סאָסייעטיס האָבען 167 געענטפערט אַז יאָ און 192 — ניט.

פון די פּראַטערנאַלע אַרבייטער אָרדענס האָבען 287 געענטפערט יאָ און בלויז 26 — ניט.

פון די לאָדזשעס האָבען 3 געענטפערט יאָ און 17 — ניט.

פון פאַמיליע־קרייזען — 43 יאָ און 72 ניט.

פון רעליעף און פּאַטראָנאַטען — 36 יאָ און 30 ניט.

דער כאַראַקטער פון די קולטורעלע טעטיגקייטען שפּיגעלט אָפּ דעם גייסטיגען צושטאַנד פון דער אָרגאַניזאַציע. די מעהרסטע אנשים און אינדעפּענדענטס האָבען ניט קיין לעקציעס איבער פּאָליטישע אָדער סאָציאַלע פראַגען. אין די אנשים איז דאָ דער רב וואָס האַלט אַ דרשה, אָדער אַ גאַסט וואָס רעדט וועגען ציוניזם. אין די „אינדעפּענדענט" באַנוצט מען זיך מיט׳ן דאָקטאָר פון דער סאָסייעטי וואָס רעדט וועגען געזונט־פראַגען. די פּראַטערנאַלע ברענטשעס האָבען שוין אַ באַשטימטען פּאָליטישען פּרצוף און קולטור שטייט אין פאָדערגרונט פון יעדען מיטינג.

די צייט שטייט אָבער ניט אויף אַן אָרט און אין אַ צאָל סאָסייעטיס קומען פאָר דעבאַטעס וועגען צולאָזען אָדער ניט צולאָזען דעם אָדער יענעם פאָרשטייער פון אַ פּאָליטישער ריכטונג. אַ צאָל באַריהמען זיך, אַז זייער סאָסייעטי איז אָפען פאַר אַלע ריכטונגען.

אונזערע שרייבער איז אויסגעקומען אויסצופילען זייערע אַנקעטעס ביי די סאָסייעטיס אין צייט פון די שטאָט־וואַהלען און עס האָט זיך אַרויסגעוויזען אַז אַ סך סאָסייעטיס האָבען געוואָלט וויסען צי עס איז געווען אַ נאָטיץ וועגען אונזער אַרבייט אין דער אָדער יענער אידישער צייטונג וואָס האָט, נאַטירליך, געהאַט אַ שטעלונג צו די קאַנדידאַטען. אונזערע שרייבער האָבען זיך געדאַרפט פאַרזאָרגען מיט אונזערע נאָטיצען פון אַלע אידישע בלעטער. די „איגערוואַכעס" וואָס האָבען געדאַרפט אַריינלאָזען, זיינען געווען שטאַרק פּאַרטייאיש פּאָליטיש...

אַזוי ווי אונזער אַנקעטע איז געמאַכט געוואָרען אין אַ מאָדערנעם אידיש, איז דאָס ניט געפעהלען אַ סך פּרעזידענטען און סעקרעטאַרען, וואָס האָבען אונז באַשולדיגט, אַז מיר קאָנען קיין אידיש ניט. „וואָס פאַראַ שרייבער זייט איהר, אַז מען דאַרף זיך אויף אייער אידיש די ציינער צעברעכען".

כמעט יעדע לאַנדסמאַנשאַפט „לויפט" אַ טעאַטער. די טעאַטער־טיקעטס זיינען איינע פון די הויפּט־איינקונפטען פון דער סאָסייעטי. און כמעט דער גאַנצער אידישער טעאַטער פון ניו יאָרק האַלט זיך אויף אַף די טעאַטער־בענעפיטן פון די סאָסייעטיס. מיט דעם דערקלעהרט זיך וואָס די מעהרסטע פּיעסען וואָס ווערען געוויזען אויף דער עוועניו

זיינען פּאַקטיש לאַנדסמאַנשאַפט־פּיעסען. די האַנדלונג הייבט זיך אָן אויף יענער זייט ים, די העלדען זיינען „גרינע" וואָס גרינען זיך אויס. אַקט איינס איז אין היימישען שטעטעל, די איבעריגע אַקטען זיינען אויף דער איסט־סייד אָדער אויף ריווערסייד דרייוו. לעצטענס זיינען די האַנדלונגען געשטעלט געוואָרען אַביסעל פאַרקעהרט: ערשטער אַקט — דער אַמעריקאַנער קומט צוריק אין היימישען שטעטעל, א. אַ. וו.

די פראַגע וואו צו נעמען אַ טעאַטער ווערט לעצטענס שטאַרק דעבאַטירט אין די סאָסייעטיס. די מעהר אַמעריקאַניזירטע ווילען אַז מען זאָל גיין אויף בראָדוויי, אין אַן ענגלישען טעאַטער. דער עלטערער דור וויל ניט אַוועק פון דער עוועניו. דערפאַרונג האָט געוויזען אַז פון פינאַנציעלען צושטאַנד איז די „ענגלישע שאו" געוועזן אַ דורכפאַל. די סאָסייעטי וויל אידיש טעאַטער, נאָר אַ סך ווילען עס אויף בראָדוויי.

אויסער די בענעפיט־טיקעטס זיינען די סואווענירזשורנאַלען וואָס די לאַנדסמאַנשאַפטען גיבען אַרויס צו זייערע יובילייאומס און יעהרליכע אונטערנעהמונגען אויך אַ קוואַל פון איינקונפטען. די „עדס" ברייננגען אַריין היפשע הונדערטער טאָלער. לעצטענס האָבען טייל סאָסייעטיס אַרויסגעגעבען זשורנאַלען וואָס זיינען אַ לוקסוס מיט זייער פּאַפּיר און איינבונד. דאָרט וואו דער פּרעזידענט איז אַן אָנגעזעענער געשעפטסמאַן, וועט אַזאַ אויסגאַבע אַריינברינגען אַ פּאָר טויזענט דאָלאַר. פאַר אַ ביישפּיל קאָן דינען דער סואווניר־זשורנאַל פון די ליפּקאַנער בעסאַראַבער, וואָס באַשטייט פון אַנאָנסען פון די גרעסטע פוטער־פירמעס אין ניו יאָרק, ווייל דער פּרעזידענט איז אַ אָנגעזעענער מיטגליד פון דער אינדוסטריע.

די שפּראַך־פראַגע זעהט זיך אויך אָן אין די זשורנאַלען. אויך דאָ הערשט טאָלעראַנץ, נאָר כמעט אין אַלע זשורנאַלען נעמט אידיש די אויבערהאַנט, מיט דער אויסנאַם פון די פאַמיליע־קרייזען, וואָס דרוקען זיך אויף ענגליש (כאָטש דער בעסטער זשורנאַל פון דעם מין וואָס מיר האָבען, — דעם פּאַם־פּליקער פאַמיליע קרייז — איז גראָד געדרוקט כמעט אינגאַנצען אין אידיש).

די טענדענץ איז אויך אַרויסצוגעבען מאָנאַטליכע און פּעריאָדישע געדרוקטע בולעטינען. זיי באַשטייען געוויינליך פון פיר אָדער אַכט זייטען. דער בראָדער בולעטין „דהי פּראָגרעסאָר", גייט שוין אַרויס דאָס צעהנטע יאָהר. די מעהרסטע בולעטינען זיינען אין ענגליש, ריין אין שפּראַך און געשעפטסמעסיג אין אינהאַלט.

הילף און זעלבסט־הילף

דער רוקענביין פון דער לאַנדסמאַנשאַפט איז די אינדיווידועלע הילף וואָס ווערט געגעבען צו מיטגלידער אין צייט פון נויט, פון קראַנקהייט און צו דער פאַמיליע אין פאַל פון טויט. די סאָסייעטי קאָן יעדען מיטגליד פּערזענליך. אין די עלטערע סאָסייעטיס קאָן מען זיך נאָך פון דער אַלטער היים, אָדער מען האָט געקאָנט די משפחה. ווען עס טרעפט אַ נויט־פאַל מיט אימיצען האָבען דערפאַר די מיטגלידער אַ פּערזענליכען אינטערעס אין דעם. מען טוט מעהר ווי די געזעצען שלאָגען פאָר. און וואָס מען טוט איז דאָס אויף אַ פיינעם אופן. קיינער ווערט ניט פאַרשעהמט, מען דאַרף ניט דורכגיין קיין דערנידערונגען.

פון דעם איז געדרונגען, אַז צו די לאַנדסמאַנשאַפטען באַלאַנגען מעהרסטענס אַרבייטער און קליינקרעמער. זיי נויטיגען זיך אָפט אין אַ הלואה. זיינען געשאַפען געוואָרען לאון פאָנדס, וואו מען לייט געלט אָן פּראָצענט אָדער גאָר פאַר אַ קלייניגקייט. די ליי־קאַסע איז איינע פון די וויכטיגסטע אויפטועען פון די סאָסייעטיס. דער שבעה־פאָנד האָט אויך איינזינען דעם אָרימאַן. דורך זיצען שבעה פאַרלירט מען אַ פּאָר טעג שכירות, דער פאָנד פאַרלייכטערט די לאַגע. דער פאָנד פאַר די אַלטע מיטגלידער האָט זיך אַרויסגעוויזען צו זיין זעהר פּראַקטיש. דער סעקרעטנער פאָנד, דער דיסטרעס און רעליעף פאָנד פאַר אייגענע מיטגלידער, וואָס ליידען נויט, קומט אַריין אין צייט ניט צו לאָזען אַרויסשטעלען די משפחה אין גאַס. אַ סך סאָסייעטיס האָבען אַ קאָנסאָמפּשאָן פאָנד.

אַ צאָל סאָסייעטיס האָבען געשאַפען ספּעציעלע סטרייקפאָנדען. דאָס איז אַ נייעס, ווייל אין די מעהרסטע קאָנסטיטוציעס איז וועגען דעם קיין פּונקט ניטאָ. דער אינדעפּענדענט בוקאַרעסטער אונט. פאַראיין, געגרינדעט אין 1901 האָט אַ פּונקט, וואו יעדער נייער מיטגליד מוז שווערען אַז ער וועט קיינמאָל ניט סקעבען — פאַר סקעבען ווערט מען געשטראָכען. דער פּויליש קאָסאָווער י. מ. פּראָגרעסיווער פאַראיין העלפט די מיטגלידער אין צייט פון סטרייק. אַזוי אויך דער קאָלאָמעאר און אַ צאָל אַנדערע. דער ליובערער פאַראיין האָט אַן אַרבייטלאָזען פאָנד. די סאָסייעטיס פּאַסען זיך־צו צו דער נייער צייט. דער זשורנאַל פון די אָשמאַנער דערציילט, אַז אין 1926, בעת דעם פאַרצויגענעם שניידער סטרייק, האָט די סאָסייעטי געשטיצט איהרע מיטגלידער סטרייקער מיט 1,500 דאָלער. פאַראַן סאָסייעטיס, וואָס העלפען אפילו די סטרייקערס פון זייער שטעטעל.

אַ צאָל לאַנדסמאַנשאַפטען האָבען געהאָלפען גרינדען מושב זקנים'ס (ערשטער ראָמאַנער ק. א. פּ. איז דער גרינדער פון דער מענאָראה האָום אף בושוויק עוועניו, ברוקלין) אַנדערע צילען צו גרינדען אייגענע צענטערס וואָס זאָלען אין זיך האָבען מושב זקנים'ס. אַזוי איז דער ביאַליסטאָקער שטאָלץ אויף זיין צענטער, וואָס איז דער גרעסטער פון זיין מין ביי אונז אין לאַנד, אַזוי האָבען די מאָהליוער זייער מושב זקנים, און די לעמבערגער זייערען, וואַרשעווער האָבען זייער חיים סאָלאָמאָן מושב זקנים אויף דער סעקאָנד עוועניו. איינער פון די גרינדער פון מאָהילעווער פאַראיין איז איצט אַ תושב פון מאָהילעווער מושב זקנים.

דאָס איז אַלץ גערעדט געוואָרען וועגען זעלבסט־הילף. יעדער פאַראיין טהוט אָבער אויך פאַר אַנדערע נויטיגע אינסטיטוציעס פון ניו יאָרק און איבער'ן לאַנד. אין דער

ערשטער ריי קומט דער היאַס. דאָן די פאַרשיידענע סאַנאַטאָריומס, די דעי נוירסעריס, ישיבות, תלמוד תורה׳ס, טשאַריטיס, אידישער קאָנגרעס, אַנטי־נאַצי ליג, פּאַלעסטינע, — אַלע געפינען אַ וואַרימען אָפּרוף ביי די לאַנדסמאַנשאַפטן. ווי האָט זיך אויסגעדריקט אַ סעקרעטאַר — קיינער גייט פון אונז ניט אַרויס מיט ליידיגען.

דאָס דערברייינגט, נאַטירליך, צו כלעראליי אַנשיקענישען און פּראָפּעסיאָנעלע פּושקע־קלייבער. דער רעזולטאַט איז אַז אַ סך לאַנדסמאַנשאַפטן זיינען שטרענג און לאָזען ניט אַריין צו זיך, און אַנדערע קלייבען זיך אַריין אין האָטעלען, וואו מען קאָן צו זיי ניט אָנקומען אַזוי גרינג.

עס וועט אָבער זיין אַ טעות צו דענקען אַז די לאַנדסמאַנשאַפטן שטיצען בלויז אידישע אינסטיטוציעס. אַזוי האָבען די אוישאַצער (געגרינדעט אין 1900) געשיקט געלט צום רויטען קרייץ בעת דער לעצטער פאַרפלייצונג. די נעמען פון די פאַראיינען זעהט מען ניט איינמאָל אין די צייטונגען, ווען מען דאַרף האָבען פאָנדען פאַר ספּעציעלע לאָקאַלע אָדער לאַנד־קאַטאַסטראָפעס.

לעצטענס האָבען די לאַנדסמאַנשאַפטן אַרויסגעוויזען זייער סימפּאַטיע פאַר אַלע קרבנות פון פאַשיזם. די פּראָגרעסיוו סלוצקער יאַנג מען העלפען די לאָיאַליסטען אין שפּאַניע דורכ׳ן דובינסקי־פאָנד. גאַר אַ סך סאָסייעטיס און אנשים זיינען אָנגעשלאָסען אין די פּוילישע פּאַטראָנאַטען, וועמעס אויפגאַבע איז צו העלפען די פּאָליטישע קרבנות פון פּוילישען פאַשיזם.

די הויפּט־אַרבייט פון די לאַנדסמאַנשאַפטן איז אָבער פאַר זייערע היים־שטעטלעך. אַט־די אַרבייט איז ניט אָפּצושאַצען. איבערהויפּט לעצטענס, ווען טויזענטער אידישע משפחות ווערען עקאָנאָמיש רואינירט, קומט די לאַנדסמאַנשאַפט און ברייינגט הילף אין דער ריכטיגער צייט. אַ דאַנק די ספּעציעלע פאַראייניגטע רעליעף קאָמיטעטען איז געלונגען דורכצופיהרען גרעסערע אַקציעס, אַקציעס וואָס באַצוועקען צו שטעלען אויף די פיס די געליטענע אין די שטעטלעך און ניט בלויז אָפּצוקומען מיט אַ פּאָר דאָלער. אַט־דאָ נעהמט אַ האַנט דער „דזשאָינט" דורך אָרגאַניזירען אַ לאַנדסמאַנשאַפט־דיוויזיע, דאָ קומט אַריין דער פאַרבאַנד פון פּוילישע אידען, אַט־דאָ קאָן מען זיך פאַרלאָזען אַז דער „אָרט" וועט מיט די אַמעריקאַנער פאָנדען בויען פאַך־שולען און בכלל זיין קאָנסטרוקטיוו אין דעם איבערבוי פון דער אידישער עקאָנאָמיק אויף יענער זייט ים.

אויסער דער פאַראייניגטער אַרבייט טהוט זיך כמעט יעדע לאַנדסמאַנשאַפט זעלבסטשטענדיגע אַרבייט פאַר׳ן שטעטעל, איבערהויפּט טוען דאָס די עלטערע סאָסייעטיס. מען האַלט אויס אַ קינדער שול, אַ תלמוד תורה, אַ קיך, אַ שפּיטאָל, אַ מושב זקנים. שוין אָפּגערעדט וואָס שיקען געלט אויף פסח איז כמעט געוואָרען אַ טראַדיציע אין די לאַנדסמאַנשאַפט פאַראיינען. אמת, אַ דאַנק די פאַרשיידענע שאַטירונגען אין די פאַראיינען אַנטשטייען ניט איינמאָל סכסוכים. די מעהר פּראָגרעסיווע ווילען ניט מען זאָל שטיצען די רעליגיעזע אינסטיטוציעס, אויב מען וועט ניט שטיצען זייערע וועלטליכע אינסטיטוציעס. אויב שטיצען די תלמוד תורה, דאַרף מען אויך שטיצען די אידישע ביבליאָטעק פון שטעטעל. עס פלעג ניט איינמאָל פּאַסירען אַז פאַראיינען זיינען געשפּאָלטען געוואָרען צוליב אַזעלכע פאַלען.

עס איז דערפאַר אַ טעות צו דענקען, אַז סאָסייעטיס זיינען זעהר אָפּגעשטאַנען. דער קאָלאָמעאַר פאַראיין באַריהמט זיך, אַז ער האָט מיט יאָהרען צוריק געהאָלפען גרינדען אויף דער איסט סייד דעם פערטען סאָציאַליסטישען דיסטריקט, פון וועלכען מייער לאָנדאָן איז דערוויילט געוואָרען אין קאָנגרעס. דער טשערקאַסער פאַראיין באַשטייט פון אַ ראַדיקאַלען עלעמענט, א. אַ. וו.

מאַכענדיג דעם סך־הכל פון הילף פאַר היגע און אויסלענדישע אינסטיטוציעס, באַקומט זיך פאָלגענדיגער חשבון:

1251 לאַנדסמאַנשאַפטען אָרגאַניזאַציעס פון אַלערליי טיפּען האָבען געשאַפען פאַר דער אַלטער היים אין משך פון די לעצטע נאָך־מלחמה יאָהרען די סומע פון 7,248,988 ד.

אין 1937 האָבען 1,004 לאַנדסמאַנשאַפטען געגעבען פאַר היגע וואוילטעטיגע אינסטיטוציעס 108,078 דאָלער.

### פּרוּוען צו פאַראייניגען די לאַנדסמאַנשאַפטען אָרגאַניזאַציעס

פון צייט צו צייט זיינען געמאַכט געוואָרען פאַרזוכען צו פאַראייניגען די אומאָפּהענגיגע לאַנדסמאַנשאַפטען און בענעפיט סאָסייעטיס אין אַ מין פעדעראַציע, נאָר די פּרוּוען האָבען זיך ניט איינגעגעבען. איין פאַרזוך איז געמאַכט געוואָרען אין 1934 אין שיקאַגאָ, און אַ צווייטער אין 1934 אין ניו יאָרק. די אָרגאַניזירער פון דער געפּלאַנטער שיקאַגאָר לאַנדסמאַנשאַפט פעדעראַציע האָבען אַרויסגעלאָזט אַ פלוג־בלאַט, אונטער׳ן נאָמען „אַף־דער־וואַך", אין וועלכען עס איז פאָרמולירט געוואָרען דער געדאַנק פון אַ פעדעראַציע אויף פאָלגענדיגען אופן:

> „די פאַראיינען פון לאַנדסלייט זיינען די איינציגע אָרגאַניזאַציעס, וואָס שטעלען מיט זיך פאָר אַ פאַר־איינציגטען אידענטום אין אַ קליינעם פאָרמאַט, ווייל נאָר אין אַ לאַנדסלייט פאַראיין געפינט איהר אידען פון פאַרשיידענע פּאָליטישע איבערצייגונגען און עקאָנאָמישע שטעלונגען, ווי אויך רעליגיעזע און ניט־רעליגיעזע, זיצענדיג זייט ביי זייט און פאַרהאַנדלענדיג פראַגען פון בשותפות׳ן אינטערעס. דאַרום איז שוין זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז אַ פאַראייניגונג פון אַלע לאַנדסמאַנשאַפטען אין איין צענטראַלער קערפּערשאַפט וועט פאַקטיש מיינען אַ פאַראייניגטער אידענטום, און דאָס איז וואָס די לאַנדסמאַנשאַפטען פעדעראַציע דאַרף זיין און עס איז דערפאַר אַ אידישע גרונטפליכט פאַר יעדער לאַנדסמאַנשאַפטען־אָרגאַניזאַציע זיך אַנצושליסען אָן איהר." (צירקולאַר בריוו, אַדרעסירט צו די

לאַנדסמאַנשאַפטען פון ה. גייל, פּרעזידענט פון דער לאַנדסמאַנשאַפט פעדעראַציע פון שיקאַגאָ און אומגעגענט).

אין זעלבען צירקולאַר ווערען פאָרגעשלאָגען דעפּאַרטמענטען וואָס זיינען נויטיג פאַר דער פעדעראַציע. זיי זיינען, אַ מעדיקאַל דעפּאַרטמענט, אַ דענטאַל דעפּאַרטמענט, אַ ליגעל דעפּאַרטמענט, אַ יוגענט דעפּאַרטמענט און אַ קינדער דערציאונג דעפּאַרטמענט.

די „פאַראייניגטע אידישע אָרגאַניזאַציעס", וואָס זיינען געגרינדעט געוואָרען אין ניו יאָרק דורך חיים ווינטרויב, מיט'ן צוועק צו שאַפען אַ פעדעראַציע פון די לאַנדסמאַנשאַפטען, האָט אין 1936, צו דער צווייטער קאָנפערענץ, אַרויסגעגעבען אַ נומער פון זשורנאַל „ברידערלעכקייט". דער זשורנאַל האָט געזאָלט „דינען אַלס לעהרער און וועגווייזער פאַר די פיהרער פון די לאַנדסמאַנשאַפטען און סאָסייעטיס. די פאַרשיידענע פּראָבלעמען פון פאַרזיכערונג, בעגעפּיטען און קעגענזייטיגע הילפס־טעטיגקייטען, וועלען אויף אַ פאַכמענישען און וויסענשאַפטליכען אופן באַהאַנדעלט ווערען."

צווישען די צילען און אויפגאַבען פון דער געפּלאַנטער פאַראייניגונג האָבען זיך געפונען פאָלגענדיגע פּונקטען:

„די פאַראייניגטע אידישע אָרגאַניזאַציעס איז אַ פרייער פאַרבאַנד פון אומאָפּהענגיגע לאַנדסמאַנשאַפטען און בענעוואָלענט סאָסייעטיס פאַר געמיינזאַמער טעטיגקייט, איבערלאָזענדיג פולשטענדיגע פרייהייט און זעלבסטשטענדיגקייט פאַר יעדער אָרגאַניזאַציע באַזונדער."

„די אידישע לאַנדסמאַנשאַפטען זיינען געוועזן די פּיאָנערען פון דעם אָרגאַניזירטען אידישען לעבען אין אַמעריקע. נאָך היינט־צו־טאָג בילדען זיי אַ באַדייטענדיקען און שטאַרקען זייך פון דעם אָרגאַניזירטען אַמעריקאַנער אידענטום. ניט קוקענדיג אויף דעם, איז אָבער זייער אָנטייל אין דעם אויספּלאַנירען און אין דעם בויען פון די נייע פאָרמען פון דעם אידישען לעבען אין אַמעריקע כמעט ווי ניט־באַמערקבאַר."

צווישען די אויפגאַבען האָט געזאָלט זיין: „שטודירען דעם אַלגעמיינעם און געזעלשאַפטליכען צושטאַנד פון די באַזונדערע פאַרשיידענע לאַנדסמאַנשאַפטען פון בענעוואָלענט סאָסייעטיס."

„העלפען די אָרגאַניזאַציעס אָנצופיהרען אַ ברייטע און לעבעדיגע קולטורעלע און ערציערישע טעטיגקייט."

„העלפען די אָרגאַניזאַציעס אָנצופיהרען מיט אַזאַ טעטיגקייט, וואָס זאָל זיין צוגעפּאַסט צו די באַדערפעניסען און נויטען פון דער אין אַמעריקע־געבוירענער אָדער ערצויגענער יוגענט, כדי צו קענען זיי געווינען פאַר די אָרגאַניזאַציעס פון זייערע עלטערען".

אויף דער צווייטער קאָנפערענץ פון דער אָרגאַניזאַציע זיינען געהאַלטען געוואָרען רעפעראַטען פון דר. הערמאַן פראַנק, וועגען דער „אינשורענס פּראָבלעם ביי אומאָפּהענגיקע סאָסייעטיס", און פון ש. ניגער וועגען „קולטור און יוגענט אַרבייט ביי לאַנדסמאַנשאַפטען". עס האָבען אויך גערעדט וועגען לאַנדסמאַנשאַפט פּראָבלעמען דזשאַן ל. בערנשטיין, דר. ש. מאַרגאָשעס און דר. מ. סאָלטעס, דער פּרעזידענט פון די פאַראייניגטע אידישע אָרגאַניזאַציעס.

די לאַנדסמאַנשאַפט - פעדעראַציעס וואָס עקזיסטירען היינט־צו־טאָג, ווי דער פאַרבאַנד פון פוילישע אידען, דער גאַליציאַנער פאַרבאַנד, דער ליטווישער, די רומענישע פעדעראַציע, די אונגאַרישע פעדעראַציע, האָבען אויך דורכגעמאַכט פאַרשיידענע טראַנספאָרמאַציעס. פון זיי איז בלויז דער פוילישער דער שטאַנדהאַפטיגסטער. די אַנדערע זיינען אונטערגעגאַנגען און צוריק אויפגעלעבט געוואָרען. דער אוקראַינישער פאַרבאַנד האָט אין זיין צייט געשפּילט אַ וויכטיגע ראָלע. אַ דאַנק דעם סאָוועטען־פאַרבאַנד האָבען זיך זיינע פונקציעס געענדיגט.

די צייט וועט מסתם ווייטער שפּינען דעם פאָדים פון די לאַנדסמאַנשאַפט־פאַרבאַנדען און פאַראייניגונגען.

געדרוקטע אויסגאַבעס פון די לאַנדסמאַנשאַפטען

הונדערטער און אפשר טויזענטער זשורנאַלען און בולעטינען זיינען פון די לאַנדסמאַנשאַפטען אַרויסגעגעבען געוואָרען, נאָר ביכער ווינציג. און די ביכער וואָס זיינען פאַראַן שטעלען זיך מעהרסטענס אָפּ מעהר אויפן היימישען שטעטעל, ווי אויף די טעטיגקייטען פון די לאַנדסמאַנשאַפטען דאָ אין לאַנד. אַזאַ בוך ווי „ווילנע", וואָס אַנטהאַלט איבער טויזענט זייטען און וואָס איז פון גאָר גרויסען ווערט, ווידמעט אָבער צו ווינציג פּלאַץ וועגען די ווילנער אין אַמעריקע. אַזאַ בוך ווי „פעלשטין" פאַרנעהמט זיך אויך מעהרסטענס מיט די קדושים פון פעלשטין. די אַנדערע ביכער ווי „דער לאַנדסמאַן" פון די ווישקאָווער און דער זאַבלודאָווקער פּנקס און דאָס סמאָרגאָנער זאַמלבוך—ליידען פון זעלבען חסרון. דאָס פּראַכטפולע בוך „לאָדזש" דערציילט וועגען אַ פאַרזוך וואָס איז געמאַכט געוואָרען צו קריגען אינפאָרמאַציע וועגען די לאָדזשער פאַראיינען אין אַמעריקע, נאָר עס איז ניט געלונגען.

בלויז די אויסגאַבען פון די ביאַליסטאָקער קאָנען דינען ווי אַ מוסטער פאַר אַנדערע אַזעלכע אויסגאַבען. דאָרט פאַרנעמען די ביאַליסטאָקער אין אַמעריקע אַן אָנגעזעהן פּלאַץ.

פון גרויסען ווערט זיינען די זאַמעלביכער „פוילישע אידען" וואָס דער פוילישער פאַרבאַנד גיט אַרויס ווי אַ פאָרזעצונג פון זיין אַמאָליגען מאָנאַטליכען זשורנאַל. דאָרט זיינען פאַראַן זעהר אינטערעסאַנטע אָפּהאַנדלונגען וועגען דער געשיכטע פון פוילישע אידען אין אַמעריקע.

גראָד לעצטענס האָבען אָנגעהויבען דערשיינען ביכער וואָס פאַרנעמען זיך מיט דער לאַנדסמאַנשאַפט טעמע אין דער שעהנער ליטעראַטור. די פּאָעזיע האָט דאָ די איבערהאַנט. קלמן הייזלער'ס בוך לידער „קומאַרנער פאַרשוינען", דוד סעלצערס בוך „בעסאַראַבער לידער", ראַדאָשיצקי'ס בוך „ראַדאָשיץ", מענקע קאַצ'ס בוך לידער וועגען „סוועג-

ציאָן" און די פראָזע ביכער: ח. גאָטספעלד „מיין רייזע קיין גאַליציע" און יעקב גלאַטשטיינ'ס „ווען יאַש איז געפאָרן".

מען דאַרף אויך צורעכענען דאָס בוך „טאַראַסטשע" פון דעם ניט־פּראָפעסיאָנעלען שרייבער־לאַנדסמאַן י. ראָבין, וואָס איז געווידמעט דער געשיכטע פון זיין שטעטעל.

די לאַנדסמאַנשאַפטען האָבען לעצטענס געמאַכט זעהר אַ ווינטשענסווערטען פּרואוו אַרויסצוגעבען ביכער פון זייערע לאַנדסלייט שרייבער. אַזוי האָט דער מלאַווער־בענדינער אָפּאַטאָשו אַרב. רינג ברענטש אַרויסגעגעבען אַן אָפּאַטאָשו־ביבליאָגראַפיע, די מאָזירער לאַנדסלייט האָבען אַרויסגעגעבען ברוך גלאַזמאַנ'ס ראָמאַן „לענדער און לעבענס", וואַרשעווער בר. 147 א. אַ. אָ. מ. באָרענשטיינ'ס בוך דערציילונגען, באַלטיק־וויטעבסקער בר. 33 א. אַ. אָ. גיט אַרויס ש. י. קאָזיניצ'עס בוך דראַמעס, א. אַ.

### אַביסעל נביאות

וואָס פאַראַ צוקונפט שטעהט פאָר דער לאַנדסמאַנשאַפט באַוועגונג אין אַמעריקע? עס איז אַ סך גלייכער ניט צו נעמען אַ ביישפּיל פון די נביאים וואָס האָבען פאָרויסגעזאָגט אַ סך זאַכען וועגען אידישקייט ביי אינז אין לאַנד און זיינען נעבעך געבליבען מיט אַ נאָז. גענוג זיך צו דערמאָנען, ווי מען האָט מיט דרייסיג יאָהר צוריק פאָראויסגעזאָגט אַז די אידישע שפּראַך וועט דאָ אונטערגעהן אין משך פון אַ פּאָר צענדליג יאָהר. דאָך זעהען מיר, אַז היינט־צו־טאָג בליהען דאָ הונדערטער אידישע קינדער שולען אין אַלע טיילען פון לאַנד און עס ערשיינען פּראַכטפולע קינדער זשורנאַלען און מעשה ביכלאך און מיר זעהען ווי אַמעריקאַנער געבאָרענע יונגעלייט ווערען אידישע לעהרער.

וויפיל מאָהל האָט מען שוין פאָראויסגעזאָגט דעם אונטערגאַנג פון די לאַנדסמאַנשאַפטען? אפשר טאַקע דערפאַר האָט מען זיי צופיל פאַרנאַכלעסיגט. די אידישע אינטעליגענץ האָט זיך ווינציג־וואָס אויף זיי אַרומגעקוקט.

זאָלען די ציפערען וואָס אונזערע טאַבעלעס ווייזען, זיין אַ שטיקעל לעהרע פאַר די וואָס ווילען פאַרשטעהן דאָס אידישע לעבען אין אַמעריקע. זיי, די טאַבעלעס, נאַרען ניט אָפּ. מיר האָבען זיי צונויפגעשטעלט פון ערשטע קוואַלען. דורך אונזערע הענט זיינען דורך די רעקאָרדס פון די איבער צוויי טויזענט אָרגאַניזאַציעס וואָס שטאָלצירען נאָך מיט זייער היים־אָרט.

גוטע מעשים געהען ניט אונטער. זיי נעמען אָפּט אָן נייע פאָרמען, נאָר דער אינהאַלט בלייבט דערזעלבער. די פאָרם פון דער לאַנדסמאַנשאַפט־אָרגאַניזאַציע וועט זיך אפשר בייטען, איהר גייסט וועט אָבער בלייבען גאַנץ. דער גייסט פון זעלבסטהילף, פון זאָרג פאַר דעם שוואַכערען, פאַרן אונטערדריקטען און נויטבאַדערפטיגען.



קינדערלעך אין קאָוונע. (פון אַלמאנאך פון ליטווישען פאַרבאַנד, נ.י.)

לאַמעד שאַפּיראָ

# אימיגראַציע און לאַנדסמאַנשאַפט

ווען איהר וואַרפט אַ בליק אויף וועלכער עס איז פון די גרעסערע דערשיינונגען פונ'ם לעבען אין .אַמעריקע, מוזט איהר תיכף דערזעהן אין היגטערגרונט אַ קאַרדינאַלען פאַקטאָר: דעם קאָלאָסאַלען פּראָצעס וואָס רופט זיך אימיגראַציע. די ווירקונג פון דער אימיגראַציע איז געווען נישט קלענער פון דער ווירקונג פונ'ם בירגערקריג, פון דער באַפרייאונג פון די נעגערס און פון דער באַזעצונג פון דעם מערב. זיי אַלע צוזאַמען האָבען אויסגעשניצט דאָס פּנים פון די היינטיגע „פאַראייניגטע שטאַטען".

די עמיגראַציע פון די פעלקער פון דער וועלט קיין אַמעריקע ווערט אָפט פאַרגליכען צו דער פעלקערוואַנדערונג אין אַזיע און אייראָפּע אין די פריע יאָהרהונדערטער פון דער איצטיגער ערא. דער פאַרגלייך איז זעהר אַן אויבערפלעכליכער. אין יענע יאָהרען האָבען זיך גאַנצע שבטים, אפילו גאַנצע פעלקער, אויפגעהויבען, מיט קינד־און־קייט, מיט אַלע בעבעכעס, מיט קאָטשערעס און לאָפּעטעס, און זיינען געגאַנגען אויף זייערע נאָענטסטע שכנים מיט פייער און שווערד: מ'האָט גערויבט, געפייניגט, גע'הרג'עט — נישט מילדער, נישט מענשליכער ווי, למשל, בעת דער מיגראַציע פון די „רויטהינט" אין אינדיע, לויט דער באַשרייבונג פון רודיאַרד קיפּלינג. די באַפאַלענע שבטים זיינען געווען געצוואונגען צו אַנטלויפען. און ווי אַזוי איז מען געלאָפען? פונקט ווי די אָנפאַלער: מיט קינד־און־קייט, מיט אַלע בעבעכעס און, פונקט ווי די אָנפאַלער אויף זיי, מיט פייער און שווערד אויף די נאָענטע שכנים. אַזוי אַרום איז דורכגעלאָפען כוואַליע נאָך כוואַליע פון מיגראַציע איבער'ן גאַנצען אַלטען קאָנטינענט, פון דעם פּאַסיפיק ביז'ן אַטלאַנטיק. נייע מלוכות זיינען געגרינדעט געוואָרען; נייע ציוויליזאַציעס זיינען געשאַפען געוואָרען, אין פאַרלויף פון איבער אַ טויזענט יאָהר. עס האָט זיך אויסגעפורעמט דאָס פּנים פון דער שפּעטערדיגער אייראָפּע. נאָר דער שטריך וואָס איז דאָ וויכטיג פאַר אונז איז: די מיגראַציעס האָבען אויסגעריסען פעלקער מיט די וואָרצלען; מ'האָט ניט איבערגעלאָזען נאָך זיך קיין שום סימן פון צוגעבונדענקייט צו דער אַלטער היים. קיין קאָמוניקאַציע־מיטלען האָבען ניט עקזיסטירט, און עס איז ניט געווען מיט וועמען צו קאָמוניקירען: די נאָכגעבליבענע, אויב עס זיינען געווען אַזעלכע, זיינען פאַרזונקען געוואָרען אין די כוואַליעס פון די באַזיגער. גאַנץ אַנדערש איז צוגעגאַנגען די מיגראַציע קיין אַמעריקע. קיין גאַנצע שבטים מיטאַמאָל זיינען אַהער ניט געקומען; אפילו גאַנצע משפּחות האָבען זעלטען־ווען איינגעוואַנדערט אַלע צוזאַמען: דער אָקעאַן איז געשטאַנען אין וועג. געגאַנגען זיינען מעהרסטענס פולקרעפטיגע, פולבלוטיגע מענער: אַלערליי פּאָליטישע און רעליגיעזע דיסידענטען פון סקאָטלאַנד און ענגלאַנד; הוגענאָטען און „פרייע שווערדלער" פון פראַנקרייך; אַוואַנטוריסטען, גאָלדזוכער און קאַטוילישע מיסיאָנערען פון שפּאַניע. קיין פייער און שווערד האָט דאָ אויך ניט געפעלט, און דער רעזולטאַט איז געווען די צעשטערונג פון די אַלטע אַמעריקאַנער ציוויליזאַציעס און די כמעט־אויסראָטונג פון דער „רויטער" ראַסע. (דאָס לעצטע, אגב, איז אָנגעגאַנגען נישט בלויז דורך מלחמה און פאַרניכטונג, נאָר אויך דורך בלוטמישונג, וואָס האָט מסתמא ניט געפעלט אויך אין דער אַמאָליגער פעלקערוואַנדערונג. אַזוי אַרום האָבען די שפּאַניער מיט די אינדיאַנער געשאַפען אין מערב אַ מין נייע ראַסע — די מעקסיקאַנישע, און אין דרום האָבען די אייראָפּייער מיט די נעגערען אויסגעבילדעט די קרעאָלען און די מולאַטען. בלויז די גאוה'דיגע ענגלענדער האָבען זיך כמעט ניט געמישט מיט די געבירטיגע, הגם זיי האָבען זיך ניט איינמאָל פאַרבונדען מיט געוויסע אינדיאַנער שבטים פאַר מלחמה־צוועקען.) נאָר דער וויכטיגסטער כאַראַקטערשטריך פון דער עמיגראַציע קיין אַמעריקע, דער שטריך וואָס האָט אַ דירעקטע שייכות צו דער טעמע פון דעם אַרטיקעל איז דאָס וואָס מיהאָט ניט איבערגעריסען די פאַרבינדונג מיט די היימלענדער.

די אייראָפּייאישע מלוכות האָבען געשטרעקט לאַנגע הענט אַריבער'ן אַטלאַנטיק צו זייערע דעראָבערונגען אין די אַמעריקעס. שיפען זיינען געגאַנגען הין און צוריק צווישען די קאָנטינענטען, האָבען געפיהרט גרופּעס אימיגראַנטען, ווי אויך בריוו און גרוסען פון און צו די נאָך־זיך־געלאָזענע משפּחות, קרובים, פריינט. אין פאַרלויף פון אַ קורצען יאָהרהונדערט האָט אַמעריקע געהאַט דריי מלחמות און אַ בירגערקריג, און נאָך יעדער מלחמה איז די אימיגראַציע געשטיגען. אין דעמזעלבען יאָהרהונדערט האָט דאָס לאַנד געשאַפען די גרעסטע ברויטפעלדער און פּרוכטסעדער, האָט אויפגעריסען מינען און נאַפטקוואַלען, האָט אַנטוויקעלט פישערייען און פיצוכט, האָט אויפגעבויט אַ טעקסטיל־פאַבריקאַציע און אַ שווערע אינדוסטריע וואָס די וועלט האָט נאָך אַזוינס ניט געזעהן. דאָס אַלץ וואָלט נישט מעגליך געווען אָן אַ באַשטענדיגען צופלוס פון דערוואַקסענע, אַרבייטספייאיגע הענט אין אַ גרעסערער פּראָפּאָרציע צו דער ניט־אַרבייטענדיגער באַפעלקערונג. עקאָנאָמישע און פּאָלי־

טישע באַדינגונגען אין איראָפּע און די אַנטוויקלונג פון שיפבוי און נאַוויגאַציע האָבן דעם צופלוס געבראַכט. די געגענטען וואוהין די אימיגראַציע איז ניט געגאַנגען — די דרום־שטאַטען, למשל — זיינען טאַקע געבליבען עקאָנאָמיש הינטערשטעליג, ניט געקוקט דערויף וואָס זיי האָבן אַ לאַנגע צייט געהאַט אומזיסטע „הענט". מיין פונקט איז: די אימיגראַציע האָט געהאַט זעהר אַ גרויסען חלק אינ'ם אויפבוי פון דער אַמעריקאַנער ציוויליזאַציע, און אויב מ'זאָל אָננעמען, אַז דער מענש איז אַ באַשעפעניש מיט שכל, איז דער אָפּשטעל פון דער אימיגראַציע אַ ניט־פאַרשטענדליכע זאַך.

אָבער די אימיגראַציע האָט גאָר ניט געטראַכט וועגען דעם, אַז זי בויט אַ נייע ציוויליזאַציע: זי האָט געהאַט איהרע אייגענע פּראָבלעמען. דער נייגעקומענער אימיגראַנט האָט, ווי יעדע לעבעדיגע באַשעפעניש — אָדער אפילו ווי יעדער ניט־לעבעדיגער כח אין דער נאַטור — געזוכט די „ליניע פון קלענסטען ווידערשטאַנד." ער האָט זיך דעריבער געטוליעט און געקלעפּט צו די מענשען פון זיין לאַנד, פון זיין געגענט, פון זיין שטאָט, צו די יעניגע וואָס רעדען זיין שפּראַך. דאָס האָט געפיהרט דערצו, אַז ניט בלויז האָבן זיי געשאַפען די אַזוי־גערופענע געטאָס אין די גרויסע שטעט, נאָר זיי האָבן אפילו באַזעצט גאַנצע פּראָווינצען אין קאָמפּאַקטע מאַסען פון איין פעלקערשאַפט. די צפונ'דיגע ווייץ־פעלדער זיינען באַזעסען און ווערען באַאַרבייט פון זעהר אַ גרויסער צאָל אימיגראַנטען פון די סקאַנדינאַווישע לענדער; אין פּענסילווייניע זיינען נאָך אַלץ פאַראַן געדיכטע נעסטען פון האָלענדער וואָס זיינען נאָך אַלץ „אָלד דאָטש" אין זייערע דרכים, הגם זיי זיינען געקומען אַהער מיט הונדערטער יאָהרען צוריק. נאַטירליך, האָט זיך זייער לעבענס־שטייגער צוגעפּאַסט צו אַמעריקע; אָבער מיט דער צייט ענדערט זיך דער לעבענס־שטייגער אַפילו ביי מענשען וואָס בלייבען אין זייער היים. דער רעזולטאַט איז, אַז אַמעריקע איז ניט אַזאַ גוואַלטיגער „שמעלצטאָפּ" ווי מ'האָט אַמאָל געמיינט.

די אידישע באַפעלקערונג אין אַמעריקע איז אין פאַרלויף פון עפּעס אַריבער הונדערט יאָהר געוואַקסען אַריבער פופצען הונדערט מאָל! עס איז זיך לייכט פאָרצושטעלען, וואָס פאַר אַ צעטרייסלונג דאָס האָט אַריינגעבראַכט אין די עמיגראַציע־לענדער און וואָס פאַר אַן אויפטרייסלונג אין דעם לאַנד פון אימיגראַציע.

צוויי גרויסע כוואַליעס פון אידישער מיגראַציע האָבן צוגעשלאָגען צו די ברעגען פון אַמעריקע אין ווייניגער פון אַ האַלבען יאָהרהונדערט: 1) נאָך די פּאָגראָמען פון נאָך 1870; 2) אַ ווייטע, נאָך גרעסערע כוואַליע, נאָך דער רוסישער רעוואָלוציע פון 1905 און נאָך די פּויערים־אויפשטאַנדען אין רומעניע — מיט זייערע אייגענע, נאָך גרעסערע פּאָגראָמען. די דאָזיגע קאַטאַסטראָפאַלע דערשיינונג האָט איבערהויפּט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דער מיגראַציע פון אידען; פונדעסטוועגען איז דער הויפּט־פאַקטאָר געווען אַן אַנדערער, אַ שטענדיג ווירקענדיגער: דער דלות, די עקאָנאָמישע הינטערשטעליגקייט. די פּאָגראָמען זיינען געווען בלויז דער אַקטיוויזירענדיגער שטויס. האָבען דאָך אַנדערע פעלקער אויך עמיגרירט! אַזוי אַז אין תוך איז ניט געווען קיין צו־גרויסער אונטערשייד צווישען די טרייב־כחות פון דער אידישער און ניט־אידישער עמיגראַציע;. זעהט איהר, אינ'ם כאַראַקטער פונ'ם אימיגראַנט איז געלעגען שוין גאָר אַ גרויסער אונטערשייד, און ס'איז ניט קיין שכל דאָס צו פאַרבאַהאַלטען אָדער פאַרלייקענען.

דער ניט־איד איז געקומען אַהער מיט קירקע און שפּאַדל, מיט האַק און זעג. מיט דלאָט און האַמער, מיט פּייל און שרויפענציער. דער איד איז געקומען — מיט דער נאָדעל. ניין, אפילו ניט מיט דער נאָדעל: וויפיל זיינען דאָס אינגאַנצען געווען שניידער און שוסטער אין די היימשטעטליך? „איינער אין אַ שטאָט, צוויי אין אַ משפּחה," לויט'ן העברייאישען אויסדרוק. פאַראַן פאַר דעם, פאַרשטייט זיך, גענוג היסטאָרישע אורזאַכען, אָבער דער פאַקט איז זיך אַ פאַקט. אַזוי אַז אפילו די נאָדעל האָט דער איד אויפגעהויבען פון דיל ערשט דאָ אין אַמעריקע — און האָט געשאַפען אַ ריזיגע קליידער־אינדוסטריע, וואָס איז נאָך איצט ביי איהם אין די הענט, הגם זי הויבט זיך אָן פון איהם אַרויסצוגליטשען. אַ גרויסער טייל אידען האָט זיך גענומען צו מסחר, צו קליין־און גרויס־האַנדעל — און איך זעה ניט איין, אַז מיט דעם איז פאַראַן זיך וואָס צו שעמען. די וואַקסענדיגע יוגענט, האָט זיך געלערענט און איז געגאַנגען אין די פרייע פּראָפעסיעס און אין „ווייסקאָלנער"־אַרבייט. פאַראַן ביי אונז אויך אַ היפּשע צאָל פאַרמער און, מסתמא, דאָ און דאָרט אַ שפּרינקעל פון אידישע אַרבייטער אין די שווערע אינדוסטריעס, אָבער זיי זעהען זיך ווייניג אָן אין אונזער עקאָנאָמישער און געזעלשאַפטליכער סטרוקטור: מיר זיינען געווען און געבליבען אַ פאָלק פון שטאָט און גרויסשטאָט. ביי אונז, ווי ביי די אַנדערע פעלקער, איז די אימיגראַציע געגאַנגען אויף דעמזעלבען שטייגער: געקומען צו ערשט דערוואַקסענע, אַרבייטספייאיגע מיטגלידער פון דער פאַמיליע, טאַטעס, עלטערע זין און טעכטער, וואָס האָבען געלאָזען נאָך זיך די אומבאַהאָלפענע מאַמעס און קינדער. שפּעטער, ווען דאָס אידישע לעבען אין אַמעריקע האָט זיך אָנגעהויבען אויסקריסטאַליזירען אין סאָציאַלע אָרגאַניזאַציעס, האָבען די אַרבייטער געשאַפען זייערע יוניעס און געווערקשאַפטען, די סוחרים און קרעמער — אַלערליי געשעפטליכע פאַראיינען, און אַלע צוזאַמען האָבען זיך איבערגעמישט אין אַ באַזונדערען טיף פאַרבאַנדען וואָס האָבען אַ שייכות מיט די שטעט, געגענטען און לענדער פון וואַנען זיי שטאַמען און מיט וועלכע זיי זיינען פאַרבונדען מיט אַזויפיל עמאָציאָנעלע פעדים — לאַנדסמאַנשאַפטען.

## אַלגעמיינע טאַבעלע. נומער 1.

אַלע טאַבעלעס צוזאַמענגעשטעלט פון ג. ה. גאַרווין.

| אָרגאַניזאַציעס | צאָל אָרגאַניזאַציעס | צאָל מיטגלידער אין 1938 | צאָל אַמ. געבאָרענע |
|---|---|---|---|
| געגענזייטיגע הילף פאַראיינען | 714 | 114260 | 17685 |
| געגענזייטיגע הילף פאַראיינען פאַרבונדען מיט שוהלען | 41 | 9374 | 1970 |
| לאַנדסמאַנשאַפט חברות („אַנשי־ס״). | 249 | 33162 | 3268 |
| פרויען בענעוואָלענט סאָסייעטיס | 71 | 6101 | 589 |
| פרויען הילפס סאָסייעטיס (אקזילערים) | 287 | 22431 | 2598 |
| פרויען אקזילעריס ביי לאַדזשען | 2 | 190 | 55 |
| ארבייטער רינג ברענטשעס | 164 | 25976 | 1477 |
| ארבייטער רינג פרויען קלובען | 63 | 3676 | 207 |
| ארבייטער רינג יוגענט און אַנדערע קלובען | 6 | 220 | 178 |
| אינט. ארב. אָרדן ברענטשעס | 53 | 11341 | 1013 |
| אינט. ארב. אָרדן פרויען קלובען | 11 | 383 | 19 |
| אינט. ארב. אָרדן יוגענט קלובען | 2 | 37 | 33 |
| א. נ. א. פ. ברענטשעס | 14 | 1209 | 118 |
| א. נ. א. פ. פרויען קלובען | 2 | 58 | 2 |
| א. א. ב. א. ׳לאַדזשעס | 16 | 2992 | 321 |
| א. א. ב. א. נאָמען און אַנדערע לאַדזשעס (לאַנדסמאַנשאַפטליכע) | 2 | 325 | 100 |
| לאַנדסמאַנשאַפטליכע לאַדזשעס ביי פאַרשיידענע אָרדנס | 5 | 923 | 269 |
| פאַמיליע־קרייזען | 76 | 7734 | 3821 |
| נאָמען־סאָסייעטיס | 45 | 7482 | 1772 |
| פאַרשיידענע | 18 | 9193 | 2919 |
| פולער סך הכל | 1841 | 257067 | 38414 |
| רעליף פאַרבאַנדען | 39 | | |
| פאַטראָנאַטען | 25 | | |
| צוזאַמען | 1905 | | |

## לאַנדסמאַנשאַפט חברות („אַנשי'ם“). טאַבעלע נומער 2

| גרינדונגס יאָהר | צאָל פאַראײנען | צאָל מיטגלידער ביי גרינדונג | צאָל מיטגלידער אין 1938 | צאָל אַמעריקאַנער געבאָרענע |
|---|---|---|---|---|
| 1858 | | | | |
| 1859 | | | | |
| 1860 | | | | |
| 1861 | | | | |
| 1862 | 1 | 10 | 200 | 60 |
| 1863 | | | | |
| 1864 | 1 | 7 | 90 | 10 |
| 1865 | | | | |
| 1866 | | | | |
| 1867 | | | | |
| 1868 | | | | |
| 1869 | | | | |
| 1870 | 1 | 10 | 140 | 84 |
| 1871 | | | | |
| 1872 | 1 | 7 | 45 | 30 |
| 1873 | 1 | 12 | 120 | 24 |
| 1874 | | | | |
| 1875 | | | | |
| 1876 | | | | |
| 1877 | 2 | 32 | 360 | 65 |
| 1878 | | | | |
| 1879 | | | | |
| 1880 | 3 | 50 | 605 | 43 |
| 1881 | | | | |
| 1882 | | | | |
| 1883 | 2 | 42 | 365 | 82 |
| 1884 | 6 | 97 | 1170 | 235 |
| 1885 | 3 | 60 | 610 | 152 |
| 1886 | 4 | 64 | 1025 | 58 |
| 1887 | 7 | 112 | 1130 | 169 |
| 1888 | 11 | 362 | 1412 | 216 |
| 1889 | 6 | 89 | 1017 | 89 |
| 1890 | 10 | 191 | 1095 | 118 |
| 1891 | 6 | 95 | 710 | 46 |
| 1892 | 6 | 143 | 744 | 58 |
| 1893 | 7 | 141 | 785 | 108 |
| 1894 | 6 | 97 | 730 | 41 |
| 1895 | 5 | 111 | 647 | 70 |
| 1896 | 1 | 40 | 100 | 5 |
| 1897 | 8 | 152 | 1345 | 145 |
| 1898 | 13 | 245 | 2046 | 140 |
| 1899 | 6 | 200 | 1315 | 154 |
| 1900 | 11 | 188 | 1413 | 182 |
| 1901 | 4 | 65 | 250 | 13 |
| 1902 | 7 | 152 | 942 | 34 |
| 1903 | 10 | 145 | 1480 | 143 |
| 1904 | 5 | 95 | 604 | 59 |
| 1905 | 7 | 105 | 958 | 71 |
| 1906 | 4 | 67 | 315 | 30 |
| 1907 | 6 | 73 | 835 | 83 |
| 1908 | 7 | 92 | 880 | 37 |
| 1909 | 4 | 106 | 450 | 32 |
| 1910 | 2 | 60 | 133 | 2 |
| 1911 | 5 | 92 | 580 | 82 |
| 1912 | 4 | 52 | 435 | 20 |
| 1913 | 7 | 208 | 735 | 32 |
| 1914 | 3 | 40 | 275 | 6 |
| 1915 | 1 | 10 | 75 | |
| 1916 | 3 | 54 | 285 | 33 |
| 1917 | 5 | 130 | 336 | 52 |
| 1918 | 6 | 78 | 345 | 10 |
| 1919 | 1 | 150 | 2000 | 20 |
| 1920 | 4 | 121 | 405 | 9 |
| 1921 | 4 | 124 | 252 | 18 |
| 1922 | 3 | 41 | 194 | 27 |
| 1923 | 5 | 78 | 240 | 7 |
| 1924 | 5 | 149 | 254 | 22 |
| 1925 | 1 | 17 | 100 | 10 |
| 1926 | 2 | 30 | 75 | |
| 1928 | 5 | 361 | 450 | 32 |
| 1931 | | | | |
| 1932 | 1 | 10 | 60 | |
| 1933 | | | | |
| 1934 | | | | |
| 1935 | | | | |
| 1936 | | | | |
| 1937 | | | | |
| אלגעמיינער סך הכל | 249 | 5262 | 33162 | 3268 |

## געגענזייטיגע הילף פאַראיינען. טאַבעלע נומ. 3.

| גרינדונגס יאָהר | צאָל פאַראיינען | צאָל מיטגלידער ביי גרינדונג | צאָל מיטגלידער אין 1938 | צאָל אַמעריקאַנער געבאָרענע |
|---|---|---|---|---|
| 1858 | | | | |
| 1859 | 1 | 7 | 490 | ניט אָנגעגעבן |
| 1860 | | | | |
| 1861 | | | | |
| 1862 | | | | |
| 1863 | | | | |
| 1864 | | | | |
| 1865 | | | | |
| 1866 | | | | |
| 1867 | | | | |
| 1868 | | | | |
| 1869 | | | | |
| 1870 | 1 | 25 | 180 | 9 |
| 1871 | | | | |
| 1872 | | | | |
| 1873 | | | | |
| 1874 | | | | |
| 1875 | | | | |
| 1876 | | | | |
| 1877 | | | | |
| 1878 | | | | |
| 1879 | | | | |
| 1880 | | | | |
| 1881 | | | | |
| 1882 | | | | |
| 1883 | 1 | 20 | 110 | 16 |
| 1884 | 1 | 7 | 314 | 62 |
| 1885 | | | | |
| 1886 | 3 | 33 | 1013 | 307 |
| 1887 | 3 | 50 | 675 | 154 |
| 1888 | 6 | 86 | 1715 | 450 |
| 1889 | 7 | 121 | 1610 | 387 |
| 1890 | 5 | 80 | 1144 | 238 |
| 1891 | 6 | 126 | 1451 | 463 |
| 1892 | 10 | 248 | 2525 | 563 |
| 1893 | 8 | 114 | 2675 | 447 |
| 1894 | 3 | 30 | 760 | 121 |
| 1895 | 8 | 115 | 2402 | 512 |
| 1896 | 11 | 234 | 2802 | 457 |
| 1897 | 12 | 225 | 2254 | 299 |
| 1898 | 12 | 210 | 2708 | 590 |
| 1899 | 14 | 206 | 3224 | 548 |
| 1900 | 37 | 696 | 8665 | 1596 |
| 1901 | 20 | 458 | 4933 | 665 |
| 1902 | 28 | 929 | 6226 | 1454 |
| 1903 | 39 | 602 | 6806 | 1194 |
| 1904 | 38 | 656 | 8970 | 1069 |
| 1905 | 34 | 542 | 5737 | 832 |
| 1906 | 27 | 471 | 3882 | 585 |
| 1907 | 31 | 573 | 4473 | 532 |
| 1908 | 25 | 454 | 3020 | 455 |
| 1909 | 23 | 384 | 2781 | 282 |
| 1910 | 20 | 500 | 2712 | 339 |
| 1911 | 17 | 655 | 2236 | 215 |
| 1912 | 15 | 204 | 1986 | 221 |
| 1913 | 29 | 462 | 3074 | 325 |
| 1914 | 29 | 534 | 3212 | 478 |
| 1915 | 21 | 345 | 2042 | 230 |
| 1916 | 20 | 479 | 1904 | 138 |
| 1917 | 14 | 440 | 1546 | 146 |
| 1918 | 9 | 275 | 1036 | 161 |
| 1919 | 10 | 146 | 851 | 125 |
| 1920 | 23 | 561 | 2306 | 258 |
| 1921 | 12 | 278 | 860 | 108 |
| 1922 | 10 | 107 | 1004 | 69 |
| 1923 | 12 | 165 | 1068 | 97 |
| 1924 | 11 | 178 | 1125 | 98 |
| 1925 | 5 | 97 | 460 | 8 |
| 1926 | 7 | 155 | 343 | 29 |
| 1927 | 4 | 46 | 345 | 45 |
| 1928 | 5 | 125 | 445 | 17 |
| 1929 | 3 | 54 | 370 | 32 |
| 1930 | 3 | 27 | 234 | 8 |
| 1931 | 2 | 40 | 135 | 6 |
| 1932 | 2 | 30 | 150 | 14 |
| 1933 | 1 | 6 | 50 | 5 |
| 1934 | 4 | 217 | 270 | 36 |
| 1935 | 8 | 233 | 716 | 112 |
| 1936 | 3 | 83 | 160 | 7 |
| 1937 | 1 | 15 | 75 | 71 |
| סך הכל | 714 | 14159 | 114260 | 17685 |

## געגענזייטיגע הילף פאַראיינען פאַרבונדען מיט רעליגיעזע שוהלען. טאַבעלע נומער 4.

| גרינדונגס יאָהר | צאָל פאַראיינען | צאָל מיטגלידער ביי גרינדונג | צאָל מיטגלידער אין 1938 | צאָל אַמעריקאַנער געבאָרענע |
|---|---|---|---|---|
| 1879 | | | | |
| 1880 | | | | |
| 1881 | | | | |
| 1882 | | | | |
| 1883 | | | | |
| 1884 | | | | |
| 1885 | | | | |
| 1886 | | | | |
| 1887 | 1 | 10 | 300 | 100 |
| 1888 | | | | |
| 1889 | 1 | 12 | 225 | 67 |
| 1890 | | | | |
| 1891 | | | | |
| 1892 | 1 | 7 | 125 | 25 |
| 1893 | | | | |
| 1894 | 1 | 10 | 135 | 20 |
| 1895 | 4 | 45 | 665 | 135 |
| 1896 | 1 | 10 | 300 | 30 |
| 1897 | 5 | 65 | 1305 | 192 |
| 1898 | 1 | 20 | 155 | 38 |
| 1899 | 3 | 60 | 630 | 70 |
| 1900 | 4 | 85 | 625 | 47 |
| 1901 | 3 | 55 | 1010 | 235 |
| 1902 | | | | |
| 1903 | 2 | 45 | 560 | 34 |
| 1904 | | | | |
| 1905 | 2 | 47 | 580 | 206 |
| 1906 | 2 | 85 | 315 | 169 |
| 1907 | 1 | 7 | 75 | 60 |
| 1908 | | | | |
| 1909 | 1 | 12 | 75 | 10 |
| 1910 | 2 | 38 | 283 | 20 |
| 1911 | 2 | 35 | 210 | 41 |
| 1912 | 2 | 112 | 1570 | 453 |
| 1913 | 1 | 20 | 45 | |
| 1914 | | | | |
| 1915 | | | | |
| 1916 | 1 | 100 | 186 | 18 |
| 1917 | | | | |
| סך הכל | 41 | 880 | 9374 | 1970 |

## פרויען הילפס פאַראיינען (אקזילערים). טאַבעלע נומער 5

| גרינדונגס יאָהר | צאָל פאַראיינען | צאָל מיטגלידער ביי גרינדונג | צאָל מיטגלידער אין 1938 | צאָל אַמעריקאַנער געבאָרענע |
|---|---|---|---|---|
| 1898 | 1 | 10 | 50 | |
| 1900 | | | | |
| 1901 | | | | |
| 1902 | 1 | 15 | 350 | 52 |
| 1903 | | | | |
| 1904 | 1 | 50 | 100 | 3 |
| 1905 | | | | |
| 1906 | | | | |
| 1907 | | | | |
| 1908 | 1 | 18 | 150 | 7 |
| 1909 | 1 | 40 | 210 | 55 |
| 1910 | | | | |
| 1911 | 1 | 12 | 70 | |
| 1912 | 1 | 8 | 300 | |
| 1913 | 2 | 30 | 225 | 19 |
| 1914 | | | | |
| 1915 | 1 | 8 | 65 | 12 |
| 1916 | 1 | 25 | 100 | |
| 1917 | | | | |
| 1918 | 8 | 119 | 635 | 51 |
| 1919 | 4 | 47 | 520 | 22 |
| 1920 | 5 | 107 | 320 | 18 |
| 1921 | 3 | 75 | 185 | 3 |
| 1922 | 4 | 36 | 320 | 12 |
| 1923 | 9 | 171 | 2025 | 322 |
| 1924 | 9 | 354 | 580 | 24 |
| 1925 | 7 | 496 | 700 | 24 |
| 1926 | 9 | 109 | 749 | 26 |
| 1927 | 14 | 215 | 1130 | 141 |
| 1928 | 21 | 497 | 1278 | 82 |
| 1929 | 10 | 163 | 660 | 81 |
| 1930 | 10 | 75 | 530 | 48 |
| 1931 | 13 | 189 | 902 | 62 |
| 1932 | 22 | 431 | 1438 | 217 |
| 1933 | 16 | 273 | 990 | 88 |
| 1934 | 26 | 733 | 2161 | 316 |
| 1935 | 24 | 487 | 1710 | 238 |
| 1936 | 25 | 513 | 1630 | 368 |
| 1937 | 26 | 538 | 1832 | 274 |
| 1938 | 11 | 182 | 516 | 33 |
| סך הכל | 287 | 6026 | 22431 | 2598 |

## פרויען געגענזייטיגע הילף פאַראיינען מיט קראַנקען, טויט-שטיצע און קרקע בענעפיטען

טאַבעלע נומער 6.

| גרינדונגס יאָהר | צאָל פאַראיינען | צאָל מיטגלידער ביי גרינדונג | צאָל מיטגלידער אין 1938 | צאָל אַמעריקאַנער געבאָרענע |
|---|---|---|---|---|
| 1895 | 1 | 7 | 200 | 30 |
| 1897 | 3 | 37 | 132 | |
| 1898 | 1 | 6 | 75 | 6 |
| 1900 | 4 | 65 | 470 | 68 |
| 1901 | 1 | 10 | 45 | |
| 1902 | 2 | 22 | 185 | |
| 1903 | 4 | 143 | 355 | 49 |
| 1904 | 4 | 112 | 370 | 38 |
| 1905 | 1 | 80 | 50 | 2 |
| 1906 | 2 | 106 | 207 | 38 |
| 1907 | 5 | 405 | 405 | 27 |
| 1908 | 2 | 55 | 106 | |
| 1909 | 2 | 30 | 200 | |
| 1910 | 4 | 61 | 470 | 36 |
| 1911 | | | | |
| 1912 | 1 | 15 | 245 | 49 |
| 1913 | 1 | 6 | 56 | |
| 1914 | 3 | 33 | 255 | 19 |
| 1915 | 2 | 26 | 130 | 13 |
| 1916 | 4 | 50 | 176 | 8 |
| 1919 | 1 | 7 | 70 | |
| 1920 | 1 | 8 | 50 | |
| 1921 | 4 | 91 | 453 | 38 |
| 1922 | 3 | 45 | 285 | 30 |
| 1923 | | | | |
| 1924 | 2 | 17 | 75 | 2 |
| 1925 | 3 | 47 | 281 | 37 |
| 1926 | 1 | 10 | 30 | 2 |
| 1927 | 2 | 28 | 140 | 5 |
| 1928 | 2 | 112 | 85 | 25 |
| 1929 | | | | |
| 1930 | 2 | 20 | 180 | 63 |
| 1931 | | | | |
| 1932 | | | | |
| 1933 | 2 | 14 | 200 | |
| 1934 | | | | |
| 1935 | 1 | 120 | 120 | 4 |
| סך הכל | 71 | 1788 | 6101 | 589 |

## א. א. א. לאַנדסמאַנשאַפטען. טאַבעלע נומער 7.

| גרינדונגס יאָהר | צאָל פאַראיינען | צאָל מיטגלידער ביי גרינדונג | צאָל מיטגלידער אין 1938 | צאָל אַמעריקאַנער געבאָרענע |
|---|---|---|---|---|
| 1928 | 1 | 60 | 130 | |
| 1929 | 6 | 362 | 1873 | 192 |
| 1930 | 29 | 1732 | 7434 | 654 |
| 1931 | 3 | 58 | 473 | 39 |
| 1932 | 1 | 15 | 145 | 5 |
| 1933 | 2 | 25 | 305 | 30 |
| 1934 | 1 | 15 | 121 | 6 |
| 1935 | 6 | 76 | 490 | 45 |
| 1936 | | | | |
| 1937 | 2 | 128 | 225 | 27 |
| 1938 | 2 | 130 | 145 | 15 |
| סך הכל | 53 | 2601 | 11341 | 1013 |

## פרויען קלובען ביים א. א. א.

| גרינדונגס יאָהר | צאָל פאַראיינען | צאָל מיטגלידער ביי גרינדונג | צאָל מיטגלידער אין 1938 | צאָל אַמעריקאַנער געבאָרענע |
|---|---|---|---|---|
| 1934 | 1 | 15 | 30 | 4 |
| 1935 | 1 | 10 | 60 | |
| 1936 | 2 | 37 | 90 | |
| 1937 | 3 | 25 | 98 | 4 |
| 1938 | 4 | 63 | 105 | 11 |
| סך הכל | 11 | 150 | 383 | 19 |

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| אלג. סך הכל א.א.א. לאַנדס-מאַנשאַפטען | 64 | 2751 | 11724 | 1032 |

## א. נ. א. פ. לאַנדסמאַנשאַפטען. טאַבעלע נום. 8.

| גרינדונגס יאָהר | צאָל פאַראיינען | צאָל מיטגלידער ביי גרינדונג | צאָל מיטגלידער אין 1938 | צאָל אַמעריקאַנער געבאָרענע |
|---|---|---|---|---|
| 1911 | 1 | 10 | 130 | 6 |
| 1913 | | | | |
| 1914 | | | | |
| 1915 | 2 | 36 | 188 | 24 |
| 1916 | | | | |
| 1917 | | | | |
| 1918 | | | | |
| 1919 | 1 | 45 | 95 | 2 |
| 1924 | | | | |
| 1925 | | | | |
| 1926 | | | | |
| 1927 | | | | |
| 1928 | 1 | 7 | 85 | 30 |
| 1929 | 1 | 25 | 100 | 10 |
| 1930 | | | | |
| 1931 | | | | |
| 1932 | | | | |
| 1933 | 1 | 25 | 100 | |
| 1934 | 1 | 25 | 75 | |
| 1935 | 2 | 37 | 156 | 15 |
| 1936 | 3 | 58 | 210 | 26 |
| 1937 | 1 | 50 | 70 | 5 |
| סך הכל | 14 | 318 | 1209 | 118 |

## פרויען קלובען ביים א. נ. א. פ.

| גרינדונגס יאָהר | צאָל פאַראיינען | צאָל מיטגלידער ביי גרינדונג | צאָל מיטגלידער אין 1938 | צאָל אַמעריקאַנער געבאָרענע |
|---|---|---|---|---|
| 1937 | 2 | 28 | 58 | 2 |
| סך הכל | 2 | 28 | 58 | 2 |
| אַלג. סך הכל א. נ.א.פ. לאַנדס־שאַפטען | 16 | 346 | 1267 | 120 |

## פאַמיליען קרייזען. טאַבעלע נומער 9.

| גרינדונגס יאָהר | צאָל פאַראיינען | צאָל מיטגלידער ביי גרינדונג | צאָל מיטגלידער אין 1938 | צאָל אַמעריקאַנער געבאָרענע |
|---|---|---|---|---|
| 1887 | 1 | 10 | 225 | 60 |
| 1898 | 1 | 7 | 150 | 15 |
| 1899 | | | | |
| 1900 | | | | |
| 1901 | | | | |
| 1902 | | | | |
| 1903 | | | | |
| 1904 | | | | |
| 1905 | | | | |
| 1906 | | | | |
| 1907 | 1 | 60 | 105 | 25 |
| 1908 | | | | |
| 1909 | | | | |
| 1910 | 2 | 14 | 180 | 119 |
| 1911 | | | | |
| 1912 | 1 | 35 | 150 | 105 |
| 1913 | 3 | 46 | 740 | 370 |
| 1914 | | | | |
| 1915 | | | | |
| 1916 | 1 | 10 | 48 | 3 |
| 1919 | 3 | 38 | 140 | 64 |
| 1920 | 3 | 53 | 506 | 372 |
| 1921 | 1 | 4 | 100 | 30 |
| 1922 | | | | |
| 1923 | 2 | 362 | 436 | 100 |
| 1924 | 1 | 20 | 85 | 51 |
| 1925 | | | | |
| 1926 | 1 | 8 | 240 | 120 |
| 1927 | 4 | 35 | 390 | 230 |
| 1928 | 5 | 138 | 507 | 176 |
| 1929 | 1 | 7 | 40 | 40 |
| 1930 | 1 | 18 | 60 | 30 |
| 1931 | 3 | 74 | 311 | 169 |
| 1932 | 4 | 67 | 245 | 40 |
| 1933 | 7 | 200 | 695 | 345 |
| 1934 | 11 | 597 | 1105 | 691 |
| 1935 | 2 | 60 | 100 | 41 |
| 1936 | 10 | 472 | 896 | 467 |
| 1937 | 4 | 118 | 193 | 109 |
| 1938 | 3 | 59 | 87 | 49 |
| סך הכל | 76 | 2512 | 7734 | 3821 |

## א. ר. לאַנדסמאַנשאַפטען. טאַבעלע נומער 10.

| גרינדונגס יאָהר | צאָל פאַראײנען | צאָל מיטגלידער ביי גרינדונג | צאָל מיטגלידער אין 1938 | צאָל אַמעריקאַנער געבאָרענע |
|---|---|---|---|---|
| 1900 | | | | |
| 1901 | | | | |
| 1902 | 3 | 193 | 1190 | 59 |
| 1903 | 3 | 78 | 770 | 51 |
| 1904 | 15 | 378 | 3201 | 114 |
| 1905 | 4 | 102 | 865 | 113 |
| 1906 | 9 | 262 | 2083 | 105 |
| 1907 | 14 | 347 | 2489 | 138 |
| 1908 | 20 | 532 | 3962 | 203 |
| 1909 | 25 | 722 | 3366 | 171 |
| 1910 | 17 | 535 | 2039 | 132 |
| 1911 | 6 | 138 | 797 | 49 |
| 1912 | 6 | 117 | 700 | 19 |
| 1913 | 6 | 357 | 949 | 57 |
| 1914 | 2 | 80 | 182 | 5 |
| 1915 | 4 | 92 | 590 | 39 |
| 1916 | 5 | 130 | 407 | 15 |
| 1917 | 4 | 105 | 365 | 30 |
| 1918 | 2 | 45 | 280 | 19 |
| 1919 | 2 | 78 | 150 | 6 |
| 1920 | 6 | 372 | 536 | 51 |
| 1921 | 2 | 65 | 185 | 2 |
| 1922 | | | | |
| 1923 | | | | |
| 1924 | | | | |
| 1925 | 1 | 28 | 72 | 5 |
| 1926 | | | | |
| 1927 | | | | |
| 1928 | 1 | 28 | 118 | 2 |
| 1929 | | | | |
| 1930 | 2 | 82 | 210 | 5 |
| 1931 | 2 | 90 | 165 | 65 |
| 1932 | 1 | 32 | 65 | 2 |
| 1933 | 1 | 25 | 145 | |
| 1934 | | | | |
| 1935 | 1 | 56 | 95 | 20 |
| 1936 | | | | |
| 1937 | | | | |
| סך הכל | 164 | 5069 | 25976 | 1477 |

## פרויען קלובען ביים א. ר.

| גרינדונגס יאָהר | צאָל פאַראײנען | צאָל מיטגלידער ביי גרינדונג | צאָל מיטגלידער אין 1938 | צאָל אַמעריקאַנער געבאָרענע |
|---|---|---|---|---|
| 1924 | 1 | 30 | 65 | 5 |
| 1927 | 1 | 12 | 75 | |
| 1928 | 1 | 15 | 70 | 10 |
| 1929 | 6 | 103 | 445 | 19 |
| 1930 | 10 | 227 | 710 | 28 |
| 1931 | 3 | 54 | 180 | 6 |
| 1932 | 4 | 68 | 245 | 34 |
| 1933 | 4 | 74 | 176 | 35 |
| 1934 | 6 | 119 | 305 | 20 |
| 1935 | 6 | 141 | 440 | 18 |
| 1936 | 12 | 254 | 500 | 21 |
| 1937 | 5 | 117 | 218 | 8 |
| 1938 | 4 | 89 | 247 | 3 |
| סך הכל | 63 | 1303 | 3676 | 207 |
| אלג. סך הכל א. ר. לאַנדס־מאַנשאַפטען | 227 | 6372 | 29652 | 1684 |

מ. בלעכמאַן

# די לאַנדסמאַנשאַפטען און די צענטראַלע אָרגאַניזאַציעס

ווי אין דער נאַטור, אַזוי אין דער געזעלשאַפט — וואָס איינפאַכער און פּרימיטיווער אַן אָרגאַניזם, אַלץ קאָמפּליצירטער איז ער, און אַלץ פונדאַמענטאַלער. ווי דער אַטאָם אין פיזיק און דער צעל אין ביאָלאָגיע, אַזוי זיינען אין דער סאָציאָלאָגיע די פּרימיטיווע סאָציאַלע איינסען: דער קלאַן, דער שבט, די פאַמיליע. שיעור ניט אַזוי פּרימיטיוו־קאָמפּליצירט און פונדאַמענטאַל סאָציאָלאָגיש זיינען די לאַנדסמאַנשאַפט־סאָסייעטיס, געשאַפען ספּאָנטאַן, נאַטור־וואוקסיג, כאַאָטיש, פון די אידישע אימיגראַנטען־מאַסען גופא, אין דעם פּראָצעס פון זייער סאָציאַלער טראַנספאָרמאַציע אין אַמעריקע; און דער בעסטער וועג צו שטודירען אָט־די סאָסייעטיס, פּונקט ווי דער בעסטער וועג צו שטודירען אַלע קאָמפּליצירטע אָרגאַניזמען, איז צו באַאָבאַכטען זייערע רעאַקציעס צו זייער סביבה, זייערע באַציהונגען מיט אַנדערע אָרגאַניזאַציעס, וואָס קומען מיט זיי אין שייכות.

אין קלעם פון זיינע ערשטע מיהזאַמע איבערגאַנגס־פּראָבלעמען, צעטומעלט פון זיין פּלוצימדיגען שפּרונג פון איין וועלט אין אַן אַנדערער, פון כמעט־מיטעלאַלטער אין דער סאַמע העכסטער שטופע פון גרויס־אינדוסטריע אַריין, האָט דער אידישער אימיגראַנט זיך אויפגעבויט אַ סאָציאַלע נעסט, די לאַנדסמאַנשאַפטס־סאָסייעטי, וועלכע האָט איהם געגעבען אַ געוויסע מאָס פון סאָציאַלער זיכערקייט און פאַרמילדערט זיינע איבערגאַנגס־יסורים, אומגעקערט איהם כאָטש אַ שיין פון זיין פאַרלוירענער היימישער אַטמאָספערע און איהם געדינט ווי אַ מין בריק צווישען זיין פאַרגאַנגענהייט און זיין געגענוואַרט. דאָס איז געווען דער אָנהויב פון דער לאַנדסמאַנשאַפט.

באַלד פון אָנהויב איז פאַר די לאַנדסמאַנשאַפטען אויפגעשוואומען די פראַגע — ניט טעאָרעטיש פאָרמולירט, פאַרשטעהט זיך, נאָר אין דער פּראַקטיק, אויף פאַרשידענע קאָנקרעטע אופנים: — קאָאָפּעראַציע אָדער איזאָלאַציע. און דער נאַטירליכער אויסוואַהל פון דער טיפּישער לאַנדסמאַנשאַפט איז געווען — איזאָלאַציע. דער נאַטירליכער אויסוואַהל, ווייל די סאָציאַלע פּראָבלעמען פון דעם דורכשניטליכען אידישען אימיגראַנט זיינען געווען באַגרעניצט צו דעם ענגען קרייז פון זיינע אייגענע און נאָהענטע, און זיין לאַנדסמאַנשאַפט־אידעאַל איז געווען: אַ היימיש־שטעטלשער אינזעל אין דעם פרעמדען אָקעאַן; און ער האָט זאָרגפעלטיג געהיט, אַז זיין אינזעל זאָל ניט פאַרשלונגען ווערען פון דעם דרויסענדיגען אָקעאַן. אמת, אַ סך לאַנדסמאַנשאַפטען זיינען פרייווילינג געוואָרען לאָדזשעס און ברענטשעס פון גרויסע אידישע פּראַטערנאַלע אָרדענס, אָדער האָבען זיך פאַראייניגט אין אַ פּוילישען פאַרבאַנד, למשל. אָבער דאָס זיינען קאָמפּראָמיסען צווישען דעם פאַרלאַנג פון די מעהר אַנטוויקעלטע אָנפיהרענדיגע עלעמענטען פאַר אַסאָציאַציע און דעם שטאַרקען ווילען פון דער מעהרהייט צו זיין זעלבסטשטענדיג, צו עקזיסטירען פאַר זיך, אין איזאָלאַציע.

אָבער קיין פולשטענדיגע איזאָלאַציע קען ניט זיין היינטיגע צייטען. די אינטערעסען פון דער ענגער גרופּע זיינען פאַרבונדען מיט די אינטערעסען פון דעם גאַנצען פאָלק, פון דער ברייטער געזעלשאַפט. ווילענדיג, ניט־ווילענדיג האָבען די איזאָלירטע לאַנדסמאַנשאַפט־סאָסייעטיס געמוזט איינשטעלען געוויסע פאַרבינדונגען מיט פאַרשידענע דרויסענדיגע געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציעס. אַנדערש האָבען זיי ניט געקענט דורכפיהרען זייערע אייגענע ענגע אויפגאַבען. עס זיינען אויך געקומען אויפטרייסלענדיגע וועלט־געשעהענישען, וועלכע האָבען באַוואויגען די אָפּגעשטאַנענסטע לאַנדסמאַנשאַפט־סאָסייעטיס צו נעמען אַ שטעלונג צו נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע פּראָבלעמען און זיך ווי־ניט־איז צו פאַרבינדן מיט די זיי סימפּאַטישע געזעלשאַפטליכע כחות. און וואָס ווייטער ווערען אַלץ מעהר לאַנדסמאַנשאַפטען איינגעשלאָסען אין דעם תהום פון טעטיגקייט פון דער אָדער יענער אַלגעמיינער געזעלשאַפטליכער אָרגאַניזאַציע אָדער באַוועגונג.

די הויפּט אָרגאַניזאַציעס, וועלכע באַאיינפלוסען די לאַנדסמאַנשאַפטען און האָבען היינט־צו־טאָג אַ באַדייטענדיגע נאָכפאָלגערשאַפט צווישען זיי, זיינען:

1) „ה אַ י אַ ס". פולער נאָמען: „היברו שעלטערינג ענד אימיגראַנט עיד סאָסייעטי אָוו אַמעריקע" (אידישע הכנסת־אורחים און אימיגראַנטען־הילף געזעלשאַפט פון אַמעריקע). אָרגאַניזירט אַלס הכנסת־אורחים אין יאָהר 1889; רעאָרגאַניזירט אין דער היינטיגער פאָרם אַלס „האַיאַס" אין יאָהר 1909. צוועק: מאַטעריעלע, מאָראַלע און לעגאַלע הילף פאַר אידישע אימיגראַנטען. זיך פאַראייניגט מיט דער „איקאַ" אין יאָהר 1928 (אונטער פאַר־

קירצטען פאַראייניגטען נאָמען „היקעס") און העלפט אויך שאַפען נייע צענטערען פאַר אידישער אימיגראַציע און קאָלאָניזאַציע. אַרום 800 ניו יאָרקער לאַנדסמאַנשאַפטען אָנגעשלאָסען מיט צאָהלונגען פון 5 ביז 25 דאָלאַר אַ יאָהר. פּרעזידענט פון דער אָרגאַניזאַציע — אברהם הערמאַן; הויפּט-פּאַרוואַלטער — אייזיק ל. אַסאָווסקי. הויפּט-אָפיס: 425 לאַפאַיעט סטריט, ניו יאָרק.

2) **„דזשאָינט"**. פּולער נאָמען: אַמעריקאַן דזשואיש דזשאָינט דיסטריביושאָן קאָמיטע". אָרגאַניזירט אין יאָהר 1914 פון „אַמעריקאַן דזשואיש קאָמיטע", אָרגאַניזאַציע פון רייכע אידען פאַר פּאָליטיש-פילאַנטראָפּישע טעטיגקייטען אין אידישע אינטערעסען. צוועק: הילף אויף ברייט-פּלאַנירטען מאַסשטאַב פאַר נויטבאַדערפטיגע אידען אין אַלע לענדער וואו אידען ווערען פאַרפאָלגט. פאַרבינדונגען מיט אַרום 2,000 לאַנדסמאַנשאַפטען איבערן לאַנד. אַרום 500 לאַנדסמאַנשאַפטען אָנגעשלאָסען אָן דער ניי-געגרינדעטער „לאַנדסמאַנשאַפטען-פּראָטערנאַלער דיוויזיע" פונעם „דזשאָינט". ערשטער פּרעזידענט, פון 1914 ביז זיין טויט אין 1937: פעליקס מ. וואַרבורג; נייער פּרעזידענט: דזשאָנאַהאַ ב. וויז; סעקרעטאַר און עקזעקוטיוו-דירעקטאָר: דזשאָזעף סי. הײמאַן; סעקרעטאַר פון דער „לאַנדסמאַנשאַפטען-פּראָטערנאַלער דיוויזיע": חיים וויינטרויב.

3) **„אָרט"**. פּולער נאָמען: געזעלשאַפט פאַר דער פאַרשפּרייטונג פון מלאכה און ערד-אַרבייט צווישען אידען. אָרגאַניזירט אין רוסלאַנד אין יאָהר 1880; אין אַמעריקע אין יאָהר 1921. פּולער אַמעריקאַנער נאָמען: „אַמעריקאַנער אָרט פעדעראַציע". (דאָס וואָרט „אָרט" באַשטייט פון די ראשי-תיבות פון די ערשטע דריי ווערטער פון דעם פּולען רוסישען נאָמען: „אָבסטשעסטוואָ ראַספּראָסטראַניעניאַ טרודאַ"). צוועק: פאַרוואַנדלען אָרימע אידישע קרעמער און מעקלער אין פּראָדוקטיווע מענטשען אין אינדוסטריע און אַגריקולטור; לערנען קינדער און עלטערע אידען קוואַליפיצירטע מלאכות און מאָדערנע מעטאָדען פון ערד-אַרבייט; אָרגאַניזירען קאָאָפּעראַטיווע פאַבריקען און אַגריקולטורעלע קאָלאָניעס פון אידען אין אייראָפּע, פּאַלעסטינע און אַנדערע איינוואַנדערונג-לענדער, און העלפען די דאָזיגע קאָאָפּעראַטיווען אַנטוויקלען און פאַרבעסערען זייער טעכניק, און אין דעם איינקויף פון רוי-מאַטעריאַלען און אָפּזאַץ פון זייערע פּראָדוקטען אויפן מאַרק. אַרום 150 לאַנדסמאַנשאַפטען אין ניו יאָרק און טויזנטער איבערן לאַנד אָנגעשלאָסען. אַרום 1,500 ניו יאָרקער לאַנדסמאַנשאַפטען רופען זיך אָפּ פון צייט צו צייט אויף די פאַרשידענע אַפּילס פון דעם „אָרט". פּרעזידענט פון אַמעריקאַנער „אָרט"-פעדעראַציע: ב. טשאַרני וולאַדעק; אַקטיווער פאָרזיצער: לואיס ב. בודין; עקזעקוטיוו-דירעקטאָר: פיליפּ בלאָק. אַמעריקאַנער הויפּט-אָפיס: 212 5טע עוועניו, ניו יאָרק.

4) **אַמעריקאַנער אידישער קאָנגרעס**. אָרגאַניזירט אין יאָהר 1918. דעלעגאַטען דערוועהלט דורך דעמאָקראַטישע וואַהלען אין אַלע אידישע קהלות פון די פאַראייניגטע שטאַטען אינעם יאָהר 1917. צוועק: פּאָליטישע טעטיגקייט צו באַשיצען די אידישע רעכט אין אַמעריקע און איבער דער גאַנצער וועלט, פּראָפּאַגאַנדירען די אידייע פון אידישער נאַציאָנאַלער אחדות און העלפען אין דעם אויפבוי פון אַ אידישער היים אין ארץ ישראל. 960 אָרגאַניזאַציעס אָנגעשלאָסען, פון זיי אַרום אַ העלפט לאַנדסמאַנשאַפטען. פּרעזידענט: דר. סטיפען ס. וויז; וויצע-פּרעזידענט: לואיס ליפּסקי; עקזעקוטיוו-פאָרזיצער: נייטען ד. פּערלמאַן. הויפּט-אָפיס: 221 וועסט 57טע סטריט, ניו יאָרק.

5) **ראַט פון אידישע אָרגאַניזאַציעס וועגען ארץ-ישראל**. אָרגאַניזירט אין יאָהר 1924. צוועק: העלפען דעם „יונאַיטעד פּאַלעסטיין אַפּיל" זאַמלען געלט פאַר דעם קרן-היסוד און קרן-קימת (נאַציאָנאַל-פאָנד); העלפען דער אַמעריקאַנער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע פּראָפּאַגאַנדירען דעם ציוניסטישען אידעאַל צווישען די סאָסייעטיס, לאָדזשעס, קלובען און אַנדערע אָרגאַניזאַציעס אין ניו יאָרק. 350 אָרגאַניזאַציעס אָנגעשלאָסען, אַרום אַ העלפט פון זיי לאַנדסמאַנשאַפטען. נאַציאָנאַלע פאָרזיצער: הרב אבא הלל סילווער און דר. סטיפען ס. וויז; סעקרעטאַר: סעמועל גאָלדשטיין. הויפּט-אָפיס: 111 — 5טע עוועניו, ניו יאָרק.

6) **„איקאָר"**. פּולער נאָמען: געזעלשאַפט צו העלפען דער אידישער קאָלאָניזאַציע אין ראַטען-פאַרבאַנד. אָרגאַניזירט אין יאָהר 1924. צוועק: העלפען קאָלאָניזאַציע פון אידען אין סאָוועטן-פאַרבאַנד און באַזונדער דעם אויפבוי פון א אידישער אויטאָנאָמער רעפּובליק אין בירא-בידזשאַן; פאַרטיידיגען דעם סאָוועטן-פאַרבאַנד געגען זיינע שונאים און פּראָפּאַגאַנדירען פריינטשאַפט צום סאָוועטן-פאַרבאַנד; אַרבעטען פאַר דער אייניגקייט פון אידישען פאָלק אין קאַמף געגען אַנטיסעמיטיזם און פאַשיזם. 50 לאַנדסמאַנשאַפטען אָנגעשלאָסען. פּרעזידענט: פּראָפעסאָר טשאַרלס קונץ; נאַציאָנאַלער סעקרעטאַר: ש. אַלמאַזאָוו; נאַציאָנאַלער אָרגאַנייזער: אַב. עפּשטיין. הויפּט-אָפיס: 799 בראָדוועי, ניו יאָרק.

7) **אידישער פאָלקס-קאָמיטעט** פאַר פאַראייניגטער אַקציע געגען פאַשיזם און אַנטיסעמיטיזם. אָרגאַניזירט אין יאָהר 1936. צוועק: קאַמף געגען פאַשיזם, פאַר אידישע רעכט אין אַלע לענדער און געגען אידען-פאַרפאָלגונגען דורך מאַסען-פּראָטעסטען, מאַסען-פּעטיציעס, א. אַז. וו.; זאַמלען הילף פאַר די אידישע קרבנות פון פאַשיזם און אַנטיסעמיטיזם, און פּראָפּאַגאַנדירען אַ פאַראייניגטען פראָנט פון אַלע אידען פאַר די דאָזיגע אויפגאַבען. אַרום הונדערט ניו יאָרקער לאַנדסמאַנשאַפטען אָנגעשלאָסען. פּרעזידענט: וויליאַם ווײנער;

גענעראַל-סעקרעטאַר: אפרים שוואַרצמאַן. הויפּט-אָפיס: 1127 בראָדוועי, ניו יאָרק.

8) אידישער אַרבייטער קאָמיטעט. אָרגאַניזירט פון אידישע יוניאָנס, אַרבעטער רינג, אידיש-סאָציאַליסטישען פאַרבאַנד און פועלי-ציון אין דעם יאָהר 1934. צוועק: פאַרטרעטען די אידישע אַרבייטער אין אַלגעמיין-אידישע ענינים; קאַמף געגען אַנטי-סעמיטיזם און פאַשיזם; אָנפיהרען אָרגאַניזירטען באָיקאָט געגען נאַצישע פּראָדוקטען; העלפען קרבנות פון פאַשיסטישע און אַנטיסעמיטישע פאַרפאָלגונגען אין אַלע לענדער; העלפען גאַנץ מאַכען די אידישע חורבנות און צוריקשטעלען די אידישע מאַסען אויף די פיס, וואו נאָר מעגליך. פּרעזידענט: ב. וולאַדעק; טרעזשורער: דוד דובינסקי; סעקרעטאַר: יוסף באַסקין; עקזעקוטיוו-סעקרעטאַר: ישעיה מינקאָף. הויפּט-אָפיס: 175 איסט בראָדוועי, ניו יאָרק.

דריי פּאַזען פון אַנטוויקלונג:

דיזעלבע פאַקטאָרען, וועלכע האָבען באַוואויגען די אידישע אינטעליגענץ צו שאַפען די גרויסע אידישע געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציעס, האָבען באַוואויגען די אידישע מאַסען צו שאַפען זייערע לאַנדסמאַנשאַפטס-סאָסייעטיס, און די זעלבע פאַקטאָרען טרייבען די לעצטע פון זייער איזאָלאַציע צו קאָאָפּעראַציע מיט די עֶרשטע. אַט-די פאַקטאָרען קענען איינגעטיילט ווערען אין דריי קאַטעגאָריעס, וועלכע אַנטשפּרעכען דריי באַשטימטע פּאַזען אין דער אַנטוויקלונג פון די לאַנדסמאַנשאַפטען און זייערע טעטיגקייטען. אַט-די דריי פּאַזען פאַסען זיך אַריין אין דריי באַשטימטע פעריאָדען אין דער געשיכטע פון אידישער אימיגראַציע זינט אומגעפעהר 1885. זיי זיינען:

א) די עקאָנאָמישע, סאָציאַלע און מאָראַלע באַדערפענישען און נויטען פון דעם ניי-אָנגעקומענעם, „גרינעם" אימיגראַנט. די לאַנדסמאַנשאַפט איז אין אַט דער „גרינער" פּאַזע פולשטענדיג אָפּגעזונדערט, קליינשטעטעלדיג-קלאַניש, מיט אַ קנאַפּען אינטערעס אין זאַכען, מענטשען און פּאַסירונגען, וועלכע האָבען ניט קיין דירעקטע שייכות מיט די מיטגלידער פון דער סאָסייעטי און זייערע נאָהענטסטע. די הילף-טעטיגקייט פון די איינגעוואַנדערטע אידען פאַר די אידען פון אייראָפּע טראָגט דאַן הויפּטזאַכליך אַן אינדיווידועלען כאַראַקטער. אַט-די פּאַזע אַנטשפּרעכט דעם פעריאָד פון 1885 ביז 1914, ד. ה. דעם פעריאָד פון גרויסער מאַסען-אימיגראַציע. העלפען אימיגראַנטען איז די איינציגע אויסער-לאַנדסמאַנשאַפטליכע הילף-טעטיגקייט, אין וועלכער די דורכשניטליכע אימיגראַנטישע סאָסייעטי איז נאָהענט און וואַרעם פאַראינטערעסירט. דער „האַיאַס" איז דעריבער אין יענעם פעריאָד די איינציגע ברייט-געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציע, וואָס די מעהרסטע לאַנדסמאַנשאַפטס-סאָסייעטיס אָנערקענען און שטיצען.

ב.) דער געפיהל פון סימפּאַטיע, צובונד און אחריות, וואָס דער מעהר אָדער ווייניגער עקאָנאָמיש-איינגעאָרדענטער און הי-איינגעבירגערטער אימיגראַנט פיהלט צו זיינע ווייניגער גליקליכע לאַנדסלייט אין דער אַלטער היים. אַט דער פאַקטאָר שפּילט די הויפּט-ראָליע אין דעם לעבען און אין דער טעטיגקייט פון די לאַנדסמאַנשאַפטען אין דער צייט פון דער וועלט-מלחמה און פון די אומגליקען אויף אידען, וואָס זי האָט געבראַכט. אַ גרויסער פּראָצענט פון די לאַנדסמאַנשאַפטס-סאָסייעטיס, וועלכע עקזיסטירען היינט, זיינען געשאַפען געוואָרען אין יענער צייט מיט דעם צוועק צו העלפען די מלחמה-ליידענדיגע לאַנדסלייט. מלחמה-רעליף איז דעמאָלט געווען די הויפּט-טעטיגקייט ביי אַלע לאַנדסמאַנשאַפטען, וועלכע האָבען פאַר דעם צוועק געמוזט איבערגעהן פון איזאָלאַציע צו קאָאָפּעראַציע מיט די אַלגעמיינע רעליף-אָרגאַניזאַציעס, און דורך זיי מיטן „דזשאָינט". אַט-די פּאַזע פון מלחמה-רעליף, אָדער נויט-הילף, האָט אָנגעהאַלטען פון אויגוסט, 1914, ביז אומגעפעהר 1924.

ג) דער אָפּשטעל פון דער מאַסען-אימיגראַציע קיין אַמעריקע, דער עקאָנאָמישער קריזיס און די פאַשיסטיש-אַנטיסעמיטישע אידען-פאַרפאָלגונגען אין אייראָפּע. אַט-די פּאַזע הויבט זיך אָן אין 1924, מיט דעם אָפּשטעל פון דער מאַסען-אימיגראַציע, און זי אַנטוויקעלט זיך ביז היינט. פּלאַנמעסיגע, געזעלשאַפטליכע קאָנסטרוקטיווע הילף פאַר די אידען פון אייראָפּע און פּאַלעסטינע ווערט אַלץ מעהר די הערשענדיגע הילף-טעטיגקייט צווישען די אידען פון אַמעריקע אין דעם פעריאָד. אין משך פון דעם פעריאָד ווערען אַלץ בולט'ער צוויי געגענזעצליכע טענדענצען און אַנטוויקלונגען צווישען אַט-די סאָסייעטיס: פון איין זייט קערען זיך פיל פון זיי אום צו דער אַמאָליגער איזאָלאַציע, אָדער זיי פאַרוואַנדלען זיך גאָר אין ענגע פאַמיליע-קרייזען; פון דער צווייטער זייט ווערען אַ סך פון זיי מעהר נאַציאָנאַל-באַוואוסטזיניג, באַזונדער אונטערן איינפלוס פון די אידישע חורבנות אין פּוילען, דייטשלאַנד, א. אַז. וו. די ערשטע שניידען זיך אָפּ פון יעדען קאָנטאַקט מיט דעם ברייטען אידיש-געזעלשאַפטליכען לעבען; די צווייטע ווערען אַלץ מעהר אַ וויכטיגער מאַסען-באַזיס, ניט נאָר פאַר די קאָנסטרוקטיווע הילף-פּראָיעקטען פון די וואוילטעטיגע אָרגאַניזאַציעס, ווי „האַיאַס", „דזשאָינט", „אָרט", נאָר אויך פאַר די פאַרשידענע נאַציאָנאַל-פּאָליטישע און סאָציאַלע ריכטונגען, ווי אויסגעדריקט דורך דעם אַמעריקאַנער אידישען קאָנגרעס, פּאַלעסטינאַ-ראַט, „איקאָר", אידישער אַרבעטער-קאָמיטעט און אידישען פאָלקס-קאָמיטעט.

אַ מעהר גענויער אַנאַליז פון יעדער איינער פון אַט-די דריי פּאַזען וועט אונז ווייזען די נאָהענטע שייכות צווישען דער אַנטוויקלונג פון די לאַנדסמאַנשאַפט-סאָסייעטיס און דער אַנטוויקלונג פון דער ברייט-געזעלשאַפטליכער וואוילטעטיגער און נאַציאָנאַל-פּאָליטישער אידישער טעטיגקייט אין אַמעריקע.

ערשטע פאַזע — אימיגראַציע־הילף; „האַיאַס".

אין שטראָם פון דער מאַסען־אימיגראַציע. טויזענטער שטעטלאך פון פוילען, ליטע, ווייס־רוסלאַנד, אוקראַינע, גאַליציע, א. אַז. וו. ליידיגען אויס זייערע באַפעלקערונגען קיין אַמעריקע. די גרויסע מעהרהייט פלייצט קיין ניו יאָרק און אין עטליכע אַנדערע גרויסע צענטערען פון אימיגראַציע. דער אימיגראַנט פאַלט באַלד ביי זיין אָנקום אַריין אין דער סביבה פון זיינע לאַנדסלייט, וועלכע באַגעגענען איהם ביים שיף, העלפען איהם געפינען אַרבייט, איינאָרדנען זיך אַ היים; אויב ער קען ניט קיין מלאכה פון דער היים, לערנען זיי איהם אויס זייער מלאכה, אָדער זיי לייהען איהם אויס געלט און העלפען איהם איינאָרדענען זיך אַ שטיקעל ביזנעס. באַלד ווערט געשאַפען אַ מין „קלוב" — מעהרסטענס ביי אַ לאַנדסמאַן אין הויז אָדער סטאָר, — וואו מען קומט זיך צוזאַמען אין די אָווענטען פאַרברענגען צוזאַמען, אָדער מען אָרגאַניזירט זיך אַן אייגענעם קלויז, וואו די לאַנדסלייט דאַווענען צוזאַמען, און אַזוי־אַרום האַלטען די לאַנדסלייט פאַר זיך קינסטליך אויף אין דעם נייעם לאַנד די אַלטע שטעטעלדיגע סביבה, נאָך וועלכער זיי בענקען.

דאָ האָבען מיר דעם נאַטור־וואוקסיגען אָנהויב פון דער שפּעטערדיגער מעהר מאָדערנער, נאָר ווייט ניט אַזוי היימישער לאַנדסמאַנשאַפט־סאָסייעטי. אָנשטאָט די נאַטירליכע, ניט־געצוואונגענע שמועסען וועגען דעם היים־שטעטעל און די לאַנדסלייט, און אָנשטאָט די אוממיטעלבאַרע און ספּאָנטאַנע האַנדלונגען צו העלפען נייע אימיגראַנטען און אַנדערע נויט־באַדערפטיגע לאַנדסלייט, האָט מען אין דער ניי־מאָדישער סאָסייעטי איינגעפירט אַזעלכע ניט־היימישע זאַכען, ווי אַ „טשערמאַן" מיט אַ „קאָנסטיטושאָן", מיט „רעגעלע" און „ספּעשעל" מיטינגען, מיט אָנגעשטעלטע שאַבלאָנע „ספּיטשעס", און אָפיציעלע „בענעפיטס" און „סעמעטעריס", א. אַז. וו. אָבער די סאָסייעטי איז געוואָרען אַ נויטווענדיגקייט פאַר דעם אימיגראַנט און זי איז געקומען אויף לאַנגע יאָהר. די לאַנדסמאַנשאַפט גיט דעם אימיגראַנט ניט נאָר מאַטעריעלע הילף אין פאַל פון נויט, קראַנקען־בענעפיט, טויטען־בענעפיט, א. אַז. וו., נאָר זי באַוואָרענט איהם אויך געגען עלענטקייט אין דער פרעמד: זי איז אַן אָפיציעלע מחותנת'טע אויף חתונות און אַנדערע שמחות ביי די משפחות פון איהרע מיטגלידער, און זי איז נאָך מעהר די אָפיציעלע אבל'טע ביי לוויות, רחמנא ליצלן; און איבער 120 יאָהר, ווייסט דער סאָסייעטי־מיטגליד, וועט ער אויך ניט בלייבען עלענט — ער וועט דאַן ליגען אויף אייגענער סאָסייעטי־קרקע, צווישען לאַנדסלייט. און ביי די יערליכע בעלער און קאָנצערטען פון די סאָסייעטיס טרעפען זיך אַלע לאַנדסלייט און עס ווערען געשלאָסען נייע פריינטשאַפטען און שידוכים.

אָבער די סאָסייעטי האָט אין זינען אויך הילף פאַר אַנדערע, פאַר קרובים און פריינט אין דער אַלטער היים, פאַר לאַנדסלייט בכלל, איבערהויפּט פאַר ניי־אַריבערגעקומענע, אָדער די וואָס קלייבען זיך אין וועג אַריין. די הילף־טעטיגקייט פון די לאַנדסמאַנשאַפטען אין יענעם פעריאָד איז, על־פּי כלל, ניט קיין קאָלעקטיווע, נאָר הויפּטזאַכליך אַן אינדיווידועלע, אַ פּערזענליכע; די איינצעלנע סאָסייעטי־מיטגלידער טוען זיך זייער הילף־אַרבייט יעדערער פאַר זיך, ד. ה. יעדערער העלפט זיך די זייניגע אין אייראָפּע מיט געלט אָדער מיט שיפקאַרטעס צו קומען קיין אַמעריקע. די ראָל פון דער סאָסייעטי איז דערביי בלויז צו העלפען דעם אינדיווידועלען מיטגליד העלפען זיינע אייגענע, אויב ער קען זיך אַליין קיין עצה ניט געבען. קאָלעקטיווע הילף פאַרן היים־שטעטעל ווערט אין יענער צייט געטאָן ספּאָראַדיש; למשל: די סאָסייעטי שיקט געלט ערב פסח אויף מעות־חיטים פאַר די שטעטעלשע אָרעמעלייט, אַמאָל אויף אַ נייעם דאַך פאַר דעם אַלטען שטעטעלשען בית־מדרש; אָדער די סאָסייעטי ברענגט זיך אַראָפּ פאַר איהר קלויז דעם אַלטען שטעטעלשען חזן, נאָך וועמעס נגינה די לאַנדסלייט זיינען פאַרבענקט. גרעסערע הילף־אַקציעס ווערען אונטערגענומען פון סאָסייעטיס ווען זייערע שטעטלאך זיינען אַמאָל געטראָפען געוואָרען פון אַן אומגליק, ווי אַ שריפה, אַ מגפה, אָדער אַ פּאָגראָם. אַן אויסנאַם איז די סאָציאַליסטישע לאַנדסמאַנשאַפט, וועלכע שטיצט רעגעלמעסיג די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין איהר שטאָט אָדער שטעטעל.

וועגען אַלגעמיינע לייזונגען פון דער אידען־פראַגע האָט דער דורכשניטליכער מיטגליד פון דער דורכשניטליכער סאָסייעטי אין יענער צייט זעלטען געטראַכט. זיין „אידען־פראַגע" איז געוועזן: ווי העלפט מען זיינע נאָהענטע? און אָט־די פראַגע האָט ער געזוכט צו לייזען אַליין דורך אַראָפּברענגען קיין אַמעריקע אַזוי פיל פון זיי ווי ער האָט געקאָנט. אַזוי ווי הונדערטער טויזענטער אידען האָבען אויף אַזאַ אופן געלייזט די פראַגע פון זייערע נאָהענטע, איז זייער לייזונג ווירקליך געוואָרען אַן אַלגעמיינע לייזונג פון אַ גרויסען טייל פון דער אידען־פראַגע; הונדערטער טויזענטער אינדיווידועלע לייזונגען זיינען געוואָרען איין גרויסע קאָלעקטיווע לייזונג — קוואַנטיטעט איז געוואָרען קוואַליטעט.

דאָס דערקלערט די גרויסע געזעלשאַפטליכע ראָל פון דעם „האַיאַס" אין יענער צייט, כאָטש ער האָט דאַן געטאָן בלויז באַלדיגע הילף פאַר אינדיווידועלע אימיגראַנטען — געהאָלפען זיי אַריינקומען אין לאַנד, באַזאָרגט די עלענדע און נויטבאַדערפטיגע מיט נאַכטלעגער, שפּייז און אַנדערע נויטווענדיגקייטען, אָפט געפונען פאַר זיי באַשעפטיגונג, אָדער אָפּגעזוכט זייערע לאַנדסלייט און קרובים, וועלכע האָבען איבערגענומען די זאָרג פאַר זיי. דער פונדאַמענטאַלער טוער און איניציאַטאָר פון אָט דער לייזונג פון דער אידען־פראַגע דורך אימיגראַציע איז געוועזן דער אינדיווידועלער איינגעוואַנדערטער איד אין אַמעריקע; די סאָסייעטי איז דעריך בלויז געוועזן זיין אַרויסהעלפערין, ווען

ער האָט געמוזט אָנקומען צו איהר הילף; דאָס וואָס די סאָסייעטיס האָבען ניט געקאָנט טאָן, האָט געטאָן דער „האַיאַס". מעהר האָט קיינער פון איהם ניט פאַרלאַנגט.

די שייכות צווישען די לאַנדסמאַנשאַפטען און דעם „האַיאַס" איז אָבער נאָך אָרגאַנישער. דער פאַקט איז, אַז דער „האַיאַס" האָט זיך אַליין אָנגעהויבען, ווי אַ מין לאַנדסמאַנשאַפט, אָדער ווי אַ לאַנדסמאַנשאַפטען־חברה פאַר אַ טראַדיציאָנעלער, פון די אייראָפּייאישע שטעטלאַך אַהער געבראַכטע צדקה־טעטיגקייט — פאַר דער אַלט־אידישער מצווה פון הכנסת־אורחים. דער אָנהויב פון אָט דער אָרגאַניזאַציע איז געווען אין דעם יאָהר 1889, ווען אַ גרופּע איינגעוואַנדערטע אידען האָבען געדונגען אַ פּאָר קליינע צימערען אויף עסעקס סטריט, אויף דער איסט־סאַיד אין ניו יאָרק, און דאָרט געגרינדעט אַ הכנסת־אורחים פאַר עלענטע אימיגראַנטען. אַפילו דער מאַסשטאַב פון דער אונטערנעמונג איז געווען אַ קליינשטעטלדיגער. די אויפגאַבען פון אָט־דער קליינער חברה זיינען אָבער געוואקסען מיט'ן וואוקס פון דער אידישער אימיגראַציע, און דעם קליינעם אָנהויב איז געווען באַשערט אַ קאָלאָסאַלע אַנטוויקלונג. אין יאָהר 1909 האָט זיך אָט די הכנסת־אורחים חברה פאַראייניגט מיט אַן אימיגראַנטען־הילף חברה און איז געוואָרען דער „האַיאַס". די צוועקען און אויפגאַבען פון דער דאָזיגער געזעלשאַפט זיינען דעמאָלסט פאָרמולירט געוואָרן אַזוי:

> „צו פאַרגרינגערן דעם געזעצליכען אַריינקום פון אידישע אימיגראַנטען אין די פאַרשידענע פּאָרטען פון די פאַראייניגטע שטאַטען; צו באַזאָרגען זיי מיט צייטווייליגען נאַכטלעגער, שפּייז, קליידער און אַנדערע הילף... צו העלפען זיי אויפ'ן וועג צו זייערע באַשטימטע ערטער... צו העלפען זיי קריגען באַשעפטיגונג; צו אַנטמוטיגען זייער באַזעצען זיך אין איבערגעפּאַקטע שטעט; אויפצוהאַלטען אינפאָרמאַציע־ביוראָס... צו פאַרשפּרייטען אַמעריקאַנער אידעאַלען צווישען די ניי־אָנגעקומענע און דורך באַקענען זיי מיט אַמעריקאַנער געשיכטע און אינסטיטוציעס אַריינצוגעבען אין זיי אַן אמת'ן פּאַטריאָטיזם און ליבע צו זייער אַדאָפּטירטען לאַנד; צו מאַכען מעהר באַקאַנט צו דער באַפעלקערונג פון די פאַראייניגטע שטאַטען די פיל געווינסען פון געווינטשטער אימיגראַציע..."

דער „האַיאַס" איז דאָ שוין אַוועק אַ היבשען מהלך פון זיין אָנהויב מיט צוואַנציג יאָהר פריהער אַלס אַ קליינע איסט־סיידער הכנסת־אורחים חברה אויף אַ קליינשטעטלדיגען מאַסשטאַב. פון אַ לאָקאַלער חברה איז זי געוואָרען אַ נאַציאָנאַלע; אָנשטאָט איהר פריהערדיגער באַגרענעצקייט צו קליין־צדקה, האָט זיך די פאַרגרעסערטע געזעלשאַפט איצט שוין געשטעלט אַלגעמיין־פּאָליטישע, קולטורעלע און קאָנסטרוקטיווע סאָציאַלע צוועקען און אויפגאַבען. דאָך האָט זיך נאָך דער „האַיאַס" אַלץ באַגרענעצט מיט אַמעריקע. ערשט אין דער צייט פון דער וועלט־מלחמה האָט דער „האַיאַס" גענומען אויסשפּרייטען זיין טעטיגקייט איבער אַלע לענדער פון דער וועלט, פון וואַנען אידען וואַנדערען אויס און וואוהין זיי וואַנדערען איין. און שפּעטער איז ער ביסלאַכווייז איבערגעגאַנגען צו מעהר ווייט־גרייכענדיגע קאָנסטרוקטיווע טעטיגקייטען, צו העלפען לייזען די אידישע פראַגע בכלל, ווי זוכען נייע געביטען פאַר אידישער איינוואַנדערונג און קאָלאָניזאַציע, א. אַז. וו.

מיר זעהען אַזוי־אַרום ווי דער „האַיאַס", וועלכער האָט אָנגעהויבען זיין טעטיגקייט אויף אַ באַגרענעצטען קליינשטעטלדיגען מאַסשטאַב, ווי אַ מין לאַנדסמאַנשאַפטען־חברה, האָט פאַקטיש דורכגעמאַכט די זעלבע עוואָלוציע, ווי דאָס גאַנצע לאַנדסמאַנשאַפטען־וועזען, ד. ה. ער איז געגאַנגען פון באַלדיגער, באַגרעניצטער הילף צו אימיגראַנטען צו ברייטערער הילף־טעטיגקייט אויף יענער זייט ים, און וואָס ווייטער האָט זיך זיין טעטיגקייט, אונטער'ן דראַנג פון די געשיכטליכע אַנטוויקלונגען, אַלץ מעהר געמוזט אויסברייטערען, ביז וואַנען ער האָט (ספּעציעל נאָך דער פאַראייניגונג מיט דער יק"אַ) באַקומען אַ גרויסע נאַציאָנאַל־פּאָליטישע באַדייטונג.

אָט־די אויסגעברייטערטע טעטיגקייט פון דעם „האַיאַס" געהערט אָבער צו די קומענדיגע פּאַזען, וועלכע מיר באַשרייבען אונטען.

צווייטע פּאַזע — נויט־הילף; „דזשאָינט" — „האַיאַס"

די וועלט־מלחמה האָט אַרויפגעלייגט אויף די אידען פון אַמעריקע די העכסטע פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַר די אידען פון די מלחמה־לענדער, ד. ה. פּאַקטיש פאַר דעם גורל פון דער גרויסער מעהרהייט פונעם אידישען פאָלק. די אימיגראַציע קיין אַמעריקע האָט זיך מיטאַמאָל און אומדערבאַרעמדיג אָפּגעשטעלט. די מעגלעכקייטען פאַר אינדיווידועלער הילף, פון יחידים אין אַמעריקע צו יחידים אין די מלחמה־לענדער, זיינען מיטאַמאָל פאַרשוואונדען. און די נויטווענדיגקייט פאַר הילף איז געוואָרען גרעסער און דרינגענדיגער. די הילף־רופען פון יענער זייט ים זיינען געוואָרען אַלץ פאַרצווייפעלטער און רירענדיגער: מיליאָנען אידען אין לעבענס־געפאַהר, הונדערטער שטעט און שטעטלאַך חרוב, אַ גאַנץ פאָלק אויסגעריסען פון זיין באָדען און וואַנדערט אָפּדאַכלאָז וואוהין די אויגען טראָגען; הונגער, מגיפות, פּאָגראָמען, מאַסען־שחיטות. וואָס טוט מען? יעדער איד אין אַמעריקע, פון דעם רייכסטען פילאַנטראָפּ ביז דעם אָרעמסטען אַרבייטער, האָט געפיהלט אויף זיך אַ פאַראַנטוואָרטליכקייט עפּעס צו טאָן.

ס'איז דאַמאָלסט קלאָהר געוואָרען אַפילו פאַר דעם אָפּגעשטאַנענסטען לאַנדסמאַנשאַפטס־מיטגליד, און אַפילו פאַר דעם וואָס האָט פון קיין אָרגאַניזאַציע פריהער ניט געוואָלט הערען, אַז די הילף קען איצט ניט זיין קיין אינדיווידועלע, נאָר אַז זי מוז זיין אַן אַלגעמיינע, אַ קאָלעקטיווע, פאַר די אידען פון אַ גאַנצען שטעטעל, פון אַ גאַנצען געגענט, פאַר אַלע מלחמה־ליידענדיגע אידען.

די אידען פון אַמעריקע האָבען זיך אָפּגערופען אויף די הילף־געשרייען פון יענער זייט ים אויף אַ גרויסען שטייגער. אַלע געזעלשאַפטליכע און אָרגאַניזאַטאָרישע כחות פון די אידען אין אַמעריקע האָבען זיך אַריינגעוואָרפען אין רעליף־טעטיגקייט. ס'האָבען זיך אָרגאַניזירט אָן אַ שיעור נייע קאָמיטעטען און אָרגאַניזאַציעס אין אַלע טיילען פון די פאַראייניגטע שטאַטען פאַר הילף צו די מלחמה־ליידענדיגע אידען. די לאַנדסמאַנשאַפטען האָבען זיך דאַן אַלע פאַרוואַנדעלט אין הילף־אָרגאַניזאַציעס, יעדע פאַר איהר שטעטעל. און נייע לאַנדסמאַנשאַפטען־סאָסייעטיס, ספּעציעל פאַר הילף־צוועקען, האָבען זיך אין יענער צייט אָרגאַניזירט אין די הונדערטער. אַ חוץ דער גרויסער צאָהל לאָקאַלע רעליף־אָרגאַניזאַציעס זיינען אין יענער צייט געשאַפען געוואָרען אַ ריי אַלגעמיינע, צענטראַלע רעליף־אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבען געזוכט איינצושליסען אין זיך די לאָקאַלע אָרגאַניזאַציעס און האָבען געזאַמעלט הילף איבער גאַנץ אַמעריקע פאַר אַלע מלחמה־ליידענדיגע אידען פון אייראָפּע. די וויכטיגסטע פון אָט־די אָרגאַניזאַציעס זיינען געווען: די „אַמעריקאַן דזשואיש רעליף קאָמיטע", די „סענטראַל רעליף קאָמיטע" און די „דזשואיש פּיפּלס רעליף קאָמיטע". די ערשטע איז געווען אַן אָרגאַניזאַציע פון די אַזוי־גערופענע „דייטשע יהודים", ד. ה. פון די רייכע אידען און זייערע פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס; די צווייטע איז אָרגאַניזירט געוואָרען פון די זעלבע עלעמענטען, וועלכע האָבען אָרגאַניזירט דעם אַמעריקאַנער אידישען קאָנגרעס, ד. ה. פון די העכערע מיטעל־קלאַס עלעמענטען און אויך רייכע מזרח־אייראָפּייאישע אידען — ציוניסטען, מעהר אָדער ווייניגער אָרטאָדאָקסישע רבנים און פיהרער פון סינאַגאָגען און רעליגיעזע קהלות. די „פּיפּלס רעליף קאָמיטע" איז אָרגאַניזירט געוואָרען פון די מעהר דעמאָקראַטישע עלעמענטען צווישען די אַמעריקאַנער אידען. אין איהר זיינען געווען פאַרטראָטען אַרבייטער־יוניאָנס, סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס, פּועלי־ציוניסטען, און אַנדערע אידישע דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס און עלעמענטען. אַ סך פון די לאַנדסמאַנשאַפטען, באַזונדער די פּראָגרעסיווערע, זיינען געווען אָנגעשלאָסען אָן דער „פּיפּלס רעליף קאָמיטע", בעת די קאָנסערוואַטיווערע האָבען געהערט צו דער „סענטראַל רעליף", אָדער זיי זיינען גאָר געבליבען זעלבסטשטענדיג, באַנוגענדיג זיך אויסשליסליך מיט הילף פאַר זייער אייגענעם שטעטעל.

אויב אין דער זאַמלונג פון רעליף האָט יעדע אָרגאַניזאַציע און יעדער רעליף־קאָמיטעט געקאָנט אַרבייטען פאַר זיך, אויפ'ן אייגענעם שטייגער, איז אָבער די צעטיילונג פון דער אַרבייט געווען אוממעגליך אין דער דיסטריבוציע, אין דער פאַנאַנדערטיילונג פון דער הילף אין די מלחמה־לענדער. קיין נאָרמאַלע קאָמוניקאַציעס מיט די מלחמה־לענדער האָבען אין יענער צייט ניט געקענט זיין, און איבערשיקען די געזאַמעלטע געלטער האָט מען דעמאָלט געקענט נאָר מיט דער צושטימונג פון ביידע קריגענדיגע צדדים, וואָס האָט געקענט דערגרייכט ווערען בלויז מיט דער הילף פון דער דיפּלאָמאַטישער פאַרמיטלונג פון דער רעגירונג פון די פאַראייניגטע שטאַטען און פון אַנדערע נייטראַלע מלוכות, וועלכע האָבען געהאַט דיפּלאָמאַטישע פאַרבינדונגען מיט ביידע צדדים. פאַר אַזאַ וויכטיגער אויפגאַבע איז נויטיג געווען צו שאַפען וואָס שנעלער איין איינציגע גרויסע, אויטאָריטאַטיווע, פון אַלע רעליף־אָרגאַנען באַפולמעכטיגטע אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט אויך געדאַרפט באַזיצען גרויסע פינאַנציעלע מיטלען און אַ הויכע מדרגה פון פּאָליטישען איינפלוס און פּרעסטיזש, כדי די מלוכות זאָלען האָבען צו איהר צוטרוי און שליסען מיט איהר אָפּמאַכען. אַזאַ אָרגאַניזאַציע איז געשאַפען געוואָרען פון די רייכע אידישע פילאַנטראָפּען אין אַמעריקע — די „דזשאָינט דיסטריביושאָן קאָמיטע", אָדער ווי דאָס פאָלק רופט זי, דער „דזשאָינט". אָט־די אָרגאַניזאַציע האָט געשפּילט און שפּילט נאָך היינט אַ גרויסע היסטאָרישע ראָליע אין דעם אידישען לעבען איבער אַ גרויסען טייל פון דער וועלט, באַזונדער אין מזרח־און צענטראַל־אייראָפּע. אין דער צייט פון דער וועלט־מלחמה האָט דער „דזשאָינט" פאַנאַנדערגעטיילט שפּייז, קליידער און מעדיקאַמענטען צו הונדערטער טויזענטער אידען אין די מלחמה־לענדער און געראַטעוועט אומגעציילטע לעבענס. נאָך דער מלחמה איז אַנטשטאַנען די ריזיגע פּראָבלעם פון ווידעראויפבויען די חרוב'ע ישובים און צוריקשטעלען אויף די פיס די מיליאָנען רואינירטע אידען. אָט־די פּראָבלעם איז אין ערגעץ ניט געלייזט געוואָרען גרינטליך, אַ חוץ אין סאָוועטן־רוסלאַנד. דאָך האָט דער „דזשאָינט" בייגעטראָגען אַ גרויסען חלק צו דער טיילווייזער לייזונג פון אָט־דער פּראָבלעם אויך אין פּוילען, רומעניע, ליטע, אונגאַרן, א. אַז. וו. דורך דער קאָנסטרוקטיווער הילף, וואָס ער פיהרט אָן אין יענע לענדער זינט דעם סוף פון דער וועלט־מלחמה. אין יענעם גאַנצען פּעריאָד, ד. ה. אין דער צייט פון דער וועלט־מלחמה און פון די ערשטע נאָך־מלחמה יאָהרען, זיינען די באַציהונגען צווישען די לאַנדסמאַנשאַפטס־סאָסייעטיס און דעם „דזשאָינט" געווען זעלטען, אומדירעקט, ספּאָראַדיש. ערשט אין דער לעצטער צייט, ווען דער עקאָנאָמישער חורבן פון די אידען אין די דערמאָנטע לענדער איז געוואָרען אומגעהויער גרויס, האָט דער „דזשאָינט" דורך זיין אַרבייט אין פּוילען אַנטדעקט די לאַנדסמאַנשאַפטען אין אַמעריקע און גענומען איינשטעלען רעגעלמעסיגע אָרגאַניזאַציאָנעלע באַציהונגען מיט זיי. וועגען דעם שפּעטער.

אויך דער „האַיאַס" האָט אין יענעם פּעריאָד, ווי אויבען אָנגעוויזען, געמוזט אַרויס פון זיינע ענגע ראַמען און ער האָט גענומען פאַנאַנדערצווייגען זיין טעטיגקייט איבער דער גאַנצער וועלט. אין די ערשטע מלחמה־יאָהרען האָט דער „האַיאַס" איינגעשטעלט אַ מין אינטערנאַציאָנאַלע פּאָסט — די אָפיציעלע אינטערנאַציאָנאַלע פּאָסט איז דאַן געווען איבערגעריסען — און ער האָט איבערגעשיקט הונדערטער טויזענטער בריוו פון איינוואוינער פון די מלחמה־לענדער

צו זייערע קרובים און אייגענע אין אַמעריקע. שפּעטער האָט מען אויסגעפונען, אַז אַ סך אידישע אימיגראַנטען האָבען זיך געפּרואווט אַרויסכאַפּען פון רוסלאַנד דורך סי־ביר קיין כינע, פון וואַנען מען איז אַריבער קיין יאַפּאַן, און פון דאָרט האָבען זיי געהאָפט צו קענען אַריבערקומען קיין אַמעריקע. אַט־די אימיגראַנטען זיינען אָבער געבליבען שטעקען אויפ׳ן וועג אין גרויס נויט. אַ סך פון זיי האָבען באַוויזען צו דערגרייכען דעם יאַפּאַנעזישען פּאָרט יאָקאָהאַמאַ, אָבער זיי האָבען ניט געהאַט קיין מיטלען און קיין מעגלעכקייטען צו פאָהרען קיין אַמעריקע. אַנדערע זיינען געבליבען שטעקען אין שאַנכאַי, אָדער אין סיביר.

האָט דער „האַיאַס" אויך געעפענט אַ באַנק אין ניו יאָרק אויף איבערשיקען פריי אַמעריקאַנער דאָלאַרען צו די משפחות און קרובים פון אַמעריקאַנער אין אייראָפּע אַלס רעליף. אָט־די און אַנדערע הילף־טעטיגקייטען האָבען נע־הענטער געמאַכט דעם קאָנטאַקט צווישען דעם „האַיאַס" און די לאַנדסמאַנשאַפטען.

דריטע פאַזע — קאָנסטרוקטיווע הילף ; „האַיאַס" — „דזשאָינט" — „אָרט"

די צרות פון דער וועלט־מלחמה האָבען געצוואונגען דעם אָפּגעשטאַנענסטען אידען צו נעמען טראַכטען וועגען




(פון זאַבלודאָווער פּנקס)

דער „האַיאַס" האָט דאַן מיט דער דערלויבעניש פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג געשיקט אַ קאָמיסיע קיין יאַפּאַן, וועלכע האָט איינגעשטעלט אַ „האַיאַס"־אָפּטיילונג אין יאָ־קאָהאמא, מיט ביוראָס אין די סיבירער שטעט אירקוטסק, כאַרבין און וולאַדיוואָסטאָק, און יענע אימיגראַנטען זיינען געהאָלפען געוואָרען. באַלד נאָך דער מלחמה האָט דער „האַיאַס" זיך גענומען אויפזוכען די פאַמיליעס און קרובים פון אַמעריקאַנער איינוואוינער, וועלכע זיינען פאַרלוירען געוואָרען אין די גרויסע, קאַטאַסטראָפאַלע וואַנדערונגען אין דער צייט פון דער מלחמה. פאַר דעם צוועק האָט דער „האַיאַס" געעפענט אַן אָפּטיילונג אין וואַרשע. שפּעטער

וועלט־פּראָבלעמען און באַזונדער וועגען דעם גורל פון דעם אידישען פאָלק. שפּעטער זיינען געקומען די באַלפור־דעקלאַראַציע און די רוסישע רעוואָלוציע, וועלכע האָבען געמאַכט די אידישע מאַסען מעהר נאַציאָנאַל־און סאָציאַל־באַוואוסטזיניג. דאָס האָט זיך געמוזט אָפּרופען אויך אויף די לאַנדסמאַנשאַפטען. טיילען פון די לאַנדסמאַנשאַפטען זיינען געוואָרען אַלץ מעהר און מעהר ציוניסטיש. אַ סך פון זיי זיינען צוגעשטאַנען צו דער באַוועגונג פאַר אַן אַמעריקאַנער אידישען קאָנגרעס און האָבען איהם געגעבען אַ מאַסען־באַזע. אַנדערע זיינען געוואָרען סאָציאַליסטיש. די לעצטע האָבען זיך מעהרסטענס אָנגעשלאָסען אָן דעם

אַרבעטער רינג (די לינקערע פון זיי האָבען זיך שפּעטער אָפּגעטיילט און זיינען איבערגעגאַנגען אין דעם אינטערנאַציאָנאַלען אַרבעטער אָרדען). די גרויסע מעהרהייט פון זיי איז נאָך אַלץ פאַרבליבען קליינשטעטלדיג־איזאָלירט און באַגרעניצט צו זייערע אייגענע לאָקאַלע פּראָבלעמען, ביז וואַנען די אימיגראַציע קיין אַמעריקע איז פּאַקטיש אָפּגעשטעלט געוואָרען אין דעם יאָהר 1924, און ביז די לאַנדסמאַנשאַפטען־מיטגלידער האָבען גענומען דערהאַלטען אַלץ מעהר און אַלץ פּאַטעטישערע הילף־געשרייען פון זייערע קרובים. אַריבערברייגנען די קרובים אַהער האָט מען מעהר ניט געקענט. איז געבליבען: אָדער העלפען זיי אויף זייערע ערטער, אָדער געפינען פאַר זיי נייע איינוואַנדערונג־לענדער.

ס'איז געוויס ניט קיין צופאַל, וואָס צוויי פון די אויבען־אויסגערעכענטע געזעלשאַפטען מיט געגענזעצליכע נאַציאָנאַל־פּאָליטישע פּראָגראַמען און צילען, דער פּאַלעסטינע־ראַט און דער איקאָר, זיינען ביידע אָרגאַניזירט געוואָרען אין 1924, אין דעם יאָהר ווען די טויערען פון אַמעריקע זיינען געשלאָסען געוואָרען פאַר מאַסען־אימיגראַציע. די גלייכצייטיגע ערשיינונג פון אָט־די צוויי אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבען באַלד אָנגעהויבען אַ קאַמף פאַר איינפלוס צווישען די לאַנדסמאַנשאַפטען, האָט ווי אָנגעזאָגט: די צייט פאַר דער לייזונג פון דער אידען־פראַגע דורך אימיגראַציע, דורך הילף פון יחידים צו יחידים, איז פאַריבער; געקומען די צייט פאַר קאָלעקטיווער און קאָנסטרוקטיווער הילף, פאַר נאַציאָנאַל־פּאָליטישער אַקציע פון גרויסע פאָלקס־קאָלעקטיוען; קלייבט זיך אויס וועלכען איהר ווילט.

די אַרבייט פון די גרויסע וואוילטעטיגע געזעלשאַפטען „האַיאַס" און „דזשאָינט", האָט זיך אין דעם פּעריאָד גענומען אַלץ מעהר אין דער ריכטונג פון נאַציאָנאַל־פּלאַנירטער, קאָנסטרוקטיווער הילף. דער „האַיאַס" האָט זיך, ווי אויבען געזאָגט, גענומען אין שותפות מיט דער „איקא", און מיט דער הילף פון פאַרשידענע אָרטיגע אָרגאַניזאַציעס, זוכען אַ פּראַקטישע לייזונג פאַר די אָנגעווייטיגטע פּראָבלעמען פון גרויסע אידישע מאַסען דורך שאַפען נייע צענטערען פאַר אידישער אימיגראַציע און קאָלאָניזאַציע אין דרום־אַמעריקע און אין אַנדערע וועלט־טיילען. דער „דזשאָינט" האָט גענומען העלפען סיי די אידישע קאָלאָניזאַציע אין פּאַלעסטינע, סיי אין סאָוועטן־פאַרבאַנד (אַגראָ־דזשאָינט). ער האָט אויך כסדר געשטיצט די זעהר וויכטיגע טעטיגקייט פונעם „אָרט", ווי מיר וועלען שפּעטער אָנווייזען.

אָבער די וויכטיגסטע הילף־טעטיגקייט, וועלכע בינדט היינט צוזאַמען די מעהרסטע לאַנדסמאַנשאַפטען מיט דעם „דזשאָינט", זיינען די גמילת־חסד קאַסעס, וועלכע עקזיסטירען היינט מיט דער הילף פון דזשאָינט־סובסידיעס איבער גאַנץ פּוילען, ווי אויך אין ליטע, רומעניע און אונגאַרן. אַרום 850 גמילת־חסד קאַסעס און 500 קאָאָפּעראַטיווע אידישע פאָלקס־בענק עקזיסטירען היינט מיט דער הילף פון דעם „דזשאָינט" אין די דערמאָנטע לענדער. די דאָזיגע אינסטיטוציעס האַלטען אויף די פיס הונדערטער טויזענטער אידישע קליינבירגער, קרעמער, און בעל־מלאכות, וועלכע וואָלטען אָן דעם פרייען קרעדיט פון אָט־די קאַסעס שוין לאַנג אונטערגעגאַנגען. די מיטלען פונעם רייכען „דזשאָינט" קלעקען אָבער ניט צו געבען די קאַסעס די פולע נויטיגע שטיצע אין איינקלאַנג מיט דער גרויסער נויט פון די אידען אין יענע לענדער. האָט דער „דזשאָינט" דעריבער זיך געווענדט צו די לאַנדסמאַנשאַפט־סאָסייעטיס אין אַמעריקע מיט אַ פּלאַן, לויט וועלכען ער פאַרפליכטעט זיך בייצוטראָגען צו דער לייה־קאַסע אין יעדער שטאָט און שטעטעל פונקט אַזוי פיל וויפיל יעדע לאַנדסמאַנשאַפט דאָ אין אַמעריקע וועט בייטראָגען. פאַר דעם צוועק האָט איצט דער זשורנאַל „פאָלקס־הילף", אָרגאַן פון די גמילת־חסדים קאַסעס און פראַגען פון סאָציאַלער פאַרזאָרגונג אין פּוילען (סובסידירט פון „דזשאָינט"), לעצטענס איינגעפיהרט אַ שטענדיגע אָפּטיילונג אונטער'ן נאָמען „די לאַנדסמאַנשאַפטען און די ג"ח קאַסעס", וואו עס ווערען געדרוקט באַריכטען וועגען דער הילף פון די אַמעריקאַנער לאַנדסמאַנשאַפטען צו די היימישע ג"ח קאַסעס און מען סטימולירט מיט אַלע מיטלען דעם קאָנטאַקט צווישען די קאַסע־מיטגלידער און זייערע לאַנדסלייט אין אַמעריקע לטובת די קאַסעס. און פאַר דעם צוועק האָט דער „דזשאָינט", אין יאָר 1937, געגרינדעט די אויבען־דערמאָנטע לאַנדסמאַנשאַפטען־פראַטערנאַלע דיוויזיע, וועלכע אָרגאַניזירט די לאַנדסמאַנשאַפטען צו שטיצען די לייי־קאַסעס אין זייערע היים־שטעטלאַך. דערמיט טוט דער דזשאָינט אויף זייער פיל ניט בלויז פאַר די אידען פון אייראָפּע, נאָר אויך פאַר די לאַנדסמאַנשאַפטען גופא דאָ אין אַמעריקע. ער גיט זיי פרייע לעקציעס, אָפט אילוסטרירט מיט סטערעאָפּטישע בילדער פון דעם לעבען פון די פּוילישע אָדער אַנדערע אייראָפּייאישע אידען, באַזונדער, פאַרשטעהט זיך, פון דער הילף־טעטיגקייט פונעם „דזשאָינט" צווישען די נויט־באַדערפטיגע אידען, אַמאָל אַפילו פון דעם אייגענעם שטעטעל פון וואַנען די געגעבענע לאַנדסמאַנשאַפט קומט. און וואָס נאָך וויכטיגער, דער „דזשאָינט" האָט דורך זיין לאַנדסמאַנשאַפטען־אָפּטיילונג שוין באַוויזען צו פאַראייניגען הונדערטער לאַנדסמאַנשאַפטען אין אַ מין רעפּרעזענטאַטיווער דעלעגאַטען־קערפּערשאַפט, וואָס פאַרזאַמעלט זיך פון צייט צו צייט אונטער זיין אויפזיכט צו פאַרהאַנדלען פראַגען פון הילף צו זייערע שטעטלאַך און זייערע באַציהונגען צווישען זיך און מיט'ן „דזשאָינט". אַזאַ טעטיגקייט מוז האָבען אַ גרויסען אויפלעבענדיגען איינפלוס אויף די לאַנדסמאַנשאַפטען, וועלכע רופען זיך אויף איהר אָפּ; עס ברייטערט אויס זייער סאָציאַלען און אָרגאַניזאַציאָנעלען האָריזאָנט, פרישט אָפּ און באַפעסטיגט זייער אָפּגעשוואַכטען קאָנטאַקט מיט זייערע היים־שטעטלאַך, דערציהט זיי צו סאָציאַל־פּלאַנירטער זעלבסטטעטיגקייט און פיהרט זיי אַרויס פון זייער סטאַגנירטער איזאָלאַציע צו פרוכטבאַרער קאָ־

אָפּעראַציע צווישען זיך און מיט דער ברייטערער אידישער געזעלשאַפטלאַכקייט.

דער „דזשאָינט" איז אָבער ניט די איינציגע אָרגאַניזאַציע, וואָס פיהרט אָן אַזאַ טעטיגקייט און האָט אַזאַ איינפלוס אויף די לאַנדסמאַנשאַפטען. כמעט אַלע אויבען־אויסגערעכענטע און אויך אַנדערע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע זיינען מעהר אָדער ווייניגער טעטיג צווישען די לאַנדסמאַנשאַפטען, העלפען הויבען דעם סאָציאַלען און נאַציאָנאַלען ניוואָ פון די לאַנדסמאַנשאַפטען, אין איין ריכטונג אָדער אין אַ צווייטער. אַ באַדייטענדיגען איינפלוס צווישען די לאַנדסמאַנשאַפטען האָט דער אַמעריקאַנער אידישער קאָנגרעס, וועלכער איז געבוירען געוואָרען אין דער צייט פון דער וועלט־מלחמה און ער געווינט נייעם אימפּעט און איינפלוס אלס רעזולטאַט פון די אומגליקען און געפאַהרען, וואָס מעהרען זיך לעצטענס אויף אידען. אויך דער ראַט פון אידישע אָרגאַניזאַציעס פאַר ארץ־ישראל, דער געווערקשאַפטען קאַמפּעין־קאָמיטעט פאַר פּאַלעסטינע, דער אי־קאָר, דער אידישער פאָלקס־קאָמיטעט, א. אַז. וו. שיקען פריי זייערע לעקטאָרען צו די לאַנדסמאַנשאַפטען, וועלכע פאַרלאַנגען דאָס, און זוכען זיי צו אָרגאַניזירען פאַר זייערע צילען.

רעדט מען וועגען דער דריטער פאַזע אין דער אַנטוויקלונג פון די לאַנדסמאַנשאַפטען און זייערע באַציהונגען מיט די גרעסערע געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציעס — וועגען דער פאַזע פון קאָנסטרוקטיווער הילף — קען מען ניט אויסלאָזען די גרויסע ראָל פון נאָך אַן אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט אויסגעטראָטען דעם וועג פאַר אָט דער פאַזע.

מיר מיינען דאָ דעם „אָרט", וועלכער האָט זיך פון דעם ערשטען טאָג פון זיין גרינדונג, מיט קנאַפּע זעכציג יאָהר צוריק אין פּעטערבורג, געווידמעט צו אַ ברייטער פּראָגראַם פון דעם, וואָס מיר רופען היינט קאָנסטרוקטיווע הילף — פאַקטיש צו דעם איבערבוי פון דעם גאַנצען עקאָנאָמישען לעבען פון די אידישע מאַסען אין מזרח־אייראָפּע.

## דער „אָרט" — פּיאָנער פון קאָנסטרוקטיווער הילף

דער „אָרט" האָט זיך פון אָנהויב אָן באַזירט אויף צוויי גרונט־הנחות: ערשטענס, אַז די אידען־פראַגע קען און דאַרף פונדאַמענטאַל געלייזט ווערען אין די ערטער וואו אידען וואוינען, און ניט דורך אויסוואַנדערונג; צווייטענס, אַז די אידען־פראַגע איז אין תוך אַן עקאָנאָמישע פראַגע און מוז געלייזט ווערען דורך עקאָנאָמישע מיטלען — דורך פאַרבייטען די ניט־נאָרמאַלע און ניט־געזונטע אידישע עקאָנאָמיק פון יענער צייט מיט אַ נאָרמאַלער און געזונטער עקאָנאָמיק, געבויט אויף פּראָדוקטיווער אַרבייט, אויף אַ אידישער אינדוסטריע און אַ אידישער אַגריקולטור. די באַדינגונגען אין רוסלאַנד און איבער דער וועלט פאַר דער וועלט־מלחמה זיינען אָבער ניט געווען גינסטיג פאַר אַ סאָציאַל־פּלאַנירטען איבערבוי פון דעם אידישען עקאָנאָמישען לעבען אויף אַ גרויסען מאַסשטאַב. דער וועג צו אַגריקולטור איז געשלאָסען געוואָרען פאַר אידען אין רוסלאַנד (נאָכדעם ווי דער „אָרט" האָט געגרינדעט אַ צאָהל דערפאָלגרייכע אידישע לאַנדווירטשאַפטליכע קאָלאָניעס אין דרום־רוסלאַנד) אונטער צאַר אַלעקסאַנדער דעם דריטען און ניקאָלאַי דעם צווייטען, און כאָטש אידען האָבען זיך אַלץ מעהר גענומען צו מלאכה, האָבען זיי עס געטאָן אינדיווידועל, כאַאָטיש, בהלה'דיג, יעדער איינער געטריבען פון זיין נויט, און ניט אויף אַן אָרגאַניזירטען קאָאָפּעראַטיווען אופן, ווי דער „אָרט" האָט געפּריידיגט. און די אידישע מאַסען פון רוסלאַנד האָבען אין יענער צייט אַליין געלייזט זייער עקאָנאָמישע פראַגע דורך עמיגראַציע, הויפּטזאַכלאך קיין אַמעריקע, אויך אויף אַן אינדיווידועלען, כאַאָטישען, בהלה'דיגען שטייגער. דער „אָרט" האָט אין יענער צייט אָנגעפירט אין די גרעסערע אידישע צענטערען אַ צאָהל מלאכה־שולען און טעכנישע אָוונט־קורסען פאַר דערוואַקסענע. מעהר האָט ער ווייניג געקענט אויפטאָן. זיין ראָל האָט דאַן געמוזט זיין אַ באַגרעניצטע. נאָך ווייניגער האָט דער „אָרט" געקענט אויפטאָן אין דעם צווייטען פּעריאָד, ד. ה. אין דער צייט פון דער וועלט־מלחמה און פון בירגער־קריג אין רוסלאַנד. ווען ס'האָט זיך געהאַנדעלט וועגען ראַטעווען לעבענס, באַזאָרגען מיליאָנען אידען מיט ברויט, אַ דאַך איבער'ן קאָפּ, קליידער, מעדיקאַמענטען, האָט מען ניט געקענט טראַכטען וועגען לערנען מלאכות, פאַרבעסערען די טעכניק, א. אַז. וו.

אָבער אַזוי שנעל ווי דער קריגס־פּעריאָד איז אַריבער האָט זיך דער „אָרט" גענומען מיט באַנייטער ענערגיע צו דער אַרבייט, און די באַדינגונגען זיינען איצט ערשט געוואָרען גינסטיג פאַר זיין פּראָגראַם פון עקאָנאָמישען איבערבוי פון דעם אידישען לעבען, באַזונדער אין סאָוועטען־רוסלאַנד, וואו די רעגירונג האָט די אַרבייט געטאָן פאַר איהם אָדער האָט געגעבען דעם „אָרט" די פולסטע קאָאָפּעראַציע. דער איינציגער אָפּהאַלט איז געווען דער מאַנגעל אין פינאַנציעלע מיטלען פאַר דער דורכפיהרונג פון זיין אַמביציעזער פּראָגראַם. פאַר דעם צוועק האָט דער „אָרט" נאָך דער מלחמה געעפענט אָפּטיילונגען און געגרינדעט אָרגאַניזאַציעס אין מערב־אייראָפּע און אין אַמעריקע. אין יאָהר 1921 האָט זיך אין אַמעריקע געגרינדעט די „פּיפּלס אָרט פעדערעישאָן" (שפּעטער געענדערט אויף אַמעריקאַן אָרט פעדעריישאָן"), וועלכע האָט פאַרביטען די „פּיפּלס רעליף קאָמיטע" פון דער מלחמה־צייט. אין אַנדערע ווערטער, די פּראָגרעסיווע עלעמענטען, וועלכע האָבען זיך אָפּגעגעבען מיט זאַמלען נויט־הילף אין די מלחמה־צייטען זיינען איצט דורכ'ן „אָרט" איבערגעגאַנגען צו קאָנסטרוקטיווער הילף. אויך די „דזשאָינט דיסטריביושאָן קאָמיטע" איז באַלד געקומען צו הילף דעם „אָרט" מיט פינאַנצען. אין יאָהר 1927 האָט דער „אָרט" געשלאָסען אַן אָפּמאַך מיט דעם „דזשאָינט", לויט וועלכען דער ערשטער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון זיינע זעלבסטשטענדיגע

געלט־קאַמפּאַניעס אין אַמעריקע, און ער האָט זיך אָנשטאָט דעם פאַרפליכטעט צו באַטייליגען זיך אין די קאַמפּאַניעס פונעם „דזשאָינט", וועלכער האָט פינאַנסירט אַ באַדייטענדיגען טייל פון די טעטיגקייטען פונעם „אָרט". אָט דער אָפּמאַך האָט אָנגעהאַלטען ביז דעם יאָהר 1938 ווען די צוויי אָרגאַניזאַציעס האָבען ווידער באַשלאָסען צו מאַכען באַזונדערע געלט־קאַמפּאַניעס.

אין יאָהר 1927 האָט גרשון זיבערט, „אָרט"־פאָרשטעהער פון פוילען, וועלכער איז דאַן געווען אויף אַ לענגערען באַזוך אין אַמעריקע, אָרגאַניזירט אַ לאַנדסמאַנשאַפטען־אָרט־אָרגאַניזאַציע מיט'ן צוועק אַריינצוציהען די לאַנדסמאַנשאַפטען אין דער קאָנסטרוקטיווער הילף־טעטיגקייט פון דעם „אָרט". דער פּלאַן איז געווען, אַז יעדע לאַנדסמאַנשאַפט זאָל העלפען אויפבויען אַ קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונג אין איהר היים־שטעטעל. די דאָזיגע לאַנדסמאַנשאַפטען־אָרגאַניזאַציע פון דעם „אָרט" האָט אין משך פון עטליכע יאָהר אויפגעטאָן אַ סך באַדייטענדיגע אַרבייט, געגרינדעט צענדליגער קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען און לאַנדווירטשאַפטליכע קאָלאָניעס, הויפּטזאַכליך אין סאָוועטען־פאַרבאַנד, די זעלביגע אַרבייט ווערט איצט געטאָן אויף אַ קלענערען מאַסשטאַב אין פּוילען, רומעניע און ליטע. אַרום 250 לאַנדסמאַנשאַפטען זיינען געווען אָנגעשלאָסען אָן דער דערמאָנטער „אָרט"־אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז געווען דער מאָדעל און דער פּראָטאָטיפּ פון דער היינטיגער גרעסערער לאַנדסמאַנשאַפטען־פּראַטערנאַלער דיוויזיע פון דעם „דזשאָינט".

דער „אָרט" איז, ווי מיר זעהען, געווען דער פּיאָנער ניט נאָר אין דעם געביט פון קאָנסטרוקטיווער הילף בכלל, נאָר ער האָט אויך געוויזען דעם וועג ווי אַריינצוציהען די לאַנדסמאַנשאַפטען אין דער אַרבייט פאַר נאַציאָנאַל־קאָנסטרוקטיווע פּראָיעקטען, ווי זיי אַרויסצורייסען פון זייער אָפּגעזונדערטקייט און פאַרגליווערטקייט, און אַרויספירען אויפ'ן וועג פון נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער קאָאָפּעראַציע, וואָס מיינט ממילא הויבען דעם סאָציאַלען און קולטורעלען ניווא פון די אָפּגעשטאַנענסטע לאַנדסמאַנשאַפטען און זיי אויפלעבען.




וואַרשעווער חיים סאָלאָמאָן מושב זקנים אָוו סעקאָנד עוועניו.

ע. פערשלייסער

# די קאָנסטיטוציעס פון די לאַנדסמאַנשאַפטן

א י נ ל י י ט ו נ ג

צו דער קאָנסטיטוציע פון דער קאָנגרעגיישאָן מחזיקי תורה אנשי סייניער ואנשי ווילנאָ. (1873)

דוד המלך זאָגט אין תהילים: אלהים נצב בעדת אל.
דער הער גאָט געפינט זיך אין איינע געטליכע געמיינדע, אַז וואָס גרעסער די געמיינדע איז בעסער אונד אויך שענער, זאָוויא עס איז געשריבען „ברב עם הדרת מלך", גרעסער דיא געמיינדע איז שענער פיר גאָט; דארום האָבן מיר מחזיקי תורה אנשי סייניער ואנשי ווילנאָ געשלאָסן אין איין הייליגען ברידערליכען פערבאַנד לקיים ברב עם הדרת מלך! ובזכות זה מיט דער הייליגער גאָט צו הערען אונזערע תפלות ובקשות אונד וועט אונז באַשיצען פון אַללע שלעכטעס ר"ל. ולשלום יהיה לנו ולכל ישראל אמן ואמן:
אברהם בן דוד דאַווידסאָן, אחד מן האחים.

כמעט יעדע לאַנדסמאַנשאַפט האָט איהר געדרוקטע קאָנסטיטוציע, וועלכע באַשטימט ווי די לאַנדסמאַנשאַפט זאָל זיך פיהרען.

די קאָנסטיטוציעס זיינען אָנגענומען געוואָרען אין די ערשטע יאָהרען פון דער אַנטשטעהונג פון די סאָסייעטיס. אַז ס'האָט זיך שפּעטער ארויסגעוויזען, אַז מען איז ניט געווען צופרידען מיט אַ פונקט, אָדער עטלאַכע פונקטען, האָט מען די קאָנסטיטוציע געענדערט, אַזוי איז פאַרצייכענט אויפ'ן שער־בלאַט פון אַ סך קאָנסטיטוציעס: אָנגענומען אין דעם און דעם יאָהר, געענדערט אין דעם און דעם יאָהר. געוועהנליך איז נויטיג געווען, כדי צו ענדערען די קאָנסטיטוציע, צוויי דריטעל שטימען און אַ ספּעציעלער מיטינג, אָדער מיטינגען. אין די קאָנסטיטוציעס גופא ווערט אָנגעגעבען די פּראָצעדור פון דורכפיהרען אַן אַמענדמענט צו דער קאָנסטיטוציע*).

די קאָנסטיטוציעס זיינען אָפּגעדרוקט אין קליינע ביכלאַך, געוויינטליך אין פאָרמאַט פון 4 ביז 6 אינטשעס, און זיינען געשריבען אין אַלטמאָדישען, דייטשמערישען אידיש, מיט אַ שטארק פאַרעלטערטער אָרטאָגראַפיע (די ציטאַטען פון קאָנסטיטוציעס, וואָס וועלען געבראַכט ווערען, וועלען קענען דינען אַלס מוסטער), גאָר געציילטע זיינען געשריבען אינגאַנצען אין דייטש, אָבער מיט אידישע בוכשטאַבען. אַ סך האָבען אַן ענגלישע איבערזעצונג ביי דער זייט. ווי ווייט וויכטיג ס'איז געווען יעדעס וואָרט פון דער קאָנסטיטוציע קען מען זעהן פון דער באַמערקונג פון דעם ערשטען טוראָווער אונטערשטיצונג פאַראיין, וועמענס קאָנסטיטוציע עס איז געדרוקט אין אידיש און אין ענגליש:

„אויב עס זיינען דאָ", זאָגט די באַמערקונג, „וועלכע עס איז מיספאַרשטענדישען צווישען דער אידישער און ענגלישער איבערזעצונג, איז די קאָנסטיטוציאָנעלע אויסטייטשונג ווי עס איז געשריבען אין אידיש".

די קאָנסטיטוציעס פון אַלע לאַנדסמאַנשאַפט סאָסייעטיס, זיינען שטארק עהנליך איינס צו ס'אַנדערע, האָבען כמעט אַלע דעם זעלבען נוסח, ווייל זיי זיינען אַלע געבויט אויף דעם זעלבען פּרינציפּ און דער צוועק זייערער איז דער זעלבער. דער אונטערשייד פון איין קאָנסטיטוציע און דער אנדערער איז נאָר אין דעטאַלען אין קלייניגקייטען, צ. ב. אין איינצאָהל פון דיוס, אין אופן פון בענעפיט אויסצאָהלונגען, אין דער סומע פון בענעפיטען, וויפיל עס קומט איינעם, ווען די פרוי אָדער אַ קינד שטאַרבט, א. א. וו. דער אונטערשייד איז שוין אַ סך גרעסער צווישען די קאָנסטיטוציעס פון דער געוויינליכער לאַנדסמאַנשאַפט־סאָסייעטי און דער „אנשי" סאָסייעטי, וועלכע האַלט אויף אַ שוהל און וועלכע שטעלט שטאַרק דעם טראָפּ אויף אַנ־

*) די מעזריטשער לעידיס סאָסייעטי באַשרייבט אַזוי די נויטווענדיגקייט פון אויסבעסערען די אַלטע קאָנסטיטוציע אין דער איינלייטונג צו דער נייער קאָנסטיטוציע, אימיטירענדיג דעם סטיל פון דער „דעקלאַריישאָן אָוו אינדעפּענדענטס": „נאָך איין 17-יעהריגער עקזיסטענץ פון דער מעזריטשער לעידיס עיד סאָסייעטי, האָבען מיר איינגעזעהען דאָס עס איז נעהטיג אונזער קאָנסטיטושאָן אויסבעסערען נאָך דעם שנעלען פּראָגרעס וואָס מיר מענשען פּראָגרעסירען, וואָס עלטער מיר ווערען, זעהען מיר דאָס די אַלטע מעטאָדען פון פריהערדיגע יאָהרען פּאַסען ניט צו דער יעצטיגער צייט און מיר זענען געצוואונגען יעצט פּיעלעס אויסצובעסערען..." א. א. וו.

האַלטען די רעליגיעזע אידישקייט מיט איהרע אַלע אַלטע מנהגים, אַזוי ווי מ'האָט זי אריבערגעבראַכט פון אַלטען, היימישען שטעטעל — און דעם פרויען אונטערשטיצונג פאַראיין (לעידיס עיד סאָסייעטי), וואָס גיט זיך ספּעציעל אָפּ מיט קראַנקען אונטערשטיצונג און הילף צו נויט־באַדערפטיגטע. אויף די קאָנסטיטוציעס פון „אַנשי" און לעידיס עידס, ווי ווייט זיי אונטערשיידען זיך פון די קאָנסטיטוציעס פון געוויינטליכע לאַנדסמאַנשאַפטען, וועלען מיר זיך ספּעציעל אָפּשטעלען.

אַז מיר לייענען זיך אריין אין די קאָנסטיטוציעס, כאָטש זיי זיינען אַלע אַזוי זאכליך און טרוקען, דערפיהלען מיר דאָס לעבען פון דעם אימיגראנטישען אידישען דור, וואָס האָט מיט אַלע כחות זיך געראנגעלט ניט איינגעשלונגען צו ווערען פון דעם „מעלטינג פאט"; געקלאַמערט זיך אין דער אַלטער טראַדיציע. אין די אַלטע מנהגים, אין אַלטען לעבענס־שטייגער, וואָס ער האָט מיט זיך אריבערגעבראַכט פון דער אַלטער היים; מיר זעהען די גרויסע צוגעבונדענקייט צו דער אידישער שפּראַך. אין דער לאַנדסמאַנשאַפט האָט דער אידישער אימיגראַנט געפונען אַ ווינקעל, וואו ער האָט געקאָנט אָפּכאַפּען דעם אָטעם פון דער משונה'דיגער, שווערער פּרעמדקייט, וואָס האָט איהם געדראָהט צו פאַרניכטען גייסטיג; דאָ האָט ער געפּרואווט ציהען ווייטער דעם פאָדים פון דעם לעבען, וואָס איז איהם אַריין אין בלוט פון דור דורות.

דער אינהאַלט פון די קאָנסטיטוציעס

אַ סך קאָנסטיטוציעס גיבען אָפּ דאָס ערשטע בלעטעל פאַר אַן אינהאַלט פאַרצייכעניש, אייניגע גיבען אויך אָן די געשעפטס־פיהרונג און עטלעכע, גאָר געציילטע, האָבען אַ שבועה, וואָס יעדער מיטגליד מוז אָפּגעבען. די שבועה איז טשיקאַווע. אָט זיינען מוסטערען פון דער שבועה פון צוויי לאַנדסמאַנשאַפטען, וועלכע זיינען אָפּגעדרוקט אויפ'ן פאָדער־בלעטעל פון זייערע קאָנסטיטוציעס. די שבועה פון נאַרעווקער אונטערשטיצונג פאַראיין (אין אָריגינעלער אויסלייגאַכץ).

„איך . . . . . . . . . גיב מיין עהרען וואָרט און ערקלעהר אין געגענוואַרט פון בעאַמטע און ברידער פון נאַרעווקער פאַראיין, דאָס איך בין בערייט זיך אַלס ברודער אָנצושליסען, אַ געטרייער מעמבער צו זיין. איך וועל ניעמאַלס איין ברודער קיין שלעכטעס טהאָן, דיזע קאָנסטיטושאָן ריכטיג נאָכקומען, אַלע רעגעלען צו היטען און דיעזער פאַראיין טרייא צו פאַרבלייבען".

די שבועה פון דער חברה תבואות שור אנשי זאלקיעוו:

„איך . . . . . . . .שווער פייערליך אין געגענווערטיק פון די פאַרזאַמעלטע ברידער פון דער חברה תבואות שור אנשי זאלקיעוו דאָס איך וועל נאָכקאָממען אַללע געזעטצע פון דער חברה, דאָס איך וועל ניט פערראַטהען די חברה מיט איהר אייגענטהום און וועל ניט פערעפענטליכען די אנגעלעגענהייטען פון דער חברה פאַר דער אויסערער וועלט, דאָס אַללעס וואָס אין דער חברה פאָרקאָמט וועל איך געהיים האַלטען, דאָס איך וועל איבערגעבען זיין צו יעדען פון די מיטגלידער מיט ברודער ליעבע. אין דעם שווער איך מיט מיין הייליגען עהרען וואָרט. אמן".

אַן אינהאַלט פאַרצייכעניש גיט געוויינטליך אָן די פאַרשיידענע אַרטיקלען פון דער קאָנסטיטוציע. אָט לאָמיר נעהמען די אינהאַלט־פאַרצייכעניש פון „די ערשטע ליובערער אונטערשטיצונג פאַראיין":

אינהאַלט־פאַרצייכעניש

נאָמען, צוועק און שפּראַך
פאַרזאַמלונגען
באַאַמטע
נאָמינײשאָן און וואַהל פון באַאַמטע
פליכטען פון באַאַמטע
קאָמיטעס און זייערע פליכטען
אויפנאַהמס באַדינגונגען
רעכטע פון מיטגלידער
פליכטע פון מיטגלידער און זייערע שטראָפען
קלאַגען
דאָקטאָר פאַרהאַנדלונגען
אונטערנעהמונגען
פאַרענדערונגען
פּאַרלאַמענטאַרישע רולס
רעזערוו און עמוירדזשענסי פאָנד
ענדאומענט פאָנד
אַרבעטסלאָזער פאָנד

דאָס איז כמעט דער אינהאַלט פון אַלע קאָנסטיטוציעס. דאָס זיינען די פונקטען אויף וועלכע די קאָנסטיטוציעס שטעלען זיך אָפּ. מיר וועלען נעהמען איין פונקט נאָכ'ן אַנדערען און איהם שטודירען; אָנווייזען מיט וואָס איין קאָנסטיטוציע אונטערשיידעט זיך פון דער אַנדערער און אָפּשטעלען זיך אויף פאַרשיידענע טשיקאַווע באַשטימונגען און מנהגים.

נאָמען, צוועק און שפּראַך.

אַלע לאַנדסמאַנשאַפטען טראָגען דעם נאָמען פון זייער שטעטעל. זיי זיינען זעהר שטאָלץ אויף זייער שטעטעל. זיי זיינען, קאָן מען זאָגען, גרויסע פּאַטריאָטען פון זייער שטעטעל, און זיי ווילען, אַז דער נאָמען זאָל קיינמאָל ניט פאַרגעסען ווערען. די ערשטע תקנה פון יעדער קאָנסטיטוציע גיט אָן דעם נאָמען פון דער לאַנדסמאַנשאַפט און זאָגט אָן, אַז דער נאָמען זאָל קיינמאָל ניט געביטען ווערען, אַז די לאַנדסמאַנשאַפט קאָן קיינמאָל ניט אויפגעלייזט ווערען, אַזוי לאַנג ווי ס'זיינען פאַראַן 7 — ביי אַנדערע 10, — מיטגלידער. דער נאָמען נעהמט אָן אַ כמעט מיסטיש־ריטואַלען כאַראַקטער. אַזוי צ. ב., שרייבט פאַר די קאָנסטיטוציע פון די אַנשי מאָלאָדעצנע, אַז דער פּרעזידענט דאַרף עפענען און שליסען דעם מיטינג מיט'ן שפּרוך, „חברה מבקשי שלום אנשי מאָלאָדעצנע".

די לאַנדסמאַנשאַפטס קאָנסטיטוציעס זיינען כמעט אַלע איינשטימיג, אַז די פאַרהאַנדלונגען און ביכער זאָלען געפיהרט ווערען אין דער אידישער שפּראַך. מ'קען זעהן ווי וויט דער ענין פון דער אידישער שפּראַך איז ביי די אַלע לאַנדסלייט געווען אַן ערנסטע פראַגע. דאָס איז געווען זייער שפּראַך. זיי האָבען זי ליב געהאַט און זיי האָבען געוואוסט פון דער געפאהר, וואָס לויערט אויף איהר דאָ אין אַמעריקע. דערפאַר באַוואָרענען זיי זיך. זיי ווילען, אַז דאָרט, וואו זיי קומען זיך צוזאמען אַלס ברידער און לאַנדסלייט, זאָלען זיי קאָנען ריידען זייער אייגענע שפּראַך. די לאַנדסמאַנשאַפט פון אנשי גראָדנע גיט אָן: „די ביכער און אַלע געשעפטס־האַנדלונגען זאָללען אין דער אידישער שפּראַך געפירט ווערען, די קאָנסטיטושאָן און נאָוטיסעס זאָללען אין אידישע בוכשטאַבען געדרוקט זיין”. אין אייניגע קאָנסטיטוציעס ווערט געזאָגט, אַז די מיטינגען זאָלען אין דער „ריינער אידישער שפּראַך” געפיהרט ווערען.

אין אַנדערע קאָנסטיטוציעס ווידער הייסט עס אין „דער זשאַרגאָנישער שפּראַך”, אָדער „אין אידיש (זשאַרגאָן)”. די אינדעפּענדענט מאָגילניצער קאָנסטיטוציע באַשטימט, אַז אויב אַ מיטגליד וויל ריידען ניט אויף אידיש, דאַרף ער צוערשט ביים פּרעזידענט בעטען אַ דערלויבעניש. די קאָלאָמייער אָבער זיינען אַן אויסנאַהם. זיי זיינען דייטשע פּאַטריאָטען. זייער אַלטע קאָנסטיטוציע באַשטימט: „אַז אַללע פאַרהאַנדלונגען פאָם פעריינע פּראָטאָקאָל און פינאַנץ ביכער, זאָללען אין דייטשער שפּראַכע געפירט ווערדען. ווען אָבער דער בעטרעפענדע בעאַמטע דער דייטשען שפּראַכע ניכט מעכטיג איזט קענען די זעלבען אין אידישען ווי אויך ענגלישער שפּראַכע געפיהרט ווערדען”. מען קען זיך משער זיין, אַז א סך פון די מיטגלידער און אפילו באַאַמטע זיינען „דער דייטשער שפּראַכע ניכט מעכטיג געוועזן”. די קאָנסטיטוציע פון די יונאָווער מאַכט אַ קאָמפּראָמיס — די ביזנעס און פיהרונגען זאָלען זיין אין אידיש און ענגליש; די פּראָטאָקאָל־ביכער זאָלען געפיהרט ווערען אין אידיש און די פינאַנץ־ביכער — אין ענגליש.

דער צוועק פון פאראיין ווערט פון די „ערשטע קאָליסער” אָנגענומען:

1) אונטערשטיצונג אין פאַל פון קראַנקהייט, 2) טויטען בענעפיט פאַר מאַן און פרוי, 3) באַערדיגונג קאָסטען און באַגרעבניש פּלאַץ. די „ערשטע טוראָווער” לאַנדסמאַנשאפט מאַכט עס קורץ: „דיעזער פעראיין בעשטעהט אום צו אונטערשטיצען קראַנקע און נויט־ליידענדע ברידער אויך טויטען־פעלע עקספּענסעס און ענדאומענטס אויסצוצאָלען”. אין אַן אַנדערער קאָנסטיטוציע רעדט זיך אויך פון שבעה־בענעפיט און אין איינער — פון דער גייסטיגער אַנטוויקלונג פון די מיטגלידער. די „ערשטע שענדישאָווער גאליציאַנער חברה” זאָגט: „דער צוועק פון דער חברה איז, דערהאַלטען דעם גייסט פון ברידערליכקייט צווישען אַללע שענדישאָווער לאַנדסלייט און דאַדורך דעמאָנסטרירען אחדות און שלום צווישען די ברידער פון דער חברה. דער דאָזיגער אידעאַל זאָל אויך אָנגעווענדעט ווערען צווישען דעם יונגען דור געבוירען אין דעם לאַנד, און שטרעבען איינצופלאַנצען אין זיי די באַוואוסטזיניגקייט פון זייער אָפּשטאַמונג”.

דאָס קען מען זאָגען איז געווען דער גייסטיגער באַזיס פון די לאַנדסמאַנשאַפטען, דער ציל און צוועק פון זייער אַנטשטעהונג און אַנטוויקלונג.

## פאַרזאַמלונגען

לויט דער קאָנסטיטוציע ווערען אָפּגעהאַלטען רעגולערע מיטינגען צוויי מאָל א חודש. געוויינטליך האָט יעדע סאָסייעטי אַ באַשטימטען טאָג אין דער וואָך, למשל, אַן ערשטען און דריטען זונטאָג, אָדער דעם צווייטען און פערטען דאָנערשטאָג, און דאָס גלייכען. אַכט אָדער אכט דרייסיג איז אין אַלע קאָנסטיטוציעס די פאָרגעשריבענע שעה ווען די מיטינגען זאָלען זיך אָנהויבען. דזשענעראל מיטינגען ווערען אַלע דריי מאָנאַט גערופען. עס קענען אויך ספּעציעלע מיטינגען גערופען ווערען, אָדער פון פּרעזידענט, אָדער אויפ'ן פאַרלאַנג פון זיבען אָדער צעהן מיטגלידער. אויף די ספּעציעלע מיטינגען טאָר קיין אַנדער זאך ניט פאַרהאַנדעלט ווערען, נאָר דער ענין, צוליב וועלכען מען האָט דעם מיטינג פאַררופען. צו עפענען דעם מיטינג איז נויטיג אַ קוואָרום (7 אָדער 10 מיטגלידער), און זיי זיינען באַרעכטיגט אַלע געזעצליכע געשעפטען צו פאַרהאַנדלען.

## באַאַמטע און וואַהלען.

די קאָנסטיטוציעס שרייבען פאָר די וואַהל פון פאָלגענדע באַמטע:

פּרעזידענט
וויס־פּרעזידענט
פינאנץ־סעקרעטאַר
פּראָטאָקאָל־סעקרעטאר
קעשיר
טראָסטיס (די צאָל איז פאַרשיידען)
האָספּיטעלער
אינערוואַכע

טשערמאַן פון חברה קדישא (אַמאָל הייסט ער טשערמאן פון „בית החיים”, אָדער פון „סעמעטערי”, אָדער פון „גאָטטעסאקער”.)

פאַרשיידענע לאַנדסמאַנשאַפטען האָבען נאָך אַנדערע באַאַמטע, ווי טשערמאַן פון לאָאַן־פאָנד, אדווייזערי באָארד טשערמאַן פון נייע קאַנדידאטען, אַן עקזעקוטיוו באָארד, דאָקטוירים (וועגען די ספּעציעלע באַאַמטע פון די „אַנשי” לאנדסמאַנשאַפטען, וועלען מיר ריידען אין אַ באַזונדערן אַרטיקעל).

די באַאַמטע ווערען לרוב געוועהלט אויף 6 מאָנאַטען צייט. כדי צו קענען דערוועהלט ווערען צו אַן אַמט, מוז אַ „ברודער” לכל הפחות זיין 6 מאָנאַטען אַ מיטגליד פון דער סאָסייעטי, און גוטשטעהענד. אייניגע קאָנסטיטוציעס גיבען אָן

אַז די באַאַמטע מוזען קענען לייענען און שרייבען. נאָר יע־נער קען „לויפען" פאַר פּרעזידענט, וואָס האָט שוין אַמאָל געהאַט אַן אַמט אין דער סאָסייעטי. אַ סך קאָנסטיטוציעס זאָגען, אַז פאָטער און זוהן, אָדער נאָהענטע קרובים קענען ניט זיין קיין באַאַמטע אין דערזעלבער צייט. די אורזאַך איז פאַרשטענדליך. מען האָט זיך געוואָלט באַוואָרענען פון צו־פיל מאַכט אין די זעלבע הענט. די „טוראָוועך" קאָנסטיטו־ציע שרייבט פאָר, אַז אַ פּרעזידענט קען ניט זיין מעהר ווי




שער־בלאַט פון אַ חברה־קדישא פּנקס אין יאָהר 1885, נ. י.

צוויי טערמינען. דערנאָך מוז ער זיך אָפּזאָגען, אָבער נאָך 6 מאָנאַטען, קען ער ווידער לויפען פאַר פּרעזידענט.

די קאָנסטיטוציעס רעכענען אויס גענוי די פליכטען פון די פאַרשיידענע באַאַמטע. מיר וועלען זיך נאָר אָפּשטעלען אויף די פליכטען פון „האָספּיטעלער" און „אינער־וואַכע", וואָס וועלען איינעם, וואָס איז ניט באַקאַנט מיט די לאַנדס־מאַנשאַפטען, קלינגען אודאי אומפאַרשטענדליך. דער האָס־פּיטעלער מוז באַזוכען יעדען ברודער, וואָס מעלדעט זיך קראַנק; ער מוז אַכטונג געבען, אַז דער קראַנקער זאָל באַ־האַנדעלט ווערען ריכטיג פון דאָקטאָר. ער מוז דעם קראַנ־קען פּערזענליך באַזוכען איינמאָל אָדער צוויי מאָל אַ וואָך. ער מוז באַריכטען ביי די מיטינגען וועגען דעם קראַנקען, פאַרזאָרגען, אַז קאָמיטעטען פון „ברידער", וואָס וואוינען אין דער נאָכבאַרשאַפט, זאָלען דעם קראַנקען באַזוכען און אַזוי ווייטער.

דער „אינער־וואַכער" איז דער שומר פון דער לאַנדס־מאַנשאַפט. ער גיט אַכטונג אויף דער אָרדענונג אין מיטינג־פּלאַץ, ער גיט אַכטונג, קיינער זאָל ניט שטערען דעם מי־טינג און א. וו.

### פליכטען פון מיטגלידער

דער מיטגליד פון דער לאַנדסמאַנשאַפט איז פאַרפּליכ־טעט צו קומען צו די מיטינגען, פאָלגען די באַאַמטע, באַצאָ־לען פּינקטליך זיינע חובות צו דער סאָסייעטי (אַז ניט, ווערט ער „געשטראָכען"). ס'איז פאַראַנען אַ ספּעציעלער „שטרייך־אָווענט" — ד. ה. דער לעצטער טערמין, ביז וועלכען אַ מעמבער קען באַצאָלען זיינע חובות, אַנטייל נעהמען אין קאָמיטעס, אין וועלכע מען וועהלט איהם אויס, באַזוכען אַ קראַנקען ברודער. ער מוז אומבאַדינגט קומען צו אַ לויה פון אַ געשטאָרבענעם ברודער. די קאָנסטיטוציע פון די „פּוכאָוויצער" האָט אַ ספּעציעלען פּאַראַגראַף וועגען דעם:

„ביי אַ לויה פון אַ מיטגליד אָדער זיין פרוי איז יעדער מיטגליד פאַרפּליכטעט זיך אָנשטענדיק אָנקליידען און קו־מען צו דער צייט... יעדער מיטגליד איז פאַרפּליכטעט צו געהן אין ליין און טאָר ניט סמוקען אין דער צייט פון לויה, און ווען איינער פאָלגט ניט, ווערט ער שטראָפירט מיט 50 סענט".

### ווען אַ מעמבער האָט חתונה

אַן אַנדער פּאַראַגראַף פון דער זעלבער קאָנסטיטוציע זאָגט:

„ווען איין מיטגליד איז געוואָרען איין מעמבער אַלס סינגעל און דערנאָך האָט ער געהייראַט, מוז ער גלייך מעלדען".

פּאַראַגראַף 13 פון דער „פּוירסט קאַליסער בענעוואָלענט אַסאָסיאיישאַן" זאָגט וועגען דעם ענין אַזוי:

„ווען אַ מעמבער געהט הייראַטען, אַזוי איז ער פאַרפּליכ־טעט זיין פרוי פאַרצושלאָגען אין פאַראיין, דער פאַראיין האָט צו אַפּוינטען אַ קאָמיטע, וועלכע זאָל זיך מיט איהר איבערגעהען צום דאָקטאָר אום איין אַטעסט פון איהר גע־זונדהייט צו קריגען. אין פאַל אָבער זי איז פון דאָקטאָר ער־קלעהרט געוואָרען אַלס אונגינסטיג, אַזוי פאַרבלייבט דער באַטרעפענדער מעמבער אַלס סינגעל און זאָל קיין טויטען בענעפיט פיר זיין פרוי פון פאַראיין ניט קריגען".

אַ סך קאָנסטיטוציעס באַשטימען אַ מתנה פאַר אַ מיט־גליד, וואָס געהט חתונה האָבען. דער נאַרעווקער אונטער־שטיצונג פאַראיין באַשטימט פינף דאָלער אויב דער מיט־

גליד באַלאַנגט אַ גאַנץ יאָהר צו דער סאָסייעטי. די יונאָוועד לאַנדסמאַנשאַפט באַשטימט פאַר אַ מיטגליד וואָס איז שוין אַ גאַנץ יאָהר אין פאַראיין, 10 דאָלער און אויב 6 מאָנאַטען, פינף דאָלער. און נאָך ווערט באַשטימט, אַז דער פרעזענט זאָל איבערגעגעבען ווערען פון דעם וויים־טשערמאַן ביי דער חתונה פון „ברודער".

די נאַרעווקער קאָנסטיטוציע באַשטעהט אויך, אַז אַ קאָמיטע פון 7 מיטגלידער מוז דערוועהלט ווערען צו באַזוכען אַ חתונה פון אַ מיטגליד אָדער חתונה פון זיינער אַ טאָכטער. „העטשעק איז אויף דער רעכענונג פון פאַראיין".

אַלע קאָנסטיטוציעס זיינען מסכים, אַז ווען אַ מיטגליד האָט חתונה מיט אַ גוי'ע, אָדער האָט חתונה ניט כדת משה וישראל, קען ער ניט פאַרבלייבען אין דער לאַנדסמאַנשאַפט.

נייע מיטגלידער

נייע מיטגלידער מוזען זיין אין עלטער פון 18 ביז 40, מוזען קערפערליך און גייסטיג געזונט זיין, מוזען האָבען אַן אַנשטענדיגען מאָראַלישען כאַראַקטער, מוזען זיין אידען, און זייערע פרויען, אויב זיי זיינען פאַרהייראַט, מוזען זיין פון אידישען אָפשטאַם און זיי מוזען זיין פאַרהייראַט לויט'ן אידישען דין, און קענען ערנעהרען זייערע פאַמיליעס.

דער נייער מיטגליד מוז אַמווייניגסטענס זיין 6 מאָנאַטען אין לאַנד. דאָס זיינען לויט אַלע קאָנסטיטוציעס די קוואַליפיקאַציעס, וואָס אַ קאַנדידאַט פאַר א לאַנדסמאַנשאַפט מוז באַזיצען. די קאָלאָמייער קאָנסטיטוציע זאָגט, אַז קיין סאלון־קיפּערס קענען ניט ווערען קיין מיטגלידער. אייניגע קאָנסטיטוציעס באַגרעניצען די עלטער ביז 32 און אַנדערע ביז 35 יאָהר.

די פּראָצעדור איז געוויינטליך אַזאַ. דער קאַנדידאַט ווערט פון אַ מיטגליד פאָרגעשלאָגען. ער גיט אריין אַ שריפטליכע אַפּליקאַציע מיט דער ביילאַגע פון פאָרשלאָגס־געלט און אַ דאָקטאָר אַטעסטאַט. עס ווערט דערנאָך באַשטימט אַ קאָמיטעט, וועלכער אונטערזוכט דעם נייעם מיטגליד און באריכטעט צו דער מיטגלידערשאַפט און ס'ווערט אָפּגעשטימט צי מען זאָל יאָ אַריינעהמען, צי ניט.

דער איינטריט אָפּצאָל פון די קאַנדידאַטען איז לויט די יאָהרען. וואָס עלטער, אַלץ העכער דער איינטריט־אָפּצאָל.

די פּאַנעוועזשער קאָנסטיטוציע גיט אָן די פאָלגענדע אָפּצאָלונגען:

אין עלטער פון 20 ביז 24 יאָהר — — — 1 דאָל. 50 ס.
אין עלטער פון 25 ביז 29 יאָהר — — — 2 דאָל. — ס.
אין עלטער פון 30 ביז 34 יאָהר — — — 2 דאָל. 50 ס.
אין עלטער פון 35 ביז 40 יאָהר — — — 3 דאָל. 50 ס.

די יונאָוועד קאָנסטיציע זאָגט, אַז „ווען דער דאָקטאָר אַטעסטאַט פאַר'ן קאַנדידאַט גינסטיג איז, אָבער פאַר זיין פרוי ניט גינסטיג איז, קען ער צום פאַראיין ניט באַלאַנגען" (דער פאַראיין זאָל נימ דארפען באַצאָלען קיין בענעפיט אין טויטענפאַל). אַנדערע קאָנסטיטוציעס נעהמען אריין אַזא מיטגליד, אָבער אַלס סינגעל (ווי ס'איז שוין דערמאָנט געוואָרען). מאַנכע פאַראיינען נעהמען אינגאַנצען ניט אַריין קיין מיטגלידער איבער פערציג, אָדער נעהמען יאָ אריין, באַשטימענדיג דערביי אַ באַזונדערען העכען איינטריט אָפּצאָל. פאַרשיידענע קאָנסטיטוציעס באַשטימען אויך פאַרשיידענע אנדערע אָפּצאָלען א חוץ די קוואַרטעל־דיוס. די סאטאנאָווער קאָנסטיטוציע פאַרלאַנגט, למשל, אַ חוץ אויפנאַמס־געלט, 10 דאָל. פאַר סעמעטערי, אַ דאָלער ענדאַומענט און 50 סענט פאַר קאָנסטיטושאָן ביכעל. (אין אַנדערע סאָסייעטיס קאָסט דאָס קאָנסטיטוציע ביכעל נאָר 25 סענט).

די סאַטאַנאָווער קאָנסטיטוציע האָט אויך פאָלגענדע טשיקאווע באַשטימונג: „אַ פרוי אַן אלמנה, אָדער א גרושה פון סאטאנאָוו ביז 40 יאָהר, קען אריינקומען אין אונזער פאַראיין אויף די פאָלגענדע פונקטען: 1) זי מוז באַצאָלען 25 דאָלער, 2) זי מוז צאָלען 2 דאָלער אַ קוואַרטעל דיוס, 3) און זי איז באַרעכטיגט בלויז צו סעמעטערי מיט באַערדיגונגס־קאָסטען".

די פוכאָוויצער קאָנסטיטוציע איז זעהר מקפיד אריינצונעהמען נאָר לאַנדסלייט. אין צווייטען פאַראַגראַף פון אַרטיקעל וועגען דער אויפנאהמע פון נייע מיטגלידער, האָט זי אַזאַ דין: „אַ קאנדידאַט קען נאָר פאָרגעשלאָגען ווערען, וועלכער איז אַ פוכאָוויצער, אָדער 21 וויאָרסט ארום פוכאָוויץ, אויך פוכאָוויצער איידעמס, אויך אַ מיטגליד'ס אַן איידעם". פאַראַנען דאָרט אויך אַזאַ טשיקאַווע באַשטימונג: „ווען די פרוי פון אַ נייעם קאַנדידאַט שוועגנערט, מוז ער ווארטען ביז 4 וואָכען נאָך די ענטבינדונג און דאַן מוז א קאָמיטע ווידער באַזוכען די גאַנצע פאַמיליע און ברייננגען אַ בעריכט צום מיטינג".

די באָארד אָוו דירעקטאָרס פון פוכאָוויצער האָט אויך דאָס רעכט אַריינצונעמען „באַגרעניצטע מעמבערס", ד. ה. מעמבערס, וואָס זיינען באַרעכטיגט נאָר צו אַזעלכע בענעפיטען, וואָס דער באָארד אָוו דירעקטאָרס וועט באַשטימען.

די נייע מיטגלידער ווערען אַריינגעפיהרט מיט פאַראַד. די סאַטאַנאָווער קאָנסטיטוציע באַשרייבט אַזוי די צערעמאָניע ביים אריינפיהרען קאַנדידאַטען:

„פיהרער און קאַנדידאַט קומען אריין און שטעלען פאַר דעם נייעם קאַנדידאַט פאַר'ן פרעזידענט, און דער פרעזידענט שווערט איהם איין: ווערטהער פריינד, בעפאָר איך וועל אייך איבערגעבען דעם צייכען פון אונזער סאָסייעטי און אייך איינשווערען פאַר איין ברודער, מוזט איהר געבען אייער עהרען וואָרט, אז איהר פארפליכטעט זיך נאָכצוקומען אַלע געזעצען און פאָרשריפטען, ווי אויך אַלע פליכטען פון אונזער סאָסייעטי, און קיין ברודער סיי דורך וואָרט אָדער טהאַט קיין אונרעכט צו טון.

(פּרעזידענט): 1. „איך וויל אייך באַקאַנט מאַכען מיט דעם צייכען און עמבלעם פון אונזער אָרגאַניזאַציע. ווי איהר וועט זעהן, געפינט זיך אויף דעם באָטאָן אַן אַנקער און מיט אַנקער זענען מיר פאַראַנקערט, ברידערליך איבערגעגעבען

איינער צום צווייטען חס ושלום אין נויט, אַזוי ווי אַ שיף אויף'ן ים ווען אַ שטורעם קומט אָן, איז דער אַנקער האַלט אָפּ דעם שטורעם, אַזוי באַדייטעט דער אַנקער ביי אונזער אָרגאַניזאַציע.

2. „יעצט קומט איינלאַס צייכען — ווען איהר קומט צום מיטינג און די טיר איז געשלאָסען, דאַרפט איהר געבען דאָס פּאַסיר וואָרט צום אינסייד גאַרד.

3. „יעצט קומט באַגריסונג צייכען — ווען איהר קומט אַריין און דער מיטינג געהט שוין אָן דאַרפט איהר באַגריסען דעם פּרעזידענט מיט דער רעכטער האַנט אויף דער לינקער ברוסט, דעם זעלבען באַגריסונג-צייכען דעם וויס-פּרעזידענט און דאַן פאַרנעמט איהר אייער פּלאַץ.

4. „יעצט קומט אָפּשטימונג-צייכען — ווען אַ פאָרשלאַג ווערט פאַרהאַנדעלט און דער פּרעזידענט נעהמט איהם צום אָפּשטימען צי איהר זענט פאַר'ן פאָרשלאַג, אָדער דאַגעגען, דאַרפט איהר אָפּגעבען אייער שטימע מיט אויפהויבען די רעכטע האַנט פאַר'ן פאָרשלאַג אָדער דאַגעגען אָבער איהר טאָרט ניט שטימען פאַר ביידע אי דאַפיר אי דאַגעגען".

5. „יעצט קומט האַמער-שלאַג צייכען — ווען דער פּרעזידענט גיט איין (1) קלאַפּ מיט דעם האַמער רופט ער אייך, צוויי (2) קלאַפּ רופט ער די באַאַמטע, דריי (3) קלאַפּ רופט ער די גאַנצע סאָסייעטי."

6. „יעצט קומט דער הויפּט-צייכען וואָס וועט אייך באַקאַנט מאַכען מיט אונזער סאָסייעטי אַז איהר מוזט אַטענדען די מיטינגען און לעזען די קאָנסטיטוציע, דאַן קענט איהר ווערען אַ גוטער מיטגליד."

7. „דער פּרעזידענט גיט דריי קלאַפּ מיט'ן האַמער — אין נאָמען פון סאַטאַנאָווער בענעוואָלענט סאָסייעטי ערקלער איך דעם נייעם קאַנדידאַט געזעצליך אַריינגענומען מיט אַלע רעכטע פון אונזער אָרגאַניזאַציע. מיינע ברידער, איך שטעל אייך פאָר אונזער נייעם מיטגליד. גיט איין קלאַפּ מיט'ן האַמער צו זעצען זיך."

ניט אַלע סאָסייעטיס פּראָווען אַזוינע גרויסע צערעמאָניעס. אָבער אַלע פּראָווען כאָטש אָף אַ זעהר פּשוט'ן אופן, באַווירקען דעם נייעם קאַנדידאַט מיט דעם וויכטיגקייט פון מאָמענט.

עטליכע קאָנסטיטוציעס רעכענען אויס די באַדייטונג פון דער צאָהל פון די האַמער קלעפּ וואָס דער פּרעזידענט גיט.

### קראַנקען בענעפיט

יעדער גוטשטעהענדער מיטגליד, וואָס באַלאַנגט צו אַ לאַנדסמאַנשאַפט סאָסייעטי 6 מאָנאַטען, איז באַרעכטיגט ווען ער ווערט קראַנק און אונפעהיג צו אַרבעטען, צו קראַנקען־בענעפיט. די קאָנסטיטוציעס פון פאַרשידענע פאַראיינען באַוואָרענען זיך אָבער, אַז דער קראַנקען בענעפיט ווערט נאָר געצאָהלט דעמאָלט ווען אין דער קאַסע געפינט זיך אַזאַ סומע געלט. אייניגע פאַראיינען שטעלען אַוועק די סומע פון 1,000 דאָלער, אַנדערע 500 דאָלער, אַנדערע נידעריגער. אַנדערע העכער. אין פאַל ס'איז ניטאָ אַזויפיל געלט ווערט דער קראַנקען בענעפיט געשלאָסען. ווען אַ מיטגליד איז קראַנק אויף אַן אונמאָראַלישע קראַנקהייט קריגט ער ניט קיין בענעפיט. (אינטערעסאַנט איז וואָס אַלע קאָנסטיטוציעס אָהן אויסנאַהם האָבען דעם פּונקט.) דער בענעפיט איז ביי יעדער סאָסייעטי אַן אַנדערער אין דער צאָהל וואָכען, וואָס איינער קען קריגען דעם בענעפיט און אין דער וועכענטליכער סומע געלט. אייניגע סאָסייעטיס צאָהלען 8 וואָכען, אַנדערע 9, אייניגע 10, אַנדערע 12, אַנדערע 13 א. א. וו. אויב איינער ליידט פון אַ כראָנישער קראַנקהייט, קריגט ער אין אייניגע סאָסייעטיס בענעפיט אין משך פון איין יאָהר (די צאָהל וואָכען צו וועלכע ער איז באַרעכטיגט,) אין אַנדערע סאָסייעטיס צוויי יאָהר. דערנאָך קען ער אין מאַנכע פאַלען קריגען שטיצע, ניט קיין קראַנקען-בענעפיט. די האַראַדישטשער קאָנסטיטוציע זאָגט, אַז „אַ קראַנקער מוז זיינע ביי־טרעגע און אַלע אָפּצאָהלונגען צאָהלען ווען דער פאַראיין האָט איהם ניט באַפרייט." די קאָנסטיטוציעס באַוואָרענען זיך אויך צו דער כראָניש קראַנקער האָט זיך ניט אַריינגע־גנב'עט מיט זיין כראָנישער קראַנקהייט אין דער סאָסייעטי. אייניגע קאָנסטיטוציעס נעמען פון איהם אין אַזאַ פאַל אַוועק די בענעפיטס, אַנדערע הייסען איהם אינגאַנצען אויסשליסען. די טוראָווער קאָנסטיטוציע האָט אַן אינטערעסאַנטע באַשטימונג וועגען איינעם וואָס ווערט קראַנק אויף קאָנסאַמפּשאַן (אַ קראַנקהייט וואָס איז צווישען די סוועט-שאַפּ אַרבעטער ניט געווען קיין זעלטענקייט): „ווען אַ מעמבער ווערט קראַנק אויף קאָנסאַמפּשאַן זאָל ער קריגען 100 דאָלער עקסטראַ אויסער דעם בענעפיט צו 20 דאָלער אַ וואָך אויסגעצאָהלט אין 5 וואָכען וואו ער וועט זיך געפינען, אין הויז אָדער אין קאַנטרי און ווען מען געפינט פאַר נויטווענדיג צו שטיצען איהם מעהר זאָל מען דאָס ביי אַ ספּעשעל מיטינג פאַרהאַנדלען."

די קאָנסטיטוציעס האָבען אויך באַשטימונגען וועגען שיקען צו די קראַנקע קאָמיטעס זיי מבקר חולים זיין און „לינה" ד. ה., ווען אַ קראַנקער נויטיגט זיך אין אַ מענטש וואָס זאָל באַ איהם איבערנעכטיגען.

### ש ב ע ה

יעדער מיטגליד פון לאַנדסמאַנשאַפט וואָס זיצט שבעה איז באַרעכטיגט פון דער סאָסייעטי צו שבעה בענעפיטען. דער שבעה בענעפיט איז געוויינליך 5 אָדער 7 דאָלער. אָבער צו דעם געלט איז ער נאָר דעמאָלט באַרעכטיגט ווען אַ קאָמיטע וואָס באַזוכט איהם (אין מאַנכע קאָנסטיטוציעס זאָגען אַן אַזאַ קאָמיטע דאַרף געשיקט ווערען יעדען טאָג), באַריכטעט אַז דער מענטש זיצט טאַקע שבעה. די קאָנסטיטוציע פון די האַראַדישטשער באַשטעהט אַז אויב אַ מיטגליד זיצט שבעה אויסער ניו יאָרק און וויל זיין שבעה בענעפיט, מוז ער אַן אַפידייוויט פון נאָטערי-פּאַבליק צושיקען.

### נויטפאַל בענעפיט

אַ מיטגליד וואָס באַלאַנגט 6 מאָנאַטען צו אַ פאַראיין איז אין נויט-פאַל באַרעכטיגט צו שטיצע. די שטיצע באַטרעפט געוועהנליך 5 ביז 10 דאָלער. כדי צו קריגען אַ גרעסערע

שטיצע מוז אַ ספּעציעלער מיטינג פאַררופען ווערען. אינטערעסאַנט איז אַ פּאַראַגראַף וועגען דעם ענין פון דער פּאָנעוועזשער קאָנסטיטוציע: „איין מיטגליד וועלכער וואַרפט דעם צווייטען פאָר אַז ער האָט גענומען שטיצע ווערט באַשטראָפט מיט איין דאָלער. צום צווייטען מאָל זאָל ער צו אַ געריכט איבערגעגעבען ווערען.״

## טויטענפאַל און ענדאַומענט

פאַרזאָרגען זיך מיט קרקע נאָך הונדערט און צוואַנציג יאָהר איז איינער פון די וויכטיגסטע מאָטיוון וואָס טרייבט יעדען איד אַנצושליסען זיך אין אַ סאָסייעטי. און קרקע אָדער סעמעטערי איז פון די וויכטיגסטע אויפגאַבען פון יעדער לאַנדסמאַנשאַפט. אַלע פאַראיינען האָבען אייגענע סעמעטעריס. די קאָנסטיטוציעס האָבען לאַנגע פּאַראַגראַפען וועגען די אַלע רעכטע פון אַ מיטגליד אין טויטען־פאַל. זיי רעכענען אויס מיט אַלע דעטאַלען די פליכטען פון פאַראיין ביי דער לויה און דעם ענדאַומענט אָדער פאַרזיכערונגס־געלט, (אין אַ סך פאַראיינען פער קאַפּיטא טעקס) וואָס דער פאַראיין דאַרף אויסצאָהלען דער פאַמיליע פון נפטר.

אַלע סאָסייעטיס טראָגען די קאָסטען פון דער לויה. זיי שרייבען געוויינליך פאָר וואָס דעם נפטר קומט: אַ טויטען־וואָגען (אַ הוירס), צוויי „קערידזשעס״ און די קאָסטען, ווערט אָנגעגעבען, זאָלען ניט איבערשטייגען אַ געוויסע סומע. זיי שרייבען אויך פאָר וואָס ס׳קומט אַ מיטגליד אין פאַל אַ קינד שטאַרבט. טייל סאָסייעטיס באַשטימען אַ סומע געלט, אַן ענדאַומענט, וואָס עס קומט די איבערגעבליבענע פון פאַרשטאָרבענעם און אַנדערע באַשטימען אַ פּער קאַפּיטא טעקס (געוועהנליך 1 דאָלער) וואָס יעדער מיטגליד מוז באַצאָהלען און דאָס געלט געהט פאַר דעם פאַרשטאָרבענעם׳ס פאַמיליע. געוויינליך ווערט פאַרהאַלטען אַ דעפּאָזיט פאַר אַ מצבה, אַ באַוואָרענונג אַז אַ מצבה נאָך דעם פאַרשטאַרבענעם מיטגליד וועט געשטעלט ווערען. נאָכדעם ווי די מצבה ווערט געשטעלט, ווערט דאָס געלט אומגעקערט. די ענדאַומענט, אָדער דער פּער קאַפּיטא טעקס, איז אין פאַל פון טויט פון אַ פרוי פון אַ מיטגליד אין אַ סך סאָסייעטיס די העלפט פון דעם וואָס די פרוי באַקומט ווען דער מאַן שטאַרבט. די פרוי נאָכ׳ן טויט פון מאַן קען בלייבען אין פאַראיין. עס ווערט אין די קאָנסטיטוציעס באַשטימט וויפיל זי זאָל צאָהלען און זי איז נאָכ׳ן טויט באַרעכטיגט צו קרקע און לויה קאָסטען. איהרע יורשים זיינען ניט באַרעכטיגט צו קיין ענדאַומענט. ווען די פרוי הייראַט נאָכאַמאָל ענדיגען זיך אַלע איהרע פּריווילעגיעס. ווען אַ מיטגליד׳ס פרוי שטאַרבט און ער האָט באַקומען אַן ענדאַומענט און הייראַט נאָכאַמאָל מוז ער איינצאָהלען פאַר דער פרוי אַ סומע געלט (געוועהנליך 25 דאָלער). דערפאַר איז זי באַרעכטיגט צו קרקע און קאָסטען פון לויה. אָבער ענדאַומענט קען ער מעהר ווי איינמאָל ניט באַקומען.

די אַרטיקלען פון די קאָנסטיטוציעס וועגען טויטען־פאַלען און ענדאַומענט זיינען זייער דעטאַליזירט און נעהמען אַרום אַלע מעגלעכע פאַלען, ווייל דאָ האַנדעלט זיך וועגען געלט און די סאָסייעטיס באַוואָרענען זיך קעגען מעגלעכע קלאַגען. אָט זיינען אַ פּאָר פּאַראַגראַפען פון דער ראָזאַנקער קאָנסטיטוציע וועגען טויטען־פאַלען:

פּאַראַגראַף 8: „ווען עס שטאַרבט אַ מעמבער׳ס קינד, וועלכעס איז אונטער זיין רשות און דאָס קינד איז אונטער 1 יאָהר אַלט, איז עס באַרעכטיגט צו סעמעטערי, צו אַ מאַן וואָס זאָל טהאָן זיין רעכט און צו אַ באָגי. ווען דאָס קינד איז אָבער עלטער אַלס 1 יאהר איז עס באַרעכטיגט צו סעמעטערי, אַ לייכען־וואָגען, 1 קערידזש, און אַ מאַן צו טהאָן זיין רעכט אָדער אַ פרוי צו טהאָן איר רעכט.״

פּאַראַגראַף 9: „קינדער וועלכע זיינען אונטער דעם פאָטער׳ס רשות הייסען טעכטער זאָלאַנג זיי זיינען אונפאַרהייראַט און זיהן וועלכע האָבען נאָך ניט עררייכט דאָס עלטער פון 18 יאָהר.״

פּאַראַגראַף 10: „אַדאָפּטירטע קינדער ווערען גערעכענט ווי אייגענע קינדער און זיי באַלאַנגען צו אַלע עקספּענסעס פון דער סאָסייעטי. שטיף־קינדער ווערען ניט גערעכענט צו איהם און די סאָסייעטי איז ניט פערפליכטעט צו קיינע עקספּענסעס.״

פּאַראַגראַף 11: „ווען אַ פרוי שיידעט זיך פון איהר מאַן און זי נעהמט די קינדער צו זיך, זיינען די קינדער באַרעכטיגט צו סעמעטערי און ענדאַומענט.״

## פּאַרלאַמענטאַרישע רעגלען

אַלע קאָנסטיטוציעס גיבען אָפּ אַ סך פּלאַץ צו באַשטימונגען וועגען פּאַרלאַמענטאַרישע געזעצען. זיי באַוואָרענען זיך אַז די סאָסייעטיס זאָלען זיין דעמאָקראַטישע קערפּערשאַפטען און אַלע מיטגלידער זאָלען האָבען די זעלבע רעכט. זיי גיבען אָן מיט אַלע פּרטים ווי אַזוי די דעבאַטען זאָלען געפיהרט ווערען, וויפיל מאָל אַ מעמבער קען זיך מעלדען צום וואָרט, ווי מען שטימט וועגען פאָרשלאַגען, וועגען רעדנער ליסטען און רעדע־צייט, וועגען „שלוס דער רעדנער־ליסטע״ און „אַוועקלייגען אויפ׳ן טיש אַ פאָרשלאַג״ (טייבלען אַ פאָרשלאַג). מאַנכע גיבען נאָך צו אַז טאָמער איז עפּעס ניט קלאָר אין די פּאַרלעמענטאַרישע דינים זאָל מען זיך באַנוצען מיט „קושינג׳ס מאַניועל אָוו פּאַרלאַמענטאַריען רולס״.

## פאַרשידענע אַנדערע פּונקטען אין די לאַנדסמאַנשאַפטען קאָנסטיטוציעס

מיר האָבען זיך אָפּגעשטעלט ביז איצט באַריכות אויף די אַלע וויכטיגסטע פּונקטען פון די לאַנדסמאַנשאַפטען קאָנסטיטוציעס. עס זיינען נאָך געבליבען פאַרשידענע מינדערוויכטיגע פּונקטען, וועלכע מיר ווילען דאָ בקצור דערמאָנען. פאַרשידענע קאָנסטיטוציעס האָבען פאַרשידענע אייגענאַרטיגע אַרטיקלען. מאַנכע האָבען גאָר מאָדערנע אידייען; איינינגע האָבען אַן „אָלד אײדזש פאָנד״, אַן „אינוואַלידען־פאָנד״; אַנדערע אַן „אַנעמפּלאָימענט פאָנד״. אַ סך קאָנסטיטוציעס האָבען אויך באַשטימונגען וועגען אַ „ליי־קאַסע״

פון וועלכע מיטגלידער קענען קריגען אַ קליינע הלואה. מאַנכע קאָנסטיטוציעס האָבען אַ ספּעציעלען פּונקט וועגען פאַרשידענע קאָמיטעס, וואָס דאַרפען אויסגעוועהלט ווערען און זייערע פונקציעס. עס ווערען אויסגעוועהלט: פינאַנס קאָמיטעס, קראַנקען און שבעה קאָמיטעס, אונטערשטיצונג און „אָלד־אײדזש" קאָמיטעס, „סעמעטערי" קאָמיטעס, און נאָך אַנדערע קאָמיטעס. אַלע קאָנסטיטוציעס האָבען אַרטיקלען וועגען פאַרשידענע קלאַגען און שטראָפען. עס ווערען אַרויפגעלייגט פאַרשידענע געלט שטראָפען פון עטליכע ביז 25 דאָלער פאַר אַלערליי חטאים, ווי ניט קומען צו מיטינגען, שטערען מיטינגען, פאַר ניט קומען צו קאָמיטעס, ניט קומען צו לויות א. א. וו. פון דעם קריגט די סאָסייעטי אַ נישקשה'דיגע הכנסה. לאָמיר נאָך דערמאָנען רייזע און אָבגאַנגקאַרטען וואָס סאָסייעטיס גיבען מיטגלידער, וואָס פאָהרען אַוועק אויף אַ קורצע צייט, און מיר וועלען האָבען אַרומגענומען אַלע פּונקטען פון די לאַנדסמאַנשאַפט־קאָנסטיטוציעס. אין אָנהויב פון אונזער אַרטיקל האָבען מיר דערמאָנט וועגען פּונקט וואָס אַלע קאָנסטיטוציעס האָבען וועגען ענדערען די קאָנסטיטוציע אָדער דורכפיהרען אַן אַמענדמענט. אַזאַ פאָרשלאַג מוז עטלעכע מאָל פאָרגעלייגט ווערען און אַ ספּעציעלער מיטינג מוז פאַררופען ווערען און דער אַמענדמענט מוז קריגען צוויי דריטעל שטימען.

### די אנשי קאָנסטיטוציעס

די קאָנסטיטוציעס פון די אנשי־לאַנדסמאַנשאַפטען זיינען אין א סך הינזיכטען ענליך צו די קאָנסטיטוציעס פון אַלע לאַנדסמאַנשאַפטען און מיר האָבען זיך אויף אייניגע פון זיי אָפּגעשטעלט און אפילו געבראַכט ציטאַטען פון אַ צאָהל. עס זיינען אָבער פאַראַנען עטלעכע פּונקטען וועלכע זיינען כאַראַקטעריסטיש נאָר פאַר די אנשי'ס און זיינען אין געוויינלעכע לאַנדסמאַנשאַפט סאָסייעטיס אינגאַנצען ניטאָ און פּונקטען מיט וועלכע די קאָנסטיטוציעס פון די אנשי'ס געבען זיך אָפּ באַריכות און וואָס זיינען אין אַנדערע קאָנסטיטוציעס בלויז באַרירט געוואָרען, ווי דינים פון חברה קדישא א. א. וו.

די אנשי סאָסייעטי איז אגב פאַרבונדען מיט אַ שול און איינע פון איהרע הויפּט־אויפגאַבען איז אויפצוהאַלטען די אַלע רעליגיעזע מנהגים. ס'רוב קאָנסטיטוציעס פון די אנשי'ס באַטאָנען דאָס שטאַרק ווען ס'רעדט זיך וועגען צוועק פון דער חברה. אַזוי זאָגט די קאָנסטיטוציע פון די כוכב יעקב אנשי קאַמינעץ דליטא:

„דער צוועק פון דער חברה איז צו האָבען אַ שול צו דאַווענען שבת ויו"ט און טעגליך, אויך צום לערנען, אַלעס זאָל געפיהרט ווערען כמנהג אשכנז סטריקט אָרטאָדאָקסיש."

מאַנכע קאָנסטיטוציעס באַוואָרענען זיך אַז מען זאָל זיך ניט נאָר פיהרען אָרטאָדאָקסיש, נאָר מען זאָל זיך פיהרען ווי מ'האָט זיך געפיהרט אין דער אַלטער היים. אַזוי זאָגט די קאָנסטיטוציע פון די אנשי לובעשאָוו ויאנאָווע אַז: „די געמיינדע זאָל האָבען איין שוהל צום דאַווענען יעדען טאָג און שבת ויו"ט, כמנהג אחב"י 'אנשי לובעשאָוו ויאנאָווע'." אין דער קאָנסטיטוציע פון דער חברה עדת ישראל אנשי גאַליציא מנהג ספרד הייסט עס: „די חברה איסט געגרינדעט צו באַשטעהען ע"פי דתו"הק וע"פי מנהג חסידים הנוהגים בהקלויזען של צדיקי זמנינו... און דער נוסח התפלה זאָל תמיד זיין נוסח ספרד. עס קאָן ניעמאַלס געענדערט ווערדען."

די שענדישאָווער קאָנסטיטוציע זאָגט אַזוי: „די שענדישאָווער חברה איז געגרינדעט אויף די יסודות פון תורת ישראל און מוז געפיהרט ווערען אינ'ם גייסט פון רעליגיעזען אידענטום." אַ סך קאָנסטיטוציעס האָבען אויך באַשטימונגען אַז מעמבערס מוזען קומען צום דאַווענען און אַז מעמבערס וואָס קומען ניט עטלעכע מאָל צום דאַווענען זאָלען באַשטראָפט ווערען.

די קאָנסטיטוציעס האָבען אויך פאַרשידענע פּונקטען ווי מען דאַרף זיך אויפפיהרען אין שוהל, לייענען די נדרים און עליות, וועגען פאַרקויפען טיקעטס פאַר יום טובים א. א. וו.

אַזוי זאָגט די קאָנסטיטוציע פון אנשי קראַסילאָב ספרד: „אַלע סיטס געלדער פון יומים נוראים מוזען פאָראויס באַצאָהלט ווערען", און „ביז ענדע דעם יאָהר מוז אינגאַנצען די נדרים אויסגעצאָהלט ווערען."

די קראַסילאָווער קאָנסטיטוציע האָט אויך אַזאַ טשיקאָווע פּונקט: „איין בעל־תפלה וואָס גייט ימים נוראים פאָרבעטען פיר דעם עמוד טאָר ניט שערען און ניט גאָלען די באָרד און טאָר ניט זיין קיין מחלל שבת."

אַט זיינען אַ פּאָר זייער אינטערעסאַנטע דינים וועגען יאָהרצייט און מפטיר וועלכע די קאָנסטיטוציע פון די אנשי קאַמינעץ דליטא גיט אָפּ אַ היבש ביסעל פּלאַץ:

פּאַראַגראַף 3. „ווען אַ מעמבער האָט יאָהרצייט אום שבת אָדער בעקסטע וואָך ווען עס איז ניט קיין טאָג פון קריאת התורה געהערט דער מפטיר פון דיעזען שבת צו איהם און דער מפטיר זאָל ניט פאַרקויפט ווערען."

פּאַראַגראַף 5: „ווען אַ מעמבערס אַ זאָהן ווערט בר־מצוה אָדער ווען אַ מעמבערס אַ חתן געפינט זיך אין שול אום שבת קודם החתונה זאָל דער מפטיר ניט פאַרקויפט ווערען."

פּאַראַגראַף 7. „יעדער בר־מצוה מוז זיך מיט אַ מאָנאַט בעפאָר מעלדען ביי דעם שמש און דער יעניגער וועלכער זיך צום ערשטען געמעלדעט האָט, איז באַרעכטיגט צום מפטיר. דער שמש מוז אָבער אַ רעכטיגען רעקאָרד דעריבער פיהרען אין אַ בוך און דעם נאָמען פון די געמעלדעטע ריכטיג נאָך דער רייהע שרייבען."

און נאָך אַ טשיקאַווער דין וועגען חתונה און עליות.

פּאַראַגראַף 9. „ווען אַ מעמבער פאַרהייראַט זיין קינד זאָ באַקומט ער פריי די חופה און געז־באַלייכטונג אין שוהל באַ דער מעלדונג דעם פּרעזידענטען, און האָט דאָס רעכט אם שבת אחר החתונה אויף דעם בימה נעבען דעם פּרעזידענטען צו שטעהען און די עליות צו פערטיילען צו זיינע מחותנים."

די אנשי לאַנדסמאַנשאַפט וועהלט אַ חוץ די געוויינליכע באַאמטע ווי פרעזידענט, וויס־פרעזידענט, סעקרעטאַר, קאַסירער און אַנדערע, אויך גבאים, אַ שמש און מתעסקים פון „חברה קדישא". די פליכטען פון גבאי ווערען אין דער קאָנסטיטוציע פון עדת ישראל אנשי גאַליציע אַזוי באַשטימט:

„קיין מענש האָט דאָס רעכט זיך צו שטעלען מתפלל זיין פאַר דער עמוד בלא ידיעות הגבא. בשבתות ויו"ט זאָל ער די בעלי־תפלות מכבד זיין אויך די עליות און אַנדערע כבודים צו פערטיילען, אויסנאַמען ווען די עליות ווערען פאַרקויפט. דאַן בלייבט אים נאָר די עהרע ביים ס"ת צו שטעהען און דאָס איבריגע צו פיהרען, אויך ווען איין מעמבער איז איין בעל־שמחה," א. א. וו.

דער שמש וואָס איז געוועהנליך אַ באַצאָהלטער און אַ סך מאָל ניט קיין מיטגליד פון דער סאָסייעטי, מוז לויט דער קאָנסטיטוציע אויספאָלגען די באַפעלען פון די גבאים און סעקרעטאַרען און טאָן אַלץ וואָס אַ שמש פון אַ שוהל דאַרף טאָן. די קאָנסטיטוציע פון עדת ישראל אנשי גאליציע זאָגט וועגען די פליכטען פון שמש אין אַ דייטשמערישען אידיש:

„ער מוז אויך יעדען שבת שלש סעודות פאָרבערייטען ווי אויך הבדלה למוצ"ש". און ווייטער — „זאָל מאַן אויספינדען דאָס דער שמש האָט געמאַכט איין בעטרוג ווירד ער פון זיין אַמט סוספענדירט."

די אַרבייט פון דער חברה קדישא ווערט זייער הויך געשטעלט אין דער אידישער טראַדיציע. די קאָנסטיטוציעס פון די אַנשי לאַנדסמאַנשאַפטען גיבען אָפּ אַ סך פּלאַץ צו די פליכטען און פּריווילעגיעס פון די מתעסקים פון דער חברה קדישא. עטלעכע גיבען אָפּ אַ שטיקעל פּלאַץ צו לויבען און באַזינגען די וויכטיקייט פון דער חברה קדישא. דער פּרעזידענט פון דער פּאָנעוועזשער לאַנדסמאַנשאַפט, מ. בלומענטהאל, האָט פאַרפאַסט אַזאַ חבור וועגען דער חברה קדישא אָפּגעדרוקט אונטער זיין נאָמען צום סוף פון דער קאָנסטיטוציע.

„שטאַרבען, אָבער ניט אָפּשטאַרבען, יעדער מענש אויף זיין אָרט שטרעבט ניט אָפּצושטאַרבען, שטרעבט דאָס זיין אָנדענקען זאָל דויערען און בלייבען אויף דער וועלט וואָס לענגער. אונזער חברה קדישא חוץ וואָס זיי טרייען זייער בעסט דאָס די טהרה און קבורה זאָלען זיין נאָכ'ן דת ישראל פאַראייביגען זיי דעם נאָמען פון יעדען מעמבער דורך הזכרת נשמות יעדען טאָג פון יזכור און אַלעס וואָס איז מעגליך אַז אַ נאָמען פון אַ מיטגליד זאָל פון דער וועלט ניט פאַרגעסען ווערען." און ער ענדיגט — „עס איז ווינשענסווערט דאָס אונזערע יונגערע מעמבערס זאָלען זיך אָנשליסען אָן די חברה קדישא אום דיזע וויכטיגע אינסטיטושאָן זאָל אימער עקזיסטירען ווייל מיר זיינען דאָך שטערבליכע."

די ערשטע שענדישאָווער גאַליציאַנער חברה האָט אַזאַ פאָרוואָרט צו דעם אַרטיקעל וועגען חברה קדישא:

„די חברה קדישא ווערט באַטראַכט אין אידישען דין און ביים אידישען פאָלק אַלס די היילינגסטע און העכסטע עטישע קערפערשאַפט, ווייל זי איז מקיים אין פולען זין פון וואָרט די מצוה פון חסד של אמת."

„דעראיבער איז דער אַמט פון מיטגלידער אין דער חברה קדישא ניט נאָר אַן אויסערגעוועהנליכער כבוד נאָר אויך אַ העכסט פעראַנטוואָרטליכער און מוז דורכגעפיהרט ווערען לויט דער דיסציפּלין און געזעצען פון דער חברה קדישא."

די קאָנסטיטוציעס גיבען אָן גענוי אַלע פליכטען פון די חברה קדישא לייט און אין אַנערקענונג פון זעהרע שווערע און ניט זעהר אַנגענעמע פליכטען באַלוינען זיי זיי מיט ספּעציעלע פּריווילעגיעס. צו די פליכטען פון די מתעסקים פון דער חברה קדישא באַלאַנגען:

באַזאָרגען אַלץ וואָס האָט אַ שיכות מיט קבורה — תכריכים, ארון המת, קבר, די לויה א. א. וו. די מתעסקים דאַרפען אויך אַנוועזענד זיין ביי דער גסיסה ביז נאָך יציאת נשמה און באַזאָרגען די טהרה און זעהן אַלץ זאָל גיין לויטען אידישען דין. די סאָסייעטי באַזאָרגט אויך מיט אַ קדיש אויב נויטיג און היט אָפּ די יאָהרצייטען אויב ס'ניטאָ ווער ס'זאָל זיי אָפּהיטען. די קאָנסטיטוציע פון דער עדת ישראל אנשי גאַליציע גיט אָן אַז: „די חברה קדישא ברויכען צו זעהן אַז די טהרה וכל צרכי המת זאָל זיין נאָך מנהג קהילות קדישות וישרות מולדתנו גאַליציע".

די קאָנסטיטוציעס באַוויליגען פאַרשידענע געלדער פאַר דער חברה קדישא זיי זאָלען האָבען אַ שטיקעל „גוד טיים" אויך. די אויבען דערמאָנטע גאַליציאַנער קאָנסטיטוציע זאָגט אַז די חברה קדישא זאָל באַקומען 2 מאָל אין יאָהר פון דער של פסח 10 דאָלער און אויף הזכרות נשמות זאָל מען בשעת הקריאה מאַכען דער חברה קדישא איין מי שברך.

די ערשטע שענדישאָווער לאַנדסמאַנשאַפט האָט אַזאַ פונקט: „לזכרון דעם יאָהרצייט פונ'ם אַלטען שענדישאָווער רבי, ר' אברהם הארואוויץ זצוק"ל זאָל די שענדישאָווער חברה אונטער דער אויפזיכט פון דער חברה קדישא מאַכען אַ סעודה. פאַר דער סעודה זאָל די חברה האָבען דאָס רעכט צו ספּענדען ביז 25 דאָלער". די קאָנסטיטוציע פון די אנשי באברויסק באַשטימט אַז אחרון של פסח שמיני עצרת און דער שבת פון פ' ויחי באַלאַנגען די עליות צו די חברים פון ח"ק און זייערע גבאים דאַרפען שטעהן אויף דער בימה און פאַרנאַנדערטיילען די עליות. און אַז די חברים פון דער חברה קדישא האָבען אַ רעכט אַז לאחר מאה שנה זאָל פאַר זיי אָפּגעטיילט ווערען עטלעכע פלאַטס באַזונדער און דאָס זאָל זיך רופען דער שומרי שבת ווינקעל."

שמואל שוואַרץ

# די לאַנדסמאַנשאַפטן־פאַרבאַנדן אין ניו יאָרק

די פאַרבאַנדן האָבן זיך פאָרמירט אין דעם גאַנג פון דער אַנטוויקלונג פון די לאַנדסמאַנשאַפטן סאָסייעטיס אין אַמעריקע. זייער אויפגאַבע איז געווען צו פאַרבינדן די איינצעלנע, צעוואָרפענע לאַנדסמאַנשאַפטן צווישן זיך, צו דערהויבן זייער קולטורעלן און געזעלשאַפטליכן מצב און צעמענטירן זיי אין איין גרויסן געזעלשאַפטליכן כח, וואָס זאָל זיין ווירקזאַם סיי אויפ׳ן נאַציאָנאַלן קולטורעלן און סיי אויפן סאָציאַל עקאָנאָמישן געביט. די איינצעלנע אָפּגעזונדערטע לאַנדסמאַנשאַפטן האָבן מיט זייער אינדיווידועלער הילף־אַרבייט ניט געקענט באַפרידיגן די נויטען פון די אידישע מאַסען אין דער אַלטער היים, און זיי זיינען ניט געווען בכח צו לייזן די פּראָבלעם פון צוריק איינשטעלן און רעהאַביליטירן דאָס חרוב געוואָרענע אידישע עקאָנאָמישע און סאָציאַלע לעבן נאָך דער וועלט מלחמה. עס איז דעריבער געווען אַ היסטאָרישע נויטווענדיגקייט צו פאַראייניגען און צונויפברייגען די פאַרשיידענע אידישע הילפס סאָסייעטיס און לאַנדסמאַנשאַפטן אין צענטראַלע קערפּערשאַפטן, אַרויסהויבן פון זיי און אַנטוויקלען קאַדרען פירער און טוער, כדי זיי זאָלן קענען קאָלעקטיוו און אויף אַן אָרגאַניזירטען אופן אָנפיהרען די גרויסע הילף־אַרבייט און דערגרייכען אַ מאַקסימום רעזולטאַטען. אַזעלכע צענטראַלע קערפּערשאַפטן האָבן זיך גענומען שאַפן נאָך מיט 30 יאָהר צוריק.

אַ דאַנק דער פּאָליטישער און עקאָנאָמישער לאַגע פון די אידען אויף יענער זייט ים, האָבן זיי זיך אָדער אַנטוויקעלט, אָדער זיי האָבן אויפגעהערט צו פונקציאָנירן. אַזוי זיינען, למשל, אויפגעלייזט געוואָרען דער אוקראַינישער פאַרבאַנד, דער בעסאַראַבער, דער בוקאָווינער פאַרבאַנד, א. אַ. די געשעענישען פון דער לעצטער צייט האָבן געבראַכט צו דער אויפלעבונג פון גאַליציאַנער פאַרבאַנד, דעם ליטווישען א. אַ. וו.

### פּוילישער פאַרבאַנד, אָדער פעדעראַציע פון פּוילישע אידען אין אַמעריקע

דער פּוילישער פאַרבאַנד, וועלכער איז היינט אַ טייל פון דעם פּוילישען וועלט־פאַרבאַנד, איז געגרינדעט געוואָרען אין מאַי, 1908.

אַ גרופּע לאַנדסלייט פון פּוילען האָבן זיך אינקאָרפּאָרירט אַלס אַ פּראָוויזאָרישער קאָמיטעט מיט דר. הענרי מאָשקאָוויטש אין דער שפּיץ און פאַררופן אַ קאָנווענשאָן פון פּוילישע לאַנדסמאַנשאַפטן אין בעטהאָווען האָל, 5־טע גאַס, נ. י. צו יענער קאָנווענשאָן זיינען געקומען אַרום 200 דעלעגאַטען, וועלכע האָבן פאַרטראָטען אַרום 50 לאַנדסמאַנשאַפטן. אברהם ראָזענבערג איז דערוועהלט געוואָרען אַלס פּרעזידענט, און מר. זיגמונד מאָסקאָוויטש — אַלס סעקרעטאַר. דער פאַרבאַנד האָט זיך דאַמאָלס גערופן — ״רוסיש־פּוילישע פעדעראַציע״.

די הויפּט־צוועקען פונ׳ם פאַרבאַנד זיינען געווען: צו וועקען און שטאַרקען דעם געפיל פון קרובה׳שאַפט צווישן די פּוילישע אידען אין אַמעריקע צו זייערע פאַרוואַנדטע אין דער אַלטער היים; העלפן פאַרשפּרייטען דעם געדאַנק פון לאַנדסמאַנשאַפטן; העלפן די ניי־איינגעוואַנדערטע מאַטעריעל און געזעלשאַפטליך און בויען אַן אייגענעם האָספּיטאַל פאַר די וואָס קענען אַליין ניט באַצאָלן פאַר אָפּעראַציעס און מעדיצינישע הילף בכלל. די האָספּיטאַל פראַגע איז דאַן געווען די קאַרדינאַלסטע פראַגע. די פעדעראַציע האָט געווידמעט אַ סך כחות צו שאַפן אַזאַ מעדיצינישע אינסטיטוציע. די ערשטע צעהן יאָהר האָט די פעדעראַציע פאַרצייכענט ממשות׳דיגע רעזולטאַטען. די דאָזיגע אונטערנעמונג האָט אָבער ניט געהאַט קיין דויערענדיגע עקזיסטענץ, און ניט איבערגעלאָזט קיין שטאַרק אָנגענומענע דעראינערונגען. כאָטש פאַר די עטליכע יאָהר פון זיין עקזיסטענץ האָט דער האָספּיטאַל פיל אויפגעטאָן פאַר דער פעדעראַציע און געגעבן מעדיצינישע הילף צו די מעהר אָרימערע שיכטען פון די רוסיש־פּוילישע לאַנדסמאַנשאַפטן. דאָס איז דער היינטיגער בית דוד האָספּיטאַל, וועלכער ווערט איצט קאָנטראָלירט און אָנגעפיהרט פון אַ גרופּע דאָקטוירים אין דער שטאָט ניו יאָרק.

### דירעקטע הילף פאַר די אידען אין פּוילען

גלייך ביים אויסברוך פונ׳ם וועלט־קריג האָט די פעדעראַציע אָנגעפיהרט מיט אַ געלט־קאַמפּאַניע און געזאַמעלט אַרום דרייסיג טויזענט דאָלאַר פאַר די אידען אין פּוילען. די פולע סומע פון דרייסיג טויזענט דאָלאַר איז אָפּגעשיקט געוואָרען מיט אַ ספּעציעלען שליח קיין וואַרשע. באַלד נאָך דער מלחמה האָט די פעדעראַציע געשיקט עטליכע וואַגאָנען אַלטע קליידער קיין פּוילען, די דאָזיגע הילפס־אַקציעס האָבן אין אַ גרויסער מאָס געבראַכט אין נאָענטען קאָנטאַקט יענע טיילען פון פּוילישע אידען אין אַמעריקע, וועלכע זיינען שוין כמעט געווען אָפּגעקילט פון דער אַלטער היים.

## קאָנסטרוקטיווע הילף

צו דער 16־טער קאָנווענשאָן, וועלכע איז אָפגעהאַלטען געוואָרען דעם 11־טען מאַי, 1924, זיינען געקומען אַרום 300 דעלעגאַטען, וועלכע האָבען פאַרטראָטען 65 לאַנדסמאַנשאַפטען. אויף יענער קאָנווענשאָן האָט די פעדעראַציע אַריינגעטראָגען אַן ענדערונג אין איהר רעליף אַרבייט. באַגלייך מיט דער קאָאָרדינירונג פון די טעטיגקייטען פון די לאַנדסמאַנשאַפטען און זייערע אינערליכע אַרבייטען, האָט די פעדעראַציע אויסגעטיילט די געלט־זאַמלונג צו די לאַנדסמאַנשאַפטען גופא. די פעדעראַציע האָט געמאַכט פאַר איהר הויפט אויפגאַבע צו סיסטעמאַטיזירען און אָרגאַניזירען די מאַטעריעלע שטיצע אויף אַ קאָנסטרוקטיווען אופן און בכלל וועקען און רופען דאָס גאַנצע אַמעריקאַנער אידענטום צו זיין וואַך צו די באַדערפענישען פון דעם גרעסטען אידישען קבוץ אין אייראָפע. אויף יענער קאָנווענשאָן איז אָנגענומען געוואָרען אַ רעזאָלוציע וועגען בייטראָגען 25,000 דאָלאַר צום „אָרט“. די רעזאָלוציע לייענט זיך: „נעמענדיג אין אנבאַטראַכט, אַז די גרויסע נויטווענדיגקייט צו געבען קאָנסטרוקטיווע הילף צו אונזערע ברידער אין פוילען איז ביי דער איינשרענקונג פון אימיגראַציע קיין אַמעריקע נאָך פיל דרינגליכער געוואָרען ווי ביז איצט; אַז די פאַרשפרייטונג פון נוצליכע מלאכות צווישען דעם יונגען דור, און די הילף פאַר אידישע אַרבייטס־מענשען דורך געבען זיי געצייג אויף קרעדיט, איז איינס פון די וויכטיגסטע מיטלען צו פאַרבעסערען די אידישע עקאָנאָמישע לאַגע אין פוילען און אויסהאָדעווען אַ דור פון זעלבסשטענדיגע נוצליכע בירגער פאַר דעם לאַנד וואו זיי געפינען זיך — נעמענדיג דאָס אַלץ אין אנבאַטראַכט, זיי עס באַשלאָסען, אַז די 16־טע קאָנווענשאָן פון דער פעדעראַציע פון פוילישע אידען אין אַמעריקע, אינדאָרסירט די וויכטיגע נאַציאָנאַל־עקאָנאָמישע אַרבייט פון „אָרט־פאַרבאַנד“; פאָדערט אויף אַלע לאַנדסמאַנשאַפטען זיך צו באַטייליגען אין דער קאָנפערענץ פון „אָרט“; און אין לויף פון דעם יאָהר זאָל מיט דער הילף פון אַלע אָנגעשלאָסענע לאַנדסמאַנשאַפטען געשאַפען ווערען אַ פאָנד פון 25,000 דאָלאַר פאַר דער אַרבייט פון דעם פוילישען „אָרט“.

אין די יאָהרען 1924—1930, ביז פאַר דעם גרויסען קריזיס, וואָס האָט זיך מיט אַזאַ שווערער משא געלייגט אויף דער אַמעריקאַנער באַפעלקערונג און אויך שטאַרק געטראָפען די אידישע אַרבייטער און האָרעפאַשניקעס, האָבען די אַמעריקאַנער אידען איבערגעשיקט קיין פוילען פון 18 ביז 20 מיליאָן דאָלאַר יעהרליך. אַ היפשער טייל פון דעם געלט איז געזאַמעלט געוואָרען אונטער דער דירעקטער אויפזיכט פונ׳ם פאַרבאַנד. אַרום פיר־הונדערט רעליף קאָמיטעס זיינען דאַמאָלט אָרגאַניזירט געוואָרען אונטער דער אויפזיכט פונ׳ם פאַרבאַנד און נאָענט צו טויזענט לאַנדסמאַנשאַפטען זיינען דרגרייכט געוואָרען צו העלפען אויפבויען דאָס עקאָנאָמישע לעבען פון די געטראָפענע אויף יענער זייט ים אויף אַ פראָדוקטיווען און קאָנסטרוקטיווען אופן.

אין שייכות צו דער פראַגע וועגען העלפען באַזעצען אידען אין בירא־בידזשאַן, האָט זיך דער פאַרבאַנד וואַרעם אָפגערופען. נאָכדעם ווי דער פאַרבאַנד האָט אויסגעטוישט אַ רייע וויכטיגע פראַגען מיט דעם בירא־בידזשאַנער קאָמיטעט בנוגע רייזע קאָסטען, פרייע לאַנד פאַר די פוילישע אידען באַגלייך מיט די אידען פון סאָוועטען פאַרבאַנד, אָדער צו וועלען די אַריבערגעוואַנדערטע אידען פון פוילען אויפגענומען ווערען ווי גלייכבאַרעכטיגטע בירגער און קענען זיך אָנשליסען אין די קאָלעקטיווע און רעגירונגס פאַרמס, האָט דער פאַרבאַנד באַשלאָסען אנטייל צו נעמען אין די קאָנפערענצען און פאַרזאַמלונגען און אויך געשיקט אַ קאָמיטעט צום באַנקעט, וואָס איז דאַן געגעבען געוואָרען לכבוד דעם סאָוועטישען אַמבאַסאַדאָר אין וואַשינגטאָן.

אין 1936 האָט דער פאַרבאַנד אָרגאַניזירט די „אַמעריקען אַפיל“, אַן אַפאַראַט צו העלפען די אידען פון פוילען איינאָרדענען קאָאָפעראַטיווע אונטערנעמונגען און בכלל העלפען קאָנסטרוקטיוו אויפבויען דאָס עקאָנאָמישע לעבען פון די אידען אין פוילען. דער פאַרבאַנד האָט געהאָלפען איינשטעלען אויפ׳ן אָרט פאַרטרויענסווערטע פאַרטיילונגס־קאָמיטעטען. די געלדער זיינען אויסגעטיילט געוואָרען דורכאויס פאַר קאָנסטרוקטיווער הילף, אויסער אין פאַלען, וואו עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען פאָגראָמירטע שטעט ווי, פשיטיק, טשיזשעוו און בריסק.

## פאָליטישע טעטיגקייטען

מיט׳ן צוועק איינצושטעלען נעענטערע באַציאונגען צווישען די פאָליאַקען און אידען אין אַמעריקע, האָט די פעדעראַציע געשאַפען אַ „גוד וויל“ קאָמיטעט, וואָס איז געווען אונטער דער פיהרערשאַפט פון דר. יוסף טענענבוים. דער ערשטער מיטינג פון דעם „גוד וויל“ קאָמיטעט איז אָפגעהאַלטען געוואָרען אין מעקאַלפין האָטעל, נ. י., אין אַפריל, 1930. דער קאָמיטעט איז באַשטאַנען פון דרייסיג פערזאָן — 15 אידען און 15 ניט־אידען. די קאָנסטיטוציע פון קאָמיטעט זאָגט: „אַ געזעלשאַפט ווערט געגרינדעט צווישען אידען און ניט־אידען פון פוילישער אָפשטאַמונג, וועלכע וואוינען אין די פאַראייניגטע שטאַטען, צו העלפען קולטיווירען פריינדליכע באַציאונגען און שאַפען אַ געגענזייטיגע פאַרשטענדיגונג צווישען אידען און ניט־אידען פון פוילישער אָפשטאַמונג אין די פאַראייניגטע שטאַטען“.

די „גוד וויל“ באַוועגונג האָט זיך פון דאַנען דערנאָך פאַרשפרייט אין פוילען זעלבסט און אין אַנדערע לענדער. עס האָט אָבער לאַנג ניט אָנגעהאַלטען.

די פעדעראַציע האָט אנטייל גענומען אין דעם קאַמפעין צו שאַפען אַ „שוואַרצבאָרד פאָנד“, אין פאַרבינדונג מיט דעם פראָצעס איבער שוואַרצבאָרד׳ן אין זיין נקמה־אַקט איבער דעם תלין פעטליוראָ; די פעדעראַציע האָט געהאָלפען זאַמלען אַלע מאַטעריאַלען וועגען די פעטליוראָ־פאָגראָמען.

אין פאַרבינדונג מיט דעם פראָיעקט, וואָס וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי האָט געמאַכט צו דער פוילישער רעגירונג, אַז

די פוילישע רעגירונג זאָל העלפן דורך אַ גרעסערער עמיגראַציע באַפרייען זיך פון אַ גרעסערן טייל אידען אין פוילען, האָט דער אַדמיניסטראַטיווער קאָמיטעט פון פאַרבאַנד אַרויסגעגעבן פאָלגענדיגע מעלדונג:

„מיר, די פעדעראַציע פון די פוילישע אידען אין אַמעריקע, אַלס אַ טייל פון וועלט־פאַרבאַנד, וועלכער נעמט אַריין פעדעראַציעס פון ניינצעהן לענדער, דריקן אויס אונזער שאַרפסטן פּראָטעסט געגען וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי׳ס פאַרהאַנדלונגען מיט דער פוילישער רעגירונג, אַז די אידען־פראַגע זאָל פאַרענטפערט ווערן דורך אַ געפּלאַנטער צוגעגרייטער עמיגראַציע. מיר פּראָטעסטירן, קודם כל, געגען דעם עצם פּרינציפּ פון צולאָזען דעם געדאַנק, אַז די אידען־פראַגע אין פוילען קאָן פאַרענטפערט ווערן דורך זיין אויסגעטיילט פון אַנדערע מינאָריטעטן און, אַז דער גורל פון דריי און אַ האַלב מיליאָן אידען זאָל אַוועקגעפיהרט ווערן אויף אַן אַנדער אופן, ווי דאָס גאַנצע פוילישע פאָלק. אידען אין פוילען לעבען שוין דאָרט איבער טויזענט יאָהר. זיי האָבען בייגעשטייערט סיי מיט זייער בלוט און סיי מיט זייער גייסטיגען און אינדוסטריעלען כח צו אַלץ אין דעם היינטיגען פוילען. דאָס אידענטום אין פוילען מוז און זאָל סיי דורך פוילען׳ס קאָנסטיטוציע און סיי דורך דער ווערסאַילער טריטי, שטייגען צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע בירגער צו אַ בעסערן עקאָנאָמישען צושטאַנד. געוויס איז דאָ אין פוילען אַ פראַגע פון עמיגראַציע פאַר אידען, אַבער אַזוי גוט איז עס אויך פאַראַן פאַר די אוקראַינער און פאַר עטליכע מיליאָן פויערים, וועלכע לעבען איבער שווערע עקאָנאָמישע צייטען. דער וואָס טיילט אויס די אידישע מינאָריטעט און דערקלערט, אַז איהר ליזונג קאָן נאָר זיין אין אַ גרויסער מאַסענהאַפטער עמיגראַציע, איז אַ פאַררעטער צו די אידישע אינטערעסען אין פוילען, וועלכע זיינען אַזוי אויך גענוג שוידערליך״.

## די נאַציאָנאַל־קולטורעלע אַרבייט פון פאַרבאַנד

דער פאַרבאַנד האָט געהעריג אָפּגעשאַצט די ווירקונג פון פּרעסע און שריפט. אַרום 1924 האָט די פעדעראַציע, אונטער דער רעדאַקציע פון מר. ז. טיגעל, אָנגעהויבען אַרויסגעבען אַ מאָנאַטליכען זשורנאַל „דער פאַרבאַנד״. דער זשורנאַל איז דערשינען אין משך פון 6 יאָהר. דער „פאַרבאַנד״ האָט געהאָלפען פאַרשפּרייטען דעם געדאַנק פון לאַנדסמאַנשאַפטען און אונטער זיין איינפלוס געהאָלפען גרינדען לאַנדסמאַנשאַפטען אין אַנדערע וועלט־טיילען ווי, אַרגענטינע, בראַזיל, פראַנקרייך, בעלגיע און קאַנאַדע. די 70 נומערן „פאַרבאַנד״ אַנטהאַלטען אַן אוצר פון היסטאָרישען מאַטעריאַל וועגען דער געשיכטע פון די אידען אין פוילען אין אַמעריקע. אויך דער יעהרליכער בוך „פוילישע אידען״, וועלכער האָט אָנגעהויבען דערשיינען אין יאָהר 1933, אונטער דער רעדאַקציע פון ז. טיגעל, איז אַ ליטעראַרישער בייטראַג און אַ קוואַל פון אינפאָרמאַציע וועגען אידישע ענינים בכלל און פויליש־אידישע בפרט.

דעם 22־טען פעברואַר, 1937, האָט די פעדעראַציע איינגעשטעלט אַ קולטור־סעקציע אויף אָנצופיהרען מיט דער קולטור־אַרבייט צווישען די פוילישע לאַנדסמאַנשאַפטען אין אַמעריקע. צווישען אַנדערע, האָט די קולטור־סעקציע זיך געשטעלט די אויפגאַבע צוציען און פאַראייניגען אַלע קולטור־שאַפענדיגע כחות אין לאַנד און העלפען דורכפיהרען די קולטור אויפגאַבען. די קולטור־סעקציע האָט אויך איינגעשטעלט אַ לעקציע ביוראָ און באַשלאָסען אַרויסגעבען פּעריאָדישע שריפטען און בראָשורען וועגען ענינים בנוגע די אידען אין פוילען. אויך העלפען פאַרשפּרייטען דאָס אידישע בוך.

## אַלגעמיינע רעליף אַרבייט

אַחוץ די אויבען־דערמאָנטע פאָרמען פון רעליף האָט אויך די פעדעראַציע פיל מיטגעהאָלפען אין דעם, אַז די אָרימע שיכטען אין פוילען זאָלען באַקומען געניצטע מלבושים פון זייערע קרובים אין אַמעריקע.

די אַקציע פון שיקען אַלטע קליידער קיין פוילען האָט אין אַ גרויסער מאָס אויך אַרויסגעהאָלפען דעם קליינעם שניידער אָדער שוסטער. די בעלי מלאכות האָבען באַקומען אַרבייט צו פאַרריכטען און איבערנייען די קליידער וואָס די קרובים האָבען באַקומען פון זייערע לאַנדסלייט אין אַמעריקע.

פון גרויס וויכטיגקייט איז די אַרבייט וואָס די פעדעראַציע פיהרט אָן צו העלפען איהרע מיטגלידער בנוגע אימיגראַציע פון נאַטוראַליזאַציע ענינים פאַר די קרובים פון די פוילישע לאַנדסלייט. די פעדעראַציע האָט צווישען אַנדערע אויך איינגעפיהרט אַ רייע דעפּאַרטמענטס, וועלכע גיבען זיך אָפּ ספּעציעל מיט די פאָלגענדיגע אָנגעלעגענהייטען: אַ נאַטוראַליזאַציע ביוראָ וואו די מיטגלידער באַקומען אינפאָרמאַציע וועגען בירגער־פּאַפּירען; אַ אימיגראַציע קאָמיטעט, וועלכע שטייט אין שטענדיגער פאַרבינדונג מיט׳ן נאַטוראַליזאַציע דעפּאַרטמענט אין וואַשינגטאָן; שטענדיגע פאַרבינדונג מיט דעם קאָמישיאָנער אָוו אימיגריישאָן אויף עליס איילאַנד; אַ דירעקטע פאַרבינדונג מיט דעם אַמעריקאַנער קאָנסיל אין וואַרשע, וועגען וויזעס און פּאַספּאָרטען פאַר די קרובים פון איהרע מיטגלידער.

היינט צו טאָג פאַרמאָגט די פעדעראַציע, אויסער ניו יאָרק, פיר דיסטריקטען איבער׳ן לאַנד ווי, באָסטאָן, דעטראָיט, שיקאַגאָ און לאָס־אַנדזשעלעס. די פעדעראַציע האָט 300 ברענטשעס איבער׳ן לאַנד, וועלכע ציילען נאָענט צו 55 טויזענט מיטגלידער, 80 פון זיי אין ניו יאָרק.

דער הויפּט־אָפיס פון דער פעדעראַציע געפינט זיך אויף 225 וו. 34־טע גאַס, נ. י.

## די „פאַראייניגטע גאַליציאַנער אידען אין אַמעריקע״.

דעם 24־טען יאַנואַר, 1937, איז אין פענסילווייניא האָטעל, ניו יאָרק, אָפּגעהאַלטען געוואָרען די ערשטע קאָנווענשאָן פון גאַליציאַנער לאַנדסמאַנשאַפטען. צו יענער קאָנווענשאָן זיינען געקומען אַרום 20 לאַנדסמאַנשאַפטען, אַ צאָל פּראָמינענטע

אידישע כלל-טוער און אויך אייניגע פּראָפעסיאָנאַלען אין דער שטאַט ניו יאָרק.

די ערשטע קאָנווענשאַן האָט אַרויסגעלאָזט פאָלגענדיגע דערקלערונג:

„מיר, גאַליציאַנער לאַנדסמאַנשאַפטן, חברות, לאַדזשעס, אַרבייטער רינג ברענטשעס, ליידיס אַקזילעריס און אַנדערע פאַרשיידענע פּראַטערנאַלע אָרגאַניזאַציעס, לייגען היינט דעם פונדאַמענט פון אַ פאַראייניגטער גאַליציאַנער קערפּערשאַפט פון אַלע גאַליציאַנער אידען אין אַמעריקע.

אונטער'ן נאָמען פון די „פאַראייניגטע גאַליציאַנער אידען אין אַמעריקע" שאַפען מיר פאַר אייך, אידען אין גאַליציע, אַן אַדרעס צו וועמען איהר קענט זיך צו יעדער צייט ווענדען. אַן אַדרעס, צו וועמען אַ גרויסער טייל פון דעם קאַרגען מיליאָן צעבראָכענע אידישע לעבענס אין גאַליציע ריידען זיך אַראָפּ פון האַרצען".

## קאָנסטרוקטיווע הילף

די „פאַראייניגטע גאַליציאַנער אידען אין אַמעריקע", ווענדען אַן זייער הויפּט-טעטיגקייט אויף קאָנסטרוקטיווע וועגען. די צייטען פון מאָמענטאַנער פילאַנטראָפּישער הילף זיינען שוין לאַנג אַוועק! קאָנסטרוקטיווע הילף פאַר די געטראָפענע אויף יענער זייט ים איז אויפ'ן טאָג אָרדענונג פון יעדער פּראָגרעסיווער געזעלשאַפטליכע אונטערנעהמונג. די פאַראָרימטע אידישע מאַסען אין גאַליציע זיינען אריינגעקלעמט געוואָרען צווישען די אַנדערע נאַציאָנאַלע מינאָריטעטען, וועלכע פיהרען אַן אַ סיסטעמאַטישען אָרגאַניזירטען קאַמף פאַר דער דעראָבערונג פון אַלע ווירטשאַפטליכע פּאָזיציעס. די הויכע שטייערען אין זייערע פאַרשיידענע פאָרמען און די באַגרעניצטע מעגליכקייטען פאַר קליין-האַנדעל און אַרבייט שטויסען אַרויס די בירגערליכע עלעמענטען פון די האַנדעלס-ספערען און גראָבען אונטער דעם באָדען פון דער גאַנצער אידישער באַפעלקערונג. אונטער אַזעלכע באַדינגונגען איז אוממעגליך, ביים בעסטען ווילען, אויפצוטאָן ממשות'דיגעס דורך מאָמענטאַנער פינאַנציעלער הילף. עס איז וויכטיג, אַז יעדער סענט וואָס ווערט געזאַמעלט, זאָל געבען די בעסטע דויערענדיגע רעזולטאַטען.

די „פ. ג. א. האָט דעריבער גלייך פון אָנהויב באַשלאָסען צו אַרבייטען מיט'ן „דזשאָינט" האַנט און האַנט און העלפען אויפבויען די לעבענס פון די געטראָפענע אידישע מאַסען אויף אַ פּראָדוקטיווען און קאָנסטרוקטיווען אופן. צום ערשטען מאָל, פאַר די 20 יאָהר, זינט דער „דזשאָינט" איז טעטיג אויפ'ן רעליף געביט אין אייראָפּע, וועט היינטיגס יאָהר אויסגעגעבען ווערען אין גאַליציע אַ דריטעל פון די געלדער וואָס איז באַשטימט געוואָרען פאַר פוילען. (דער בודזשעט פאַר פוילען היינטיגס-יאָהר וועט זיין אומגעפער אַכט-הונדערט טויזענט דאָלאַר).

עס איז ווערט צו באַמערקען, אַז דער „דזשאָינט" האָט אונטערגענומען צו פאַרדאָפּלען די געזאַמעלטע געלדער פון גאַליציאַנער אָרגאַניזאַציעס, וואָס ווערען אָנגעווענדעט פאַר קאָנסטרוקטיווע צוועקען (אַ מאַקסימום פון צוויי טויזענט דאָלאַר פאַר אַן אָרגאַניזאַציע). די „פאַראייניגטע גאַליציאַנער אידען אין אַמעריקע" האָבען די דאָזיגע פאַרטאָפּעלטע קאָנצעסיע באַקומען.

דער צושטאַנד פון דער אידישער יוגענט אויף יענער זייט ים איז פיל ערגער ווי דער טראַגישסטער קאַפּיטעל פון'ם גאַליציאַנער אידענטום. די לאַגע פון דער שטודירענדיגער יוגענט און אינטעליגענץ איז האָפענונגסלאָז און פאַרצווייפעלט. די שטודירענדיגע יוגענט וואָלט גערן פאַרדינט ביי שווערע אַרבייט כדי צו פאַרדינען אַ שטיקעל ברויט אָבער קיין אַרבייט איז ניטאָ. כדי צו מאַכען דעם וואַקסענדיגען יונגען דור פּראָדוקטיוו איז אומבאַדינג נויטיג צו לערנען אַ פאַך. דער נייער גאַליציאַנער פאַרבאַנד האָט געשאַפען אַ דירעקטען קאָנטאַקט מיט דעם „וואָוזעט", אַ געזעלשאַפט צו פאַרשפּרייטען פאַרכמענישע קענטעניסען צווישען דער יוגענט. די פּרעזידענטין פון „וואָוזעט", דר. צעציליע קלאַפּטען, איז איינגעלאַדען געוואָרען אַלס גאַסט צו דער ניט לאַנג-אָפּגעהאַלטענער צווייטער יעהרליכער קאָנווענשאַן פון די „פאַראייניגטע גאַליציאַנער אידען אין אַמעריקע".

דער פ. ג. א. האָט אויף זיין צווייטער האַלב-יעהרליכער קאָנפערענץ, אַפּריל, 1938, אויפגענומען אַ רייע קאָנסטרוקטיווע פּלענער פון אַרבייט. די פּלענער שליסען איין די גמילת-חסד קאַסעס, וואַרשטאַטען, קליינע און גרעסערע קאָאָפּעראַטיווע פאַבריקען און אַנדערע קאָלעקטיווע אונטערנעמונגען.

עס זיינען אויך געשאַפען געוואָרען צוויי נייע אָפּטיילונגען, וועלכע זיינען טעטיג אויף דעם געביט פון שאַפען פאַרכמענישע שולען און וואַרשטאַטען פאַר דער יוגענט און דערוואַקסענע אין גאַליציע. דאָס זיינען די „יוגענט גאַליציע" און די פרויען אָפּטיילונג ביי די פ. ג. א.

דער פ. ג. א. האָט אַרויסגעגעבען חנא גאָטעספעלד'ס בוך „מיין רייזע איבער גאַליציע". אינ'ם בוך ווערט געשילדערט דער צושטאַנד פון דעם היינטיגען פאַרוואָרלאָזטען אידישען לעבען אין גאַליציע.

היינט צו טאָג פאַרמאָגט די „פאַראייניגטע גאַליציאַנער אידען אין אַמעריקע" אַן ערך 158 ברענטשעס מיט נאָענט צו 50 טויזענט מיטגלידער. דער נייער פאַרבאַנד האָט אויך פיל ברענטשעס אין פילאַדעלפיע, באָסטאָן, קליוולאַנד, שיקאַגאָ, דעטראָיט און אַנדערע שטעט.

מר. סאָל לאָוו, פּרעזידענט, און נחמיה גילמאָווסקי, עקזעקוטיוו דירעקטאָר. דער הויפּט-אָפיס פון דעם פאַרבאַנד איז אין 175 5טע עוועניו, ניו יאָרק.

## די פאַראייניגטע רומענישע אידען אין אַמעריקע

אין 1909, ווען אַ כוואַליע פון אַנטיסעמיטישע העצעס און פאַרפאָלגונגען האָט זיך אַ גאָס געטאָן איבער די קעפּ פון די אידען אין רומעניע, האָבען אַ צאָל רומענישע אָרגאַניזאַציעס אין אַמעריקע אַרויסגעלאָזען אַ רוף צו פאַראייניגען די רו-

מענישע לאַנדסלייט און אַנדערע סאָסייעטיס אין איין צענטראַלער קערפּערשאַפט. פיל אָרגאַניזאַציעס האָבען געענטפערט דעם רוף און געגרינדעט די „פעדעראַציע פון רומענישע אידען אין אַמעריקע". זייט ביי זייט, האָט אויך דאַמאָלט אין אַמעריקע עקזיסטירט אַן אַנדער אָרגאַניזאַציע אונטער'ן נאָמען „די פאַראייניגטע רומענישע אידען אין אַמעריקע". די דאָזיגע צוויי פאַרבאַנדען האָבען אָנגעפיהרט פאַרשיידענע טעטיגקייטען צו העלפען זייערע ברידער אין רומעניע מאַטעריעל און פּאָליטיש. אין 1916, האָבען זיך, אונטער דער ווירקונג פון אַ אידישער דעלעגאַציע, וואָס האָט זיך דאַמאָלט געפונען אין אַמעריקע, די צוויי פאַרבאַנדען פאַראייניגט אין איין אָרגאַניזאַציע אונטער דעם נאָמען, „די פאַראייניגטע רומענישע אידען אין אַמעריקע".

פּאָליטישע אַקציע — דער הויפּט־ציל

די ספּעציפישע באַדינגונגען און אויפגאַבען אַרום וועלכע דעם רומענישען פאַרבאַנד איז אויסגעקומען צו אַרבייטען, האָבען איהם אויסגעטיילט פון אַלע אַנדערע אידישע לאַנדסמאַנשאַפטען־פאַרבאַנדען און געלייגט אַ באַזונדערען שטעמפּעל אויף זיין אַרבייט. אין דער צייט, וואָס אַלע אַנדערע פאַרבאַנדען האָבען זיך געשטעלט אַלס זייער הויפּט־ציל צו לינדערען די עקאָנאָמישע נויטען פון זייערע קרובים און בני עיר אויף יענער זייט ים, האָט דער רומענישער פאַרבאַנד געשטעלט דעם טראָפּ הויפּטזאַכליך אויף פּאָליטישער אַקציע. אויף איהר גרינדונגס־קאָנווענשאָן האָט די פעדעראַציע אָנגענומען אַ פּרינציפּען־דערקלערונג: „די אָרגאַניזאַציע שטעלט זיך אַלס איהר הויפּט־אויפגאַבע אויסצוברייטערען און פאַרטיידיגען די אינטערעסען פון די אידען אין רומעניע; צו קעמפען פאַר דער גלייכבאַרעכטיגונג פון די פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און בירגערליכע רעכט פון דער אידישער באַפעלקערונג אין רומעניע און אויך אויסברייטערען און באַשיצען די אינטערעסען פון די אידען אין די פאַראייניגטע שטאַטען פון אַמעריקע".

אין פאַרבינדונג מיט דער געפּלאַנטער שלום־קאָנפערענץ אין אייראָפּע, אין 1917, האָט דער רומענישער פאַרבאַנד געשיקט אַ דעלעגאַציע קיין וואַשינגטאָן, פאָרצובריינגען פאַר פּרעזידענט וואודראָו ווילסאָן, דעם דאַמאָלסדיגען פּרעזידענט פון אַמעריקע, אַ מעמאָראַנדום וועגען דער לאַגע פון די אידען אין רומעניע. וואודראָו ווילסאָן האָט דאַמאָלסט וואַרעם אויפגענומען די דעלעגאַציע און פאַרזיכערט איינצושטעלען זיך פאַר די רעכט פון די רומענישע אידען. זיין דערקלערונג לייענט זיך ווי פאָלגט: „איך שעץ געהעריג אָפּ די ערנסטקייט פון דער פראַגע, וועלכע איהר האָט באַרירט אין אייער בריוו פונ'ם 16־טען נאָוועמבער, 1918, און פאַרזיכער אייך, אַז איך וועל די אַלע פראַגען נעמען אין באַטראַכט אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אַרבייט וועגען פאַרזיכערען און ברייגען שלום אויף דער וועלט".

אַזאַ פּונקט איז טאַקע שפּעטער אַריינגעבראַכט געוואָרען ווייז: „אַלע איינוואוינער אין די מלחמה־טעריטאָריעס, און אין דעם ווערסאילער אָפּמאַך. דער פּונקט לייענט זיך טייל־ אויך די יעניגע, וועלכע זיינען אין צייט פון דער וועלט־מלחמה געווען געצוואונגען צו פאַרלאָזען זייער היימלאַנד, זאָל צוריק אומגעקערט ווערען, אָן אונטערשייד פון ראַסע, נאַציאָנאַליטעט און גלויבען, אַלע פּאָליטישע, רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע רעכט באַגלייך מיט דער גאַנצער באַפעלקערונג פון די באַטרעפענדע לענדער".

עס איז צום פאַרדאַנקען דער אינטענסיווער און ענערגישער אַרבייט פון דעם רומענישען פאַרבאַנד, דורך זיין שטענדיגען וועקען און רופען די אַמעריקאַנישע עפענטליכקייט צו ווירקען אויף דער אַמעריקאַנער רעגירונג זיך איינצושטעלען פאַר די רעכט פון די רומענישע אידען. אין 1919 איז אונטער'ן דרוק פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג, די רומענישע מאַכט געווען געצוואונגען צו גאַראַנטירען די מינאָריטעטען רעכט אין רומעניע.

דעם 16־טען יאַנואַר, 1938, איז אין האָטעל אַסטאָר אָפּגעהאַלטען געוואָרען אַ אויסעראָרדענטליכע קאָנפערענץ, אויף וועלכער עס זיינען געווען פאַרטראָטען אידען און ניט־אידען, צו באַטראַכטען די לאַגע פון די רומענישע אידען אין פאַרבינדונג מיט די נייע גזירות און פאַרפאָלגונגען אונטער דער דאַמאָלטדיגער גאָגאָ רעגירונג. אויף יענער קאָנפערענץ איז געגוי אַרומגערעדט געוואָרען די לאַגע און עס זיינען אָנגענומען געוואָרען אַ ריי מיטלען צו באַקעמפען די דאָזיגע פאַרפאָלגונגען. די קאָנפערענץ האָט צווישען אַנדערס אָנגעוויזען, אַז לויט דעם מינאָריטעטען־אָפּמאַך פון דעם 9־טען דעצעמבער, 1919, און אויך לויט דער קאָנסטיטוציע, וואָס די רומענישע רעגירונג האָט אָנגענומען דעם 29־טען מאַרטש, 1923, איז די אידען אין רומעניע גאַראַנטירט געוואָרען גלייכע בירגערליכע און פּאָליטישע רעכט צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע מינאָריטעטען אין רומעניע.

אין 1929, ווען די בעסאַראַביער אידען זיינען אין גרויסע מאַסען געטראָפען געוואָרען דורך פאַרפאָלגונגען און גרויסער פאַראָרימונג, זיינען דאָס געווען די „פאַראייניגטע רומענישע אידען אין אַמעריקע", וועלכע זיינען זיי געקומען צו הילף. אויך, ווען די פייערען האָבען אויסגעבראָכען אין באָרשאָ, און מאַסען רומענישע אידען זיינען געבליבען אָן אַ דאַך און אָן מיטלען צו לעבען, האָט זיך דער רומענישער פאַרבאַנד געפונען אין דער ערשטער רייע צו העלפען די געטראָפענע אין דער אַלטער היים.

עס איז אַ באַוואוסטער פאַקט, אַז דער רומענישער פאַרבאַנד האָט פיל מיטגעווירקט צו באַשיצען די רעכט פון די רומענישע אידען און האָט אַלע מאָל, ביי יעדער געלעגענהייט געזוכט צו געווינען דעם צוטרוי פון דער אַמעריקאַנער עפענטליכקייט, ווי אויך דעם צוטרוי און די שטיצע פון פיל פּראָמינענטע פּערזענליכקייטען ווי, די געוועזענע פּרעזידענטען טעאָדאָר רוזוועלט און וואודראָוו ווילסאָן און אַנדערע אָנגעזעענע שטאַטסלייט פון אַמעריקע. אַדאַנק דעם אומאויפהערליכען פּראָטעסטירען און אינטערווענירען צו די

פאַרשטייער פון דער רומענישער רעגירונג אין וואַשינגטאָן, איז דעם רומענישן פאַרבאַנד געלונגען צו באַקעמפן דעם מינאָריטעט־געזעץ, געהאָלפן אויפלייזן די טרויעריג־באַריהמטע אַנטיסעמיטישע קריסטליכע סטודענטן־יוניאָן, דאָס צומאַכן אַנטיסעמיטישע קלובען און דאָס צוריקרופן פון אַלע אַנטיסעמיטישע לעהרען־ביכער אין די עלעמענטאַר־שוהלען.

דער רומענישער פאַרבאַנד האָט געהאָלפן אָרגאַניזירען די „מנורה מושב זקנים״, „די דזשואיש קאָנוואלעסענט האָום״. דער פאַרבאַנד האָט אויך געהאָלפן גרינדען די „קהלה״ פון ניו יאָרק און דעם אַמעריקאַנער אידישען קאָנגרעס. דער פאַרבאַנד אַרבייט־מיט צוזאַמען מיט דער „אַמעריקאַן דזשואיש קאָמיטע״.

היינט צו טאָג פאַרמאָגט דער פאַרבאַנד אַרום 40 לאַנדסמאַנשאַפטען איבער׳ן לאַנד און אַרום 30 אין שטאָט ניו יאָרק, וועלכע ציילען אַרום 10 טויזענט מיטגלידער.

דער פאַרבאַנד האַלט אָפּ יעהרליכע קאָנווענשאָנס און יעדע אָרגאַניזאַציע צאָהלט איהרע יעהרליכע דיוס צום פאַרבאַנד צווישען 25 און 50 דאָלאַר. עס זיינען אויך פאַראַן איניגע אָרגאַניזאַציעס, וואָס צאָלען 100 דאָלאַר אַ יאָהר שטייער צום פאַרבאַנד.

עס זיינען אויך פאַראַן יחידים, וועלכע ביישטייערען צום פאַרבאַנד פון פינף ביז צעהן דאָלאַר יעהרליך.

דער פאַרבאַנד ווערט פאַרוואַלטעט פון 25 פראָמינענטע יעדע אָרגאַניזאַציע צאָלט איהרע יעהרליכע דיוס צום פאַר־מר. טשאַרלעס סאַנענרייך איז דער פרעזידענט פון דעם פאַרבאַנד, און מר. הערמאַן ספּייער — סעקרעטאַר.

דער הויפּט־אָפיס פון פאַרבאַנד געפינט זיך אויף 799 בראָדוועי, אין שטאָט ניו יאָרק.

### דער פאַרבאַנד פון פאַלעסטינער אידען אין אַמעריקע

מיט נייז יאָהר צוריק, אַרום 1929, ווען עס האָבען אויסגעבראָכען די אומרוען אין פאַלעסטינע און די לאַגע פון די פאַלעסטינער אידען איז געוואָרען אומזיכער, האָט זיך דער געפיל פון קרובה׳שאַפט און ברידערליכקייט פיל פאַרשטאַרקט ביי די פאַלעסטינער אידען אין אַמעריקע. עס איז דאַמאַלט פאַררופען געוואָרען אַ קאָנווענשאָן פון אַלע פאַלעסטינער אידען אין אַמעריקע. די קאָנווענשאָן איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען דעם 6־טען יולי, 1930, אין פענסילווייניא האָטעל, ניו יאָרק. אויף יענער קאָנווענשאָן איז אָנגענומען געוואָרען אַ פרינציפען־דערקלערונג, וועלכע לייענט זיך טיילווייז: „די פעדעראַציע פון די פאַלעסטינער אידען שטעלט זיך אַלס הויפּט־ציל צו העלפען אַנטוויקלען דעם אידישען ישוב אין פאַלעסטינע ווי אויך צוזאַמענאַרבייטען מיט אַנדערע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע זיינען פאַראינטערעסירט בייצושטייערען צום אויפבוי פון זייער היימלאַנד; צו דערמוטיגען די יעניגע, וועלכע ווילען זיך אומקערען צוריק קיין ארץ ישראל און העלפען זיי מאַטעריעל און מאָראַליש, ווי אויך צו שטיצען די פאַלעסטינער אידען אין אַמעריקע מאַטעריעל און גייסטיג״.

### קאָלאָניזאַציע אונטערנעהמונג

אין אָנפאַנג יאָהר 1933, האָט די פאַלעסטינער פעדעראַציע געשלאָסען אַן אָפּמאַך מיט׳ן „יכין״, אַ קאָנטראַקטאָר געזעלשאַפט פאַר פלאַנצונגען, אָפּטיילונג פון הסתדרות, לויט וועלכען עס ווערט איבערגעגעבען אין רשות פון „יכין״ אַ נייער גרויסער שטח אין וואדי־האווארית, פאַר דער באַזעצונג פון 200 נייע פאַמיליעס. די „יכין״ האָט גענומען אויף זיך צו אָרגאַניזירען אין פאַרשיידענע לענדער 200 אַרבייטער און מיטעל־קלאַס פאַמיליעס, וועלכע קענען אין אַ משך פון 5־6 יאָהר אָפּשפּאָרען די נויטיגע מיטלען אויף צוצוגרייטען פאַר זיך פרדסים אויף דעם באָדען, כדי זיי זאָלען קענען קומען ווען די פרדסים וועלען פאַרטיג ווערען און מאַכען דערפון אַ לעבען.

דער פלאַן פאַר קאָלאָניזאַציע האָט אַרויסגערופען אַ גוואַלדיגען אינטערעס ביי פיל פאַלעסטינער אידען אין אַמעריקע און געבראַכט טיילווייזע רעזולטאַטען. אַזוי, למשל, האָט זיך געגרינדעט אַ „יכין״ אָפּטיילונג אין ניו יאָרק (1133 בראָדוויי), וואָס פיהרט אָן מיט דער אָרגאַניזירונג פון דער דאָזיגער אונטערנעהמונג. היינט צו טאָג האָט שוין דער „יכין״ פאַרפלאַנצט אַ צאָל פרדסים פאַר נאָענט צו 90 פאַמיליעס, 10 דונאַם פאַר יעדען.

### מיטגלידער קאַמפּאַניע

דער פאַלעסטינער פאַרבאַנד האָט זיך געשטעלט אַלס זיין הויפּט־אויפגאַבע צו פאַראייניגען און צוזאַמענברייגען אַלע פאַלעסטינער אידען אין אַמעריקע, ספּעציעל, די יעניגע, וועלכע שטאַמען פון דעם אַלטען ישוב, ד. ה. די אידען וואָס האָבען איינגעוואַנדערט אין פאַלעסטינע אין אָנהויב פון די אַכציגער יאָהרען פון פאָריגען יאָהר־הונדערט. לויט אַ סטאַטיסטישער אָפּשאַצונג זיינען פאַראַן אין אַמעריקע פון 10 ביז 15 טויזענט פאַלעסטינער אידען אין אַמעריקע. מעהרסטע שטאַמען פון 3־4 דורות צוריק.

דער פרעזידענט פון פאַרבאַנד, איזידאָר בענדזשאַמין, האָט אַרויסגעלאָזט פאָלגענדיגען רוף, וועלכער לייענט זיך טיילווייז: „ארץ ישראל — אונזער געבורטס־לאַנד און נאַציאָנאַלע היימלאַנד — מאַכט דורך אַ שווערען קריזיס, אַ פּאָליטישען און אַן עקאָנאָמישען. דער אידישער ישוב פון קרוב צו אַ האַלבען מיליאָן נפשות דאָרט, פיהרט אָן אַ העפטיגען און מוטיגען קאַמף צו פאַרטיידיגען די אידישע פּאָזיציעס, וואָס זיינען דאָרט אויפגעבויט געוואָרען מיט אַזוי פיל אידישער מי, ענערגיע, בלוט און געלד. אינ׳ם גלאָררייכען קאַמף וואָס דער אידישער ישוב פיהרט איצט אָן שטעהען אונזערע אייגענע טאַטעס און מאַמעס, ברידער און שוועסטער און אַנדערע קרובים און פריינד אין די פאָדערשטע רייען, און זיי דאַרפען האָבען אונזער הילף, סיי מאָראַלישע און סיי מאַטעריעלע. מיר דאָ, ווען עס איז ניט באַשערט צו שטעהען

אין די ערשטע טרענטשעס קאָנען און מוזען העלפען כדי צו מאַכען זיכער, אַז דער קאַמף פאַר קיום הלאום און בנין ארץ ישראל וועט געוואונען ווערען. שטעהט צו דער אַרבייט פון אונזער הסתדרות פאַר ארץ ישראל!"

אין די לעצטע צוויי יאָהר, זינט די עמיגראַציע פון ארץ ישראל האָט זיך אויפסנייי גענומען מעהרען און עס האָבען גענומען אַריינקומען אַ צאָל אידען פון פאַלעסטינע קיין אַמעריקע, זיינען צוגעקומען אַ פאָר אָרגאַניזאַציעס, אַן ערך פון 200 נייע מיטגלידער. ניט לאַנג צוריק, זיינען געגרינדעט געוואָרען צוויי אָרגאַניזאַציעס, איינע אין וואַשינגטאָן, ד. ק. און אַ צווייטע, אין באַלטימאָר, אין שטאַט מערילאַנד. אויך אַ פרויען אָרגאַניזאַציע, „דבורה ציון פאַראיין". די פרויען אָרגאַניזאַציע איז באַזונדערס טעטיג אין העלפען גרינדען אַ סאַניטאָריום און אַ היים פאַר קראַנקע און שוואַכע צום דערהאָלען זיך. צווישען אַנדערע, האָט די פעדעראַציע געהאָלפען גרינדען אַ גמילת חסד קאַסע (פריי לייי־קאַסע) אין פאַלעסטינע צו העלפען קליינע געשעפטסלייט און אַרבייטער אין אַ נויט פאַל. און אויך געהאָלפען גרינדען אייניגע ישיבות און האָספיטעלער.

## קולטור־אַרבייט

די פעדעראַציע פאַרשפרייט דעם געדאַנק פון אַלטען און נייעם ישוב ארץ ישראל דורך וואָרט און שריפט. צו די יאָהר־ביכער וואָס די פעדעראַציע פלעגט אַרויסגעבען ערב קאָנווענשאָנס, איז דער פעדעראַציע געלונגען צו פאַראינטערעסירען איהרע אָנגעשלאָסענע אָרגאַניזאַציעס איבער׳ן לאַנד אַרויסצוגעבען אַ מאָנאַטליכען זשורנאַל. דער נייער זשורנאַל „ארצנו" (אונזער לאַנד), רעדאַקטירט פון הרב יעקוב ל. ווינשטער, איז דערשינען צום ערשטען מאָל אין אַפריל. די אַרטיקלען זיינען על פּי רוב געשריבען אין העברעאיש. אויך דער יאָהר־בוך דערשיינט אין העברעאיש. לעצטענס איז אַריינגעטראָגען געוואָרען אַן ענדערונג בנוגע דער שפראַך פון יאָהר־בוך און פון זשורנאַל „ארצנו". די אידישע שפראַך האָט זיך אין זיי גענומען איינבירגערען און פאַרנעהמען מעהר פלאַץ.

היינט צו טאָג פאַרמאָגט די פעדעראַציע אַרום זיבעצעהן סאָסייעטיס איבער׳ן לאַנד, וועלכע ציילען אַרום 15 הונדערט מיטגלידער.

יעדער מיטגליד צאָלט 50 סענט יעהרליכען שטייער צו דער פעדעראַציע.

די פעדעראַציע ווערט פאַרוואַלטעט פון אַן עקזעקוטיוו באָארד פון 30 מיטגלידער: 15 מיטגלידער — פון ניו יאָרק און 15 — פון אויסער ניו יאָרק.

מר. יצחק בענדזשאַמין — פרעזידענט, און רב יעקב ל. מוינשטער — סעקרעטאַר.

דער הויפּט־אָפיס פון דער „פעדעראַציע פון פאַלעסטינער אידען אין אַמעריקע" געפינט זיך אויף 38 פאַרק ראָו. ניו יאָרק סיטי.

## פאַרבאַנד פון אונגאַרישע אידען אין אַמעריקע

דער פאַרבאַנד פון אונגארישע אידען אין אַמעריקע איז געגרינדעט געוואָרן אין 1909 און שפּעטער, אַרום 1914, אָפיציעל אינקאָרפּאָרירט געוואָהען אַלס אַ נאַציאָנאַלע אינסטיטוציע פון אונגארישע אידען אין אַמעריקע.

די ערשטע קאָנווענשאָן איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין מאַי 1914 אין ניו יאָרק. צו יענער קאָנווענשאָן זיינען געקומען אַרום 15 לאַנדסמאַנשאַפטען און סאָסייעטיס, וועלכע האָבען פאַרטראָטען אַרום 2000 מיטגלידער.

## צילען פון אָרגאַניזאַציע

דער „פאַרבאַנד פון אונגאַרישע אידען אין אַמעריקע" דערקלערט: „מיר, די אונגאַרישע אידען אין אַמעריקע שטרעבען צו אָרגאַניזירען די אונגארישע אידען אין אַמעריקע פאַר דער פארבעסערונג פון דער עקאָנאָמישער, סאָציאַלער און פּאָליטישער לאַגע פון די אידען אין אונגאַרן".

מיט׳ן אויסברוך פון דער מלחמה האָט זיך די לאַגע פון דער אידישער באַפעלקערונג אין אונגאַרן פיעל פאַרערגערט. די מלחמה האָט זיך באַזונדערס שווער אָפּגערופען אויף דער אָרטיגער אידישער באַפעלקערונג צוליב די עקאָנאָמישע באַשריינקונגען און די שווערע לאַסטען פון אַלערליי שטייגענדיגע שטייערען. דער פאַרבאַנד האָט דאַן גענומען אָרגאַניזירען הילפס־קאָמיטעטען איבער׳ן לאַנד. נאָהענט צו 70 שטעט איבער׳ן לאַנד האָבען אָנגעפיהרט מיט רעליעף־אַרבייט פאַר די מלחמה־ליידענדע אידען אין אונגאַרן.

אין אַ משך פון צוויי יאָהר (1916 — 1918) האָט דער פאַרבאַנד איבערגעשיקט יעדען מאָנאַט אַרום פינף הונדערט טויזענט פונט אַלטע קליידער און שוכוואַרג פאַר די אידען אין אונגארן. די דאָזיגע קליידער און שוכוואַרג זיינען אויך איבערגעשיקט געוואָרען צו אַ צאָל ישיבות, ווי, פרעסבורגער, באַיאַד, ווייטסען, הוסט און אַנדערע.

## פּאָליטישע הילף

אין יאָהר 1920, ווען האָרטי איז געקומען צו דער מאַכט אין אונגארן, האָט זיך די לאַגע פון די דאָרטיגע אידען טויזענטפאַכיג פאַרערגערט. די אידישע באַפעלקערונג איז דעמאָלט בוכשטעבליך באַרויבט געוואָרען פון איהרע עלעמענטאַרע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע רעכט. מאַסענווייז זיינען אידען אויסגעוויזען געוואָרען פון אונגאַרן. דער גירוש אונגאַרן (1920 — 1922) האָט געשטעלט גאַנצע הונדערט טויזענט אידען אויסער׳ן געזעץ. אַלע איינגעוואַנדערטע קיין אונגאַרן נאָכ׳ן ערשטען יאַנואר 1914, האָבען געמוזט פאַרלאָזען דאָס לאַנד. אויף אַ באַזונדער אכזריות׳דיגען אופן איז דער געזעץ דאמאָלט אָנגעווענדעט געוואָרען קעגען די אידישע איינגעוואַנדערטע פון רוסלאַנד און גאַליציע.

דער „פאַרבאַנד פון אונגארישע אידען אין אַמעריקע" האָט דאַן גענומען פאַרגרעסערען זיינע טהעטיגקייטען און געזע־

העז אויסברייטערען זיינע איינפלוס-ספערען. צוזאַמען מיט דעם אידישען קאָנגרעס און דער אַמעריקען דזשואיש קאָמיטע, האָט דער פאַרבאַנד אָנגעפיהרט פּאָליטישע אַקציעס דורך פּראָטעסטען, פּעטיציעס און דעמאָנסטראַציעס.

אויפקלעהרונגס-אַרבייט

דורך וואָרט און שריפט האָט דער אונגאַרישער פאַרבאַנד גערופען און געוועקט דעם געפיהל פון קרובה'שאַפט צווישען די לאַנדסלייט פון די אונגאַרישע אידען אין אַמעריקע. אין אַ משך פון 15 יאָהר האָט די פעדעראַציע ארויסגעגעבען אַ מאָנאַטליכען בולעטין, „אונגאַרישער אידישער קראָניקל”, שפּעטער דערשינען אונטער'ן נאָמען „דער אונגארישער אידישער בולעטין”. דער בולעטין האָט זיך געמוזט אָפּשטעלען אין 1930 צוליב דעם קריזיס אין לאַנד. די פעדעראַציע פיהרט אָן אַ שטענדיגע סעריע פון געשפּרעכען און שמועסען איבער פאַרשיידענע צייט-פראַגען איבער דער ראַדיאָ, ווי אויך אַ ריי פאָרומס צווישען די אונגארישע לאַנדסמאַנשאַפטען אין ניו יאָרק און אומגעגענט.

היינט צו טאָג פאַרמאָגט דער פאַרבאַנד 107 אָרגאַניזאַציעס איבער'ן לאַנד, וועלכע ציילען נאָהענט צו 38 טויזענט מיטגלידער. ארום 37 ברענטשעס געפינען זיך אין ניו יאָרק, וועלכע ציילען נאָהענט צו 25 טויזענט מיטגלידער.

יעדע אָרגאַניזאַציע צאָלט אַ יעהליכען שטייער צום פאַרבאַנד, אַ מינימום פון 5 דאָלאַר.

די צאָל פון אונגארישע אידען אין אַמעריקע באַטרעפט ארום 500,000 נפשות, ארום 125,000 געפינען זיך אין ניו יאָרק.

דער הויפּט אָפיס פון „דער פעדעראַציע פון אונגארישע אידען אין אַמעריקע” געפינט זיך אויף 395 בראָדוויי, ניו יאָרק.

דר. סעמיועל ביכלער, פּרעזידענט, און אַננא בערגער, עקזעקוטיוו סעקרעטאַר.

אסאָציאַציע פון אונגארישע אידען אין אַמעריקע.

די אסאָציאַציע פון אונגארישע אידען אין אַמעריקע איז אָרגאַניזירט געוואָרען אין יאָהר 1933 פון אַ גרופּע אונגאריש-אידישע ציוניסטישע כלל-טוער, מיט דער מיטהילף פון בערנאַרד פּרייס, איינער פון די גרינדער און געוועזענער עקזעקוטיוו-סעקרעטאַר פון דער אַלטער פעדעראַציע פון אונגארישע אידען.

דער אויפשטייג פון דעם אידען-פרעסערישען נאַצי-רעזשים אין דייטשלאַנד און די וואַקסענדיגע כוואַליע פון אַנטיסעמיטיזם און אידען-פרעסעריי איבער גאַנץ צענטראַל-אייראָפּע, פון האַמבורג ביז ווילנע, און פון בערלין און ווארשע ביז בודאפּעסט און בוקאַרעסט, האָט סטימולירט די אידען פון אַמעריקע צו באַנייטע און פאַרשטאַרקטע אָרגאַניזאַציאָנעלע טעטיגקייטען צו באַקעמפען דעם אנטיסעמיטיזם און צו העלפען מאַטעריעל, פּאָליטיש און מאָראַליש די אידען פון די פאַשיסטישע לענדער. דאָס האָט געבראַכט אַן אויפלעבונג אין די טעטיגקייטען פון די פאַרשיידענע לאַנדסמאַנשאַפטען. אויך די אונגארישע אידען אין אַמעריקע, וועמעס טעטיגקייטען פאַר זייערע ברידער אין דער אַלטער היים זיינען שטאַרק אָפּגעשוואַכט געוואָרען זינט די וואונדען פון דער וועלט-מלחמה זיינען מעהר אָדער ווייניגער פאַרהיילט געוואָרען, האָבען איצט באַשלאָסען, אַז די צייט איז געקומען פאַר זיי צו אָרגאַניזירען זיך מיט'ן צוועק צו ראַטעווען די אידען פון זייער היימלאַנד פון דער פאַשיסטישער מגיפה. איינער פון די רעזולטאַטען פון אָט דער באַוועגונג צווישען די אונגארישע אידען איז געווען די אַסאָציאַציע. איינער פון די אויסגעשפּראָכענע צילען פון אָט דער אסאָציאַציע איז צו פאַראייניגען אַלע אונגארישע אידען און זייערע אָרגאַניזאַציעס אין אַמעריקע צו העלפען די אידען פון אונגארן. אַן אנדער ציל פון אָט דער אָרגאַניזאַציע איז אויפצובויען אַ קאָלאָניע פון אונגארישע אידען אין פּאַלעסטינע.

די אַסאָציאַציע פון אונגארישע אידען ציילט ביז איצט 30 אָרגאַניזאַציעס, 25 פון זיי אין ניו יאָרק, און זי גרייט זיך איצט צו איהר פערטער קאָנווענשאָן, וועלכע וועט אָפּגעהאַלטען ווערען אין אָקטאָבער, 1938.

דער אָפיס פון דער אָרגאַניזאַציע איז: 41 יוניאָן סקווער, ניו יאָרק. איהרע הויפּט-באַאַמטע זיינען: אַלעקסאנדער אַלטמאַן — פּרעזידענט; בערנאַרד פּרייס — עקזעקוטיוו סעקרעטאַר.

דער פאַרבאַנד פון ליטווישע אידען אין אַמעריקע

דעם עלפטען יוני, 1937, זיינען זיך צוזאַמענגעקומען אַ גרופּע ליטווישע לאַנדסלייט אין בעטהאָווען האָל, אין ניו יאָרק, אויסצוהערען אַ באַריכט פון מר. פרענק עפּשטיין, וועלכער איז דאַן צוריקגעקומען פון אַ באַזוך אין ליטע, זיין געבורטס לאַנד. עס איז געווען אַ גינסטיגער צופאַל פאַר די אידען אין ליטע, וואָס דער באַטרעפענדער גאַסט, פ. עפּשטיין, האָט, פאַר זיין קורצען באַזוך אין ליטאָ, אויף אַ גענויעם און גרינטליכען אופן שטודירט די לאַגע אויפ'ן אָרט, זיך באַקאָנט מיט דעם געדריקטען מצב פון דעם אידישען קבוץ אין ליטאָ, און פאַרהאַנדעלט וועגען די מיטלען צו העלפען די פאַראָרימטע און פאַרצווייפעלטע אידישע פאָלקס-מאַסען אין זייער געראַנגעל פאַר א נאַציאָנאַלען און מענטשלאַכען קיום.

די לעצטע צוואנציג יאָהר, זינט ליטע האָט צוריקגעוואונען איהר אומאָפּהענגיקייט, און די ליטווישע אידען האָבען זיך, נאָך דעם טרויעריג-באַריהמטען גירוש-ליטע אין 1915, צוריקגעקערט אַהיים, איז דעם ליטווישען אידענטום אויסגעקומען דורכצומאַכען גוואַלדיגע שוועריגקייטען, כדי גובר צו זיין אומצאָליגע שטרויכלונגען אין קאַמף פאַר אַ זעלבסטשטענדיגען עקאָנאָמישען, געזעלשאַפטליכען און קולטורעלען לעבען.

צוליב דער שטייגענדיגער פאַראָרימונג פון לאַנד בכלל

און דאָס שטענדיגע ארונטערזינקען פון עקאָנאָמישען מצב פון די אידען בפרט, ווערט אַלץ שווערער אָנצוהאַלטען די אידישע פאָלקס־אינסטיטוציעס און עס דראָהעט זיי א גע־פאַהר פון אונטערגאַנג.

### קאָנסטרוקטיווע הילף — הויפּט ציעל

דער „פאַרבאַנד פון ליטווישע אידען אין אַמעריקע" האָט אויף דער גרינדונגס־קאָנווענשאָן דערקלערט: „די הויפּט אויפגאַבע פון פאַרבאַנד איז, אַוועקצושטעלען דעם פאָלקס־מענטש אין דער אַלטער היים אויף אַ געזונטען מצב פון פּרנסה, כדי ער זאָל ניט זיין קיין לאַסט אין לאַנד, וואו ער לעבט און קיין שנאָרער צו זיינע קרובים אין אויסלאַנד".

די אינסטיטוציעס פון די פאָלקס־מאַסען אין ליטע זיינען ביי היינט צו טאָג די איינציגע אָנשפּאַר־מיטלען אָן וועלכע דער לעבען פון דעם אידישען קיבוץ האַלט זיך אָן. צי דאָס איז אַ פרייע לייה־קאַסע, אַ קאָאָפּעראַטיווע קראָם אָדער ווארשטאַט, אַ פאַכמאַנישע שול פון „אָרט" פאַר קינדער אָדער די אינטערנאַטען פון „געזונט־הייזער", איינגעאָרדענט פון דער „אָזע", אָט די אַלע פאָלקס אינסטיטוציעס דינען אלס די איינציגע שוץ־וואַנט געגען דער אַלץ־וואַקסנדיגער געפאַהר צו ווערען ארויסגעשטויסען פון די עקאָנאָמישע און געזעלשאַפטליכע ספערען פון לעבען. דער פאַרבאַנד האָט דעריבער גלייך פון אָנהויב אָן זיך געשטעלט אין דינסט פון די אידישע אינטערעסען אין ליטע דורך אומ־מיטעלבאַרע פאַרבינדונגען מיט'ן „אָרט", „אָזע" און אַנדערע קאָנסטרוקטיווע הילף־אָרגאַניזאַציעס.

גענוג אָנצואווייזען אויף אַזאַ פאַקט, וואָס פאַר דער קורצער צייט פון זיין עקזיסטענץ, האָט דער ליטווישער פאַרבאַנד באַוויזען איבערצושיקען קיין ליטע צום „אָרט" און „אָזע" קרוב צו זעקס טויזענט דאָלער. דער פאַרבאַנד בויט איצט ביים „אָרט" אָן אינטערנאַט אין קאָוונע, אַ פאַכמענישע שול פאַר קינדער, וואו אָרימע קינדער פון דער פּראָווינץ קומען זיך לערנען אַ מלאכה; דער אינטערנאַט וועט טראָגען דעם נאָמען פון לאַנדסמאַן סידני הילמאַן, עהרען־פּרעזידענט פון „פאַרבאַנד פון ליטווישע אידען אין אַמעריקע" און פּרעזידענט פון דער „אַמאַלגאַמייטעד קלאָדינג וואָרקערס אָוו אַמעריקא".

### די יוגענט פּראָבלעם

די הויפּט פּראָבלעם, וועלכע שטעהט פאַר דעם ליטווישען אידענטום היינט צו טאָג, איז די פּראָבלעם פון דער אידישער יוגענט. די יוגענט אין דער היינטיגער ליטע לעבט דורך אַ גוואַלדיג שווערע צייט. אין די טויזענטער, געהען ארום אידישע יונגעלייט, בחורים און מיידלאַך, פּוסט און פּאַס, און האָבען ניט וואָס צו וואָס זיך צו נעהמען און וואו זיך אַהינצוטהאָן. פון די 160,000 אידען אין ליטע, געפינען זיך ארום אַ העלפט, קרוב צו אַכציג טויזענט נפשות, אין די קלייינקע שטעטעלאך, וואו דאָס לעבען איז כמעט אינגאַנצען אָפּגעשטאָרבען; שרייבט דר. מ. סודארסקי: „דאָס כאַראַקטעריסטישע אידישע שטעטעלע אין ליטע געהט ממש אונטער. אַ קאַלטקייט און פּוסטקייט פּיהלט זיך אין אַלע ווינקעלאך פון דער פּראָווינץ, אַ שווידערליכער אומעט איז אויסגעגאָסען איבער'ן שטעטעלע און עס איז ניטאָ מיט וואָס די נשמה דאָרט צו דערקוויקען".

דער פאַרבאַנד האָט דעריבער געווידמעט זיין הויפּט טעטיגקייט כדי צו העלפען לייזען די דאָזיגע פּראָבלעם אויף אַ געהעריגען אופן. צווישען אַנדערע שטיצט דער פאַרבאַנד „די הויז פון אַרבייט", וועלכע געפינט זיך אין קאָוונע. דאָס איז איינע פון די שעהנסטע אידישע אינסטיטוציעס, וואָס דער „אָרט" האָט געגרינדעט אין ליטע. הונדערטער קינדער און דערוואַקסענע קריגען דאָרט זייער פאַך־אויסבילדונג און ווערען פּראָדוקטיווע, נוצליכע מענטשען. דער פאַרבאַנד שטיצט אויך די „אָזע" מיט אַלע איהרע פאַרצווייגטע אָפּטהיילונגען אין דער פּראָווינץ, ווי זומער־קאָלאָניעס און אנדערע דערהאָלונג־פּלעצער. אין מאָנאַט אַפּריל פון היינטיגען יאָהר, האָט דער פאַרבאַנד איבערגעשיקט פאַר דער צענטראַלער „אָזע" נאָהענט צו דריי הונדערט דאָלער און ארום פינף הונדערט דאָלער צום „אָרט".

### פּאָליטישע טעטיגקייט

דער פאַרבאַנד פון די ליטווישע אידען אין אַמעריקע האָט זיך געשטעלט אַלס איינע פון די הויפּט־ציעלען אָנצוקניפּען פריינטליכע באַציהונגען מיט די ליטווינער אין אַמעריקע.

דער ערשטער שריט איז געמאַכט געוואָרען, בעת דער פאַרבאַנד האָט איינגעאָרדענט אַ קאָנצערט פאַר'ן 2טען מערץ היינטיגעס יאָהר, אין סענטראַל אָפּערא הויז, אין ניו יאָרק. דאָרטען איז אויפגעטראָטען דער ליטווישער „אידא־כאָר", וועלכער באַשטעהט פון 60 געשולטע זינגער. צו יענעם קאָנצערט איז אויך אייגעלאַדען געוואָרען דער ליטווישער קאָנסול אין ניו יאָרק, ס. בודריס.

עס איז ווערט צו באַמערקען, אַז דער פאַרבאַנד פּלאַנעוועט צו פאַראינטערעסירען די ליטווישע אידען אין אַמעריקע צו זיין פאַרטראָטען אויף דער וועלט אויסשטעלונג אין ניו יאָרק פאַר'ן יאָהר 1939.

דער פאַרבאַנד פאַרמאָגט איבער'ן לאַנד 6 אָפּטהיילונגען: ניו יאָרק, שיקאָגאָ, פילאַדעלפיע, באָסטאָן, באַלטימאָר און נוארק. נאָהענט צו 40 סאָסייעטיס זיינען אָנגעשלאָסען אין פאַרבאַנד, וועלכע ציילען ארום 20 טויזענט מיטגלידער. ארום 30 סאָסייעטיס געפינען זיך אין ניו יאָרק מיט אַ מיטגלידערשאַפט פון 15 טויזענט. ארום 500 יחידים זיינען אָנגעשלאָסען אינדיווידועל אין פאַרבאַנד.

נאַציאָנאַלע באַאַמטע: סידני הילמאַן, עהרען־פּרעזידענט, דר. מ. סודארסקי, פאָרזיצער פון באָארד אָוו דירעקטאָרס, פראַנק עפּשטיין, גענעראַל סעקרעטאַר און דוד מאַטיס, פינאַנץ סעקרעטאַר. אַדרעס: 2256 וואַלטאָן עוו., בראָנקס.

מנשה וואַקסער

# פאָלקלאָר פון אידישע ישובים

אַ ווערטעל, זאָגט מען, און אַ קאַץ, האָבען אויף זיך קיין בעל־הבית ניט. כאַפּ זיי נאָר, וועסטו זיי האָבען. דאָס אידישע פאָלק, וואָס גאַרט אַזוי און ווערט באַווירקט פונ׳ם גלייכוואָרט, האַלט נאָך אָבער עד היום, אַז „אַ ווערטעל איז להבדיל אַ תורה״. מעג אַ ווערטעל זיין פאַרנאַשט פון אַ פרעמדען טיש, ווערט עס צעמאָלט און צעמוילט נאָכ׳ן גוסט און גייסט פונ׳ם היימישען עולם, און באַקומט זיין אייגענעם תיקון.

דער פאָלקלאָר געוועב פון יעדער שפּראַך איז פאַרפּעדימט מיט אַ פרעמדען האָב־און־גאָב. עס פאָדערען זיך יאָהרען פון פאַרטיפט פאַר׳עקשנ׳טן נאָכזוך, אום אויסצושיילען די פאַרהוילענע „כלאים״ און פעסטצושטעלען די סימנים פון דער קענטעניש.

מיט׳ן צעוואוקס און דערגרייך פון דער אידישער שפּראַך און ליטעראַטור פאַר די לעצטע פאַר צעהנדליג יאָהר, האָט זיך קאָלאָסאַל אַנטוויקעלט דער שטודיום אויפ׳ן געביט פונ׳ם אידישען פאָלקלאָר. דער ווילען צו אויסברייטערען די גרעניץ פון דער אייגענער שפּראַך, דער דראַנג זיך צו באַפרייען פונ׳ם עצי גומר׳דיגען אויסדרוק און פרעמד שפּראַכיקע השפּעות, האָט דערוועקט אַ חשק זיך צו דערגראָבען צום מיט מאָך באַוואַקסענעם פאָלקסבאָדען, צו דערהוילען און צעעפענען די אור־אַלטע קוואַלען און ציען פון זיי יניקה. מע נישטערט, מע פאָרשט עפּיטעטען, אידיאָמען און רעדענסאַרטען פון פאָלקס־האָב. מען זוכט באַהויכען די אָפּגעשטאַנענע פאָרם מיט אַ דערפרישט און בלוטיגען אינהאַלט. און אין דער צייט, ווען מען לאָקט אַזוי נאָכ׳ן אוממיטעלבאַרען רעדשטייגער אין דער קינדער נאַאיווע באָבע־מעשה, אין שפּרוך און שפּריכווערטער, אין אַ באַהאַרצטער תחינה, אָפּגעלעבטע זאַבאַבאָנעס, פאַרוואָלגערטע מוסר־ספרים׳לאָך, בדחנ׳ישע פּערזען, לומד׳ישע שיחות־חולין און אין די פּורים׳שפּילען און שפּאַסיגע וויצען, און מען שאַרט זאָרגעוודיג צונויף און מען פאַרשייערט די שפּראַך רייכטימער פון פאָלק, — פאַרגעסט מען דעם פאָלקשאַף וועגען די אידישע ישובים און ער גייט לאבוד.

העכער אַ פערטעל הונדערט יאָהר צוריק האָט דער איבערגעגעבענער פאָרשער נח פּרילוצקי געלעגט אַ גרונטיגען פונדאַמענט צו אַזאַ נאָכפאָרש, אָבער זיין אַרבייט איז דאַן מאָדנע איראָניזירט געוואָרען, און ווינציג וואָס ביז אַהער דערגאַנצט געוואָרען. ער שטייט נאָך עד היום פאַר׳עקשנ׳ט ביי זיין אַרבייט, און קיינער איילט זיך ניט אַרויסהעלפען.

דער פאָלקשאַף וועגען דאָרף־ און שטאָט־באַוואוינונג אינ׳ם לאַנדבאַזעץ איז אַ וויכטיגער, אויב ניט דער וויכטיגסטער צושטייער, צום פאָלקדערקענטעניש. דער אַקלימאַטיש־געאָגראַפישער צושטאַנד פון יעדען לאַנד, די צווישנבאַציאונגען פון איהרע נאָענטע און ווייטע ישובים און שכנ׳ישע לענדער און זייער קאָמוניקאַציע באַדינגונגען, דער אונטערשייד צווישען שטאָט און דאָרפלייט און די כל׳ערליי שיכטען און פאַכמאַנשאַפטען פון איהרע באַוואוינער, קומען צום אויסדרוק אין די פאַרשידענע נעמען און טערמינען וואָס ווערען געגעבען צו די ישובים פון איהר געאָגראַפישען און טאָפּאָגראַפישען אייגענטום און איהר פאָלקסטימליך־עטנאָגראַפישער מסורה.

די אידישע מאַסען, וועלכע האָבען יאָהרען לאַנג געוואוינט איזאָלירט אין באַשטימטע תחומים, אין די ענג איראָפּייאישע געטאָ ראַיאָנען און זיינען ניט געווען דערלויבט קיין אייגענע נאָמענקלאַטורען, פלעגען אָנגערירט ווערן פון יעדען קליינקלאַנגעוודיגען אָנדייט אין נאָמען פון אַ אידיש באַזעצטען תחום און איהם איבערקאָמבינירען אין העברעאיש: אָסטריע — אות־תורה, גאַליציע(ן) — גלי ציון, פוילן (אַלטטראַנסקריפּט: פולניה) — פה לן יה, מאָלדאַוויע — מלא דוי. מען האָט אויך געפּרואווט אַנטגויאישען די שטעטישע נעמען דורך אַ גלייכקלאַנגעוודיגען זיווג: האָראָדני (אַלטטראַנסקריפּט: הראדני) — הר אדני, יעדוואבנע (אַלטטראַנסקריפּט: ידבנה) — יוד ־ בינה, ראַדאָם — רע־דם (ווייל מען האָט דאָרט, אגב, געהאַנדעלט מיט חזיר האָר), עמשענאָוו — עם־שונאיו, פשעראָוו — פשע רב (וועגען אָט־דער שטאָט איז נאָכהער געשאַפען געוואָרען אַ לעגענדע: פשעראָוו האָט נעביך געליטען פאַר די פשעים פונ׳ם אַלטען רב, און ווען מען האָט צוגענומען אַ נייעם, האָט ער מיטגעבראַכט שפע, און פון דעמאָלט אָן רופט זיך די שטאָט שפעראָוו, שעדליץ — שד־לץ (און דערפון די רעדנסאָרטען: „שעדליצער פונק״, „שעדליצער גיהנמ׳ניקעס״, „שעדליצער גיהנם״). צוליב אַ פאָלקזאַבאַבאָנע האָט מען זיך אפילו אין געוויסע פאַלען איינגעשטעלט אין איבערגעאַנדערשט דעם נאָמען אין העברעאיש. אַזוי האָט מען די שטאָט ביעלאיא צערקאָוו (סלאַוויש: די ווייסע קירך) אַ נאָמען געגעבען: שדה לבן (דאָס ווייסע פעלד, מיינענדיג דעם בית־עולם, און צעמאָל אויך: שוואַרץ־טומאה, פון וואַנען עס נעמט זיך דער אויסדרוק ביעלאָצערקאָווער שוואַרץ־טומאהיער, וואָס מיינט, אַז מען קען לייענען דעם פסוק הין און צוריק. מען האָט אפילו געפּרואווט צונויפשטעלען אַ נאָמען פון ראשי־תיבות: „פלאָצק מאָכט: פה למדו אבותינו צדיקים גדולים״.

אַ היבש ביסעל רעדנסאַרטען זיינען שטיפעריש קאָנסטרואירט געוואָרען אויפ׳ן דאָפּלזין, צי קלאַנג־קאָמבינאַציע, פון שטאָטישע נעמען. „פאַרוואָס רופט מען די שטאָט שעברעשין? ווייל שבר־שן, די שעברעזשינער אידען האָבען זיך די ציין צעבראָכען שרייענדיג וועגען עירוב״...

וועגען שעברעשין געהט אויך אין פאָלק אַזאַ מעשה: ווען דער פּריץ האָט געוואָלט אַ נאָמען געבען דער שטעטעל, איז ער געקומען אין שוהל זיך אָנפרעגען ביים רב. דער רב איז דאַן געשטאַנען שמונה־עשרה און ניט געוואָלט מפסיק זיין. דער פּריץ איז בייז געוואָרען און אים אויסגעשלאָגען אַ צאָן. שבר־שן! (ער האָט מיר אַ צאָהן אויסגעשלאָגען!) — האָט דער רב אויסגעשריגען אין העברעאיש. דער פּריץ האָט דאָס צוגענומען פאַרן פאָרגעשלאָגענעם נאָמען.

עס ווערט אויך דערצעהלט אַ וויץ: פאַרוואָס הייסט די שטאָט שעברעשין? — „ווייל ש־ברעשין, שעברעשינער אידען ברעשן" (ברעשן אין סלאַוויש הייסט: זאָגען ליגען.)

אַזוי ווערטעלט זיך אויך דאָס פאָלק וועגען באַרגיגען געגענט אין קאָמאַראָוו. „פאַרוואָס הייסט די שטאָט קאָמאַראָוו? ווייל איין פאַסאַזשיר רופט דאָרט דעם צווייטען: קום אַרויף!" — פאַרוואָס רופט מען די שטאָט קראַסנאָסטאַוו? ווייל דאָרטען איז דאָ זעהר אַ שעהנער טייך (קראַסנאָ אוסטאַוו" הייסט אין רוסיש: שעהנע ברעגען, מעגליך, אַז עס איז אַן אויסטייטש פון דער פאָלקסלעגענדע וועגען די „קראַסניסטאָווער גרויסע וואַסער־שווימער").

פאַרוואָס רופט מען די שטאָט רזשעשאָוו אין גאַליציע ריישע? ווייל דער ראשית מדון, אָנהויב קריג צווישען ר' חיים סאַנזער און דער רוזשינער גזע, איז געווען אין ריישע — פאַרוואָס הייסט די שטאָט טשערנאָביל? טשאָרני איז אין רוסיש: שוואַרץ, ביל אין איז רוסיש:ווייס; ווער עס קומט פאַרשוואַרצט פון די עוונות, ווערט קלאָהר פון חסרונות, אין זכות פון רבי'נס שכונה (וואָוינאָרט). פאַרוואָס הייסט די שטאָט קאָלאָמייע? — ווייל קאָלאָ אין פּויליש הייסט: ראָד, און מייע הייסט: וואַשען, און כל־המיאָ שבעולם (אַרמייאיש: אַלע וואַסערען פון דער וועלט) זיינען ניט אימשטאַנד אָפּצוואַשען אַ ראָד פון קאָלאָמייער בלאָטע.

אונזערע געאָגראַפישע רייכטימער אין אייראָפּייאישע ישובים זיינען מעהרסטענטהייל אין טאָל, און ניט אויפ'ן באַרג (די אידישע קלויזען האָבען דאָך ניט געטאָרט אַרויסשטעקען העכער דער קירך). גאָר אַ קנאַפּע צאָל פון זיי האָבען זיך פאַרהיט אינ'ם אידישען פאָלקלאָר. ניט אומזיסט געהט אַ שפּריכוואָרט: „קלאָהר ווי דער יאַמפּאָלער באַרג", וואָס געפינט זיך ערגעץ העט־העט אויסער דער שטאָט. עס איז דערצו אויך כאַראַקטעריסטיש דער אַזוי גערופענער „רימאַלאָווער באַרג סיני", וואָס די קינדער שלעפּען זיך צו איהם ל"ג בעומר־צייט ווי דורך אַ מדבר. די„רובלער בערג, גרייצער בערג (דערפון מעגליך, דער רעדנסאַרט: „פאָהר ניט אויף גרייצער וועג!), ווי די סילווער בערג, צויזמער בערג און קיידאַנער, רופט מען ה י י ק ע ר ס. און פון דעם נעהמט זיך דער וויץ וועגען די קיידאַנער איינוואוינער, וואָס האַלטען זיך גרויס און מיינען, אַז זיי זיינען דער עיקר. זיי האָבען זיך אַזוי לאַנג געשלאָגען אין האַרצען — „מיר קיידאַנער!", אַז עס איז ביי זיי פון דער אַנדער זייט אַרויס אַ ה ו י ק ע ר.

ספּעציפיש רייך איז אונזער טאָפּאָגראַפישע טערמינאָלאָגיע. די צוויי־קלאַפּטערדיגע גוטע געסלאַך, די ענגע קוואַרטאַלען פון אידישען תחום, דער אייביגער שמוץ און כראָנישע נויט, האָבען פאַראייביגט אַ גרוי פאַרזעהעניש אינ'ם פאָלקלאָר פונ'ם אידישען לאַנדבאַזיץ. קיין פאָלקשאַפט פאַרמאָגט ניט אַזוי פיעל לעבעדיגע מתים ווי מיר האָבען. בלויז „די קעליקעווער מתים פאָהרען קיין יאַרן (אַ קור־אָרט אויף דעם סידעלע (סעודה'לע)". די אַנדערע מתים האָבען צו אַ לעבעדיגען גן־עדן ניט געקענט צוקומען. אַ היבש ביסעל פאַררעגיסטרירטע מתים האָבען מיר: אָפּטער מתים, ליפּסנער מתים, מאָנאַסטרישטשער מתים, קוויוער מתים, קסיאָנדזער מתים, ריקעווער מתים און שימסקער מתים. בלויז די ברודנער מתים האָבען זיך פאַרגינט צו ליגען לעבען ווארשא אויפ'ן בית־עולם. אַנדערע האָט מען צו זיי אַזוי גיך ניט צוגעלאָזט.

אַ בכבוד'דיגען אָרט פאַרנעמען ביי אונז די אַפּאָטשענער פּגרים, וועלכע דיענען אַלס קוריאָז די איינציגע אין צעטעל. און ניט ווייט פון זיי ציהען זיך די לונגען — אָדיזשינער לונגען, גאָמבינער לונגען, טאָרטשינער לונגען און די יערעצער. אָט די לונגען, מוז מען צוגעבען, האָבען זיך צומאָל אויך א ציה געטהאָן און גענומען פלאַץ צווישען די שפּיטאַלער לופטכאַפּערס און אָטוואָצקער היסערס און כאָרכלאקעס.

א חוץ מאָטיקעלער זאַמד און קעלצער קאמיניצעס (שטיינערדיגער ערדשיכט), ווייסען מיר בלויז פון אַ גריצער גאַנאיידעס, דרילדזער גריבער, אָכאָטער און קאָנאָטאָפּער בלאָטעס, טולטשינער טינטער, וואו אַ קאַלב איז דערטרונקען געוואָרען ערב פסח אין דער בלאָטע, גריבאָוויצער און טאָרטשינער ליימען (און דארום: די ליימענע גולמ'ס), וואָס זייגען ווי די זווערזשניצער זומפּן באַוואוסט אַלס מאַלאַריע פאַרשפּרייטער.

אָט דער אַקלימאַטישער פיבער האָט פאַראורזאַכט אונזער דובנער סמוטקעס (סלאַוויש: אומעטיגע), סקווירער יאַדניקעס (סלאַוויש: גריזנדיגע), אָסטראָווער בריטאַנעס (אומצופרידענע היגטלאַך), ריטשוויסער גאַפּעס (פאַר'חוש'טע), זשעלעכאָווער משוגענע לייט און קינסקער משוגעים. איהר ווייסט דאָך: „אַז מען פרעגט איינעם: ביזט אַ טשיטשילניקער? ענטפערט ער: ביזט אַליין משוגע"!

אָט די ליעבע טאָפּאָגראַפישע באַדינגונגען האָבען אונז באַשיינקט אַ קאָפּ־קרויז.

„באלד וועט מען זאָגען, אַז איך בין אַ באַלשוועצער", זאָגט איינער ווען ער טוט זיך אַ קראַץ און מיינט, אַז מענטשען זעהען. און די באַלשאָוויצער זיינען גראַד ניט די איינציגע לויזערס. מיר האָבען אויך באַזינעווער און שעפּסער. אַ וויט־וויט אָנצוהערעניש הערט זיך אינ'ם רעדנסאַרט: שעפּסער רביצין געהט מיט די סאָלדאַטען, די קופּקע אונטערין אָרעם, אין דער שקאָלע גאַס. אָט די שעפּסער רבי'צן

געפינט זיך בעיקר אין די לאַנג ניט צעקעמטע קאָלטענעס. איהר טרעפט זי, פאַר בעלנות, ביי די דרליטשער, וואָלאָנאַווער, זאשלער, סקישנער און קאזאנאָווער, אָפּטמאָל פאַרקריכט זי — אויך אין די קרושניקער פאות און בילגרייער בערד. די שעפּסער אָבער, דאַרפט איהר וויסען, טראָגן אויך אַנדערע נעמען: שעפּסער קעפּ און שעפּסער חיות. חיות, ברוך השם, פעהלען אונז ניט. איהר האָט זיי ביי די באלצקער, וואָלינאָווער (צי: וואלאָניוער), ווישקיווער, ווענאָגראָווער, ליקעווער, נאָווידוואָרער, פלינסקער, קאזאנאָווער, קאָנסיוואָלער, ביי די ריקער און שטויסלאָבער.

צוליב אָט דער רבי'צן ברויכען אַמאָל די „מעכילאָווער פּאַריקעס". פּאַריקען דאַרפען אויך די פּאַטריסקער גריזלער, די קאריליפקער פּאַריכעס, און גלאַט פּאַרכעס. פּאַרכעס, ניט צו פאַרזינדיגען, האָבען מיר א סך. איהר געפינט זיי ביי די איגלינסקער, אילאַווער (צי: אילעווער), אישביצער, אמאַטשינער, באָלשאָוויצער, דרליטשער, וואָלינאָווער, זשאָרנאָוויצער, מאָנקעוויטצער, פשיסכעווער, קאטאבארגער, קשינער און ראדאָמער. אָבער אַ פּאַריק אפילו איז ניט קיין איבעריגע שמירה פאַר די מאָנקעטאָווער (צי: מאָקאָטאָווער), וואנצען, קארטזשיגער פליי און יוזעפאָווער שוועדעס. קיין איבעריגען פאַרגעניגען האָט מען אויך ניט פון די ליפּנער יעזשאָרנקריכער (זשאַבעס) און פון אַן אָפּאָטשנער יאַשטשערקע.

טשודנאָווער דריפּקעס, פּעטריקאָווער שלעפּערס, דזשעלייאָווער שלימפּאַקעס, סאָקאָלער שלומפּערס, ביאלאָבזיגער, מאַקאָווער און נאָווידוואָרער סארגעס, און אַ שעהן ביסעל שליאָכעס — בענדינער, טארטשינער, יארזשמיקער, כענטשינער, לאָדזער, ניישטעטער, פּאַרצעווער, פּשיסכער, ראָדאָמער און ריקער. גרינע, שלאַבעריגע קריכער — אָפּאָטשנער קריכערס, זאקריטשנער קריכערס און יעוודאָבנער — קוקען זיי טאַקע אויס ווי אַ מאקאָווער כליאַפּ, צי א פּולטוסקער לאפּטשיכע, אויסגעטריקענטע ווי קאָזשניצער שטעקעלעס און פאַרעלטערטע ווי די טאָרעווער, טערלער און ליקאַווער דזיאדעס (זקנים).

די טאָפּאָגראַפישע ברכה האָט איבערגעלאָזט גאַנץ קענטיקע סימנים אין אונזער פאָלקלאָר.




(פון זאַמלבוך „פּעלשטין")

מ. בל—ן

# ניט־אידישע לאַנדסמאַנשאַפטען אין די פאַראייניגטע שטאַטען

ביי קיין אַנדערע פון די איינגעוואַנדערטע פעלקער אין אַמעריקע זיינען די לאַנדסמאַנשאַפט־סאָסייעטיס ניט אַזוי איינגעוואָרצעלט און פאַרשפּרייט, ווי ביי די אידען. די לאַנדסמאַנשאַפטען ביי די אַנדערע נאַציאָנאַלע מינדערהייטען אונטערשיידען זיך אויך פון די אידישע, ווי איינע פון די אַנדערע, סיי אין זייערע פאָרמען פון אָרגאַניזאַציע, סיי אין דעם כאַראַקטער פון זייערע טעטיגקייטען.

די ספּעציפיש־אידישע סיבות פאַר די לאַנדסמאַנשאַפטען זיינען:

1) דער פאַקט, וואָס אידען זיינען, ווי אַ כלל, שטאָט־מענטשען, בעת די מעהרסטע אנדערע איינגעוואַנדערטע פעלקער באַשטעהען — הויפּטזעכליך פון פּויערשע עלעמענטען. שטאָט־מענטשען זיינען בכלל מעהר געוואוינט צו אָרגאַניזאַציע ווי דאָרף־מענטשען.

2) די טראַדיציעס פון די קהלות און חברות, וועלכע האָבען עקזיסטירט ביי אידען זינט דעם טיפען מיטעלאַלטער אין יעדער שטאָט און שטעטעל. דאָס זיינען געווען מעהר אָדער ווייניגער דעמאָקראַטישע און פרייוויליגע אָרגאַניזאַציעס, אומאָפּהייניגיג איינע פון די אנדערע און כמעט דורכאויס באַגרעניצט צו רעליגיעזע, רעליגיעז־קולטורעלע און צדקה־טעטיגקייטען פאַר די אידען פון איין איינציגען שטעטעל אָדער ענגער לאָקאַליטעט.

3) די לאַנגע געשיכטע פון אידען־פאַרפאָלגונגען אין אייראָפּע, וואָס האָט געטריבען די אידען צו לעבען צווישען זיך און העלפען איינער דעם אנדערען; אין אַנדערע ווערטער, די לאַגע פון די אידען אַלס אַ כסדר פאַרפאָלגטע מינאָריטעט האָט זיי אויסגעלערענט צו אסאָציאירען זיך פאַר זעלבסט־הילף.

4) דער מאַסען־געלאַף כאַראַקטער פון דער אידישער אימיגראַציע. די גרויסע מעהרהייט אידישע אימיגראַנטען זיינען אָנגעקומען אין עטלעכע גרויסע צענטערען, הויפּטזעכליך קיין ניו יאָרק, וואו זיי האָבען שוין געפונען היבשע צאָלן פון זייערע לאַנדסלייט, צווישען וועמען זיי האָבען געפונען שוץ און טרייסט אין זייער עלענטקייט און הילף אין פאַל פון נויט.

5) די גרויסע אומגליקען און פּאָגראָמען אויף אידען אין אייראָפּאַ, באַזונדערס אין דער צייט פון דער וועלט־מלחמה און פון דער רעוואָלוציע און בירגער־קריג אין רוסלאַנד, האָבען געפיהרט צו דער אָרגאַניזאַציע פון הונדערטער לאַנדסמאַנשאַפטען מיט'ן צוועק צו זאַמלען הילף פאַר זייערע פאָגראָמירטע און רואינירטע היים־שטעטלאך. די לעצטע אַנטיסעמיטישע כוואַליעס זיינען נייע סיבות פאַר זייער פאָרזעצונג.

אָט די אלע פאַקטאָרען, וועלכע מיר געפינען ניט אַלע צוזאַמען און אין אַזאַ מאָס ביי קיין שום פאָלק, דערקלערען סיי די פאַרשאַרפטקייט און פאַרוואָרצעלטקייט פון די אידישע לאַנדסמאַנשאַפטען, סיי זייער ספּעציפישען כאַראַקטער. אָבער ווען נאָר און ווי ווייט איינער אָדער מעהר פון די דאָזיגע פאַקטאָרען האָט געווירקט ביי אַן אַנדערען פון די איינגעוואנדערטע פעלקער אין אַמעריקע, האָבען זיך ביי זיי אויך באַוויזען לאַנדסמאַנשאַפט־אָרגאַניזאַציעס אין אַזאַ אָדער אַן אַנדער פאָרם מיט ענליכע אויפגאַבען און פונקציעס, ווי די פון די אידישע לאַנדסמאַנשאַפטען.

### אוקראַינער

אַ גוטען ביישפּיל געפינען מיר ביי די אוקראַינער. אין יאָהר 1929, ווען הונדערטער אוקראַינישע ישובים און קולטור־אינסטיטוציעס זיינען צעגראָמירט געוואָרען פון דער פּוילישער פּאָליציי, האָבען זיך אין אַלע אוקראַינישע צענטערען אין אַמעריקע געשאַפען לאַנדסמאַנשאַפט־קאָמיטעטען מיט'ן צוועק צו זאַמלען הילף פאַר די געליטענע היים־דערפער און שטעטלאך. דאָס זיינען אָבער געווען צייטווייליגע קאָמיטעטען, ניט קיין פּערמאַנענטע אָרגאַניזאַציעס. די לאַנדסמאַנשאַפטליכע הילף־קאָמיטעטען האָבען עקזיסטירט בלויז אַזוי לאַנג, ווי די לאַגע אין פּויליש־אוקראַינע איז געווען דרינגליך, און זיי האָבען זיך אויפגעלייזט, ווען די לאַגע איז געוואָרען מעהר אָדער ווייניגער נאָרמאַל. די לאַנדסמאַנשאַפט־אָרגאַניזאַציעס, וואָס עקזיסטירען היינט צווישען די אוקראַינער, זיינען ניט קיין אָרגאַניזאַציעס פון לאַנדסלייט פון אַ שטעטעל אָדער דאָרף, נאָר פון לאַנדסלייט פון אַ גאַנצער געגענט, ווי למשל, די בוקאָווינאַ־סאָסייעטי אין ניו יאָרק, אַ טויטען־קראַנקען בענעפיט סאָסייעטי פון אוקראַינער פון בוקאָווינע, מזרח־גאַליציע, וועלכע גיט זיך אויך אָפּ מיט זאַמלען הילף פאַר אוקראַינישע אינסטיטוציעס אין דער רומענישער פּראָווינץ, פון וואַנען זיי קומען. ערשט לעצטענס האָט זיך געגרינדעט אין ברוקלין, אפשר די ערשטע אוקראַינישע שטעטלדיגע לאַנדסמאַנשאַפט — דער מאָסטי־וועליקי ברענטש פון אינטערנאַצי־

אָנאַלען אַרבייטער אָרדען. נאָך ווייניגער געפינען מיר לאַנדסמאַנשאַפטען צווישען די רוסען. אַ ווילנע־קלוב און גראָדנע־קלוב פון רוסישע אימיגראַנטען פון יענע שטעט, ביידע אין שיקאַגאָ, זיינען די איינציגע באַוואוסטע אויסנאַמען.

## כינעזער

אַ מוסטער פון פארטיג־אַריבערגעבראַכטע, צייט־פאַרגלייווערטע סאָסייעטי־פאָרמען געפינען מיר ביי די כינעזער. די כינעזער האָבען אַריבערגעבראַכט קיין אַמעריקע זייערע פון אַלטערטום גע'ירשנ'טע חברות, די טאָנגס, אַזוי ווי זיי שטעהען און געהען, און זיי זעצען זיי דאָ פאָר אין אַ כמעט אומפארענדערטער פאָרם. אויף אזוי וויט ווי דאָס אַמעריקאַנער לעבען ענדערט די כינעזישע טאָנגס, אין עס צום ערגערען; זיי ווערען דאָ דעמאָראליזירט. דאָס איז אין קאָנטראַסט מיט די אידען, וואָס האָבען ניט אַריבערגעבראַכט קיין אַמעריקע זייערע טראַדיציאָנעלע חברות גופא (וועלכע האָבען, אגם, לחלוטין קיין עהנליכקייט ניט צו די כינעזישע), נאָר זיי האָבען אונטער'ן איינפלוס פון די אידישע חברה־קהלה־טראַדיציעס זיך געשאַפען נייע, מאָדערנע אָרגאַניזאציעס, צוגעפאַסט צו די נייע אַמעריקאַנער באַדינגונגען.

## איטאַליענער

ביי די איטאַליענער און די גריכען אין אַמעריקע שפּילען די לאַנדסמאַנשאַפט־סאָסייעטיס כמעט אַזאַ גרויסע ראָל ווי ביי די אידען. די איטאַליענישע סאָסייעטיס אונטערשיידען זיך אָבער פון די אידישע דערמיט, וואָס זיי רופען זיך ניט אויף נעמען פון די שטעט אָדער דערפער, פון וואַנען זיי קומען, נאָר זיי רופען זיך מיט די נעמען פון די סאָסייעטיס, וועלכע האָבען עקזיסטירט אין זייערע שטעטלאך און דערפלאַך אין איטאַליע. די דאָזיגע סאָסייעטיס זיינען אין איטאַליע פאַרבונדען מיט קירכען און קירך־אינסטיטוציעס, וועלכע זיי העלפען אויסהאַלטען. די סאָסייעטיס רופען זיך געוויינליך אָן אויף די נעמען פון געוויסע קריסטליכע הייליגע, וועמעס גייסטער עס באַשיצען, ווי די מאַסען זיינען טראַדיציאָנעל איינגעגלויבט, זייערע באשטימטע לאָקאַליטעטען און געגענטען. אריבערקומענדיג קיין אַמעריקע, האָבען די איטאַליענער אויך איבערגעפלאַנצט אויף דעם היגען באָדען זייערע לאָקאַלע סאָסייעטיס, דורך וועלכע זיי פיהרען אָן גאָטעס־דינסטען און רעליגיעזע צערעמאָניעס אויף דעם היימישען שטייגער. די אַנדערע אויפגאַבען פון די דאָזיגע איטאַליענישע לאַנדסמאַנשאַפטען־סאָסייעטיס זיינען: קעגנזייטיגע הילף, לויה, קרקע, א. א. וו., ווי אַלע אַנדערע סאָסייעטיס פון דעם מין.

קיין גענויע אויספאָרשונג פון די איטאַליענישע לאַנדסמאַנשאַפט־סאָסייעטיס איז קיינמאָל ניט געמאַכט געוואָרען. ס'איז דעריבער ניט באַוואוסט וויפיל אַזעלכע סאָסייעטיס עס עקזיסטירען היינט צו טאָג, וויפיל מיטגלידער זיי האָבען, א. אַז. וו. זייער צאָהל איז אָבער זעהר גרויס. מען שאַצט, אַז זיי האָבען ארום אַ מיליאָן מיטגלידער. די גרויסע איטאַליענישע פראַטערנאַלע אָרגאַניזאציעס זיינען כמעט אַלע ארויסגעוואקסען פון די זעלבסטשטענדיגע לאַנדסמאַנשאַפטען, פונקט ווי עס האָט פאַסירט ביי די אידען. די גרויסע מעהרהייט פון אָט די סאָסייעטיס איז נאָך אַלץ זעלבסטשטענדיג, אויך ווי ביי די אידען. פונדאַמענטאַל אונטערשיידען זיך אָבער די לאַנדסמאַנשאַפטען פון די צוויי פעלקער גאַנץ שאַרף. ערשטענס, דאָמינירט אין די איטאַליענישע סאָסייעטיס דער קירכליכער איינפלוס, בעת די מעהרסטע אידישע זיינען וועלטליכע סאָציאַלע אָרגאַניזאַציעס, און אויך די רעליגיעזע זיינען זעלבסטשטענדיג, ניט דאָמינירט פון קיין קירך; צווייטענס, די איטאַליענישע לאַנדסמאַנשאַפטען זיינען ניט קיין נייע סאָציאַלע שאַפונגען פון די איטאַליענישע אימיגראַנטען, געגרינדעט אויף זייער אייגענער איניציאַטיוו און צוגעפאַסט צו נייע באַדינגונגען, ווי די אידישע, נאָר זיינען טראַדיציאָנעלע, פון מיטעלאַלטער גע'ירשנ'טע אָרגאַניזאַציאָנעלע פאָרמען, וועלכע די איטאַליענישע מאַסען האָבען פאַרטיגערהייט געבראַכט פון דער אַלטער היים.

## סערבען, קראָאַטען, א. א. וו.

לאַנדסמאַנשאַפטען פון אַ גאַנץ אַנדער מין געפינען מיר צווישען די אימיגראַנטען פון די סלאַווישע פעלקער פון דרום־ און צענטראַל־אייראָפּע. ביי זיי געפינען מיר אָרגאַניזאציעס, וועלכע רופען זיך אויף די נעמען פון שטעט אָדער געגענדען פון זייערע לענדער, אָבער דאָס זיינען ניט קיין לאַנדסלייט־אָרגאַניזאַציעס. ביי די סערבען, למשל, געפינען מיר אָרגאַניזאציעס, ענליך אויף לאַנדסמאַנשאַפטען, וועלכע רופען זיך בעלגראדער סאָסייעטיס. דאָס זיינען אָבער ניט קיין סאָסייעטיס פון בעלגראַדער לאַנדסלייט, נאָר פון סערבען בכלל. דער נאָמען בעלגראד איז ביי זיי בלויז דער סימבאָל פון זייער נאַציע, פון זייער נאַציאָנאַלער סואַווערניטעט, פון זייער פאַרגרעסערטער סערבישער מלוכה. פונקט אזוי זיינען ביי זיי פאַראַן סאָסייעטיס אויף נעמען פון בערג, טייכען, היסטאָרישע ערטער, נאַציאָנאַלע העלדען, א. אַז. וו. ווי למשל, די „קאָסאָוואָ־סאָסייעטי", אין אָנדענק פון אַ באַרימטער היסטאָרישער שלאַכט צווישען די סערבען און טערקען אין יאָהר 1389 אויף דעם קאָסאָוואָ־פעלד. אָדער די אָביליטש סאָסייעטי, נאָך דעם סערבישען גענעראל, וועלכער האָט געטויט דעם טערקישען סולטאַן אין דער שלאַכט אויף קאָסאָוואָ־פעלד. אָדער די לאָוטשעוואָ סאָסייעטי, נאָך אַ באַרג אין מאָנטענעגראָ, וועלכע סימבאָליזירט דעם קאַמף פון די סערבען און מאָנטענעגרער פאַר נאַציאָנאַלער באַפרייאונג. בכלל האָבען זיך סערבען אין אַמעריקע אין אָנהויב אָרגאַניזירט פאַר קעגענזייטיגער הילף אין דער פאָרם פון לאַנדסמאַנשאַפטען. שפּעטער האָבען זיך די לאַנדסמאַנשאַפטען פאַראייניגט אין פעדעראַציעס, וועלכע זיינען געוואָרען פראַטערנאַלע אָרגאַניזאציעס.

דערנאָך האָבען זיך די באַזונדערע פעדעראַציעס פאַראייניגט, אונטער'ן איינפלוס פון דער יוגאָסלאַווישער רעגירונג, אין איין פראַטערנאַלער אָרגאַניזאַציע. בלויז אַ קליינע צאָל פון די לאַנדסמאַנשאַפטען זיינען נאָך פאַרבליבען עקזיסטירען אַלס זעלבסטשטענדיגע אָרגאַניזאַציעס.

אַן ענליכע אַנטוויקלונג האָבען דורכגעמאַכט די לאַנדסמאַנשאַפטען ביי די קראָאַטען און אַנדערע יוגאָסלאַווישע פעלקער. די מעהרסטע איינצעלנע לאַנדסמאַנשאַפטען האָבען זיך ביי זיי פעדערירט אין אַלגעמיינע פראַטערנאַלע אָרגאַניזאַציעס, ווי דער קראָאַטישער פראַטערנאַלער בונד, וועלכער האָט היינט לאַדזשעס אין יעדען קראָאַטישען ישוב. מיר געפינען ביי זיי אויך פיעל זעלבסטשטענדיגע סאָסייעטיס, וועלכע הייסען נאָך שטעטלאַך, טייכען און נאַציאָנאַלע פיגורען, ווי די „נעראַטאַוואַנסקאַ סלאָגאַ", נאָך אַ טייך; פונאַט סאָסייעטי, נאָך אַ שטעטעל; אַדריאַטישע סאָסייעטי, פון דאַלמאַציער, וועלכע קומען פונ'ם ברעג פונ'ם אַדריאַטיק; אָדער די כאַראַקטעריסטישע סאָסייעטי, וועלכע רופט זיך „פראַנינאַ-יורינאַ סאָסייעטי", נאָך צוויי פאָפולערע איסטרישע קאָמעדיאַנטען, אַ מין איימאָס און ענדי. אָדער די וועלעביט סאָסייעטי, נאָך אַ באַרג אין קראָאַציע. אַ סך פון זייערע סאָסייעטיס הייסען אויך נאָך הייליגע, ווי ביי די איטאַליענער.

אונטער'ן איינפלוס פון דער מאָדערנער נאַציאָנאַלער באַוועגונג ביי די קראָאַטען האָט זיך לעצטענס געשאַפען אין יעדען קראָאַטישען צענטער אין אַמעריקע אַ צענטראַל קאָמיטעט פון קראָאַטישע אָרגאַניזאַציעס, צוזאַמענגעשטעלט פון דעלעגאַטען פון איינצעלנע סאָסייעטיס און קלובען, מיט די אויפגאַבען צו זאַמלען הילף פאַר פּאָליטיש-אַרעסטירטע קראָאַטען אין יוגאָסלאַוויע, העלפען די קראָאַטישע נאַציאָנאַלע באַפרייאונגס-באַוועגונג, אָנפיהרען אַלגעמיינע נאַציאָנאַלע קולטורעלע טעטיגקייטען אין אַמעריקע, אָרגאַניזירען טאַמבוריצאַ-אָרקעסטערען (די טאַמבוריצאַ איז אַ קראָאַטישער נאַציאָנאַלער אינסטרומענט), העלפען די מיטגלידער ווערען אַמעריקאַנער בירגער, א. א. וו.

טשעכאָסלאָוואַקען — לאַנדסמאַנשאַפט-קאָלאָניעס

אַ לאַנדסמאַנשאַפט פון אַ פיעל העכערען, מעהר קאָנסטרוקטיווען און פערמאַנענטען סאָרט, ווי די אַלע, וועלכע מיר האָבען ביז איצט אויסגערעכענט, איז די לאַנדסמאַנשאַפט-קאָלאָניע. אָט די לאַנדסמאַנשאַפטען זיינען ניט קיין געוויינליכע אָרגאַניזאַציעס, נאָר גאַנצע ישובים פון לאַנדסלייט, אָדער פון מענטשען פון איין נאַציאָנאַליטעט — שטעטלאַך, שטאָט-צענטערען, דערפער, וועלכע רופען זיך מיט די נעמען פון פאַרשיידענע ישובים אין דעם געבורטס-לאַנד, פון וואַנען די קאָלאָניסטען קומען, אָדער וועלכע זיינען זיי צוליב וועלכער ניט איז אורזאַך טייער. אַזעלכע לאַנדסמאַנשאַפט-קאָלאָניעס זיינען אין אַמעריקע קיין נייעס ניט. די גאַנצע געשיכטע פון קאָלאָניזאַציע אין אַמעריקע איז פול מיט אַזעלכע לאַנדסמאַנשאַפט-קאָלאָניעס, אויפגעבויט פון ענגלישע, שאָטלענדישע, האָלענדישע, דייטשע, סקאַנדינאַווישע און אַנדערע אימיגראַנטען-קאָלאָניסטען. אין משך פון דעם לעצטען פעריאָד פון מאַסען-אימיגראַציע, האָבען די טשעכאָסלאָוואַקען, מעהר ווי אַלע אַנדערע איינגעוואַנדערטע פעלקער, זיך אויסגעצייכענט מיט דער גרויסער צאָל לאַנדסמאַנשאַפט-קאָלאָניעס, וואָס זיי האָבען געגרינדעט אין פאַרשיידענע טיילען פון די פאַראייניגטע שטאַטען. אַ גרויסע צאָל פון אָט די טשעכאָסלאָוואַקישע קאָלאָניעס זיינען אַגריקולטורעלע.

דר. טאָמאַס צאַפּעק, אַ באַקאַנטער טשעכישער פּובליציסט אין אַמעריקע, גיט אָן אַ סך־הכל פון 456 טשעכישע און 693 סלאָוואַקישע ישובים אָדער לאַנדסמאַנשאַפט-קאָלאָניעס אין 37 שטאַטען. יעדער פון די דאָזיגע ישובים, צי אַ שטאָטישע אָדער אַ דאָרפישע קאָלאָניע, זאָגט דר. צאַפּעק, איז אַ צענטער, מיט אַן אָפּטייל פון אַ געוויסער אָרגאַניזאַציע, אַ קירך, אָדער אַ מיטינג-זאַל. אָט די קאָלאָניעס רופען זיך מעהרסטענס מיט די נעמען פון פאַרשיידענע טשעכישע, מאָראַווישע און סלאָוואַקישע שטעט און שטעטלאַך, ווי: פּראַהאַ, פּילזען, טאַבאָר, פּראָטיווין, בּרנאָ, וועלעהראַד, מאָראַוויע, דובינאַ, א. א. וו. עס זיינען אויך פאַראַן אַזעלכע נעמען ווי מאַזאַריקטאַון, סלאָוואַקטאַון, א. א. ווייטער.

קיין לאַנדסמאַנשאַפטען פון דעם זעלביגען טיפּ ווי די אידישע, ביי וועלכע הילף-טעטיגקייט פאַר היימישע שטעטלאַך זאָל פאַרנעמען דעם אויבען-אָן, זיינען ביי די טשעכאָסלאָוואַקען ניט באַקאַנט. אין איינציגער פאַל פון אַ סלאָוואַקישער לאַנדסמאַנשאַפט, וואָס האָט זיך מיט עטליכע יאָהר צוריק אָרגאַניזירט אין שיקאַגאָ, איז ווערט באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט, ווייל זי איז די עקסטרעמסטע און, ווי ווייט אונז איז באַקאַנט, די איינציגע לאַנדסמאַנשאַפט פון דעם מין אין אַמעריקע. די דאָזיגע סאָסייעטי איז געגרינדעט געוואָרען פון לאַנדסלייט פון דעם סלאָוואַקישען דאָרף לאַב און זי רופט זיך „לאַבסקאַ אָבעץ", ד. ה. לאַבער דאָרף. זי איז אָרגאַניזירט פּינקטליך ווי די מוניציפּאַלע רעגירונג אין זייער היימישען דאָרף. די סאָסייעטי האָט זיך איהר מעיאָר און אַנדערע דאָרפישע באַאַמטע, און אַן „אָבעטשני אוראַד" (דאָרפישער ראַט), וועלכער קומט זיך צוזאַמען רעגעלמעסיג און האַנדעלט פּונקט ווי זייער היימישער דאָרף-פאַרוואַלטונג. כדי צו שאַפען די היימישע אַטמאָספערע, געהט אַרום איבער'ן זאַל, בעת די ראַט-פאַרזאַמלונגען, דער נאַכט-וועכטער מיט אַ שטעקען אין האַנט און ער רופט אויס: „וועטשערע צייט", א. א. וו., פּונקט ווי אין דער היים. די דאָזיגע סאָסייעטי גיט זיך איצט אָפּ מיט זאַמלען מאַטעריאַלען פאַר אַ בוך וועגען דער געשיכטע פון איהר דאָרף.

די טשעכען און סלאָוואַקען האָבען אויך אַ רייה באַדייטענדיגע נאַציאָנאַלע פראַטערנאַלע אָרגאַניזאַציעס, איינע פון זיי אָרגאַניזירט נאָך אין יאָהר 1850 אין ניו יאָרק. איהר הויפּט-קוואַרטיר איז דעמאָלט געווען אין נומער 14

סיטי האָל פּלייס, אויף דעם אָרט, וואו עס שטעהט איצט די ניו יאָרקער מוניציפּאַלע געביידע. אַ סך טשעכאָסלאָוואַקישע לאַנדסמאַנשאַפטען האָבען זיך אויך אָנגעשלאָסען אַלס באַזונדערע לאָדזשעס אין די פאַרשיידענע גרויסע אַמעריקאַנער אָרדנס, ווי אינדעפּענדענט אָרדער אָוו אָד־פעלאָוס, עלקס, נאַיטס אָוו פּיטיאַס, א. א. וו.

צווישען די טשעכאָסלאָוואַקען, פּונקט ווי צווישען די יוגאָסלאַווישע פעלקער, עקזיסטירען אויך אַ סך נאַציאָנאַל־קולטורעלע און ספּאָרט סאָסייעטיס, ווי די באַקאַנטע „סאָקאָל"־סאָסייעטיס, געזאַנג־פאַראייגען, א. אַ. וו. דאָס זיינען אָבער אַלץ אָרגאַניזאַציעס, וועלכע זיינען אריבערגעבראַכט געוואָרען אין אַ פאַרטיגער פאָרם פון אייראָפּע און ניט קיין פּראָדוקטען פון דער צופּאַסונג פון אימיגראַנטען צו זייער נייעם באָדען.

לויזע לאַנדסמאַנשאַפט־אַסאָסיאַציעס — רומעניער

ביי אייניגע פעלקער, ווי ביי די רומעניער, למשל, עקזיסטירען דאָ און דאָרטען לויזע אַסאָציאַציעס פון לאַנדסלייט, בלויז פאַר מאָראַלישע צוועקען און ניט מעהר. די רומענישע לאַנדסלייט פון געוויסע שטעט, וועלכע וואוינען אין דעטראָיט, קאַנטאָן און יאָנגסטאַון, זיינען פאַרבונדען אין אַ מין לויזע קלובען, אָהן קיין דיוס און קיין פאַרפּליכטונגען. זייער איינציגע פונקציע איז דאָס, וואָס זיי קומען זיך צוזאמען איין מאָל אַ יאָהר, זומער־צייט, צו אַ פּיקניק און זיי פאַרברייגגען צוזאַמען און האַלטען אזוי־ארום אָן אַלטע באַקאַנטשאַפטען און פרישען אָפּ אין זכרון די געדעכענישען פון זייערע רומענישע שטעט. פון צייט צו צייט בלויז אָרגאַניזירען זיך ביי די רומעניער ספּעציעלע לאַנדסמאַנשאַפטליכע קאָמיטעטען צו שאַפען הילף פאַר זייער היים־שטעטעל אָדער דערפעל פאַר א באַשטימטען צוועק. אַזוי זיינען באַקאַנט פאַלען, ווען אַזעלכע ספּעציעלע לאַנדסלייט־קאָמיטעטען האָבען געזאַמעלט געלט צווישען לאַנדסלייט פאַר'ן צוועק צו ברייגגען וואַסער אין זייער דאָרף אריין דורך אונטערערדישע רעהרען פון אַ נאָהענטען ברונעם; אָדער אויסצובויען א טאַנץ־זאַל פאַר דער יוגענט אין זייער געבורט־דאָרף; אָדער פאַר אַ נייעם קירך־קופּאַל, אָדער קירך־גלאָקען. אַזעלכע לאַנדסמאַנשאַפט־קאָמיטעטען עקזיסטירען בלויז אזוי לאַנג ווי אָט די טעטיגקייטען געהען אָן און זיי לייזען זיך אויף אַזוי שנעל, ווי זייער צוועק איז דערגרייכט.

קירכען אַנשטאָט סאָסייעטיס, — פּאָליאַקען.

איינע פון די אורזאכען, פאַרוואָס ביי אַ רייה איינגעוואַנדערטע פעלקער אין אַמעריקע האָבען זיך אַנטוויקעלט זעהר ווייניג זעלבסטשטענדיגע סאָסייעטיס פאַר קעגענזייטיגער און לאַנדסמאַנשאַפטליכער הילף, איז דער איינפלוס פון דער קירך, באזונדער פון דער קאַטוילישער קירך, וועלכע זוכט אריינצודרינגען אין יעדען ווינקעל און געביט פון סאָציאַלער טעטיגקייט און לאָזט ווייניג פּלאַץ פאַר דער איי־גענער איניציאַטיווע פון די מאַסען. די ראָל פון די קירכען אַלס אַ שטער פאַר דער אַנטוויקלונג פון זעלבסטשטענדיגע סאָסייעטיס איז באַזונדער קענטיג צווישען די פּאָליאקען. די פּוילישע קירכען אין אַמעריקע זיינען געווען באזונדערס דערפאָלגרייך אין זייער טעטיגקייט צווישען די אימיגראַנטען, וועלכע זיי האָבען באוויזען אַריינצוציהען אין גרויסע מאַסען אין זייערע פאַרשיידענע געמיינדע־טעטיגקייטען אין דעם גייסט פון פרומען קאַטויליציזם. (די איטאַליענער, צווישן וועלכע דער איינפלוס פון דער קאַטוילישער קירך איז אויך גרויס, זיינען ניט קיין אויסנאַם; אמת, ביי זיי זיינען די סאָסייעטיס שטאַרק פאַרשפּרייט, אָבער אָט די סאָסייעטיס זיינען, ווי מיר האָבען אויבען אָנגעוויזען, פאַקטיש הילף־אָרגאַניזאַציעס צו די קירכען און זיי ווערען פון זיי סאַנקציאָנירט).

די מעהרסטע לאַנדסמאַנשאַפטליכע סאָסייעטיס ביי אַלע איינגעוואַנדערטע פעלקער זיינען נאַציאָנאַליסטיש, אָפּגעזונדערט פון ענליכע אָרגאַניזאַציעס ביי אַנדערע פעלקער און האָבען באַציהונגען בלויז מיט אַזעלכע, וועלכע זיינען באַזונדערס נאָהנט צו זיי אין שפּראַך, קולטור, היסטאָרישע טראַדיציעס און אין אַלגעמיינע נאַציאָנאַלע און פּאָליטישע אַספּיראַציעס, ווי למשל, די קראָאַטען מיט די סלאָווענען, דאַלמאַציער, אָדער מיט די פּראָגרעסיווע סערבען. דער ערשטער אָרגאַניזירטער פאַרזוך צו פאַראייניגען די נאַציאָנאַלע סאָסייעטיס פון די פאַרשיידענע נאַציאָנאַלע מינאָריטעטען אין אַמעריקע איז געמאַכט געוואָרען פון לינקס — אין דעם אינטערנאַציאָנאַלען ארבייטער אָרדן. דאָס איז אָבער דערווייל בלויז אַן אויסנאַם, וואָס באַשטעטיגט דעם פאַרקערטען כלל.

בכלל זיינען די לאַנדסמאַנשאַפט־סאָסייעטיס סאָציאַלע דערשיינונגען, נאַטירליך פאַר אימיגראַנטען אין באַדינגונגען פון מאַסען־אימיגראַציע, טראַנזיציאָנעל און אמאָרפיש אין כאראַקטער; זיי אַנטוויקלען זיך אין פאַרשיידענע מאַסען און נעהמען אָן פאַרשיידענע פאָרמען אין איינקלאַנג מיט די פאַרשיידענע נאציאָנאַלע טראַדיציעס, קולטור־צושטאַנדען און עקאָנאָמיש־פּאָליטישע באַדינגונגען פון די באַזונדערע פעלקער.



(צייכנונג פון פּוילישען פאַרבאַנד)

ב. ריווקין (וויינרעבע)

# די סאָציאַלע ראָלע פון די לאַנדסמאַנשאַפטען

(קאַפּיטלען פון אַ גרעסערער אַרבעט)

.1

לאַנדסמאַנשאַפט, ווי דער נאָמען ווייזט, לכתחילה באַצייכענענדיג די פאַראייניגונג פון אימיגראַנטען, וואָס קומען פון איין היימלאַנד, האָט מיט דער צייט, איינהאַלטענדיג דעם ברייטערען זין, זיך פאַרשמעלערט ביז צו באַצייכענען די פאַראייניגונג פון אימיגראַנטען, וואָס קומען פון איין היימשטאָט. „שטאָט־לאַנדסמאַנשאַפט" — דאָס איז עס, וואָס מען פאַרשטייט איצט געוויינלאַך אונטער דער באַצייכענונג, און זי איז עס, וואָס אינטערעסירט אונז דאָ הויפּטזאַכלאַך. זי איז דער פּראָדוקט און דער אָרגאַן פון זעלבסטהילף פון דער מזרח־אייראָפּייאישער אימיגראַציע, וואָס האָט גענומען אַריינשטראָמען אין 1881 און וואָס האָט צוגעשטעלט די הויפּט־מאַסע פון דער איצטיגער אידישער באַפעלקערונג דאָ אין לאַנד.

די לאַנדסמאַנשאַפט איז פאַקטיש די סאָציאַלע צעלע, פון וועלכער עס האָבען זיך אויפגעבויט, דירעקט אָדער אומדירעקט, די הויפּט־גלידער פון סאָציאַלען אָרגאַניזם פון די מזרח־אייראָפּייאישע אימיגראַנטען. אויף אַ דירעקטען אופן האָבען די לאַנדסמאַנשאַפטען געדינט פאַר די צעלען, וואָס זיינען אַריין אין געבוי פון אַ צאָל אָרדענס. אַ חוץ דעם „אינדעפּענדענט אָרדער ברית אברהם", אַ באַשאַף פון פאָריגען יאָהרהונדערט, וועמעס קערפּער איז ערשט דורך די לאַנדסמאַנשאַפטען זיך צעוואַקסען, זיינען אין פאַרלויף פון די ערשטע דרייסיג יאָהר פון איצטיגען יאָהרהונדערט נישט ווייניגער פון פיר אָרדענס דורך דעם חיות, וואָס זיי האָבען געזויגען פון זייערע לאַנדסמאַנשאַפטען־צעלען, אויפגעהאָדעוועט געוואָרען: דער „אַרבעטער רינג" (געגרינדעט אין 1900), דער „ברית שלום" (געגרינדעט אין 1905), דער „נאַציאָנאַלער אַרבעטער פאַרבאַנד" (געגרינדעט אין 1910), און דער ערשט אין 1930 געגרינדעטער „אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער אָרדען". אַזוי שפּעט, ווי אין די לויפענדיגע דרייסיגער, ווען דער שטראָם פון דער מזרח־אייראָפּייאישער אימיגראַציע איז שוין איינגעטריקענט געוואָרען, האָבען די לאַנדסמאַנשאַפטען גענוג לעבענסזאַפט צו לאָזען געדייען אויף זיך אַ נייע, פרישע קערפּערשאַפט.

זייער באַטייליגונג אין דעם אויפבוי פון די אָרדענס געהערט צו זייערע הויפּט־אויפטוהען און עיקר־פאַרדינסטען; זייער ראָליע דאָ איז אָפען אָנערקענט. געוויינלאַך ווען אַ לאַנדסמאַנשאַפט שטייט צו צו אַן אָרדען, פאַרבלייבט זי מיט איהר נאָמען און האַלט איין איהר אידענטיטעט.

אָבער דער גרונט־באַטייט פון דער לאַנדסמאַנשאַפט איז פאָרט אין איהר פונקציאָנירען אַלס אינסטרומענט פון זעלבסט־הילף און ברודער־הילף. די פונקציע האָט איהר געגעבען איהר כאַראַקטער. אין דער ליניע פון דער פונקציע איז געגאַנגען איהר וואוקס און איהר ווייטערדיגע אַנטוויקלונג. דורך אָט דער פונקציע האָט די לאַנדסמאַנשאַפט זוכה געווען צו ווערען די סאָציאַלע צעלע, וואָס האָט אויפגעבויט דעם אָרדען, וועלכער אין זיין נייער פאָרמאַציע דערהויבט די זעלבסטהילף־אַקציע פון קליינעם קרייז צו פאָלקסהילף־אַקציע אויף אַ גרויסען מאַסשטאַב — דער אָרדען, וואָס דינט ווי אַ מוסטער אַפילו פאַר די פרייע ניט אָנגעשלאָסענע לאַנדסמאַנשאַפטען, וואָס אַלע צוזאַמען טוען זיי זעלבסטשטענדיגען דינסט, ווי זיי וואָלטען אָנגעשלאָסען געווען אָן אַן אומזיכטבאַרען אָרדען.

.2

צוטרעטענדיג צו דער געשיכטע פון דער לאַנדסמאַנשאַפט, דאַרפען מיר, אום אויסצומיידען מיספאַרשטענדענישען, אַריינטראָגען אַ קאָרעקציע אין אונזער דעפיניציע פון לאַנדסמאַנשאַפט. אויב מיר האָבען אויבען געזאָגט, אַז דער זין איהרער האָט זיך פאַרשמעלערט ביז צו באַצייכענען די פאַראייניגונג פון אימיגראַנטען, וואָס קומען פון איין היים־שטאָט, דאַרף עס ניט צו בוכשטעבלאַך פאַרשטאַנען ווערען. פון צייט צו צייט טרעפט — און וואָס ווייטער אַלץ אָפטער, — אַז אַ לאַנדסמאַנשאַפט פון אַ גרעסערער שטאָט איז גענוג ברייטהאַרציג איינצושליסען די קלענערע שטעטעלאַך פון דער אומגעגענט; זי וועט אַפילו אַריינעמען פאַר מיטגלידער אָפּשטאַמלינגע פון ווייטערע געגענטען. אָבער די שטאָט, וואָס האָט געגעבען דעם נאָמען, האַלט איין געוועהנליך די מאַיאָריטעט מיטגלידערשאַפט און גיט דער לאַנדסמאַנשאַפט איהר יחוס.

די פאַרשמעלערונג פון דעם זין פון אַ לאַנדסמאַנשאַפט, וואָס דעקט אַ לאַנד, ביז אַ לאַנדסמאַנשאַפט, וואָס דעקט אַ שטאָט, — שטימט מיט דער ענדערונג און די פאָרמען פון אידישען אָרגאַניזירען זיך אין אַמעריקע. צוערשט ביז די אַכציגער יאָהרען פון פאָריגען יאָהרהונדערט, ווען די אידישע באַפעלקערונג דאָ איז געווען קליין, האָבען אידען

זיך אָרגאַניזירט לויט די לענדער פון זייער אָפּשטאַמונג. און דאַמאָלסט האָבען זיי זיך אַפילו געהיט צו באַצייכענען זייערע לאַנד־פאַראייניגונגען אַלס לאַנדסמאַנשאַפטען, פאַרשטעלענדיג זיי מיט דעם נאָמען אָרדענס.

ווען דער עלטסטער אידישער אָרדען „בני ברית" האָט זיך געגרינדעט אין 1843, איז עס געווען בעיקר אַ פאַראייניגונג פון די דייטשע אידען — כדי צו הויבען זייער פּרעסטיזש געגען דער שפּאַניש־פּאָרטוגעזיש־האָלענדישער געמיינדע, וועלכע האָט זיך געהאַלטען יחוס'דיג געגען די נײַ־אָנגעקומענע „אשכנזים". אין דער קאָנסטיטוציע פון אָרדען ווערט אָנגעגעבען, אַז זיין צוועק איז — „צו פאַראייניגען די איזראַעליטען אין אַרבייט פאַר זייערע אייגענע העכסטע אינטערעסען און די אינטערעסען פון דער מענטשהייט; צו אַנטוויקלען און צו שטייגערען דעם גייסט און די מאָראַל פון אונזערע גלויבענס־גענאָסען; איינצופלאַנצען אין זיי די ריינסטע פּרינציפּען פון פילאַנטראָפּיע; פון עהרע און פּאַטריאָטיזם; צו אונטערשטיצען וויסענשאַפט און קונסט..."—אַן אָרדען צו זאַמלען פּרעסטיזש!

אין איינקלאַנג מיט דער געהויבענער כונה איז ניט צו געפינען אין אָרדען לאָדזשעס מיט נעמען, וואָס זיינען אַסאָציאירט מיט וועלכער עס איז שטאָט און אָפילו ניט מיט דעם לאַנד פון דער אָפּשטאַמונג פון די גרינדער; נאָר אַלץ אַזעלכע געהויבענע ביבלישע און היסטאָרישע נעמען: „ירדן", „חברון", „חנניה", „עקיבה", „הלל", „מכבי".

און צוריקגערעדט, וויפיל וואָלט געקאָנט אָננעמען זיך מיטגלידערשאַפט אין אַ לאָדזש פון די אָפּשטאַמלינגע פון איין דייטשער היימשטאָט? אַז די גאַנצע אידישע באַפעלקערונג פון יונאַיטעד סטעיטס איז דאַמאָלסט, ביי דער גרינדונג פון אָרדען, געווען ווייניגער פון 50 טויזענט (ערשט פאַר'ן יאָהר 1847 ווערט אָנגעגעבען 50,000 אידישע נפשות פאַר'ן לאַנד און 10,000 פאַר ניו יאָרק). און זיי איז ניט געגאַנגען אין זעלבסטהילף. זיי זיינען געווען פון מעהר אָדער ווייניגער פאַרמעגלאַכען שטאַנד. פילאַנטראָפּיע יאָ: — „פאַרלייכטערען די נויטען פון די אָרימע, באַזוכען קראַנקע, שוץ און הילף פאַר אלמנות און יתומים" — אָבער דער אינשורענס בענעפיט, וואָס איז לכתחילה יאָ איינגעשלאָסען געווען צווישען די צוועקען פון אָרדען, איז שפּעטער אָפּגעשאַפט געוואָרען. איין אָריגינעלער צוועק איז געבליבען און האָט מיט דער צייט אַריבערגעוואויגען אַלע אַנדערע: „די פאַרטיידיגונג און רעטונג פון די קרבנות פון רדיפות".

זייט 1882, ווען דער ערשטער „בני ברית"־לאָדזש איז געגרינדעט געוואָרען אין דייטשלאַנד, איז דער בני ברית זיך צעוואַקסען אין אַן אינטערנאַציאָנאַלען אָרדען. מיט לאָדזשעס איבער גאַנץ אייראָפּע, אַפריקע, אַזיע — פאַרנעמענדיג אַ פּלאַץ אין פראָנט־רייע פון די אידישע וועלט־אָרגאַניזאַציעס, וואָס שטעלען זיך איין פאַר אידישע רעכט, אין גייסט פון ווירדיגער פאָרזיכטיגקייט, הויפּטזעכלאַך דורך באַאיינפלוסונג פון דער עפענטלאַכער מיינונג. היינט־צו־טאָג שענקט דער אָרדען זיין הויפּט־אויפמערקזאַמקייט דעם קאַמף געגען אַנטיסעמיטיזם, דער קולטיווירונג פון גוטפריינטשאַפט צווישען אידען און קריסטען. — דער צוועק, וואָס די גרינדער פון אָרדען האָבען זיך אויפגעגעבען מיט קנאַפּע 100 יאָהר צוריק, איז נאָך מעהר ווי דערגרייכט געוואָרען: די דייטש־אידישע פאָרשטייערשאַפט האָט ניט נאָר זיך אויסגעגליכען, נאָר אַפילו אַריבערגעשטיגען אין אָנזעהן די עלטערע ספרד'ישע געמיינדע.

דער צווייטער אין עלטער וויכטיגער אָרדען איז „ברית אברהם" — געגרינדעט אין 1859 פון עסטרייכישע אידען; זיין ערשטע מיטגלידערשאַפט האָט ער ווערבירט פון עסטרייכישע, ווי אויך פון דייטשע אידען פון ווייניגער פאַרמעגלאַכען שטאַנד. זעלבסט־הילף איז דער ערשטער אימפּולס. אינשורענס־בענעפיט, קראַנקען־בענעפיט, אונטערשטיצונג אין נויט זיינען אין פאָדערגרונט פון זייער אינטערעס. די שטעט פון זייער אָפּשטאַמונג גיבען נאָך ניט גענוג מיטגלידער, אַ לאָדזש זאָל זיך קאָנען אָנרופען אויף זייערע נעמען; אָבער די לאָדזשעס באַהאַלטען שוין ניט דאָס לאַנד פון זייער אָפּשטאַמונג. פאַרקערט. אויב דער אָרדען „בני ברית" האָט באַצייטענס שטאָלצירט מיט זיינע קינפטיגע גרויסע אויפטועך, שטאָלצירען די לאָדזשעס פון „ברית־אברהם" מיט די גרויסע נעמען פון זייער היימלאַנד: פאַראַן לאָדזשעס, וואָס טיטולירען זיך: „קייזער פראַנץ יאָזעף", „קייזער פרידריך", „קרוינפּרינץ רודאָלף". אַ לאָדזש, וואָס ריהמט זיך מיט „באַראָן ראָטשילד" (שפּעטער זיינען צוגעקומען די נייע באַרימטהייטען: „דר. הערצעל", „דר. נאָרדוי").

די גלענצענדיגסטע נעמען פון דער אידישער געשיכטע האָבען אויסגעכאַפּט די „בני־ברית", איז פאַר „ברית־אברהם" געבליבען ניט אַזאַ גלענצענדיגער נאָמען: „מרדכי". דערפאַר אָבער אַ סך לאָדזשעס, וואָס האָבען זיך אָנגערופען אויף די פאַמיליען־נעמען פון זייערע גרינדער פּרעזידענטען. כבוד ווען כבוד קומט — יאָ, עס מעלדען זיך שוין נעמען, וואָס גיבען אָפּ כבוד דער נייער היים: „אַמעריקע", „עמפּייר סטייט", „האַרלעם", „מאַנהעטען".

ערשט מיט דעם צושטראָם פון דער מזרח־אייראָפּעישער אימיגראַציע אין די 80גער יאָהרען, באַווייזען זיך לאָדזשעס מיט אַלט־היימישע שטאָט־נעמען: „קיעוו", „סוּוואַלק", „אָסטראָלענקאָ", נאָר די שטאָט־נעמען שטייען דאָ גיכער ווי שילדען, וואָס רופען צונויף די געוועזענע איינוואוינער פון דער היים־שטאָט.

אָבער די שטאָט־לאַנדסמאַנשאַפט טרעט שוין אויף מיט איהר פולען כאַראַקטער אין „אינדעפּענדענט אָרדער ברית אברהם", וועלכער האָט זיך געגרינדעט אין 1887 — צו ירש'ענען זיין עלטערען ברודער „דעם אָרדען ברית אברהם", און האָט טאַקע איהם גע'ירש'נט אויך — נאָך דריי־פיר צענדליג יאָהר (דאָס גענויע יאָהר פון זיין

פאַרשווינדען איז אָפיציעל נאָך ניט פעסטגעשטעלט, עס איז צוגעגאַנגען פּאַוואָליע).

געגרינדעט האָבען דעם „אינדעפּענדענט" אונגאַרישע אידען, וואָס זיי האָט זיך געדוכט, אַז די עסטרייכישע און דייטשע גלויבענס־גענאָסען קוקען אויף זיי אַראָפּ, ווי אויף קלענערע יחסנים פון זיך ; און זיי זיינען געווען גענוג קלוג צו האַלטען ברייט אָפען זייער אָרגאַניזאַציע פאַר די מזרח־אייראָפּייער, וועלכע האָבען טאַקע דעם אָרדען איבערפלייצט. אין „אינדעפּענדענט ברית אברהם" געפינען מיר שוין אַ היפּשע צאָהל לאָדזשעס מיט שטאָט־נעמען : „פּאָלטאַווער", „סטאַניסלאַווער", „סטאָלינער". די ענדונג „ער" ווייזט אויף אַ „סאָסייעטי", אָדער „בעבעוואָלענט אַסאָסיעישאָן" אָדער „בראָדערהוד" אָדער „אונטערשטיצונג־פאַראיין" — וואָס דאָס מיינט אַ ריכטיגע שטאָט־לאַנדסמאַנשאַפט. די לאַנדסמאַנשאַפטען־לאָדזשעס שטייגען ווייט אַריבער אין צאָהל די לאַדזשעס מיט בלייכע אַבסטראַקטע נעמען : „אַלטרואיסט", „פּארטונא", „אהבת אחים" (ברודער־ליבע). און קענטיג טאַקע, אַז די ברייטערע לאַנדסמאַנשאַפטען־באַזע האָט געהאָלפען דעם אָרדען צו וואוקס און שטאַנדהאַפטיגקייט. דער אָרדען איז אָנגעקוואָלען מיט מיטגלידערשאַפט, וואָס האָט אין עטלאַכע צענדליג יאָהר דערגרייכט איבער 200,000 — די גרעסטע צאָהל פאַר אַ אידישען אָרדען. און טאַקע אַ דאַנק דעם מעהר אויסגעשפּראָכענעם לאַנדסמאַנשאַפטען־כאַראַקטער האָט דער אינגערער אָרדען פאַרדרענגט פון דער סצענע זיין עלטערען ברודער־אָרדען.

3.

דאָ קענען מיר און מוזען מאַכען דעם איבערגאַנג פון די אָרדענס צו די לאַנדסמאַנשאַפטען, ווייל דער ווייטערדיגער גורל פון דעם אָרדען איז געקניפּט און געבונדען צו דער קאַריערע פון דער לאַנדסמאַנשאַפט. לאָזען מיר די אָרדענס דערווייל אָפּ, כדי שפּעטער צוריק זיי אויפצונעמען.

ס'קאָן סטאַטיסטיש געוויזען ווערען, אַז די שטאָט־לאַנדסמאַנשאַפט איז אַ באשאף פון דער מזרח־אייראָפּייאישער אימיגראַציע. אַרום יאָהר 1880, איידער די גרויסע אימיגראַנטישע עליה פון מזרח־אייראָפּע האָט זיך אָנגעהויבען, איז געווען ביי 40,000 רוסישע און פּוילישע אידען איבער גאַנץ יונאַיטעד סטייטס, אַנטגעגען אַן אַלגעמיינער אידישער באַפעלקערונג פון אַ פערטעל מיליאָן. (די דאַמאָלסדיגע אידישע באַפעלקערונג פון ניו יאָרק איז באַשטאַנען פון אַרום 60 טויזנט נפשות). זיינען געווען לאַנדסמאַנשאַפטען פאַר 1880 ? וויפיל ניט איז יאָ. די אַנקעטע, וואָס די ניו יאָרקער קהילה האָט דורכגעפירט אין 1917, האָט אָנגערעכענט 1016 חברות פאַר געגענזייטיגער הילף — דאָס מיינט פרייע לאַנדסמאַנשאַפטען, ניט־געבונדענע ניט צו די עלטערע לאָדזשען־אָרדענס און ניט צו די אינגערע פּראַטוירנאַל אָרדענס ; איבער אַ העלפט — 632 — האָבען אָפּגעענטפערט אויף דער אַנקעטע, און פון זיי האָבען בלויז 9 אָנגעגעבען זייערע געבורטס־יאָהרען פאַר 1880.

די אַנקעטע, וואָס די אידישע שרייבער־גרופּע ביים פעדעראַלען פּראָיעקט אין ניו יאָרק האָט דורכגעפיהרט אין פאַרלויף פון יאָהר 1938, האָט אַרויסגעקראָגען ענטפערס פון איבער 2,000 לאַנדסמאַנשאַפטען, וואָס זייער פולע צאָהל ווערט געשאַצט אין 3,000. אין דער געבורטס־טאַבעלע פון די איבער 2,000 לאַנדסמאַנשאַפטען, איז צו געפינען 5, וואָס זייערע געבורטס־יאָהרען פאַלען אַריין אין די זיבעציגער און זעכציגער יאָהרען, אָנהייבענדיג פון יאָהר 1862 (אַ שוהל־לאַנדסמאַנשאַפט, אַן „אַנשי").

אין „ביאַליסטאָקער צענטער" 228 איסט בראָדוועי, אין וועלכען עס זיינען פאַראייניגט נאָהענט צו דריי צענדליג ביאַליסטאָקער לאַנדסמאַנשאַפטען, האָט זיך דערהאַלטען אַ קאָפּיע פון אַ טשאַרטער וואָס איז אין 1864 אַרויסגעגעבען געוואָרען צו אַ „ביאַליסטאָקער אונטערשטיצונגס־פאַראיין". פון דעם פאַראיין איז קיין שפּור ניט געבליבען ; קאָן מען אָננעמען, אַז עס זיינען געווען מעהר לאַנדסמאַנשאַפטען פאַר די אַכציגער יאָהרען — מעהר וויפיל די אַנקעטעס ווייזען אָן. וואו זיינען זיי אַהינגעקומען ? די סיבות פון זייער שפּורלאָזען פאַרשווינדען וועלען שפּעטער אויפגעקלערט ווערען: די הויפּט־סיבה: די אונגעזונטע, „אומוויסענשאַפטלאַכע" עקאָנאָמיק פון אַ לאַנדסמאַנשאַפט, וואָס פאַרקירצט איהר לעבענסדויער ביז אַ דור און אַ האַלב, אויב זי געפינט באַצייטענס ניט קיין מיטלען ווי צוציען דעם יונגען דור. אַ לאַנדסמאַנשאַפט האָט אַ טבע, אַז ווען זי עלטערט זיך און יונגע מיטגלידערשאַפט קומט ניט צו אויף צו העלפען די עלטערע טראָגען די הוצאות אויף די קראַנקע און געשטאָרבענע, גיט זיך דער גוט־ברודערשאַפט־געפיל אונטער דעם האַרטען עקאָנאָמישען געזעץ, און די לאַנדסמאַנשאַפט שטאַרבט אַוועק, נאָך איידער אַלע איהרע מיטגלידער זיינען אויסגעשטאָרבען. אַ צאָהל פון זיי זיינען מסתמא אומגעקומען אין קראַך פון „אָרדער ברית אברהם".

אָבער דער אמת'ער אויפשטייג פון די לאַנדסמאַנשאַפטען איז געקומען נאָך די אימיגראַציע־כוואַליעס, וואָס מזרח־אייראָפּע האָט גענומען וואַרפען פון זיך — נאָך דער ערשטער גרויסער כוואַליע, וואָס איז אַרויסגעשטויסען געוואָרען פון די פּאָגראָמען פון די זיבעציגער און אָנהויב אַכציגער יאָהרען אין דרום־רוסלאַנד ; נאָך דער צווייטער נאָך גרעסערער כוואַליע, וואָס איז אַרויסגעשטויסען געוואָרען פון די נאָך שוידערלאַכערע שחיטות, וואָס האָבען באַגלייט די דורכגעפאַלענע רוסישע רעוואָלוציע פון 1905 ; צוויי גרויסע כוואַליעס, וואָס זיינען אונטערשטיצט געוואָרען פון צווישען־כוואַליעס נאָך די פּאָגראָמען פון די אָנהויב 90גער, נאָכ'ן קעשענעווער פּאָגראָם פון 1903, נאָך דער יאַפּאַנעזישער מלחמה פון 1904. די פריערישע אויפשטאַנדען אין רומעניע, וואָס זיינען אויסגעלאָפען אין פּאָגראָמען, האָבען אויך בייגעטראָגען זייער חלק צום אימיגראַציע־

שטראָם. די פּליטים פון די פּאָגראָמירטע שטעט, וואָס האָבען דורכגעבראַכט דעם וועג קיין אַמעריקע, האָבען מיטגעצויגען מיט זיך פּליטים פון די שטעט, וואָס האָבען געליטען פון אַ פּערמאַנענטען דלות־פּאָגראָם. פון 1881 ביז'ן יאָהר 1925, ווען די טויערען פון לאַנד זיינען פאַרריגעלט געוואָרען דורכ'ן קוואָטע־געזעץ פון 1924, האָט דער שטראָם אַריינגעבראַכט פון מזרח־אייראָפּע 2 מיליאָן מיט 650,000 טויזענט אידישע אימיגראַנטען — וואָס מיט די וואָסערע הונדערט טויזענט מזרח־אייראָפּייער אידען אַריבערגעקומענע נאָכדעם, מיט דעם צושטראָם פון אידישער אימיגראַציע פון אַנדערע לענדער, מיט דעם נאַטירלאַכען צוּוואוקס, האָט געהויבען די אידישע באַפעלקערונג פון די פאַראייניגטע שטאַטען פון אַ פערטעל מיליאָן אַרום 1880, ביז 3,389,000 אין 1917, ביז 4,268,000 און 1917, ביז 4,500,000 איצט—וואָס כמעט אַ העלפט דערפון פאַלט אויס אויף דעם חלק פון ניו יאָרק.

די אידישע באַפעלקערונג פון ניו יאָרק איז געשטיגען פאַר די ערשטע 18 יאָהר, פון 1881 ביז 1898, אויף 533,478 נפשות ; פאַר די 9 יאָהר פון 1899 ביז 1907 אויף 770,036 נפשות ; פאַר די 7 יאָהר פון 1908 ביז 1914 אויף 609,559 נפשות — דערגרייכענדיג אין 1917 ביז 1,500,000 ; אין 1927 ביז נאָהענט צו צוויי מיליאָן. עס איז זיך משער צו זיין, אַז איצט שטייגט די צאָהל ווייט אַריבער צוויי מיליאָן.

וואָס זאָגט די סטאַטיסטיק פון די לאַנדסמאַנשאַפטען דערויף ?

די אַנקעטע פון דער קהילה, פון 1917, האָט פאַר די 632 לאַנדסמאַנשאַפטען אָנגעגעבען פאָלגענדיגע צאָהלען: געגרינדעט ביז 1881 — 9 ; פון 1881 ביז 1901 — 205 ; פון 1902 ביז 1906 — 144 ; פון 1907 ביז 1917 — 251.

די אַנקעטע פון דער אידישער שרייבער־גרופּע ביים פעדעראַלען פּראָיעקט, מיט 21 יאָהר שפּעטער, וואָס דעקט אַ גרופּע פון 714 „פרייע” לאַנדסמאַנשאַפטען — ניט געבונדענע צו אָרדענס, וואָס זיי זיינען די מאַיאָריטעט. די אַנקעטע גיט : 2 גרינדונגען ביז 1881 ; 167 גרינדונגען פאַר 1881 — 1901; 166 גרינדונגען פאַר 1902 — 1906; 245 גרינדונגען פאַר 1907 — 1917.

ניט דיזעלביגע גרופּע לאַנדסמאַנשאַפטען געדעקט. די ליסטע פון דער קהילה־אַנקעטע איז אַ געמישטע — שליסט איין לאַנדסמאַנשאַפטען פון כל המינים, בעת פון דער פּראָיעקט־גרופּע זיינען אויסגעשלאָסען די חברות, וואָס זיינען צוגעבונדען צו שולען ; די פרויען־קרייזען ; די פאַמיליען־קרייזען ; די לאַנדסמאַנשאַפטען אויף פּריוואַטע נעמען, וואָס פאַר די אַלע מינים ווערט געפירט אַ סעפּאַראַטער חשבון. עס איז אַן ענגערע, שטרענגערע, אָפּגעקליבענערע גרופּע. אַזוי אַז קיין פעסטע שלוסען קאָן מען קיין פאַרגלייך ניט ציהען.

אָבער ביידע אַנקעטעס ווייזען רייטליך אָן, אַז די גרעסטע צאָהל גרינדונגען פאַלט גראָד אויף די יאָהרען 1901 — 1917 — די יאָהרען פון געדיכטעסטער מזרח־אייראָפּייאישער מאַסען־אימיגראַציע.

נאָך פון גרעסערען אינטערעס זיינען די צוויי ביי־צוגעקומענע רובריקען פון דער פּראָיעקט־אַנקעטע, וואָס דעקען די יאָהרען נאָך 1917 — 103 גרינדונגען פאַר 1918־1927 און בלויז 32 גרינדונגען פאַר 1928־1936 ; וואָס דאָס שפּיגעלט אָפּ פּינקטליך די פאַרקלענערונג פון דער מזרח־אייראָפּעאישער אימיגראַציע פאַר די צוויי פּעריאָדען דורך די אימיגראַציע־פּאָליסיס פון די ערשטע נאָך־מלחמה־יאָהרען, דורך דעם קוואָטאַ־געזעץ פון 1924 און דורך דעם קריזיס פון די ערשטע דרייסיגער.

מיינט עס צו זאָגען, אַז די לאַנדסמאַנשאַפט רוקט זיך ביסלעכווייז אַראָפּ פון דער סצענע ? עס הויבט זיך ניט אָן ! די פּראָיעקט־אַנקעטע ווייזט אויף אַ היפּשען געווינס אין סכום פון דער לאַנדסמאַנשאַפט־מיטגלידערשאַפט : אַנטקעגען די 88,187 מיטגלידער, וואָס די קהילה־אַנקעטע האָט אָנגעצעהלט פאַר 632 לאַנדסמאַנשאַפטען אין יאָהר 1917 — אַ דורכשניט פון 143 אויף אַ לאַנדסמאַנשאַפט — האָט די פּראָיעקט־אַנקעטע אָנצואווייזען ; 714 לאַנדסמאַנשאַפטען, וואָס האָבען זיך געגרינדעט מיט 14,159 מיטגלידער — אַ דורכשניט פון 20 אויף אַ לאַנדסמאַנשאַפט — ציילען איצט 114,260 מיטגלידער — אַ דורכשניט פון 160 אויף אַ לאַנדסמאַנשאַפט. מיט דער פאַרקירצטער אימיגראַציע ווערען די לאַנדסמאַנשאַפטען ניט איינגעדאַרט, נאָר זיי וואַקסען און געדייען ! — פון די 714 האָבען בלויז 15 אָנגעגעבען, אַז זיי האָבען איצט יונגער מיטגלידער, ווי ביי דער גרינדונג. די פּראָיעקט־אַנקעטע באַווייזט נאָך מעהר : זי האָט אויסגעפונען נייע פאָרמען פון לאַנדסמאַנשאַפטען — די פאַמיליען־קרייזען, צום ביישפּיל, ביי וועלכע די צאָל הי־געבאָרענער מיטגלידערשאַפט דערגרייכט ביז 50%. אַנדערע נייע לאַנדסמאַנשאַפט־פאָרמען ווייזען נאָך אַ העכערען פּראָצענט הי־געבאָרענע.

וואָס דערפון דאַרף געדרונגען זיין, אַז די לאַנדסמאַנשאַפטען זיינען ניט אָנגעוויזען מיט זייער וואוקס אויסשליסלאַך אויף דעם צופלוס פון אימיגראַציע. זיי קאָנען קענטיג זיך אַן עצה געבען — זיי האָבען זייערע מיטלען, ווי צו האַלטען זייער אַלטע מיטגלידערשאַפט און ווי צוצוקריגען נייע פון דער שטייגענדיגער באַפעלקערונג און פון דער אונטערוואַקסענדיגער יוגענט.

מיר האָבען געזוכט אין די אַנקעטעס אַ סטאַטיסטישע אילוסטראַציע אויף דעם כמעט זעלבסטפאַרשטענדליכען פאַקט, אַז די לאַנדסמאַנשאַפט איז געשפּייזט געוואָרען פון דער מזרח־אימיגראַציע. אַרויסגעקראָגען האָבען מיר פיל מעהר : — אַ באַשטעטיקונג, אַז טראָץ די כמעט פאַרשלאָסענע טויערען פאַר דער מזרח־אייראָפּעאישער אידישער אימיגראַציע, זיינען די לאַנדסמאַנשאַפטען בשום אופן ניט אויסגעשפּילט. די ציפערען זאָגען, אַז ניין. פאַרדינען זיי דאַרום אונזער פולע אויפמערקזאַמקייט.

4

אויף אַזוי ווייט דאָס עדות זאָגען פון די ציפערען. מיר האָבען געוואונען אַ סטאַטיסטישע פאַרזיכערונג פון היינ־טיגען טאָג, אַז באַהאַנדלענדיג די לאַנדסמאַנשאַפט, האַנדלען מיר ניט מיט ווינט. קאָנען מיר צוריקגיין צו איהר גע־שיכטליכער קאַריערע.

ציפערען זיינען ניט אַלץ. — די לאַנדסמאַנשאַפט איז מזרח־אייראָפּעאיש ניט נאָר קוואַנטיטאַטיוו, נאָר אויך



קעלצער אונטערשטיצונג־פאַראיין, 5 לודלאָוו סטריט, נ. י.

קוואַליטאַטיוו. און די קוואַליטאַטיווע סיבות, וואָס האָבען זי אַרויסגעבראַכט, זיינען ניט ווייניגער וויכטיג. זיי האָבען עס גורם געווען, אַז די צאָל לאַנדסמאַנשאַפטען ביי אידען זאָל פּראָפּאָרציאָנעל זיין גרעסער פון דער צאָל ענליכע פאַר־איינען פאַר קעגענזייטיגער הילף ביי וועלכער עס איז אַנדע־דער אימיגראַנטען־גרופּע. זיי, די קוואַליטאַטיווע סיבות, האָבען אין דער לאַנדסמאַנשאַפט אַריינגעגעבען איהרע ספּע־ציפישע אייגענשאַפטען. און זיי הויבען אָן איהר אמת'ע געשיכטע.

דער באַקוועמסטער וועג צו שטודירען די נאַטור פון דער לאַנדסמאַנשאַפט און איהר פּראָגרעס איז איינטיילען איהר געשיכטע אין דריי פּאַזען: די ערשטע פּאַזע וועלען מיר אָנרופען די סינאַגאָגאַל־צערעמאָניאַלע; די צווייטע — די נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע; די דריטע די קאַטאַסטראָפאַלע. די ערשטע פּאַזע זינט דעם אויפקום פון די לאַנסמאַנשאַפ־טען ביז אַרום 1905; די צווייטע פּאַזע האָט זיך אָנגעהויבען פון 1900 און איז אַריינגעלאָפען אין דער דריטער, וואָס איהר אָנהויב איז געווען אין די יאָהרען פון דער וועלט־מלחמה.

שטודירען מיר די ערשטע פּאַזע. עס איז אויסגע'חשבונ'ט געוואָרען, אַז די 2,650,000 אידישע אימיגראַנטען, וואָס זיינען אַריינגעקומען פון מזרח־אייראָפּע קיין יונייטעד

סטייטס פאַר 1881—1925, האָבען אויסגעמאַכט אַ דריטעל פון דער אידישער באַפעלקערונג פון מזרח־אייראָפע, דעם נאַטירליכען צוואוקס אַריינגערעכענט. יעדער דריטער איד פון אַ שטאָט האָט איבערגעוואַנדערט קיין אַמעריקע. דאָס איז געווען אַן אמת'ע פאָלקס איבערוואַנדערונג פון לאַנד צו לאַנד, ווי עס פלעגט טרעפען פאַרצייטען; ווי עס האָט געטראָפען מעהרערע מאָל מיט אידען אין מיטלאַלטער, ווען זיי פלעגען אַרויסגעטריבען ווערען פון זייערע איינגעזעסענע ישובים — פון שטעט און לענדער; ווי עס פאַסירט איצט מיט די אידען פון דייטשלאַנד און עסטרייך. און אידען זיינען געניט אין באַגעגענען אַזעלכע פאָלקס אומגליקען. שטעט פלעגען אַרויסגיין מקבל פנים זיין די אַרויסגעטריבענע, מיט די רבנים און די ראשי הקהל בראש, און זיי באַזאָרגען מיט אַלעס נויטיגען; טיילען מיט זיי וואוינונג, טיש און קלייד און זיי העלפען זיך איינאָרדענען אין זייער נייעם ישוב. און אַזוי האָבען אידען אויסגעהאַלטען די אַלע שרעקליכע גירושים און ניט אונטערגעגאַנגען.

און די מצוה פון מקבל פנים זיין אַרויסגעטריבענע איז אַריין אין פאָלקס געוויינהייט און כאַראַקטער, און אידען אין מזרח־אייראָפע פלעגען די מצוה מקיים זיין, ווען אַ שטעטעל פלעגט אָפגעברענט ווערען; אָדער אַ שטעטעל פלעגט לויפען פון אַ פאָגראָם, און אידען פון גאַנץ רוסלאַנד האָבען די מצוה מקיים געווען אויף אַ גראַנדיעזען שטייגער בשעת דער וועלט־מלחמה, ווען די רוסישע קאָמאַנדירען האָבען אַרויסגעטריבען אַלע אידען פון אַלע שטעט און שטעטלאַך איבער דער גאַנצער לענג פון דער מערב־דיגער פראָנט־ליניע. איין העלפט אידען איז געווען יאָהרנלאַנג דער גאַסט פון דער צווייטער העלפט.

און די מצוה איז אַריינגעדרונגען אין אידישען לעבענס־שטייגער, אַלס די מצוה פון הכנסת אורחים, מקיים צו זיין אפילו ניט אין אַן עת צרה; דער גרעסטער אָרימאַן פלעגט עס האַלטען פאַר זיין גליק, ווען ער פלעגט קאָנען איינלאַדען צו זיין שבת'דיגען טיש אַן אָרימאַן אַן אורח פון אַ פרעמדער שטאָט — דער אורח פלעגט איהם ברענגען דעם עונג שבת אין הויז אַריין.

אָט־די טאָפעלטע מצוה — פון מקבל פנים זיין געטריבענע און פון הכנסת אורחים — איז גאַנץ אָפט געווען דער ערשטער שטויס צו דער געבורט פון דער היגער שטאָט־לאַנדסמאַנשאַפט. צו ערשט איז עס געווען די זאָרג וועגען לאַנדסמאַן, דערנאָך ערשט די זאָרג וועגען זיך אַליין. איין שטאָט איז אַרויס מקבל פנים זיין, מכניס אורח זיין אַ צווייטע שטאָט — די פריער־אַריבערגעקומענע די ניי־אָנגעקומענע. בפרט ווען דאָס זיינען געווען ניט קיין פרעמדע צווישען זיך שטעט. וואָרום מזרח־אייראָפעאישע אימיגראַציע האָט געשטראָמט אַהער שטאָט־וויַיז. איין מיטגליד פון דער פאַמיליע—אַ מאַן, אַ פאָטער, צי אַ זוהן—פלעגט אַרויספאָרען צוערשט, און דערנאָך אַראָפברענגען די גאַנצע פאַמיליע. אָדער אַ קרוב פלעגט עס טאָן; אָדער ניט קיין קרוב, אַ פריינט, אַ באַקאַנטער, אַ לאַנדסמאַן פלעגט נעמען אַ שיפסקאַרטע אויף אויסצאָלען, און די אַריבערגעקומענע פלעגען איבערנעמען די צאָלונגען אויף זיך. איין חלק שטאָט פלעגט מיטציען דעם אַנדערען.

עס איז איצט גאָר שווער זיך פאָרצושטעלען וואָס פאַר אַ וויכטיגע ראָלע די שטאָט־לאַנדסמאַנשאַפטען האָבען געשפילט אין די ערשטע יאָהרען פון אימיגראַציע. איידער די רעגולערע אינסטיטוציעס פאַר האַנדלען מיט'ן אימיגראַנט האָבען זיך איינגעשטעלט. זיי זיינען געווען די סטאַנציעס פאַר הכנסת אורחים, דער „האַיאַס". זיי זיינען געווען די זאַמעל־פלעצער, די פאַמיליען־צענטערס, וואָס האָבען געהאָלפען דעם גרינעם זיך איינהיימישען און איינבירגערען אין דער נייער, פרעמדער מדינה. אַן אַרויסגעשלאָגענער פון דער סביבה וואו ער איז געווען איינגעוואָרצעלט, וואָלט דער גרינער דאָ, אָן קענטעניש פון שפראַך, לאַנד און באַדינגונגען, פאַרפאַלען געוואָרען אין הפקר אַריין, ווען ניט די חברה היימישע מענשען, די לאַנדסמאַנשאַפט, וואָס האָט אים באַגעגענט, אויפגענומען, אַרויסגעהאָלפען, געפיהרט מיט זיינע ערשטע טריט, אַריינגעפיהרט אין אַ הויז, אין אַ שאַפ און בכלל אַריינגעפיהרט איהם אין די נייע לעבענס־באַדינגונגען. די לאַנדסמאַנשאַפט איז געווען די סטאַנציע פון גיכער הילף. און די לאַנדסמאַנשאַפט איז געווען דער בריק צווישען אייראָפע און אַמעריקע; דער אינווענדיגסטער, פריינטליכער עליס איילאַנד. און די לאַנדסמאַנשאַפט האָט דעם גרינעם געלערנט די גרונט־כללים פון אַמעריקאַנישקייט — די ערשטע טבילה אין אַמעריקאַניזאַציע האָט ער דאָ באַקומען. און ווען דאָס לעבען פון די מזרח־אייראָפעאישע אידען האָט זיך דאָ אַזוי גיך איינגעשטעלט, איינגעאָרדענט און זיך אָרגאַניזירט — ווען דער שאַרפער איבערגאַנג פון היימישער קליינשטעטלדיגקייט צו אַמעריקאַנישער גרויסשטאָטיגקייט איז דורכגעגאַנגען פאַרהעלטענישמעסיק אַזוי גלאַטיג, אָן איבעריגער פיין — איז עס געווען אַ דאַנק די לאַנדסמאַנשאַפטען.

5

הכנסת אורחים איז ניט די איינציגע אַלט־היימישע מצוה, וואָס איז דאָ אין לאַנד אויפגעלעבט געוואָרען אויף אַ גרויסען שטייגער. און אויב מיר האָבען אויבען אויסגעפיהרט, אַז די מצוה פון אויפנעהמען אַ גאַסט האָט גאַנץ אָפט געגעבען דעם ערשטען שטויס צו דער גרינדונג פון אַ שטאָט־לאַנדסמאַנשאַפט, מוזען מיר דאָ די באַהויפטונג עטוואָס פאַרריכטען: ס'האָט דאָך געדאַרפט זיין ווער זאָל דעם גאַסט אויפנעמען. מעהרסטענס איז עס טאַקע געווען דער יחיד, דער קרוב, דער לאַנדסמאַן, וואָס האָט געקויפט די שיפסקאַרטע. אָבער ווען פון אַ פאָגראָמירטער אָדער רואינירטער שטאָט פלעגען מיט אַמאָל אַריינפאַלען אַ צעהנדליג, אָדער 50 אָדער 100 — איז דאָס ניט געווען פאַר די כחות פון איין מענשען, פאַר'ן יחיד און פאַר יחידים, די געסט אויפצונעמען. עס האָט געדאַרפט זיין נאָך פון פריער אַ שטיקעל פאַראייניקונג פון יחידים לאַנדסלייט, אַן אָנהויב פון אַ חברה,

אַ קעמערעל פון אַ קינפטיגער שטאָט־לאַנדסמאַנשאַפט. דער פרומער קלאַס אידען האָבען אַזאַ קעמערעל געהאַט אין זייער שוהל. די מצוה פון דאַוונען בצבור מיט אַ מנין, וואָס דער פרומער איד איז מחויב מקיים צו זיין יעדען טאָג אין וואָך, האָט געגעבען דעם גאַר־גאַר ערשטען שטויס צו דער גרינדונג פון אַן ערב־לאַנדסמאַנשאַפט, — פאַראויסגייענדיג דער מצוה פון הכנסת אורחים, פאַר וועלכער עס איז געקו־מען די אמת'ע געלעגענהייט ערשט מיט דער גרויסער אי־מיגראַנטישער עליה. פאַר די 40 טויזענט רוסישע און פוילישע אידען, וואָס האָבען זיך דאָ אָנגעזאַמעלט ביז 1880, איז דער מנין מסתמא געווען די איינציגע געלעגענהייט פאַר אַ לאַנדסלייט־צוזאַמענקונפט. צוערשט איז מען זיך צונויפ־געקומען מתפלל זיין ביי אַ לאַנדסמאַן, וואָס האָט געהאַט אַ גרעסערע שטוב. דערנאָך, אַז דער עולם האָט זיך אַביסעל פאַרגרעסערט, האָט מען אָפּגעדונגען אַ ווינקעל־האַל, אויף אַריינצושטעלען אַן ארון קודש. און נאָך אַזאַ געשמאַקען אָפּדאַוונען בצבור, וואָס האָט דערמאַנט אַן דער אַלטער היים, האָט דער אימיגראַנט זיך שוין ניט געפיהלט אַזוי עלענט אין פרעמדער מדינה.

און די שוהל איז דאָך ניט איין מצוה, ס'איז אַ גאַנצער געפלעכט פון מצוות. מיט דער שוהל איז שוין מיטגע־גאַנגען דער גאַנצער היימיש־שטעטעלשער פרומער פאַ־ראַנדעק: די מצוה פון צדקה — העלפען נויטבאַדערפטיגע אויף ניט צוריקבאַצאָלען; די מצוה פון גמילות־חסדים — צו געבען הלואות אָן פּראָצענט; די מצוה פון בקור חולים — באַזוכען אַ קראַנקען און קויפען פאַר איהם רפואות, אויב די פאַמיליע איז מיטללאָז; די מצוה פון לינת הצדק — פון איבערנעכטיגען מיט די קראַנקע, און אויב דער קראַנקער שטאַרבט, איבערנעכטיגען מיט די אבלים, וואָס ביי די גאַר פרומע איז עס אויסגעשפרייט געוואָרען ביז זיצען אַ גאַנצע וואָך שבעה מיט די אבלים. און על כולם: מיט דער שוהל־חברה איז מיטגעגאַנגען די חברה קדישה, וואָס האָט געגעבען דעם מת אַ אידישע לויה און געבראַכט דעם מת צו קבר ישראל.

די אַלע מצוות צוזאַמען האָט מקיים געווען די שוהל־חברה — מיט דער נפקא מינה, וואָס אין דער אַלטער היים האָט דער אָרעמאַן עס אַלץ באַקומען אומזיסט — אי די שוהל, אי דעם גמילות חסד, אי דעם באַזוך פון פריינט, ווען ער איז קראַנק, אי די לויה, אי דעם קבר. דאָ אין אַמעריקע, וואו דער היימישער קהל איז ניט געווען, האָט דער אי־מיגראַנט פאַר דעם אַלעמען געדאַרפט אין פאַראויס באַצאָ־לען; אַריינלייגען אין דער קאַסע פון חברה אַ וועכענטליכען אָדער חודש'ליכען אָפּצאָל.

און דאָס איז געווען גוט. דאָס איז געווען דער ערשטער שריט צו דער אַמעריקאַניזירונג פון דער שוהל־חברה. פון הילף איז געוואָרען זעלבסטהילף. פון צדקה איז געוואָרען בענעפיט. דער מיטגליד פון דער חברה באַקומט דאָס אַלץ ניט ווי אַ צוגעוואָרפענע טובה, נאָר ווייל עס קומט איהם. ער האָט אַ רעכט עס צו דערוואַרטען און אַ רעכט צו מאָנען. דאָס האָט געהויבען זיין זעלבסט־ווירדע. דאָס האָט פאַרבעסערט און פאַרגרעסערט די הילף. אַזוי ווי פאַר דער לויה און פאַר דעם קבר האָט מען געדאַרפט באַצאָלען, האָט די שוהל־חברה געדאַרפט זיך איינשאַפען אַן אייגענעם בית־עולם, קויפען קרקע, כדי די קברים זאָלען אויסמאַכען ביליגער. און עס איז באַשטימט געוואָרען וויפיל דער קראַנקער דאַרף באַקומען אויסגעצאָלט אין בענעפיט. נאָך בעסער איז עס געווען פאַר דער אלמנה: אָנשטאָט אַ פאַר רובעל, צוזאַמענגעקליבען אין אַ טיכעלע פון גוטהערציגע ווייבער — איז באַשטימט געוואָרען, אַז 200 דאָלער זאָל זי באַקו־מען, ווי דער חוב פון דער חברה צום מאַן — זי זאָל ניט בלייבען הילפלאָז מיט יתומים אויף די הענט, אין דער פרעמדער מדינה. (200 דאָלער איז די טראַדיציאָנעלע סומע, וואָס די שוהל־חברה האָט איבערגענומען פון דער דייטש־אידישער לאָדזש—פון אָרדען „ברית אברהם", אָדער „אינדעפענדענט ברית אברהם",—וועלכע האָט עס איבערגע־נומען פון דער אַמעריקאַנישער „בענעוואָלענט סאָסייעטי" — און שטאַמען שטאַמט עס נאָך פון די „פרענדלי סאָסייעטיס" פון אַלט־ענגלאַנד).

אַט־דאָ האָט די מצוה פון הכנסת אורחים, וואָס נאָך 1881 האָט מען זי גענומען מקיים זיין אויף אַ גרויסען שטייגער, צוגעשפּילט צום איבערגאַנג פון דער שוהל־חברה אין אַ הילפס־חברה. עס האָבען זיך אויסגעפורעמט צוויי מינים: איין מין, וואו די הילפס־חברה פאַלט צונויף מיט דער שוהל־חברה, וואָס איהר הויפט־זאָרג איז די שוהל און דער בית עולם, און איז יוצא פאַר בענעפיטס מיט אַ קאַסע פאַר גמילות חסדים און נויט־הילף — וואָס דאָס זיינען די „אנשי'ס." און אַ צווייטער מין, וואו די הילפס־חברה איז צוגעבונדען צו דער שוהל, אָבער פאַלט מיט איהר ניט צונויף, און קאָן אַריינעמען מיטגלידער, וואָס געהערען זיך מיט דער שוהל ניט אָן. דער מין האָט שוין דעם גאַנצען צעטעל בענעפיטס — מיט קראַנקען־בענעפיט, מיט טויט־בענעפיט —פול איינגערעגולירט, מיט פעסטע סטאַטוטען פאַר איינצאָלונגען און אויסצאָלונגען.

אַזוי איז די שוהל־חברה, מיט דעם צושפּיל פון דער מצוה פון הכנסת אורחים, מיט דעם מוסטער פון אָרדען־לאָדזש פאַר די אויגען, פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַ לאַנדסמאַנ־שאַפט — אַ לאַנדסלייט־פאַראייניקונג פאַר הילף און זעלבסט־הילף.

און ס'זעט אויס, אַז די שוהל־חברה איז געווען די עלטסטע לאַנדסמאַנשאַפט־פאָרם דאָ אין לאַנד. אַז דאָס איז אַזוי, האָט די שרייבער־אַנקעטע אויסגעגראָבען אַ באַווייז — זי האָט געפונען אַ שוהל, וואָס איז אין איין עלטער מיט דעם „ביאַליסטאָקער אונטערשטיצונגס־פאַראיין", וועלכער איז אויך געווען אַ צוגעבונדענער צו אַ שוהל — ביידע געגרינ־דעט אין 1864. און אַ שוהל וואָס איז נאָך עלטער פון 1862. דער פאַראיין איז פאַרשוואונדען, די שוהלען זיינען גע־בליבען.

פאַרשטייט זיך, אַז די גרויסע שפע אויף „אנשי'ס" איז

געקומען ערשט מיט דער אימיגראַציע־פּאַרפּלייצונג פון נאָך 1881 — ביז דאַמאָלס זיינען זיי געווען אויף די פינגער צו ציילן: דערנאָך זיינען זיי געוואָרען ניט איבערצוציילן. „אנשי׳ס" פלעגען אויסוואַקסן ווי שוואָמען נאָך אַ רעגען און פונקט אַזוי גיך איינגעטריקנט ווערן.

די עלטסטע און גרעסטע שוהלען אין ניו יאָרק, וואָס שטייען נאָך עד היום, זיינען געגרינדעט געוואָרען פון „אנשי׳ס". ניט אַלע אנשים האָבן זיך אַזוי פיין געקאָנט אַרויסאַרבייטן. די מערהסטע זיינען געבליבן ביי זייערע ווינקעלאַך אין אַ האַל, מיט אַן אָרון־קודש׳ל, וואָס ערשט ימים־נוראים־צייט פלעגן זיי אַנגעלאָפּן ווערן מיט בעלנים־מתפללים. דערפון האָט זיך עס גענומען — וואָס עס האָט ביז ניט־לאַנג אַזוי אונאַנגענעם זיך געוואָרפן סיי אין אידישע און סיי אין ניט־אידישע אויגן — אַז צו די גרויסע ימים־טובים — די ימים־נוראים — פלעגן פּלוצלינג זיך באַווייזן שוהלען אין פּאַסיגע און ניט־פּאַסיגע פּלעצער: אין פּריוואַטע הייזער, אין דענסהאַלס, אין מואווי־הייזער, אין ביר־סאַלונס און נאָך ערגערע פּלעצער. דאָס זיינען געווען די „אנשי׳ס", וואָס פלעגן אַ גאַנץ יאָהר קיין כח ניט האָבן אפילו פאַר אַ שוהלכעל...

עס איז נאָך היינט קענטיג, אַז דער לאַנדסמאַנשאַפטליכער בענעפיט־פּאַראיין שטאַמט אָפּ פון דער שוהל־חברה; אַז די בענעפיטס האָבן געהאַט זייער אורשפּרונג אין רעליגיעזע מצוות. די אָפּשטאַמונג האָט געלאָזט אויף תמיד אין דער פּסיכאָלאָגיע פון דער לאַנדסמאַנשאַפט. אַמעריקע האָט די מצוות מאָדערניזירט, איבעראַרבייטענדיג די צדקה הילף אין זעלבסטהילף, אָבער דער מצוה־כאַראַקטער איז געבליבן. הילף צו דרויסענדיגע, צו ניט־מיטגלידער האָט אַלעמאָל פאַרנומען אַ גרויסן אָרט אין דער פּראַקטיק פון דער לאַנדסמאַנשאַפט. בפרט נאָך דער מלחמה, ווען די הילף פאַר „דרויסען" — אין דער פאָרם פון רעליף פאַר דער היימשטאָט — האָט ניט בלויז אויסגעגליכען, נאָר גאַנץ אָפּט איבערגעשטיגען די זעלבסטהילף — ביי דער ניט־פּרומער, אידייאישער, געזעלשאַפטליך־באַוואוסטזיניגער לאַנדסמאַנשאַפט נאָך מעהר אַזוי, ווי ביי דער אַלטמאָדיש־פּרומער. פרייגעביגקייט, סאָלידאַריטעט־געפיהל איז דער גרונטשטריך פון דער לאַנדסמאַנשאַפט.

## 6

נאָכדעם ווי די לאַנדסמאַנשאַפט האָט זיך אָפּגעפּאַרטיגט מיט איהרע פּריוואַט־יחיד׳ישע און עולמ׳שע מצוות — די מצוות, וואָס האָבן איהר געגעבן דעם געבורט־שטויס — האָט זי זיך איינגעשטעלט אויף אַ פּערמאַנענטן באַזיס, פאַר הילף און זעלבסטהילף. וואָס ווייטער האָט זי אַלץ וועניגער געדאַרפט אָנקומען צו דער שוהל פאַר אַ הייבאַם. דער אַלץ שטאַרקענדיגער אימיגראַציע־שטראָם האָט צוגעשטעלט מענש־מאַסע, וואָס האָט זיך ניט געלאָזט אין דער שוהל אַריינשפּאַרן אָדער צו איהר צובינדען. איינמאָל אין דער מאָדעל געווען איינגעשטעלט, האָבן לאַנדסמאַנשאַפטן זיך געפורעמט פון זיך אַליין, אין אָפּענטפער אויף דעם באַדאַרף אין זעלבסטהילף. — זייט דאַמאָלט איז די לאַנדסמאַנשאַפט געוואָרען אַ סאָציאַלער „יוניט" וואָס ווירקט און ווערט באַווירקט. פאַרבלייבענדיג דאָס וואָס זי איז — אַ פאָלקס־אָרגאַניזאַציע פאַר בענעפיטס — האָט זי גראַדנוייז גענומען טאָן, אָדער געלאָזט דורך זיך טאָן, העכערען סאָציאַלען דינסט.

איהר ערשטער דירעקטער דינסט איז געגאַנגען אין דער ליניע פון איהר זעלבסטהילף־פונקציע. זי האָט גענומען אַרויסאַרבייטן די אָרדענס — דעם עלטערען, בכבוד׳יגען, גאַנץ דייטשמערישען „ברית אברהם" און דעם אינגערען, מעהר דעמאָקראַטישען, האַלב דייטשמערישען „אינדעפּענדענט ברית אברהם". דעם עלטערען האָט זי פאַרלענגערט דאָס לעבען אויף דרייסיג־פערציג יאָהר; אין דעם אינגערען האָט זי אַריינגעגעבען אימפּעט פון וואוקס, ביז ער האָט זיך פונאַנדערגעוואַקסען צו ווערען דער גרעסטער אידישער אָרדען.

צוליב וואָס און וועלכע לאַנדסמאַנשאַפט איז געגאַנגען אין אָרדען? — צווי מאָטיווען זיינען געווען: אַ מאַטעריעלער און אַ גייסטיגער. פאַר נויט און פאַר וואוילטיג. מאַטעריעל, האָט דער בענעפיט־אינטערעס — די פּרוזשינע פון איהר עקזיסטענץ — זי באַוועגט אין דער ריכטונג פון אָרדען. 500 דאָלער אַנשטאָט 200 איז שוין באַלד אַן אינשורענס־פּאָליסי. — דערצו זיינען דעם אָרדענס 500 דאָלער געווען אַ סך זיכערער פון פאַראיינ׳ס 200. און די איינשפּאָרונג פון הוצאות און קאָפּדרייעניש אויף בוך־פיהרונג און פאַרוואַלטונג. און דער עיקר, די גרויס און דער פּרעסטיזש פון אָרדען העלפט דער לאָדזש די ווערבירונג פון נייער מיטגלידערשאַפט. אמת, ס׳האָט געקאָסט טייערער: אין עלטערען אָרדען 12 ד. אַ יאָהר, אין אינגערען 15 — אַנטקעגען די 4, 5, 6 דאָלער, וואָס דער מיטגליד פון דער לאַנדסמאַנשאַפט האָט באַדאַרפט צאָלען. נאָר גאָר גיך זיינען דאָס רוב לאַנדסמאַנשאַפטן געוואָר געוואָרען, אַז די ביליגקייט אין דער לאַנדסמאַנשאַפט קאָסט טייערער. עס האָט לכתחילה אויסגעזען אַזוי אומשולדיג — 5 אָדער אפילו 10 סענט אַ וואָך אָפּצאָל, וואָס פאַר אַ באַטרעף האָט עס? אָבער וואָס ווייטער האָט דער אָפּצאָל זיך גענומען פאַרגרעסערען, און נאָך 15—20 יאָהר — און ביי מאַנכע לאַנדסמאַנשאַפטן אפילו נאָך פריער — דו קוקסט זיך אָרום: דער אָפּצאָל האָט זיך פאַרטאָפּעלט, פאַרדרייפאַכט...

ס׳רוב לאַנדסמאַנשאַפטן זיינען באַפאַלען געוואָרען פון דער חלאת, וואָס פּלאָגט די בענעפיט־סאָסייעטיס — די פּריי־צייטיגע עלטער־שוואַכקייט — דער רעזולטאַט פון דער אומגעזונטער בענעפיט־עקאָנאָמיק, די סיסטעם פון „אַסעסמענטס", קעגען וועלכען די אינשורענס עקספּערטען האַלטען אין וואָרנען און די סטייט־געזעצען זוכען צו באַוואָרענען.

פאַר די גרינדער פון די לאַנדסמאַנשאַפטן איז „אַסעסמענטס" געווען די יושר׳דיגסטע, די „אידישסטע" סיס־

טעם. דאָס איז דאָך די אָנווענדונג אין דער פּראַקטיק פון פּרינציפּ פון „כל ישראל חברים". אינגער, עלטער, אַלע גלייכע שותפים צו די בענעפיטס — היימיש ווי אָנגעהעריג צו איין משפחה. און היימיש, משפחה־מעסיג איז געווען דער סדר פון די צאָלונגען — „פון האַנט אין מויל". די הוצאה האָט געדאַרפט געדעקט ווערען פון דער הכנסה; די הכנסה איז באַשטימט געוואָרען לויט דער הוצאה. די איינצאָלונגען לויט די אויסצאָלונגען — אחר המעשה; וויפיל געקרענקט, וויפיל געשטאָרבען, וויפיל אויסגעגעבען פאָריגען יאָהר, אַזאַ טעקס אַרויפגעוואָרפען אויף אַלעמען גלייך אויפן קינפטיגען יאָהר — גאָר ניט וויסענדיג זיך מאַכענדיג דערפון, אָדער טאַקע ניט וויסענדיג, אַז עס זיינען דאָ וויסענשאַפטליכע טאַבעלען, וואָס רעכענען אויס פאַר יאָהרען אין פאָראויס די וואַרשיינליכע יעהרליכע צאָל פון קראַנק־ און שטאַרב־פּאַלען — די טאַבעלען, אויף וועלכע די אינשורענס קאָמפּאַניס און די נייע פּראַטוירנאַל אָרדענס זיינען זיך סומך אין באַשטימען די צאָלונגען פון זייערע „פּאָליסי־האָלדערס".

ווייס מען שוין איצט אין וואָס פאַר קלעם אַ „בענעפיט־סאָסייעטי", וואָס האַלט זיך ביים סיסטעם פון „אַסעסמענטס", פאַלט מיט דער צייט אַריין. די ערשטע צייט דינט דער פּרינציפּ פון „גלייך אויף גלייך" זעהר גוט. די מעהרסטע מיטגלידער זיינען יונג און שטאַרק; קרענקען וועניגער, שטאַרבען וועניגער — און די הכנסה שטייגט אַריבער די הוצאה. אָבער אָט האָט די מיטגלידערשאַפט זיך פאַרעלטערט; מען קרענקט און מען שטאַרבט אַלץ מעהר — און דער טייערער פּרינציפּ פון „גלייך אויף גלייך" — אין לשון קודש: די מצוה גדולה פון כל ישראל חברים — הערט אויף צו דינען. די הכנסה קאָן קוים נאָכהאַלטען די הוצאה. דער באַלאַנס בלייבט אַלץ אָפטער ניט קיין אויסגעגליכענער. די אינגערע מיטגלידער פאַלען אַוועק; פאַר וואָס קומט זיי דאָס צו טראָגען די לאַסט פון די אַלטע לייט? פרישע מיטגלידערשאַפט קומט ניט צו. און גראָד די, וואָס זיינען געווען צום לענגסטען אין דער סאָסייעטי, בלייבען די קרבנות: זיי קומט אויס צו טראָגען די גאַנצע לאַסט; און פון זייערע אָפּגעשפּאָרטע דאָלאַרען אין דער קאַסע פון דער סאָסייעטי, פון וועלכע אַנדערע האָבען בענעפיטירט, וועלען זייערע פאַמיליעס קיין שום בענעפיט ניט ציען, ווייל די סאָסייעטי וועט שוין דאַמאָלס זיין באַנקראָט.

דער פּונקט איז דאָ אַרומגערעדט געוואָרען, הגם פאַר דער איצטיגער לאַנדסמאַנשאַפט דאַרף עס שוין זיין אַלף בית; און יעדע לאַנדסמאַנשאַפט, וואָס האָט זיך דערהאַלטען פון יענע יאָהרען, האָט שוין אויסגעאַרבייט איהר מעטאָד ווי אַזוי זיך צו פינאַנסירען — מיט אָדער אָן וויסענשאַפטליכע טאַבעלען. אָט איז די „פוירסט באָלעכאָווער סיק בענעוואָלענט אַסאָסיאיישאָן" — באַלעכאָוו איז אַ קליין שטעטעל אין מזרח־גאַליציען — וואָס האָט זיך געגרינדעט אין 1898 מיט אַ פאַר צעהנדליג גרינע יונגע לייט, וואָס האָבען גענומען צאָלען צו 10 סענט אַ וואָך — און איצט ציילען זיי 350 מיטגלידער, צאָלען 350 דאָלער טויטען־בענעפיט, 7 דאָלער וועכענטליך פאַר 10 וואָכען אין סיק־בענעפיט, פאַרמאָגען 3 בית־עלמ'ס — אַן אָרדען אין מיניאַטור. אָט איז „קאָלאָמעער פרענדס אַסאָסיאיישאָן", וועלכע האָבען זיך געגרינדעט אין 1904 מיט 35 מיטגלידער און איצט ציילען זיי אַרום 450, — צאָלען די טויטען־בענעפיט 500 דאָלער — אַזוי ווי אין אָרדען — און סיק־בענעפיט 9 דאָלער וועכענטליך פאַר 15 וואָכען. און האָבען אַן אָלד־איידזש־פאָנד.

ווי אַזוי גיבען זיך לאַנדסמאַנשאַפטען היינט אַן עצה?

זיי האָבען פאַרשיידענע מעטאָדען. די פּראַקטיק האָט אויסגעלערנט „סיילסמענשיפּ", פון איידעלען און ניט אַזאַ איידעלען סאָרט. דער ערגערער סאָרט: אויפגעבלאָזענע מיטגלידער־קאַמפּיינס מיט צוזאָגען, וואָס קאָנען ניט געהאַלטען ווערען. דער בעסערער סאָרט: טיכטיגע געזעלשאַפטליכע טעטיגקייט אויף צוציהען אינגערע מיטגלידערשאַפט. אַזוי טוען די באָלעכאָווער און קאָלאָמעער.

אָבער דעמאָלט, פאַר דרייסיג אָדער פערציג יאָהרען, האָבען די טוער פון די לאַנדסמאַנשאַפטען פון דעם נאָר וואָס אַרומגערעדטען אלף־בית־אמת וועגען אַסעסמענטס נאָך ניט געהאַט געהערט; אָדער ווען יאָ געהערט, איז עס זיי אין איין אויער אַריין און פון אַנדערען אַרויס. און זיי האָבען נאָך קיין צייט ניט געהאַט אויסצואַרבייטען מיטלען אויף איבערצוקליגלען די איבלען פון „אַסעסמענטס". האָט דאָס געגעבען אַ ריי וויכטיגע רעזולטאַטען.

דער ערשטער רעזולטאַט איז געווען דער שוין־דערמאָנטער פאַקט, אַז ס'רוב לאַנדסמאַנשאַפטען זיינען באַפאַלען געוואָרען פון פריצייטיגער עלטער־שוואַכקייט נאָך פריער ווי געוויינליך ביי אַ ניט־אידישער סאָסייעטי. ניט נאָך 20—25, נאָר נאָך 10 יאָהר. ווייל לכתחילה זיינען אין איהר פאַראייניגט געווען, ווי גלייכע שותפים, זעכציג־יעהריגע מיט צוואַנציג־יעהריגע; עלטערע אידען אין אַ גאָר היפּשער צאָל, וואָרים ווער־זשע דען פאַרשטייט זיך אויף דעם עסק פון עוסקן זיך בצרכי צבור, ווען ניט אַן עלטערער איד?

דער צווייטער רעזולטאַט איז געווען — דאָס וואָס טרעפט אויך ביי דער ניט־אידישער „בענעפיט־סאָסייעטי" — די אינגערע האָבען גענומען וויכען פון דער עלטערער לאַנדסמאַנשאַפט. אי, סטייטש „כל ישראל חברים" און איז דען ניט אַ לאַנדסמאַנשאַפט פון הוילע מצוות געבאָרען? אודאי אַזוי, אָבער ווער קאָן זיי שטערען מקיים זיין די מצוות אין אַן אייגענער לאַנדסמאַנשאַפט? זיינען זיי אַוועק און האָבען געגרינדעט אַ „יאָנג מענס אַסאָסיאיישאָן". אין צעהן יאָהר אַרום האָט זיך דאָס איבערגע'חזר'ט: אַ נייע אינגערע גרופּע לאַנדסלייט גרינדעט אַן „אינדעפּענדענט" אָדער אַ „פּראָגרעסיוו יאָנג מענס". דערפון נעמט זיך עס, וואָס יעדע שטאָט האָט איהרע אייגענע דריי־פיר יאָנג מענס־לאַנדסמאַנשאַפטען, וואָס אונטערשיידען זיך אַביסעלע אין זייערע נעמען און גאָר היפּשלאַך אין זייער עלטער; וואָס דער דורכשניט־עלטער פון די עלטסטע „יאָנג מענס" איז איצט

אַרום 50. צוזאַמען מיט די אַנדערע מינים נעמט זיך אָן לכל הפחות ביי אַ צעהן לאַנדסמאַנשאַפטען אויף אַ שטאָט. און ניט נאָר אויף אַ שטאָט, נאָר אויף אַ שטעטעל אויך. — אַ שטעטעלשער רעליף קאָמיטעט שטעלט זיך צונויף פון ניט ווייניגער פון אַ האַלבען צענדליג לאַנדסמאַנשאַפטען.

דער דריטער רעזולטאַט איז געווען, וואָס די פאַר'יתום'טע עלטערע לאַנדסמאַנשאַפט, ניט קאָנענדיג מעהר טראָגען די הוצאה פון זעלבסשטענדיגער עקזיסטענץ, איז געלאָפען, אין פחד פאַר אונטערגאַנג, זיך ראַטעווען אין אָרדען. צוגעגעבען, אַז עס זיינען שוין דאַמאָלט געווען עלטערע לאַנדסמאַנשאַפטען, וואָס קלאַמערנדיג זיך מיט אַלע כחות אָן זייער זעלבסטשטענדיגער עקזיסטענץ, האָבען זיי ווי פאַראויסגעכאַפּט די היינטיגע „נייע מעטאָדען", און זיי איז טאַקע געלונגען „אָפּצוראַטעווען" זיך פון אָרדען. אָבער דער פאַקט בלייבט, אַז דער גרויסער געלאַף פון די לאַנדסמאַנשאַפטען, ספּעציעל אין „אינדעפּענדענט ברית אברהם" אין פאַרלויף פון די 90-ער און פון די 1-טע צוואַנציג יאָהר פון איצטיגען יאָהרהונדערט, האָט געהאַט זיין הויפּט-סיבה אין דעם, וואָס זיי זיינען געיאָגט געוואָרען פון אַסעסמענט-טייוועל. מעגליך איז עס געווען, ווייל דער אָרדען גופא האָט געפיהרט זיין באַלעבאַטישקייט לויט'ן זעלביגען לאַנדסמאַנשאַפטליכען אַסעסמענט-מעטאָד — דער אָרדען די זעלביגע לאָדזש 500—1000 מאָל פאַרגרעסערט; אין כמות, ניט אין איכות — און ער איז געווען אָפען פאַר כל ישראל — פאַר יונג און אַלט, אָן אונטערשייד. און די אינסטינקטיווע אמונה איז געווען ביים לאַנדסמאַנשאַפט-פירער, אַז ווייל דער אָרדען זאַמעלט אַ ריזיגען עולם, און די ניי-אָנגעקומענע טראָגען כסדר אין דער קאַסע אַריין, איז ביז די סכנה וועט דערגיין צו „מיין" לאַנדסמאַנשאַפט, וועט נאָך לאַנג געדויערען. אויף „מיין" לעבענסצייט וועט קלעקען.

אָבער דער אָרדען האָט געצויגען אַ ריזיגען עולם, און אויך אינגערען עולם דעריין, ניט בלויז דורך זיין מעהר געזיכערטען מאַטעריאַלען בענעפיט. דער אָרדען איז געווען ניט נאָר דער רעטונגס-אָרט פאַר חרוב'ע עלטערע לאַנדסמאַנשאַפטען, נאָר אויך דער זאַמעל-פּלאַץ פאַר נאָך גאַנץ קרעפטיגע לאַנדסמאַנשאַפטען, וואָס זיינען אָנגעצויגען געוואָרען דורך אַ דערוואַרטעטען גייסטיגען בענעפיט. וואָס פאַר לאַנדסמאַנשאַפטען זיינען דאָס געווען און וואָס פאַר אַ בענעפיט האָבען זיי געזוכט?

דאָס זיינען ניט געווען די „אנשים". אַ גאַנץ קליינעם פּראָצענט „אנשים" איז צו געפינען ביים „אינדעפּענדענט", און ביים עלטערען „ברית אברהם" נאָך ווייניגער. די הויפּט-זאָרג פון די „אנשים" איז געווען די אויפהאַלטונג פון דער שוהל, און די שוהל האָט געהאַט איהר אייגענעם קוואַל פון הכנסות, אַחוץ דעם מיטגליד-אָפּצאָל. די עליות, די „ש'נדר'ס", יאָהרצייטען און דער בית-עולם האָבען געגעבען הכנסה.

(יאָ, אויך דער בית עולם, די קרקע. די שרייבער-אַנקעטע האָט זיך אָנגעשטויסען אויף אַ צאָל „אנשים", און נאָכמעהר שוהל-חברות, „כמו-אנשי'ס", וואָס האָבען זיך אָפּגערייניגט פון אַלע חובות, נאָך אָפּגעשפּאָרט קאַפּיטאַל און פאַרקלענערט דעם מיטגליד-אָפּצאָל — אַלץ אַ דאַנק דער הכנסה פון דער קרקע. זיי האָבען איינגעקויפט אַ גאַנצען הייליגען פעלד פאַר שפּאָט-ביליג, פאַרצעלירט אין לאָטס פאַר קברים, און אַ קבר וואָס קאָסט אַ מיטגליד אַ פּאָר דאָלער רעכענען זיי אַ ניט-מיטגליד אַ פּאָר הונדערט, לויט זיין פאַרמעגען. פאַראַן אַזעלכע לייט, וואָס ביים לעבען האָבען זיי זייערע לאַנדסלייט ניט געוואָלט אָנקוקען, אָבער דעם אייביגען שלאָף ווילען זיי שלאָפען צווישען אייגענע — וועלען זיי זיך לייגען אין קבר אַריין מיט אַ גרינגערען האַרצען. מעגען זיי פאַר דער זכיה גוט באַצאָלען—דאָס געהערט אויך צו די „נייע מעטאָדען" — ניט דער בעסטער „נייער מעטאָד" — דורך וועלכע די לאַנדסמאַנשאַפטען זוכען איצט איבערצוקומען די איבלען פון „אַסעסמענט"-סיסטעם).

אָבער ניט אַלע לאַנדסמאַנשאַפטען זיינען געווען „אנשים". און ניט אַלע לאַנדסלייט זיינען געווען בעלנים צו גיין אין שוהל אַריין. זיי האָבען גאָר קיין חשק ניט געהאַט צו דאַוונען, — און פאַר אָט-די „ניט-דאַוונער" איז דער אָרדען ווי באַשאַפען געווען...

## 7

דער שטראָם פון אימיגראַציע, איינמאָל האָט ער אויסגעבראָכען, האָט געריסען שטיקער פון שטעטעלשען מענטשטום, ניט איבערקלייבענדיג, און אַריבערגעבראַכט אַהער גאַנץ „רויען עלעמענט", דאָס וואָס מען רופט אויף אידיש „עמי הארצים". פון קנאַפּען יחוס, האָט מען אין דער היים אויף זיי קיין כבוד ניט געלייגט. מען האָט זיי קיין עליות ניט געגעבען. און עס וואָלט זיי אַליין ניט איינגעפאַלען צו קהל'ן זיך. אָבער געזונטע יונגען זיינען זיי געווען. און אַמעריקע, וואָס רעכענט זיך ניט מיט זכות אָבות, נאָר שעצט זעהר הויך פּערזענליכע ענערגיע, האָט געגעבען אָט-דעם „רויען עלעמענט" ברייטע געלעגענהייטען זיך אַרויפצואַרבייטען. זיי זיינען געוואָרען סטאַטעטשנע. זיי האָבען זיך אפילו אויסגעלערענט שרייבען אַ פּאָר אידישע ווערטער און ריידן אַ געבראָכענעם ענגליש. און אַז זיי זיינען געקומען אין די מיטעלע יאָהרען, האָט זיך זיי — גאַנץ מענשליך — פאַרגלוסט כבוד. איז וואָס אין שוהל וועלען זיי גיין? זיי געדענקען זי נאָך פון דער אַלטער היים. אָבער די לאָדזש פון אָרדען האָט געטיילט כבוד מיט פולער האַנט. פון אַלע פּריווילעגיעס, וואָס דער אָרדען האָט צוגעטיילט דער לאָדזש, איז די וויכטיגסטע געווען כבוד-אויטאָנאָמיע. זי האָט געגעבען דעם טשערמאַן פון לאָדזש דאָס רעכט צו רופען זיך פּרעזידענט, און איהם אָנגעטאָן עפּאָלעטען מיט רויטע אַקסעלבאַנדען, און אַ מיטלאַלטערליכען מיליטערישען הוט מיט פעדערען. און האָט איהם געגעבען מאַכט צו טיילען כבודים און טיטולען. און דערלאַנגט אַ האַמער אין האַנט מיט פאַרוויקעלטע שפּרוכען און לאָזונגען.

די פיהרער פון ביידע אָרדענס, דייטשע און האַלב-דייטשע

אידען, וועלכע זיינען שוין געווען מיטביידע פיס אין אַמעריקע, האָבען באַוויליגט צו העלפען דעם גרינעם „יודע״ פון „אָסטען״, וועלכער איז געווען בלויז מיט איין פוס אין אַמעריקע, אַריבערצושטעלען דעם צווייטען פוס. צוערשט האָבען זיי פאַר זיך קאפּירט דעם גאַנצען צערעמאָניאַל און ריטואַל און רעגאַליא פון „עלקס״, ״אָד פעלאָוס״, ״שריינערס״, „מייסאָנס״ — און איצט האָבען זיי דעם גרינעם אַריינגעפיהרט אין די סתרי תורה פון די כלומרשט קאָנספּיראַטיווע אָרדענס. און יענער רויער עלעמענט, וואָס האָט זיך אַרויפגעאַרבייט, האָט זיך צו דער דאָזיגער טעאַטעריי זיך צוגעפּאַסט מיט דעם הייסען כבוד־הונגער פון אַ געקריוודעטען אין כבוד. דער לאָדזשען־צערעמאָניאַל האָט איהם פולשטענדיג פאַרביטען דעם שוהל־צערעמאָניאַל. ווען וואָלט ער אין דער היים גע׳חלומ׳ט צו ווערען אַ גבאי? — דאָ איז ער נאָך בעסער, אַ פרעזידענט, און עס איז טאַקע געווען בעסער: אין דער היים פלעגט דער גבאי אַ פּאַטש טאָן אין שולחן: עס זאָל זיין ווי ער הייסט, און שטיל זאָל זיין! און דער קהל׳שער געפּילדער פלעגט זיך איינשטילען. דער לאָדזשען־פרעזידענט האָט געקלאַפּט מיט׳ן האַמער, אָבער דער האַמער האָט פאָרט געדאַרפט אָפּהיטען געוויסע פאַרלאַמענטאַרישע כללים און האַלטען פאַרלאַמענטאַרישע אָרדענונג.

דער צערעמאָניאַל איז ניט געגאַנגען אַזוי ווייט ווי ביי די ניט־אידישע אָרדענס — צו פאַראַדירען מיט איהם אין גאַסען. אַזוי „אַמעריקאַניש״ צו זיין וואָלט די אידישע לאָדזש ניט געוואַגט. אָבער הינטער די פאַרשלאָסענע טירען איז געווען דער גאַנצער דעקאָרוס פון אַ געהיימען ריטער־ליך־ מיליטערישען מיטינג — מיט „אינסייד־וואַך״ און „אויטסייד־וואַך״, מיט פּאַסיר־ווערטער, פּאַראָלען, מיט מאַרשאַלען, רעגימענט־קאָמאַנדירען, מאַיאָרען, קאַפּיטאַנען. און דער פרעזידענט מיט׳ן גאַנצען עולם האָבען גערן עס מיט געשפּילט — עס איז געווען אַן „ערזאַץ״־באַפרידיגונג פון זייער הונגער נאָך אַ רייך, פאַרביג לעבען. און ווידער האָבען זיי באַאיוו געגלויבט, אַז דאָס גייען זיי אין אַמעריקע אַריין...

און פאַר אָט־דעם עלעמענט איז די לאָדזש טאַקע פּאַקטיש געווען אַ געעפענטער טויער אין אַמעריקע אַריין, וואָרים דער אָרדען האָט מיט זיין גרויס, מיט זיין פּרעסטיזש, מיט זיין ריזיגן עולם, צוזאַמען מיט דעם קאַנדידאַט אויף פּרעזידענט, דעם אַרויפגעאַרבייטען ביזנעס־מאַן — געצויגען צו זיך דעם אויפגעקומענעם פּראָפעסיאָנאַל, דעם דאָקטאָר, דעם לאָיער, וועלכער האָט לכתחילה דאָ געזוכט פּראַקטיקע, און איז דערנאָך אַליין אַריינגעצויגען געוואָרען. און ווען קיין אָרדען־קאָנווענשאָן איז ניט געווען, איז די לאָדזש געווען די פּלאַטפאָרמע פון אָרדען, און צוזאַמען מיט דעם פּראָפעסיאָנאַל איז מיטאַריינגעצויגען געוואָרען די ערשטע שיכט פון דער אַמעריקאַניזירטער אידישער יוגענט, וועלכע האָט—גאַנץ נאַטירליך—געזוכט אַ שטעלונג אין לעבען, אין אָנשפּאַר פאַר אַ קאַריערע. — דער פּראָפעסיאָנאַל איז געווען דער שטילער געהילף פון פּרעזידענט, זיין מדריך אין הלכות צערעמאָניאַל, און הלכות פאַרלאַמענטאַרישען עטיקעט; ער האָט אויך, שושקענדיג איהם אין אויער אַריין, איינגע׳חזר׳ט מיט איהם דעם ענגלישען שפּרוך, פאַררײכטענדיג זיינע גרייזען.

איז דאָ געווען פּלאַץ פאַר׳ן פּאָליטישען? — פּלענטי! אין צייט פון עלעקשאָן־קאַמפּיין פלעגט זיך באַווייזען דער דעמאָקראַט, דער רעפּובליקאַנער, איין צייט דער פּאָפּוליסט, שפּעטער אַ ווילע דער פאַרשטעלטער סאָציאַליסט — פאַר אַ פאַנג פון „וואָוטס״. איין תנאי איז איהם געשטעלט געוואָרען, אַז אין זיין פייערליכער רעדע לכבוד אַמעריקע, זאָל ער אַריינבראָקען אַ היפּשע פּאָרציע לויבווערטער פאַר׳ן יודענטום בכלל, פאַר די אידען וואָס ער קען בפרט, און בפרט און בפרט פאַר׳ן מיסטער פּרעזידענט.

אין איינקלאַנג מיט אָט־דער אַנטוויקלונג — מיט דעם צוקומען פון פּראָפעסיאָנאַל, יוגענט און פּאָליטישן — האָט זיך אויך ביסלעכווייז געביטען די שפּראַך פון לאָדזש. צוערשט איז עס געווען — אויס רעספּעקט צו די ערשטע פיהרער און גרינדער פון אָרדען — אַ פאַרדייטשמערישטער אידיש, וואו צעקאַליעטשע אידישע ווערטער זיינען גערמאַניזירט געוואָרען — אין דער שפּראַך זיינען געפיהרט געוואָרען די פּראָטאָקאָלען; אין דער שפּראַך, אגב אורחא, איז אויך געשריבען געוואָרען די ערשטע אידישע צייטונג; דערנאָך — אויס רעספּעקט צו די נייע געסט — איז עס געוואָרען אַ פאַרדייטשמערישטער ענגליש, וואו צעקאַליעטשע ענגלישע ווערטער זיינען גערמאַניזירט געוואָרען...

דער איבערגאַנג אין שפּראַך האָט אָפּגעשפּיגעלט דעם וועקסעל פון צוויי דורות אין אַרדען. די עלטערע היגע אידישע ליטעראַטור האָט זיך גענוג אָנגעלאַכט פון לאָדזש און איהר פּרעזידענט; זי איז אָנגעפּיקעוועט מיט פעליעטאָנען, וואָס חוזק׳ן אָפּ פון זייערע קאָמישע גענג און אומגעלומפּערטען לשון — איבערקרימענדיג זייער פּאָפּוגאַיען־דייטש און צעבראָכענעם ענגליש, וואָס איז ערשט גאַנץ געוואָרען דורך אַריינגעשטעלטע אידישע מאַמע־ווערטער. דער טעאַטער האָט דעם חוזק־פעליאָטאָן געשפּילט. און עס איז געווען גענוג וואָס חוזק צו מאַכען. אָבער אונטער דעם קאָמיזם איז פאָרט געווען אַ גאַנץ ערנסטער פּאַקט. פאַר אַ גרויסען קלאַס אידען איז דער אָרדען פאָרט געווען אַ העכערע מדרגה, און דער אַריינטריט אין לאָדזש אַ טריט פאָרווערטס אין אַמעריקאַניזאַציע — צום איינלעבען זיך און איינבירגערען זיך אין דער מדינה. די לאָדזש האָט אויסגעלערנט ענגליש דעם עולם, וואָס האָט זיין שולונג ניט געהאַט, און אויסגעלערנט פאַרלאַמענטאַרישע פיהרונג, וואָס אין דעם האָט ער אויך קיין שולונג ניט געהאַט. און אַז מען וועט זיך גוט צוקוקען, זיינען די מעהרסטע אידישע טוערס, רעדנער, פיהרער פון עלטערען דור, וואָס האָבען שפּעטער געשפּילט גרויסע ראָלען — פון לאָדזש אַרויסגעוואָקסען; דאָרט האָבען זיי געאיבט זייערע ערשטע טריט, זייער צונג.

זעהר מעגליך, אַז דער אָרדען איז דאָ גאָט די נשמה שולדיג. ער האָט בלויז געגעבען די אַרענא, דעם עולם. דאָס איבעריגע האָט די סיטואַציע, דער געשיכטליכער מאָמענט, די נויט פון אַ דור אין איבערגאַנג געבראַכט.

אַחוץ אַמעריקאַנישקייט, האָט די לאָדזש גלייכצייטיג אויך געלערנט פאַרשטענדעניש פאַר ברייטערע אידישע אינטערעסען. אמת, אַ צאָל פון די „אַמעריקאַניזירטע”, וואָס האָבען אין לאָדזש באַקומען זייער ערשטע איינוויאונג אין אָרדען־צערעמאָניאַל — די וואָס זיינען געוועזן עפּעס העכער אין בילדונג אָדער מעמד — אין פאַך, פּראָפעסיע אָדער ביזנעס — זיינען שפּעטער אינגאַנצען אַוועק צו די „עלקס”, „איגלס”, „אָד־פעלאָום”, מייסאָנס—צו פאַרפולקאָמען זייער אַמעריקאַניזאַציע און קאַריערע, און האָבען געפּרואווט פאַרגעסען, אַז זיי האָבען וועלכע עס איז אידישע פליכטען. ס'איז אָבער זיי ניט געלונגען. זיי זיינען אין לאָדזש אָנגעשטעקט געוואָרען מיט גענוג אינטערעס פאַר אידישע ענינים, ניט איבערצורייסען פולשטענדיג זייער פריערדיגע פאַרבינדונג. זיינען זיי צוריקגעקומען — אָנצוהאַלטען טאָפּעלטע מיטגלידערשאַפט.

אמת איז אויך, אַז די אידישע אינטערעסען פון לאָדזש זיינען געוועזן פון אַ באַגרעניצטען כאַראַקטער. בדרך כלל האָט זיך דאָס אויסגעדריקט אין יענע טעטיגקייטען, וואָס אַ לאַנדסמאַנשאַפט פלעגט במילא טאָן — אין אָפּהעלפען די נאָענטע אידישע נויטען.

פאַר די ברייטערע אידישע אינטערעסען פלעגט דער לאָדזש, דער אָרדען אָפּקומען מיט הייסע פלאַטפאָרם־רעדעס און פּראָטעסט־רעזאָלוציעס אויף די קאָנווענשאָנס — דעריין זיינען ביידע אָרדענס געוועזן ענליך, ביידע פון איין גייסטיגען שניט. קיין זעלבסטשטענדיגע אידיש־געזעלשאַפטליכע אַרבייט האָבען ביידע אָרדענס ניט געטאָן. ערשט שפּעטער האָבען זיי זייער אינטערעס אין אַלגעמיינע אידישע ענינים גענומען באַפרידיגען דורך דעלעגירען פאָרשטייער פון זייערע גרענד לאָדזשעס צו די נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבען זיך געגרינדעט צו טאָן אידישע אַרבייט אויף אַ ברייטערען מאַסשטאַב — צו דער „אַמעריקען דזשואיש קאָמיטע”, אָרגאַניזירט אין 1906 פון די אידישע פּני מיט לואי מאַרשאַל בראש, פאַר דעם פּאָליטישען שוץ פון די אידישע מאַסען אין די לענדער פון פאַרפאָלגונג, און וואו די פיהרער פון „בני ברית” זיינען געוועזן דער רוקנביין; צום „אַמעריקאַנער אידישען קאָנגרעס”, וואָס איז אויפגעקומען צום סוף פון דער וועלט־מלחמה פאַר דערזעלביגער פּאָליטישער שוץ־פונקציע, וואָס די „אַמעריקען דזשואיש קאָמיטע” האָט דערפיהלט, וועלכער האָט אָבער דעמאָקראַטיש געעפענט טיר און פענסטער פאַר דער מאַסע אַריינצוקוקען און פאַר איהרע פאָרשטייער אַריינצוקומען. בלויז אין אידישער אימיגראַציע האָט דער „אינדעפּענדענט ברית אברהם” צייטנווייז געטאָן זעלבסטשטענדיגע אַרבייט.

אויך אין אַלע אַנדערע פּרטים זיינען ביידע אָרדענס געווען זעהר ענליך. ביידע כמעט פון זעלביגען געזעלשאַפטליכען צוזאַמענשטעל — דער מיטלקלאַס־מענש איז געוועזן דער טאָגגעבער; דער אַרויפגעאַרבייטער בעל־הבית אָדער דער ניי־אויפגעקומענער פּראָפעסיאָנאַל איז געוועזן דער פּרעזידענט־אָרגאַניזאַטאָר פון לאָדזש; דער קליין בעל־הבית, גראָסערימאַן, פּעדלער, פּרומער און האַלב־פּרומער אַרבייטער האָבען געגעבען די מיטגלידערשאַפט.

אויפ'ן ערשטען פּלאַן ביי ביידע אָרדענס איז געוועזן דער מאַטעריעלער בענעפיט פון די מיטגלידער. אָבער משמעות, כדי דער מאַטעריעלער אינטערעס זאָל אַרויסגעבען פון זיך גענוג אָרגאַניזאַציאָנעלע צוזאַמענהעפטונג־קראַפט, דאַרף ער כסדר געוואַרימט ווערען, אויב ניט פון אַ שטאַרקער געזעלשאַפטליכער אידייע, איז לכל הפחות פון אַ שטאַרקען גוט־שכנות'שאַפט־געפיל, וואָס דאָס איז געקוואָלען — דעם אינגערען אָרדען אַ סך מעהר, דעם עלטערען אַ סך ווייניגער — פון דער מזרח אייראָפּייאישער שטאָט־לאַנדסמאַנשאַפט, וואו די מעהרסטע מיטגלידער געדענקען זיך נאָך פון קינדווייז אָן; וואו נאָך 20—30 יאָהר זיין אין אַמעריקע ציילען זיי נאָך אַלץ אין זכרון יעדען הויז און יעדער גאַס, און וואו ווען די מיטגלידער קומען זיך צונויף אויף אַ מיטינג פילען זיי זיך צוריק אַריבערגעטראָגען אין זייער אַלטער היים.

8

כדי צו פאַרענדיגען מיט דער סינאַגאָגאַל־צערעמאָניאַלער פאַזע אין דער געשיכטע פון דער לאַנדסמאַנשאַפט, דאַרפען נאָך דערמאָנט ווערען אייניגע פון איהרע ערשטע אינדירעקטע דינסטען. גאַנץ פרי האָט זי זיך אויפגעהויבען צו דער פאַרשטענדעניש פון די נויטען, וואָס שטייגען אַריבער די לאַנדסמאַנשאַפט־גרעניצען. אַזוי ווי זי איז געבאָרען געוואָרען פון דער זאָרג פאַר אַנדערע, איז זי פון אָנהויב אָן, אפילו זייענדיג פאַרטאָן אין זעלבסטהילף, געשטאַנען ברייט מיט שטיצע און אינטערעס אין נויטפאַלען, ניט נאָר וואו איהרע אייגענע מיטגלידער זיינען פאַרוויקעלט געוועזן.

דאָס איז געוועזן אַ לאַנדסמאַנשאַפט — אַ לאָדזש פון אָרדען „ברית אברהם” — וואָס האָט אין די אַכציגער יאָהרען געלעגט דעם ווינקעלשטיין פון דער אינסטיטוציע, וואָס איז איצט באַקאַנט אַלס „האַיאַס”, וואָס פאַרוואַלטעט מיט די אידישע אימיגראַציע־ענינים — פריער פון אַלץ אין אַמעריקע, דערנאָך איבער גאַנצער וועלט. — אין דער דערפילונג פון דער מצוה הכנסת אורחים האָבען די פאָרשטייער פון דער לאָדזש „עזרא” זיך אָנגעשטויסען אין „קעסעל גאַרדען” אויף אַ האַרצרייסענדיגען פאַל פון אַן עלנטען אימיגראַנט, וועלכער האָט געקרעקט און איז געשטאָרבען, איידער נאָך אימיצער האָט זיך אויף איהם אומגעקוקט — און עס איז ניט געוועזן אפילו, ווער עס זאָל איהם ברענגען צו קבר ישראל. די לאָדזש האָט דאַמאָלסט באַשלאָסען אויסצושפּרייטען די מצוה פון הכנסת אורחים איבער די גרענעצען פון איהר שטאָט־אָנגעהעריקייטען. יעדער עלענטער אימיגראַנט איז אַ לאַנדסמאַן. זי האָט אָפּגעדונגען אַ קעלער,

וואו דער אימיגראַנט, וואָס איז געווען אָן אַ קרוב און אַ גואל, האָט געפונען וואוינונג, שפּייז און שוץ — ביז אַ דזשאַב איז פאַר איהם געפונען געוואָרען. דערפון האָט זיך דאָס אָנגעהויבען. די לאָדזש האָט אַרויסגעטיילט אַ צאָל מענשען, וואָס זיינען געוואָרען די ערשטע און לאַנג יעהריגע טוער פון דער אינסטיטוציע, וואָס איז געוואָקסען שטיצענדיג זיך אויף דער סימפּאַטיע פון דער גאַנצער מזרח־אייראָפּייאישער אידישער עפענטליכקייט. אָבער אפילו נאָך איצט זיינען די לאַנדסמאַנשאַפטען די הויפּטשטיצע פון „האַיאַס". יעהרליך ווערט פאַררופען אַ לאַנדסמאַנשאַפטען־קאָנפערענץ, וואָס דערוויילט פון זיך אַ קאונסיל, וואָס העלפט אין דער פאַרוואַלטונג, און דער עיקר העלפט ער אין עפענען די טירען פון די אָרגאַניזאַציעס פאַר געלט־אַפּילס, פון וועלכע די אינסטיטוציע שפּייזט זיך.

דער אָנהויב פון אידישען יוניאָניזם קאָן אויך צוגעפירט ווערען צו די לאַנדסמאַנשאַפטען. דערזעלביגער קרוב אָדער לאַנדסמאַן, וועלכער האָט געקויפט די שיפסקאַרטע אויף אויסצאָלען, איז געווען טאָפּעלט פאַראינטערעסירט צו קריגען פאַר דעם ניי־אַריבערגעקומענעם אַ דזשאַב — און געוויינליך האָט ער איהם אַרויפגעפיהרט צו זיך אין שאַפּ, און געוויינליך איז עס געווען אַן אַרויפגעאַרבייטער לאַנדסמאַן דער בעל־הבית פון שאַפּ. דער שפּעטער טרויעריג באַריהמטער סוועט־שאַפּ איז לכתחילה געווען אַ פּאַטריאַרכאַליש־לאַנדסמאַנשאַפטליכער אַנשטאַלט. אָבער „האַנדעלשאַפט איז ניט ברודערשאַפט", און עס פלעגען קומען צו אַ ריס. עס איז געווען אַ טראַגעדיע פון ביידע זייטען: סטייטש, ער העלפט, ראַטעוועט אייגענע מענשען, און זיי — אַזעלכע אומדאַנקבאַרען! — טוען איהם אַזויפיל צרות — פאָדערען קירצערע שטונדען, העכערע ווידזשעס. זשאַלעוועט ער דען זיי? איז ער דען ניט קיין הויז־פריינט? קומט ער ניט צו ברית'ן און חתונות? גיט ער דען ניט קיין חתונה־מתנות? — אָבער דעם האַלז איבערשניידען וועט ער זיך ניט לאָזען! — און דער שאַפּ פון זיין זייט: סטייטש, אַן אייגענער מענש זאָל זיין אַזאַ רוצח, אַזאַ אַכזר! קענען זיי איהם דען ניט פון דער היים, וואָס פאַר אַ יחסן ער איז? — און דאָ אַ גאַנצער באָס! — פלעגט זיך דאָס ענדיגען דערמיט, וואָס די גאַנצע שאַפּ־לאַנדסמאַנשאַפט פלעגט אַוועק אין דער יוניאָן, ווען אַ יוניאָן איז געווען, און טאָמער איז קיין יוניאָן ניט געווען, פלעגט די לאַנדסמאַנשאַפט גרינדען די יוניאָן. פלעגען יוניאָנס זיך טאַקע גרינדען אַלע מאָנטאָג און דאָנערשטאָג. מיטגלידער פון איינער פון די עלטסטע פאַריער יוניאָנס, וואָס איז פאַראויסגעגאַנגען דער איצטיגער פאַריערס אינטערנעשאָנאַלע געדענקען נאָך דעם לאַנדסמאַנשאַפט־אורשפּרונג פון זייער יוניאָן.

אַ יוניאָן איז אָרגאַניזירט לויט דער ליניע פון עקאָנאָמישען אינטערעס און די לאַנדסמאַנשאַפט שפּורען ווערען גיך אָפּגעווישט. אָבער די עלטערע אידישע ליטעראַטור אין אַמעריקע האָט עס איינגעהיט. די בעלעטריסטיק איז פול מיט דעם ריס אין שאַפּ, מיט דער שפּאַלטונג צווישען די לאַנדסלייט־פּראָלעטאַריער און לאַנדסמאַן באָס, און מיט דעם מאַרש פון די לאַנדסלייט אין דער יוניאָן אַריין. שלום אַש'עס באַוואוסטער ראָמאַן „אָנקעל מאָזעס" האָט פאַר זיין סוזשעט דיזעלביגע קלאַסענשפּאַלטונג — אַ לעבעדיגע, פּסיכאָלאָגיש פאַרטיפטע, אילוסטראַציע צום קלאַסישען פּראָצעס, ווי צוויי קלאַסען ווערען אין געבורטסווייען געבאָרען פון זעלביגען מוטער־לייב. — דאָס מוטער־לייב איז געווען די לאַנדסמאַנשאַפט.

און ווען די אידישע יוניאָנס זיינען שוין געווען איינגעשטעלט, אָבער איידער נאָך זיי האָבען געהאַט זייערע גרויסע קאַסעס אויף צו פינאַנסירען זייערע סטרייקס, האָבען די לאַנדסמאַנשאַפטען ניט אָפּגעטאָן פון זיי זייער העלפענדיגע האַנט. אין פילע פאַלען זיינען עס געווען ניט די יוניאָנס, נאָר די לאַנדסמאַנשאַפטען, וואָס האָבען געצאָלט סטרייק־בענעפיט. די לאַנדסמאַנשאַפטען, וואָס זיינען צוגעשטאַנען צו די אַרבייטער־אָרדענס, האָבען עס געטאָן ווי אַ רעגולערע פליכט, על פּי דער קאָנסטיטוציע פון אָרדען, אין וועלכער עס איז אַריינגעשריבען ווי אַ הויפּט־פּונקט די אונטערשטיצונג פון אַרבייטערס קלאַסענקאַמף. אָבער אפילו די פרייע לאַנדסמאַנשאַפט, מיט אַ געמישטער מיטגלידערשאַפט, וואָס איז ניט אָנגעשלאָסען אָן אַן אַרבייטער־אָרדען, האָט עס אויך געטאָן. אָט איז די „קאָלאָמייער פריינדס אַסאָסיאיישאָן", וואָס טיילט איהר אינטערעס צווישען דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און אַ פרומער שוהל — לייענען מיר אַרויס פון איהר באַריכט, געדרוקט אין איהר זשורנאַל פון יאָהר 1924, צום 20־טען יובילייאום פון איהר עקזיסטענץ — אַז בשעת דעם גרויסען קלאוקמאַכער סטרייק פון 1910, וואָס האָט געלייגט דעם פונדאַמענט פאַר דער איצטיגער „אינטערנ. ליידיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן", האָבען זיי געצאָלט וועכענטליכען סטרייק־בענעפיט צו זייערע סטרייקענדיגע קלאוקמאַכער־מיטגלידער פאַר דעם גאַנצען דויער פון סטרייק. זיי האָבען עס נאָך אַמאָל געטאָן אין 1914 צו זייערע סטרייקענדיגע בעקער־מיטגלידער. צוזאַמען האָבען זיי אויף די ביידע סטרייקס אויסגעגעבען 1675 דאָלער, וואָס האָט באַטראָפען מעהר וויפיל זיי האָבען אויסגעגעבען אויף נויט־שטיצע צו זייערע מיטגלידער פאַר די 5 יאָהר.

מיר זיינען שוין דערמיט אַריבער אין דער צווייטער, אידיאישער, נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלער פאַזע אין דער געשיכטע פון דער לאַנדמאַנשאַפט.

## .9

אַריבערקומענדיג די שוועל פון צוואַנציגסטען יאָהרהונדערט, האָט דער הויפּט שטראָם פון דער געגענזייטיגער הילף־באַוועגונג, זיך פאַרנומען אין דער ריכטונג פון אַרבייטער אָרדען. דאַרף מען אָבער זאָגען, אַז ניט די לאַנדסמאַנשאַפט איז געווען די ערשטע צעלע, פון וועלכער עס האָט זיך גענומען פורעמען דער אַרבייטער אָרדען. נאָר דער אידיאישער בענעפיט־פאַראיין — וואָס דאָס מיינט אַ פאַר־



אַמדורער „בונד"-אָרגאַניזאַציע אין 1904 (אַ סך פון די וואָס אויפ'ן בילד זיינען טעטיג אין אַמדורער פאַראיין)

אײן, וואו דער עלעמענט, וואָס אָרגאַניזירט און צעמענטירט איהם, איז ניט סתם בענעפיט, נאָר דער בענעפיט, וואָס איז צוגעהעפּט צו אַ העכערער אידייע.

וואָס פאַר א העכערע אידייע איז עס געווען? דער ארבייטער אינטערעס; די ארבייטער אחדות; דער ארבייטער־אידעאַל; סאָציאַליזם. אָנגעהויבן האָט זיך עס מיט דער גרינדונג, אין 1892, אויף דער איסט סייד, אין 26 דעלענסי סטריט, פון אַ בענעפיט־פאַראיין, וואָס זיין אַנדערשקייט פון אַנדערע אידישע בענעפיט פאַראיינען איז טאָקע באַשטאַנען אין דעם, וואָס דער געגענזייטיגער בענעפיט איז דאָ צוגעשפּאַנט געוואָרן צום סאָציאַליזם. אָדער פארקערט, דארף מען זאָגען: דער סאָציאַליזם איז דאָ צוגעשפּאַנט געוואָרען צו געגענזייטיגן בענעפיט, כדי צו מאַכען דעם סאָציאַליזם זיך באַוועגען. ווארים פאַר די גרינדער פון ארבייטער רינג איז דער סאָציאַליזם לכתחילה געווען דער עיקר.

אָט דער ערשטער ארבייטער רינג־פאַראיין האָט דורך פונאַנדערצווייגונג אין דריי פאַראיינען צום סוף פון די 90־ער יאָהרען געגעבען געבורט צום אַרבייטער רינג אָרדן. אין 1901 ווערט די גרינדונג קאָנווענשאָן אָפּגעהאַלטען און א סטייט־טשארטער ווערט ארויסגעקראָגען; צו דער צווייטער קאָנווענשאָן אין 1902 האָט דער ארבייטער רינג שוין געציילט 1000 מיטגלידער מיט אייניגע ברענטשעס אויסער ניו יאָרק; צו דער דריטער קאָנווענשאָן אין 1903 האָט ער שוין געציילט 1500 מיטגלידער מיט 24 ברענטשעס; צו דער פערטער קאָנווענשאָן אין 1904 האָט זיין מיטגלידערשאפט זיך פאַרטאָפּלט און די צאָל ברענטשעס זיך פאַרדרייפאַכט — 3000 מיטגלידער און נאָהענט צו 70 ברענטשעס. דאָס יאָהר 1904 שליסט דעם גרינדונגס־פעריאָד פון אַרבייטער רינג.

כדי צו פאַרשטעהן אָט די גאַנצע אַנטוויקלונג — פון קליינעם סאָציאַליסטישען בענעפיט־פאַראיין צום גרויסען איינפלוסרייכען סאָציאַליסטישען ארבייטער אָרדען, דארף מען זיך דערקונדיגען, פון וואַנען האָט זיך גענומען די השפּעה פון דער סאָציאַליסטישער אידייע אויף דער אימיגראַנטישער אידישער מאַסע.

דער סאָציאַליזם איז ניט געווען דער אָפּשלאָג פון דער טרייד יוניאָניסטישער פּראַקטיק. די טרייד יוניאָן באַוועגונג איז ניט געווען אזוי שטאַרק ארויסצופאָדערען ניט אַנדערש אַ קרויבונג דורך סאָציאַליסטישער טעאָריע. די אימיגראַנטישע מאַסע — פון דער היים קליינע בעל מלאכות, קרעמערלאַך, הענדלער מיט ווינט, געפאַלענע באַלעבאַטים און מענטשען פון אַלערליי אומבאַשטימטע באַשעפטיגונגען — האָט דאָ ערשט גענומען זיך פראָלעטאַריזירען אין די צעהנדליגער טוזענטער; צום ערשטען מאָל געקומען אין באַריהרונג מיט'ן שאַפּ און נאָר וואָס געוואָהר געוואָרען וואָס יוניאָן איז. די נייע געוואָרענע פראָלעטאַריער האָבען ערשט געלערענט יוניאָניזם. יעדער גרעסערער סטרייק פלעגט ארויסרופען אַן אימפּעטדיגע רעש'דיגע גרינדונג פון א יוניאָן, וועלכע פלעגט אָבער באַלד צעפאַלען ווערען. אָבער בעת די פאַרזוכען אויף יוניאָניזם האָבען געטראָגען אַ צופעליגען, אימפולסיווען כאַראקטער און נאָך יעדען דורכפאַל האָט זיך געדוכט, אַז עס איז אַ סוף צו אַלע פאַרזוכען, האָט די סאָציאליסטישע אידייע, פאַרקעהרט, סיסטעמאַטיש זיך געזאמעלט, פאַרכאַפּענדיג אַלץ מעהר די מחות און די הערצער. און די סאָציאַליסטישע אידייע איז דאָס געווען, וואָס האָט אָבער און ווידער אינספּירירט צו נייע פאַרזוכען; זי האָט ארויסגעפאָדערט די טרייד־יוניאָניסטישע פּראַקטיק און ניט פאַרקערט. די סאָציאַליסטישע באַוועגונג איז געקומען פריהער, און זי איז געווען די אָרגאַניזיר־קראַפט.

פון וואַנען האָט זי זיך גענומען? און ווי אַזוי האָט זי זיך אָנגענומען? — מיר שרייבען ניט די געשיכטע פון אידישען סאָציאַליזם. דאָ זיינען מיר פאראינטערעסירט אין איהם נאָר אויף אַזוי פיעל, אויף וויפיעל ער האָט געדינט צו אָרגאַניזירען די אידישע אימיגראַנטישע מאַסע. קוקענדיג אויף צוריק צו יענעם פעריאָד, איז לייכט איינצוזעהן, אַז דער אידישער סאָציאַליזם האָט דעמאָלט געדעקט פאַרשיידענע אינהאַלטען, וואָס האָבען דירעקט מיט'ן סאָציאַליזם ניט געהאַט צו טהאָן. ער האָט געדעקט דעם גאַנצען איבערגאַנג פון אַלט־היים צו אַמעריקע, פון קליין־שטאָט צו גרויס־שטאָט, פון קליין־בירגער־שטאַנד צו פּראָלעטאַרישקייט, פון פרומער טראַדיציע צו פרייען וועלט־אויסבליק.

די פּאָליטישע און עקאָנאָמישע וואָג פון דעמאָלטדיגען אידישען סאָציאַליזם איז געווען קנאַפּ. די נאָדל־אינדוסטריע — דאָס פעלד פון זיין אַפּליקאַציע — האָט דעמאָלט נאָך ניט פארנומען דעם גרויסען אָרט צווישען די אמעריקאַנער אינדוסטריען, וואָס זי פאַרנעמט היינט. אָבער דער בייטראָג פון סאָציאַליזם צו דער אַמעריקאַניזאציע פון אימיגראַנט אין ברייטען זין פון וואָרט — דאָס מיינט צו זיין איינלעבען זיך און איינבירגערען זיך אין דער מדינה — איז געווען געוואלדיג. דריי פערטעל פון דעם סאָציאַליזם איז געווען אָט דער אָרגאַניזירענדיגער־אַמעריקאַניזירענדיגער דינסט. און מען קען זיך גאָרניט פאָרשטעלען קיין צוגעפּאסטערע אידייע, וואָס זאָל קענען דערפילען פאַר'ן אידישען עמיגראַנט זיין פונקציע.

דער סאָציאַליזם האָט פריער פון אַלץ איהם פאַרביטען די תורה; די אידייאישע גרופּע האָט איהם פאַרביטען די שול. — אויבען האָבען מיר אויסגעפיהרט, אַז פאַר דעם פרומען עלטערען דור האָט די שוהל, מיט איהר תורה, מיט איהרע מצוות, געדינט ווי אַ מוסטער פאַר זיינע בענעפיט־פאַראיינען — די „אנשיס”. האָט דער ניט־פרומער אינגערער עולם — וואָס מיט דער אויסברייטערונג פון אימיגראַציע־שטראָם איז ער געוואָרען די גרויסע מאַיאָריטעט — זיך אויך גענויטיגט אין אַ שוהל, וואו מען זאָל לערנען מיט איהם תורה, וואָס זאָל איהם הייסען טאָן מעשים טובים, וואָס זאָלען אַזוי גוט זיין ווי די פרומע מצוות. — דער איד איז פון אַלעמאָל אָנגעהאַנגען געווען אויף דער תורה: האָט דאָס ארייגעאַרבייט אין זיין פּסיכאָלאָגיע אַ געוויינהייט צו דענקען, פילען און לעבען לויט תורה. און ווען זיין נשמה

האָט זיך אויסגעליידיגט פון דער אַלטער תורה, איז אָבער איהר אָרט געבליבען פונקציאָנירען און האָט געבעטען אַ תורה־„סאָבסטיטוט”. טעאָרעטיש וואָלט יעדע אַנדערע העכערע אידייע געקאָנט פאַרנעמען דעם אָרט; אָבער פּראַקטיש האָט דער סאָציאַליזם צום בעסטען קאָרעספּאָנדירט מיט דעם נייעם פּראָלעטאַרישען צושטאַנד; אויב ער האָט גלייך ניט געענטפערט אויף די פּראָלעטאַרישע נויטען, האָט ער זיי פאַרענטפערט: ער האָט צוגעזאָגט גאולה, פאַרגיטיגונג.

אָבער וואָסערע זכות'ן דער סאָציאַליזם האָט זיך ניט פאַרדינט אין די הימלען, אויף דער ערד איז ער געווען אַ האָלסייל־מעטאָד אויסצוגרינען די 100,000 קעפּיגע גריגע מאַסע; אַ מעטאָד צו ציוויליזירען און אַמעריקאַניזירען דעם אימיגראַנט, וואָס איז געווען פונקט צוגעפּאַסט צו זיין פּסיכאָלאָגיע און סיטואַציע: דורך אַרויפלערנען תורה אויף זיין פּרנסה. צוערשט איז עס געווען אַבסטראַקטער סאָציאַליזם — היילע באַגייסטערונג פאַר א צוקונפט־חלום; אָבער גאָר גיך האָט ער זיך גענומען אָננעמען מיט אַלץ מעהר פּראַקטישען זין — מיט טאָג־טעגליכען עקאָנאָמישען, אַמעריקאַנישען און אידישען אינהאַלט — ביז ער איז אָנגעלאָדען געוואָרען מיט דעם פולען אינהאַלט, מיט וועלכען דער אידישער ארבעטער אין אַמעריקע לעבט היינט צו טאָג.

און דער הויפּט־אָרגאַן פון דער פאַרטאָג־טעגליכונג פון סאָציאַליסטישען צוקונפט־חלום — פון דער ציוויליזירונג, אַמעריקאַניזירונג און אידיזירונג פון דער אידישער פאָלקסמאַסע איז געווען דער אַרבעטער־אָרדען וואָס האָט זיין אָנהויב געהאַט אין אן אידייאישען בענעפיט־פאַראיין, וועלכער האָט געטאָן אן „אומגעהערטע” זאך, פון וועלכער די דעמאָלטדיגע סאָציאַליסטישע פיהרער זיינען לכתחילה גאָר ניט געווען אַזוי צופרידען — ער האָט קאָמבינירט דעם יום טוב'דיגען סאָציאַליזם מיט וואָכעדיגע בענעפיטס; וואָס אָט די קאָמבינאַציע האָט דעם ארבייטער רינג אין זיין גרינדונגס־פעריאָד — ביז'ן יאָהר 1904 — געגעבען 70 ברענטשעס מיט 3000 מיטגלידער.

נאָר עפּעס האָט דאָך געפעלט צו דער פולער געדייאונג פון ארבייטער רינג — עפּעס וואָס זאָל דעם בונד פון אידייאישער סאָלידאַריטעט פאַרהאַרציגען און דערוואַרימען; וואָס אַ גרויסע צאָל פּראָסט־פּשוט'ע בענעפיטס־פאַראיינען האָבען יאָ פאַרמאָגט, און דער אידייאישער בענעפיט־פאַראיין נאָך ניט — די לאַנדסמאַנשאַפטליכע צונויפגעבונדענקייט. איז דאָס אויך אונטערגעקומען.

פונקט ווי עס איז געשעהען ביים עלטערן לאַדזשען־אָרדען: די בענעפיט סאָסייעטי האָט איהם געגעבען דעם געבורטשטויס און די לאַנדסמאַנשאַפט דעם שוואונג פון וואוקס — אַזוי איז אויך דאָ געשעהן: ערשט ווען ארום 1905 איז אויפגעקומען די אידייאישע, סאָציאַליסטיש געשטימטע לאַנדסמאַנשאַפט, און זי האָט זיך איינגעשפּאַנט צו דינען ווי א פור פאַר דעם ארבייטער רינג, איז דער אָרדען זיך צעפאָהרען און צעוואַקסען.

די שטייגענדיגע ארבייטער באַוועגונג אין רוסלאַנד, די רעוואָלוציע פון 1905, וועלכע איז אויסגעלאָפען אין מאַכען שחיטות איבער'ן גאַנצען אידשען תחום, האָט גענומען אריבערוואַרפען קיין יונייטעד סטייטס סאָציאַליסטיש, און סאָציאַליסטיש־ציוניסטיש געשטימטע יוגענט־מאַסע, גענוג אָנצושפּייזען מיט מיטגלידערשאַפט הונדערטער לאַדסמאַנשאַפטען פון דער זעלביגער אידייאישער איינשטעלונג.

די גרעסטע מאַיאָריטעט פון די ניי אָנגעקומענע סאָציאַליסטיש־געשטימטע אימיגראַנטען איז געווען אונטער דער השפעה פון „בונד” — די פאַרטיי, וועלכע האָט אָנגעפיהרט אַ העלדיש־רעוואָלוציאָנערען קאַמף קעגען דער צאַרישער רעגירונג און וועלכע האָט אָרגאַניזירט זעלבסט־שוץ־באַטאַליאָנען אין די שטעט פאַר דער פאַרהיטונג און אָפּוועהר קעגען פּאָגראָמען. האָט די פאַרטיי צוגעשטעלט די גרעסטע צאָל פליכטלינגע קיין אַמעריקע — סיי אַזעלכע, וואָס האָבען באַצייטענס זיך געראַטעוועט פון אַ דראָהענדיגען אַרעסט, סיי אַזעלכע, וואָס זיי איז געלונגען צו אַנטלויפען פון די געפענגענישען און פון פארשיקונג אין סיביר — און עס איז געווען ניט מעהר ווי נאַטירליך, אַז די, וואָס האָבען זיך געראַטעוועט קיין אַמעריקע, לעבענדיג דאָ אונטער בעסערע אומשטענדען, זאָלען פון דאַנען וועלען שטיצען זייער רעוואָלוציאָנערע מוטער־אָרגאַניזאַציע, וועלכער זיי האָבען אַוועקגעגעבען זייער יוגענט־יאָהרען און וואָס די קרבנות, וואָס זיי האָבען פאַר איהר געבראַכט, האָבען די אָרגאַניזאַציע איינגעבאַקען ביי זיי אין הארצען. און עס איז ווידער געווען ניט מעהר ווי נאַטירליך, אַז זייער ערשטע סימפּאַטיע זאָלען זיי אוועקשענקען דער „בונדישער” אָרגאַניזאַציע פון זייער אייגענער היים־שטאָט. אין יענע יאָהרען האָט יעדע שטאָט צוגעשטעלט צעהנדליגערווייז פליכטלינגע־בונדיסטען, צונויפגעבונדענע דורך די נאָך פרישע זכרונות פון די געמיינשאַפטליכע רעוואָלוציאָנערע איבערלעבונגען; עס פלעגט קיין וואָך ניט אַריבערגעהן, זיי זאָלען ניט דאַרפען מכניס אורח זיין אַ נייעם פליכטלינג, וואָס האָט גאַנץ אָפט זיך ארויסגעריסען פון אונטער דער סאַמע תליה און איז געווען אַ בוזים־פריינד פון יעדען איינעם פון זיי פון קינדווייז אָן. האָבען זיך דאָ אויסגעבילדעט לאַנדסלייט־ליגעס פאַר דער שטיצע פון „בונד” אויף די נעמען פון שטעט.

אַזעלכע ליגעס זיינען געווען איבערן לאַנד ביי 40, וועלכע זיינען פאַרבונדען געווען דורך אַ „צענטראַלען פאַרבאַנד” אין ניו יאָרק, וואָס זיין הויפּט־עובדה איז געווען צו פּאָפּולאַריזירען די אידייען פון „בונד” און צו אראַנזשירען געלט־קאַמפּאַניעס פאַר איהם און זיין זעלבסט־שוץ.

און דאָ האָט א. ליעסין אַ גרויסען דינסט געטהאָן דעם אַרבייטער רינג. ער, וועלכער איז נאָך אין זיין יוגענט מיט זיין „אָפּאָזיציע” אין מינסק געווען דער פאָרלויפער פון „בונד”, איז שפּעטער, ווען דער „בונד” האָט זיך אָרגאַניזירט, דאָ געוואָרען זיין הויפּט־פּראָפּאַגאַנדיסט אין דער פּרעסע, באַזינגענדיג אין ליעד און פּראָזע די גבורות פון

זיינע העלדען און זיין זעלבסטשוץ. איז ער זעלבסטפאַרשטענדליך טעטיג געווען אין „צענטראַלען פאַרבאַנד פון ניו יאָרק. האָט ער אין 1907 אריינגעבראַכט אַ פאָרשלאָג, אַז אַלע בונדישע ליגעס פון איבער'ן לאַנד זאָלען זיך אָנשליסען אָן ארבייטער רינג. זיין ערשטער ארגומענט איז געווען: וואָס וועט זיין, אַז דאָס באפרייטע רוסלאַנד וועט מעהר ניט פאָדערען קיין הילף? זיין צווייטער אַרגומענט: מען קאָן דאָך אייביג ניט לעבען מיט דעם „אָפּגעשטראַהלטען לעבען" פון דער אַמאָליגער היים הינטער די ימים! —עס איז ניט מעהר ווי רעכט, אַז מען לעבט אין אַמעריקע, זאָל מען לעבען מיט די אינטערעסען פון אַמעריקע. דאַרפען די בונדישע ליגעס פאַר זייער אייגענער זעלבסטדערהאַלטונג צושטיין צום ארבייטער רינג.

דער פאָרשלאַג איז דורכגעגאַנגען. און אַ. ליעסין איז באַאויפטראגט געוואָרען צו שרייבען דעם ערשטען אויפרוף. און ער האָט איהם אָנגעשריבען און אָפּגעדרוקט אין „פאָרווערטס": — „דער ארבייטער רינג און די ראדיקאַלע לאַנדסלייט־פאַראיינען" — וואָס האָט געהאַט אַ באַלדיגען עפעקט. אַלע 40 בונדישע ליגעס פון איבער'ן לאַנד האָבען זיך אָנגעשלאָסען אַלס לאַנדסמאַנשאַפטען־ברענטשעס אָן ארבייטער רינג.

די פערציג האָבען געמאַכט דעם אָנהויב. ראדיקאַלע לאַנדסמאַנשאַפטען האָבען גענומען צושטראָמען צום ארבייטער רינג. און די קאָמבינאַציע פון די דריי עלעמענטען — פון אידייאישער אינספיראציע, געגענזייטיגען בענעפיט און לאַנדסמאַנשאַפטליכער צונויפגעבונדענקייט — האָט געטהאָן מיט'ן אַרבייטער רינג די גרעסטע פעולה: — זיין מיטגלידערשאפט האָט גענומען אריינלויפען אין די צעהנדליגע טויזענטער.

איצט האַלט דער ארבייטער רינג ביי 750 ברענטשעס איבער'ן לאַנד, מיט 71 טויזענט מיטגלידער; וואָס פון זיי זיינען 352 ברענטשעס אין ניו יאָרק מיט אַרום 50,000 מיטגלידער — און 50 פראָצענט פון די ניו יאָרקער ברענטשעס זיינען לאַנדסמאַנשאַפטען.

(נאָך ניו יאָרק קומט שיקאַגאָ מיט איהר גרויסער צאָל לאַנדסמאַנשאַפטען־ברענטשעס; פאַראַן אַפילו אַ שיקאַגער לאַנדסמאַשאַפט־ברענטש אין לאָס אנזשעלעס — פון די אריבערגעקומענע פון שיקאַגאָ. דער לאַנדסמאַנשאַפט אינסטינקט איז אזוי איינגעוואָרצעלט אין אידישען פאָלקסמענטשען, אַז ער פאַרלאַנדסמאַנשאַפט אַפילו אַמעריקאַנער שטעט).

דאָ מוזען מיר זיך אָפּשטעלען. די וויטערדיגע געשיכטע פון אַרבייטער רינג דאַרף באַהאַנדעלט ווערען אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם אויפשטייג פון די צוויי נייע אַרבעטער אָרדענס און מיט דער שטייגענדיגער ראָלע פון דער לאַנדסמאַנשאַפט.

נאָך צוויי מאָל האָט זיך איבערגע'חזר'ט דער זעלביגער אָרגאַניזיר־פראָצעס: דורך דער איניציאַטיוו פון אידייאישען בענעפיט פאַראיין, מיט דער אונטערשטיצונג פון דער אידייאישער לאַנדסמאַנשאַפט, האָט אין 1910 זיך געגרינדעט דער „אידישער נאַציאָנאַלער ארבייטער פאַרבאַנד" — און אין 1930 דער „אינטערנאַציאָנאַלער אַרבייטער אָרדען" — וואָס די דריי אָרדענס מיט זייער גרויס און וויכטיגקייט, פארנעמען איצט דעם אויבענאָן אויף דער אידישער סצענע, פאַרדרענגענדיג אַלץ מעהר אין הינטערגרונט דעם עלטערען לאדזשען־אָרדען.

אזוי אז מען קען זאָגען אָהן איבערטרייבונג, אַז דאָס איז געווען די לאַנדסמאַנשאַפט, אין איהר אידייאישער פאַזע, וואָס האָט דערלאנגט דער אידישער פאָלקס־מאַסע איהר פאַרנעהמסטען געזעלשאַפטליכען אָרגאַן.

נאָך דער גרינדונג פון ערשטען סאָציאַליסטישען אַרבייטער אָרדען — דעם ארבייטער רינג — האָט שפּעטער־צו זיך אָנגעצייכענט נאָך אַ לאַנדסמאַנשאַפטען באַוועגונג — צום לאַנד־פאַרבאַנד, ווי דער פוילישער, גאַליציאַנער, רומענישער, בעסאַראַבער און אַנדערע פאַרבאַנדען. דער פאַרבאַנד, אָנהויבענדיג פון דער שטאָט־לאַנדסמאַנשאַפט, שטייגענדיג פון אונטען ארויף, זוכט זיך צו דערהויבען צו לאַנדסמאַנשאַפט אין ברייטען זין פון וואָרט — צו דער פאַראייניגונג פון אימיגראַנטען, וואָס שטאַמען פון איין לאַנד, וואָס דערמיט אייגענטליך האָט זיך דאָך אָנגעהויבען די אידישע אָרגאַניזירונג אין אַמעריקע. דער ערשטער אידישער אָרדען — „בני ברית" — ווי מיר האָבען געזעהן, איז אינקאָגניטאָ געווען די פאַראייניגונג פון דייטשע אידען — א פאַראייניגונג פון יחידים, נאַטירליך, ניט פון שטאָטלאַנדסמאַנשאַפטען, וועלכע זיינען נאָך ניט געווען — כדי אויסצוגלייכען זיך אין יחוס מיט דער עלטערער ספרדישער געמיינדע.

דער דראנג אויסצוגלייכען זיך אין יחוס, איז הויפּטזעכליך אויך געווען די טרייבקראפט צו דער באַנייטער אָנשטרענגונג צו אָרגאַניזירען זיך אין לאַנד־פאַרבאַנדען: אין די יאָהרען פון זייער אויספורעמונג, אין ערשטען יאָהרצענדליג פון איצטיגען יאָהרהונדערט, האָבען נאָך גאַנץ שטארק זיך געפיהלט די פסיכאָלאָגישע מחיצות צווישן די פאַרשיידענע סעקציעס פון דער מזרח־אייראָפּעאישער אימיגראַציע לויט די לענדער פון זייער אָפּשטאַמונג. אָבער די שמעלץ־קראַפט פון אַמעריקע און די אונטערגעקומענע קאַטאַסטראָפאלע געשעהענישען דרויסען פון אַמעריקע האָבען אין צווייטען יאָהרצענדליג גענומען אָפּווישען דעם דאָזיגען סעפּאראטיזם. אַזוי אז אָט די לאַנדסמאַנשאַפטען־באַוועגונג אין דער ריכטונג פון לאַנד־פאַרבאַנד, איז געווען ניט נאָר אַ שפעטערע, נאָר אויך א פארשפעטיגטע אַנטוויקלונג. זיי האָבען זיך געראַנגעלט און ראנגלען זיך נאָך עד היום פאַר זייער רעכט צו עקזיסטירען.

אָפּליגענדיג דעם פאַרבאַנד און זיינע פראָבלעמען פאַר אַ ספּעציעלער באַהאַנדלונג, קעהרען מיר זיך אום צום אַרבייטער אָרדען, וואָס זיין אויפשטייג געהערט צום סאַמע עיקר פון געזעלשאַפטליכען אַנטוויקלונג־פּראָצעס, וואָס

די אידישע פאָלקס־מאַסע אין אַמעריקע האָט דורכגעמאַכט פאַר׳ן האַלבען יאָהרהונדערט, וואָס דערפון טאַקע זיין גרויס פאַרנעם און גרויסע ראָלע.

.10

די טעמע פון דער אַרבייט איז די לאַנדסמאַנשאַפט, ניט דער אָרדען — די לאַנדסמאַנשאַפט אין דעם אָרדען און די לאַנדסמאַנשאַפט אויסערען אָרדען. און דעם אויבען־אָן גיבען מיר אָפּ דער אידייאישער לאַנדסמאַנשאַפט — דאָס מיינט בעיקר דער לאַנדסמאַנשאַפט אין אָרדען.

וואָס איז דער טעם פאַר׳ן פאָרצוג? אויסגעפורעמט פון דעם אָרדען און כסדר פון איהם געפורעמט, פורעמט די אידייאישע לאַנדסמאַנשאַפט פון איהר זייט דעם אָרדען. עס איז אַ טאָפּעלטער, געגענזייטיגער פּראָצעס. און אין אָט דעם געגענזייטיגען פּראָצעס איז די אידייאישע לאַנדסמאַנשאַפט די באַשטימענדיגע קראַפט. זי באַשטימט מעהר דעם כאַראַקטער פון דעם אָרדען, ווי זי ווערט פון איהם באַשטימט. זי איז פריהער פון איהם אויב ניט אין צייט, איז אין איהר סאָציאַלער פונקציע. זי צווינגט דעם אָרדען זיך צופּאַסען צו איהר, צווינגט אויף איהם ארויף ענדערונגען, טרייבט אָן אזוי ארום מיט זיין וואוקס און אַנטוויקלונג. און דורך דעם אָרדען באַיינפלוסט זי די געזעלשאַפטליכע אַנטוויקלונג פון דער גאַנצער אידישער פאָלקס־מאַסע. פאַרדינט זי דארום נאָך אַ גענויערען אַנאַליז, ווי מיר האָבער איהר ביז איצט אַהער געגעבען.

וואָס שטעלט פאָר מיט זיך אַן אידייאישע לאַנדסמאַנשאַפט? פריהער פון אַלץ איז זי אַ בענעפיט־פאַראיין, וואָס זעלבסט־הילף איז זיין פּרוזשינע; און ווייל אַ לאַנדסמאַנשאַפט, ווערט די זעלבסט־הילף פּרוזשינע געאוילט און געוואַרימט פון דער קרובה׳שאַפט־עמאָציע, און ווייל נאָך דערצו אַן אידייאישע אַרבייטער לאַנדסמאַנשאַפט, איז די זעלבסט־הילף־פּרוזשינע נאָך געהיצט און פאַרשטאַרקט אין איהר באַוועגליכקייט דורך דער צוגעגעבענער ענערגיע פון דער ארבייטער־אידייע און ארבעטער־סאָלידאַריטעט. זי ירש׳נט דריי ירושות, כפל׳ענדיג זיי איינע אויף די אַנדערע.

אלס בענעפיט פאַראיין, האָט די אַרבייטער לאַנדסמאַנשאַפט, צו די געוויינטליכע בענעפיטס, וואָס פאַרוואַנדלען הילף צום אָרעמאַן אין זעלבסט־הילף, נאָך איבערגענומען יענעם טייל פון עקאָנאָמישע זעלבסט־הילף, וואָס איז ניט געדעקט געוואָרען פון דער יוניאָן. די יוניאָן שיצט דעם ארבייטער בעת ער ארבייט אין שאַפּ און בעת ער סטרייקט צו פאַרבעסערען די קאנדיציעס פון דער ארבייט אין שאַפּ. די לאַנדסמאנשאַפט, אַ חוץ, וואָס זי האָט געהאָלפען איהר אַרבייטער מיטגליד בעת אַן אומגליקספאַל, אין פאַל פון קראַנקהייט; און געהאָלפען דער פאַמיליע, ווען ער איז געשטאָרבען — די רעגולערע הילף פון אַ בענעפיט־פאַראיין, וואָס א יוניאָן אין געוויינליכען סדר איז ניט באַרופען צו געבען — האָט די לאַנדסמאַנשאַפט נאָך געטהאָן, וואָס די יוניאָן האָט ניט דערטהאָן: געהאָלפען איהר ארבייטער־מיטגליד, בעת ער האָט ניט געארבייט אין שאַפּ אין די לאַנגע סלעק סעזאָנען, אָדער ווען ער האָט אינגאַנצען פאַרלאָרען זיין דזשאַב — איידער נאָך די אידישע יוניאָן האָט זיך דערטראַכט צו אָט דער פאָרם בענעפיט פאַר איהרע מיטגלידער. און ווען אייניגע אידישע יוניאָנס האָבען שפּעטער איינגעפיהרט „אָנעמפּלאָימענט אינשורענס”, האָט עס קיינמאָל נישט פונקציאָנירט ווי געהעריג און אויף לאַנג. האָט די לאַנדסמאנשאפט דערגאַנצט די יוניאָן.

(די אינטערנעשאָנאַל ליידיס גאַרמענט וואָרקערס יוניאָן האָט ערשט ניט לאַנג איינגעפיהרט „טויטען־בענעפיט” אין דער סומע פון 150 דאָלער, וואָס ווערט אויסגעצאָהלט צו די קרובים פון דעם פאַרשטאָרבענעם מיטגליד. — די פאָריערס יוניאָן פון ניו יאָרק פיהרט ערשט איצט איין אַן עמבריאָ־פאָרם פון „אָנעמפּלאָימענט אינשורענס”.

אָט דער פאַקט, וואָס „אָנעמפּלאָימענט אינשורענס”, איז ניט קיין רעגולערע יוניאָן־פּיטשור אין אַמעריקע, און „סאָשעל אינשורענס”, עלטער פענסיע נעהמען ערשט איצט אָנערקענט ווערען ווי א רעגירונגס־פליכט, בעת אפילו די רעאקציאָנערע פּרייסישע רעגירונג האָט עס שוין לאַנג געהאַט אריינגענומען אין איהר ארבייט־געזעצגעבונג — אָט די אָפּגעשטאַנענקייט האָט דאָס געבראַכט צו דער גרויסער שפע פון בענעפיט־פאַראיינען און בענעפיט־אָרדענס דאָ אין לאַנד, צווישען דער אַלגעמיינער, ווי צווישען דער אידישער באַפעלקערונג).

דאָס, וואָס די ארבייטער לאַנדסמאַנשאַפט האָט פונקציאָנירט ווי א בענעפיט־פאַראיין און ווי א דערגאַנצונג צו דער יוניאָן האָט זי עקאָנאָמיש באַרעכטיגט: האָט זי געהאַט אַ פעסטע פיזישע באַזע, אויף וועלכער זיך אויפצובויען. אָבער די עקאָנאָמישע פונקציע אַליין שעפּט ניט אויס איהר סאָציאַלען כאַראַקטער און באַדייט. איהר באַזונדערע אויסגעצייכענטקייט נעהמט זיך אַרויס פון די צוגעגעבענע אידייאישע עלעמענטען. געשטאַרקט דורך אָט די צוגעגעבענע עלעמענטען שטייגט זי צו אַ העכערען מאָראלישען גראַד; איבערשטייגט זי פילפאַך אין הילף און זעלבסט־הילף די פשוט׳ע לאַנדסמאנשאפט, פאַרוואַנדלענדיג זיי אין סאָציאַלען דינסט.

אָט איז אַן אילוסטראַציע, ווי אַזוי בענעפיט קאָמבינירט זיך מיט לאַנדסמאַנשאַפט און אידייע פאַר אַ שטארקערען סאָציאלען עפעקט: מיר האָבען שוין איינמאָל געבראַכט פאַר אַביישפּיל די „קאָלאָמעער פרענדס אסאָסיאיישאָן”, ווי זיי האָבען געצאָלט סטרייק־בענעפיט צו זייערע סטרייקענדיגע מיטגלידער — קלאָוקמאַכער און בעקער — איידער נאָך די קלאָוקמאַכער און בעקער יוניאָנס זיינען בכח געווען צו צאָהלען סטרייק־בענעפיט. דער זעלביגער קאָלאָמעער פאַראיין וועט אונז איצט דיענען פאַר א נאָך בעסערען ביישפּיל:

קאָלאָמעא, זייענדיג א שטאָט אין גאַליציען, אויפ׳ן גרענעץ פון רוסלאַנד און פאַרמאָגענדיג א היפּשע אייגענע אינ־

דוסטריע, וואָס איז באַוואוסט איבער גאַנץ גאַליציען — טליתים וועבעריי — האָט נאָך אין אָנהויב פון יאָהרהונדערט געהאַט ביי זיך אַ סאָציאַליסטישע באַוועגונג, אַן אָפּגעשפּיגעלטע פון דער שכנ׳ישער מדינה. קאָלאָמעא איז געווען די ערשטע סטאַנציע פון די אַנטלאָפענע רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטען פון רוסלאַנד. אַזוי ווי די קאָלאָמעאַר אידישע ארבייטער זיינען פאַרנומען געווען מיט דער פּראָדוקציע פון אַ שוהל־ארטיקעל, האָבען זיי פאַראייניגט ביידע תורות: אי זיי זיינען געווען פרומע, בערדיגע שוהל־אידען, אי סאָציאַליסטען. האָבען זיי געשמאַק געדאַווענט און געפיהרט סטרייקס, טאַקע אין דער באַלעמעלאָכישער שוהל האָבען זיי געגרינדעט דעם סאָציאַליסטישען פאַראיין, וואָס איז געוואָרען אַ צווייג פון דער עסטרייכישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.

און ווען אַ צאָל קאָלאָמעער טליתים וועבער האָבען אַריבערגעוואַנדערט קיין אַמעריקע, וואָס איז געווען זייער כונה ביים גרינדען דעם פאַראיין אין 1904? נעהמען מיר ארויס פון די יובילעי־זשורנאַלען, וואָס דער פאַראיין האָט ארויסגעגעבען צו זיין 20טען און 25טען געבורטס־יאָהר: — „ווי געוויינליך, האָבען מיר צוערשט אויפגעזוכט אַלטע באַקאַנטע און חברים, אום דורך זיי, וועלכע זיינען דאָ געווען פון פריהער, זיך באַקענען מיט דעם היגען לעבען. געהאָפט האָבען מיר צו געפינען צווישען זיי אָט די היימישע אַטמאָספערע, די גייסטיגע ווארימקייט, נאָך וועלכער עס האָט זיך אַזוי געביינקט... מיר האָבען געזוכט כאָטש איין ווינקעלע אין גאַליציאַנער קוואַרטאַל, וואָס זאָל ביי אונז פאַרנעמען דעם לעבעדיגען פלאַץ, וועלכען עס האָט פארנומען אַמאָל אונזער סאָציאַליסטישער פאַראיין אין קאלאמעא".

אַלזאָ, דער לאַנדסמאַנשאַפט־מאָטיוו און דער סאָציאַליסטישער מאָטיוו, וואָס ביי די קאָלאָמעער זיינען דיביידע מאָטיווען צונויפגעפאַלען, האָבען געגעבען דעם ערשטען שטויס.

אַ צווייטער פון די גרינדער באַשטעטיגט דעם לאַנדסמאַנשאפטליך־סאָציאַליסטישען מאָטיוו און באַקרעפטיגט איהם מיט דעם זעלבסטפארשטענדלאכען פּראַקטישען מאָטיוו: — שטיצע: שטיצע אין ענגערען זין — צו זיך אליין — און שטיצע אין ברייטערען זין — צו דער סאָציאַליסטישער אידייע.

אָבער ביידע באַריכטען פאַרוואַרפען נאָך אַ וואונק אויף אַ דריטען מאָטיוו, וואָס האָט זיי ארויפגעפיהרט אויפ׳ן געדאַנק פון אַ פאַראיין. און דער דריטער מאָטיוו שלאָגט אין פּינטעלע: — דעם געשטיגענעם מאָראַלישען פּ״לס וואָס צייכענט אויס די אידייאישע לאַנדסמאַנשאַפט.

דער ערשטער באַריכט:

„ווען מיר האָבען זיך ארויסגעלאָזען זוכען לאַנדסלייט, וואָס האָבען מיר געפונען צווישען די אידישע ארבייטער פון גאַליציען אין אונזער קוואַרטאַל פון יענער צייט, פון וואָס אויך אונזערע לאַנדסלייט זיינען ניט געווען קיין אויסנאַהם? ביר־סאלאָן מאָראל, וועלכע איז געווען אַזוי נידעריג און אָפּשטויסענדיג, אַז עס האָט אזש פאַרכאָפּט ביים האַרצען"...

דער צווייטער באַריכט: — „דעם שטויס צו דער גרינדונג פון פאַראיין האָט געגעבען דאָס וואַלגערען זיך פון אונזערע לאַנדסלייט און בעסערען עלעמענט אויף די קאָנערס פון ריווינגטאָן סטריט און אין די בארס פון סאלאָנען".

די קליינע גרופּע איניציאַטאָרס מיט די גראַטעוועטע פון די ביר סאַלאָנען, האָבען געגעבען דעם פאראיין ביי דער גרינדונג 25 מיטגלידער.

ראַטעווען פון די ביר־סאַלאָנען — אַזאַ סאָציאַלע מיסיע וואָלט קיין יוניאָן ניט איינגעפאלען, און קיין פּשוט׳ן בענעפיט פאַראיין אודאי ניט. די „סאָציאַלע מיסיאָנערען", וואָס האָבען „גערעטעוועט" אין די ביר־סאלאָנען, זיינען צו יענער צייט געווען ווי „וואָרד־פּאָליטישענס", וועלכע פלעגען קומען אַהין איינהאַנדלען וואוטס פאַר גלעזער ביר און וויסקי, אָבער אַ לאַנדסמאַנשאַפט, אינספּירירט פון דער סאָציאַליסטישער אידייע, האָט יאָ גענומען אויף זיך אַזאַ רעטונגס־פליכט.

אגב אָט די סאָציאַליסטישע לאַנדסמאַנשאפט — די קאָלאָמעער פרענדס אַסאָסיעישאָן — וועלכע האָט פון 25 מיטגלידער ביי דער גרינדונג זיך צעוואקסען ביז צו 400 מיטגלידער היינט — האָט קיינמאָל זיך ניט אָנגעשלאָסען אָן ארבייטער רינג — ווארום? ווייל צו איהר זיינען צוגעשטאַנען אַ היפּשע צאָל היימישע טליתים וועבער, וועלכע זיינען פאַרבליבען פרומע שוהל אידען און וואָס אייניגע פון זיי האָבען זיך ארויפגעאַרבייט אַליין צו ווערען באַלעבאַטים, וואָס דאָס אָבער האָט ניט געשטערט זייער צוזאַמענהאַלטען זיך און ניט אָפּגעהאַלטען זיי צו טאָן פלייסיגע סאָציאַליסטישע ארבייט: אין 1905 שטיצען זיי מיט געלט אַ וועבערסטרייק, וואָס איז אויסגעבראָכען אין קאָלאָמעא. אין 1906 וואַרפען זיי זיך אריין אין דער באַוועגונג צו באַפרייען די אַרעסטירטע באַאַמטע פון וועסטערן פעדערייישאָן אָוו מייינערס מאָיער, הייוואוד און פּעטיבאָן. אין 1907 צוזאַמען מיט דעם קאָלאָמעאר ברענטש פון ארבייטער רינג — ברענטש 42 — פייערען זיי דעם גרויסען וואַל־זיג פון די עסטרייכער סאָציאַל־דעמאָקראַטען. און בשותפות מיט׳ן זעלביגען ארבייטער־רינג ברעטש אָרגאַניזירען זיי דעם אַכטען אַסעמבלי דיסטריקט פון דער סאָציאַליסטישער פארטיי. און עד היום שטעהט די לאַנדסמאנשאפט ניט אָפּ פון קיין סאָציאַליסטישער אונטערנעמונג, טראָץ איהר געמישטער פּראָלעטאַריש־באַלעבאַטישער, פריי־פרומער מיטגלידערשאַפט.

עס זיינען פאַראַן מעהרערע אַזעלכע לאַנדסמאַנשאַפטען פון געמישטען כאראקטער, וואָס זיינען געבליבען הענגען צווישען שוהל־חברה און סאָציאַליסטישען פאַראיין און וואָס האָבען ניט געקענט צושטיין ניט צום באַלעבאַטישען און ניט צום אַרבייטער אָרדען. מעהרסטענס זיינען עס לאַנדסמאנשאפטען, וואָס זייער מיטגלידערשאַפט שטאַמט פון רוסלאַנד — פון געגענדען, וואָס האָבען זיך אויסגעצייכענט

מיט אַ שטאַרקער רעוואָלוציאָנערער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג — אזוי די געגענט וואָס האָט געהאַט ביאַליסטאָק פאַר איהר צענטער — מיט די ארומיגע שטעטלאַך קרינעק, זאבלודאָווא א. א. וו. — אַ ראַיאָן פון געדיכטער אינדוסטריאַליזאציע, מיט וועבערייען און גאַרבערייען, וואָס האָבען געשפייזט מיט וועב־און לעדער־שטאָפען גאַנץ רוסלאַנד. — געגרינדעט האָבען זיך געוויינטליך אַזעלכע לאַנדסמאַנשאַפטען פאַר 1905 און ביז די רוסישע רעוואָלוציע האָט אריינגעוואָרפען די צווייטע גרויסע אידישע אימיגראַציעכוואַליע, האָבען די גרינדער שוין באַוויזען זיך ארויפצוארבייטען. דערנאָך ערשט האָבען זיי צוגעקראָגען דעם צופלוס פון אינגערען סאָציאַליסטישען עלעמענט. איז אָט דער אידייאישער צוגאָב געווען צו פאַרפיינערען, פאַרטיפען, דערהויבען זייער הילף־מאָראַל ביז א גראַד, צו וועלכען די לאַנדסמאַנשאַפטען לכתחילה זיינען גאָר ניט גרייט געווען.

לייענען מיר אין זייערע זשורנאַלען און פנקס'ן ריהרענדיגע געשיכטעס וועגען אַנטלאָפענע פון געפענגענישען און סיבירער פאַרשיקונג, וואָס דורך די חדשים פון הונגערען, פריהרען און נע־ונד, זיינען זיי אָנגעגריפען געוואָרען פון קראַנקהייטען, וואָס האָבען זיי פאַר'משפט צו אַ לאַנגזאַמען טויט אָדער צו אַ פּלעצליכען אויסברוך פון משוגעת. האָט די לאַנדסמאַנשאַפט זיי באַזאָרגט מיט היימען, געשפייזט, געהיילט און איינער אָדער צוויי פרייוויליגע פלעגען זיך אָפּגעבען מיט זיי כדי צו שטעלען זיי ווען מעגליך אויף די פיס, אָדער צו פאַרלייכטערען זיי דעם טויט...

זעלטען וועלכע שוהל־חברה וואָלט דערפיהרט איהר מצוה פון הכנסת אורחים ביז צו אַזאַ הייליגער מסירת נפש. פאַר דעם דורכשניטליכען פרומען שוהל־אידען איז אַזאַ איינער אַ זינדיגער, א רשע, וואָס איז אַ מצוה אויף איהם, ער זאָל באַשטראָפט ווערען. אָבער די לאַנדסמאַנשאַפט, וועלכע האָט געקראָגען די איינשפריצונג פון דער אידייע, איז יאָ ארויפגעשטיגען צו אָט דער מדרגה פון סאָציאַלען פליכטבאַוואוסטזיין.

אָבער ניט דאַריין, ניט אין די געהויבענע מאָראַלישע מעלות פון דער אידייאישער לאַנדסמאַנשאַפט, איז איהר הויפט־אויסצייכענונג. די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד האָט זיך איינגעשטילט; די אָפּגעשפיגעלטע העראָאישע שטימונג דאָ איז אראָפּגעזונקען אין וואָכעדיגען לעבענס־שטייגער, זיך איבערזעצענדיג אין מעסיגע סאָציאַליסטישע און טריידיוניאָניסטישע פליכטען פון געווינלאַכען שניט, וואָס פאָדערען ניט קיין באַזונדערע העראָאישע אָנשטריינגונג. און יעמאָלט ערשט, אין איהר וואָכעדיגער איינשטעלונג, האָט די אידייאישע לאַנדסמאַנשאַפט, דורכ'ן אָרדען, גענומען שפּילען איהר פולע סאָציאַלע ראָלע, מיט קאָנצעקווענצען פאַר דער גאַנצער אידישער פאָלקס־מאַסע אין אַמעריקע.

די אידייאישע אָרדען־לאַנדסמאַנשאַפט, אין איהר וואָכעדיגער איינשטעלונג, באַשטעהט פון אַ קליין הייפעלע אַקטיוויסטען, וואָס שטעהט אונטער דער השפעה פון דער סאָציאַליסטישער פיהרערשאַפט פון אָרדען: די איבעריגע מיטגלידערשאַפט איז אַ מאַסע, וואָס איהר סאָציאַליסטישקייט באַשטעהט בלויז דעריין, וואָס זי איז וויליג צו לאָזען זיך פיהרען פון די אַקטיוויסטען, וועלכע נעהמען אינסטרוקציעס פון דער אָרדען־פיהרערשאַפט. קומט אַ צוזאַמענשפּיל פון אידייע און מאַסע. די אידייע איז אין פערמאַנענטען קאָמפּראָמיס מיט מאַסע. — צו אַלעס ערשט, דער הויפּטפאַקט צום געדענקען איז דאָ:

די אידייאישע לאַנדסמאַנשאַפט, דורך איהר מאַסע־מיטגלידערשאַפט, בלייבט אין עצם אַ לאַנדסמאַנשאַפט, אפילו ווען אַ ברענטש פון אַרבייטער רינג. זי טוט אַלץ, וואָס די עלטערע לאַנדסמאַנשאַפט טוט און טוט נאָך מעהר — צוליב'ן צוגאָב פון אידייאישקייט. אָבער זי הערט זיך גאַנץ שטאַרק צו, פונקט ווי איהר עלטערע שוועסטער, צו איהרע אייגענע נויטען און וועט זיי ניט פאַרבויגען, טראָץ דעם וואָס זי האָט צוגעקראָגען נייע סאָציאַלע פליכטען. — האָבענדיג צו טהאָן מיט מאַסע, וואָס האַנדעלט פריהער פון אַלץ אין אייגענעם אינטערעס וועלכע קען אַנדערש ניט, ווי נאָר לאָזען זיך דיקטירען פון איהרע אייגענע לעבענסנויטען — דאַרף די פיהרערשאַפט פון ארבייטער אָרדן, אַדאַפּטירענדיג זיך צו דער מאַסע־מיטגלידערשאַפט, גאַנץ פאָרזיכטיג, גראַדענווייז, דעם זעלבסט אינטערעס פון דער מאַסע סאָציאַליסטיש אידייאיזירען. פון דער אַנדער זייט, דאַרף דער זעלבסט־אינטערעס פון אַ מאַסע ניט ענג פאַרשטאַנען ווערען, ווי די זעלבסטקאָנצענטרירטקייט פון אַ יחיד, וואָס זוכט נאָר זיין אייגענע טובה — בפרט ווען דער זעלבסט אינטערעס ווערט כסדר געלייטערט דורך העכערער סאָציאַלער באַוואוסטזיניגקייט.

אַ מאַסע, אפילו ווען אידייאיזירט, איז ווי אַ שוואָם, וואָס זויגט איינפלוסען, וואָס דערגרייכען צו איהר פון נאָהענט און פון ווייט — דורך איהרע אייגענע דערפאַרונגען אין קאָנטאַקט מיט דער אַמעריקאַנער סביבה, וואו עס קומט איהר אויס צו פאַרדינען אויף אַ לעבען; דורך דעם אַמעריקאַניזירטען הי־געבאָרענעם דור אין אייגענעם פאַמיליען־קרייז. און זייענדיג פלייש פון פלייש, ביין פון ביין פון דער גאַנצער אידישער פאָלקס־מאַסע, נעהמט זי אויך אויף, דורך איינגעבאָרענער סימפּאַטיע, די איינפלוסען פון דער גאַנצער אידישער סיטואַציע — דאָ אין לאַנד, און אויך איבער גאָר דער וועלט. — איז די אידייאישע לאַנדסמאַנשאַפט דער „אָפּלעגער" פון די אלע „אידיזירענדיגע" און אַמעריקאַניזירענדיגע איינפלוסען — אַן „אָפּלעגער", וואו זיי לייגען זיך אָפּ אין אַ האָמעאָפּאַטיש קאָנדענסירטען צושטאַנד. און די פיהרערשאַפט פון אַרבייטער אָרדען, אַדאַפּטירענדיג זיך צו דער מאַסע, דאַרף כסדר, גראַדענווייז, די אַלע „אידיזירענדיגע" און אַמעריקאַניזירענדיגע איינפלוסען אויפנעהמען, אידייאיזירען און אַקטיוויזירען...

איך רוף עס מיט אַ כיוון „אידיזירונג", ניט נאַציאָנאַליזירונג, ווייל אָהן שום נאַציאָנאַלער טעאָריע. ס'מיינט פשוט אַז די רעאַלע לעבענס־נויטען, די פּאַקטישע לאַגע פון דער אידישער פאָלקס־מאַסע, פריהער פאַר אַלץ אויף דעם אָרט

אַמעריקע, ווערען אַלץ מעהר אין אַכט גענומען. די אידייאישע פיהרערשאַפט פון דעם אָרדן, אָפּגערירענדיג מיט אַ מאַסע, אין דער געשטאַלט פון אַ לאַנדסמאַנשאַפט, וועלכע איז דער געדיכטסטער, שאַרפסטער טראָפּען פון דעם גאַנצען ים פאָלקס־מאַסע, דאַרף איהר סאָציאַליזם מאַכען אָפּענטפערען אויף דיביידע נויט-באַדערפענישען פון דער מאַסע — צו רעאַגירען אויף דער אידישער וועלט־לאַגע, וואָס דאָס איז „אידיזירונג״, און צו אָריענטירען זיך אויף אַמעריקע, וואָס דאָס איז אַמעריקאַניזירונג. — און דער אַרבייטער רינג, אַלס דער ערשטער אַרבייטער אָרדן אין פעלד, וואָס האָט צונויפגעזאָמעלט דאָס רוב מנין און רוב בנין פון דער לאַנדסמאַנשאַפט־מיטגלידערשאַפט, איז געווען אַ ריזיגע סאָציאַלע לאַבאָראַטאָריע, דורך וועלכער עס האָבען זיך דורכגעקרייצט און זיך צוזאַמענגעשמאָלצען די אַלע איינפלוסען, וואָס זיינען געקומען פון אויבען און פון אונטען, פון דער אידייע און פון דער מאַסע: דורך דעם ארבייטער רינג איז דורכגעגאַנגען די ערשטע שטופּע פון דעם טאָפּעלטען פּראָצעס — פון דער „אידיזירונג״ און אַמעריקאַניזירונג פון דער אידישער פאָלקס־מאַסע אין אַמעריקע.

די דורכזעצונג פון אָט דעם טאָפּעלטען און גלייכצייטיטיגען פּראָצעס „אידיזירונג״ און אַמעריקאַניזירונג איז די סאַמע וויכטיגסטע געזעלשאַפטלעכע פונקציע פון דער אידייאישער לאַנדסמאנשאפט, וואָס זי האָט דערפילט דורכ׳ן אָרדן.

דער אַמעריקאַניזירונג־פּראָצעס איז אַ במילא׳דיגער. אַמעריקע קען פאַר זיך באַשטעהן. די מאַכט פון איהר עקאָנאָמיק, פּאָליטיק און קולטור, פון איהרע בילדונג־אינסטיטוציעס, פּרעסע און גאַנצען לעבענס־שטייגער — אָט די גיגאַנטישע מאַכט קען זיך באַגעהן אפילו אָהן מיטהעלפער אין אַמעריקאַניזירונג, בפרט ווען זי האָט די אויטאָמאַטישע און באַוואוסטזיניגע מיטהילף פון די יוניאָנס, פּאַרטייען און די אָרדנס. (אין די אָרדנס איז עס הויפּטזעכליך די יוגענט, וואָס טראָגט צו צו דער אַמעריקאַניזירונג; די מיטעליאָהריגע און עלטערע מיטגלידערשאַפט — צו דער אידיזירונג). — אינטערעסירען דאַרף אונז יענע מיטהילף, וואָס קריגט ארויס פון דער אַמעריקאַניזירונג דעם גרעסטען געווינס סיי פאַר אַמעריקע און סיי פאַר די זיך אַמעריקאַניזירענדיגע. און אַזאַ מיטהילף איז טאַקע די אידיזירונג.

.11

דריי דייטלעך דערקענבאַרע שטופען האָט דער אידיזירונג פּראָצעס דורכגעמאַכט; מיט אַן אָפּשטאַנד אין צייט צווישען זיי, אָבער דאָך אין פאָרגעזעצטער אָרדנונג; וואָס איינע פיהרט צו דער אַנדערער אַריבער, און ווערט דאָך ניט איבערגעריסען; נאָר באַהעפט זיך מיט איהר נאָכפאָלגערין, קעגענזייטיג זיך שטאַרקענדיג: — די אידיזירונג פון דער ליטעראַטור, די אידיזירונג פון דער קולטור און די אידייזירונג פון דער געזעלשאַפטליכקייט, וואָס דאָס לעצטע האַלט נאָך אינמיטען.

דער בולט׳סטער ביישפּיל איז טאַקע דאָס אויפקומען פון אַ אידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע, וועלכע איז אַ באַשאַף פון די סאָציאַליסטען, וועלכע האָבען זי צום ווינציגסטען אין זינען געהאַט. „אידיש וועט אונטערגעהן״, האָבען זיי גע׳טענה׳עט, און דאָך אויפגעהאָדעוועט אַ אידישע ליטעראַטור. די סאַמע שפּראַך: אידיש — און אידישע ליטעראַטור און קולטור אודאי — איז געווען אומזין; נאָך מעהר: אַ בפירוש׳ער פאַרברעכען קעגען זייער קאָסמאָפּאָליטישען סאָציאַליזם. אָבער געפיהרט האָבען זיי זייער סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע אין אידיש, אונטערגעטראָגען עלעמענטאַרע וויסענשאַפטליכע אויפקלערונג, דעם אלף בית פון ציוויליזאַציע און אַמעריקאַניזאַציע — דעם עטיקעט פון אַ „מענטש ווערען״ אין אַמעריקע — האָבען זיי אין אידיש. אפילו געלייקענט אידיש האָבען זיי אין אידיש. איז וויל אין אידיש, און אַ ברייטע לייענערשאַפט איז געשטאַנען גרייט הונגעריג, דאָרשטיג דאָס אַלץ איינצושלינגען — האָט אידיש — דער מאַמע־לשון פון דער לייענערשאַפט — זיך באַפעסטיגט אויף לאַנגע יאָהרען. גלייך מיט איהר ערשטען שוואונג, מיט איהר ווארפען זיך צו דער צייטונג, אזוי גיך זי האָט זיך אויסגעשוכעט פון דער ים־רייזע און פון „קעסעלגאַרדען״, האָט די מזרח־אייראָפּייאישע לייענערשאַפט געצוואונגען די עלטערע פּרעסע (צ. ב. ש. דאָס „אידישע טאַגעבלאַט״) איבערגעהן פון דייטשמערישען קוידערוועלטש צו אַ ריינעם אידיש.

און וויבאַלד אַ גיריגע לייענערשאַפט איז געווען, האָט זי במילא אַרויסגערופען קינסטלערישע ליטעראַטור — ליד, דערצעהלונג — וואָס לכתחילה איז איהר אויפגעגעבען געוואָרען מיטצוהעלפען אין דער סאָציאַליסטישער פּראפּאגאנדע, אָבער אין פּראָצעס פון שרייבען פּראָפּאגאנדע, האָט די שרייבערישע לוסט ארויסגעצויגען דעם קינסטלער (עדעלשטאַדט, באָװשאָווער, ראָזענפעלד, ליעסין — די פּאָעטען: ליבין, קאָברין — די דערצעהלער). — צום שבח פון די סאָציאַליסטישע פיהרער דאַרף געזאָגט ווערען, אַזוי גיך די פּראפּאגאנדע־ליטעראַטור האָט גענומען ווייזען סימנים פון קינסטלערישקייט, האָבען זיי זיך פאַראינטערעסירט און גענומען זי מונטערען. די מעהרסטע פון זיי זיינען דערצויגען געוואָרען אויף דער גרויסער רוסישער ליטעראַטור, האָבען זיי געפּרעסט איהר רעאַליזם אין דער אידישער ליטעראַטור. (אב. קאַהאַן צום ביישפּיל; ניט גלויבענדיג אין דער צוקונפט פון דער היגער אידישער ליטעראַטור, האָט ער פאָרגעהאַלטען פאַר די אידישע דערצעהלער טשעכאָוו׳ס דערצעהלונג פאַר אַ מוסטער).

און נאָך אַ שבח מוז געזאָגט ווערען אויף דער סאָציאַליסטישער פיהרערשאַפט, אז איינמאָל האָט זי זיך איינגעשפּאַנט אין דינסט צום אידישען אַרבייטער, איז זי ניט אָפּגעטראָטען. ניט אָלע, נאַטירליך. גאָר פיעלע פון די אַמאָליגע פיהרער זיינען אַנטלאָפען פון אידישען אַרבייטער און פון אידישער אַרבייט ביי דער ערשטער געלעגענהייט, אזוי גיך זיי האָבען עס געקענט באַוויזען, און האָבען מיט דער צייט זיך דערשלאָגען צו פּראָמינענץ אויף דער אַמעריקאַנער אַרענע אין פאַרשיידענע פּראָפעסיעס — אַלס לאָיערס, פּאָ־

ליטיקער, אַרטיסטען און שריפטשטעלער. — אָבער די, וואָס זיינען געבליבען, האָבען געטהאָן גרויסען דינסט. דאָס איז זיי צו פאַרדאַנקען, וואָס די אידישע פאָלקס־מאַסע איז באַרייכערט געוואָרען מיט אַ נייעם שעפערישען אויסדרוקסמעדיום — ליטעראַטור, וועלכע שילדערענדיג מענטש און לעבען, גראָבענדיג זיך אין דער טיפעניש פון כאַראַקטער, נאָכגעהענדיג דעם אימיגראַנט טריט נאָך טריט, פון דער היים אין שאַפּ, פון שאַפּ אין דער יוניאָן, פון דער יוניאָן אין פאַמיליע־קרייז, מיט זיינע פריידען און ליידען, אַריבערטראָגענדיג איהם צוריק אין דער אַלטער היים און איהם צוריקבריינגענדיג קיין אַמעריקע — האָט זי, די ליטעראַטור, אין דער מעגליך שנעלסטער צייט, גייסטיג איבערגעפורעמט און דערהויבען ביז צו אַ היפּשען גראַד אינטעליגענץ אַ מאַסע, וואָס האָט אַפילו קיין עלעמענטאַרע בילדונג ניט געהאַט.

נאַטירליך, די שעפערישע איניציאַטיווע איז דעם שריפטשטעלערס, וועלכער האָט אָפּגעענטפערט דער מאַסע, אָבער דער אַוואַנגאַרד פון דער מאסע האָט זיך געזאמעלט אין אידייאישען פאַראיין, אין ארבייטער אָרדן, וואָס האָבען פאָרגעשטעלט מיט זיך די סאַמע ערשטע אָרגאניזאציע געברויכער פון ליטעראטור; צייטונג, בראָשורע, בוך, ליעד, דערצעהלונג, ליטערארישער אָווענט — זיינען געווען זייער אָרגאַניזירונג־, אונטערהאַלטונג־ און צוזאַמענהאַלטונג־מיטלען. די ליטעראטור האָט פון סאַמע אָנהויב זיך געקענט אָנשפּאַרען אויף דעם פאַראיין, דעם אָרדן, ווי אויף זייער זיכערסטער קליענטעל (נאָך אין יאָהר 1892 האָט דער פאָטערפאראיין פון ארבייטער רינג גענומען אונטער זיין ספּעציעלער זאָרג דעם גלייכצייטיג מיט איהם געגרינדעטען סאָציאַליסטישען חודש־זשורנאַל „צוקונפט").

ביז 1905 איז די אַנטוויקלונג פון דער ליטעראטור געשטערט געוואָרען דורך דעם אויסגעשפּראָכענעם אַנטינאַציאָנאַליזם פון די פיהרער, דורך דעם אומגלויבען, אַז די ליטעראטור איז אויף דויער. אויב היינט מאָרגען שטאַרבט זי, ווי קען דער שריפטשטעלער זיך פאַרמעסטען ברייט און טיף און הויך, ווי קען די שעפערישע אינטואיציע זיך אָנשפּאנען ארויסצוקריגען פון איהם דאָס בעסטע, וואָס זיין גייסט פאַרמאָגט? — אָבער די אינגערע, אינטעליגענטערע און אידייאישערע אימיגראַציע, וואָס די רוסישע רעוואָלוציע האָט געגעבען, מיט דער אידייאישער לאַנדסמאַנשאַפט, יואָס די נייערע אימיגראַציע האָט דערלאַנגט, טראָגט אַריין אַ ראַדיקאַלע ענדערונג. אין דער אויפגעמונטערטער אַטמאָספערע פון איסט־סאַיד, אפילו אָהן נאַציאָנאַליסטישער טעאָריע, נעהמט די מאַסע, מיט דער פיהרערשאפט צוזאמען, פאקטיש זיך נאַציאָנאַליזירען—בלויז דורך דעם פאַקט, וואָס די מאַסע פיהרט אַ ברייט פאָלקס־לעבען. זי קריגט דעם געפיהל, אַז זי איז ניט גלאַט אַ צוזאַמענגעלאָפענער ערב־רב, נאָר אַ פאָלקישע געמיינשאַפט, א קבוץ, אַן עדה, וואָס געהט אין אַמעריקע אריין מיט אַן אייגען פנים און וועט פאַרנעהמען אַן אָרט אין איהר. די יוגענט פון דער מאַסע זוכט אויסדרוק פאַר דעם אין דער ליטעראטור, און די ליטעראטור ענטפערט אָפּ באַצייטענס, איידער נאָך דער לייענער מאָנט עס פון איהר אויף א הויכען קול.

די ליטעראטור ווערט די טרעגערין פון פאָלקס־באַוואוסטזיין, זי נעהמט זיך אָן מיט גלויבען אין איהר באַרוף, ווערט זיכערער אין איהר קיום, אין איהר צוקונפט. דאָס טוט דער ליטעראטור גוט. ארום 1910 מאַכט זי דורך אַ נייע געבורט, עס פורעמט זיך אויס די ריכטונג פון די „יונגע" — די אידישע ליטעראַטור נעהמט זיך שטרעקען צו ווערק, וואָס זאָלען זי אויסגלייכען אין ראַנג מיט די גרויסע נאַציאָנאַלע ליטעראטורען אין דער משפחה פון דער וועלט־ליטעראטור, וואָס סוף־כל־סוף דערגרייכט זי עס: — דורך טעריטאָריע־ראָמאַנען, משיח־דראַמען, דורך אַ פּאָעזיע, וואָס איז קינסטלעריש עקוויוואַלענט צו רעליגיע. זי שפּרייט אַ גייסטיגען אידישען וועלט־געוועב און פיהרט גלייכצייטיג אריין די אידישע יוגענט מיט אַ ראָלע אין אַמעריקע.

קען מען ווידער אַמאָל פרעגען: וואָס געהערט זיך דאָס אַלץ אָן מיט דער לאַנדסמאַנשאַפט און מיט דעם אַרבייטער אָרדן? — און דער ענטפער איז ווידער אַמאָל: אַודאי קען מען ניט זאָגען, אַז די אידייאישע לאַנדסמאַנשאַפט האָט דאָס אַלץ אויפגעטאָן. נאָר אין איהר ראָלע פון אַ רעזאָנאַטאָר און „עמפּליפייער", וואָס כאַפּט אויף, פאַרשטאַרקט און גיט איבער פאַרשטאַרקטערהייט די השפעות, וואָס זאַמלען זיך אָן אין דער אידישער פאָלקס־סביבה, האָט די אידייאישע לאַנדסמאַנשאַפט פאָרגעשטעלט מיט זיך אַ מאָנענדיגע און דאַנקבאַרע אוידיענץ, וואָס אָהן דעם קען ליטעראַטור ניט געמאָלט זיין. נאָכפאָלגענדיג די ליטעראַטור, האָט זי זי געשטויסען. זי האָט אונטערגעטריבען דעם אַרבייטער אָרדן צו ווערען אַן אַקטיווער באַשטעלער פון ליטעראטור.

אָבער אָט איז אַ געביט, וואו די אידייאישע לאַנדסמאַנשאַפט, דער אַוואַנגאַרד פון דער פאָלקס־מאַסע, האָט גענומען די איניציאַטיווע. ניט נאָר נאָכגעפאָלגט די ליטעראטור און מיטגעגאַנגען מיט איהר פּראָגרעס, נאָר אויך איהר פאָראויסגעגאנגען; ניט נאָר געדיענט דעם שריפטשטעלער פאַר א טריבונע און געווען די ערשטע אויפנעמערין פון זיין בוך, געבענדיג איהם אויסערליכע הילף, נאָר זי האָט איהם אויך אינערליך געהאָלפען. זי האָט אָנגעשפּאַנט זיין שעפערישקייט מיט נייעם באַשלוס. דאָס איז געווען די אידייאישע לאַנדסמאַנשאַפט, וואָס האָט אויסגעשפּרייט די אידישע ליטעראטור ביז קולטור, אָנהויבענדיג דערמיט די צווייטע אידיזירונג שטופּע.

דאָס האָט די אידייאישע לאַנדסמאַנשאַפט ארויסגעפאָדערט פאָלקס־שולען, וואו די שפּראַך פון אונטערריכט איז אידיש און אידישע ליטעראטור איז דער הויפּט־לימוד. אויף איהר אויפפאָדערונג, האָט דער ארבייטער אָרדן פאַרלייגט אַ נעץ פון פאָלקס־שולען איבער'ן לאַנד, אַוועקגעשטעלט אַ דערציהונגס־סיסטעם און פונאַנדערגעצווייגט אַ קולטור־טעטיגקייט אין פאַרשיידענע ריכטונגען — צו באַדי־

נען דעם דערוואַקסענעם, ווי שול דאָס קינד: קאָנצערט, טעאַטער־בענעפיט זיינען אויך געווען קוואַלען פון הכנסה פאַרן אַלט־מאָדישען בענעפיט־פאַראיין און לאַנדסמאַנשאַפט; די אידייאישע לאַנדסמאנשאפט, דורכ'ן אָרדן, האָט פאַרפלאַנצט איבער'ן לאַנד צעהנדליגער כאָרען, דראַמאַטישע און מוזיקאַלישע פאַראיינען, זי איז פון אָנהויב געווען אַן ענטוזיאסטישע אונטערשטיצערין פון אידישען קונסט־טעאַטער, מאַכענדיג עס פאַר אַ פּרינציפּ בלויז אין קונסט־טעאַטער קויפט זי איהרע בענעפיט־פאָרשטעלונג. זי האָט אויך אַוועקגעשטעלט איהר אייגענעם קינסטלערישען אַרבייטער טעאַטער — „אַרטעף“...

מיר מוזען דאָ איבעררייסען, כדי ניט פאָראויסצוכאַפּען קולטור־אַנטוויקלונגען פון די סאַמע לעצטע יאָהרען, פאַראויסכאַפּענדיג בלויז דעם אויספיהר: דער ארבייטער אָרדן, אַלע ארבייטער אָרדנס צוזאַמען שטעלען היינט צו טאָג מיט זיך פאָר א פול פונקציאָנירענדיגען אידישען קולטור־מיניסטעריום...

און זיי האָבען זיך ניט אָפּגעשטעלט ביי קולטור אַליין. דורך דער קולטור, וואָס עפענט פונאַנדער דאָס באַוואוסטזיין פון דער פאָלקס־מאַסע, איז דער ארבייטער אָרדן, געשטיצט אויף דער אידייאישער לאַנדסמאַנשאַפט, אריינגעצויגען געוואָרען אין א רייה טעטיגקייטען, וואָס דאַרפען העלפען צו דער לייזונג פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַלע, געזעלשאַפטליכע און עקאָנאָמישע אידישע נויט־פּראָבלעמען, וואָס האָבען זיך אָנגעצייטיגט סיי דאָ אין לאַנד און סיי אין די לענדער מעבר לים — די אידיזירונג פון דער קולטור האָט געבראַכט מיט זיך די אידיזירונג פון דער געזעלשאפטליכקייט.

.12

די מזרח־אייראָפּייאישע אימיגראַציע נאָך 1905 האָט געבראַכט אַ גרויסע מאַסע סאָציאַל־באַוואוסטזיניגע יוגענט, וועלכע האָט אין דער אַלטער היים געקעמפט אין די רייהען אָדער געשטאַנען אונטער דער השפעה פון סאָציאליסטישע פּאַרטייען, וואָס האָבען געהאַט מעהר אָדער ווייניגער אויסגעשפּראָכענע נאַציאָנאַלע טענדענצען. איז די יוגענט געווען ראוי מיט דער צייט אויך דאָ זיך נאַציאָנאַליזירען — וואָס דערמיט ווערט געמיינט: אָפּצוגעבען זיך מיט אידישע טעטיגקייטען. אָבער צווישען אָט דער יוגענט איז געווען אַ מינאָריטעט, וואָס איז געקומען אַהער אָנגעזאָפּט מיט 100 פּראָצענטיגער נאַציאָנאַלער טעאָריע. זיי זיינען געווען ציוניסטען סאָציאַליסטען. צו זיין אַ ציוניסט — פאַרטראַכטען אַ אידישען צוקונפט־שטאַאַט אין פּאַלעסטינע — דאָס ווערט ניט אונטערגעזאָגט דירעקט פון דער סיטואַציע אויפ'ן אָרט בפרט אַ ציוניסט־סאָציאַליסט זיין — דער שטאַאַט זאָל זיין געבויט אויף סאָציאַליסטישע יסודות — דערצו דאַרף מען אודאי באַוואָפענט זיין מיט וועלט אנשויאונג, מיט „טעאָריע“, די טעאָריע איז געווען פאַרשיידענארטיג, און גערופען האָבען זיי זיך מיט פאַרשיידענע נעמען. ביז 1910 האָבען זיי זיך אויסגעקריסטאַליזירט אין אַ פּאַרטיי, אונטער'ן נאָמען „פּועלי ציון“. זיי האָבען אָבער באַלד זיך ארומגעזעהן, אַז דעם גרעסטען דערפאָלג צווישען די היגע אידישע אַרבייטער האָבען ניט די פּאַרטייען, נאָר די אָרדנס — האָבען זיי זיך געשטעלט בויען אַן אָרדן...

דאָס איז דער „אידישער נאַציאָנאַלער ארבייטער פאַרבאַנד“, וועלכער, געגרינדעט אין 1910 מיט דריי ברענטשעס אין פילאַדעלפיע, ווערבירט אויסשליסליך פון די פּאַרטיי־מיטגלידער פון די פּועלי ציון, געטשאַרטערט אין אָלבאַני אין 1912 מיט 500 מיטגלידער — ציילט ער איצט 200 ברענטשעס מיט 18 טויזענט מיטגלידער אין איבער 100 שטעט, וואָס פון זיי זיינען 80 ברענטשעס מיט 6 טויזענט מיטגלידער אין ניו יאָרק.

די פּראָפּאָרציע פון לאַנדסמאַנשאַפען איז א סך קלענער ווי אין ארבייטער רינג. בעת אין לעצטען מאַכען די לאַנדסמאַנשאַפטען אויס איבער אַ העלפט פון זיינע ניו יאָרקער ברענטשעס, איז אין פאַרבאַנד בלויז אַ פערטעל. אָבער אין מיטגלידערשאַפט מאַכען זיי אויס אַ סך מעהר ווי אַ פערטעל. און אויב אפילו אין צענטער — אין ניו יאָרק — וועגען אריבער די אידייאישע גרופּירונגען, איז אין דער פּראָווינץ אָבער כמעט יעדער נייער געווינס פון פאַרבאַנד אַ לאַנדסמאַנשאַפט.

לויט דער אידייאישער פּאָפּולאַריטעט פון דער ציוניסטישער אידייע צווישען די מאַסען, האָט מען געדארפט דערוואַרטען אַ סך גרעסערע מיטגלידערשאַפט אין פאַרבאַנד און א סך שטאַרקערע באַטייליגונג פון די לאַנדסמאנשאפטען אין איהם. נאָר דער פארבאנד איז א סך שטרענגער אין זיין אידייאישער פּאַרטייאישקייט, ווי דער ארב. רינג. אודאי ווייסען זיי, אַז לאַנדסמאנשאפטען זיינען די בעסטע שפּייז פאַר אַן אָרדן, און זיי ווענדען זיך כסדר מיט אויפרופען צו די לאַנדסמאַנשאַפטען. אָבער אַזוי גיך, ווי זיי קריגען אַריין אַ לאַנדסמאַנשאַפט, נעהמען זיי זי אידייאיזירען, און די לאַנדסמאַנשאַפט ווערט אָן איהר לאַנדסמאַנשאַפט־כאַראַקטער און גיט זיך אן אידייאישען נאָמען. לייכטער איז זיי צו מאַכען אן אָפּקלייב פון יחידים לויט אידייאישער סימפּאַטיע. אין די לעצטע יאָהרען, ווען ציוניסטישע סימפּאַטיעס האָבען זיך פאַרשפּרייט צווישען דער אידישער אַרבייטערשאַפט, האָבען זיי זיך געלאָזט געהן אין די יוניאָנס צו מאַכען אַ יחידים־אָפּקלייב. זיי האָבען שוין 8 יוניאָן־ברענטשעס פון פאַרבאַנד אין ניו יאָרק און אָרגאַניזירען נאָך מעהר.

אודאי איז דעם פאַרבאַנד ניט לייכט צו געווינען די מאַסע, ווייל ער פאָדערט פון זיינע מיטגלידער גרעסערע קרבנות. דער פאַרבאַנד איז אַן אָרדען אין בוכשטעבליכען, מיטעלאַרטערליכען זין — אַן אָרדן פון „ריטער פון הייליגען לאַנד“. בשותפות מיט די פּועלי ציון טראָגט ער רעגולערע פליכטען פאַר פּאַלעסטינע, פיהרענדיג יעהרליכע „געווערקשאַפטען“־קאַמפּיינס, בויענדיג און אויפהאַלטענדיג פּאַלעסטינישע אַרבייטער־אינסטיטוציעס, קאָאָפּעראַטיווע קאָלאָניעס („קבוצות“). אויף זייער איניציאַטיווע און מיט זייער שטיצע זיינען אין פּאַלעסטינע געגרינדעט געוואָרען אַן אַרבייטער־באַנק, און עפּעס ענלעכעס צו אַ היגען אָרדן

— אַ קראַנקען־קאַסע („קופת חולים") און אַפילו אַ פייער אינשורענס קאָמפּאַניע (הסנה).

פונדעסטוועגען, טראָץ זיין פאַרשלונגענקייט מיט פאַלעסטינע, איז דער נאַצ. אַרב. פאַרבאַנד, אַ דאַנק זיין היכער אידייאישער באַוואסטזיניגקייט, געווען אַ פּיאָנער, וואָס האָט גענומען די ערשטע האַנט אין אַ גאַנצער ריי היגע אידישע טעטיגקייטען: ער איז געווען דער ערשטער אַרבייטער אָרדען, וואָס האָט זיך לכתחילה געגרינדעט אויף „פראַטוירנאַל רייטס", צווינגענדיג דערמיט אויף דעם אַרבייטער רינג איבערצוגעהן פון אַלטען „אַסעסמענט"־סיסטעם צום נייעם וויסענשאַפטליכען צאָלונג־סיסטעם, נאָך אַן אינערליכען קאַמף, וואָס האָט אָנגעהאַלטען גאַנצע 10 יאָהר. דערביי איז אינטערעסאַנט, וואָס די גענעראַל סעקרעטאַרען (י. וויינטרויב, וויליאַם עדלין, דר. ב. האָפמאַן און גאָר באַזונדערס דר. פ. ראָזענבלאַט — „בן יקיר" — אַן עקספּערט אין עקאָנאָמיק — און נאָך איהם יוסף באַסקין) און די עלטערע פיהרערשאַפט פון אָרדען זיינען געווען פאַר דער איינפיהרונג פון נייעם סיסטעם, וואָס האָט געקאָנט וויי טהאָן דוקא דער עלטערער מיטגלידערשאַפט — בעת דער אינגערער, סאָציאַליסטיש־היציגער עלעמענט איז געבליבען שטאָל און אייזען פאַר אַסעסמענטס — גאַנץ פאַרקערט, ווי עס איז געוויינליך דער פאַל אין אַ קאָנסערוואַטיווען אָרדען. — ערשט אין 1919, נאָך אַ יאָ־באַשלוס פון קאָנווענשאָן און נאָך דער גוטהייסונג פון דעם באַשלוס דורך אַ רעפערענדום, וואָס האָט גענומען צוויי יאָהר איהם דורכצוזעצען, זיינען די פראַטוירנאַלע רייטס אריין אין קראַפט. און אַנדערש ווי די שרעקעדיגע האָבען פאַראויסגעזאָגט, האָט דער אַרבייטער רינג ניט געליטען קיין שום אָנווער אין מיטגלידערשאַפט, וועלכע פאַרקערט איז נאָך אַלץ געשטיגען, דערגרייכענדיג אין 1925 ביז 85 טויזענט — די העכסטע ציפער אין דער געשיכטע פון אָרדען. — דאָס מיינט, אַז דער דורכשניט־עלטער פון דער מיטגלידערשאַפט איז דעמאָלט נאָך געווען נעהענטער צו מיטעל־יעהריג, איידער צו אַלט.

איבערגעהענדיג צוריק צום נאַציאָנאַלען אַרבייטער פאַרבאַנד: — ער איז געווען פּיאָנעריש אויך אין איינשטעלען אויף דער אידישער גאַס די ערשטע שפּאָר און לייי־קאַסעס— די קרעדיט־יוניאָנס — אויסברייטערענדיג די קאָאָפּעראַטיווע אינשורענס פון אָרדען ביז צו קאָאָפּעראַטיווען קרעדיט; אויסלייזענדיג די היימישע מצוה פון גמילת חסדים פון איהר צופעליגקייט, איינזייטיגקייט און סימן נדבה, וואָס קלעפּט צו איהר. אין קאָאָפּעראַטיווען קרעדיט איז דער היימישער גמילת חסד דערהויבען צו פעסטער, געזיכערטער, לעגאַליזירטער, סיסטעמאַטיזירטער און ווירדיגער געגענזייטיגער זעלבסט־הילף. די אַנדערע אָרדנס האָבען דעם פאַרבאַנד נאָכגעטהאָן, אָבער ער האָט זיך ניט געלאָזט פון זיי אַריבעריאָגען: ער ציילט איצט זיין אייגענס איבער 40 קרעדיט יוניאָנס איבער'ן לאַנד.

דער פאַרבאַנד האָט גענומען איניציאַטיווע אין אַ רייהע אַנדערע טעטיגקייטען, פון נאָך ברייטערען פאַרנעם. אָבער זיין גרעסטען פּיאָנערישען פאַרדינסט, פון ממש היסטאָרישען באַדייט, האָט דער פאַרבאַנד צו פאַרצייכענען אויפ'ן געביעט פון קולטור. אין 1910 האָט דער זעלביגער קרייז, וואָס האָט אויסגעפּלאַנעוועט און געלייגט דעם פונדאַמענט פון פאַרבאַנד, אויסגעטיילט פון זיך אַ גרופּע, מיט דעם באַוואוסטען שריפטשטעלער, טעאַטראַל און קולטור־טוער יואל ענטין בראש, וועלכע האָט געגרינדעט די ערשטע נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע אידישע פאָלקס־שולע אויף דעם נאָמען פון דעם דעמאָלט נאָך לעבעדיגען ליטעראַטור־קלאַסיגער י. ל. פּרץ — די ערשטע ניט נאָר אין ניו יאָרק און אין לאַנד, נאָר אין גאָר דער וועלט — אַ פאָלקס־שולע מיט אידיש אַלס אונטערריכט־שפּראַך און אידישער ליטעראַטור אַלס הויפּט־לימוד, געבענדיג דערמיט די ערשטע איבערזעצונג פון דער אידישער ליטעראַטור אין אידישער קולטור.

תיכף ווי דער לאָזונג איז קאָנקרעטיזירט געוואָרען דורך דער גרינדונג פון די ערשטע פאָלקס־שולען, האָט די איניציאַטיווע פון פאַרבאַנד אַרויסגערופען אין אַ געוועט דעם אַרבייטער רינג. אויפרודערענדיג דעם אָרדען מיט אַ פאַרצויגענעם שאַרפען סכסוך צווישען דער עלטערער פיהרערשאַפט און דער אינגערער מיטגלידערשאַפט — נאָך אַ שאַרפערען סכסוך, ווי דער גלייכצייטיגער סכסוך איבער פּראַטוירנאַל רייטס און וועלכער האָט זיך געצויגען כמעט פונקט אַזוי לאַנג. ביידע פּאַראַלעלע סכסוכים האָבען שיעור ניט געשפּאָלטען דעם אַרבייטער רינג, צעטיילענדיג איהם אויף צוויי מחנות: אַלטע און יונגע — מיט דער מערקווירדיג געענדערטער פאַרטיילונג פון די ראָלען. בעת אין סכסוך איבער פראַטוירנאַל רייטס זיינען די אַלטע געשטאַנען פאַר'ן פּראָגרעס, און די יונגע, אין רעאַקציאָנערען אוטאָפּיזם, זיינען באַשטאַנען, אַז אַלץ זאָל בלייבען ביים אַלטען, און די אַלטע האָבען געזיגט — איז אין דעם סכסוך איבער די פאָלקס־שולען זיינען די אַלטע געווען די איינגעשפּאַרטע.

אָבער די יונגע אַרויסשרייענדיג די פאָלקס־שטימונג, וואָס האָט זיך אַקומולירט אין די ברענטשעס, ספּעציעל אין די לאַנדסמאַנשאַפטען־ברענטשעס, וואו פאָלק איז ברייטער רעפּרעזענטירט — די יונגע האָבען געקעמפט מיט מוטה און וואוט, מיט לייב־און־לעבען־ענטוזיאַזם, פאַר דער פּראָגרעסיווער נאַציאָנאַלער פאָלקס־שול — און די יונגע האָבען אויסגעפיהרט.

אין נאָוועמבער 1918 האָט דער אַרבייטער רינג געגרינדעט זיין ערשטע עלעמענטאַרע פאָלקס־שול — מיט 8 יאָהר פאַרשפּעטיגונג געגען פאַרבאַנד, דעם פּיאָנער אין פאָלקס־שולען־באַוועגונג. אָבער אין פאַרלויף פון די 20 יאָהר האָט ער איבערגעיאָגט זיין וועגווייזער־פאָראויסגעהער, פייערענדיג איצט דעם 20־יאָהריגען יובילי פון זיין פאָלקס־שול מיט אַ טאָפּעלט גרעסערען שול־סיסטעם — אויס דעם

פשוט'ען טעם, וואָס ער איז 5 מאָל אַזוי גרויס ווי דער פאַרבאַנד.

(די סטאַטיסטיק פון דעם שול־פאַרמעגן פון ביידע אָרדענס וועלען מיר שפעטער בריינגען).

אַז דאָס איז אַ ספּאָנטאַנער, דאָ אויפגעקומענער דראַנג ביי דער פאָלקס־מאַסע, ניט קיין אריבערגעבראַכטע פון דער אַלטער היים געוואוינהייט, האָבען מיר אַ ראיה דעריין — וואָס די פאָלקס־שולען באַוועגונג האָט זיך ערשט ריכטיג צעוואקסען, ווען די אימיגראַציע האָט זיך שוין געהאַט אָפּגעשטעלט און עס איז פאַרמינערט געוואָרען דער צופלוס פון די אַלט־היימישע השפּעות.

עס וואָלט געווען צו פריה אונטערצופיהרען דעם סך הכל צו דער פאָלקס־שולען באַוועגונג; און אודאי צו פריה צו מאַכען דעם סך הכל פון דעם גאַנצען פּראָצעס פון קולטור־אידיזירונג; און מיר קענען אפילו ניט אָנהויבען רייִדען וועגען דער געזעלשאַפטליכער אידיזירונג, איידער מיר האָבען אריינגעפיהרט דעם דריטען און צום שפּעטסטען אויפגעקומענעם אַרבייטער אָרדן — נעמליך, דעם אינטערנאַציאָנאַלען ארבייטער אָרדן.

### 13.

צוטרעטענדיג צום אינטערנאַציאָנאַלען ארבייטער אָרדן, שפּרייזען מיר אריבער פון דער נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלער פאַזע פון דער לאַנדסמאַנשאַפט צו איהר קאַטאַסטראָפאַלער פאַזע, וואָס איהר אָנהויב פאַלט אומגעפער צונויף מיט דעם סוף פון דער וועלט־מלחמה.

צוויי מאָמענטען זיינען דאָ צו אונטערשיידען: — דעם סאָציאַל־פאָליטישען מאָמענט — דער אויפקום פון דער סאָוועט־רעגירונג, וועלכע האָט אונטערנומען דעם גרינדליכסטען סאָציאַלען איבערבוי, וואָס צו דעם האָט די אידישע פאָלקס־מאַסע דאָ בשום אופן ניט געקענט בלייבען גלייכגילטיג — שוין דערפאַר אליין, וואָס דריי מיליאָן אידען זיינען אריינגעצויגען געוואָרען אין דעם איבערבוי־פּראָצעס. זעהר אַ פּיינליכער פּראָצעס — ספּעציעל ביים אָנהויב און ספּעציעל פאַר אידען, וועלכע האָבען געהאַט פאַרנומען פּאָזיציעס — קליינשטעטלדיגע מלאכה, קליינשטעטלדיגער האַנדעל — וואָס לאָזען זיך גאַנץ שווערליך אריינבויען אין אַ סאָציאַליסטישער אָרדנונג.

און דער נאַציאָנאַל־קאַטאַסטראָפאַלער מאָמענט: אָן אַ זייט פון דער סאָוועטישער סאָציאַלער איבערקערעניש זיינען אידען דורכגעגאַנגען איין חורבן נאָכ'ן צווייטען — די מיליטערישע פּאָגראָמען, וואָס די צאַרישע אויבער־קאָמאַנדע האָט דורכגעפיהרט איבער דער אידישער באַפעלקערונג, אָפּווישענדיג הונדערטער קהלות איבער דער גאַנצער ליינג פון דער פראָנט־ליניע; די אויסראָטונגס־פּאָגראָמען, דורך וועלכע די ווייסגוואַרדייאישע גענעראַלען האָבען זיך נוקם געווען פאַר די מפּלות, וואָס זיי האָבען געליטען פון די באָלשעוויקעס אין צייט פון בירגער־קריג — אַ נקמה, וואָס אַ חוץ פאַרמעגען, האָט זי אָפּגעקאָסט די אידען אַ האַלבען מיליאָן לעבענס; די עקאָנאָמישע פּאָגראָמען, וואָס האָבען זיך אָנגעהויבען אין די ניי־געגרינדעטע מדינות ביי די גרעניצען פון סאָוועט־רוסלאַנד, אַזוי גיך ווי זיי האָבען זיך געגרינדעט — זיך אָנגעהויבען און הערען עד היום ניט אויף. און דער לעצטער און שוידערליכסטער אַלזייטיגער היטלער־פּאָגראָם, וואָס פיהרט דורך אַ טויט־אורטהייל איבער דעם גאַנצען אידישען פאָלק דורך די אידען געפאַנגענע אין דעם קאָנצענטראַציע לאַגער, וואָס איז אַמאָל געווען דייטשלאַנד און עסטרייך.

אָט די קאַטאַסטראָפע, וואָס האָט זיך גערוקט אומאונטערבראָכען פאַר 20 יאָהר צייט פון מזרח־איירָאָפּע צו צענטראַל איירָאָפּע, האָט ניט געקאָנט ניט אָפּרופען זיך מיט יסורים אין געפיהל פון דער היגער אידישער פאָלקס־מאַסע; און וואו זי איז אָרגאַניזירט, האָט זי געהאַנדעלט דורך איהרע אָרגאַניזאַציעס אין אָפּענטפער אויף דער קאַטאַסטראָפע.

נעהמען מיר צום ערשט דעם פּאָליטישען מאָמענט, וואָס שייכות'ט זיך מיט דער סאָוועט־רעגירונג, ווייל ער האָט געהאַט דעם באַלדיגסטען עפעקט אויף דער אָרגאַניזאַציע, וואָס זאַמעלט פאָלקס־מאַסע, וואָס האָט אי קאָפּ אי האַרץ — דעם ארבייטער אָרדן.

פונקט ווי די ערשטע רוסישע רעוואָלוציע — פון 1905 — האָט פאַקטיש געשאַפען דעם ארבייטער רינג, צושטעלענדיג איהם סאָציאַליסטישע לאַנדסמאַנשאַפטען צעהנדליגערווייז, אַזוי האָט די צווייטע רוסישע רעוואָלוציע — פון 1917 — זיך דאָ אָפּגערופען מיט דער באַשאַפונג פון אַ נייעם אַרבייטער אָרדן. אָבער ניט מיטאַמאָל איז עס געשעהן. ווי די גאַנצע אידישע ארבייטער־באַוועגונג, זיינען די רייהען פון ארבייטער רינג געשפּאָלטען געוואָרען אויף רעכטס און אויף לינקס מיט דער שטעלונג צו סאָוועט־רוסלאַנד אַלס צעטיילונגס־ליניע — מיט דער מאַיאָריטעט אויפ'ן רעכטען צד.

דער סוף פון דער ראַנגלעריי איז געקומען אין 1929, ווען די קאָנווענשאָן אין שיקאַגאָ האָט אָנגענומען אַ שאַרפע פאַרדאַמונגס־רעזאָלוציע געגען דער אינערליכער פּאָליטיק פון סאָוועט־רוסלאַנד, און דער לינקער פליגעל האָט איינגעזעהן, אַז ער האָט שוין מעהר ניט וואָס צו טהאָן אין ארבייטער רינג. נאָך אַ פאַרזוך צונויפצושמעלצען זיך מיט דעם „אינדעפּענדענט אַרבייטער רינג״ פון מאַסאַטשוזעטס, וואָס האָט דוקא געהאַט די גוטהייסונג פון דער מאַיאָריטעט מיטגלידער פון „אינדעפּענדענט״, אָבער איז געשטערט געוואָרען דורך אַן אינדזשאָנקשאָן, וואָס די עקזעקוטיווע האָט אַרויסגעקראָגען — האָבען 200 ברענטשעס — 157 געוועזענע ברענטשעס פון אַרבייטער רינג און מינאָריטעט־גרופּען פון ברענטשעס, איבעריגע „אינדעפּענדענט״ — אויף אַ קאָנפערענץ אין ניו יאָרק, מערץ, דעם 30טען, 1930, זיך אָרגאַניזירט אַלס דער „אינטערנאַציאָנאַלער אַרבייטער אָרדן״.

עס איז צו באַוואונדערען וויפיעל קראַפט עס האָט אַן אידייע צו אָרגאַניזירען אידישע פאָלקס־מאַסע. דער נייער אָרדן איז ממש געקוואָלען מיט מיטגלידער פון יאָהר צו

יאָהר: אין 1933 — 7,625 מיטגלידער; אין 1934 10,439 מיטגלידער; אין 1935 — 15,183 מיטגלידער; אין 1937 — 20,440 מיטגלידער; צו זיין אַכטער ניו יאָרקער שטאָט־קאָנווענשאָן, אָפּגעהאַלטען אין זומער 1938, האָט ער שוין געציילט 22,000 מיטגלידער, פאַרטיילט צווישען 100 ברענטשעס — אין ניו יאָרק אַליין. איבער'ן גאַנצען לאַנד 260 ברענטשעס מיט 36 טויזענט מיטגלידער.

און ווידער אַמאָל זעהען מיר די לאַנדסמאַנשאַפען ביי דער ארבייט. ניט די אידייע אַליין, נאָר אידייע, וואָס איז געשטיצט אויף מאַטעריעלען בענעפיט, וואָס ביידע זיינען

וואָס איז דאָס נייע, וואָס דער אָרדן האָט געבראַכט, זיין ביטראָג צו דער אידייאישער אָרגאַניזירונג פון דער פאָלקסמאַסע — יענע אָרגאַניזירונג, וואָס שלעפּערט ניט איין, נאָר וועקט צו טעטיגקייט — און וואָס איז די ראָלע פון דער לאַנדסמאַנשאַפט דערביי?

געבאָרען פון דער אָפּגעשלאָגענער היץ פון אַן אָרעמאַנסקער רעוואָלוציע, צייכענט זיך דער אָרדן אודאי אויס מיט סאָציאלען ראַדיקאַליזם — דער סאָציאַלער ראַדיקאַליזם איז אריינגעשריבען מיט ציפערען אין זיין קאָנסטיטוציע: אַנטקעגען די פּאָליסיס פון 100 ביז 3000 דאָלער, וואָס די



דעלעגאַטען פונ'ם בריסקער רעליף קאָמיטעט ווי זיי טיילען אויס שטיצע אין בריסק.

איינגעפאַסט אין אַ לאַנדסמאַנשאַפט — דאָס איז עס, וואָס זאמעלט דעם אָרדן די גרעסטע צאָל מיטגלידער.

פאַר אַן אילוסטראַציע קען אונז דיענען דער סמאַרגאָנער ברענטש פון אָרדן — (סמאַרגאָן אַמאָל אַ גרויסער אינדוסטריעלער גאַרבער־צענטער, איצט אַ שטעטעל אויפ'ן גרענעץ פון פוילען און סאָוועט־רוסלאַנד) — געגרינדעט אין 1929 מיט 18 מיטגלידער, ציילט איצט דער ברענטש 200 מיטגלידער ניי־געזאַמעלטע פון סמאַרגאָנער לאַנדסלייט. דער לאַנדסמאַנשאַפט־עלעמענט גרייכט ניט אין אָרדען צו אַזאַ הויכער פּראָפּאָרציע, ווי אין ארבייטער רינג, אָבער ער איז טאָפּעלט אזוי גרויס ווי אין נאַציאָנאַלען ארבייטער פארבאנד. הגם די צאָל לאַנדסמאנשאפטען ברענטשעס ווייזט ווייניגער פון אַ העלפט, אָבער מעהר ווי אַ העלפט פון דער ניו יאָרקער מיטגלידערשאַפט איז קאָנצענטרירט אין די לאַנדסמאַנשאָפטען־ברענטשעס.

ערשטע צוויי אָרדנס גיבן ארויס, גיט דער נייער אָרדן פּאָליסיס פון 100 ביז 2000 דאָלער - נאָמינעל; פּאַקטיש, שטייגט דער דורכשניט פון זיינע פּאליסיס ניט אַריבער 425 דאָלער. קלאָהר, דער אָרדן האָט אַן אָרימערען קליענט, ווי די ערשטע צוויי אָרדנס — אין זיין גאָר גרויסער מאַיאָריטעט דעם אַרבייטער פון שאַפּ. און די אָרדען־פיהרער ראטהען איהם פשוט אָפּ, ער זאָל ארויסנעהמען פּאַליסיס העכער פון 500 דאָלער. דער שאַפּ גיט ניט גענוג אויף צו צאָלען. ער זאָל זיך בעסער ניט אונטערנעהמען, ער וועט ארויספאַלען.

אין איינקלאַנג מיט דער שיטה, האָט דער אָרדן איינגעפיהרט די ביליגסטע רייטס — די אזוי גערופענע „סטעפּ רייטס" — אַ סיסטעם פון צאָהלונגען, וואו יעדער איינער צאָלט אין טויטען־בענעפיט פאָנד נאָר אַזוי פיל, וויפיל דער אָרדן נעהמט ריזיקע מיט איהם. אַזוי אז א יונגער אַר־

בייטער פון 25 יאָהר, וועלכער פאַרדיענט בדרך כלל וויניגער, דאַרף ניט אָנהויבען גלייך צאָלען 52 סענט אַ חודש, נאָר 22 סענט. די צאָלונגען שטייגען מיט דער שטייגענדיגער ריזיקע — ביז ערשט ווען ער דערגרייכט דעם עלטער פון 52 יאָהר, צאָהלט ער 52 סענט אַ חודש. אָבער אַ היפּשע צאָל מיטגלידער וועלען שוין האָבען ארויסגעפאַלען פון אָרדן ביי אַט דעם עלטער, צוליב סלעק, ארבייטסלאָזיגקייט, עלטער־שוואַכקייט. וויל דער אָרדען ניט נעהמען קיין איבעריגען סענט אין פאָראויס. — ענליכע איינשפּאָרענישען ווערען געמאַכט דעם מיטגליד ביי די צאָלונגען אין קראַנקען־בענעפיט פאָנד.

מען זאָגט דעם מיטגליד אָפען, אַז זיין אינשורענס אָרדן פאַרזיכערט איהם ניט ווי געהעריג — נאָר אַ קליין ביסעלע פאַר׳ן ערגסטען נויט־פאַל. אַ בעסערע „אינשורענס" איז „סאָשעל אינשורענס", וואָס אַ רעגירונג צאָלט. און דער אָרדן האָט זיך אריינגעוואָרפען אין אַן אַקציע פאַר „סאָשעל אינשורענס", און אויף יעדען ברענטש איז ארויפגעלייגט געוואָרן אַ חוב צו באַטייליגען זיך אין די קאָנפערענצען, וואָס זיינען פאַר דעם צוועק גערופען געוואָרען איבער׳ן גאַנצען לאַנד. — נאָך אַ בעסערע „אינשורענס" איז ווען די יוניאָן קעמפט אויס קאָנדיציעס, וואָס פארהיטען פון קראַנקהייטען, פון פריהצייטיגען עלטער, און לאָזען אָפּשפּאָרען אויף דער עלטער. דער אָרדן איז נאָר אַ הילפס־אָרגאַן אין קלאַסענקאַמף. און דער אָרדן האָט געהאַלטען כסדר פאַרנומען זיינע ברענטשעס מיט אַקציעס, וואָס דאַרפען העלפען אין קלאַסענקאַמף.

דער פועל יוצא פון דעם סאָציאַלען ראַדיקאַליזם, וואָס האָט געמאַכט דעם אָרדן אַגיטירען געגען זיין אייגענעם פּרעסטיזש, איז געווען, אַז די מיטגלידערשאַפט איז אריינגעצויגען געוואָרען אין פילפאַכע טעטיגקייטען, וואָס האָבען אַ דירעקטע פּראַקטישע שייכות צו דעם אָרט אַמעריקע, וואו מען לעבט.

אויב מיר האָבען געזאָגט, אַז דער אַבסטראַקטער סאָציאַליזם פון די 90טע יאָהרען האָט אריינגעפיהרט דעם גריגעם אידישען ארבייטער אין אַמעריקע, האָט דער מעהר פּראַקטישער סאָציאַליזם פון די 30ער יאָהרען נאַטוראַליזירט און איינגעבירגערט דעם אידישען אַרבייטער אין אַמעריקע — גרינטלאַכער האָט ער עס געטהאָן, ווי די „נאַטשוראַליזיישאָן־ביוראָס", וואָס יעדער אידישער ארבייטער אָרדן העלפט פינאַנסירען און וואָס העלפען זייגען מיטגלידער ארויסקריגען בירגער־פּאַפּירען.

און אויב דער „נאַציאָנאַלער אַרבייטער פאַרבאַנד", מיט זיין פּועלי ציוניסטישען נאַציאָנאַליזם האָט געדינט צו אידיזירען די אידישע אַרבייטער־גאָס, האָט דער „אינטערנאַציאָנאַלער אַרבייטער אָרדן" מיט זיין סאָציאַלען ראַדיקאַליזם, געדינט זי צו אַמעריקאַניזירען.

שוין מיט זיין ערשטען שריט האָט ער עס געטהאָן. ווענדיג זיין סאָציאַל ראַדיקאַלער פון ארבייטער רינג, שטעלענדיג דעם טראָפּ אויף דעם ריינעם קלאַסען־שטאַנדפּונקט, האָט ער זיך געפרעגט: צו וואָס אַ סעפּאַראַטער אידישער קלאַסען־קאַמף אָרדן? דער קלאַסען־קאַמף־שטאַנדפּונקט ווייס ניט פון נאַציאָנאַלע גרענעצען. און ער האָט באַשלאָסען: אַן אַל־אַמעריקאַנישער קלאַסען־קאַמף אָרדן זאָל עס זיין!

און עס האָט איהם גענומען ניט מעהר, ווי דריי יאָהר דעם באַשלוס דורכצוזעצען. זייט 1933 פונקציאָנירט דער אָרדן אַלס אַ סעקציע פון אַ פיעל פעלקערליכען אינטערנאַציאָנאַלען ארבייטער אָרדן, וועלכער שליסט איין, אַ חוץ דער אידישער—אַן ענגלישע, אונגארישע, סלאָוואַקישע, אוקראַינישע, איטאַליענישע, פּוילישע, רומענישע און אַנדערע סעקציעס, פון וועלכע די אידישע איז די גרעסטע און די ענגלישע די צווייטע גרעסטע.

און די יוגענט פון די אַלע פעלקערשאַפטען ווערט אפילו ניט אָרגאַניזירט אין באַזונדערע סעקציעס — זי בילדעט איין פיעל־פעלקערליכע יוגענט־סעקציע פון אינטערנאַציאָנאַלען אָרדן. און, פאַרשטעהט זיך, אַז די שפּראַך, וואָס פאַראייניגט זי, איז ענגליש.

און אַ סברה, אַז די אידישע סעקציע פון אָרדען איז ניט שטאַרק מקפיד, אַז די יוגענט גרופּען, וואָס ווערען אָרגאַניזירט ביי אידיש־ריידענדיגע ברענטשעס פון אָרדען, זאָלען דוקא רעדען די שפּראַך פון זייערע טאַטעס. זיי רעדען, וואָס עס רעדט זיך זיי צום לייכטסטען — ענגליש!

הייסט עס, אַז די אידישע סעקציע ניט נאָר וואָס זי שטעלט זיך ניט אַנטקעגען דעם פּראָצעס פון דער נאַטירלעכער אַמעריקאַניזאַציע, נאָר העלפט איהר מיט.

און דער גאַנצער פילפעלקערלעכער אָרדען איז אַן אָרגאַן פון אַמעריקאַניזאַציע — וואָרים וואָס קאָן פאַראייניגען די פילע פעלקערשאַפטען, ווען ניט אַמעריקע?

מיינט עס, אַז דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער אָרדען — זיין אידישע סעקציע — דענאַציאָנאַליזירט די אידישע פאָלקס מאַסע? מאַכט אַ תל פון גאַנצען אויפטו פון באַלד 50 יאָהר „אידיזירען" די פאָלקס־מאַסע דורך ליטעראַטור און קולטור? — ניין, דאָס טאָר מען אויך ניט זאָגען. אפילו ווען די אָרדען־פירערשאַפט וואָלט עס געוואָלט, וואָלט זי עס ניט געקאָנט. די אָרדען מיטגלידערשאַפט וואָלט ניט דערלאָזט — די אידייאישע לאַנדסמאַנשאַפט, וואָס דער אָרדען האָט גע׳ירש׳ענט פון אַרבעטער רינג ביים אָפּשפּאַלטען זיך פון איהם. דער אָרדען האָט מיטגענומען אַ היפּשע צאָהל פון דעם מין — דער עיקר מיטגענומען אַ צאָהל פון די ענערגישסטע טוער פון די אידייאישע לאַנדסמאַנשאַפטען. און די האָבען תיכף זיך געשטעלט בויען פאָלקשולען, פאַרמעהרען פיבערהאַפטיג די קולטור־אינסטיטוציעס — כדי ניט צו בלייבען הינטערשטעליג קעגען די אַנדערע אַרבייטער אָרדענס — און אין איינע זיבען אַכט יאָהר האָבען זיי די אַנדערע אָנגעיאָגט. — האָבען מיר דאָ אַ געלעגענהייט אונטערצופיהרען דעם סך הכל פון גאַנצען קולטור־אויפטו פון אַלע אָרדענס צוזאַמען.

דער נאַציאָנאַלער אַרבעטער פאַרבאַנד, דער פּיאָנער אין דער פאָלק־שולען באַוועגונג, האָט אַ פאַרמעגען פון זעכציג

פאָלק־שולען איבער׳ן לאַנד, מיט אַ באַזוך פון 4,000 קינדער, וואָס אויף דעם חלק פון ניו יאָרק פאַלט אויס ביי אַ דריטעל, מיט אַ צענטראַלער מיטעל־שול, וואָס צוזאַמען האָבען זיי אַ באַזוך נאָהענט צו 900 קינדער; גראַדואירט פון די עלעמענטאַרע שולען אין ניו יאָרק האָבען היי־יאָהר (אין פרילינג 1938) 50 קינדער.

דער שול־פאַרמעגען פון אַרבעטער רינג איז טאָפּעלט: 125 עלעמענטאַר־שולען איבער׳ן לאַנד, מיט אַ באַזוך פון 8,000 קינדער; פאַר ניו יאָרק: 52 עלעמענטאַר־שולען מיט 4,000 קינדער; אַ מיטל־שול מיט 300 קינדער. די גראַדואירונג: 500 איבער׳ן לאַנד; 180 אין ניו יאָרק, 53 פון דער ניו יאָרקער מיטל־שול.

דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער אָרדען וויל ניט אָפּשטיין פון אַרבעטער רינג: 140 עלעמענטאַרע שולען איבער׳ן לאַנד, מיט 8,000 קינדער; אין ניו יאָרק 50 שולען מיט 4,000 קינדער און אַ מיטל־שול מיט 300 קינדער.

קומט אויס, אַז דער פלייסיגסטער שול־טוער איז דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער אָרדן: — 140 שולען אויף 260 ברענטשעס — הגם דערפון דאַרף אונטערגערעכענט ווערען, וואָס אַ היפּשע צאָהל שולען זיינען האַלבע, וואו מען לערענט בלויז דריי מאָהל אַ וואָך. דער אַרבעטער רינג, מיט זיינע 125 שולען אויף 750 ברענטשעס, קויפט אויס דעם צאָהל־מאַנגעל מיט דער מעלה, וואָס זיין שול סיסטעם איז דאָס סאַמע גרונטאָוונע: מערסטענס פולעוואָך־שולען. וואָס מיט אַ געוויסער אונטערשטיצונג מצד דער הויפּט־פאַרוואַלטונג, האַלטען זיי זיך גאַנץ נישקשה אויס. — אַזוי אַז עס קומט אויס, אַז דער נאַציאָנאַלער אַרבעטער פאַרבאַנד, דער פּיאָנער פון דער שול־באַוועגונג, איז מיט זיינע 60 שולען אויף 200 ברענטשעס דער הינטערשטעליגסטער אין פּרט פון צאָהל שולען.

צו די שול־סיסטעמען דאַרפען אודאי אויך צוגערעכענט ווערען די העכערע קורסען, וואָס גרייטען צו די לערערשאַפט:

דער פאַרבאַנד האָט אויך דאָ באַוויזען פּיאָנערשאַפט, האָבענדיג געוועזן דער ערשטער צו גרינדען אַ לערער־סעמינאַר — אין 1918. מיט אַ דורכשניטלעכען יעהרליכען באַזוך פון 200 סטודענטען, האָט דער סעמינאַר ביז 1937 דורכגעלאָזט דורך זיינע קורסען איבער 3,000 סטודענטען, פון וועלכע איבער 150 האָבען גראַדואירט אַלס לערער, וואָס אַ גוטע העלפט פון זיי געפינט זיך אין אַקטיווען שולדינסט. יוגענט לערענט אין סעמינאַר ניט בלויז צוליב פּראָפעסיע, נאָר כדי אָנצונעהמען זיך מיט אידישען וויסען.

דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער אָרדן האָט זיין אייגענס אַ לעבעדיג פונקציאָנירענדיגען „אַרבעטער־אוניווערזיטעט”, וואָס קאָמבינירט עלעמענטאַרע און העכערע קורסען פאַר יוגענט און דערוואַקסענע אַרבעטער, וואָס ווילען זיך צוגרייטען צו פירערשאַפט — מיט קורסען, וואָס גרייטען לערער פאַר די אָרדן שולען. דאָס שטודיום, מיט וועלכען די און יענע גיבען זיך אָפּ צום פלייסיגסטען, איז דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם. מיט אַ יעהרליכען באַזוך פון צווישען 500 און 600, האָט דער אַרבעטער־אוניווערזיטעט — ביז׳ן סוף 1937 — גראַדואירט 130 לעהרער אין דער פּראָפעסיע.

צו פאַרענדיגען וועגען העכערע קורסען: — דער אַרבעטער רינג שטיצט דעם סעמינאַר פון פאַרבאַנד, פון וועלכען ער ציהט לערער, און ער האָט אַן אייגענעם דריי־יעהריגען לערער־קורס, פון וועלכען עס האָבען היי־יאָהר (אין פרילינג 1938) גראַדואירט 8 לערער־קאַנדידאַטען.

אָבער עס איז אַ סך מעהר ווי די ציפערען ווייזען. עס דאַרפען אין באַטראַכט גענומען ווערען ניט נאָר די קינדער, וואָס ווערען דערצויגען, נאָר אויך די דערציער — די לערער און די שול־פאַרוואַלטער. די שול דאַרף זיך אַליין אויסהאַלטען. דער שכר לימוד לויפט געוועהנליך פון 2 ביז 3 דאָלער אַ חודש, וואָס דאָס איז ניט גענוג אויף צו דעקען די הוצאות, בפרט ווען ניט אַלע עלטערען זיינען בכוח צו צאָהלען. איז דאָס דער ברענטש פון אָרדן, בדרך כלל, אַ לאַנדסמאַנשאַפט, וואָס באַשטייערט יעדען מיטגליד איהר׳ן מיט אַ שול־אָפּצאָהל. ערשט נאָכדעם קומט דער צענטראַלער שול־קאָמיטעט פון אָרדן און דעקט דעם דעפיציט. — די לאַנדסמאַנשאַפט, וואָס פאַטראָניזירט די שולע, טיילט אויס פון זיך אַ שול־פאַרוואַלטונג, וועלכע זוכט צוצוציהען צו זיך די עלטערען, גאָר באַזונדערס די מוטערס פון די קינדער. און ווער האַלט זיי צוזאַמען, ווער מאַכט זיי אַקטיוו? דער לערער. ער דאַרף זיין דער דערציהער ניט נאָר פון די קינדער, נאָר אויך פון די פאַרוואַלטער און די עלטערען. ער דאַרף באַזאָרגען לעקציעס, קולטור־אויפקלערונג און קולטור־אונטערהאַלטונג. ער דאַרף פלאַנצען אין זיי ליבע און פאַרשטענדניש פאַר דער אידישער ליטעראַטור. ער ברענגט אַראָפּ שריפטשטעלער, פאָרלעזער, זינגער, שפּילער, אָדער ער דאַרף אַליין נעמען אויף זיך זייערע ראָלען.

איז אַ פאָלק שולע ניט בלויז אַ דערציאונג־אַנשטאַלט פאַר קינדער, נאָר אַ קולטור־אינסטיטוציע פאַר דערוואַקסענע. דער אַרבעטער רינג אַליין ציילט אין ניו יאָרק 70 לערער און 1,500 שול־טוער — זיינען זיי אין זייער גרויסער מאַיאָריטעט ענטוזיאַסטישע קולטור־טוער. און אַזוי איז ביי יעדען אַנדערען אַרבעטער אָרדן. די דערציאונג פון קינד ווערט די קולטור־אויסלעבונג פון דערוואַקסענעם.

און וואָס די שול־פאַרוואַלטונג פון אַן איינצעלנעם ברענטש, אָדער ברענטש־לאַנדסמאַנשאַפט, טוט — טוט אויף אַ פיעל גרעסערען מאַסשטאַב די צענטראַלע שול־פאַרוואַלטונג פון אָרדן — בילדונגס־ אָדער קולטור קאָמיטעטען, ווי זיי רופען זיך. אויף זיי דאַרף מען אודאי זאָגען, אַז מיט דערציאונג שעפּט זיך ניט אויס זייער גאַנצע קולטור־אַרבעט.

פריהער פון אַלץ זיינען די בילדונגס־קאָמיטעטען פון די אָרדנס פול־פונקציאָנירענדיגע פאַרלאַגען, וואָס גיבען אַרויס טעקסביכער פון אידישע געשיכטע, ליטעראַטור־כרעסטאָמאַטיעס, ביאָגראַפיעס, בעלעטריסטישע ווערק און לידערזאַמלונגען פון איינצעלנע שריפטשטעלער פאַר קינדער־

און יוגענט־געברויך; פּעריאָדישע פּעדאַגאָגישע שריפטען פון אינטערעס פאַר לערער, שול־טוער און עלטערן.

געוויס דאַרפען אַריינגערעכענט ווערען די זומער־קעמפּס, מיט וועלכע יעדער שול־אָרגאַניזאַציע פיהרט אָן אין פאַרלויף פון צעהן וואָכען צייט און וואו אַ פּאָר טויזענט קינדער ווערען אַריינגעהאָדעוועט דורך שפּיל און ערענסט אין דער אידישער שפּראַך־ספערע. (דער נאַציאָנאַלער אַרבעטער פאַרבאַנד אַליין האָט 4 אַזעלכע זומער קעמפּס איבער׳ן לאַנד).

און די דערוואַקסענע, אַרום די קינדער, לעבען זיך אַריין אין פאַרלויף פון צעהן וואָכען אין דער אידישער קולטור ספערע. אַרום יעדען קינדער־קעמפּ וואַקסט זיך במילא פאַנאַנדער אַ נאָך גרעסערער קעמפּ פאַר דערוואַקסענע. און דאָ באַשטעטיגט זיך ווידער, אַז קינדער־דערציאונג איז די קולטור־אויסלעבונג פון די דערוואַקסענע. אודאי דאַרף עס אַזוי זיין. וואָס עלטערן חלומ׳ען פאַר זיך טוען זיי אַריין אין דער דערציאונג פון זייערע קינדער, און ערשט ווען זיי טוען עס, דערפילען זיי דעם גוטען טעם פון דעם גוטען חלום זייערען. אין די קעמפּס שעפּען טויזענטער פאָלקסמענטשען, אומגעשטערט, קאָלעקטיוו די פולע הנאה פון אויסלעבען זיך אין אידיש: — לעקציעס, דעבאַטען, סימפּאָזיומס וועגען ענינים, וואָס אין שטאָט קריכען זיי אין קאָפּ ניט אַריין; ליטעראַטור־פאָרלעזונגען, קאָנצערטען, דראַמאַטישע אויפפיהרונגען — מיט איינגעלאַדענע און אייגענע כוחות. די אָרדנס, דורך זייערע בילדונגס־קאָמיטעטען, מיען זיך גאַנץ שטאַרק אַרויסצוברענגען ביי דער מיטגלידערשאַפט אייגענע כוחות פאַר דער אייגענער קולטור־אונטערהאַלטונג. אַ חוץ קינדער־כאָרען ביי די שולען, העלפען זיי אַוועקשטעלען כאָרען פון דערוואַקסענע, מונטערען און שטיצען דראַמאַטישע גרופּעס ביי די ברענטשעס. אויף דעם געביט צייכענט זיך באַזונדערס אויס דער „אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער אָרדן". זיין צעטל אין ניו יאָרק אַליין: 10 כאָרען מיט 400 זינגער; פינף דראַמאַטישע גרופּעס, אַ מאַנדאָלין־אָרקעסטער.

פאַר דער אויפקלערונג און דער אונטערהאַלטונג פון דער מיטגלידערשאַפט אין די ווינטער־חדשים שיקען די אָרדנס אַרויס איבער ניו יאָרק און אויף טורען איבער דער פּראָווינץ: שריפטשטעלער, לעקטאָרען, דעקלאַמאַטאָרס און גאַנצע שפּילער־אַנסאַמבלען.

פאַר קולטור־קעמערלעך, וואו מען לעבט זיך אויס אין אידיש, דאַרפען אויך פאַררעכענט ווערען די פרויען־ברענטשעס אָדער די פרויען־קלובען פון די אָרדנס. — לכתחילה זיינען זיי געווען די „לעידיס אָקזילעריס" ביי די אָרדן־ברענטשעס, וואָס פלעגען אַרויסהעלפען די מענער אין זייערע אונטערנעמונגען. האָט מען זיך אַרומגעזעהן, אַז אַ גרויסע עולה געשעט די פרויען: גערעדט, ווען די מענער האַלטען אָפּ זייערע מיטינגען — אין די אָווענטען — זיינען זיי באַשעפטיגט אַרום הויז, אַרום די קינדער. און רייסען זיי אָפּ אַ פרייע שעה, פאַלען זיי אַריין צו מענערשע ביזנעס, וואָס האָבען פאַר פרויען קיין שום אינטערעס ניט. האָט מען באַשלאָסען, אום צו פאַרגרעסערען זייער אַקטיווע באַטייליגונג אין אָרדן, צו אָרגאַניזירען זיי זעלבסשטענדיג אין קלובען; און עס איז אויסגעפונען געוואָרען, אַז דער בעסטער מיטל זיי צוזאַמענצוברייגען און צוזאַמענצוהאַלטען איז קולטור־אונטערהאַלטונג, אויפקלערונג אין פראַגען, וואָס האָבען אַ שייכות צו דער סאָציאַלער לאַגע פון דער פרוי אָדער קינדער־היגיענע. קומען זיי זיך צונויף אויף מיטינגען, ווען זיי האָבען די פרייסטע צייט — אין די נאָכמיטאָגען; אַ בוך ווערט פאָרגעלייענט; אַמאָל ווערט אַ שריפטשטעלער סיסטעמאַטיש שטודירט, אָדער אַ פרויען־פראַגע דיסקוטירט. מיט גרויס חשק טוען זיי די אַרבעט פון ליטעראַטור־פאַרשפּרייטונג און שולען־אונטערשטיצונג. גראַדענווייז ווערען זיי אַריינגעצויגען אין אַלץ ברייטערע טעטיקייטען — מערסטענס רעליף־טעטיקייטען — וואָס ווערען זיי אויפגעגעבען.

ביים אַרבעטער רינג איז פון אָנפאַנג אפילו געווען אַ טענדענץ צו אָרגאַניזירען די פרויען אין „פול־פלעדזשד" ברענטשעס — פונקט ווי די מענער, מיט אַלע בענעפיטס. און ער האָט געהאַט 15 אַזעלכע פרויען־ברענטשעס; דערנאָך האָט ער עס אויפגעגעבען — איצט האָט ער נישט מעהר ווי 5 אַזעלכע ברענטשעס איבער׳ן לאַנד — פון זיי בלויז איינעם אין ניו יאָרק. זייט 1929 ווערען פרויען ביים אַרבעטער רינג אָרגאַניזירט אין האַלב־ברענטש האַלב־קולטור־קלוב, וואָס דער איינציגער בענעפיט, וואָס זיי ציהען, איז 100 דאָלער טויטען בענעפיט; און אָפט דאָס אויך ניט. קליינע בענעפיטס גיבען זיי זיך אַליין — דורך אָפּשפּאָרעניש. און דאָך זיינען זיי אַקטיוו — אין זעלבסט־בילדונג, שול־אַרבעט און רעליף.

אַזעלכע פרויען קלובען־ברענטשעס האָט דער אַרבעטער רינג איבער׳ן לאַנד — 80; פון זיי אין ניו יאָרק — 63; די צאָהל ניו יאָרקער קלובען ביים אינטערנאַציאָנאַלען אָרדן איז צווישען 40 און 50; ביים פאַרבאַנד — 10.

די אָרדנס זיינען אַפּאַראַטען פאַר קולטור־אויסלעבונג אין אידיש — פריהער פון אַלץ פאַרשטעהט זיך, פאַר דער באַדינונג פון זייער מיטגלידערשאַפט. אָבער זיי ווילען ניט יוצא זיין מיט זייער מיטגלידערשאַפט אַליין. לעצטענס האָבען זיי זיך גענומען באַטראַכטען פאַר קולטור־אָרגאַנען פון דער גאַנצער פאָלקס־מאַסע, ווארום איז דען ניט זייער מיטגלידערשאַפט אַ טייל פון איהר? נו, זאָל זיין מיט דער ווייטערער אויסרעכענונג, אַז הויבענדיג זייער פרעסטיזש, וועלען זיי צוציהען צו זיך מער פאָלקס מאַסע — אַזאַ חשבון איז אויך קיין חטא ניט!

אָט שפּרייטען זיי אויס זייער פארלעגערישע טעטיגקייט איבער די גרעניצען פון דירעקטען אָרדן־דינסט אין שול־דינסט. אַ חוץ זייער אייגענע חודש׳לעכע אָרדן־זשורנאַלען — „דער פריינד" פון אַרבעטער רינג, „די אידישע אַרבעטער שטימע" פון פאַרבאַנד; און אַ חוץ די פּעדאַגאָגישע אויסגאַבעס — ווערען זיי די אַרויסגעבער און פאַרשפּרייטער פון ליטעראַטור לשמה.

אויך דער אַרבעטער רינג האָט ביז אַהער מיט חשק אַרויסגעגעבן איינצעלנע פּאָעטען, אונטער דעם אויסרייד, אַז זייערע ווערק זיינען גוטער לעזע־שטאָף פאַר דער שול און דעם אָרדן מיטגלידערשאַפט ; אָבער אָט האָט דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער אָרדן געוויזען אַביישפּיל פון אַ ברייטערער פאַרלעגערישער אונטערנעהמונג, וואָס ווי דער כלל איז ביי די אָרדנס, וועט ער אין גיכען נאָכגעפאָלגט ווערען פון די אַנדערע צוויי : ער האָט אין 1937 געגרינדעט אַ „קאָאָפּעראַטיווען פאָלקס־פאַרלאַג”, וואָס גיט אַרויס רעגולער ווערק פון געזעלשאַפטליכען און אַלגעמיינעם ליטעראַטור כאַראַקטער — פון שריפטשטעלער, אַלטע און אַנערקענטע און נאָך גאָר יונגע, שטיצענדיג זיך אויף אבאנימענטען וואָס ווערען טיילווייז אין פאַראויס איינגעצאָהלט און וואָס ביז אין מיטען 1938 האָט ער שוין 1,100 אַזעלכע פאַרקויפט צווישען זיינע מיטגלידער. דער ציל איז צו דערגרייכען 10,000 אבאָנענטען, וואָס זאָלען זיך פאַרפליכטען אין פאַרלויף פון צוויי יאָהר צו קויפען לכל הפחות פיער ביכער.

אַ חוץ זיינע אייגענע אויסגאַבעס, האָט דער „קאָאָפּעראַטיווער פאַרלאַג” פאַרקויפט צווישען דער אָרדן־מיטגלידערשאַפט ביז 8־9 טויזענט קאָפּיעס פון דער „פרייהייט’ס” פאָלקס־אויסגאַבע פון די צוויי קלאַסיקער, שלום עליכם און י. ל. פּרץ. וועט מען זאָגען די „פרייהייט” איז אַן אייגענע צייטונג. אָבער אָט האָט דער פאַרלאַג פאַרשפּרייט צו הונדערטער קאָפּיעס פון די דריי יעהרליכע „זאַמעלביכער”, וואָס ווערען אַרויסגעגעבן פון ניט אַזעלכע „אייגענע” — דער בעלעטריסט יוסף אָפּאָטאשו און דער פּאָעט ה. לייוויק — דאָס אַלץ אַ חוץ דעם פּערמאַנענטען ליטעראַטור־פאַרקויף, וואָס ווערט דורכגעפיהרט אין די אָרדן־ברענטשעס און דורך וועלכען צענדליקער טויזנטער קאָפּיעס פון פּאַמפלעטען ווערען דורכ’ן יאָהר פאַרשפּרייט.

די אָרימע לייט פון די אָרדן־לאַנדסמאַנשאַפטען טוען עס ! און די לאַנדסמאַנשאַפטען פון אַלע אָרדנס שטרענגען זיך גאַנץ אָפט אָן אַרויסצוגעבן ליטעראַטור־ווערק — מיט פאָרצוג פאַר ווערק פון שריפטשטעלער, וואָס שטאַמען פון זייערע היים־שטעט. יעדער אונטערנעמערישער שריפטשטעלער קאָן זיך ווענדען צו דער לאַנדסמאַנשאַפט פון זיין היים־שטאָט, זי זאָל אים אַרויסגעבן, און ער וועט עס ביי איהר פועל’ען. דאָס איז ניט קיין קלייניקייט אין אַ צייט, ווען דער אידישער ביכער־מאַרק איז אַזוי געשלאָגען. זייט דער קריזיס האָט אָפּגעשטעלט די אַרבעט פון די פּריוואַטע פאַרלאַגען אין אַמעריקע, זיינען די לאַנדסמאַנשאַפט און דער אָרדן, וואָס שטיצט זיך אויף איהר, כמעט די איינציגע, וואָס זיינען פאַרלעגעריש טעטיג.

מיט איין וואָרט, די אָרדענס באַצוועקען צו ווערען בפועל ממש דאָס אידישע „קולטור־מיניסטעריום”, וואָס צוזאַמענגענומען זיינען זיי עס טיילווייז שוין איצט.

פון דעם אַלעמען איז געדרונגען, אַז די קולטור־באַוועגונג, וואָס האָט זיך אָנגעזאַמעלט אַרום דער דערציאונגטעטיקייט, וואָס איז אָנגעשפּאַרט אויף דער פאָלק־שול, וואָס אָנגעקלאַמערט אָן דער אָרדן לאַנדסמאַנשאַפט — די קולטור־באַוועגונג דעקט אַסך אַ גרעסערען שטח, ווי איהר באַזע, די פאָלק־שול. — די קוואַליטאַטיווע וואָג פון דער פאָלק־שול איבערשטייגט פיעל מעהר איהר קוואַנטיטאַטיווען אויסדרוק אין דער ציפער 21,000 — די צאָהל קינדער, וואָס די פאָלק־שול האָט דערגרייכט דאָ אין לאַנד. ווען מען זאָל צו דער מיטגלידערשאַפט פון די דריי אַרבעטער אָרדנס צורעכענען די זעלבשטענדיגע שול־סיסטעמען פון די דריי שלום עליכם פאָלק־אינסטיטוטען, וואָס האָבען זיך אָרגאַניזירט לויטען אָרדן־מוסטער, און די אַזוי גערופענע באָראָכאָוושולען פון לינקע פועלי ציון — קאָן מען שאַצען, אַז די קולטור־טעטיקייט, וואָס ציהט איהר יניקה פון דער פאָלק־שול, שפּייזט אידייאיש, דירעקט צי אינדירעקט, צען מאָל אַזויפיל דערוואַקסענע ווי קינדער.

.14

דער באַדייט פון דער אידייאיזירטער, סאָציאַל אויפגעוועקטער לאַנדסמאַנשאַפט, שעפּט זיך ניט אויס מיט איהר ראָלע אַלס קולטור־פאַרשפּרייטערין. אין איהר טאָפּלטען כאַראַקטער : — אַ קעמערל, וואו עס הויזט אין מיניאַטור דאָס גאַנצע אידישע פאָלק פון גאָר דער וועלט; און גלייכצייטיג אַ קעמערל, וואָס איז אָפען פאַר אידייאישע לופט־צוגען — איז איהר באַשערט געווען צו געבען אַ נייע ווענדונג דער היגער אידישער געזעלשאַפטליכקייט. אין די ערשטע חורבן־יאָהרען דורכ’ן רעליף איז עס געשעהען. — מיר וויסען שוין :

דער סוף פון דער מלחמה האָט ניט פאַרענדיגט די מלחמה פאַר די אידען פון מזרח־אייראָפּא — זי האָט זיך אַריבערגעטראָגען פון שלאַכט־פעלד אין זייערע שטעט און שטעטלעך, צו די שוועלען פון זייערע היימען, אין זייערע היימען אַריין. און אָט די היים־מלחמה האָט איינגעמאָנט פון אידען ניט וויניגער, נאָך מער קרבנות אין מענטשען־לעבענס, ווי דאָס שלאַכטפעלד. נאָך ערגער : דער סוף פון דער מלחמה איז געווען דער אָנהויב פון אַ קאַטאַסטראָפע, וואָס האָט ביי די לעבעדיגע אַוועקגענומען אַלע מיטלען צום לעבען — אַ קאַטאַסטראָפע, וואָס איינמאָל האָט זי זיך אָנגעהויבען, האָט זי גאָר קיין סוף ניט געוואָלט נעמען — אַרויסזעצענדיג מיליאָנען אידען פון זייערע איינגעזעסענע פּאָזיציעס, איידער זיי האָבען זיך געקאָנט אָנקלאַמערען אָן נייע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס.

אין סאָוועט־רוסלאַנד, נאָך באַלד אַ צעהנדליג יאָהר נאָכווייענישען פון חורבן, האָט די קאַטאַסטראָפע פאָרט גענומען אַ סוף, ווען הונדערטער טויזענטער רעאַביליטאַציעפּייאיגע אידען זיינען אַריינגעצויגען געוואָרען אין דעם פּראָצעס פון סאָציאַלען איבערבוי, אין דער קאָלעקטיוויסטישער אינדוסטריאַליזאַציע און אַגריקולטוריזאַציע. און בזכות זיי קאָן שוין דער רעשט — די צעבראָכענע מענטשען־שערבלעך, די אַלטע לייט — אויך לעבען. און עופ’עלעך און קינדער זיינען דאָך די גליקלעכסטע בירגער אין סאָוועטן־רוסלאַנד. אין די מדינות, וואָס גרעניצען זיך מיט סאָוועט־רוסלאַנד

— גאָר ספּעציעל, אין פּוילן — וואו די אַרויסזעצונג פון די אידען פון זייערע אַלטע פּאָזיציעס ווערט ניט באַגלייט מיט קיין שום איבערבוי, נאָר די מיטעל־קלאַסען און די רעגירונג טרייבען אַ באַוואוסטזיניקע פּאָליטיק די אידען אַרויסצוזעצען און איבריג צו מאַכען — דאָרט ווערט דער חורבן פון יאָהר צו יאָהר אַלץ גרעסער. — און ווען די קאַטאַסטראָפע האָט זיך אַ רוק געטאָן ווייטער צו מערב, צו צענטראַל־אייראָפּאַ, וואו די רעגירונגען, איצט די איין היטלער־רעגירונג פון דייטשלאַנד און עסטרייך זוכט אַריינצופּרעסען אין איינע עטליכע יאָהר, וואָס נעמט דער פּוילישער רעגירונג שוין באַלד 20 יאָהר — לאָזט דער חורבן איבער די אידען נאָר צוויי ברירות: אָדער טויט אָדער אויסוואַנדערונג. איז צום טויט העלפט די רעגירונג, און צו אויסוואַנדערונג מאַכט זי שטערונגען. כדי וואָס מעהר צו פאַרדינען אָן איהר.

אָט די נאָך־מלחמה־קאַטאַסטראָפע, וואָס האָט פאַר אידען אין אייראָפּאַ נאָר איין ליכטיגע עפענונג — זייער איבערבוי דורך דער סאָוועט־רעגירונג, ווי אַ טייל פון דער איבערבוי, וואָס זי האָט אונטערגענומען פאַר'ן גאַנצען לאַנד — האָט זיך אָפּגערופען אויף דער היגער פאָלקס־מאַסע מיט צוויי עפעקטען: — איין עפעקט, דער פּאָליטישער, גענויער דער סאָציאַל־אידייאישער, וואָס האָט זיך דערלאַנגט פון דער סאָוועט־רעגירונג — די נייע תורה, די באַנייטע סאָציאַלע אמונה, וואָס האָט פאַרכאַפּט אַ היפּשען טייל פון דער היגער אידישער פאָלקס־מאַסע, וואָס איין וויכטיגען רעזולטאַט איהרען, דעם ניי־אויפגעקומענעם אַרבעטער אָרדן, האָבען מיר שוין אַרומגערעדט. דער צווייטער, נאָך שטאַרקערער עפעקט, דער נאַציאָנאַל־עקאָנאָמישער האָט זיך דערלאַנגט פון אידישען חורבן; ער האָט פאַרכאַפּט כמעט די גאַנצע אידישע פאָלקס־מאַסע דאָ, מיט איהר פאָלקסטימליכסטער אָרגאַניזאַציע — די לאַנדסמאַנשאַפט. פינף־זעקס נייע אָרגאַניזאַציעס זיינען אויפגעקומען מיט די לאַנדסמאַנשאַפטען, אַלס זייער הויפּט־באַשטאַנד־טייל.

צוויי פאַקטאָרען האָבען דאָ געווירקט: ניט נאָר חורבן איז געווען, נאָר די טויערען פון אַמעריקע זיינען פאַרשפּאַרט געוואָרען, פאַרשטעלענדיג דעם וועג אויף צו ראַטעווען זיך, ווי אידען האָבען זיך געראַטעוועט נאָך די פּאָגראָמען פון די אַכציגער יאָהרען און נאָך די פּאָגראָמען, וואָס האָבען באַגלייט די רעוואָלוציע פון 1905. ווען ניט די פאַרשפּאַרונג פון טויערען, וואָלט אַ העלפט פון די געטראָפענע פון חורבן זיך אַהער אַריבערגעקליבען, און די אידישע פאָלקס מאַסע דאָ וואָלט אָנגעשטרענגט אַלע איהרע כוחות צו העלפען איהרע נאָהענטע זיך ראַטעווען. איז לית ברירה דער רעטונגס־דראַנג אויסגעלאָפען אין רעליף־טעטיקייט פאַר די פאַראומגליקטע ברידער פון מעבר לים.

די לאַנדסמאַנשאַפט מאַכט דורך אַ צווייטען העראָאישען פעריאָד. איהר ערשטער העראָאישער אויפטריט איז געווען, ווען זי — די לאַנדסמאַנשאַפט, ספּעציעל די אידייאישע לאַנדסמאַנשאַפט — האָט זיך מקריב געווען פאַר די פּליטים פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע. — איצט איז יעדע לאַנדסמאַנשאַפט, אָן אונטערשייד, אידייאישע, ניט אידייאישע, פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַ רעטונג־סטאַנציע, וואָס האָט געשטרעקט הילף איבער ימים און לענדער — אַ רעליף־סטאַנציע פון אַ מהלך. די הערצער האָבען מיטגעבלוטיגט, און אונטער דעם שטויס פון מיטבלוטיגענדיגען מיטלייד, ווערען אַלטע, כמעט געשטאָרבענע לאַנדסמאַנשאַפטען אויפגעלעבט: ס'גרינדען זיך נייע לאַנדסמאַנשאַפטען ספּעציעל פאַר רעליף־צוועקען. לאַנדסמאַנשאַפטען פאַראייניגען זיך — אידייאישע מיט ניט אידייאישע — אין רעליף קאָמיטעטען צו ראַטעווען זייערע שטעט. קרובים שיקען צו קרובים, משפחות צו משפחות, און געמיינשאַפטליך געזאַמעלטע סומען ווערען געשיקט צו די שטעט. — שטעט זיינען צעשטערט געווען, די באַפעלקערונג צעזייט און צעשפּרייט, און אָפט איז אפילו קיין מיטעל ניט געווען ווי צו קאָמוניקירען זיך מיט קרובים און שטאָט־לייט; און אויף דער פּאָסט, וועלכע האָט סיי ווי רעגולער ניט געאַרבעט, איז אוממעגליך געווען צו פאַרלאָזען זיך, זי זאָל די אַדרעסאַטען געפינען. פלעגען די פּריוואַטע און קהל'שע געלדער פון די רעליף־קאָמיטעס אָנפאַרטרויט ווערען צו דעלעגאַטען, וועלכע פלעגען זיך לאָזען אויף מסירת נפש די פאַרלאָרענע אויסצוזוכען און צונויפצונעמען. — מען שאַצט, אַז די סומע, וואָס איז אין יענע ערשטע נאָך־מלחמה יאָהרען אויף אַזאַ אופן אַריבערגעשיקט געוואָרען דורך די לאַנדסמאַנשאַפטליכע רעליף־קאָמיטעס, שטייגט פיעל מאָל אַריבער די מיליאָנען, וואָס די גרויסע פילאַנטראָפּישע אָרגאַניזאַציע, די „דזשוינט דיסטריביושאָן קאָמיטע", וואָס איז ספּעציעל פאַר דעם צוועק געגרינדעט געוואָרען, האָט דורך איהרע מעהר סיסטעמאַטישע מעטאָדען פאַרטיילט אין די טעריטאָריעס פון חורבן.

אָבער וועגען אָט דער בשותפות רעליף־אַרבעט פון די אידייאישע אָרדן לאַנדסמאַנשאַפטען מיט די אומאָפּהענגיגע לאַנדסמאַנשאַפטען, און וועגען דער ראָלע פון זייערע רעליף שליחים, די „אַמעריקאַנער דעלעגאַטען", וועט אונז נאָך אויסקומען צו ריידען. דאָ וועלען מיר זיך בלויז אָפּשטעלען אויף אַ ספּעציעלען דינסט און פאַרדינסט פון דער אידייאישער לאַנדסמאַנשאַפט פאַר דער אידישער פאָלקס־אָרגאַניזירונג אין אַמעריקע.

אונטער דעם שטורעם און דראַנג פון רעליף זיינען די אידייאישע לאַנדסמאַנשאַפטען צוגעפלאָסען צום אַרבעטער אָרדן — גאָר ספּעציעל צום אַרבעטער רינג, וועלכער האָט דורך דעם אין יענע יאָהרען (1925-1926) געהאַט זיין גרעסטען געווינס אין מיטגלידערשאַפט, דערגרייכענדיג זיין מאַקסימום פון 85,000 אין 1925. דורך דעם אַרבעטער אָרדן האָט די אידייאישע לאַנדסמאַנשאַפט דערפילט אַ פונקציע, וואָס האָט אין רעזולטאַט געגעבען אַ נייע אָריענטאַציע דער אידישער געזעלשאַפטליכער אַרבעט אין אַמעריקע, וואָס מיר וועלען זי באַצייכענען אַלס די אידיזירונג פון דער אידישער געזעלשאַפטליכקייט.

(דאָס איז די דריטע שטופע אין דעם פּראָצעס פון אידיזירונג: — איהר ערשטע שטופע אין ערשטען יאָהר צעהנ־

דליק איז געווען: די אידיזירונג פון דער אידישער ליטעראַטור. איהר צווייטע שטופּע אין צווייטען יאָהרצענדליק, דורך דער פאָלק־שול, איז געווען די אידיזירונג פון דער אידישער קולטור. איז אונטערגעקומען אין דריטען יאָהרצענדליק די אידיזירונג פון דער געזעלשאַפטליכקייט.)

עס איז אייגענטליך קיין אידישע געזעלשאַפטליכע אַרבעט ביז דעמאָלט ניט געווען. עס זיינען געווען אידישע פּראָטעסטען קעגען קעשענעווער פּאָגראָם און קעגען רדיפות אויף אידען בכלל. עס זיינען געווען אידישע טריאומף־מיטינגען צוליב דער געהאָפטער ישועה פאַר אידען דורך דער רוסישער רעוואָלוציע פון 1905 (וואָס האָבען שפּעטער אין 1917 זיך איבערגע׳חזר׳ט לכבוד דער קערענסקי־רעגירונג). עס איז געווען ששון ושמחה, ווען די יונייטעד סטייטס רעגירונג, אונטער פּרעזידענט טעפט, האָט אָפּגעבראָכען דעם האַנדעל־אָפּמאַך מיט דער צאַרישער רעגירונג איבער דיסקרימינאַציע קעגען אַמעריקאַנער אידישע בירגער. אָבער אַמעריקאַנער אידען זאָלען זיך אַליין שטעלען אַ גרויסען אידישען ציל און סיסטעמאַטיש אַרבעטען פאַר דעם — דאָס איז ניט געווען.

יאָ, עס איז געווען שטיצע צום „בונד״, הויפּטזעכליך אויף זעלבסטשוץ, און די אַנדערע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען פאַר זייער גוטע אַרבעט לטובת אידישע אַרבעטער און אידען בכלל. — איז עס געווען בתורת אויפמונטערונג: זיי זאָלען טאָן די גוטע אַרבעט, ניט די אַמעריקאַנער אידען. און עס איז געווען ציוניזם, אין וועלכען אַ געוויסער טייל פון די אַמעריקאַנער אידען זיינען געווען אַריינגעטאָן. איז ערשטענס דער ציוניזם נאָך דעמאָלס געווען מעהר טעאָריע ווי פאַקט. די אידישע מדינה איז געווען צוקונפט־מוזיק. צווייטענס, אין ציוניזם האָבען אַמעריקאַנער אידען זיך באַטייליגט צוגלייך מיט אידען אין אַנדערע לענדער — ניט זיי זיינען געווען די איניציאַטאָרס און עס איז ניט געווען קיין ריין אַמעריקאַנישע אונטערנעהמונג.

ערשט מיט דעם נאָך־מלחמה־רעליף איז עס געקומען. אַמעריקאַנער אידען — אידישע פאָלקס־מאַסע האָבען גענומען די איניציאַטיוו אין אַ גרויסער אידישער אונטערנעהמונג און האָבען זי דורכגעזעצט.

די רעליף מאַשינעריע, וואָס די אַמעריקאַנער אידען האָבען דעמאָלט אויפגעבויט — די דזשוינט דיסטריביושאָן קאָמיטע — איז צונויפגעשטעלט געווען פון דריי רעליף־קאָמיטעס: די „פּיפּלס רעליף״, וואָס האָט רעפּרעזענטירט די אַרבעטער אָרגאַניזאַציעס; די „סענטראַל רעליף״, וואָס האַט רעפּרעזענטירט די אָרטאָדאָקסיע, און די „אַמעריקען רעליף״, וואָס האָט רעפּרעזענטירט די רייכע אידישע פילאַנטראָפּיע, איז דאָס געווען די „פּיפּלס רעליף קאָמיטע״, וואָס האָט אַרויסגעשטעלט די פאָדערונג, און איז באַשטאַנען אויף איהר און זי דורכגעזעצט דורך דער „דזשוינט״ — אַז די הילף זאָל זיין ניט קיין פילאַנטראָפּישע, נאָר אַ קאָנסטרוקטיווע; ניט קיין צייטווייליגע אָפּהילף פון נויט, נאָר אַ גרינטליכער איבערבוי אויף דער דויער. און די „פּיפּלס רעליף״ איז אַנגעשפּאַרט געווען אויף דער אידייאישער לאַנדסמאַנשאַפט. נאָכדעם ווי די „פּיפּלס רעליף״ האָט זיך צענויפגעשמאָלצען מיט דער „דזשוינט״, זיינען אויפגעקומען אַ ריי אַנדערע פאָלקס־אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבען די אַרבעטער אָרדנס פאַר זייער הויפּט־שטיצע—דער אַמעריקאַנער אָפּטייל פון „אָרט״, דער „געווערקשאַפטען קאַמפּיין פאַר ארץ ישראל״, דער „איקאָר״, וואָס אַלע דריי צוזאַמען זיינען זיי אָנגעשטעלט צום אידישען איבערבוי אויף אַ וועלט־מאַסשטאַב.

און אָפּענטפּערענדיג אויפן שטייגענדיגען אידישען אַלוועלט־געפיל ביי דער פאָלקס־מאַסע, זיינען פּאַראַלעל מיט די אָרגאַניזאַציעס פאַר קאָנסטרוקטיווען רעליף, אויפגעקומען עטלעכע אָרגאַניזאַציעס פאַר פּאָליטישער אַקציע לטובת די אידען אין די חורבן־לענדער — אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבען געהאַט פּאַראַלעלע כוונות — איבערצוגיין, אַזוי צו זאָגען, פון פילאַנטראָפּישער פּאָליטיק צו קאָנסטרוקטיווער פּאָליטיק; ניט אָפּקומען מיט צייטווייליגער אָפּהילף, צו פאַריכטען וואו עס איז צו שטאַרק קאַליע געוואָרען — נאָר גרינטלעך איבערצובויען דעם פּאָליטישען סטאַטוס פון די אידען אין די לענדער פון די רדיפות.

די ערשטע אָרגאַניזאַציע פון דעם כאַראַקטער איז געווען דער „אַמעריקאַנער אידישער קאָנגרעס״, וועלכער איז אויפגעבויט געוואָרען אין די שלוס־יאָהרען פון דער וועלט־מלחמה, אין צוגרייטונג צו דער פרידענס־קאָנפערענץ. מען קאָן ניט זאָגען, אַז דער פאַרבאַנד און די פּועלי ציון זיינען געווען די איניציאַטאָרס פון דער אידייע, אָבער דעם הויפּטחלק פון דער אָרגאַניזיר־אַרבעט האָבען זיי אויף זיך דורכגעטראָגען.

די סאָציאַליסטישע גרופּירונג אַרום אַרבעטער רינג איז צום אידישען קאָנגרעס ניט צוגעשטאַנען. און כדי ניט איבערצולאָזען די גאַנצע אידישע פּאָליטיק צום אידישען קאָנגרעס, האָבען די זעלביגע פירער, וואָס האָבען שפּעטער אַרויפגעאַרבעט דעם אַמעריקאַנעם „אָרט״, געגרינדעט דעם „אידישען אַרבעטער קאָמיטעט״.

די לינקערע גרופּירונג אַרום „אינט. אַרבעטער אָרדען״ האָט מיט די זעלביגע צוועקען געגרינדעט דעם „אידישען פאָלקס־קאָמיטעט״, וועלכער האַלט כסדר גרייט אַן אָנבאָט פון אַ פאַראייניגטען פראָנט סיי צום „אידישען קאָנגרעס״ און סיי צום „אידישען אַרבעטער קאָמיטעט״.

גאָר לעצטענס זיינען צוגעקומען קולטור־אָרגאַניזאַציעס — דער „איקוף״ — פון לינקען פאַראייניגטען קולטור־פראָנט — און די „ציקאָ״ — פון רעכטען פאַראייניגטען קולטור־פראָנט. און די אַלע אויסגערעכענטע אָרגאַניזאַציעס — די פּאָליטישע ווי די קולטורעלע — האָבען די אידייאישע לאַנדסמאַנשאַפט, דורכ׳ן אַרבעטער אָרדן, פאַר זייער הויפּט־אָנשפּאַר. אויב אפילו זי איז ניט די ערשטע אויפצוכאַפּען אַ פרוכטבאַרע סאָציאַלע אידייע — די ריין אידייאישע גרופּע איז דעראיין פלינקער פון איהר — איז זי אָבער די ערשטע צו דערטראָגען די אידייע צו דער פאָלקס־מאַסע.

אָבער פאַרוואָס צושרייבן די אַלע פאַרדינסטען דעם אָרדן און דער לאַנדסמאַנשאַפט? דער אימפּולס צו דער אויסגעברייטערטער אידישער געזעלשאַפטליכקייט האָט ניט געקאָנט קומען ניט פון די פּאָליטישע פּאַרטייען און ניט פון די אידישע יוניאָנס. א ראיה האָבען מיר, אַז די אידישע סאָציאַליסטישע סעקציעס האָבען קיינמאָל ניט געוואוסט און ווייסען נאָך עד היום ניט פון ספּעציעלע אידישע פּראָבלעמען.

נו, האָט פּאַסירט, אַז דיזעלביגע סאָציאַליסטישע פירער, בלייבענדיג אין זייער אַמעריקאַנער פּאַרטיי דאָס וואָס זיי זיינען געווען: אידען וואָס ווייסען ניט, אַז עס איז דאָ, אַ אידיש פאָלק — האָבען זיי אויסער דער פּאַרטיי, אין קאָנסטרוקטיווע רעליף, פּראַקטיש זיך דערהויבען צום אַלוועלטלעכען בליק אויפ'ן אידישען פאָלק; און עס האָט געהייסען, אַז זיי האָבען עס נאָכגעצויגען נאָך זיך די פירערשאַפט פון אַרבעטער־אָרדן. אין דער אמת'ן אָבער זיינען די און יענע געשטויסען געוואָרען פון דער ברייטער מיטגלידערשאַפט פון אָרדן.

(פאַראַן נאָר איין פּאַרטיי, וואָס איז האַלבוועגס אַזאַ אַלוועלטליכע אידישע פּאַרטיי — די פּועלי ציון. נאָר האַלבוועגס, ווייל דער ציל איז ארץ ישראל. און אין די גלות לענדער טוט מען נאָר אַ האַלבע אַרבעט, די גאַנצע אַרבעט איז פאַר ארץ ישראל.)

דאָסזעלביגע גילט אויך פאַר די אידישע יוניאָנס. קיין אידישע פּראָבלעמען עקזיסטירען נאָך אַלץ ניט פאַר זיי. און ווען אין די לעצטע יאָהרען איז פּאָרט געלונגען אַריינצוציען די אידישע יוניאָנס אין אַ ברייטער אונטערשטיצונג פון „אָרט", „אַרבעטער־קאָמיטעט", „פאָלקס־קאָמיטעט", וואָס גיבען זיך אָפּ מיט עקאָנאָמישער און פּאָליטישער הילף צו די אידישע מאַסען אויף יענער זייט ים, און זיי גיבען היפּשע ביישטייערונגען צו די יעהרליכע קאַמפּיינס פאַר דער אַרבעטערשאַפט אין ארץ ישראל — פרייגיביג זיינען זיי די אידישע יוניאָנס! — איז עס דערפאַר, ווייל דער אינטערעס צו די דאָזיגע הילף־אַקציעס איז זיי אונטערגעטראָגען געוואָרען.

אגב, צוליב זייער איצטיגער געמישטער מיטגלידערשאַפט, קאָנען זיי גאָר ניט אָפיציעל, אָפען און דירעקט, נעמען אַ האַנט אין די אַלע אידישע טעטיקייטען: מוזען עס טאָן אינדירעקט און אומאָפיציעל — דורך דעלעגירען זייערע פאָרשטייער כלמר'שט אַלס יחידים, ניט אַלס פאַרטרעטער פון די יוניאָנס.

איז ניט די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, ניט די יוניאָן — ווער זשע דען? איז'ס געווען די אידייאישע לאַנדסמאַנשאַפט, וואָס האָט דורך דעם אַרבעטער אָרדען געפּרעסט אויף די סאָציאַליסטישע פירער אַריבערשפּרייזען זייער טעאָרעטישע באַגרעניצטקייט. די אידייאישע לאַנדסמאַנשאַפט איז ווי אַ רעהר, דורך וועלכער עס זויגען זיך דורך איינפלוסען, אומגעשטערט פון טעאָריען. הגם יעדע פון זיי איז צוגעקניפּט מיט'ן געפיל צו אַ באַזונדערער היים־שטאָט און באַזונדערען היים־לאַנד, אָבער פאַראייניגטע אין אַן אָרדן, וואָס האָט אין זייער אַלעמענס נאָמען אויסגעשטרעקט אַ העלפענדיגע האַנט פון מעבר לים צו זייערע אַלעמענס שטעט און לענדער; אַריינגעקלעמטע צווישען גרויסען אידישען חורבן, וואָס האָט קיין אָפּשטעל ניט געמאַכט ביי די גרעניצען פון שטעט און לענדער, און דעם רעטונגסדראַנג, וואָס איז אָנגעקוואָלען אין זייערע הערצער — האָבען די לאַנדסמאַנשאַפטען אין זייער מיטגעפיהל אויך אָפּגעווישט אַלע גרעניצען.

די מעבר־לים־פּאָזיציע פון אַמעריקע, אַקעגען וועלכער אַלע אידישע לענדער זיינען ווי איין לאַנד; די רעטענדיגע ראָלע פון דער אידישער אַמעריקע, וועלכע האָט געטראָגען רעטונג אין יעדען לאַנד, וואו זי איז נויטיג געווען, אָן אונטערשייד; די שפּאַנונג פון גורל'דיגען מאָמענט — האָבען געגעבען געבורט צום אידישען אַל־וועלט־געפיל, וואָס דורכלויפענדיג דורך דער אידייאישער, סאָציאַליסטיש געשטימטער לאַנדסמאַנשאַפט, האָט ער געפונען זיין ערשטע פאַרקערפּערונג אין קאָנסטרוקטיווען רעליף, וואָס פאַרמאָגט זיך מעהר ווי אויף רעליף — צום אומעטומעטיגען, אַלזייטיגען איבערבוי פון אַבנאָרמאַלען אידישען לעבענס־רעזשים.

## .15

עס איז אפשר ניט קיין יושר, וואָס מיר האָבען אַזויפיעל זיך פאַרנומען מיט דער לאַנדסמאַנשאַפט, וואָס האָט זיך אַריינגעקליבען אין אָרדן — ניט קיין יושר אנקעגען דער פיעל מאָל גרעסערער צאָהל לאַנדסמאַנשאַפטען, וואָס בלייבען דרויסן פון אָרדען. סך הכל וויפיעל קאָנען מיר אָנציילען אָרדן־לאַנדסמאַנשאַפטען אין ניו יאָרק? — דער חשבון אומגעפער וועט זיין אַזוי: — ביים אַרבעטער רינג 175, ביים אינטערנאַציאָנאַלען אָרדן 55, ביים נאַציאָנאַלען פאַרבאַנד 20. צוגעבענדיג נאָך 50 פאַר'ן „ברית אברהם" און „ברית שלום", וועלען מיר האָבען אַ קימא לן פון 300 לאַנדסמאַנשאַפטען. נו, די טאַבעלע, וואָס מיר האָבען אויבען, אין אַריינפיר, געבראַכט, פון דער אַנקעטע פון דער אידישער גרופּע ביים שרייבער־פּראָיעקט, רעכענט אָן איבער צוויי און אַ האַלבמאָל אַזוי פיל אין איין קאַטעגאָריע — 714 אָרדען־פרייע, ריינע לאַנדסמאַנשאַפטען. און צוגערעכענט די לאַנדסמאַנשאַפטען פון אַלע אַנדערע קאַטעגאָריעס — די „אנשים", שול חברות, פאַמיליען־קרייזען, פרויען און יוגענט פאַראיינען; צוגערעכענט די סתם בענעפיט־פאַראיינען — וועלען זיי געבען אַ סך הכל פון 3000.

איז פאַרוואָס קומט דער גאַנצער כבוד דער לאַנדסמאַנשאַפט, און דער בענעפיט־פאַראיין פאַרדינט ניט קיין אויפמערקזאַמקייט און דאַרף ניט געציילט ווערען? פאַראייניגען זיך דען בלויז לאַנדסלייט? אין פאָלקס־געברויך איז לאַנדסמאַנשאַפט אַ לויזער נאָמען, וואָס באַצייכענט אויך דעם בענעפיט־פאַראיין, און עס שיינט, אַז דער לויזער געברויך איז אַ באַרעכטיגטער — ווייל עס איז ווירקלעך ניטאָ קיין שאַרפע גרענעץ צווישען בענעפיט־פאַראיין און לאַנדסמאַנ־

שאַפט, ווי די דעפיניציע פון לאַנדסמאַנשאַפט וויל עס האָבן — אַז זי איז אַ פאַראיין פון בלויז לאַנדסלייט, פון אָנגעהעריגע צו איין היימשטאָט. דרויסען פון אָרדן, פונקט ווי אין אָרדן, דרינגען אין דער לאַנדסמאַנשאַפט אַריין „פרעמדע", און דאָס פסל'ט ניט די לאַנדסמאַנשאַפט: ווען די היימשטאָט רופט, רופט זיך די גאַנצע לאַנדסמאַנשאַפט אָפּ ווי איין מענטש — וואָס דאָס איז געשען אויף טריט און שריט אין רעליף־פעריאָד, ווי מיר וועלען עס באַלד זען. איז ווייבאַלד דער סתם־בענעפיט־פאַראיין איז פאַר'ן פאָלק, און גאַנץ אָפט אין פאַקט, אויך אַ לאַנדסמאַנשאַפט — איז פאַרוואָס־זשע אָפּגעבען דעם אויבענאָן דער לאַנדסמאַנשאַפט און דעם אויבען אָן פון אויבען אָן דער אידייאישער לאַנדסמאַנשאַפט? דער ענטפער אויף דער פראַגע איז שוין געגעבען געוואָרען: ווייל די אידייאישע לאַנדסמאַנשאַפט האָט זיך אַרויסגעשטעלט פאַר דער באַטאַרעע, וואָס זאַמעלט געזעלשאַפטליכע ענערגיע, וואָס דער אָרדן אָרגאַניזירט און איבערזעצט אין געזעלשאַפטליכע מעשים, וואָס לאָזען זיך אָנזען און איבערציילען.

אָבער אויך די לאַנדסמאַנשאַפטליכע בענעפיט־פאַראיינען באַזיצען פּאָטענציעלע געזעלשאַפטליכע ענערגיע, וואָס דאָס באַווייזען זיי סיי מיט זייער עקזיסטענץ אַליין, וועלכע איז גאָר ניט לייכט, און סיי מיט זייער גרויסער צאָל. צום גרעסטען טייל אָבער שטעלען זיי מיט זיך פאָר אַ צעשטויבטען געזעלשאַפטליכען כח, וואָס דאַרף ערשט אַרויסגעבראַכט ווערען מכח אַל הפועל. ווי זיי וואָלטען צוזאַמען באַלאַנגט צו אַן אומזיכטבאַרען אָרדען, וואָס דאַרף ערשט אָרגאַניזירט ווערען; און זיי ווייזען טאַקע אַ טענדענץ צו אָרגאַניזירען זיך אין וועלכער עס איז פאָרם.

זיי האָבען ווירקליך ניט קיין לייכטע עקזיסטענץ. דער אָרדען טהוט זעהר גוט דער לאַנדסמאַנשאַפט אָדער דעם בענעפיט־פאַראיין, וואָס טרעטען אין איהם אַריין. דער אָרדען גיט פירערשאַפט, גיט אידייען, גיט ריכטונג און דיסציפלין; ציט אַריין אין דערציאונגס־אַרבייט, אין געזעלשאַפטליכער טעטיגקייט. ער סאָציאַליזירט, אידיזירט, אַמעריקאַניזירט. און פריער פון אַלץ גיט ער דעם געזונטען פינאַנציעלען סיסטעם פון „פראַטוירנאַל רייטס", וואָס גאַראַנטירט די בענעפיטס.

און דאָס איז דאָך פריער פון אַלץ די אומגעזונטע עקאָנאָמיק פון „אַסעסמענטס", וואָס שלאָגט און פלאָגט דעם אַלטמאָדישען בענעפיט פאַראיין, וואָס בלייבט דרויסען פון אָרדען — אַלץ איינס, יאָ לאַנדסמאַנשאַפט, צי ניט לאַנדסמאַנשאַפט; מיט דעם פועל יוצא דערפון, וואָס דאָס איז מעהרסטענס געווען דער עלטערער אָדער מיטעליעהריגער פאַראיין, וואָס האָט זיך אָפּגעשטעלט דרויסען פון אָרדען. דער אינגערער פאַראיין, אָדער דער אינגערער עלעמענט פון פאַראיין, דערשמעקענדיג די זיך־אָנרוקענדע סכנה פון אַסעסמענט־סיסטעם, וואָס וועט וואַרפען די גאַנצע הוצאה אויף די שטאַרקערע פלייצעס, האָבען באַצייטענס זיך אָפּגעטראָגען צום אָרדען. אויך דער מיטגליד, וואָס האָט זיך אַרויפגעאַרבייט, אויב מען האָט איהם ניט אָפּגעגעבען דעם גאַנצען כבוד, האָט זיך אויך אָפּגעטראָגען פון פאַראיין. אויך דער געבילדעטער יונגערמאַן, ווען עס איז אפשר ניט אָנגעשטאַנען די „עם הארצות" פון זיין טאַטענס פאַראיין, איז אַוועק, סיידען ער איז געווען אַ פראָפעסיאָנאַל און האָט געהאַט קאַריעריסטישע אַמביציעס...

(איצט שוין ניט אַזוי; נאָר דאָ ווערט באַשריבען דער צושטאַנד, לאָמיר זאָגען פון פאַר 25 יאָהרען, ווען דאָס אַנטלויפען פון דער געבילדעטער יוגענט פון די בענעפיט־פאַראיינען איז געווען אַ סיסטעמאַטישע דערשיינונג).

און וויפיל עס איז נאָך געבליבען געזונט און קראַפט אין פאַראיין, שטייט דער אָרדען ווי אַ געפערליכער קאָנקורענט דאַנעבען, און לויערט עס אויסצוכאַפען. כסדר ער ווענדעט זיך מיט אויפרופען — דער עיקר, צום אינגערען ראַדיקאַלען עלעמענט אין פאַראיין — אויפרופען וואָס אַרגומענטירען גאַנץ איבערצייגענדיג, אַז די ראָלע פון די בענעפיט־פאַראיינען איז אויסגעשפילט: ראַטעוועט זיך אין אָרדען! — און דער אָרדען באַנוגענט זיך ניט מיט אויפרופען. יעדער אָרדען האָט אין בענעפיט־פאַראיין זיין פּאַטריאָט, וועלכער איז דער „צוהאַלטער" פון פאַראיין; און יעדער פּאַטריאָט האָט זיין גרופּע, וועלכע לאַווירט, „אינטריגירט", ציט דראַטען און וואַרט אויף איהר געלעגענהייט. און אַזוי גיך ווי איין גרופּע וועגט אַריבער, ווערט דער פאַראיין, אָדער די גרופּע, אַריינגעצויגען אין אָרדען.

אין רעזולטאַט פון דעם אַלעמען, אויב דער פאַראיין צעפאַלט זיך ניט, ווערט ער איינגעדאַרט; אויב עס איז אַ לאַנדסמאַנשאַפט, בלייבט פון איהר בלויז איהר שטאָט־נאָמען. איז טאַקע אַ וואונדער, וואָס אַזאַ גרויסע צאָל פון זיי האָבען זיך דערהאַלטען. עס זיינען נאָך מעהר אויסגעשטאָרבען, ווי געבליבען לעבען. די לעבען־געבליבענע זיינען געווען די שטאַרקסטע, די פייאיגסטע, וואָס האָבען זיך געקאָנט אַן עצה געבען.

פעריאָדיש, אומגעפער אַלע 10—15 יאָהר, פלעגט זיך איבער'חזר'ן דער קריזיס — אַ מגפה אויף די בענעפיט־פאַראיינען. אַזאַ קריזיס האָבען זיי דורכגעמאַכט אינמיטען פון צווייטען יאָהרצענדליג, בשעת דער וועלט־מלחמה. עס האָט זיך זיי געדוכט: אויס! און זיי האָבען ניט געוואוסט וועלכע שריט צו נעמען. האָבען זיי הונדערטוויז זיך אַוועקגעלייגט, גרייט צו שטאַרבען: איז געקומען די נאָך־מלחמה־קאַטאַסטראָפע, וועלכע איז פאַר די אידישע ישובים פון יענער זייט געווען נאָך ערגער ווי די מלחמה — און די בענעפיט־פאַראיינען דאָ זיינען אָפּגערופען געוואָרען צום לעבען.

ספּעציעל די לאַנדסמאַנשאַפטען. אפילו וואו נאָר אַ שטאָט־נאָמען איז פון איהר געבליבען, איז זי אָנגעלאָפען מיט מיטגלידערשאַפט; און שטעטלעך, וואָס וואָס האָבען קיין נאָמען דאָ ניט געהאַט, האָבען געגעבען געבורט צו נייע לאַנדסמאַנשאַפטען. דער מלאך המות, וואָס האָט געבושעוועט אויף יענער זייט — גאָר באַזונדערס אין אוקראַינע

— האָט אפילו טויטע געקאָנט אויפוועקען צום לעבען. פּראָסקוראָוו בלוטעט נאָך עד היום אין יעדען אידענס הארץ: 3000 אידישע נפשות זיינען דאָרט אויסגעשאָכטען געוואָרען. אין פעלשטין, אַ קליין שטעטעלע דערביי, וואָס האָט פאַרמאָגט 1000 אידישע פאַמיליעס, זיינען 500 פון זיי אין אַ נאַכט מיט אַ טאָג אומגעבראַכט געוואָרען (זיי זיינען ווידער אויפגעשטאַנען תחית המתים אין „זאַמלבוך צום אָנדענק פון די פעלשטינער קדושים", וואָס די פעלשטינער לאַנדסמאַנשאַפט פון ניו יאָרק האָט פאַראיאָהרען — אין 1937 — אַרויסגעגעבען. אַ דיק בוך, פון קרוב צו 700 זייטען, אין געדיכטער דורכגעפילטער שטימונג, וואָס פאַרלעבעדיגט פעלשטין און מאַכט פּלאַץ פאַר איהר אין זכרון און אין דער געשיכטע).

פּעטלורא און דעניקינס אַרמייען און די פּריוואַט-באַנדיטישע קאָזאַקישע מחנות האָבען דורך הריגות און שחיטות אויף אידישע שטעט געוואָלט פאַרשפּאַרען זיך צו שלאָגען מיט דער רויטער אַרמיי; אין פּוילען האָט די אידישע באַפעלקערונג דורכגעמאַכט דרייערליי פּאָגראָמען: נקמה-פּאָגראָמען פון דער צאַרישער מיליטערישער קאָמאַנדע; קאַלטע פּאָגראָמען פון דער דייטשער אָקופּאַציע; און די „העלדישע" פּאָגראָמען איבער שוצלאָזע, מיט וועלכע דאָס נייע פּוילישע מיליטער — די לעגיאָנערען — האָבען געמאָלדען דער וועלט, וואָסערע גבורים זיי זיינען; זייערע גבורות זיינען פאַרשריבען מיט אידיש בלוט אין פּינסק, ווילנע, לעמבערג; אין גאַליציען איז געווען אַ פּערמאַנענט שלאַכטפעלד און אידישע שטעט זיינען געשטאַנען צווישען אַלע פייערען.

כל זמן דער מלחמה-בראַזש האָט פאַרשטעלט, האָט זיך דאָ געזאַמעלט שטומער געוואַלט-געשריי אין די הערצער; און ווען דער פייער-פאָרהאַנג האָט זיך פונאַנדערגעריסען, האָבען זיך געעפענט פאַר'ן בליק די בלוט-רויטע זיילען רויך, וואָס האָבען געשלאָגען פון אידישען חורבן — און דער שטומער געוואַלט-געשריי האָט זיך איבערגעבראָכען אין אַ געוואַלטיגער רעטונגס-טאַט.

אַרומריידענדיג דעמזעלביגען פּעריאָד ביי די אָרדענס, האָבען מיר שוין דערציילט וועגען דעם הערויאישען פיבער, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט די אידישע אַמעריקע, וועגען דער רעטונגס-עקספּעדיציע, וואָס זי האָט אָרגאַניזירט דורך ספּעציעלע שליחים, רעליעף-טרעגער, ווייל די פּאָסט און די בענק און די רעגירונג-אַנשטאַלטען האָבען ניט געאַרבייט, און וועגען דעם גרויסען חלק, וואָס די פאָלקס-מאַסע, דורך איהרע אָרגאַניזאַציעס, האָט גענומען אין דער רעטונגס-אַקציע. — לאַנדסמאַנשאַפטען פון לינקס און פון רעכטס, פרייע און פרומע, ראַדיקאַלע און באַלעבאַטישע, פון די אָרדענס און אויסער די אָרדענס, האָבען זיך פאַראייניגט אין רעליעף-קאָמיטעטס פאַר די חרוב'ע שטעט, און ריזיגע סומען זיינען געזאַמעלט געוואָרען, וואָס קיינער האָט זיי נאָך ניט איבערגעציילט. ווען די באַלעכאָוווער לאַנדסמאַנשאַפט האָט דורך איהר דעלעגאַט אַריבערגעשיקט 14 טויזענט דאָלער, האָבען די פאַראייניגטע קאַלאַמייער לאַנדסמאַנשאַפטען אַריבערגעשיקט 54 טויזענט דאָלער. לאַנדסמאַנשאַפטען פון פּיצלעך שטעטלעך האָבען אין משך פון אַ פּאָר יאָהר, אַריבערגעשיקט סומען, וואָס אין די גוטע צייטען וואָלט זיי גאָר שווער געווען עס אַרויסצורײדען. די אַשמאַנער — אַ שטעטעלע נעבען ווילנע — האָבען אין פאַרלויף פון 2 יאָהר איבערגעשיקט 150 טויזענט דאָלאַר, קרובים - געלדער אַריינגערעכענט. באַזונדערס פּראָמינענט דערמאָנט צו ווערען פאַרדינט דער ביאַליסטאָקער רעליעף-קאָמיטעט, אין וועלכען עס זיינען פאַראייניגט געווען צענדליגער ביאַליסטאָקער לאַנדסמאַנשאַפטען פון ניו יאָרק און אומגעגענט און וועלכער האָט געדינט ווי אַ צענטראַלער רעליעף-אָפיס פאַר די ביאַליסטאָקער פון איבער'ן גאַנצען לאַנד. און ניט נאָר פאַר די ביאַליסטאָקער. וואָרים דער קאָמיטעט האָט באַדינט מיט רעליעף ניט נאָר ביאַליסטאָק, נאָר אויך אַרום זעכציג שטעטלעך פון ראַיאָן, צו וועלכע עס איז קיין אַנדער צוטריט ניט געווען, ווי נאָר דורך אַ שליח. אַזוי חרוב זיינען זיי געווען. דער ביאַליסטאָקער קאָמיטעט פלעגט יעדען דריטען חודש אַרויסשיקען אַ דעלעגאַט, און אין פאַרלויף פון די יאָהרען, וואָס דער קאָמיטעט האָט פונקציאָנירט (1919—1932), זיינען 5 מיליאָן דאָלער דורך איהם איבערגעשיקט געוואָרען פון קרובים צו קרובים; און אַרום 300 טויזענט דאָלער פאַר די אינסטיטוציעס פון ביאַליסטאָק, געזאַמעלט פון פּריוואַטע ביישטייערונגען און אונטערנעמונגען. און אויב דער אַמאָליקער אימפּעטיגער אינדוסטריעלער צענטער ביאַליסטאָק איז צוריק ניט אויפגעבויט געוואָרען דורך רעליעף אינדוסטריעל, איז ער אויפגעריכט געוואָרען געזעלשאַפטליך. און איצט קומט ביאַליסטאָק צו זיך אַ דאַנק די ביאַליסטאָקער פון אַמעריקע.

די רעליעף-שליחות קיין אוקראַינע, וואו די פאַרטיליקונג פון אידישע שטעט איז אָנגעגאַנגען דריי יאָהר צייט נאָך דער מלחמה, איז פאַרבונדען געווען מיט לעבענס-געפאַר (און צוויי רעליעף-קאָמיסאַרען פון דזשוינט — דר. פרידלענדער און דר. קאַנטאָר — זיינען טאַקע אומגעקומען פון באַנדיטישע הענט; דער דריטער — דער שריפטשטעלער מאָריס קאָץ האָט זיך געראַטעוועט אַ דאַנק זיין מיליטערישער סטאַטוס אין אַמעריקאַנישען מונדיר). — דאַרף נאָך געזאָגט ווערען, אַז ניט נאָר רעליעף און רעליעף שליחים האָבען די אוקראַינישע לאַנדסמאַנשאַפטען געשיקט; אייניגע פון זיי, צום ביישפּיל די באַסלעווער לאַנדסמאַנשאַפטען, וואָס די גרעסטע פון זיי איז אין פילאַדעלפיע, באַקומענדיג די ידיעה, אַז זייערע שטעט ווערען כסדר באַלאַגערט פון קאָזאַקישע אַטאַמאַנען, האָבען געשיקט היפּשע סומען אויף זעלבסטשוץ; די אידישע באַפעלקערונג אַליין האָט אַרויסגערוקט פון זיך קאָמאַנדירען, העלדישע יונגען, פאָלקס-אינטעליגענטען, וועלכע אין שפּיץ פון אויף גיך אָרגאַניזירטער אידישער יוגענט-רעגימענטען האָבען אָנגעפיהרט אַ פאַרטיידיקונגס-קריג און געזיגט און פאַרטריבען די ווילדע מחנות. — ווען ניט אַ דאַנק די טרייסטענדיגע הילף פון אַמע-

ריקע, ווער ווייס, צי די אידען פון אוקראַינע וואָלטען ווען עס איז זיך אויסגעטשוכעט פון דער שאַנד אויסגעליפערט צו ווערען אויף הפקר, פון דער באַליידיגונג געשאָכטען צו ווערען ווי שאָף.

נאָך פיר־פינף יאָהר האָט דער העראָאישער פיבער, וואָס האָט געהאַלטען די אידישע פאָלקס־אָרגאַניזאַציעס אין הויכער טעמפּעראַטור, גאַנץ נאַטירלעך זיך אויסגעפיבערט. עס איז ווי אָפּגעקילט געוואָרען דער סענטימענט צו „ראַטעווען" די אַלטע היים. די פאַראייניגטע רעליעף־קאָמיטעס האָבען זיך אויפגעלייזט, עס איז שטילער געוואָרען מיט רעליעף, אָבער די רעליעף טעטיגקייט האָט ניט אויפגעהערט. זי איז פשוט אַריין אין געוואוינהייט. קרובים שיקען צו קרובים, און יעדע לאַנדסמאַנשאַפט באַזונדער האַלט פאַר איהר פליכט צו באַשטימטע צייטען פון יאָהר — צו די גרויסע יום־טובים — צו שיקען שטיצע צו דער קהל'שער צדקה און צו די אינסטיטוציעס פון איהר שטעטעל. און ווידער די גרויסע רעליעף־אָרגאַניזאַציעס — דער „דזשוינט", דער ניי־אויפגעקומענער, באַנייטער „אָרט" און אַנדערע — פאַרזעהן די לאַנדסמאַנשאַפטען ניט אין זייערע יעהרליכע קאַמפּיינס. קאָנען זיי מקיים זיין די מצוה פון העלפען אויפבויען די חרוב'ע אַלטע היים דאָ אויפ'ן אָרט.

דער „שטילשטאַנד" אין רעליעף, באַגלייט מיט זעלבסט־אויפבויאונג דאָ, האָט אָנגעהאַלטען אַ יאָהר אַכט, און איז איבערגעריסען געוואָרען דורך דער קאַטאַסטראָפע, וואָס איז באַפאַלען די אידען פון דייטשלאַנד. צוגלייך מיט דעם אויפגעוועקטען אינטערעס פאַר די ברידער פון דייטשלאַנד, איז ווידער אויפגעלעבט געוואָרען דער סענטימענט פאַר רעליעף צום אייגענעם היים־שטעטעל. ווי דער טראַגישער גורל פון די דייטשע אידען וואָלט דערמאָנט אַז דער אַלטער אומגליק געדויערט נאָך. און מעגליך, אַז די אינטענסיווע הילפס־אַקציע פאַר די דייטשע אידען האָט טיילווייז אָפּגעצויגען די אויפמערקזאַמקייט פון „דזשוינט" פון דער סיטואַציע אין פוילען, וואו די רעגירונג, אָן פּראָקלאַמירונג פון ראַסען־טעאָריען, פיהרט דורך דיזעלביגע אַרויספרעסונג פון אידען—לאַנגזאַמער, אָן שאַרפע האַסטיגע שניטען, אָבער גענוג סיסטעמאַטיש. שיקען די שטעט און שטעטלעך פון פוילען און גאַליציע זייערע וויי־געשרייען צו זייערע לאַנדסלייט דאָ; טוען די לעצטע וואָס זיי קאָנען און וואָס מען זאָגט זיי פאַר די פאַראומגליקטע ברידער פון דייטשלאַנד — העלפען דורכפיהרען דעם באָיקאָט, נעמען אַ האַנט אין קאַמף קעגען „פאַשיזם און אַנטיסעמיטיזם", גיבען זייערע ביישטייערונגען פאַר די פליכטלינגע פון דייטשלאַנד — און שטעלען זיך אין רעליעף־דינסט צו זייער אייגענעם היימשטעטעל. לייענען מיר ווידער, ווי פאַר 20 יאָהרען, יעדען סוף וואָך אין די אידישע צייטונגען אויפרופען צו רעליעף־מיטינגען. אָט רופען די סטאַניסלאַווער זייערע 9 לאַנדסמאַנשאַפטען צו דער גרינדונג פון אַ פאַראייניגטען־רעליעף קאָמיטעט. אָט רופען לאַנדסלייט פון רישא, גאַליציען, צו דער גרינדונג פון אַ נייער לאַנדסמאַנשאַפט: — „אין הויז פון...... פראָספעקט פלייס, ברוקלין, וועט......פאָרקומען אַ פאַרזאַמלונג פון די לאַנדסלייט פון רישא, מיט דעם צוועק צו גרינדען אַן אָרגאַניזאַציע, וועלכע זאָל שטיצען די אינסטיטוציעס פון דער אַלטער היים". — און עס גייט אַ צעטעל נעמען פון די צונויפרופער.

פון די נייע לאַנדסמאַנשאַפטען, וואָס גרינדען זיך יעדען סוף וואָך, וועלען די מעהרסטע אפשר פאַרשווינדען; אָבער עס וועלען זיך אָפּשטעלען גענוג, וואָס וועלען נעמען וואַקסען און וועלען זיך צעוואַקסען, מעהר אפשר ווי נאָך דעם גרינדונגס־אימפּעט פון פאַר 20 יאָהרען — ווייל די נייע אויפלעבונג פון רעליעף־סענטימענט געפינט די לאַנדסמאַנשאַפטען געענדערטע אין באַנעם און פאַרנעם, געשטאַרקטע אין כאַראַקטער און באַרייכערטע אין גייסט, מיט נייע בעסערע מיטלען זיך אויפצוהאַלטען.

די ערשטע ניי־דערוואָרבענע אייגענשאַפט איז די פאַרגרעסערטע ענליכקייט צווישען די פאַרשיידענע מינים בענעפיט־פאַראיינען — אַ רעזולטאַט פון דער דערנענטערונג, וואָס איז פאָרגעקומען צווישען זיי דורך די פאַראייניגטע רעליעף־אַקציעס. דער סתם בענעפיט־פאַראיין האָט זיך דערנעענט צו דער לאַנדסמאַנשאַפט. ווען אין אַ בענעפיט־פאַראיין האָט זיך געפונען אַ גרופּע לאַנדסלייט פון איין שטאָט — וואָס דאָס איז אַן אָפטער פאַל — האָבען זיי אין רעליעף פעריאָד אַריינגעפרעסט דעם גאַנצען פאַראיין צו אַרבייטען פאַר זייער שטעטעל. איז דער פאַראיין געוואָרען כמעט אַ לאַנדסמאַנשאַפט. פון דער אַנדער זייט איז די לאַנדסמאַנשאַפט סיי דרויסען פון אָרדען, סיי אינעווייניג אין אָרדען — אָפענער געוואָרען פאַר פרעמדע. זי איז אויסגעמישטער געוואָרען אין איהר מיטגלידערשאַפט אין דער נענטערונג צום בענעפיט־פאַראיין. דער אַמאָליגער סעפּאַראַטיזם, וואָס האָט געמאַכט מחיצות צווישען געגענט און געגענט, צווישען שטאָט און שטאָט, איז אָפּגעשוואַכט געוואָרען.

אָט איז אַ טיפּישע פרייע לאַנדסמאַנשאַפט, אַ ניט געבונדענע צו אַן אָרדן און צו קיין פאַרטיי — „דער ערשטער באַלעכאָווער קראַנקען־אונטערשטיצונג־פאַריין". אַ גאַליציאַנער לאַנדסמאַנשאַפט, 350 מיטגלידער, צווישען וועלכע בלויז אַ 60 פּראָצענט זיינען באַלעכאָווער אָדער כמעט באַלעכאָווער, פון דערבייאיגע שטעטלעך; די איבעריגע זיינען סתם גאַליציאַנער, רומענישע, רוסישע און ליטוואַקעס. אַלע ווייסען, אַז גאַליציאַנער און ליטוואַקעס זיינען אַמאָליגע צייטען ניט שוה בשוה געווען; פונדעסטוועגען האָט עס דעם פאַראיין ניט געשטערט צו האָבען אַ ב'כבוד'יגען ליטוואַק פאַר אַ פּרעזידענט פאַר צען יאָהר צייט. אַחוץ היגע טעטיגקייטען טראָגט די לאַנדסמאַנשאַפט אַלס גאַנצע, מיט 30—40 פּראָצענט „פרעמדע", ניט־באַלעכאָווער — רעגולערע פליכטען צו באַלעכאָוו: ווי שוין דערמאָנט, האָבען זיי אויף נאָך־מלחמה־רעליף געזאַמעלט 14,000 דאָל. און מיט אַ ספּעציעלען שליח עס אָפּגעשיקט; זייט דעמאָלט שיקען זיי יעהרלעך 1000 דאָלער אויף פסח (צו דעם אַ געהיימע

שטיצע פאַר יורדים, אַראָפגעקומענע בעלי־בתים צו 25 דאָלער יעדען); שטיצען דאָס פאָלקס־הויז אין באַלעכאָוו מיט דער ביבליאָטעק; זייט 1937 האָבען זיי גענומען אויף זיך צו שטיצען מיט 600 יעהרלעך די פאָלקס־שוהלע — די תלמוד תורה — וועלכע איז 100 יאָהר אַלט און איז דער שטאָלץ פון באַלעכאָוו און וואָס ביז אַהער האָט דאָס שטעטעל עס אַליין אויסגעהאַלטען — און די רוסישע, רומענישע און די ליטוואַקעס זיינען אין דעם פרט געוואָרען גאַליציאַנער און באַלעכאָווער.

און ניט זעלטען טרעפט, דרויסען פון אָרדען, פונקט ווי אין דעם אָרדען, אַז נאָר אַ הייפעלע איז געבליבען, וואָס העלפט דער לאַנדסמאַנשאַפט טראָגען איהר שטעטעלשען נאָמען. די מאַיאָריטעט זיינען אָנגעלאָפענע „פרעמדע" — און די דערפאַרונג פון רעליעף האָט באַוויזען, אַז דאָס הייפעלע — דער „נוקלעאוס" פון דער לאַנדסמאַנשאַפט — איז גענוג, די גאַנצע לאַנדסמאַנשאַפט זאָל זיך באַשטייערען פאַר איהר נאָמען־שטעטעל.

אויב גאַליציאַנער און ליטוואַקעס קאָנען אַרבייטען אין האַרמאָניע אין דער באַלעכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט, ווי מיר האָבען נאָרוואָס געזעהן, קאָנען פינסקער און מינסקער, וואָס שטאַמען פון איין ליטא, אוודאי הויזען צוזאַמען און אַרבייטען צוזאַמען פאַר פינסק אָדער מינסק. דאָס האָט זיך געגעבען אין רעזולטאַט פון דער אחדות־געפיל — פון דעם אידישען אַלוועלט־געפיל — וואָס די קאַטאַסטראָפע, פון וועלכער מען האָט געדאַרפט ראַטעווען, האָט פון זיך דערלאַנגט.

פון דער אַנדער זייט האָבען די רעליעף־קאָמפיינס אַנטפלעקט, אַז מעהרערע פון די סתם בענעפיט־פאַראיינען זיינען אין דער אמת'ן פאַרשטעלטע, באַהאַלטענע לאַנדסמאַנשאַפטען. דער „פאַרבאַנד פון פוילישע אידען" האָט אין זיין איצטיגען מיליאָן דאָלער קאַמפיין פאַר קאָנסטרוקטיווען רעליעף אין פוילען־גאַליציען „דעמאַסקירט" אַלס פוילישע־אידישע לאַנדסמאַנשאַפטען — אין שיקאַגאָ צום ביישפיל: די „שיקאַגאָר פראָגרעסיווס", און די „אַמעריקען פראָגרעסיווס" און די „היברו פראָגרעסיווס"; און די קאָנגרעגיישאָן „דורשי טוב", וועלכע האָבען פאַרגעסען צוצושטעלען, אַז זיי זיינען „אנשים" פון דעם און דעם שטעטעל אין פוילען. נאָר די נויט פון זייערע ברידער אין פוילען האָט זיי דערמאָנט ווער זיי זיינען.

אין ניו יאָרק האָבען זיך אַרויסגעשטעלט פאַר פוילישע לאַנדסמאַנשאַפטען דער „פראָגרעסיווער אָרדער אָף גרייטער ניו יאָרק" און די „העברי קלעי" לאָדזש פון „אינדעפענדענט ברית אברהם". עס איז שוין לאַנג אַ חשד געווען, אַז די נאָמען־חברות זיינען געהיימע, פאַרקאָנספירירטע לאַנדסמאַנשאַפטען — ניט אַלע, נאַטירליך. מען נעמט דעם נאָמען פון אַ ב'כבוד'יגען לאַנדסמאַן און מען באַהאַלט זיך הינטער איהם. צו וואָס דאָס באַהאַלטעניש? — מען שעמט זיך מסתמא, וואָס אַבי ווער פון שטעטעל — אַ קבצן, אַ קצב, אַ שניידער, גרינדעט זיך אַ לאַנדסמאַנשאַפט. וויל מען זיך ניט איבער'חזר'ן. און ווירקליך, דאָס קלענסטע שטעטעל פאַרגינט זיך צו האָבען צו צוויי דריי לאַנדסמאַנשאַפטען. און אַ גרעסערע שטאָט צו צען און צוועלף.

(דער „אַמעריקען קאָמיטע אַפיל" פון פוילישען פאַרבאַנד האָט, אגב אורחא, אויך אַרויסגעבראַכט, אַז עס איז גאָר ניט כלל, אַז דוקא די גרויסע לאַנדסמאַנשאַפט צייכענט זיך אויס אין רעליעף; אַמאָל אַ קליינע לאַנדסמאַנשאַפט, אויב זי האָט עטליכע ענערגישע טוער, מאַכט זי עס נאָך בעסער: די טשעכאַנאָווער לאַנדסמאַנשאַפט האָט צוגעטראָגען 5000 דאָלער — ניט אייגענע, פאַרשטייט זיך, נאָר געזאַמעלטע — וואָס דאָס איז פראָפאָרציאָנעל אַ סך מעהר, ווי אַלע וואַרשעווער לאַנדסמאַנשאַפטען צוזאַמענגענומען).

ביידע זאַכען — אי די אויסמישונג פון די לאַנדסלייט אין דער לאַנדסמאַנשאַפט, אי די פאַרוואַנדלונג פון סתם בענעפיט־פאַראיין אין אַ האַלבער לאַנדסמאַנשאַפט — ביידע גיבען איין רעזולטאַט: די פאַרגרעסערטע ענליכקייט צווישען די פאַרשיידענע מינים פאַראיינען. און די אויסגלייכענדיגע טענדענץ פון אַמעריקע, וואָס פאַרווישט מחיצות, שפילט אויך אַריין אין פראָצעס.

די צווייטע ניי־דערוואָרבענע אייגענשאַפט איז די פאַרגרעסערטע טאָלעראַנץ. דער ראַדיקאַלער אָרדען־ברענטש איז אויך טאָלעראַנטער געוואָרען, ווי דאָס אָפיציעלע אָרדען־פראָגראַם וואָלט דאָס איהם דערלויבט. ער שטיצט די תלמוד תורה פון זיין שטעטעל און אפילו די זקנים פון דער „חברה משניות". און דער פרומער קאָנסערוואַטיווער פאַראיין וועט ניט מאַכען קיין געוואַלד, ווען זיין געלט וועט געהן אויף דער אונטערשטיצונג פון דער וועלטליכער פאָלקשול און דער ביבליאָטעק, וואָס אַמאָליגע יאָהרען וואָלטען זיי ביידע פאַר איהם געווען טריף און פסול. ווייל עס איז רעליעף, ווייל מען לעבט מיט'ן שטעטעל, ווייל דאָס שטעטעל אין אויפבויען זיך פון חורבן, איז גאַנץ אַנדערש פון שטעטעל פון פאַר די מלחמה־יאָהרען. די טעטיגקייטען, די אינסטיטוציעס דאָרט טראָגען אַן אַנדער כאַראַקטער.

דאָס שטעטעל איז איצט אַ מיניאַטור־וועלט־שטאָט, און האָט איבערגענומען די וועלט־חכמה, אַז יעדער זאָל גליקליך זיין אויף זיין פאַסאָן. וועגען „אָרט", „אָזע", „וואָזעט", קאָאָפעראַטיווען און לייה־קאַסעס זיינען אַלע מסכים; און וועגען פאָלקס־שולען, אויב מען איז ניט מסכים, פאַרשטייט מען זיך און מען טאָלערירט זיך. דער רב אַליין וועט צוגעבען, אַז דער פאָלק־שול קומט אַ חלק; און טאָמער ניט, עס מאַכט זיך אַ סכסוך צווישען רב און פרויען־פאַראיין, וואָס שטיצט די פאָלק־שול, קאָן פאַסירען, אַז די „יוצרות" זאָלען זיך פאַרדרייען, און דער ראַדיקאַלער ברענטש דאָ זאָל האַלטען מיט'ן רב און די קאָנסערוואַטיווע לאָדזש זאָל האַלטען דוקא מיט דעם ראַדיקאַלען פרייען־פאַראיין פון שטעטעל — צוליב פערזענליכע און קרוב'ישע פאַרבינדונגען — אַזוי האָט מען זיך צוריק איינגעלעבט מיט'ן שטעטעל!

אָבער סכסוכים זיינען זעלטען — די נייע טאָלעראַנץ פון שטעטעל קומט איבער יעדען סכסוך. און די טאָלעראַנץ

פון שטעטעל האָט זיך אַריבערגעטראָגען אַהער. דער ראַדיקאַלער אָרדען ברענטש וועט ניט גיין אַזוי ווייט, ווי שטיצען אַ תלמוד תורה, אָבער ער וועט מיט דער לינקער האַנט ביישטייערען צום „אָרט", וואָס בויט דעם אידען אין גלות און מיט דער רעכטער האַנט דעם „געווערקשאַפטען־קאַמפיין", וואָס העלפט דער אידישער אַרבייטערשאַפט זיך אויפבויען אין ארץ ישראל — וואָס אָפיציעל שליסען זיי אפילו איינע די אַנדערע ניט אויס, אָבער אין דער שטיל האַלטען זיי ביידע — אי דער „אָרט", אי דער „געווערקשאַפטען־קאַמפיין" — אַז דער צווייטער באַ'גזל'ט איהם. — די פרייע לאַנדסמאַנשאַפט, די ניט־געבונדענע צום אָרדען־פּראָגראַם, איז נאָך טאָלעראַנטער. זי שטיצט מיט ביידע הענט גלייכצייטיג אי דעם „איקאָר", וואָס העלפט בויען בירא־בידזשאַן, אי דעם קרן היסוד, וואָס בויט ארץ ישראל — וואָס שליסען איינע די אַנדערע אויס גאַנץ אָפיציעל.

אָבער ניט נאָר די טאָלעראַנץ האָבען די לאַנדסמאַנשאַפטען איבערגענומען פון שטעטעל — זיי האָבען דאָס שטעטעל אַליין איבערגענומען אַהער. זיי האָבען עס גאָר ניט געדאַרפט איבערנעמען — דאָס שטעטעל האָט זיך אַליין אַריבערגעטראָגען אַהער. נאָכדעם ווי דאָס שטעטעל איז אין מלחמה־ און נאָך מלחמה־צייט חרוב געוואָרען, און די אידישע באַפעלקערונג איז אַ טייל אומגעקומען און אַ טייל צעזייט און צעשפרייט געוואָרען, זיינען פאַראַן מעהר שטעטעלשע אידען, מיט דעם נאַטירליכען צוואוואוקס, אין אַמעריקע, וויפיל עס זיינען פאַרבליבען אין היים־שטעטעל. — צום ביישפּיל, סמאַרגאָן, די גאַרבער־שטאָט, וואָס האָט געציילט 25 טויזענט אידישע נפשות פאַר דער מלחמה, האָט קוים זוכה געווען אַז 500 קליינע פאַמיליעס זאָלען זיך אומקערען. אין ניו יאָרק אַליין איז דאָ מעהר סמאַרגאָנער ווי אין סמאַרגאָן. די ביאַליסטאָקער זיינען צעטיילט העלפט אויף העלפט — 50 טויזענט נפשות אין ביאַליסטאָק און 50 טויזענט אין אַמעריקע.

דאָס, וואָס פון שטעטעל איז געוואָרען אַ העלפט, איז טאַקע לייכטער צו האַלטען זי אויפ'ן קאָפּ. אָבער די צווייטע און גרעסערע העלפט פון קאָפּ איז גאַנץ נאַטירליך פאַרנומען מיט דער העלפט שטעטעל, וואָס האָט זיך אַריבערגעטראָגען קיין אַמעריקע. סמאַרגאָן אין אַמעריקע, ביאַליסטאָק אין אַמעריקע דאַרפען אויפגעבויט ווערען! ' און אַזוי גיך דער רעליעף־פּלייס פון די לאַנדסמאַנשאַפטען אין אַמעריקע האָט געשטעלט אויף די פיס די שטעטלעך אויף יענער זייט, זיי זאָלען אַליין וויפיל ניט איז זיך קאָנען באַוועגען — האָבען די לאַנדסמאַנשאַפטען דאָ זיך גענומען זיך אַליין אויפבויען — מיט דער צוגעקומענער ענערגיע, וואָס דער רעליעף־פּלייס האָט אין זיי אויפגעוועקט.

די הערצאָישע רעליף דערפאַהרונג איז אַזוי אַרום ניט אַריבער אָהן פעולה פאַר די לאַנדסמאַנשאַפטען גופא. זי האָט מאָביליזירט זייערע כחות, ס'האָבען זיך אַרויסגערוקט נייע, אינגערע ענערגישע טוער, ס'האָט זיך פאַרגרעסערט זייער אונטערנעמערישקייט. וואָס זיי האָבען פריער געטאָן אין דער אַלטער היים, טוען זיי איצט פאַר זיך אַליין. זיי בויען זיך אויף.

דעם בעסטען ביישפּיל שטעלען צו די ביאַליסטאָקער לאַנדסמאַנשאַפטען — זיי האָבען געהאַט דעם גרעסטען געווינס פון זייער גרויסער רעליעף אָנשטרענגונג. ווי פאַראייניגט זיי זיינען געווען אין רעליעף־עטליכע צעהנדליג; אַזוי פאַראייניגט זיינען זיי איצט אין אַן אונטערנעמונג — דעם ביאַליסטאָקער צענטער און מושב זקנים — וואָס וואָלט געפאָדערט אַ גאַנצע היימישע שטאָט איהם אויסצוהאַלטען.



ביאַליסטאָקער צענטער און מושב זקנים, 228 איסט בראָדוויי

.16

אַז די לאַנדסמאַנשאַפטען ווילען נישט בלייבען איינגעשלאָסען אין זייערע שטאָט־גרעניצען, האָבען אַ צאָל פון זיי שוין באַוויזען דורך זייער צושטעהן צו די אָרדנס. אָבער אויך די אָרדן־פרייע לאַנדסמאַנשאַפטען ווילען זיך ניט באַנוגענען מיט זיך אַליין; אפשר טאַקע אין זעלבסט רעטונגדראַנג זוכען זיי כח, זוכען זיי ראָלע אין פאַראייניגונג. אַ פאַראייניגונג ניט אין אָרדן־פאָרמאַציע, וואָס צווינגט אויף זיי אַרויף אַ רעגלאַמענט, וואָס ניט אַלע פון זיי האָבען כח אָדער חשק צו טראָגען; נאָר אַ פאַראייניגונג, וואָס

לאָזט זיי איבער פריי און אומאָפּהענגיג און גיט זיי דאָך דעם געווינס פון שותפות.

אין דריי ריכטונגען איז די אָרדן־פרייע פאַראייניגונג געגאַנגען — צום צענטער, צום לאַנד־פאַרבאַנד און צו דער פעדעראציע פון לאַנדסמאַנשאַפטען, וואָס אַלע דריי האָבען געהאַט אַ געוויסע אָנציהונג פאַר די אָרדען לאַנדסמאַנשאַפטען אויך. דערווייל האָט בלויז דער צענטער זיך אַרויסגעשטעלט פאַר אַ פולשטענדיג געלונגענעם עקספּערימענט — ביי די ביאַליסטאָקער; נאָכ׳ן אָרדן דער געלונגענסטער אויסדרוק פון די לאַנדסמאַנשאַפטליכע פאַראייניגונג־טענדענצען בכלל.

אויב מען וויל, איז דער ביאַליסטאָקער צענטער דער גרויסער פאַמיליען־קרייז; אָדער די „לאַנדסמאַנשאַפט" אין ברייטערען זין פון וואָרט. און אַזוי רופען זיי זיך טאַקע די דריי און אַ האַלב צעהנדליג ביאַליסטאָקער לאַנדסמיטשאַפטען — 28 פון זיי פון ניו יאָרק און אומגעגענד, וואָס זיינען פאַרבונדען דורכ׳ן צענטער — די „ביאַליסטאָקער לאַנדסמאַשאַפט".

דאָס סאמע כאראקטעריסטישע פון צענטער איז, וואָס אין איהם זיינען קאָמבינירט די לאַנדסמאַנשאַפטען פון אַלע מינים — פון די אנשי׳ס ביז דער ראדיקאַלסטער אידיישער לאַנדסמאַנשאַפט — קאָמבינירט ניט נאָר אין זייערע אייגענשאפטען, נאָר אויך אין זייערע טואונגען — שול, צדקה, מאָדערנע אידישע קולטור און קאָנסטרוקטיווע סאָציאַלע הילף — אין אַ העכערען סינטעז.

די צווייטע נאָכ׳ן צענטער פאַראייניגונג־טענדענץ צווישען די לאַנדסמאַנשאַפטען געהט אין דער ריכטונג פון לאַנד־פאַרבאַנד — צו דער לאַנדסמאַנשאַפט אין ברייטסטען און אָריגיעלסטען זין פון וואָרט, ווי דאָס וואָרט באַטייט: — לאַנדסמאַנשאַפט. אָט אַזוי ווי עס האָט זיך אָנגעהויבען די אידישע אָרגאַניזירונג אין אַמעריקע, פאַרהונדערטיאָהרען, מיט דער גרינדונג פון „בני ברית", וואָס איז לכתחילה און פאַרשטעלטערהייט געווען די לאַנדסמאַנשאַפט פון די נייאָנגעקומענע אידען פון דייטשלאַנד.

פון די לאַנד־פאַרבאַנדען דער ממשות׳דיגסטער איז „דער פאַרבאַנד פון די פוילישע אידען". ביידע — אי דער צענטער, אי דער לאַנד־פאַרבאַנד — ווערען באַהאַנדעלט אין באַזונדערע אַרטיקלען. קאָן איך מיר פאַרשפּאָרען זיי ארומצורײדען.

די דריטע פאַראייניגונגס־טענדענץ, וואָס צייכענט זיך אָן ביי די לאַנדסמאַנשאפטען, געהט אין דער ריכטונג פון אַ פעדעראציע, וואָס, להיפוך צו די לאַנד־פאַרבאַנדען, זאָל זי איינשליסען אַלע לאַנדסמאַנשאַפטען, אָהן שום אונטערשייד, ניט מאַכענדיג קיין מחיצות צווישען זיי לויט די לענדער פון זייער אָפּשטאַמונג; וואָס דאָס שליסט שוין איין דעם מיין, אַז אַ פעדעראציע איז מעהר געווענדעט צום אָרט אַמעריקע, איידער צום עבר לים. אַזאַ באַוועגונג איז דאָ אין ניו יאָרק אָנגעגאַנגען אין די יאָהרען 1933 — 1934, ניט איבערלאָזענדיג אָבער נאָך זיך קיין ממשות׳דיגע רעזולטאַטען.

אין ניו יאָרק, וואו די לאַנדסמאַנשאַפטען געפינען זיך פּנים אל פּנים מיט די גרויסע נאציאָנאַלע אָרגאניזאציעס, וואָס האָבען שוין זייער מאָנאָפּאָל אויף פאָלקס־רעטונג, איז דער לאַנדסמאַנשאַפטען־פאַראייניגונג ניט לייכט אָנצונעמען אפילו די ערשטע געשטאַלט פון פעדעראציע. אָבער אויסער ניו יאָרק האָבען זיי עס לייכטער. דאָרט איז ניטאָ די געפאַהר, אַז זיי זאָלען גלייך מיט זייער ערשטען שריט צו אַ פעדעראציע, ארויפטרעטען אויפ׳ן הינער־אויג פון אַ וועלכער עס איז עטאַבלירטער גרויסער אינסטיטוציע. אין אין דער פּראָווינץ זעהען זיך די לאַנדסמאַנשאַפטען מעהר אָן. די גרעסערע פון זיי האָבען אייגענע בנינים — האַלבע „קאָמיוניטי־צענטערס". און שפּילען אַ גאַנץ קענטיגע ראָלע. מען רופט זיי צו אַלע שטאָטישע אסיפות. און זיי ווייזען טאַקע מעהר אינטערעס אין לאָקאַלע ענינים, ווי אין ניו יאָרק.

און די באַוועגונג צו פעדעראציעס פון לאַנדסמאַנשאַפטען האָט אין דער פּראָווינץ זיך בולט׳ער אויסגעפורעמט ווי דאָ. זי האָט שוין אָנגעזאָגט איהרע ציעלען. זי ווילען דורך דער פאַראייניגונג פון אַלע פאָלקס־אָרגאַניזאציעס אויסבילדען פון זיך אַ דעמאָקראַטישע קהילה, וואָס זאָל איבערנעמען די פאַרוואַלטונג איבער אַלע ענינים, וואָס זיינען נוגע די אידען אין שטאָט. פריהער פון אַלץ די פאַרוואלטונג איבער דער פאָלקס־דערציהונג, וואָס זאָל ארומנעמען אַלע מינים לערען־אַנשטאַלטען — פון דער פאָלקשולע ביז צו דער תלמוד תורה. ניט בלויז דער מין, וואָס געפעלט דוקא די „טשאריטיס". און איבערנעמען די פאַרוואַלטונג איבער כשרות, דאָס פרומע פאָלק זאָל קאָנען זאָגען א דעה בנוגע די פרייזען אויף כשר פלייש. און לייזען זייערע אייגענע פּראָטערנאַלע פּראָבלעמען. אויך די דרינגענדיגע עקאָנאָמישע פּראָבלעמען, וואָס מאַכען ווייטאָגן די אידישע איינוואוינער פון שטאָט.

אין פילאַדעלפיע איז די באַוועגונג, ארויסוואקסענדיג פון אַ קאַמף געגען יקרות אויף כשר פלייש, אָנגעגאַנגען דורך די יאָהרען 1929 — 1930, אריינציהענדיג ביז 700 פאָלקס־אָרגאניזאציעס, מיט אַ שטאַרקער באַטייליגונג פון די לאַדזשעס און פון דער פיהרערשאַפט פון אָרדן „ברית שלום". צוויי שטאָט־קאָנווענשאָנס זיינען אָפּגעהאַלטען געוואָרען, וואָס די צווייטע האָט די קהילה שוין געהאַט אָרגאניזירט — מיט אַן אויספיהר־קאָמיטעט, מיט אַ פאָרזיצער, מיט אַן אַפּאַראַט, גרייט אָנצוהויבען צו פונקציאָנירען — און איז פלוצלונג צוזאמענגעבראָכען געוואָרען דורך אַן איבערקערעניש אין דער לאָקאַלער צייטונג, וואָס האָט די קהילה קאָמפּאַניע דורך די צוויי יאָהר אָנגעפיהרט; די צייטונג איז געצוואונגען געוואָרען דורך די לייט, וואָס האָבען געהאַלטען דעם מאָרטגיידזש אויף איהר מאַשינערי, אין איין נאַכט אומצודרעהען איהר פראָנט אין דער קהילה־אישו.

אין שיקאַגאָ איז די באַוועגונג צו אַ פעדעראַציע פון

לאַנדסמאַנשאַפטען אַנגעגאַנגען גלייכצייטיג מיט דער ניו יאָרקער באַוועגונג. צוויי יאָהר צייט האָט די פעדעראַציע פונקציאָנירט, אָרגאַניזירענדיג די לאַנדסמאַנשאַפטען פון שיקאַגאָ און אומגעגענד, אָפּהאַלטעדיג צוויי קאָנווענשאָנס, ארויסגעבענדיג פלוגבלעטער און אַ וואָכענשריפט. די קהילה־אישו איז אויפגעהויבען געוואָרען, אָבער איז נאָך אָפּיציעל ניט געווען אריינגענומען אין פּראָגראַם. דאָך דאָס פּראָגראַם איז געווען אזוי ברייט אויסגעאַרבייט, אַז ווען די פעדעראציע שטעלט זיך פעסטער איין, וואָלט זי במילא פונקציאָנירט ווי דעם פאָלקס אייגענע קהילה. די אָנפּיהרער זיינען געווען יענע פאָלקס־אינטעליגעטען אין די לאַנדסמאַנשאַפטען, וואָס ווילען זיך ניט לאָזען איינשפּאַנען אין קיין פּאַרטיי, באַשטעהענדיג דערויף, אַז די לאַנדסמאַנשאַפטען זאָלען אין פולסטער טאָלעראַנץ מאַכען ביי זיך פּלאַץ פּאַר אַלע אידייען־ריכטונגען, וואָס האָבען געקראָגען אָנערקענונג ביים אידישען פאָלק.

אין דעטראָיט, קליוולענד, פּיטסבורג, ראטשעסטער האָבען די לאַנסמאַנשאַפטען נאָך ניט דערפיהרט אזוי ווייט ווי ביז אַ פעדעראציע־קהילה; נאָר די גרעסטע לאַנדסמאַנשאַפטען — די אָדעסער, פּינסקער, בערדיטשעווער — זיינען צוגעשטאַנען צו די „קאָמיוניטי טשעסטס”, וועלכע האָבען לעצטענס, אונטער דעם איינפלוס פון די פּראָגרעסיווע סאָשעל וואירקערס, זיך גענומען עפענען פאַר'ן פאָלק — מיט דער ווייטערדיגער כונה אַזוי אַרום גראַדענווייז איינצושטעלען אַ מעהר אָדער ווייניגער דעמאָקראטישע קהילה. באַטייליגען זיך די לאַנדסמאַנשאַפטען אין די „קאָמיוניטי טשעסטס”־קאמפּיינס און קריגען ארויס שטיצע — אין דעטראָיט, ראָטשעסטער פאר די פאָלקס־שולען; אין פּיטסבורג — פאַר'ן „אָרט”, מיט אַ צוזאָג פאר דער פאָלקס־שולע, וואָס גרינדעט זיך דאָרט.

קהילה אין אַ ווענדונג מיט'ן פּנים צו אַמעריקע. קהילה וואָלט במילא אריינגעצויגען אין די עקאָנאָמישע פּראָבלעמען, וואָס פּלאָגען די אידישע יוגענט אין אַמעריקע — אין פּראָבלעם פון דיסקרימינאַציע, אין פּראָבלעם פון איהר ניט פּראָפּאָרציאָנעלער פּאַרטיילונג אין די פאַכען און פּראָפעסיעס.

די טענדענצען צו צענטער, לאַנד־פאַרבאַנד, פעדעראציע פון לאַדסמאַנשאפטען, אפילו ווען זיי וועלען די צוזאָגען, וואָס זיי טראָגען מיט זיך, ניט דערפילען, ווייזען זיי אָבער וואו די לאַנדסמאַנשאַפטען ציעלען.

די לאַנדסמאַנשאַפטען זיינען אַ פּאָטענציעלער כח, וואָס בעט זיך אָרגאַניזירט צו ווערען. אָבער אפילו ניט אָרגאַניזירטערהייט, אין זייער איצטיקען צעשטויבטען צושטאַנד, שטעלען זיי מיט זיך פאָר אַ כח. אַ ראיה דערויף האָבען מיר אין דעם, וואָס יעדע גרעסערע אינסטיטוציע אָרגאַניזירט אַרום זיך אַ „קאָונסיל פון אָרגאַניזאַציעס”, וואָס דאָס מיינט פריהער פון אַלץ לאַנדסמאַנשאַפטען. גאַנץ פריה האָט זיך אָנגעהויבען די שעצונג פון דעם פאַרבאָרגענעם כח פון די לאַנדסמאַנשאַפטען. זיי זיינען ניט פאַרזעהן געוואָרען. יעדע אויפקומענדיגע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציע האָט געזוכט זיך אָנצושפּאַרען אויף זיי. די לאַנדסמאַנשאַפטען־קאָונסילס ביים „האַיאַס”, ביי דער דזשואיש עדיוקיישאָן אַסס'ן, האָבען מיר שוין דערמאָנט אין אַ פריהערדיגער פאַרבינדונג. — ווען דר. י. מאַגנעס האָט אין 1909 אָרגאַניזירט די קהילה צו באַדינען סאָציאַל און נאַציאָנאַל די אידישע באַפעלקערונג פון גרויס ניו יאָרק, האָט ער געלייגט גרויס געוויכט דערויף די קהילה זאָל אריינציהען די לאַנדסמאַנשאַפטען. און כל זמן די קהילה האָט אָנגעהאַלטען אַ לעבעדיגע פאַרבינדונג מיט זיי, האָט עס אויסגעזעהן, אַז זי וועט איהר ציל דערגרייכען — און ניט איינגעשרומפּען ווערען צו אַ צאָל ספּעציעלע קאָמיטעס פאַר בילדונג און סאָציאַלער פאָרשונג. — דער „אַמעריקאַנער אידישער קאָנגרעס”, וואָס זיין הויפּט־זאָרג איז דער פּאָליטישער שוץ פון די אידען אין די לענדער פון פאַרפאָלגונג, גיט גוט אַכטונג, אַז די פאָרשטעהער פון די לאַנדסמאַנשאַפטען זאָלען ניט פעלען אויף זיינע קאָנפערענצען און אין זיין אַדמיניסטראַציע. אַזוי טוט אויך און ווערט באַלוינט פאַר איהר מיה די פעדעראַציע פון די אידישע פילאַנטראָפּישע געזעלשאפטען פון ניו יאָרק. אָבער די בעסטע ראיה אויף דער שעצונג, וואָס מען טיילט צו די לאַנדסמאַנשאַפטען, שטעלט צו די „דזשאָינט דיסטריביושאָן קאָמיטע”; אָט די ריזיגע רעליעף מאַשינערי, וואָס איז בכח געווען אַרויסציהען יאָהר איין יאָהר אויס מיליאָנען אוצרות פון אַמעריקאַנער אידען — די „דזשאָינט” האָט די לאַנדסמאַנשאַפטען ניט נאָר ניט פאַרפעלט, נאָר האָט געטאָן אַ סך מעהר: אויפגעבויט אַרום זיך אַ רינג פון אַריבער 600 לאַנדסמאַנשאַפטען, און זוכט צו פועלן ביי זיי נאָך איין זאַך — אַז די הילפס־געלטער, וואָס די לאַנדסמאַנשאַפטען זאַמלען פאַר זייערע שטעט, און די פּריוואַטע געלטער, וואָס די לאַנדסמאַנשאַפטען שיקען אַריבער פון קרובים צו קרובים, זאָלען געשיקט ווערען דורך דער דזשאָינט — פאַר זיכערקייט, שפּאָרונג פון הוצאות און סיסטעמאַטישער פאַרטיילונג. — אָט־דער פאַקט אַליין איז דער בעסטער אַטעסטאַט פאַר די לאַנדסמאַנשאַפטען.

די דזשאָינט געדענקט, אַז איין צייט, אין די קאַטאַסטראָפאַלע נאָך־מלחמה יאָהרען, האָבען די דאָזיגע איבערשיקונגען פון די לאַנדסמאַנשאַפטען באַטראָפען אַ סך מעהר, וויפיל די „דזשאָינט” אליין האָט געשיקט פון דער הכנסה פון איהרע רעליעף קאַמפּיינס.

און קיין רעליעף־קאַמפּיין — פאַר צוועקען אין אַמעריקע אָדער אויסלאַנד — אויף ישיבות, שפּיטעלער, סאַניטאַריומס, פאַר קולטור־אינסטיטוציעס, פאַר קאָלאָניזאַציע — אין פּאַלעסטינע אָדער ביראָ־בידזשאַן, הילף פאַר די פּליכטלינגע פון דייטשלאַנד, פון עסטרייך, לאָזט די לאַנדסמאַנשאַפטען ניט דורך. און די לאַנדסמאַנשאַפטען זיינען אָפען פאַר יעדען אַפּיל — וואָס דאָס אַלץ איז גענוג באַוויזן, ווי אָנגעזעהן די לאַנדסמאַנשאַפטען זיינען אין דער אידישער עפענטליכקייט. דערמיט ווערט אַרויסגעוויזען ניט נאָר שעצונג פון דעם געלט־געבענדיגען כח פון די לאַנדסמאַנשאַפטען, וואָס שטעלט זיך צונויף פון איינצעלנע דאָלארען, פּינפערלאך און צעהנערלאך; נאָר אזוי ווי דאָס איז פריוויליגע געבונג,

דאַרף עס האָבען הינטער זיך אַ געהעריגען האַרץ־אינטערעס און אידייאישע פאַרשטענדניש. דאָס איז אַ געבונג, וואָס דערציהט, אַדעלט, מאַכט קלוג דעם געבער; יעדער געלט־קאַמפּיין איז גלייכצייטיג אַן אויפקלערונג־קאַמפּיין, וואָס הויבט ארויס די לאַנדסמאַנשאַפט פון ענגען קרייז פון אינטערעסען.

די לאַנדסמאַנשאַפט איז פאַקטיש אַ פאָלק־אויסבילדענדיגע אינסטיטוציע.

דאַרף דאָ נאָך אין באַטראַכט גענומען ווערען, אַז לאַנדסמאַנשאַפט מיינט ניט די גענויע צאָל מיטגלידער, וויפיל זי פאַרמאָגט. ווען מען ווענדט זיך צו דער לאַנדסמאַנשאַפט, דערגרייכט מען דעם פיל גרעסערען עולם, וואָס געפינט זיך אין איהר איינפלוס־ספערע. ווי גרויס אין דער „גרעסערער עולם וואָס אַרום די לאַנדסמאַנשאַפטען? אָבער צוערשט ווי גרויס איז דער עולם, וואָס איז אינווייניג אין די לאַנדסמאַנשאַפטען? פאַר די וואָסערע 1905 וואָס זיינען טאַבולירט געוואָרען, גיט די שרייבער־אַנקעטע אָן — 257,067 מיטגלידער — איבער אַ פערטעל מיליאָן. לאַנדסמאַנשאַפטען אין ניו יאָרק ווערען געשאַצט איבער 3000 — קאָן די גאַנצע לאַנדסמאַנשאַפטען־מיטגלידערשאַפט פון ניו יאָרק געשאצט ווערען אין 450,000. דאָס איז דער אינעווייניגסטער עולם פון די לאַנדסמאַנשאַפטען. אום צוצוקומען צום גרעסערען עולם, וואָס ארום די לאַנדסמאַנשאפטען, דאַרף די צאָל פריהער פון אַלץ געטאָפּעלט ווערען. ווייל אויף יעדען מיטגליד אַ לאַנדסמאַנשאַפט איז ווינציגסטענס דאָ נאָך איינער אין דער פאַמיליע, וואָס בענעפיטירט דורך איהם פון דער לאַנדסמאַנשאַפט. — האָבען מיר שוין אַ קימא לן פון 900,000. — איצט דאַרפען מיר געדענקען, אַז כאָטש די לאַנדסמאַנשאַפט האַלט אָן איהר מיטגלידערשאַפט־צאָל און פאַרמעהרט זיך נאָך, איז עס אַ פליסיגע מיטגלידערשאַפט ביי די ברעגען; מיטגלידער פאַלען אָפּ אין די זומער־חדשים אין די הונדערטער; דער שאָדען ווערט גוטגעמאַכט אין די ווינטער־חדשים מיט אַ הוספה. אָבער די הונדערטער אַוועקגעפאלענע האָבען פאַרזוכט פון מיטגלידערשאַפט. און דאָס געהט אָן כסדר אזוי דורך די צעהנדליגער יאָהרען. קאָנען מיר שוין אויפהויבען דעם „גרעסערען עולם" פון ארום די לאַנדסמאַנשאַפטען לכל הפחות ביז א מיליאָן מיט אַ פערטעל.

אַ מיליאָן מיט אַ פערטעל אידען אין ניו יאָרק זיינען אויף דעם אָדער יענעם אופן, דירעקט אָדער אומדירעקט, געקומען און קומען אין באריהרונג מיט די לאַנדסמאַנשאַפטען. און דאָס איז ערשט די קלענערע העלפט פון דעם „גרעסערען עולם"; די צווייטע, גרעסערע העלפט, געהערט צוזאַמען מיט די לאַנדסמאַנשאַפטען צו דער זעלביגער מזרח־אייראָפּייאישער סביבה. דער זעלביגער מענטשען־מאַטעריאל אינעווייניג אין די לאַנדסמאַנשאַפטען, ווי דרויסען פון זיי. נאָר צופאַל, זייטיגע סיבות, האַלטען די — אינעווייניג און יענע — דרויסען. דאָס מיינט, אַז כמעט אַ העלפט פון דער אידישער באַפעלקערונג פון ניו יאָרק וואָלט געקאָנט דערגרייכט ווערען דורך די לאַנדסמאַנשאַפטען, ווען זיי וואָלטען רעאָרגאַניזירט געוואָרען אין אַן אַגענטור פאַר אַקטיווער באאיינפלוסונג, אנשטאָט וואָס זיי זיינען איצט כלים פאַר פאסיווער אויפנעמונג פון איינפלוסען.

אַזאַ ריזיגער פאָטענציעלער כח, מיט אַזאַ ריזיגער פאָטענציעלער ווירקונג־ספערע, טאָר ניט פאַרנאַכלעסיגט ווערען. די לאַנדסמאַנשאַפטען האַלטען זיך, פאַרמעהרען זיך, אַדאָפּטירען זיך, פאַרוואַנדלען זייערע פאָרמען — אָבער ווער ווייס? — איבערלאָזען אומאָרגאַניזירטערהייט אויף נאָך אַ צעהנדליג יאָהר, קאָן זייער כח צעפלאָסען ווערען. זיי דאַרפען געהאָלפען ווערען צו דער זעלבסט־אָרגאַניזאציע, צו וועלכער זיי שטרעקען זיך.

מ. באַסין

# די פאַמיליע־קרייזן

די פאַמיליע־קרייזן זיינען אַ נייע דערשיינונג אין דעם אידישען אָרגאַניזאַציע־לעבען דאָ אין לאַנד.

מענטשען האָבען דערפיהלט אַ זיכערען באָדען אונטער זיך, געלאָזען וואָרצלען אין איהם, איינגעלעבט זיך און האָבען אָנגעהויבען בענקען נאָך דער געזעלשאַפט פון אייגענע, קרובים.

ווי געזאָגט איז, אין תוך, דער פאַמיליע־קרייז אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס איז געגרינדעט געוואָרען פאַר משפחה־קאָנטאַקט, מיט'ן אַפזיכט אויסצולעבען זיך געזעלשאַפטליך אין קרייז פון אייגענע.

עס איז געווען דער נאַטירליכער סענטימענט פון קרובה'שאַפט, וואָס איז אין די ערשטע יאָהרען פון איינוואַנדערונג, אין קאַמף פאַר עקזיסטענץ אונטער נייע באַדינגונגען, נייעם לעבענסשטייגער, פאַרטויבט און אָפּגעשוואַכט געוואָרען און וואָס האָט שפּעטער מיט דער אַקלימאַטיזירונג, אויפגעוואַכט און איז צוריקגעקומען אַ סך שטאַרקער, געפינענדיג זיין פולען אויסדרוק אין דער אָרגאַניזירונג אַרבייט, ווי אין דעם געזעלשאַפטליכען אויסלעבען זיך פון אָט־די קרייזען.

דערפאַר איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אַלע משפחה־אָרגאַניזאַציעס דאָס פאַרהערלעכען און טייער האַלטען די עראינערונג פון אַלטע, פאַרשטאָרבענע מיטגלידער פון דער פאַמיליע, וועמעס נעמען די מעהרסטע פון אָט־די פאַראיינען טראָגען.

איינינגע פון זיי האָבען אַפילו פאַראייביגט די נעמען פון די, זייי פאַרהייליגטע, עלטערען און אור־עלטערען, דערמאָנענדיג זיי ווי אויסגעטיילטע פערזענליכקייטען אין באַזונדערע פאַראַגראַפען פון זייערע קאָנסטיטוציעס. אָט־די אויסצוגען ווערען פאָרגעלעזען ביי יעדער ערעפענונג פון אַ פאַרזאַמלונג און דינען ווי אַ מין צערעמאָניאַל: אַלע מיטגלידער שטעלען זיך אויף און הערען אויס אין שווייגען דעם אויסצוג פון דער קאָנסטיטוציע.

אַנדערע עפענען אויף די פאַרזאַמלונג מיט ספּעציעל פאַרפאַסטע לידער אין ענגליש. אָפטמאָל איז עס אויך אַ קאָמבינאַציע פון ענגליש מיט אידיש. דער שרייבער פון די שורות האָט בייגעוואוינט אייניגע אַזעלכע פאַרזאַמלונגען פון אָנהויב ביז צום סוף. זיי מאַכען דעם איינדרוק פון צוזאַמענקונפטען אויף באַוואוסטע אידישע שמחות, ווי חתונות, ברית'ן: צוערשט האַרציגע באַגעגענישען—מען האַלזט זיך, מען קושט זיך, ווי מען וואָלט זיך פאַר צענדליגע יאָהרען ניט געזען. פון אַלע זייטען פריידיגע אויסגעשרייען: „טייערינקע, שוועסטעריל, מאַמעלע". די מענער דריקען זיך וואַרים די הענט, קלאַפּען זיך וואוילינגעריש אין פלייצע. פאָרוויז און אין גרופען בלייבט מען שטעהן איבערוואַרפענדיג זיך מיט גוטמוטיגע רייד און אָפטמאָל סודות'דיגע ווערטער, וואָס פאַרענדיגען זיך מיט פרעהליכע אויסרופען און געלעכטערס.

די געשעפט־זייט פון דער פאַרזאַמלונג ווערט ניט גענומען צו־ערנסט און ווערט אָפּגע'פטר'ט שנעל. נאָכדעם הויבט זיך אָן דאָס פייערליכע אויפנעמען פון חשוב'ע מיטגלידער און געסט. דער כבוד, וואָס ווערט צוגעטיילט צו גאָר אַלטינקע פון דער משפחה, ברייגנט אַ באַזונדער יום טוב'דיגע אַטמאָספערע.

ביי אַיינער פון אַזעלכע פאַרזאַמלונגען האָט דער שרייבער אויך געהערט פאָרלייענען בריוו פון דייטשע פליכטלינגע, וואָס טראָגען דעם נאָמען פון דעם פאַמיליע־קרייז, אָבער וואָס געהערען זיך אפשר גאָרניט אָן מיט דער פאַמיליע. זיי האָבען געהערט, שרייבען זיי, פון דעם קרייז און האָפען, אַז דאָס איז אייגענע משפחה, וואָס וועט זיי העלפען אַריבערקומען אין אַמעריקע. און די עקזעקוטיווע האָט אויפ'ן פאַרלאַנג פון די מיטגלידער, פאַרשפּראָכען אויסצואַרבייטען פלענער, ווי אַזוי אָפּצורופען זיך אויס'ן הילף־געשריי.

ווי געזאָגט, געהט דער געשעפט־טייל צו גאַנץ שנעל: יעדער מיטגליד טראָגט כמעט זינגענדיג צו זיין מעהרסטענס־פרייוויליגען בייטראָג צו דער אָרגאַניזאַציע אָדער צו אַ געוויסען וואוילטאַט־פאָנד, ווער מיט אַ שמייכעל, אַ וויץ, אַ חנ'דעל.

עטוואָס אָן דער זייט שטעהען געדעקטע טישען מיט פלעשער ווייז, גאַנצע טאָרטען, זיס־געבעקס און סענדוויטשעס. שפּעטער ברענגט מען צו קאָפע, אייז־קרים, פאַרשיידענע אַנדערע נאַשערייען וואָס די מיטגלידער ברייגנען צוזאַמען. קורץ, כמעט — אַ חתונה. זעהר אָפט ווערען געוויזען סינעמאַטאָגראַף־בילדער פון פריהערדיגע צוזאַמענקונפטען, פייערונגען און אפילו פון וועלטליכע געשעהענישען.

ביי די געדעקטע טישען, ווערען אויסגעטיילט חתונה־מתנות און מתנות צו פאַרשידענע אַנדערע שמחות פון מיטגלידער. ביי אַזעלכע געלעגענהייטען געהט מען אַריין אין אַ געהויבענער שטימונג און מען הויבט אָן צוטראָגען ביישטייערונגען צו וואוילטאַט־פאָנדען. אַזוי ציהען זיך אַריין גע־

וויינליכע פאַרזאַמלונגען ביז איינס אַזייגער אין דער נאַכט און שפּעטער.

שוין אָפּגערעדט פון אָפטע טיי־פּאַרטיס, וועטשערינקעס און גלאַט יום טוב'דיגע צוזאַמענקונפטען יעדען מאָהל ביי אַן אַנדער מיטגליד אין הויז.

ווי אַ פּרעזידענטין האָט דעם שרייבער איבערגעגעבען, פּראַוועט איהר פאַמיליע־קרייז אַלע פסח אַן אַלגעמיינעם סדר מיט דער באַטייליגונג פון אַלע מיטגלידער און זייערע קינדער. און דער איינדרוק, די שמחה, די פייערליכקייט, זאָגט זי, איז גאָרניט איבערצוגעבען.

דאָס זיינען שוין אָבער שמחה'לאַך, וואָס האָבען, חוץ דעם געוויינליכען געזעלשאַפטליכען כאַראַקטער אויך אַן אַנדער אינהאַלט: דאָ האָט מען שוין באַזונדערס איינזינען די יוגענט צוזאַמענצוברייגען און דערנעהענטערען.

טאַטע־מאַמע זוכען שדוכים פאַר זייערע טעכטער און זיהן און וואָלטען וועלען, אַז עס זאָל זיין צווישען אייגענע. עפּעס מעהר נאָהענטקייט, מעהר שמחה,—שטעלט מען זיך ניט איינגאַנצען צופרידען מיט די באַזונדערע יוגענט־פאַראיינען, וואָס מען האָט, טאַקע פאַר דעם זעלבען צוועק געהאָלפען גרינדען, אַראַנזשירט מען ספּעציעלע שמחה'לאַך, וואו די יוגענט קומט פאַרברייגען און טאַטע־מאַמע קלייבען נחת.

אַ באַזונדער אינטערעסאַנטער שטריך פון דער יוגענט פון אָט־די פאַראיינען זיינען זייערע ערשטע באַגעגענישען: כמעט אַלע יונגע מענטשען האָבען דאָך פריינט, חברים און קענען ניט פאַרשטעהן פאַרוואָס זיי דאַרפען זוכען נייע באַקאַנטשאַפט. אָבער עס ווירקט ווי אַ כשוף: מ'דערקענט זיך — פאָרט אייגען בלוט — און מ'דערפיהלט איינס צום צווייטען עפּעס מעהר ווי צו גלאַט חברים, אַזוי האָט דער פּרעזידענט פון אַן אַנדער פאַמיליע־קרייז באַמערקט.

די פאַרזאַמלונגען פון די גרעסערע און רייכערע פאַמיליע־קרייזען ווערען געוויינליך אַראַנזשירט אין האָטעלען און טראָגען אָפט, אויבענאויף, אַ פאָרמעלען, מעהר איינגעהאַלטענעם כאַראַקטער.

זעהר אָפט זיינען דאָס אָרגאַניזאַציעס מיט אַמעריקאַניזירטען, אַזוי־גערופענעם, אַרויפגעאַרבייטען עלעמענט, צווישען וועלכען עס געפינען זיך אַ היפּשע צאָהל אויפגעקומענע געשעפטסלייט, פּראָפעסיאָנאַלען און אַפילו פּערזענליכקייטען, וואָס פאַרנעמען הויכע רעגירונגס־שטעלעס. אָבער אויך דאָרטען פעהלט ניט אויס די אמת'ע פרייד און פייערליכקייט פון אַ אידישער משפחה־צוזאַמענקונפט און אפילו ניט די אידישע שפּראַך.

כאָטש אַלע שטרענגען זיך אָן צו ריידען דורכאויס ענגליש, קען מען דאָרט ניט זעלטען הערען אַזעלכע אויסרופען ווי: „אוי, יו לוק וואונדערפול, קיינאַהאָרע". אָדער: „האו איז יור מעזיניקל?" צי: „ס'מאַזל אויף זיי".

זעהר כאַראַקטעריסטיש פאַר אָט־דעם אַמעריקאַניזירטען מין פאַמיליע־קרייז, איז איינער פון זיי, וואָס דער שרייבער פון די שורות האָט באַזוכט.

ווען די נויט־געשרייען פון די מלחמה־קרבנות האָבען זיך געלאָזט הערען פון יענער זייט ים, האָט אָט־די גרויסע משפחה פון ניו יאָרק און אומגעגענט, אָרגאַניזירט זיך מיט'ן צוועק צו העלפען זייערע פאַראומגליקטע קרובים, אין דער אַלטער היים: אַכטונג צו געבען אויף די אומבאַהאָלפענע פון דער פאַמיליע דאָ אין אַמעריקע און שאַפען אַן אַטמאָספערע פאַר אַ דערנעהענטערונג פון אַלע מיטגלידער דורך אָפטע צוזאַמענקונפטען.

אין פאַרלויף פון יאָהרען האָט זיך דער פאַמיליע־בוים צעצווייגט און איז אויסגעוואַקסען צו אַ מיטגלידערשאַפט פון איבער 400. אין די קאַרגע 20 יאָהר, וואָס דער פאַראיין עקזיסטירט, זיינען דאָרט אויפגעקומען אַ היפּשע צאָהל אָנגעזעהענע און אַפילו באַוואוסטע פּערזענליכקייטען אויף פאַרשידענע געביטען פונ'ם אַמעריקאַנעם אידישען לעבען.

די ערשטע יאָהרען נאָך דער גרינדונג, האָט די אָרגאַניזאַציע געטראָגען אַ גאַנץ אידישליכען כאַראַקטער. די גרויסע אידישע בערד פון איהרע גרינדער האָבען זיך פּראָמינענט אָנגעזעהען אויפ'ן אויבענאָן פון די אָפיציעלע בריוו פון פאַראיין, וואו אַפילו די אידישע פּאָהן ביים זייט פון דער אַמעריקאַנער האָט ניט אויסגעפעהלט.

שפּעטער אָבער ווען אַ צאָהל מיטגלידער זיינען אויפגעקומען און אויסגעוואַקסען צו העכערע שטעלעס אין געזעלשאַפטליכען לעבען און אין דער געשעפט־וועלט פון ניו יאָרק, זיינען שוין אָט־די דערמאָהנטע פּראָמינענטע אידישע בערד מעהר קיין „שיינדעל" ניט געווען. און דער סעקרעטאַר פונ'ס קרייז האָט ביים אַרויסשיקען בריוו צו די „פּערזענליכקייטען" געמוזט אַרונטערנעמען די דערמאָנטע בערדיגע אידען מיט דער אידישער פּאָהן צוזאַמען פון די בריוו.

איינע פון די אויפגאַבען פון דעם זעלבען פאַראיין איז אויך צו זעהן אַרויסהעלפען די אָרימערע מיטגלידער אין געשעפט אַז זיי זאָלען, „חלילה", קיין אַרבייטער ניט דאַרפען ווערען.

כמעט אַלע פאַמיליע־קרייזען שטרענגען זיך אָן דורך באַזונדערע פאָנדען צו פאַרזאָרגען די אומבאַהאָלפענע און פאַראָרימטע אין די אייגענע רייהען און זוכען צו מאַכען זיי פיהלען גוט און היימיש.

טראָץ דעם פּערזענליכען מאָטיוו פון כמעט אַלע פון אָט־די אָרגאַניזאַציעס, טוען אַ היפּשע צאָהל פון זיי אַ סך גוטע אַרבייט אויסער די גרעניצען פון זייערע אייגענע רייהען: זיי אַרבייטען האַנט אין האַנט מיט פאַרשידענע וואוילטעטיגע אידישע אָרגאַניזאַציעס, קומען אין נאָהענטער באַריהרונג מיט פאַרשידענע אידישע אינסטיטוציעס דאָ אין לאַנד און אויך פון יענער זייט ים, וואָס זיי שטיצען מיט אַ פולער האַנט.

פאַר דעם צוועק האָבען זיי באַזונדערע פאָנדען, וואָס יעדע אָרגאַניזאַציע רופט אָן מיט אַן אַנדער נאָמען, ווי: „טשיר־פאָנד, סאָנשיין־פאָנד", א. ד. ג.

שלמה גימפלין

# א לאנדסמאנשאפט פון דער עלטסטער אידישער קהילה אין ניו יארק

אלערליי פעלקער זיינען פארהאן אין ניו יארק. און — אלערליי אידען. רוסישע אידען, פוילישע אידען, עסטרייכישע, האלענדישע, רומענישע, אפריקאנישע... פון אלע טיילען פון דער גארער וועלט.

די האלענדישע אידען קאנען אנווייזען מיט באזונדערען שטאלץ — זיי זיינען געווען די ערשטע אידען צו לאנדען אויפ׳ן אמעריקאנעם באדען. ניו יארק האט דאמאלט געהייסען — ניט ניו יארק, נאר „ניו אמסטערדאם״ און איז געווען איינע פון די וויכטיגסטע קאלאניעס פון דער האלענדישער מלוכה.

אין פארבינדונג מיט דער געשיכטע פון די ערשטע אידען אין ניו יארק, איז ווירקליך אינטערעסאנט אויסצוגעפינען: ווער זיינען געווען די ערשטע אידישע „סעטלערס״ אין ניו אמסטערדאם און פונוואנען זיינען זיי געקומען? מיט וואסערע פרנסות האבען זיי זיך באשעפטיגט? ווי אזוי האט זיך די היגע אידישע קהילה פאנאנדערגעוואקסען און ווי אזוי איז די לאנדסמאנשאפט פון די האלענדישע אידען אין ניו יארק צושטאנד געקומען?

### א בלעטעל אידישע געשיכטע פון דער קאלאניאלער אמעריקע

אריבער 40 יאהר האט האלאנד געוועלטיגט איבער ניו אמסטערדאם: פון 1623 ביז 1664. אין 1664 האט ענגלאנד די טעריטאריע איינגענומען און, מיט׳ן אויסנאהם פון לערך א יאהר, אנגעהאלטען איהר ממשלה ביז 1775, ווען די קאלאניסטען זיינען זיך צונויפגעקומען ביים „פראווינציאלען קאנגרעס״ און געלייגט דעם באדען פאר דער גרויסער אמעריקאנער רעוואלוציע. אט־די רעוואלוציע האט, ווי יעדער ווייסט, א סוף־געמאכט צו דער ענגלישער הערשאפט איבער אמעריקא און געפיהרט צו דער באשאפונג פון אן אומאפהענגיגער מדינה.

די 40 יאהר פון דעם האלענדישען רעזשים אין ניו אמסטערדאם זיינען געווען גינסטיגע פאר אידישער אימיגראציע דא. די היגע אידישע קהילה האט געבליהט.

באזונדערס וויכטיג פאר אונז איז דאס יאהר 1654, ווארום אין יולי פון דעם יאהר, איז מיט דער שיף „פעירטרי״, אנגעקומען אהער פון האלאנד דער ערשטער אידישער „סעטלער״ דזשייקאב בארסימסאן. מיט א פאר חדשים שפעטער האט דא געלאנדעט די שיף „סט. קאטארינא״, מיטפיהרענדיג מיט זיך די ערשטע אידישע אימיגראנטען־גרופע: 27 אידען פון בראזיל, וועלכע האבען פון דארט געמוזט אנטלויפען ווען פארטוגאל האט די קאלאניע צוריקגענומען פון האלאנד. די פארטוגעזער האבען דאן ארויסגעגעבען א גזירה, אז אלע אידען פון בראזיל מוזען ארויס אין גלות. האבען די 27 אידען, וועלכע מיר האבען פריהער דערמאהנט, גענומען האק־און־פאק און עמיגרירט קיין אמעריקא. אינגיכען האבען די עטליכע טויזענט נאךפארבליבענע אידען אין בראזיל, אויך געטאהן דאס זעלביגע.

מיט׳ן אנקומען פון יענע 27 אידען, איז פארבונדען אן אינטערעסאנטער אינצידענט:

ווי עס ווייזט־אויס האבען זיי קיין געלט אויף שיפסקארטען ניט געהאט, ווארום די שיפס־קאמפאני האט, פאר׳ן פאהרען, אונטערגעשריבען מיט זיי א קאנטראקט: זי לייגט־אויס פאר זיי דאס געלט, מיט׳ן תנאי, אז מ׳זאל זיי ערלויבען פארקויפען דאס גאנצע האב־און־גוטס פון די מיטפאהרער און דערצו, האלטען ביי זיך צוויי פאסאזשירען, אלס משכנות, ביז דער באלאנס פונם חוב וועט אויסגעצאהלט ווערען.

די פאסאזשירען האבען דערויף איינגעשטימט — א ברירה האבען זיי געהאט? — און די רייזע איז אריבער בשלום.

די אידישע קהילה פון ניו אמסטערדאם, איז פון 1654 אן געוואקסען ווי אויף הייוען. די אידישע קאלאניסטען האבען ביסלאכוויז גענומען שפילען א ראליע אין עקאנאמישען און געזעלשאפטליכען לעבען פון שטאט.

אינטערעסאנט איז די פעטיציע, וואס דריי אידען — אייברעהעם דע לוטשאנא, סאליוואדאר דע אנדראדא און דזשייקאב קאהען — האבען אין 1654, צוגעשטעלט דער לאקאלער שטאט־פארוואלטונג, מ׳זאל געבען א שטיק לאנד פאר א אידישען בית־עולם. ענטפערענדיג אויף דער פעטיציע האבען די שטאט־טאטעס ערקלעהרט, אז ניו אמסטערדאם קאן זיך דערווייל באגיין אן א אידישען בית־עולם און זיי האבען דעם פארלאנג צוריקגעוויזען. שפעטער אבער, אין 1656, האט די היגע אידישע קהילה געקראגען א „לאט״, אויף ניו בויערי, לעבען אליווער סטריט, אין מאנהעטען. דער בית־עולם איז געבליבען און ווערט אפגעהיט ביז׳ן היינטיגען טאג. און אויף עטליכע מצבות זעען זיך נאך איצט אן די נעמען פון באערדיגטע.

עס ווערען דערמאָנט : מאָזעס לוטשאַנאַ און אשר ליווי, וועלכע האָבען ביי זייער לעבען געשפּילט אַ וויכטיגע ראָלע אין אידישען געזעלשאַפטליכען לעבען פון ניו אַמסטערדאַם.

וועגען גאָווערנאָר סטייוועסענט'ז, דאַרף מען, צווישען אַנדערעס, געדענקען : אַז אין זיין רעזשים איז געשאַפען געוואָרען די ערשטע אידישע געטאָ אין שטאָט.

אין 1682, איז דאָ געגרינדעט געוואָרען די ערשטע שוהל, באַקאַנט אַלס די „מיל סטריט קאָנגרעגעישאָן". דאָס איז די סאַמע עלטסטע קאָנגרעגעישאָן אין לאַנד. דער גרעסטער טייל פון איהרע טשאַרטער־מיטגלידער זיינען געווען האָלענדישע. כאַראַקטעריסטיש איז, אַז די שוהל איז אַריבער 100 יאָהר געווען די איינציגע אין גאַנץ ניו יאָרק.

### אידישע אימיגראַנטען קעמפען־אויס רעכט פאַר זיך אין נייעם לאַנד

עס קאָן זיך אפשר דוכטען, אַז די ערשטע אידישע אימיגראַנטען וואָס זיינען אָנגעקומען אַהער האָבען גענאָסען פון די פרייהייטען און פריווילעגיעס, וואָס מ'האָט געגעבען אַנדערע פעלקער־גרופּעס דאָ. עס איז אָבער אַ טעות. קיין האָניג האָבען די דאָזיגע אידען ניט געלעקט. פּיטער סטייוועסענט, דער גאָווערנאָר פון „ניו נעדערלענדס", פון וועלכען ניו אַמסטערדאַם איז געווען אַ טייל, האָט שטאַרק פיינט געהאַט די אידען. באַזונדערס האָט ער געשטורעמט געגען דעם, וואָס אידישע „סעטלערס" קומען־אָן אַהער. און ער האָט, אויף פאַרשיידענע אופנים, געפּרואווט שטערען די באַוועגונג. דאָס האָט זיך איהם אָבער, בלויז אין אַ קליינער מאָס, איינגעגעבען.

דער לאַנגער קאַמף וואָס די ערשטע אידישע אימיגראַנטען אין ניו אַמסטערדאַם האָבען אָנגעפיהרט, צו געווינען סיי עקאָנאָמישע, סיי ציווילע רעכט, שטעלט מיט זיך פאָר אַ קאַפּיטעל פון העראָאיזם, עקשנות און געוואַלדיגען אויסדויער.

לאָמיר זעהען, ווי יענע אידען האָבען, פאַמעלעכווייז, זייער פילזייטיגען קאַמף געוואונען.

ווי־נאָר די ערשטע גרופּעס אידען זיינען אָנגעקומען אין נייעם לאַנד, האָט גאָווערנאָר סטייוועסענט געשיקט אַ שאַרפען פּראָטעסט צו דער „דאָטש וועסט אינדיעס קאָמפּאַני", אין אַמסטערדאַם, פאָדערענדיג, אַז די קאָמפּאַני זאָל מער ניט ברענגען קיין אידישע איינוואַנדערער אַהער. דער פּראָטעסט איז געשיקט געוואָרען צו דער קאָמפּאַני, וואָרום זי האָט אָנגעפיהרט מיט דער גאַנצער קאָלאָניזאַציע־אַרבייט און איז אין דער אונטערנעהמונג געווען די גרעסטע דעה־זאָגערין.

דערוויסענדיג זיך וועגען גאָווערנאָר סטייוועסענט'ס אַנטיסעמיטישען באַשלוס, האָט די אידישע קהילה אין אַמסטערדאַם, זיך גלייך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט דער „דאָטש וועסט אינדיעס קאָמפּאַני" און זי האָט אויסגעווירקט, אַז די קאָמפּאַני זאָל באַפעלען דעם גאָווערנאָר צוריקצוציהען דעם באַשלוס אָפּצושטעלען אידישע איינוואַנדערונג אין נייעם לאַנד. די דאָזיגע פאַראָרדנונג איז אַ היסטאָרישע און שטעלט פאָר מיט זיך, קאָן מען זאָגען, די „מאַגנאַ קאַרטאַ" פון אידישער אימיגראַציע אין אַמעריקע.

אין דער זעלבער פאַראָרדנונג, האָט די קאָמפּאַני ערקלעהרט, אַז די אידען פון ניו אַמסטערדאַם זיינען באַרעכטיגט צו די זעלבע ציווילע און פּאָליטישע פרייהייטען, וואָס מ'האָט זיי געגעבען אין דער אַלטער היים. אַ דאַנק דער אויסטייטשונג, האָבען די היגע אידישע איינוואוינער פרייער אָפּגעאָטעמט. און אַ ניי לעבען האָט זיך פאַר זיי אָנגעהויבען.

נאָך אַ קאַמף, וואָס האָט אָנגעהאַלטען אַריבער צוויי יאָהר, האָט די היגע אידישע קהילה, אין אַפּריל, 1657, ענדליך געוואונען בירגער רעכט. שטימרעכט איז דעם אידישען איינוואוינער גאַראַנטירט געוואָרען, צוגלייך מיט איינוואוינער פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטען.

צי האָט אַ איד דאָס געזעצליכע רעכט צו האַלטען שבת? ווערט די רעכט אָנערקענט?

אָט־די פראַגען זיינען, אויף אַ כאַראַקטעריסטישען אופן, אויפגעשוואומען אין היגע אידישע קרייזען, אין 1658.

דאָס געריכט האָט ענדליך דערויף אַן ענטפער געגעבען.

געהאַנדעלט האָט זיך עס וועגען אַ ציווילער קלאַגע, וואָס עמיצער האָט יענעם יאָהר אַריינגעבראַכט אין אַ לאָקאַלען „קאָורט" געגען דעם אידען דזשייקאָב באַרסימסאָן. גראָד האָט זיך געמאַכט, אַז באַרסימסאָן איז גערופען געוואָרען צו ערשיינען פאַר'ן געריכט אין אַ שבת, צו ענטפערען אויף דער קלאַגע. נאַטירליך איז ער יענעם טאָג ניט געקומען. אָבער אָנשטאָט איהם צו באַשולדיגען, האָט דער ריכטער, פאַר וועמען די „קעיס" איז פאָרגעבראַכט געוואָרען, ערקלעהרט, אַז מ'קאָן באַרסימסאָנ'ען ניט ציהען צו פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַר ניט קומען אין געריכט אין אַ שבת, „וואָרום שבת איז דער הייליגער אידישער רוהטאָג און דאַרף אַלס אַזעלכער אָנערקענט ווערען".

---

די ערשטע אידישע אימיגראַנטען, וואָס זיינען אָנגעקומען אַהער, האָבען זיך ניט געקאָנט נעמען צו לאַנדפאַרקויף, וואָרום די לאָקאַלע שטאָט־פאַרוואַלטונג האָט גע'פסק'נט : „פאַרבאָטען פאַר אידען", אויך קויפען „פּראָפּערטי" איז געווען געגען געזעץ. טאַקע וועגען דעם האָט זיך אַנטוויקעלט אַ ביטערער קאַמף אין געריכט. און עס איז כדאי די איינצעלהייטען דאָ איבערצוגעבען.

אין דעצעמבער 1655 האָט דער האָלענדישער איד, סאַלוואַטאָר ד'אַנדראַדאַ, געקויפט אַ „לאָט" און אַ גרויס הויז אין שטאָט. ווען דער באַלעבאָס האָט געהאַלטען אין פאַרענדיגען דעם „דיעל" מיט ד'אַנדראַדאַ'ן, האָט ער זיך געכאַפּט, אַז דאָס געזעץ פאַרבאָט מ'זאָל פאַרקויפען

ריעל עסטעיט צו אַ אידען. דער סוף איז געווען, אַז דאָס געריכט האָט די טראַנסאַקציע בטל־געמאַכט און די „פּראָפּערטי" איז פאַרקויפט געוואָרען צו אַן אַנדערען.

אינגיכען איז דער געזעץ אָפּגעשאַפט געוואָרען.

צוליב די אַנטי־אידישע געזעצען, וואָס זיינען געווען אין קראַפט אין ניו אַמסטערדאַם, בעת גאָווערנאָר סטייוועסענט האָט דאָרט געהערשט, האָבען די ערשטע אידישע אימיגראַנטען זיך ניט געקאָנט נעמען צו האַנדעל און ס'איז זיי אויך געווען פאַרבאָטען אָנצופיהרען מיט „סטאָרס" אָדער געשעפטס־פּלעצער. נאָך אַ שטאַרקען קאַמף, וואָס די אידישע באַפעלקערונג האָט אָנגעפיהרט, זיינען אויך די גזירות אָפּגעשאַפט געוואָרען.

אין אַ נייעם פאַרזוך אָנצוטאָהן אידען צרות, האָט גאָווערנאָר סטייוועסענט אַרויפגעלייגט אויף זיי אַ ספּעציעלען מיליטערישען שטייער. ווען די „וועסט אינדיאַ קאָמפּאַני" אין אַמסטערדאַם האָט זיך וועגען דעם דערוואוסט, האָט זי דעם גאָווערנאָר גוט אויסגע'מוסר'ט און באַפוילען, אַז דער שטייער זאָל אַרונטערגענומען ווערען.

## די האָלענדישע אידען פון ניו יאָרק אָרגאַניזירען זיך

מיר וועלען איבערהיפּען 200 יאָהר אין דער געשיכטע פון ניו יאָרק און זיך אָפּשטעלען אויף דער אַנטוויקלונג פון האָלענדישען אידענטום דאָ אין שטאָט.

אין 1859, האָבען די היגע האָלענדישע אידען איינגעזעהען, אַז כדי צו פאַרטיידיגען ווי געהעריג זייערע אינטערעסען, מוזען זיי זיין אָרגאַניזירט.

און די „נידערלאַנד איזראַעליטיש סיק פאַנד סאָסייעטי" איז יענעם יאָהר געבוירען געוואָרען.

זעלבסט־הילף, בויט־הילף, קרקע, ענגער פאַרבינדען די לאַנדסלייט־ברידער דאָ — דאָס זיינען געווען די מאָטיווען, וואָס האָבען באַוואויגען די היגע האָלענדישע אידען, די סאָסייעטי צו ברענגען צום לעבען.

די גרינדונג פון דער אָרגאַניזאַציע איז פאָרגעקומען דעם 10טען דעצעמבער, 1859, אין אַ געביידע, קאָרנער ברום סטריט און די באַוערי, אין מאַנהעטען.

די ערשטע באַאַמטע פון דער סאָסייעטי זיינען געווען: אייזיק ראובלס, פּרעזידענט; נייטען סאָונדערס, וויס־פּרעזידענט; דזשאָזעף פּאָלאַק, סעקרעטאַר און סיימאָן ווינקעל, טרעזשורער.

ביי דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג האָבען די מיטגלידער אָנגענומען די פאָלגענדע רעזאָלוציע: „זאָל דער בוים, וואָס מיר האָבען איצט איינגעפלאַנצט, בליהען, וואַקסען און זיין פרוכטבאַר און זאָלען די וואָרצלען שלאָגען טיפער און טיפער".

דער דאָזיגער וואונש איז מקוים געוואָרען, ווארום די סאָסייעטי צעהלט איצט אַ מיטגלידערשאַפט פון אַריבער 400, צאָלט בענעפיטס, פאַרמאָגט 4 סעמעטעריס און פירט אָן פאַרשיידענע קולטורעלע און געזעלשאַפטליכע טעטיגקייטען.

אויף ווי ווייט די אָרגאַניזאַציע האָט זיך אין די קאָרגע אַכציג יאָהר פון איהר עקזיסטענץ אויסגעברייטערט, איז צו זעהען פון די פאַרשידענע בענעפיטס, וואָס זי צאָהלט איהרע מיטגלידער.

די סאָסייעטי איז אַ געזעצליך־אָנערקענטע; זי איז געטשאַרטערט געוואָרען דעם 25טען פעברואַר, 1859, לויט די געזעצען פון דעם שטאַט ניו יאָרק.

זי האָט, צווישען אַנדערעס, איינגעפיהרט אַ טשאַריטי־פאַנד, וואָס איז אַריין אין קראַפט דעם 8טען נאָוועמבער, 1862. יעדער מיטגליד ווערט „געטעקסט" צוויי סענט אַ מאָנאַט, כדי דעם פאַנד אָנצוהאַלטען.

מיטגלידער און זייערע פרויען ווערען באַזאָרגט מיט מעדיצינישע הילף. אַ געזעץ וועגען דעם איז אַריין אין קראַפט דעם 8טען פעברואַר, 1862.

צווישען אַנדערעס, קריגט יעדער מיטגליד קראַנקען־בענעפיט — מאַקסימום 26 וואָכען.

פיער קרקע'ס פאַרמאָגט איצט די אָרגאַניזאַציע. איהר ערשטער בית־עולם איז געעפענט געוואָרען דעם 21טען אָקטאָבער, 1866, אין בעיסייד סעמעטערי.. און די מיטגלידער האָבען זיך דאַמאָלט געטעקסט 25 סענט אַ קוואָרטאַל יעדער, פאַרפליכטענדיג זיך דעם טעקס אָנצוהאַלטען, ביז דער בית־עולם וועט אויסגעצאָהלט ווערען.

די לאַנדסמאַנשאַפט פון די האָלענדישע אידען פאַרמאָגט אויך אַ שבעה־פאַנד, וואָס איז אַריין אין קראַפט דעם 9טען מערץ, 1861.

די אָרגאַניזאַציע זאָרגט פאַר מיטגלידער, ווי אויך פאַר'ן וואוילזיין פון אלמנות פון מיטגלידער. לויט אַ געזעץ, וואָס איז אָנגענומען געוואָרען דעם 15טען אויגוסט, 1888, איז די אלמנה פון אַ מעמבער באַרעכטיגט צו אַלע סאָסייעטי־בענעפיטס, אויב־נאָר זי האַלט־אָן איהרע צאָהלונגען פון 25 סענט אַ מאָנאַט. אין פאַל פון איהר טויט, ווערט זי באַערדיגט אויפ'ן חשבון פונ'ם לאַדזש, אויפ'ן בית־עולם פון לאַדזש.

אין פאַל פון טויט פון דער פרוי פון אַן אַקטיווען מיטגליד, קריגט דער מיטגליד אויסגעצאָהלט אַן „ענדאָומענט" פון 500 דאָלאַר.

די סאָסייעטי איז, זינט איהר גרינדונג, היפּש אויסגעוואַקסען. דעם 12טען דעצעמבער, 1909, האָט זי געפייערט איהר 50־יאָהריגען יובילעי מיט אַ מאַסענפאַרזאַמלונג, באַנקעט און באַל. קומענדיגען יאָהר, 1939, וועט זי פייערען איהר 80־יאָהריגען יובילעי און וועט קאָנען אָנווייזען אויף גרעסערע, מעהר־פאַרצווייגטע דערגרייכונגען.

ד. ק.

# וואָס איז געוואָרען פון די אנשי'ם אין האַרלעם?

אין יאָהר 1917, זיינען, צווישען אַנדערע שוהלען אין האַרלעם, רעגיסטרירט געוואָרען (אין קהלה-בוך) אַרום 25 לאַנדסמאַנשאַפט-קאָנגרעגעישאָנס. היינט, נאָך 21 יאָהר, קוקט עס אויס ווי מען וואָלט געגאַנגען אויף קבר אבות: פון די אַמאָליגע לאַנדסמאַנשאַפט-צענטערען זיינען קוים געבליבען שפורען.

אין יאָהר 1870, ווען דער עלעווייטעד פאַרקעהר איז איינגעשטעלט געוואָרען (ביז דער 145טער גאַס), האָבען זיך די אידען פון „דאַון-טאַון" אַ לאָז געטאָן אַרויף-צו, נאָך „בעדרומס". שפּעטער (1904—1906) ווען די סאָבוועי-ליניע איז געצויגען געוואָרען ביז דער 221טער גאַס, זיינען אידען אַוועק העכער. אַזוי אַרום איז בראָנקס געוואָרען דער אידישער ישוב. אין דער צווישען צייט אָבער, פון 1879 ביז אומגעפער 1925, האָט דער אידישער האַרלעם געשפּילט אַ וויכטיגע ראָליע.

לעבען לענאָקס עוועניו און 110טער גאַס, איז געווען אַ אידיש טעאַטער. אין די יאָהרען פון 1913—1915, איז דאָרט דערשינען אַן אידישע צייטונג: „די בראָנקס-האַרלעמער פּרעסע". די גאַסען פון האַרלעם, ביז 120טער גאַס, זיינען דאַן געווען פול מיט איינגעבירגערטע אידען און פרישע אימיגראַנטען. „אלי, אלי", „איך ברענג דיר אַ גרוס פון דער היים" און יאָסעלע ראָזענבלאַט'ס „וכל מאמינים שהוא" האָט מען געהערט פון יעדען פענצטער. דאָ זיינען אויך אַנטשטאַנען די ערשטע אידישע אַרבעטער קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונגען, ארבעטער צענטערס א. אַז. וו. פאַרשטענדליך אַז אַרום דער-אָ סביבה האָבען זיך גרופּירט לאַנדסלייט מיט סאָסייעטיס, קאָנגרעגעישאָנס, מיטינג-לאָקאַלען און צענטערען.

היינט, אין 1938, זיינען אויפ'ן זכר פון אַמאָליגען לאַנדסמאַנשאַפט-געזעלשאַפטליכען לעבען פאַרבליבען גרויסע שוהל-געביידעס מיט אָפּגעריבענע, העברייאיש-אידישע אויפשריפטען, און איבער זיי טראָגען זיך שילדען פון „באַפּטיסט-טשוירטש", „פאַטער-דיוויין", פאָרטאָ-ריקער זאַלען פון שפּאַנישע צענטערען.

ווי אַזוי האָט זיך דאָס געענדערט מיט אַמאָל? ס'איז אַמעריקע, ענטפערען די פאַרבליבענע אידען. (דאָס דאַרף באַטייטען אַז דאָ אין לאַנד מאַכט מען אַלץ שנעל). די הייזער דאָ זיינען פאַרעלטערט, פאַרבליבען זיינען בלויז איינגעפונדעוועטע אינסטיטוציעס, אידען צוליב געשעפט, און אַנדערע וועלכע זיינען צו אָרים זיך אַרויסצוציהען.

לזכרון פון אַמאָליגע לאַנדסמאַנשאַפט קאָנגרעגעישאָנס געפינט זיך אויף 18 איסט 116טע גאַס, דער ערשטער אוהב צדק אונגאַרישער קאָנגרעגעישאָן, אָרגאַניזירט 1873.

צוויי בלאָק ווייטער, אויף 118 וועסט 114טע גאַס, געפינט זיך דער עדת יעקב אנשי סלאָבאָדקער קאָנגרעגעישאָן, אָרגאַניזירט 1907. דער שמש פון דער שוהל באַקלאָגט זיך, אַז קיין מנין קען ער ניט אַריינקריגען. ער אַליין, זאָגט ער, לייגט-צו, פיר דאָלאַר וועכענטליך צום געשעפט.

— יאָ, אָבער וואו זיינען די סלאָבאָדקער?

— וואָס פאַראַ סלאָבאָדקער? זיי קומען בלויז איינמאָל אין אַ יובל צו אַ מיטינג. די שוהל דאָ האַלט זיך בלויז אויף די עטליכע אידען, וואָס מען שקראָבעט צונויף.

דעם זעלבען פּזמון הערט מען ביי די האָמלער, אויף 51 איסט 104טע גאַס.

די צוויי-שטאָקיגע געביידע איז פאַרבליבען מיט אַן אויפשריפט פון 1915. געבויט האָבען עס אין יענעם יאָהר די פלאָצקער. שפּעטער איז עס אַריבערגעגאַנגען צו די גלובאָקער, און איצט האָבען עס די אנשי האָמלער.

שטעהט די שוהל פּונקט ווי די אַנדערע, און דער שמש האָט שוין אַפילו אויפגעהערט צו רופען צום מנין.

אינמיטען אַ זונטאָג בייטאָג איז דאָ געזעסען דער שמש איינער אַליין און זיך פאַרריכט אַן אַלטען שירם.

— שלום עליכם אַ איד!

— עליכם ועל בניכם!

— נו?

— נו, נו, די עלטערע שטאַרבען אויס און קיין איינגערע קומען ניט צו. די סאָסייעטיס בלייבען מיט דער קרקע און ווען מ'קען נאָר פאַרקויפען די געביידעס, עך, ווען ס'וויל דאָס עמיצער קויפען!

ביי די סלאָבאָדקער האָט זיך דער שמש באַקלאָגט, אַז ער לייגט-צו געלט און אַז אַ מנין קען מען נאָר געפינען ביי זיי (אַנוויזענדיג אויף די דערנעבענדיגע נעגער-קירכעס). דאָ, ביי די האָמלער, האָט דער שמש ווייניג-וואָס גערעדט, אָבער וועגען איהם דערציילען די שכנים, אַז ער האָט אַריינגעלייגט עטליכע טויזענט דאָלער אין דעם געשעפט.

אַ סך שוהלען זיינען אַזוי-אַרום געבליבען ביי די שמשים אויף די הענט. די לעצטע האָבען זיך „איינגע-

קויפט" דזשאַבס, און איצט זיצען זיי אין שרעק, אַז אַ ליאַדע טאָג וועט מען דאָ אויך אַרויפקלאַפּען אַ צלם און — אויס שוהל, אויס דזשאַב...

אויף 24 וועסט 114טע גאַס, איבער אַן אויפשריפט פון אנשי פוילען, הענגט אַ שילד — „באַפּטיסט טשורטש". דאָס איז אַ ריזיגע געביידע, און מ'האָט שוין באַלד פאַר־געסען אַז אידען זיינען דאָ אַמאָהל געווען.

אויף 1364 — 5טע עוועניו, אין פּלאַץ פון קאָנגרע־געישאַן אהבת אחים טאָמאַשאָווער און פּיעטריקאָווער—פּוי־לען, אָרגאַניזירט אין 1894, געפינט זיך איצט די „באָס־טעללאָ קאָפי אימפּאָרט הויז". די געגענט איז אַ שפּאַנישע.

16 יאָהר ווי די שוהל איז „אַוועק". פונעם שטעטעל גיט זי אָנצוהערען איז קוים געבליבען אַ דערפעל.

23 וועסט 118טע גאַס, אַמאָליגע יוגאָסלאַווער לאַנדס־לייט, איצט — באַפּטיסט קירכע.

122 וועסט 129טע גאַס — קאָנג. אף תלמוד תורה אוגוסטאָווער, אָרג. 1883, איצט — נעגער־קירכע — „האַלי קראָס".

159 איסט 118טע גאַס — בני ישראל סאַלאַנט אַנשי זאמוט, אָרג. 1908. די געביידע שטעהט ליידיג. די פענצ־טער אויסגעבראָכען. די געגענט איז אַן איירישע.

שליסליך איז נויטיג צו באַמערקען, אַז מיר האָבען



די געביידע פון די אנשי פוילען אין האַרלעם — איצט אַ באַפּטיסטישע קירך (דאַבליו פּי עי פאָטאָ).

1660 מעדיסאָן עוועניו — חברה אנשי אחים קרעמענ־טשוג אשכנזי, אָרגאַניזירט 1905, איצט — פּאָרטאָ ריקאַר צענטער.

64 איסט 104טע גאַס — חברה אנשי גאַליציע אף האַרלעם, אָרגאַניזירט 1907, איצט — „דאָס ליכט פון אַנטיללאַי לאַדזש".

אויף 105 איסט 112טער גאַס — בית הכנסת אנשי מינסק, אָרגאַניזירט 1907 — איצט איז עס באַוואוינט. דער־נעבען איז אַ האַלץ סקלאַד און אַנטגעגען אַ אידיש אייזען געשעפט. די פרוי פון דער קראָם זאָגט אַז שוין אַריבער

בלויז דערמאָנט די קאָנגרעגעישאָנס, וועלכע האָבען נאָך זיך געלאָזט שפּורען. אַנדערע זיינען אָפּגעווישט געוואָרען אָן אַ זכר. נאָך אַנדערע זיינען טראַנספערירט געוואָרען אין פאַרשידענע טיילען פון שטאָט.

עס איז אפשר כדאי אונטערצושטרייכען, אַז הגם דאָס איבערגעהן פון האַרלעם אין דער בראָנקס האָט אויך גע־האָט אין זיך אַ ניצוץ פון אַן עקאָנאָמישען כאַראַקטער, איז אָבער דאָס איבערגעהן געווען אַ פּריוויליגעס. ס'האָט דאָ קיינער ניט געטריבען. אידען, אויפ'ן וועג צו עפּעס בעסערס און באַקוועמערס, זיינען פון האַרלעם אַוועק, אַרויף צו דער בראָנקס.

דוד קעשיר

# אין מאָהילעווער מושב זקנים

מאָהילעוו. די שטאָט ביים דניעפּער. אַמאָל פאַרבענקט זיך אַהיים. ס׳וואָלט זיך געוואָלט נאָכאַמאָל דערפילען דעם טעם פון קאָנאָפּליעס, היימישע פּרעפּעצעס מיט יאַדריצעס באַשמירט, און די יאַדריצעס זאָלען זיין ווי דאָרטען, געשטויסען אין אַ הילצערנער סטופּע מיט אַ סטוקאַטש, און צו דעם נאָך אַ הובערנע זופּ — איז דאָס געווען אַ מחיה! היימישע אידען. אַ פּנים פאַרגעסען, אַז דעמאָלט האָט מען נאָך ניט געהאַט פאַרזוכט קיין קעיק און קאַפּע.

— אָבער וואָס טויג מיר דאָס אַלעס, וויל צדיק וויכניעס (אַ זקן פון מאָהילעווער מושב זקנים) פון דעם אַלעם ניט הערען. — וואָס קומט אַרויס פון אַזאַ לעבען, אַז מ׳זיצט צווישען אייגענע קינדער, יענע רעדען ענגליש, און דו פאַרשטייסט קיין וואָרט ניט?

דער זקן גיט צו, אַז נאָך 25 יאָהר אָפּזיין אין אַמעריקע איז זיך כדאי געווען אויסצולערנען אַביסעל ענגליש. „אָבער אַז מען פּעדעלט אין העסטער סטריט, קאָן מען אַזוי אָפּפּעדלען הונדערט יאָהר, און ס׳וועט אפילו אַ וואָרט ניט צוקומען".

אודאי איז עס ריכטיג, גיט דער אָרשער (אַ זקן) צו, אָבער דער אמת׳ער אמת איז אַז מען קומט אויף דער עלטער, בענקט מען אַהיים. דאָס וויגעל האָט אַזאַ טבע, אַז עס ציט, מעג עס אפילו האָבען געווען צעבראָכען...

דאָס רעדט ער וועגען מאָהילעוו, ניט וויסענדיג, אַז שוין אין יאָהר 1550 האָבען אידען געוואוינט אין יענע מקומות.

אָבער דאָ אין ניו יאָרק האָבען אונזערע מענשען שוין אויך באַלד אַריינגעצימבעלט אַ האַלבען הונדערטער יאָהרען. (מאַקס לעווין, אַ זקן — געקומען קיין ניו יאָרק 1892). מענשען זיינען געלאָפען, ווער פון מיליטער, פון פּאָגראָמען, ווער צו אַ קינד, ווער סתם פון דחקות. און טאָמער האָט אַ טאַטע פון אַן אַנטלאָפענעם זון געוואָלט בלייבען אין מאָהילעוו, האָבען זיי דאָך ניט געלאָזט, ביז וואַנען מ׳האָט ניט באַצאָלט קיין שטראָף.

— ווער זיי?

— די נאַטשולסטוואָ.

— און אַז מ׳האָט ניט געהאַט צו באַצאָלען?

— אַז מ׳האָט ניט געהאַט צו באַצאָלען, האָט מען ניט געטאָרט צינדען קיין ליכט און קיין לייכטערס, און מ׳האָט ניט געטאָרט שטעלען דעם סאַמאָוואַר.

און אויסער דעם (דער אָרשער) איז אַ איד, למשל, ווי איך האָב געהאַט אַ זון, וואָס האָט געהייסען שלמה חיים, האָבען זיי געזוכט שלמה׳נען באַזונדער און חיימ׳ען באַזונדער. נו, גיי טענה זיך אויס, אַז ס׳איז ניטאָ מיט וועמען.

— אָבער מיט מאָהילעוו גופא האָט עס דאָך ניט צו טאָן?

— אודאי ניט. קיינער קאָן ניט פאַרבייטען דעם דניעפּער, מיט די פּליטעס וואָס שווימען צו צום ברעג, מיט די פּאַראַכאָדען, מיט ברוך וואָס נעמט אין פּאָדריאַד, מיט חיים יאָשעס אַכסניה, מיט שיינע חיה פייעס איינפאָר־הויז. אידען האָבען ווי עס איז געמאַכט אַ לעבען. ווער עס איז געווען אַ בעל מלאכה, אַ שניידער, אַ שוסטער, אַ ברוקירשטשיק, און ווער עס איז געווען אַ קאַזשעווניק, אַ סוחר, און וואָס איז דאָ צו רעדען: ס׳האָבען זיך גענוג אַריינגעכאַפּט אַזעלכע ווי זלמן כהן, דער פּראָצענטניק. האָט ער טאַקע געהאַט אַ מיאוס׳ן סוף. (צדוק וויכניעם) אָבער צו וואָס רעדען אויף אַ מת? יאָ, צו וואָס טאַקע?

זיינען דאָך אויך געווען אַזעלכע נגידים ווי שלום ראַטנער. ניט קיין שלעכטער איד, צו דערליידען, אָדער אַזאַ צוקערמאַן, וואָס איז כל ימיו געזעסען אין פּעטערבורג, און דאָ אין מאָהילעוו, האָט ער אויפגעשטעלט די ערשטע „קאָר־שול" בראש מיט׳ן באַוואוסטען גרויסען תלמודיסט, העברייער, געלערענטען, טייערען חזן ר׳ משה בערלין. יאָ, און אין דער שוהל האָבען אַלע אידען געקאָנט אַריינגיין פריי, און דעם רבי׳ן דושעוויטשערס טאַטע איז דאָרטען געווען שמש.

מאָהילעווער, שקלאָווער, אָרשער, לופּינער לאַנדסלייט; מען איז געלאָפען פון דניעפּער, און דאָ זיך דערפילט ווי אויפ׳ן וואַסער. פלעגט מען טאַקע אין די ערשטע יאָהרען גיין איינער צו די אַנדערע אויף טיי, אַדורכשמועסען זיך, דערמאָנען זיך מכח דעם, יענעם. און בינו לבינו האָט מען אויך אַ טראַכט געטאָן, אַז צי וואָס זאָל מאַקס לעווין, למשל, באַלאַנגען צו די באָברויסקער, אַז עס זיינען ברוך השם דאָ גענוג אידען פאַר אַ מאָהיליוער סאָסייעטי. וכך הוה: אין יאָהר 1898 איז געגרינדעט געוואָרען די „מאָהילעווער בענעוואָלענט אָן די דניעפּר", וואָס ציילט שוין היינט 600 מיטגלידער. דער דורכשניטליכער מיטגליד איז געווען אין דער עלטער פון 25—30 יאָהר, און די מעהרסטע האָבען געוואוינט דאַון טאַון).

צו יענער צייט, נאָך איידער דזשעקסאָן פּאַרק איז געבויט געוואָרען האָט אַן אונזעריגער געוואוינט אין צוויי, דריי קאַלטע רומקעס, געצאָלט פינף און אַ האַלבען דאָלער חודש׳ליך, און פאַרדינט ביי אָפּערייטאָריי דריי און אַ האַלבען דאָלער אַ וואָך.

דעמאָלט איז דאָך אָבער אַלץ געווען ביליג.

— יאָ, מ׳קאָן ניט זאָגען, אַלץ איז געווען שפּאָט ביליג. אָבער אַז דער לענדלאָרד האָט זיך מרחם געווען און צוגעשענקט אַ האַלבען טאָן קוילען כדי מ׳זאָל ניט געפרוירען

ווערען, איז אודאי געווען גוט. (מ. לעווין, געוואוינט אויף 229 טשערי סטריט).

— ווי קומט עס אָבער, מיסטער לעווין, וואָס אַזאַ איד ווי איהר, וואָס האָט געדינט פיר יאָר אין דער רוסישער אַרמיי, אַ מאָדערנער מענש, געזונגען אין „טהאליא טעאַטער" אַלס כאָריסט, געמאַכט דערביי ניין דאָלער וועכענטליך, ווי קומט עס וואָס אַזאַ איד האָט זיך בלויז באַגענוגענט מיט דאַווענען ימים־נוראים און נישט געוואָרען קיין זינגער? (געווען אַלע יאָהרען אַן אָפּערייטער.)

— אָט־אָ דאָס איז עס דאָך, וואָס די ווייבער צו יענער צייט זיינען געווען שרעקליך אייפערזיכטיג. זיי האָבען נאָר געדענקט, אַז מען אַנטלויפט מיט די אַקטריסעס. נו, אַ איד, וואָס טוט ניט אַ איד צוליב שלום בית?

מאָהילעוו איז אַ גרויסע שטאָט. די דאָרטיגע אידען, מעהרסט פון זיי קאָנען לערנען, ווער אַ בלעטעל גמרא, ווער אַ פּרק משניות. מ'קאָן; אַ סך זיינען אויך ליבאַוויטשער חסידים. אָבער דער גרויסער דורכשניט איז ניט פרום. דאָס קאָן מען דרינגען פון דעם, וואָס בעת דער בענעוואָלענט האָט זיך געגרינדעט, האָט מען אַריינגעשטעלט אַ פונקט אין דער קאָנסטיטוציע, וואָס זאָגט בפירוש, אַז די קערפּערשאַפט שטיצט ניט קיין רעליגיעזע ווי אויך קיין אַנטירעליגיעזע אינסטיטוציעס. מאָהילעווער זיינען באַקאַנט אַלס אַמאָליגע טעטיגע צווישען די חובבי ציון. אַ באַדייטענדע צאָל „בילאָוצעס" (בית יעקב לכו ונלכה) זיינען פון מאָהילעוו אָפּגעפאָרען בויען ארץ ישראל.

— נו, און מיט סאָציאַליזם איז מען עפּעס געווען פאַרמישט?

ווער עס האָט זיך געמישט, באַלאַנגט צו דעם „בונד", און ווער עס האָט סתם געשריגען „דאָלאָי" אין אַרבעל אַריין. אָבער מעהרסטענס צו זיי, האָט באַלאַנגט די אינטעליגענץ, און מיט דרייסיג יאָהר צוריק האָט מען געשמועסט, אַז דער גאָלאָוואַ פון דער שטאָט, יעזשערסקי, איז אויך געווען פאַרמישט אין די ענינים, און האָט געהאַט דערפאַר אַ סך אויסצושטיין פון גובערנאַטאָר.

און סתם אידען, זיינען דאָרט אַמאָל געגאַנגען אין טעאַטער אַריין זעהן אַזאַ פּיעסע ווי דער „וויעטשני זשיד". איז מען טאַקע אַהיימגעקומען, זיך גוט אויסגעוויינט, און געטראַכט ווי ווערט מען ערגיץ פטור פון די צרות.

— צו אַמעריקע האָבען די מאָהילעווער אידען ניט צוגעלייגט די באָבע'ס ירושה. (לעווין) ווער עס איז רייך געוואָרען, וועמעס קינדער עס זיינען געלערענטע, פיינע קינדער, אָבער . . .

— אָבער, וואָס אָבער? מ'דאַרף דאָך שוין דאַוונען מנחה (וויכנים).

— לעווין: מנחה לעשיו.

און ער האָט זיך אַליין אַוועקגעשטעלט דאַוונען.

— — — — — — — — —

די זון האָט זיך געהאַלטען ביים זעצען. נאָך אַ טאָג אַוועק. אַ פרישער האַרבסטיגער טאָג. נאָר זיי די אַלטע דאָ אינ'ם נייעם מושב זקנים האָבען זיך דערפילט אַביסעל מיד. ס'איז צו גרויס, באַקוועם, און אַביסעל צופיל איבערגעטראַכט און דערמאָנט זיך מיט איין מאָל.

„צו דעם אַלעם, ווען גאָט גיט נאָך כחות. קומט אַרויף אַן אַנדערס מאָל!"

יאָ, מ'וועט זיך מסתמא אַרויפכאַפּען. זייט געזונט.

## ווען גאַליציע רעדט

עס איז שבת צונאַכטס — דער מיטינג קומט פאָר אין דער חברה........ פוןביידע זייטען אינ'ם לאַנגען צימער אויפ'ן צווייטען שטאָק, שטייען ברוינע שוהל־בענק. אויף די ווענט, איינגעראַמט, מיט העברעאישען כתב שוואַרץ אויף וויס, הענגט דער יחוס פון דער סאָסייעטי און דער ליידיס אָקזילערי. אינמיטען שטוב, איבער דער גאַנצער ברייט, ציט זיך אַ ווייסער פאָרהאַנג אויף אַ דראָט — די מחיצה צווישען מענער און פרויען.

היינט איז אַ מיטינג. דער פאָרהאַנג אויפגערוקט. אַלע זיצען צוזאַמען.

די צוויי הויפּט־פונקטען אויפ'ן היינטיגען טאָג־אָרדנונג זיינען: „מעות חיטים פאַר'ן שטעטעל" און „אָנשליסען זיך אין גאַליציאַנער פאַרבאַנד".

— עך פאַרשטיי ניט, — זאָגט אַ מיטגליד, — ווי אַזוי מ'קאָן דאָס רעדען וועגען פסח, ווען מען ווייסט, אַז דאָרטען גייען זיי אויס פון הונגער, און וועלען נאָך חלילה דאַרפען אָנקומען צו חמץ.

נאָענט צום אָרון קודש, נעבען אַ טישעל, מיט'ן האַמער אין האַנט, זיצט דער פּרעזידענט, אַ מאָגערער איד, און קייעט טשואינג גאָם. ער קייעט צום טאַקט פון יענעמס רייד. צומאָל בלייבט ער זיצען מיט אַן אָפען מויל:

— עך פאַרשטיי ניט, — האַלט דערזעלבער סאָסייעטי מיטגליד אין איין איבער'חזר'ן. עס שטייט בפירוש געשריבען: אליעזר יהיב פרוטה לעני, והדר מצל". איז דער טייטש דערפון, אַז אליעזר האָט פריער געגעבען צדקה, ערשט דערנאָך האָט ער זיך געשטעלט דאַוונען. ערשט דעמאָלט, זאָגט די גמרא, קאָן מען זאָגען, אַני בצדק אחזה פניך — איך, מיט גערעכטיגקייט, קאָן שטיין מיט אַן אָפען פנים פאַר דיר.

— אָט־אָ־דאָס זעלבע, — גיט דער רעדנער צו פאַרשטיין,

— קאָן געזאָגט ווערען בנוגע דער סאָסייעטי; און ער פאַרשטייט ניט ווי אַזוי מ'קאָן זיך דאָס גרייטען מיט אַ רואיג געמיט צו פסח, ווען מ'ווייסט, אַז זיי דאָרטען גייען אויס פון הונגער, און ס'וועט זיי חלילה נאָך אויסקומען צו עסען חמץ.

— אמת, אמת. — אַלע זיינען מסכים. די ווייבער זיפצען אויפ'ן קול, און די יונגע פאַר־פעלקער ווערען אומרואיג. זיי, די יונגע, געדענקען ווייניג־וואָס די אַלטע

היים. אַנדערע זיינען אינגאַנצען אַמעריקאַנער געבוירענע. דאָך אַז מ'צעשפּינט דעם פאָדים פון דאָרטען, גיט יעדערען אַ ברי — פּאָרט אייגען בלוט.

אַלע נעמען ווערטער. דאָס געמיט האָט זיך צעברענט.

אויף'ן פראָנט שטייט איינער מיט די הענט אין די קע־שענעס, און רעדט. אין דער הייסער מינוט האָט ער פאַר־געסען צו בעטען דאָס וואָרט, און דער פּרעזידענט האָט איהם פאַרגעסען אָפּצושטעלען. ער, דער רעדנער, וואָס שטעלט זיך פאַר אַלס איינער פון די גרינדער פון דער סאָסייעטי, פּרובירט צו געבען צו פאַרשטיין די צוויי געסט פון גאַליצי־אַנער פאַרבאַנד, אַז דאָס וואָס מ'שיקט אַהיים אויף מעות חיטים, און געלט אויף 70 פּאָר שיכלעך יעהרלעך, איז אַלץ פון די 60 מיטגלידער, וואָס קומען שטענדיג צום מיטינג. „די איבעריגע לאַנדסלייט ווילען ניט וויסען".

ביי די ווערטער האָט זיך שוין אַהרל'ע ניט געקאָנט צוריקהאַלטען, און אויך געבעטען אַ וואָרט. (אַהרל'ע איז אַן אָרגאַנייזער פון אַלעמען און אַלץ. פּראָפעסיאָנעל איז ער אַן אינשורענס אַגענט, און אַזוי ווי ער פאָרט אַרום איבער שטעט צוליב אייגענע געשעפטען, באַזוכט ער שוין אין אין וועג די לאַנדסלייט, און דערמאָנט זיי אַז מ'דאַרף אַהיים־שיקען געלט).

— איך, — דערציילט אהרל'ע, — קום אַריין צו יענעם, און זאָג איהם, אַז די סאָסייעטי שיקט אַהיים רעליעף, און מען נויטיגט זיך פונקט איצט — זאָגט ער מיר, אַז פונקט איצט האָט ער ניט. וואָס הייסט דו האָסט ניט? ס'איז עפּעס פאַר מיר? וואָס הייסט דאָס, איהר הערט? מיט קיין טרינק בראָנפען איז מען צומאָל דערביי ניט מכבד!

און בעת אהרל'ע דערציילט, מאָלט ער אויס די גרעב, די לענג, די הויך פון די לאַנסלייט, וואָס ער באַזוכט. לויט די סימנים דערקאָנען אַלע וועמען מ'מיינט, און נאָך איידער ער דערמאָנט די נעמען, טרעפט מען שוין פאַראויס!

— אוי ס'איז נוטע! ניסעל! פישעל! יונה! א א.

— יאָ, — איז אהרל'ע מסכים אַ צופרידענער, וואָס ער מאָלט זיי גוט אויס. און אַזוי דערציילט ער ווי ער איז איינ־מאָל אין אַ קאַלטער בייסענדיגער נאַכט, אַן ערב הושענא רבה, אַריינגעפאָהרען קיין באַלטימאָר צו די רייכסטע לאַנדס־לייט פון שטעטעל...

„ס'איז געווען קאַלט, איך בין געווען הונגעריג, זיי וואוי־נען ערגיץ אין פּאַלאַצען הינטער דער שטאָט, בקיצור ס'האָט מיך געקאָסט פינף דאָלער אַ טעקסי, און איך בין דערפאָרען".

איך קום אַריין. אַן אַרומכאַפּעניש, אַ גדולה — אהרל'ע, וואָס מאַכסטו? — וואָס זאָל מען מאַכען? וואָס טוסטו? — וואָס זאָל מען טאָן? בקיצור, אַ האַלבע שעה, אַ שעה; איך האָב זיי אָנגעהויבען צו דערציילען די מעשה: „אַזוי און אַזוי איז עס, ברידער לאַנדסלייט, מ'דאַרף אַהיימשיקען אַ פּאָר דאָלער". ערשט אַז ס'האָט זיך אָנגעהויבען אַ יללה. דער האָט מאָרטגעדזשעס אויסצוצאָלען, יענער איז געדריקט, דער האָט אַ טאָכטער, יענער זין. (און דערהויפּט האָט גע־קלאָגט דער וואָס האָט נאָענט צו הונדערט הייזער אין באַל־טימאָר). וואָס קלאָגט עץ, — האָב איך גע'טענה'ט, איך וויל דען חלילה עפּעס פאַר מיר? און בינו לבינו האָב איך דערפילט, אַז איך בין הונגעריג, און דאָ בין איך פּאָרט צווישען לאַנדסלייט.

דערהערט אַז איך בין הונגעריג, זאָגט צו מיר דער גראָ־בער, פון די הונדערט הייזער, אַזוי:

— אַט־אַ דאָרטען דריי בלאָק אַוועק איז אַ רעסטאָראַן, און אַביסעל ווייטער איז אויך פאַראַן אַ באַד, וועסטו זיך שוין דאָרטען אויך קאָנען דורכשלאָפען.

— איהר הערט?

אַלע האָבען געהערט. מינוטענווייז האָט זיך אויסגעדוכט, אַז די ווענט שרייען אויף'ן קול און מאָנען...

איין לאַנדסמאַן האָט זיך די גאַנצע צייט געהאַלטען אין איין אַרומדרייען נעבען דער טיר. ער האָט אויסגעקוקט ווי ער וואָלט געהאַט בויך־גרימעניש.

— וואָס איז, איהר קאָנט טאַקע ניט איינזיצען?

— וואָס מיינט איהר, וואָס? איהר הערט דען ניט די צרות? מ'קאָן דאָך צעבראָכען ווערען. (און ער האָט זיך צעוויינט).

אַן אַנדערער ווידער האָט אויסגענוצט די געלעגענהייט, און דערוויל פאַרגאָסען די צרות מיט אַ שנעפּסעל. (אין דער אונטערשטער טייל פון שטוב שטייט אַ פלעשעל בראָנ־פען מיט עטליכע גלעזלעך: כל דכפין ייתי וישתה).

די צוויי געסט פון גאַליציאַנער פאַרבאַנד האָבען געגעבען צו פאַרשטיין די וויכטיגקייט פון אָנשליסען זיך, און האַל־טען זיך צוזאַמען, און צייגען אַלע אונזערע שונאים, אַז מיט פּאָגראָמען, מיט פּורעניות וועט מען אונזער מאָראַל ניט ברעכען.

— מען דאַרף אויך, — האָט איינער געזאָגט, אונזערע שונאים צייגען, אַז ניט נאָר זיינען מיר גרייט אונזערע ברידער צו באַשיצען מאָראַליש און פיזיש, נאָר אויך פּאָ־ליטיש. מיר וועלען פּראָטעסטירען קעגען די געטאָ בענק וואָס זיי האָבען דאָרטען איינגעפיהרט פאַר אונזערע סטו־דענטען. אונזער סאָסייעטי האָט אויך באַדאַרפט צו שיקען אַ דעלעגאַט קיין וואַשינגטאָן כדי מיטצומאַרשירען און צו פּראָטעסטירען קעגען די אַכזריות'ן — הקול קול יעקב מוז דערהערט ווערען!

די לופט איז געוואָרען הייס און אָנגעשטריינגט. פון די בענק האָט מען זיך געהאַלטען אין איין אויפשטעלען און רעדען. אַלע זיינען געווען געאייניגט אַז מען מוז עפּעס זעהן צו טאָן. דער זייגער איז געווען 11:20. דער איד אונטען האָט זיך געהאַלטען אין איין דערכאַפּען דאָס האַרץ... און דעם צווייטען האָט כסדר געגרימט אין בויך. מען האָט געקאָנט זעהן, אַז מ'וועט שוין היינטיגען אויפדערנאַכט סיי אַוועקשיקען געלט פאַר מעות חיטים, סיי זיך אַנשליסען אין פאַרבאַנד.

ג. ה. גאָרווין

# יובל־פייערונג

אַמאָל, אין האַלב־וויטען אַמאָל, האָט זיי דערנענטערט דער עלענט. האָבען זיי זיך פאַראייניגט צו פאַרטרייבען דעם עלענט געפיהל פון זיך, איינשליסענדיג אַ ספר תורה אַלס שותף וואָס זאָל זיי אַלס פאַרבינדונגס־קראַפט דינען. היינט, נאָך פופציג יאָהר פאַרבונדענשאַפט, האָט זיי די פרייד פון יובל צוזאַמענגעבראַכט.

צען אָרימע, עלענטע, ניט לאַנג אַריבערגעקומענע אימיגראַנטען לאַנדסלייט זיינען זיי דאַן געווען. פונקט אַן אייגענעם מנין צו קענען מאַכען. האָט זיך אָפּגעזוכט איינער פון צווישען זיי וואָס האָט וועגען דעם ענין זיך דורכגעשמועסט מיט אַ צווייטען לאַנדסמאַן. האָבען די צוויי איבערגערעדט וועגען דעם מיט אַ דריטען און די דריי האָבען אָפּגעזוכט און זיך געזעהן מיט אַ פערטען, פינפטען און זעקסטען ביז ס'איז דערגרייכט געוואָרען דער גאַנצער צענדליג. איז מען זיך צוזאַמענגעקומען און מיט גרויס פרייד איינשטימיג אָנגענומען דעם פּלאַן. האָט יעדער איינער פון זיי גענומען קאַרגען פון דאָס נויטיגסטע פאַר זיך, דאָס אָפּגעשפּאָרטע זיך צוזאַמענגעלייגט, און מיט דעם, אַ ספר תורה און אַן ארון קודש זיך איינגעשאַפט און אויך אַ צימער אין א פאַרזאַמלונג געביידע געדונגען, און — די ניו יאָרקער אידישע איסט סייד איז, אין יאָהר 1888, רייכער געוואָרען מיט נאָך אַ בית הכנסת פון מזרח אייראָפּייאישע אימיגראַנטען אידען. אויף דער געביידע איז צוגעקומען נאָך אַ שילד וואָס האָט מודיע געווען אַז דאָ געפינט זיך די שול פון דער חברה בני ישראל אנשי. אַ קורצע צייט שפּעטער איז אַ באַשטימטער שטח־גרונט אויף איינע פון די ברוקלינער באַערדיגונגס פעלדער אויך באַצייכענט געוואָרען אַלס דער אייגענטום פון דער חברה.

מיט דעם אַריבערקום פון נאָך לאַנדסלייט פון דער היים־שטעטעל איז די צאָהל ברידער אין דער חברה געוואַקסען פון צען צו צוואַנציג, פון צוואַנציג צו פופציג, פון פופציג צו הונדערט, הונדערט און פופציג ביז מעהר פון צוויי הונדערט. פון קליינעם שול צימער האָט מען זיך אַריבערגעצויגען אין אַ גרעסערען, פון גרעסערען אין אַ נאָך גרעסערען און נאָך גרעסערען ביז מ'האָט דערגרייכט צו אַן אייגענעם שול בנין.

ביז צו אַרום האַלב פון איהר פופציג יאָהריגען עקזיסטענץ האָט די חברה געהאַלטען אין איין בליהען און וואַקסען. זי איז געוואָרען צאָהלרייך אין מיטגלידער, מאַטעריעל פעסט, און שטאַרק אין איינפלוס. אָבער אין דער צווייטער העלפט פון איהר יובל יאָהרען האָט זי גענומען פאַרלירען, ביסלעכווייז, אין קראַפט. מיטגלידער האָבען וואָס ווייטער אַלץ מעהר זיך גענומען אַרויסציהען פון דער איסט סייד אין ווייטע געגענטען. טייל פון זיי אין שטעט און שטעטלאך ווייט אַריבער די גרעניצען פון ניו יאָרק. מיטגלידער האָבען גענומען אויסשטאַרבען. נייע זיינען ווינציג וואָס צוגעקומען. די שפּעטערדיגע אַריבערגעקומענע אימיגראַנטען לאַנדסלייט האָבען זיך גענומען גרופּירען אין באַזונדערע אומאָפּהענגיקע קערפּערשאַפטען. איז היינט, ביי איהר פופציג יאָהריגער עקזיסטענץ פייערונג, באַשטעהט די חברה פון בלויז עטליכע צענדליג ברידער, מערסטענס עלטערע מענשען, און דאָס אויך ניט מעהר פון בלויז לאַנדסלייט. אָבער אין זייער יובל פייערונג האָבען זיך באַטייליגט און זיך משמח געווען עטליכע הונדערט מענער, פרויען און יונגוואַרג.

בלויז איינער פון די ערשטע גרינדער פון דער חברה איז נאָך פאַרבליבען צווישען די לעבעדיגע, אַנטייל צו נעמען אין דעם יום טוב. אויסער די הויפּט מחותנים, די חברה ברידער און זייערע פרויען, איז די גרויסע מערצאָהל פון די בעלי שמחה באַשטאַנען פון די קינדער און דערוואַקסענע אייניקלאך פון די איצטיגע מיטגלידער און פון טייל פון די לאַנג פאַרשטאָרבענע, סתם לאַנדסלייט פון דער היים־שטעטעל און אויך לאַנדסלייט פון די דערבייאיגע אַלטע היים־שטעטלאך. עס זיינען אויך געווען פאַרטרעטענדיגע קאָמיטעס פון אַנדערע לאַנדסלייט אָרגאַניזאַציעס, פּראָגרעסיווע און ראַדיקאַלע. זיי זיינען געשיקט געוואָרען פון זייערע אָרגאַניזאַציעס אָפיציעל זיך צו באַטייליגען אין דעם פופציג יאָהריגען יובילייאום פון זייער היגען ערשטען לאַנדסמאַנשאַפט פאַראיין וועלכער האָט, אין די ערשטע צען־פופצען יאָהר פון זיין עקזיסטענץ, געדינט ניט נאָר אַלס שול חברה פאַר די לאַנדסלייט, נאָר האָט זיך אויך ליב־האַרציג אָפּגעגעבען מיט דער מצוה מקבל פנים צו זיין די ניי אָנגעקומענע אימיגראַנטען פון זייער אַלטער היים־שטעטעל. זיי זיינען געקומען באַגריסען אין נאָמען פון זייערע אָרגאַניזאַציעס און אין זייערע אייגענע נעמען און ווינשען לאַנגע יאָהר זייערע אַלטע לאַנדסלייט און זייער חברה, וועמעס שול האָט אין די פריהערדיגע יאָהרען אויך געדינט אַלס אַ מין אויפנאַם־צענטער און אינפאָרמאַציע און קרובים אָפּזוכענדיגע

ביורא פאַר אַלע זייערע ערשטע אַריבערגעקומענע אימיגראַנטען לאַנדסלייט. עס איז געווען אָט די ערשטע, איצט אַלטע אין יאָהרען און כוחות, חברה, וואָס האָט זיי, די שפּעטער געקומענע, געדינט ווי אַ לייכט־טורם אויף דעם זייט ים, וואָס האָט זיי געמאַכט צום פיהלען זיך היימישער, לייכטער אין זייערע ערשטע, שווערע אימיגראַנטען טעג אין דעם גרויסען פרעמדען לאַנד.

און ס'זיינען געקומען צו דער פייערונג ניט בלויז די לאַנדסלייט וואָס געפינען זיך אין ניו יאָרק און אומגעגענט, נאָר אויך פילע וואָס האָבען זיך שוין זינט יאָהרען צוריק אַרויסגעצויגען פון ניו יאָרק — פון ווייטע שטעטלאך אין ניו דזשוירזי, קאָנעקטיקוט און אפילו פון פילאַדעלפיע.

אַ גאַנצער שטעטעל מענשען מיט זייערע קינדער און קינדס־קינדער, אָפּגעשיידט פון זייער אַלטער היים־שטעטעל זינט יאָהרען לאַנג, האָט זיך גענומען גרייטען צו דער שמחה.

מ'געפינט זיך דאָ אין לאַנד שוין דרייסיג, פערציג, פופציג און אויך מעהר יאָהר. מען איז בירגער און גוט איינגעבירגערט. מ'האָט ליב דאָס לאַנד. מ'איז גרייט איינצושטעלען לייב און לעבען פאַר דאָס לאַנד. מ'דאַנקט גאָט און די הימלען פאַר געפינען זיך דאָ, און מען באַדויערט אַלע גוטע פריינט וואָס געפינען זיך נאָך דאָרט. דאָך, ווען עס קומט צו רייד וועגען שטעטעל וואו מ'איז געבאָרען געוואָרען, וואו דאָס וויגעלע איז געשטאַנען, איז דאָס נאָך אַלץ און אַלץ — די היים. דאָס איז אָבער גאַנץ נאַטירליך מענשליך: ס'איז די קינדהייט און יוגענט היים, דערפאַר די אַלטע ליבע היים וואָס קען ניט פאַרגעסען ווערען. וואָס לענגער מען איז פון איהר אַוועק און וואָס ווייטער, וואָס מעהר מען געפינט זיך אויסער'ן קרייז פון די נאָענטע יוגענד חברים און וואָס עלטער מען ווערט אַלץ מיט מעהר ליבע און וואַרימקייט בענקט זיך, דענקט זיך און רעדט זיך וועגען איהר — די אַלטע היים. און עס טליעט אַ באַהאַלטענער באגער זיך צו באַגעגענען, זיך צו טרעפען און כאַפּען אַ שמועס מיט די אַלטע היים־שטאָט מענשען — מיט די אַמאָליגע חברים און חבר'טעס. עס ווילט זיך דערוועקען אַן אַמאָליגען אנגענעמען איבערלעבונגס געפיהל כאָטש דורך דערמאָנונג און דירך איבערדערציילען איינס די אַנדערע אַמאָליגע פּאַסירונגען און פּערזענליכע יוגענטליכע איבערלעבענישען פון אַמאָל, אין דער אַלטער היים־שטעטעל.

האָט אָט דער פאַרשטיקטער טליענדיגער באגער אויפגעפלאַקערט ביי די היגע לאַנדסלייט, האָט זיך אָט דער פאַרלאַנג שטאַרק צוצונדען אין זיי ווען זיי האָבען זיך דערוואוסט וועגען דער יובילייי פייערונג פון זייער אַלטער לאַנדסלייט חברה. יום טוב'דיג געשטימט האָבען זיי זיך גענומען פאָרבערייטען אנטייל צו נעמען אין דעם. וואָס נאָענטער עס האָט זיך צוגערוקט דער טאָג פון דער שימחה, מיט אַלץ מעהר פריידיגער דערוואַרטונג זיינען זיי איבערפילט געוואָרען.

דער דערוואַרטעטער טאָג איז געקומען. גראָד איז עס געווען אַ כמאַרנער, אַ רעגענדיגער — גאָר, גאָר ניט קיין יום טוב'דיגער. אָבער די לאַנדסלייט זיינען יענעם טאָג אויפגעשטאַנען מיט ערוועקטער אָנגענעהמער דערמאנונג וועגען זייער ווייטען אַמאָל, אין די יוגענט יאָהרען ; זייערע הערצער זיינען געווען פול מיט פייערליכער פריידיגקייט געצונדען פון זוניגע זכרונות פון זייערע קינדער־יאָהרען.



קאַמינער דאַמען־קאַמיטעט, מיט'ן אמעריקאַנער דעלעגאַט. 1936.

# די ביאַליסטאָקער לאַנדסמאַנשאַפטען פון ניו יאָרק

עס איז זעהר שווער אין אַ קורצען אַרטיקעל צו געבען אַ פולען איבערזיכט און אָפשאַצונג איבער דער פיל־פאַרצווייגטער טעטיגקייט פון דער ביאַליסטאָקער לאַנדסמאַנשאַפט אין ניו יאָרק, וועלכע צעהלט איצט אַרום 30 טויזענט בירגער, וואָס זיינען צושפרייט איבער אַלע טיילען פון דער גרויסער שטאָט. (איבער די פאַראייניגטע שטאַטען געפינען זיך איצט אַרום 50 טויזענט ביאַליסטאָקער אידען).

די ערשטע ביאַליסטאָקער אימיגראַנטען זיינען דאָ געקומען מיט איבער 80 יאָהר צוריק, אָבער זיי זיינען געווען אַ גאַנץ קליינע צאָל. ערשט אין די אַכציגער יאָהרען פון לעצטען יאָהרהונדערט זיינען דאָ אָנגעקומען פון ביאַליסטאָק אַ פאָר טויזענט לאַנדסלייט, וועלכע האָבען גענומען לייגען אַ גרונטשטיין פאַר די שפעטערדיגע אימיגראַנטען.

ביאַליסטאָק, וועלכע איז געווען ביז דער וועלט־מלחמה אַ גרויסע בליהענדיגע אינדוסטריעלע און האַנדעלס שטאָט, האָט אין איר געשיכטע דריי גרויסע מאַסען־עמיגראַציעס: די ערשטע, אין די אַכציגער יאָהרען, דורך דעם טרויעריג־באַריהמטען איגנאַטאָוו׳ס גזרות אין רוסלאַנד, וואָס האָבען אויך שווער געטראָפען די אידישע ביאַליסטאָק; אַ צווייטע אימיגראַציע איז פאָרגעקומען אין די יאָהרען 1905—1906, נאָך דער קאָנטער־רעוואָלוציע און פאָגראָמען, וואָס ביאַליסטאָק האָט דורכגעלעבט, און די דריטע און לעצטע עמיגראַציע איז געווען באַלד נאָך דער וועלט־מלחמה, אין די יאָהרען 1920—1923, איידער אַמעריקע האָט געשלאָסען איהרע טירען. אַ סך פון די אַריבערגעקומענע זיינען געקומען צו זייערע קרובים אין פאַרשידענע טיילען פון לאַנד, אָבער גאָר אַ באַדייטענדער טייל האָט זיך באַזעצט אין ניו יאָרק, און די היגע ביאַליסטאָקער קאָלאָניע איז פאַרגרעסערט געוואָרען מיט טויזענטער צוגעקומענע לאַנדסלייט.

נאָך אין 1877 איז שוין אין ניו יאָרק געגרינדעט געוואָרען די ערשטע ביאַליסטאָקער חברה, וועלכע עקזיסטירט נאָך איצט אַלס די אַלטע ביאַליסטאָקער שול (בית הכנסת אנשי ביאַליסטאָק, אויף 7 ווילעט סטריט, ניו יאָרק).

שפעטער מיט 9 יאָהר האָבען זיך געגרינדעט נאָך אַ פאָר ביאַליסטאָקער סאָסייעטיס ווי דער „סומך נופלים”, און „אהבת אחים”, וועלכע האָבען פיל בייגעטראָגען צו דער שפעטערדיגער אַנטוויקלונג פון דער לאַנדסמאַנשאַפטליכער טעטיגקייט. באַזונדערס, האָט דער ביאַליסטאָקער פאַראיין „סומך נופלים” אַ סך גרויסע פאַרדינסטען אין דער גרינדונג פון די שפעטערדיגע פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס אין דער לאַנדסמאַנשאַפט, ווי דעם „ביאַליסטאָקער בקור חולים”, וועלכער האָט געשפילט זעהר אַ וויכטיגע ראָלע אין דעם לעבען פון די אָרימע ביאַליסטאָקער מאַסען.

דער „ביאַליסטאָקער בקור חולים” איז געווען פאַר 40 יאָהר צייט די אמת׳ע הילף און רעטונג אָרגאַניזאַציע פאַר די ביאַליסטאָקער לאַנדסלייט. ער האָט געהאָלפען אָרעמע קראַנקע מיט פרייע דאָקטוירים און מעדיצין, ווי אויך מיט מזומנ׳ע געלד. ער האָט געשטיצט אַרבעטלאָזע און הילפלאָזע, און ניט געמאַכט קיין שום אויסנאַם פון וואַנען איינער האָט געשטאַמט, צו ער איז יאָ אַ לאַנדסמאַן אָדער ניט. ווער ס׳האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנט פאַר הילף, האָט דער בקור חולים געהאָלפען.

אין 1919, באַלד נאָך דער וועלט־מלחמה, איז מיט דער הילף פון דעם בקור חולים געגרינדעט געוואָרען דער „ביאַליסטאָקער רעליף קאָמיטעט”, וועלכער האָט אין פאַרלויף פון עטליכע יאָהר צייט, געשפילט אַ גוואַלדיגע ראָל אין דער רעטונג־אַרבייט און אין דעם אויפבוי פון דער אַלטער היים־שטאָט ביאַליסטאָק. דער ביאַליסטאָקער רעליף האָט אין יענער צייט איבערגעשיקט אַרום אַ האַלבען מיליאָן דאָלער צו די אינסטיטוציעס אין דער אַלטער היים. ער האָט אויך איינגעאָרדערט אַן אַפאַראַט צום איבערשיקען קרובים־הילף אין 60 שטעט און שטעטלאַך אין דעם ביאַליסטאָקער אומגעגענט, און די סומע פון קרובים־הילף וואָס איז געשיקט געוואָרען דורך דעם ביאַליסטאָקער רעליף האָט באַטראָפען נאָענט צו 5 מיליאָן דאָלער.

דער אָפרוף פון דער ביאַליסטאָקער לאַנדסמאַנשאַפט פאַר זייער אַלטער היים איז געווען זעהר אַ האַרציגער; רייך און אָרים האָבען געגעבען לויט זייערע מעגליכקייטען. און דער היגער רעליף קאָמיטעט, וועלכער איז באַשטאַנען פון פאָרשטייער פון אַלע ביאַליסטאָקער סאָסייעטיס, האָט מיט זייער הילף, פאַקטיש צוריק אויפגעבויט די חרוב׳ע שטאָט.

אַ נייער, וויכטיגער קאַפיטעל געשיכטע האָט זיך אָנגעהויבען אין דער לאַנדסמאַנשאַפט אין דעם יאָהר 1921, ווען עס האָט זיך דאָ געגרינדעט דער ”ביאַליסטאָקער צענטער”. מיט דער גרינדונג פון דעם צענטער קען מען פאַרצייכענען די אמת׳ע פאַראייניגונג פון אַלע לאַנדסלייט אין די סאָסייעטיס. דעמאָלט האָט זיך אויך אָנגעהויבען אַ נייער לעבען מיט נייע טעטיגקייטען אין דער לאַנדסמאַנשאַפט.

דער ביאַליסטאָקער צענטער, וועלכער האָט שפעטער מיט

עטליכע יאָהר געשפילט אַזאַ וויכטיגע ראָל אין דעם אויפבוי פון דעם מושב זקנים, איז געגרינדעט געוואָרען גראָד אין אַ צייט, ווען די אידישע אימיגראַציע פון אייראָפּע האָט נאָך געטראָגען אַ מאַסען־כאַראַקטער. דאָס קוואָטאַ־געזעץ פון 1924 האָט אַזוי גוט ווי אין גאַנצען אָפּגעשטעלט די אידישע אימיגראַציע. צוזאַמען מיט דעם האָט דער ביאַליסטאָקער צענטער געמוזט שפּעטער בייטען זיין פּראָגראַם. אָנשטאָט דער אונטערשטיצונג פון די הילפלאָזע אַריבערגעקומענע אימיגראַנטען, ווי דאָס האָט געטאָן די אידישע פילאַנטראָפּיע אין אַמעריקע ביז 1919, איז אין די שפּעטערדיגע יאָהרען די הויפּט־אַרבייט פון אַלע אידישע אָרגאַניזאַציעס געגאַנגען אין דער ריכטונג פון פאַרפעסטיגען די אידישע פּאָזיציעס דאָ אין לאַנד, זייער עקאָנאָמישע לאַגע, און פאַרשטאַרקען זייער באַוואוסטזיין אַלס אידען און בירגער פון לאַנד. דאָס האָט נאַטירלאַך אַרויפגעלייגט דעם שטעמפּעל אויף דער גאַנצער וויטערדיגער אַרבייט אויך פון ביאַליסטאָקער צענטער.

אין זיין פּלאַטפאָרם, וואָס דער צענטער האָט אָנגענומען בעת זיין גרינדונג, זאָגט זיך:

„דער ביאַליסטאָקער צענטער איז אַ קערפּערשאַפט, וואָס פאַראייניגט אין זיך אַלע ביאַליסטאָקער אָרגאַניזאַציעס און לאַנדסלייט פון אַמעריקע. די אויפגאַבען פון צענטער זיינען קולטורעלע, געזעלשאַפטליכע און פילאַנטראָפּישע אַרבייט צווישען די ביאַליסטאָקער לאַנדסלייט, וואו זיי געפינען זיך נאָר".

דער ביאַליסטאָקער צענטער איז אויף אַזאַ אופן ביסלאַכוויז געוואָרען די צענטראַלע קערפּערשאַפט פון דער גאַנצער ביאַליסטאָקער לאַנדסמאַנשאַפט פון אַמעריקע, און האָט אויך שפּעטער געגרינדעט אָפּטיילונגען אין די שטעט פּעטערסאָן, נואַרק, נ. דזש., קליוולאַנד, דעטראָיט, שיקאַגאָ, און לאָס אַנדזשעלעס, קאַליפאָרניע.

דער ביאַליסטאָקער צענטער האָט געוועקט און געמוטיגט לאַנדסלייט צו אַקטיוויטעט. ער האָט איינגעפיהרט סאָציאַלע שטיצע פאַר זיינע מיטגלידער, געגעבען לעגאַלע הילף, און געזוכט מיט אַלע מיטלען צו מאַכען בעסער און שעהנער דעם עקאָנאָמישען לעבען פון די לאַנדסלייט. דורך דער צייט האָט ער אַ סך מאָל געשטיצט די אַלטע היים, מיט וועלכער ער שטעהט אין אַן איינגער ברידערליכער פאַרבינדונג, און געהאָלפען, באַזונדערס אין די לעצטע פּאָר יאָהר די דאָרטיגע אינסטיטוציעס.

זינט 1921, באַלד ביי זיין גרינדונג, האָט דער צענטער אָנגעהויבען אַרויסגעבען די „ביאַליסטאָקער שטימע", אַ מאָנאַטליכער זשורנאַל, אגב, דער ערשטער לאַנדסמאַנשאַפטליכער זשורנאַל איבער דער גאַנצער וועלט. די „ביאַליסטאָקער שטימע" שפּיגעלט אָפּ דאָס לעבען און שאַפען פון די ביאַליסטאָקער אין אַלע טיילען וועלט. דאָרט זיינען פאַרעפענטליכט געוואָרען אַ מאַסע אינטערעסאַנטע מאַטעריאַלען, וואָס האָבען אַ סך בייגעטראָגען צו דער קולטור־געשיכטע פון דער אידישער ביאַליסטאָק, און אויך געגעבען וויכטיגע אָפּשאַצונגען איבער באַוואוסטע לאַנדסלייט, וועלכע האָבען פיל בייגעטראָגען צו דעם פּראָגרעס און וואוילזיין פון אונזער ליבען לאַנד אַמעריקע. (צום דערמאָנען נאָך עטליכע פון זיי: לואיס מאַרקוס, ע"ה, דער באַוואוסטער סאָבוועי בילדער, וועלכער האָט אויך געבויט די גרעסטע הימעל־קראַצערס אין ניו יאָרק; די גרינדער פון די זייד־אינדוסטריע אין פּעטערסאָן, פיליפּ דיימאנד, מאיר פּערלמאַן, און אַנדערע; מאיר פראנק ע"ה, דער גרעסטער קלאָדינג מאַנופעקטשורער אין זיין צייט. מר. ליפּעט, דער הויפּט פון דער נעשאָנאַל פּייפּער קאָ., דאָס גרעסטע פּאַפּיר געשעפט אין דער וועלט; עדוואַרד גאָלד, ע"ה, גרינדער פון דער „קאָנסאָלידייטעד לאָונדרי קאָרפּאָרעישאָן", די גרעסטע וועש־וואַשעריי אין אַמעריקע, און אַ סך אַנדערע ביאַליסטאָקער וואָס האָבען זיך אויסגעצייכענט און באַרייכערט אַמעריקע דורך זייער ענערגיע און גרויסע פעהיגקייטען).

אין 1927, האָט דער ביאַליסטאָקער צענטער געלייגט אַ גרונדשטיין פאַר אַ היים פאַר אַלטע לאַנדסלייט. די פראַגע וועגען אַ היים פאַר אַלטע עלענדע לאַנדסלייט איז אַרויסגערופען געוואָרען צוליב אַ גאַנצע רייע פאַלען פון עלטערע לאַנדסלייט, וועלכע האָבען ניט געהאַט וואו אַהין צו קומען. דער צענטער האָט געגעבען וועכענטליכע שטיצעס צו אַ סך אַזעלכע אַלטע לייט, אָבער אַז די צאָל פון אַזעלכע זקנים האָט גנומען וואַקסען, איז געוואָרען דער ענין אַ שווערע פּראָבלעם.

עס איז גערופען געוואָרען וועגען דעם אַ גרויסע פאַרזאַמלונג פון די לאַנדסלייט און נאָך דעם ווי די פראַגע איז זעהר ברייט אַרומגערעדט געוואָרען, איז באַשלאָסען געוואָרען צו בויען אַן אייגענע היים פאַר אַזעלכע אַלטע לאַנדסלייט. מען האָט דעמאָלט געקויפט די הייזער אויף 228 און 230 איסט בראָדוויי, און אויך די הייזער פון דיוויזשאָן סטריט, וואָס האָבען זיך געגרענעצט מיט די הייזער פון איסט בראָדוויי, און אויף זייער אָרט איז אין 1931 אויפגעבויט געוואָרען דער איצטיגער פּראַכטפולער צענטער און דער מושב זקנים.

דער אויפבוי פון ביאַליסטאָקער מושב זקנים האָט געקאָסט אַ האַלבען מיליאָן דאָלער, און דאָס איז געקומען פון ביאַליסטאָקער אידען, וועלכע האָבען געטראָגען זייערע ביישטייערונגען מיט פרייד און מיט אַ פרייער האַנט. איצט געפינען זיך אין דער האום 248 אַלטע מענער און פרויען.

ד. ס.

בעריש ווײַנשטײן

# אַ באַגעגעניש מיט׳ן מלמד פון דער אַלטער הײם

דאָס איז געווען אין אַ פאַרנאַכט.

מיר איז אויסגעקומען צו גײן אין שליחות, וועגען לאַנדסמאַנשאַפט־בוך, צו דער אילינאָווער־שוהל, וואָס געפינט זיך אויף דער איסט־סײד. דער פאַרנאַכט דעמאָלט איז געווען עפּעס שרעקליך ברענענדיג. אוממעגליך געווען אַזאַ היץ איבערצוטראָגען, — עס איז געווען פון יענע זומער־טעג וואָס ניו יאָרק האָט אַמאָל אַ טבע צו געבען.

צוקומענדיג צו דער אַדרעס פון דער אויבען־דערמאָנטער שוהל, האָב איך געזעהן פאַר זיך בלויז שלעסער מיט פאַרהאַקטע גרויסע בית־מדרש טירען. איך האָב זיך געכאַפּט, אַז עס איז נאָך מסתמא צו פריי׳— זומער צו מנחה־מעריב קומט געווײנליך דער עולם זיך שפּעטער צענויף; איז פאַר מיר געבליבען זיך אָפּצורוען אויף אַ קעלער־שוועל דערנעבען און צו וואַרטען.

איבער דער שוועל און איבער מײן אַקסעל, — ערשט איך הער, ווי עס טראָגען זיך אַריבער פאַרשטיקטע קעלעכלעך פון אידישע קינדער. איך האָב פאַרשטאַנען אַז דאָ, אונטער מײן רוקען, איז אודאי אַ חדר. און וואָס אויפמערקזאַמער איך האָב זיך אײנגעהאָרכט צום לערנען, אַלץ מעהר היימישער האָט עס אָנגעהויבען פאַר מיר קלינגען. עפּעס האָט זיך אינ׳ם לערנען נישט געפילט דער אַמעריקאַנער נוסח, נאָר יענער אַלט־היימישער אומעטיגער נוסח וואָס איז מיר, ווי אויף שטענדיג אַרײן אין די אָדערען.

עס וואָלט נישט געשאדט, טראַכט איך, צוקוקען זיך אַמאָל ווי אַמעריקאַנער קינדער זעהען אויס ביים לערנען אין אַזאַ חדר, דערצו נאָך איצט ערב שבועות.

מיט עטליכע טרעפּ אַראָפּ, לאָז איך זיך צו דער אָפענער טיר פונ׳ם קעלער־חדר און זעץ זיך דרך ארצ׳דיג צו אויף אַ זײטיגער באַנק. אַלע קינדערישע פּנימ׳לעך ליגען טיפער אין די ספרים אַרײן און ברײנגען אַרויס דעם הייסען ניגון פון „אקדמות”, — יאָ, דער זעלבער געזאַנג מיט׳ן זעלבען ציטער, וואָס האָט מיט מיר געלערענט, אין דער אַלטער הײם, דער מלמד ר׳ שמואל.

דער רבי האָט מיך בעת־מעשה נישט באַמערקט, ער איז געזעסען מיט דער ברייט פון זײן פּלײצע צו מיר אַ פאַרנומענער מיט די קינדער. ערשט ווען ער איז פאַרטיג געוואָרען מיט׳ן לערנען און האָט זיך אויסגעדרייט צו מיר מיט אַ פּנים פול מיט רויטער באָרד, בין איך נשתומם געוואָרען צו זעהן פאַר זיך מײן אײגענעם מלמד פון מײן גאַליציאַנער הײם־שטאָט: רײשע.

— שלום עליכם אַ איד, — דערלאַנגט ער מיר זײן וואַרעמע האַנט, איך האָב דערפילט די בײזע פלײשיגע האַנט פאַר וועלכע איך האָב אַזוי אָפט געציטערט. — אַ גוטען אָווענט אײך, ר׳ שמואל! פון וואַנען, — פרעגט ער מיך, — כ׳בעט אײך, ווײסט איהר מײן נאָמען, יונגערמאַן? וואָס, ר׳ שמואל, איהר דערקאָנט מיך נישט? — עפּעס קענטליך, — זאָגט ער, — וואַרט צו, לאָזט מיך קומען צו זיך, איך וועל שוין טרעפען...

אויפ׳ן מאָמענט האָט זיך ר׳ שמואל׳ן נישט אײנגעגעבען צו טרעפען. — דאָס בין איך, בעריש, — זאָג איך צו איהם. ער האָט שמייכעלדיג זײן האָריגען אָרעם אָנגעלעגט אויף מײן אַקסעל: — ווײסטו, בעריש, אין וואָס איך האָב דיך דערקאָנט? — אין פּנים? — פּרואוו איך שוין טרעפען. — ניין, — זאָגט ער, — אין דער שטים. — דאָס גאָר, אין דער שטים! — יאָ, אין דער שטים, —שאָקעלט ער צו.

און טאַקע, מ׳שטײנס געזאָגט, וואָס נאָך בלײבט דעם מלמד איבער פונ׳ם תלמיד, ווען ניט די שטים, דאָס קויל וואָס האָט אַזויפיל מאָל פאַר איהם איבערגעזאָגט חומש־רש״י, שופטים, קהלת, די גמרא בבא־מציעא, בבא בתרא, גיטן; געזאָגט מיט אַזאַ פּחד פאַר שלעק פונ׳ם רבי׳ן, אַז עס דאַרפט גאָרנישט וואונדערען פאַרוואָס עס איז איהם געבליבען אין זכרון בלויז די שטים.

— נו, ר׳ שמואל, ווי גײט עס אײך אַזוי דאָ אין אַמעריקע? ווידער דאָס חדר, האַ? — הלואי וואָלט איך דאָס אַמעריקע נישט דערקאָנט. באַשערט געווען אַזשע קומען מעבר־לים צו באַגראָבען אַ טאָכטער; טאַקע וואָס נאָר אויפגעשטאַנען פון די שלושים. דו געדענקסט דאָך דבורה׳ן? יאָ, אודאי געדענק איך דבורה׳ן, רבי; איהר האָט דאָך זי אַזוי ליב געהאַט, זי איז שטענדיג געזעסען אויף אײער שויס און זיך געשפּילט מיט׳ן קאַנטשיק פונ׳ם „סארנע־פּיסעל”, בעת איהר האָט מיט אונז געלערענט.

געזעהן ווי זײנע שווערע וויעס לאָזען זיך אויפסנײ אין אבילות אַראָפּ און דער גאַנצער גוף זײנער בלײבט אין אָנמאַכט, האָב איך זיך גענומען פרעגען אויף די אַנדערע קינדער, כדי אַזוי נאָך איהם אַרויסצופירען פון געוויין. — האָט איהר כאָטש נחת פון די איבעריגע קינדער, רבי? — רײזעל, זאָגט ער צו מיר, האָט שוין ב״ה געהײראַט און אפילו זעהר גוט געטראָפען, קודם אַ יונגעמאַן, וואָס היט אָפּ שבת און האָט פּרנסה. מאיר און איציק אַרבײטען אין „דרײגודס” געשעפט און אַרבײטען אויך נישט אום שבת.

בלויז יענקעל'ען, האָט אַמעריקע נישט אַזוי גוט אונטערגע־שפּילט. ער איז נעבעך נישט קיין בר'מזל. ער איז אַריינגע־פאַלען אין „שאַפּ" און איז געבליבען אַן אַרבייטער. מילא פון איציק'ן און מאיר'ן, וועלען כאָטש אויסוואַקסען „ביזנעס־לייט. אָבער יענקל נעבעך, וועט אייביג שוין בלייבען אַ שאַפּ־אַרבייטער. מיין ווייב ווידער, ווייסט דאָך, אַ אידענע, מוטשעט זיך, אייביג פאַרפאָרעט, קריכט נאָר אַרום אין ריווינגטאָן סטריט און האָט שוין מעהר נישט קיין טרערען פון וויינען אַזויפיל נאָך דבורה'לען.

דער פאַרנאַכט האָט שטאַרקער גענומען טונקלען אויף ר' שמואל'ן. אין איצטיגען מאָמענט האָב איך דעם רבי'ן גע־זעהן מעהר אין ריישע, ווי דאָ אין ניו יאָרק. זיין שווייגען האָט מיך אַריינגעפיהרט אין יענעם זומערדיגען פאַרנאַכט, ווען די קינדער פון „גלאָגעווער'ס חדר", האָבען זיך גע־שלאָגען מיט די קינדער פון אונזער חדר. איך בין דעמאָלט געפאַלען אין אַ שטראָם בלוט פון אַ געוואָרפענעם שטיין. דער רבי ר' שמואל איז צוגעלאָפען צו מיר און מיך אַוועק־געלייגט אַ פאַר'חלש'טן אויף אַ באַנק אין הויף, געוואַשען מיר דעם שטערען מיט קאַלטע קאָמפּרעסען, דערנאָך מיר אונטערגעשפּאַרט אַ גרויסען אייזערנעם שליסעל אונטער'ן קאַרג פאַר אַ סגולה, אַז דאָס בלוט זאָל זיך אָפּשטעלען וואָס גיכער, כדי קיינער אין דערהיים זאָל זיך חלילה נישט דערוויסען.

ר' שמואל איז אַריין אין אומגעדולד מחמת מען רופט איהם צו דאַוונען מעריב. אַרויסגייענדיג מיט איהם פון קע־לער־חדר, ווענדעט ער זיך צו מיר: — און דו, בעריש, גלייכסט עפּעס אַמעריקע? כ'האָב עפּעס געהערט, אַז דו ביסט געוואָרען אַ גאַנצער מאַכער מיט די צייטונגען! האָסט כאָטש דערפון פרנסה? — עט, נאַרישקייטען, מאַך איך צו איהם. — ווייסט דאָך, זאָגט ער, אין אַמעריקע איז אַלץ אַנדערש. דאָ, זאָגט ער, ווערט פון אַ מלמד אַ בעל־תפילה, אַ בעל קורא און אַ שמש, נאָר אַ לויב דעם השם־יתברך פאַר דעם. זאָל שוין פון אַצינד אָן זיין גוט.

דער רבי האָט זיך מיט מיר, ווי אויף אייביג, אָפּגעזעגענט, און איז פאַרשוואונדען צו מעריב אין דער אילענאָווער שוהל.



געביידע פון די אנשי לובץ, 16 עלדרידזש סט., נ. י. (דאָבליו פּי עי פּאָטאָ).

א. י. אַבראַמאָוויטש

# ביי דער שוועל פון אמאָל

אין יענע יאָהרען, (ד. ה. סוף 19טען יאָהרהונדערט און אָנהויב 20טען יאָהרהונדערט), אַז אַ נייער אימיגראַנט, געהענדיג פון סאַוט־פערי מיט זיין פּאַק „שבועות" אויף די פּלייצעס, האָט כסדר געקוקט אויף די שילדען, האָט מען געוואוסט, אַז דאָס האָט ער מיט זיך אַן אַדרעס פון אַ היימישען רעסטאָראַנדעל. און אַז דער פריש־אָנגעקומענער איז אַריין אין אידישען קוואַרטאַל פון העסטער, עסעקס, מעדיסאָן, נאָרפאָלק, סאָפאָלק סטריט, און דערזעהען דעם נאָמען פון זיין שטעטעל אויף אַ פענצטער, און צו דעם איז אויף דער שילד נאָך געווען אויסגעמאָהלען אַ היימישער טשייניק, פון וועלכען ס'האָט געזעצט אַ פּאַרע, אָדער אַ טעלער מיט אַ געבראָטענער קאַטשקע, — זיינען איהם טרערען געקומען אין די אויגען אַריין, און געטראַכט האָט ער זיך, אַז ס'איז פאָרט דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט און ער פאַרלאָזט ניט.

„היימישע געקעכץ" ווי אין לאָמזשע, זלאָטשעוו, ביאַליסטאָק, בעסאַראַביע, וואַרשע — דאָס איז געווען דער רוף, די דערמאָהנונג, אַז ניש קשה, מ'איז טאַקע אַריבערגעפאָהרען ים'ען, אָבער דער היימישער ניצוץ איז געבליבען. דער עיקר דעריבער, זיינען דאָ ניט אַזוי געווען די עסענס, ווי דאָס, וואָס צוזאַמענקומענדיג זיך נאָך דער אַרבעט, האָט מען דורך היימישע מאכלים פּרובירט צו וועקען דעם אַלטען שטייגער — „אַי, יוראָפּ, יוראָפּ!.."

„אין יוראָפּ," האָט איינער געזאָגט, „ווי שפּעט קאָן איצט זיין אין יוראָפּ? דאָרטען איז מיט 6 שעה שפּעטער. אַז איצט איז דער זייגער 10:30, איז אין דער היים שוין האַלב נאָך פינף נאָכמיטאָג".

— האַלב־פינף נאָכמיטאָג. טאָ וואָס אַ שטייגער טוט איצט אינדערהיים דער טאַטע, די מאַמע, כאַנטשע, שרה, פייגעל... וואָס טוהען זיי? דאָרטען האַלט מען שוין ביי דער וועטשערע און דאָ איז ערשט נאָך ברעקפעסט. עס שטעהט דער אַלאַרם־זייגער... יעדען טאָג דערזעלבער שאַפּ.

— — — — — — — — — — — — — —

דער רעסטאָראַן איז געוואָרען דער צענטער פון לאַנדסלייט, די פּאָסט פאַר בריוו, דאָס פּלאַץ פון דער סאַמע לעצטער נייעס...

און אַלע מעשיות האָט די באַלעבאָסטע פון רעסטאָראַנדעל געוואוסט. זי אַליין אויך אַ לאַנדספרוי. איהר מאַן האָט געאַרבעט אין שאַפּ. קינדערלאָך אָהן עין הרע האָט מען געהאַט. נו, האָט זי געוואָלט אַרויסהעלפען... אָבער צוגלייך מיט איהרע צרות, האָט זי געוואוסט יעדענס דאָליע. זי, למשל, האָט געוואוסט, ווער עס אַרבעט און ווער ניט; וועמען מ'דאַרף אַמאָהל געבען אַן אומזיסטען מאָהלצייט און דערביי ניט מבייש זיין; ווער עס האָט געלאָזט אַ ווייב אין דערהיים און דאָ טראָמבעוועט ער אַרום... אַלץ האָט זי געוואוסט, און יעדען באַזונדער דערצעהלט אַ סוד . . .

די נויט האָט צוזאַמענגעטריבען. פון מענטשען זיינען געוואָרען גרינע; פון גרינע — באָרדערס; פון באָרדערס — עסערס — — — די נויט.

אָבער אויף וויפיל מ'זאָל ניט געווען האָבען אַ שייכות איינער מיטן אַנדערען, האָט אָבער יעדער מיט זיך פאָרט מיטגעבראַכט זיין אייגען פּעקעל טראַדיציעס, און דאָס האָט געמוזט מיט דער צייט אַרויסרופען פּערזענליכע און געזעלשאַפטליכע גרופּירונגען.

די רעליגיעזע, למשל, האָבען דאָ געפּראַוועט סדרים, חנוכה און פּורים פּאַרטיס. פרייטאָג צונאַכטס פלעגט דער עלטסטער פון זיי קידוש מאַכען. דער זמירות האָט זיך געטראָגען דורך די פענסטער פונם סטופּ אין דער גאַס אַריין, און די ווייבלאך זיינען געשטאַנען אינדרויסען, און געשעפּט נחת אויפ'ן קול.

די סאָציאַליסטיש־געשטימטע ווידער האָבען אָהן שום צערעמאָניעס געוואָלט עסען אין בלויזען קאָפּ. זיי האָבען גענומען באַקלעפּען די ווענט מיט קאַרל מאַרקס'ען א. אַ. דאָ האָבען זיך אויך אָנגעהויבען די וועגען פון דער אויפקלערונגס־אַרבעט...

נאָך אַנדערע האָבען סתם אָנגעהויבען צו פיהרען אייגענע חשבונות: אַרויפאַרבעטען זיך, חתונה האָבען, אַ סאָסייעטי, אַ פּאַרטיי, מ'דאַרף גאָר מופען אַרויף אין האַרלעם, אין דער בראָנקס...

און די רעסטאָראַנדלעך זיינען פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין קאַפע־הייזער, מיטינג־לאָקאַלען און אין בירזשעס.

אַלס ביישפּיל פון די אַמאָליגע רעסטאָראַנדלאך, וועלכע זיינען געווען צעוואָרפען איבער אַלע עקען שטאָט, וואָלטען מיר געוואָלט דערמאָנען צוויי:ביידע זיינען וואַרשעווער. איינער געפינט זיך אויף 119 עסעקס סטריט; דער

צווייטער אויף 123 עסעקס סטריט.ביידע זיינען שוין ווייט ניט די אַמאָליגע סטוב־רעסטאָראַנדלאַך, אָבער אַז מ׳זיצט דאָ אַ שטיקעל צייט, הויבט זיך אייך אָן צו דאַכטען, אַז איהר געפינט זיך אויף די נאַלעווקיס.

— מרס. פוליצער, — שרייט איינער אויף אַ הייזעריגער שטימע, און שפּילט דערביי דאָמינאָ, — מרס. פּוליצער, זאַט אַזוי גיט און דערלאַנגט מיר אַ פּאָרציע וועמפּלאַך!

— און יאַך וויל קליסקעלאַך מיט פיש און יאָעד (יויך) מיט געשניטענע האַדלאַך...

אויפ׳ן הויכען קול רעדען דאָ די לאַנדסלייט, און דוקא וועגען וואַרשע.

— האַרשעל, ווען די קימסט אַזוי אָן קאַ וואַרשע, וואָלסטי ניט פרעגענדיג, געטראָפען צום אַהזערנעם טויער?

— יאַך וואָלט אַפילו בלינדערהייט געטראָפען.

— און די מאַיואווקעס קיין בילאַן און אָכאָטע געדענקסטי?

— און די סטאָיקאָוועס מיט די רעווירעאָוועס? און די בלעטלאַך וואָס מ׳האָט געטיילט באַם פּאָוואָנזעק? און סיראָטאַ מיט דער אייזערנער געמבע?

— אַי, וואַרשע, וואַרשע... מרס. פּוליצער, מיסטער אָליש, דערלאַנגט נאָר די קליסקעלאַך מיט פיש!

אַ סך פון זיי וואוינען שוין אין דער בראָנקס, אויף ריווערסאַיד דראַיוו, אָבער אַהער קומט מען „פּאַטראָנאַיזען”. מ׳קומט אַהער מיט די פאַמיליעס, ווער מיט אַן אויטאָמאָביל, ווער מיט׳ן סאָבוועי, און מען ווייזט אָן די קינדער:

— איהר זעט! אָט־אָ־דאָ־אָ, האָב איך אַוועקגעלייגט מיין גרין פעקעל, אָט־אָ־דאָ־אָ!

און דערביי פאַלט אַ טרעהר ביי דער שוועל פון אַמאָהל.




וואַרשעווער רעסטאָראַן, 119 עסעקס סטריט

מנשה

# לאנדסמאנשאפטען פאר'ן אידישען געריכט

דאס אידישע פארמיטלונגס געריכט דערפילט אן אומגעהייער וויכטיגע פונקציע פאר'ן אנשי שלומנו'ניק, דעם אידען פון א גאנץ יאהר.

די עמאציאנאל־סתירה'שע אייגענשאפט פונ'ם גלות־איד, זיין פסיכאלאגיש־גייסטיגער צושטאנד, ווערען ווייט־ווייט ניט באמערקט בעת'ן פראצעסירען זיך אינ'ם ניט־אידישען געריכט. א שטרענגער, אפט טרוקענער, געזעץ, אן אירעגיע אפיציאליטעט, א נאכפרעג אויף דאקומענטאלע באווייזען (זאגט מיר כ'לעבן, וועלכער איד באזארגט זיך מיט דאקומענטאלע באווייזען!) און דאס קאנטראלירען זיך בעיקר אין איינהאלטען דעם טעמפער. געה קאנטראליר זיך, אז דער שונא שטעהט דיר אקעגען און רעדט אויף צורפיקעניש! א איד גארט דאך ניט אזוי צו באשטראפען דעם צד שכנגד, ווי צו דעמאנסטרירען קעגען איהם זיין פראטעסט. א איד איז דאך בטבע א פשרה־יניק. לאזט די קריגערישע צדדים זיך אויסשארפען זייערע צינגער, נוצט אביסעל טאקט און תחנונים, און זיי וועלען זיך שוין אליין אויסגלייכען זייערע פאריבעלס.

די אמעריקאנער ריכטער זיינען אויך ווייט־ווייט ניט באהאוועוונט אין אידישע ענינים. פרעגט זיי בחירום, וואס איז א מפטיר, א בעבור שנדר, צי וואס הייסט הבדלה, הגבהה, סליחות, יוצרות, חלוצה און כתובה.

שלעפען דעריבער געקריוודעטע מיטגלידער זייערע סאסייעטיס אין אידישען פארמיטלונגס־געריכט.

„טויזענט און איין קעיס” פון פארשיידענע לאנדסלייט, איינע און די אייגענע לאדענישען אין פארשיידענע נוסחאות. א סאסייעטי, וואס וויל רעכטפארטיגען איהר האנדלונג בנוגע צו א געוויסען מיטגליד, מיטגלידער ,וואס ווילען לעגאליזירען זייערע רעכט, און אזוי ווייטער און ווייטער.

מיר גיבען דא א פאר מוסטערען פון די וויכטיגערע אפטערע סכסוכים און געלייזטע פראבלעמען.

א פרוי האט אנגעקלאגט א לאנדסמאנשאפט פאר'ן אידישען געריכט. איהר מאן איז אויסגעשלאסען געווארען פון דער לאנדסמאנשאפט, ווען ער איז לעצטענס פאר'משפט געווארען צו א לענגערען טערמין תפיסה. טענה'ט זי, זי איז שוין ניינצעהן יאהר פארהייראט, ער איז א געטרייער מאן און פאטער, זאל מען דאס נעהמען אין אנבאטראכט.

לויט דער קאנסטיטוציע פון דער לאנדסמאנשאפט קען א פאר'משפט'ער צו א לענגערען טערמין תפיסה ניט באלאנגען צו איהר. דאס געריכט האט גע'פועל'ט, מען זאל האבען אן איינזעהעניש מיט'ן פאר'משפט'ען, ווען ער וועט צוריקקומען א באפרייטער.

אין דער געזעצגעבונג פון אונזערע רעליגיעזע לאנדסמאנשאפטען איז פאראנען א פונקט, אז צו מיטגלידערשאפט באלאנגען נאר די אחינו בני ישראל. מאכט זיך, אז א מיטגליד פון א געוויסער חברה האט חתונה געהאט פאר א געוועזענער איטאליענערקע, א גיורת. נאכ'ן אידישען דין, האט א גר די רעכט פון א ישראל. די פרוי אבער, איז מען געוואויר געווארען, דערציהט איהרע קינדער פון ערשטען מאן אין א קאטוילישער קירכע, איז זי מיט'ן מאן אויסגעשלאסען געווארען פון דער סאסייעטי. האט דאס אויסגעשלאסענע פארעל פארקלאגט די סאסייעטי פאר'ן אידישען געריכט: היתכן?

די ריכטער האבען באשלאסען, אז מען קען אויף קיין רעליגיעזער חברה ניט אנהענגען קיין אומגלויביגע מיטגלידער, די חברה אבער מוז דעם פארעל אומקערען אלע איהרע אויסגעצאלטע „דיוס”.

אן עטוואס עהנליכע געשיכטע האט פאסירט אין אן אנדער פאראיין. א מיטגליד איז אויסגעשלאסען געווארען, ווייל זיין פרוי האט זיך גע'שמד'ט און חתונה געהאט פאר א קריסט.

דאס געריכט האט געפונען דאס אויסשליסען איהם פון מיטגלידערשאפט פאר אונבארעכטיגט, ווייל א מאן איז בלויז פאראנטווארטליך פאר זיך און ניט פאר זיין פרוי.

אן אויסערגעוויינליכער קוריאז האט זיך דערטראגען אין אידישען געריכט פון א בראנקסער לאנדספרוי. זי האט אנגעקלאגט די ווארשעווער ברידערליכע לאנדסמאנשאפטען, הלמאי מען האט איהר אנטזאגט אין מיטגלידערשאפט. מען האט זי, אמת, געזעהן א באפוצטע מיט גרינע לענטעס, אינ'ם „מלאכ'אישען יוניפארם”, נאכשפאצירען דעם פאדהער דיוויין און זיינע שווארצע מלאכים, ומה הרעש, איז ער דען קיין גאט ניט? ער האט זי דאך אויסגעהיילט פון איהר חולאת מיט'ן שלום־שפרוך, מיט'ן איין־און־איינציגען ווארט: „שלום”. קיינער אין דער וועלט קען איהר ניט פארווערען צו באלאנגען אין גאט'ס לאגער.

דאס געריכט האט אנערקענט, אז מיט איהר אריבערגעהן צום גלויבען אין שווארצען גאט, האט זי אנגעווארען איהר פלאץ אין א אידישער סאסייעטי.

א געוויסער ר' שמחה האט זוכה געווען צו א שמחהיס תורה. ער האט געבראכט זיין ספר־תורה מיט פאמפ און פאראד צום חנוכת־הבית פון סאסייעטי־שוהל, און זי דארט געהאלטען צעהן יאהר. ער האט דערפאר, פארשטעהט זיך, גענאסען פון אלע פעטסטע „עליות” און באשאטען זיינע פריינט מיט הויכע „כבודים”. ס'האט זיך אים אבער פארוואלט ווערען פרעזידענט, און עס איז איהם ניט געלונגען. האט ער זיך אויפגעעפענט א שוהלעכעל פאר זיך, און געוואלט אפנעהמען די ספר־תורה. די זאך איז געבראכט געווארען

פאַר'ן אידישען געריכט, און דאָס ריינינקייט איז געבלי־בען אין דער שוהל.

אַ בייגעל פאַרקויפער האָט זיך פאַרדונגען איבער ימים נוראים אין אַ סאָסייעטי שוהלכעל אַלס חזן, בעל קורא און בעל תוקע. ער האָט דערפילט זיינע התחייבות'ן ביז נעילה צייט. דער פּרעזידענט פון שוהלכעל האָט איהם דאַן פאַר־ביטען, ווייל אַ סאָסייעטי־ליידי האָט איהם דאַן דערקענט אַלס איהר בייגעל פאַרקויפער און פּראָטעסטירט. ער האָט צוליב אָט־דער אורזאַך אויך ניט באַקומען זיין געהאַלט און געבראַכט די סאָסייעטי פאַר'ן אידישען געריכט.

דאָס געריכט האָט אויסגעזידעלט די „מאָשרום־סינאַגאָג" פּיהרער און זיי געצוואונגען באַצאַהלען דעם חוב.

אַ פּרעזידענט פון אַ געוויסען לאַדזש האָט באַשטעלט אַ סעודה אין איינע פון די רייכסטע האָטעלען פון שטאָט. עס זיינען געקומען פיל מיטגלידער און געסט און, אום זיי צו מאַכען צאָלען געלט פאַר די געליטענע פון זיין שטאָט, האָט ער זיך, אַלס דער ערשטער מנדב, באַשטייערט צו באַצאָ־לען פינף הונדערט דאָלער.

עס איז צונויפגעזאַמעלט געוואָרען אַ גרויסע סומע געלט און אָפּגעשיקט געוואָרען פאַר'ן באַשטימטען צוועק. בלויז דער פּרעזידענט אַליין האָט זיין נדבה ניט באַצאָלט, היות ער האָט דאָס געטהאָן, זאָגט ער, צו מזרז זיין אַנדערע.

די זאַך איז געבראַכט געוואָרען פאַר'ן א. פּ. ג. און ער איז באַווירקט געוואָרען צו האַלטען וואָרט.

עס פיהלט זיך לעצטענס אַ שטאַרקער קאַמף צווישען די אָפּגעשטאַנענע און די מעהר אויפגעקלערטע עלעמענטען אין די רעליגיעזע חברות. די גנאַד־געבענטשטע שומרי־שבת'ניקעס פאַרקלאָגען די ניט־איבעריג ערליכע דאַווע־נערס פאַר'ן פאַרכאַפּען דעם אויבנאַן אין שוהל.

יונגערע מיטגלידער פון אַ געוויסער חברה האָבען אי־בערגעבויט די סאָסייעטי־שוהל און, אום צו דעקען די הוצאות, באַשטייערט די מיטגלידער מיט אַ צוויי דאָלער־דיגען אָפּצאָל. ווילען די אַלטע מיטגלידער דאָס ניט צאָ־לען, היות די ניט־דאַווענערס האָבען אויפגעבויט די שוהל.

די יונגערע מיטגלידער האָבען פאַרהאַלטען אַ רייניגקייט און סידורים, כדי די עלטערע מיטגלידער זאָלען זיי פאַר־זיכערען אַ פּלאַץ, וואו צו דאַווענען באַזונדער.

די מלחמה ברענט, מען איז גרייט איינע די אַנדערע די נעז אויסצורייסען, ביז מען ברענגט זיי פאַר'ן בית־דין־צדק (אידישען פּאַרמיטלונגס געריכט), און מען באַרוהיגט די בלוטען.

כבוד־זוכערינס געוועלטיגען נאָך אַלץ אין די ווייבערשע סאָסייעטיס.

עס באַווייזט זיך אין געריכט אַן אמת ווייבערשע מלוכה, אַ „קעניגרייך מיט צוויי קרוינען".

אַ זעכציג הויכגעשטעלטע ליידיס זיינען בלויז געקומען. זיי זיינען טעכטער פון אַ סאָסייעטי, וואָס ווילען אויפבויען אַ „דעי נורסערי" פאַר קינדערלאַך פון אָרימע מאַמעס, וואָס מוזען נעבעך אָפּשמאַכען זייערע טעג ביי דער ארבייט אין שאָפּ, צי אין פעקטאָרי, און קערען זיך אין אָווענט אום אַהיים. זיי האָבען צונויפגעזאַמעלט אַ קיימא־לן פון זעקס הונדערט דאָלער, אַלץ איז, דוכט זיך, געגאַנגען כשורה, ביז עס האָבען זיך אַנגערוקט די גרויסע וואַהלען און דאָס ווייבערטום האָט אויפגערודערט. מען האָט געדאַרפט קלייבען אַ פּרעזידענטקע, איז געוואָרען אַ „ויתרוצצו". די מלוכה האָט זיך צעטיילט אויף צווייען, אַ „פמליא של מעלה" און אַ „פמליא של מטה", אַן אויבערשטע און אונטערשטע וועל־טעל, און איבער יעדער פון זיי — אַ קייסער'טע.

גראַד האָט זיך אין דעם אייגענעם טאָג באַוויזען אין גע־ריכט אויך אַ מאַנסבילשער דיקטאַטאָר. ער האָט אַזוי לאַנג גדולה'עוועט אין דער סאָסייעטי, ביז די חברה'לייט האָבען אין איהם מורד געווען, אַראָפּגעזעצט פונ'ם כסא־הכבוד, און איהם נאָך, לא עליכם, משלח געווען. בעט זיך דורכ'ן געריכט, דער „ביג שאָט", מען זאָל איהם צוריק נעהמען אין דער סאָסייעטי אַלס אַ בלוטפלייטיגען „מעמבער".

אַ מערקווירדיגער פאַל איז פאַרגעלייגט געוואָרען פון אַ קלעגעריין, וואָס איז געקומען פאַרטיידיגען איהר אַלטען טאַטען.

איהר פאָטער איז געווען אַ טעטיגער מיטגליד און דער פאַקטישער גרינדער פון דער סאָסייעטי. איז ער, לא עליכם, קראַנק געוואָרען און אויסדערוועהלט גע־וואָרען פון זיינע לאַנדסלייט אַלס אַן עהרען־מיטגליד. וויל ער דאָס ניט. עס איז אַ קנאַפּע עהרע, זאָגט ער, צו זיין אַן עהרען־מיטגליד. אַן עהרען־מיטגליד קריגט אַלע „בענע־פיטס" און אפילו קרקע און צאָלט קיין „דיוס" ניט. וויל ער ניט געניסען פון קצבה. ער וויל דינען אַלס פּשוט'ער מיטגליד און שטאַרבען אויפ'ן אייגענעם חשבון.

די לאַנדסמאַנשאַפט האָט דערויף גערן איינגעוויליגט.

און הערט אַ טשיקאַווע מעשה'לע.

אַ איד פון די „עשרה בטלנים", פון די פריהסטע דאַ־וונער אין שוהל, וואָס לערענט אַ פּרק משניות און מאַכט אַ פיינעם „מי שברך", האָט פאַרקלאָגט דעם אינטערנאַציאָ־נאַלען ארבייטער אָרדען אין אידישען פּאַרמיטלונגס גע־ריכט, הלמאי ער וויל איהם ניט פאַררעכענען אַלס מיטגליד.

אַ מיטגליד האָט פאַרקלאָגט זיין סאָסייעטי, הלמאי זי צאָלט איהם ניט קיין קראַנקען־בענעפיט. די לאַנדסמאַנ־שאַפט האָט אַנגעוויזען אויף אַ פּונקט אין דער קאָנסטיטו־ציע, וואָס באַרעכטיגט אַ מיטגליד צום קראַנקען בענע־פיט, בלויז ווען איהר דאָקטער באַשטעטיגט דאָס. דער מיטגליד האָט דעם סאָסייעטי־דאָקטאָר ניט גערופען.

דער מיטגליד האָט מיט זיך מיטגעבראַכט אַ צעטעל פון אַן אַנדער דאָקטאָר, אַז ער איז שטאַרק קראַנק געווען פאַר דריי וואָכען און זיך ניט געקענט יאָווען אין דער לאַנדס־מאַנשאַפט.

דאָס געריכט האָט געפונען, אַז מען קען קיין סאָסייעטי־דאָקטאָר אויף קיין חולה ניט אנוואַרפען, ווען ער וויל און מוז זיך דוקא היילען ביי אַן אַנדערען, און איהם צוגע־פּסק'נט די געפאָדערטע סומע.

אַ מיטגליד האָט געלאַדען זיין חברה. ער האָט פאַר יאָה־רען לאַנג באַלאַנגט צו דער חברה, ער איז פון איהר אַרויס

פאַר א קורצער צייט און זיך צוריקגעקערט. און ווען ער איז לעצטענס קראַנק געוואָרען, האָט מען איהם אויסגעשלאָסען פון מיטגלידערשאַפט און ניט באַצאָלט זיין קראַנקען־בענעפיט.

די חברה האָט אָנגעוויזען אויף אַ פונקט אין איהר קאָנסטיטוציע, אַז אַ מיטגליד, וואָס גיט ניט אָן בעת׳ן פאַרשרייבען זיך אַלס מיטגליד זיינע ריכטיגע יאָהרען, מוז אויסגעשלאָסען ווערען פון דער חברה און איז ניט באַרעכטיגט צו קיין בענעפיטען.

די ריכטער האָבען איינגעזעהן, אַז אַ לאַנדסמאַנשאַפט מוז געפינען וועגען ווי אויסצוזוכען אַזאַ זאַך אין אַ קירצערער צייט ווי אין דעם פאַל, און ניט גראָד ווען דער מיטגליד איז קראַנק און צעבראָכען. זי האָט אויפגעפאָדערט די חברה איהם אריינצונעהמען צוריק אין דער מיטגלידערשאַפט און איהם אָפּצאָלען דעם קראַנקען בענעפיט.

אן אָרטאָדאָקסיש רעליגיעזער לאדזש האָט פארקלאָגט אַ פאָר פון איהרע יונגערע מיטגלידער פאַר לאָזען באַערדיגען די מתים אויף אַ רעפאָרמירטען ניט־אידישען שטייגער.

אנומעלט איז געשטאָרבען איינעמס אַ שוויגער, האָט מען זי אויסגעפוצט אין איהר חתונה־קלייד, איהר „אָפּגערוזשט" די באַקען, אָנגעשמירט די ליפּען מיט ליפּסטיק און זי אריינגעלייגט אין אן אויסגעבעטער טרונע מיט אַ קישען צוקאָפּענס.

און ווען אַ „ברודער" זייערער איז ניט לאַנג צוריק געשטאָרבען, האָט מען איהם אָפּגעגאָלט און אויסגעפוצט אין „פול־דרעס", ווי ער וואָלט געגאַנגען צו אַ חתונה.

די ריכטער האָבען גע׳פסק׳נט, אַז אַ לאדזש איז באַרעכטיגט אויף איהרע פאָדערונגען, אַז מען זאָל מקבר זיין אַ מת לויט׳ן אידישען כשר׳ן דין. אַ איד אַ בר־מינן מוז באַערדיגט ווערען אין תכריכים, מען מוז איהם צוערשט לייגען אויף טהרה־ברעט, דער ארון מוז זיין אַ פשוט׳ער און פון גרים און שמינקע קען קיין רייד ניט זיין. גאָר עהרליכע אידען זיינען זיך אפילו נוהג און לייגען אריין אין ארון אַביסעל ארץ ישראל ערד.

אַ פרוי איז אריין מיט גוואלד אין געריכט, און נאָך איהר — סאָסייעטי־לייט. אַ פאָר שטונדען צוריק איז געשטאָרבען איהר מאַן. אַ לעבען־לאַנג געצאָלט „דיוס" און איצט ווילען זיי איהם ניט מקבר זיין. די סאָסייעטי־לייט גיבען עס צו. אַ יאָהר דריי צוריק, דערצעהלען זיי, האָט מען דעם מאַן אָפּערירט און איהם אָפּגעשניטען א פוס. מען האָט דעם פוס מקבר געווען. אַ מיטגליד איז בארעכטיגט צו איין קבר, ניט צו צוויי.

— האָט דער פארשטאָרבענער מיטגליד געצאָלט „דיוס" נאָך דער אָפּעראַציע?

— יאָ, אָבער...

— טאָ ברענגט דעם מת צו קבר ישראל און מאָנט אויף אַ קאָפּשטייער פון אייערע מיטגלידער צו דעקען די הוצאה.

פאָרט אַ איד פון ניו יאָרק קיין פּעטערסאָן, ניו דזשוירזי און שטאַרבט פּלוצלונג. האָט איהם דער זוהן געבראַכט אין זיין סאָסייעטי־פלאַץ קיין ניו יאָרק דורכצופיהרען די לויה, און עס האָט איהם אריינגעבראכט אין אַ הוצאה פון אַריבער הונדערט דאָלער. מאָנט ער די סאָסייעטי זאָל איהם אומקערען דאָס געלט, ווייל זי האָט איהם ניט געזאָגט, אַז איהר בית־חיים (סעמעטערי) געפינט זיך אין ניו דזשוירזי סטייט, וואָס וואָלט איהם איינגעשפּאָרט די הוצאה.

טענה׳ן די סאָסייעטי־לייט, אַז זיי זיינען ניט מחויב אויסצושטעהן די באַלזאַמירונג־אויסגאַבען, וואָס זיינען קעגען דעם אידישען דין. די הוצאה פונ׳ם איבערפיהר האָט איהם בלויז געקאָסט עטלעכע און דרייסיג דאָלער.

דאָס געריכט האָט געהאַלטען מיט די סאָסייעטי־לייט, און זיי האָבען איהם בלויז באַצאָלט די עטלעכע און דרייסיג דאָלער.

א מיטגליד רופט די סאָסייעטי צום א. פּ. ג. זיין פרוי איז נפטר געוואָרען און מען באַצאָלט איהם ניט קיין שבעה־געלט. טענה׳ט די סאָסייעטי: היתכן, ער איז דאָך נאָך זיין פרוי גאָר קיין שבעה ניט געזעסען, ער האָט זי אָפּגעגט א סך פריהער נאָך די געזעצען פונ׳ם סטייט.

— אָבער אלס רעליגיעזע חברה — באַטאָנט דער מיטגליד — אנערקענט איהר דאָך בלויז א אידישען גט.

די ריכטער האָבען גע׳פסק׳ענט, אַז אַ סאָסייעטי, וועלכע נעהמט „דיוס" פון אַ מאן פאַר אַן אָפּגע׳גט׳ער פרוי, קען זיך פונ׳ם שבעה־אָפּצאָל ניט אָפּזאָגען.

א פינף און זיבעציג יאָהריגע פרוי האָט פאַרקלאָגט איהר סאָסייעטי. איהר מאַן איז באַערדיגט אויפ׳ן „הר־ציון" בית־עולם. אַריבער עטלעכע און דרייסיג יאָהר איז זי אין דער סאָסייעטי, זי האָט געצאָלט איהרע שטייערען און געווען זיכער, אַז ווען איהר צייט וועט קומען, וועט מען זיך לייגען לעבען איהר מאַן אויפ׳ן „הר ציון". איצט אָבער האָט זיך געמאַכט, אַז זי האָט עטלעכע חדשים ניט געקענט צאָלען קיין שטייערען און די סאָסייעטי וויל פון איהר אָפּנעהמען דעם באַשטימטען קבר. וויל זי ניט, אַז זי וועט קומען אויפ׳ן עולם האמת, זיין אָפּגעשיידט פון איהר מאַן, און בעט זיך, נעבעך, מען זאָל זי ניט פאַרשעמען.

די ריכטער האָבען באַווירקט איהרע לאַנדסלייט, זיי האָבען איינגעוויליגט צו טהאָן איהר ווילען און אָפּגעווישט דעם אלטען חוב. זי וועט בלויז צאָלען איהרע ווייטערדיגע שטייערען.

אַ פרוי האָט ביי איהר לעבען „רעזערווירט" און אויסגעצאָלט אַ קבר. נאָך איהר טויט האָט זי די חברה, דורך א טעות, באַערדיגט אין אן אנדער קבר. פאָדערען איהרע צוויי זיהן, אַז די חברה זאָל זיי דערפאַר באַשטימען אַ פלאַץ לעבען זייער מוטערס קבר אָהן באַזונדערען אָפּצאָל. דאָס געריכט האָט זיי דאָס צוגע׳פסק׳נט.

אן אַלטע פרוי פארקלאָגט אַ סאָסייעטי, וואָס האָט ביי

איהר געגומען דריי הונדערט און דרייסיג דאָלער פאַר אַ פּלאַץ לעבען איהר מאַנ'ס קבר און וויל איהר דעם פּלאַץ פאַר'ן קבר ניט געבען.

די סאָסייעטי טענה'ט, אַז דער קבר באַטרעפט פינף הונדערט דאָלער, זי איז נאָך שולדיג הונדערט און זיבציג דאָל. זאָל זי באַצאָלען די פולע סומע. אויך האָט זי זיך צו־געאיילט און זיך געשטעלט לעבען מאַנ'ס קבר אַ מצבה מיט איהר אויסגעקריצטען נאָמען אָהן אַ דאַטום, פאָדערען זיי, מען זאָל אַוועקנעהמען די מצבה.

דאָס געריכט האָט געפונען, אַז דער קבר איז איהרער און די מצבה זאָל ניט אַוועקגענומען ווערען. זי דאַרף בלויז אויסצאָלען זעכציג דאָלער אין אַ משך פון פיער יאָהר צייט.

---

# זיין האַנט האָט די סאָסייעטי באַערדיגט, אָבער ער אַליין לעבט און איז געזונט

(אַ באַריכט אין „פאָרווערטס")

איינע פון די מערקווירדיגסטע קייסעס, וואָס דער „פאָרווערטס" רעפּאָרטער האָט ווען בייגעוואוינט, איז נעכטען פאָרגעקומען אין אידישען קאָורט, וועלכער האַלט אָפּ זיינע זיצונגען אין מעדיסאָן סטריט קאָורט הויז, און וועמעס אָפּי־סעס איז אין 225 בראָדוויי.

די מערקווירדיגע קייס צייכענט זיך אויס מיט איהר עכטער אידישקייט, מיט דער מענשליכער גרויליכקייט און צו דערזעלבער צייט מיט דער מאָדנעקייט ווי דאָס לעבען שפּילט אָפּ טשיקאַווע שפּיצלאַך.

אַ פרומער עלטערער איד איז דורכגעגאַנגען אַן אָפּעראַציע — אַ האַנט האָט מען איהם אַרונטערגעשניטען.

לויט ווי אַ פרומער איד, וואָס באַלאַנגט צו אַ חברה, האָט ער פאַרלאַנגט, אַז זיין אָפּגעשניטענע האַנט זאָל געבראַכט ווערען צו קבר ישראל אויף דער קרקע פון זיין שוהל־חברה, און דאָרט, וואו זיין האַנט וועט רוהען, זאָל מען איהם מקבר זיין „איבער הונדערט יאָהר", ווען ער וועט שטאַרבען.

דאָס הייסט, ער האָט שוין באַשטעלט זיין קבר, און אַ טייל פון גוף — דער אָפּגעשניטענער אָרעם זיינער איז שוין דאָרטען.

דער דאָזיגער איד, אָהן דער האַנט, געפינט זיך איצט אין אַ מושב זקנים, און זיינער אַ זוהן האָט אַנגעקלאָגט דער שוהל־חברה אין אידישען קאָורט אויף דער סומע פון 15 דאָלער.

די חברה האָט „געטשאַרדזשעט" 15 דאָלער פאַר מקבר זיין דעם אָפּגעשניטענעם אָרעם פון זיין טאַטען, און ער דענקט, דער זוהן, אַז ס'איז ניט רעכט, ווייל די חברה איז דאָך מחויב צו געבען זיין פאָטער אַ קבר, און פאַר דעם אָרעם האָט מען קיין באַזונדער קבר ניט „פּאַריוזט".

האָבען די באַאַמטע פון דער שוהל־חברה גע'טענה'ט אַזוי:

יעדער מעמבער איז „ענטייטעלט" בלויז צו איין לויה, און דאָס מקבר זיין דעם אָרעם האָט דער חברה געקאָסט לעגאַלע אויסגאַבען, ווי אַ פּערמיט און אַנדערע קלייניג־קייטען, וואָס האָט באַטראָפען 15 דאָלער.

ווען עס וואָלט זיך געהאַנדעלט וועגען אָרימקייט, וועגען ניט פאַרמאָגען די אויסגאַבען פון 15 דאָלער, טאָר אַ חברה ניט זיין קיין אַכזר מיט אַ מעמבער אין אַזאַ צייט. אָבער די 15 דאָלער האָט געקאָסט, פאַרוואָס זאָל די חברה לייַ־דען די קאָסטען? פאַרוואָס זאָלען דעם אַלטענ'ס קינדער דאָס פאַרלאַנגען פון דער חברה, אין דער צייט ווען די חברה האָט דעם אַלטען מעמבער געשענקט 75 דאָלער?

וואָס פאַר אַ 75 דאָלער איז דאָס?

עס איז דער געזעץ פון דער חברה, אַז אַ קבר ווערט געגעבען פריי פאַר יעדען מעמבער אין דער רייהע, לויט ווי אימיצער שטאַרבט. אויב איינער וויל אָבער רעזערווירען אַ פּלאַץ אויפ'ן בית־עולם פאַר זיין לעבען און מען זאָל דעם פּלאַץ האַלטען פריי אַלע יאָהרען פון דעם מעמבער'ס לעבען, קאָסט עס 75 דאָלער.

די חברה, איינזעהענדיג די אויסערגעוועהנליכע לאַגע, אַז צוליב דער קבורה פון דער אָפּגעשניטענער האַנט מוז מען רעזערווירען אַ פּלאַץ פאַר דעם דאָזיגען מעמבער, ווייל אַ פרומער איד מוז קומען צו קבורה מיט אַלע זיינע איברים, האָט מען ניט פאַרלאַנגט די 75 דאָלער. די 15 דאָלער עקספּענסעס, אָבער, האָט די חברה ניט געקענט מאַכען פון איהר קאַסע, אין דער צייט ווען די פאַמיליע קען באַצאָלען אַזאַ סומע.

ראַבאַי גאָלדשטיין, וועלכער קען זעהר גוט דעם אידישען לעבען דורך־און־דורך, האָט אין דעם נאָמען פון אידישען געריכט אַרויסגעגעבען דעם פּסק־דין, אַז די חברה האָט גע־האַנדעלט זעהר ריכטיג און זי האָט געמעגט רעכענען די 15 דאָלער אויסגאַבען.

ליגט דער אָרעם פון אַ טראַגישען אידען אויפ'ן בית־עולם, און איבער הונדערט יאָהר וועט דער איד קומען אַהין, צו זיין לאַנג־פאַרשטאָרבענעם אָרעם.

# טייל II.

•

## אינהאַלט:

ברוך גלאַזמאַן

# דער לאַנדסלייט־מאָטיוו אין דער אַמעריקאַניש־אידישער ליטעראַטור*)

.1

לאַנדסמאַנשאַפט־פאַראיינען האָבען זיך אָנגעהויבען באַווייזען אינם אַמעריקאַניש־אידישען לעבען שוין היפש לאַנג צוריק. מיר ווייסען פון לאַנדסמאַנשאַפטען, וועלכע זיינען העכער פופציג יאָהר אַלט. אָבער אין דער אַמעריקאַניש־אידישער ליטעראַטור — דעם ניי־אַרויסגעשאָסענעם צווייג פון דער אַלוועלטלאַכער אידישער ליטעראַטור — האָט זיך דער לאַנדסמאַנשאַפט־מאָטיוו, ווי עס איז נאַטירלאַך צו דערוואַרטען, אָנגעהויבען באַווייזען פיל שפּעטער.

צוערשט האָט די אידישע אימיגראַציע פון די מזרח־אייראָפּייאישע לענדער—וואָס זיינען געווען פאַקטיש די אויסשליסלאַכע קוואַלען וועלכע האָבען געליפערט פאַסיגען, זיך־צונויפבינדענדיגען מענטשען־מאַטעריאַל פאַר די שפּעטערדיגע לאַנדסמאַנשאַפטען — געריזלט אין קליינע ריטשקעלאַך און שטרעמעלאַך. זיי פלעגען צערינען, צעשווימען אין דעם נייעם לעבען, זיך דאָרט קנאַפּ אָנזען. ערשט אומגעפער מיט אַ קנאַפּע פופציג יאָהר צוריק, אין די ניינציגער יאָהרען פון דעם פאָריגען יאָהרהונדערט, האָבען זיך אָנגעהויבען אָנשלאָגען אָז די אַמעריקאַנער ברעגען אימיגראַציע־כוואַליעס פון גאָר שטאַרקען אימפּעט און פאַרכאַפּענדיגער גרויס.

ס׳האָט אָבער געדאַרפט דויערען אַ לענגערע צייט, ביז אָט־די אימיגראַציע־כוואַליעס האָבען זיך אָנגעהויבען אָפּזעצען אויף דער אַמעריקאַנער יבשה, ביז דער רעזידיום פון אַ פאַסיגען אָרגאַניזאַציאָנס־פּייאיגען לאַנדסמאַנשאַפטס־עלעמענט האָט זיך אָנגעהויבען אויסקריסטאַליזירען, ביז די היימווי־סענטימענטען האָבען אָנגעהויבען זיך פאַרוואַנדלען אין עטוואָס שעפערישעס, און ביז די ניי־געגרינדעטע לאַנדסמאַנשאַפט־פאַראיינען האָבען אָנגעהויבען שפּילען אַ ראָליע, געזעלשאַפטלאַך און עקאָנאָמיש, אין דעם לעבען פון די אידיש־אַמעריקאַנישע מאַסען. ערשט דאַן האָבען זיי געקאָנט, האָבען זיי שוין געמוזט צוציען צו זיך דאָס אויג אויך פון דעם אַמעריקאַניש־אידישען שריפטשטעלער.

און מיט דעם דערקלערט זיך עס טאַקע וואָס אין דער עלטערער אַמעריקאַניש־אידישער ליטעראַטור — ביי קאָברינ׳ען, ליבינ׳ען, ז. לעווינ׳ען, א. אַ. — קאָן מען ווייניג געפינען רעפּרעזענטירט דעם לאַנדסמאַנשאַפט־מאָטיוו.

כאָטש מער פון אַנדערע שפּעטערדיגע אידישע וואָרטשעפער, האָבען גראָד זיי, דער עלטערער דור שרייבער, פרום און געטריי נאָכגעפאָלגט די ערשטע טריט פון די אימיגראַנטען־מחנות, נאָכגעגאַנגען זיי אויף דעם שטרויכלונגספולען וועג פון אום׳ברחמנות׳דיגען עקאָנאָמישען קאַמף, פון פיינפולער צופּאַסונגס־פּראָצעס, פון ניי־אויפגעקוואָלענע שטרעבונגען און אַמביציעס, פון קאָלאָסאַלע דערגרייכונגען און פונקט אַזעלכע דורכפאַלען. אָבער — דאָס איז געווען פון זייער זייט אַ פאַרנעמען־זיך מיט דעם אימיגראַנטען־לעבען הויפּטזאַכלאַך, אויסשליסלאַך ווי מיט אַ לעבען פון יחידים, פון אַצעשטויבטען און צעברעקעלטען לעבען פון איינצעלנע אימיגראַנטען.

די ערשטע אידישע אימיגראַנטען־טיפּן האָבען זיך דאָ געפיהלט בהלה׳דיג צו־פאַרלוירען און צעטומעלט, זיינען געווען צו־שטאַרק פאַרטאָן יעדער באַזונדער אין זיין פערזענלאַכען פּראָבלעם פון איינאָרדנען און צופּאַסען זיך צו אַן אינגאַנצען פרעמדען לעבענס־שטייגער, האָבען דורכגעלעבט די שאַרפע ווייטאָגען פון איבערברעכען זיך עקאָנאָמיש שוין דערוואַקסענערהייט ... דער ווערט פון לאַנדסמאַנשאַפטס־פאַראייניגונגען איז נאָך ניט פאַרשטאַנען געוואָרען; די נויטיגקייט אין זיי — ניט געפיהלט געוואָרען. אַלע זיינען דאָך נאָך פאַקטיש געווען „גרינע”—ניט געווען נאָך כמעט קיין עלטערע און איינגעזעסענערע לאַנדסלייט, וועלכע זאָלען נעמען אונטער זייער שוץ, אָדער קומען צו־הילף די אָקאָרשט אַריבערגעקומענע „גרינע” פון זייער אייגענער שטאָט אָדער שטעטל.

אָט איז ווי דוד איגנאַטאָוו, אין זיין ראָמאַן „אויף ווייטע וועגען”, באַשרייבט דעם כאַראַקטער פון דער אימיגראַנטען־כוואַליע צום סוף פון דעם 19טען יאָהרהונדערט, איידער נאָך די „עם־עולמ׳ניקעס” זיינען אָנגעקומען:

„די קליינע אידישע מאַסע איז דעמאָלסט באַשטאַנען מעהרסטענס פון אַנטלאָפענע באַנקראָטירטע קליינהענדלער,

*) דער דאָזיגער אַרטיקעל האָט נישט די מינדעסטע פּרעטענזיע אויף אויסשעפּענדיגקייט. דער שרייבער האָט זיך טאַקע באַמיט צו דעקען אַזויפיל מאַטעריאַל, וואָס קאָן האָבען אַ שייכות צו אָט־דער טעמע, וויפיל ער האָט געוואוסט. קיין גרינטלאַכע איז אָבער די אַרבייט פונדעסטוועגען נישט. וואַרשיינלאַך זיינען דאָ נאָך ווערק אין דער אידישער ליטעראַטור, וואָס קאָנען באַהאַנדעלט ווערען אין צוזאַמענהאַנג מיט דער טעמע. דער שרייבער אָבער ווייס נישט פון זיי איצט. טאָ זאָל דער ביגעלייגטער עסיי באַטראַכט ווערען, ווי אַן ערשטער פּרואוו פון אָט אַזאַ אַרבייט.

ברוך גלאַזמאַן.

אַנטלאָפענע פריזיוניקעס, פון דורכגעפאַלענע האַלב־אינטעליגענטען, אַמאָל אויך אַ סטודענט וואָס איז פאַרטריבען געוואָרען פון אוניווערזיטעט און פון לאַנד (רוסלאַנד) פאַר רעוואָלוציאָנערע טעטיגקייט, און אָפט אויך אַ גנב, וואָס איז אַנטלאָפען פון זיין היים, כדי אויסצומיידען געפענגעניש".

און אַז זיי האָבען אויכגעטיילט אַ פאַראיין פון זיך, איז זיין ׳נאָמען געווען אַ כאַראַקטעריסטישער — „אָפגעריסענע בלעטער"...

יאָ, ס'איז נאָך געווען אַ פיאָנערען־דור — אין דעם מאַטערניספולען פּראָצעס פון געפינען אַן אָנהאַלט אין דעם נייעם לאַנד און לעבען, וואו מען האָט געדאַרפט זיך שאַפען — און שאַרפען — נעגעל ביים קלעטערען אויף האַרטען ווירקלאַכקייטס־פעלז. איז מען אַליין געוואָרען שפיציג, שאַרף, און פאַרהאַרטעוועט...

„יעדער פון זיי האָט געהאָפט דורך שווערער באַטאָג־און־באַנאַכטיגער אַרבייט אָנצוקלייבען עטלאַכע דאָלער און אַליין אַריין אין עפּעס אַ געשעפט. „אין אַמעריקע איז דער דאָלער דער גאָט", פלעגען זיי טענה'ן (דוד איגנאַטאָוו, „אויף ווייטע וועגען"). ס'איז ניט געווען קיין אָרט פאַר ראָמאַנטיק, און נישט געווען נאָך קיין אָרט פאַר לאַנדסלייט סענטימענטען. און ווען לאַנדסלייט האָבען זיך ערגעץ וואו אָנגעטראָפען צופעליג, נישט דורך פאַראיינען, וועלכע זיינען נאָך דעמאָלסט צווישען אימיגראַנטען געווען כמעט אויסשליסלאַך פון אַ פּראָפעסיאָנעלען און עקאָנאָמישען כאַראַקטער, יוניאָנס — האָבען זיי איינער דעם צווייטען קיין צופיל וואַרימקייט נישט אַרויסגעוויזען, הילף געגעבען — אודאי און אודאי נישט...

.2

אין קאָבריג'ס „די אימיגראַנטען" („ראָמאַן אויס דעם לעבען פון רוסישע אידען אין אַמעריקע", אַרום 1910), אַ שטייגער, איז כמעט אינגאַנצען נישט צו געפינען דאָס לאַנדסלייט־געפיל צווישען די פאַרשידענע אימיגראַנטען־טיפען, שוין אָפגערעדט פון דעם לאַנדסמאַנשאַפטס־לעבען. דאָרט טרעפען זיך אַפילו אָן מענטשען, וואָס שטאַמען פון איין שטאָט — לאַנדסלייט. אָבער סארא וואַרימקייט, סאַראַ סענטימענטען זעט איהר דאָרט צווישען באָריס עטינבערגין און אַבראַשאַ סמיטש'קען? בלויז שנאה און פאַראַכטונג צום לעצטען, וועלכער הייסט שוין גאָר איצט אייבי מעקנעק און איז דער באַלעבאָס פון פאַבריק, אין וועלכער עס דאַרף אָנקומען אַרבייטען באָריס עטינבערגס „אינטעליגענטע" טאָכטער, ליובאַ...

באָריס עטינבערג, דער געוועזענער קיעווער „קופּעץ", קאָן זיך קוים באַרואיגען ווען ער דערמאָנט זיך אָן אַבראַשאַ „פאָדליעץ", ווי ער האָט יענעם געקאָנט און דרך־ארץ געלערענט מיט צען יאָהר צוריק, ווען יענער האָט נאָך ביי אים געדינט... אָט שטייט דאַכט זיך יענער פאַר אים אין קאַנטאָר, אַ בחור פון אַ יאָר צוויי־און־צוואַנציג, מיט דעם היטעל אין האַנט, מיט דער רויטער „פויערשער" טשופרינע איבער'ן שטערן, מיט'ן רוקען איינגעבויגען און קוקט אויף אים מיט זיינע כיטרע־גנב'ישע אויגען און וואַרט אויפ'ן באַלעבאָס באַפעל...

— הייס איינשפאַנען דעם פערד, אַבראַשאַ, און פאָר אַריבער צו רינטענבערג'ען און ברענג מיר אַ פּראָבע פון „די קאָרן" (דעם קאָרן)...

— „טאַק טאָטשנאָס" — ענטפערט אַבראַשאַ מיט אַ שולדיגער מינע, און לויפט אַרויס פון קאַנטאָר".

און שפעטער, ווען יענער פירט ניט דורך דעם דאָזיגען באַפעל צו „גאָספּאָדין עטינבערג'ס" פולער צופרידענשטעלונג —

„— איך האָב דיר געזאָגט, דו זאָלסט מיר ברייגנען אַ פּראָבע פון קאָרן — האָב איך געמיינט, פּראָכוואָסט דו, דו זאָלסט מיר ברייגנען אי פון דעם טרוקענעם קאָרן אי פון דעם סערמאָלאָטנעם!.. און דו האָסט מיר געבראַכט נאָר די טרוקענע" — האָט באָריס גענומען שרייען.

„— טאַק טאָטשנאָס — האָט אַבראַשאַ געשטאַמעלט.

„— טאַק טאָטשנאָס — האָט אים איבערגעמישט (איבערגעקרומט) באָריס. — אַבראַשאַ־פאָדליעץ, אַלעמאָל טוסטו פאַרקערט! פאַשאָל! פאַשאָל, סווינטוך! — האָט ער אַ געשריי געטאָן און אים אַ פאַטש געטאָן איבער'ן רויטען קאָפּ: — מאַרש נאָך דער פּראָבע!"

„אַבראַשאַ האָט צעמישט געקוקט אויף אים און, שמייכלענדיג מיט אַ הינטעשער מינע, האָט ער געשטאַמעלט: — „טאַק טאָטשנאָס!"... —

און מיט צען יאָהר שפעטער, אין אַמעריקע —

— וואָס איז עס? יענער איז אַ פאַבריקאַנט אין אַמעריקע, און ער, באָריס, אין אַ וואָס?... און זיין טאָכטער, די באַרישניאַ ליובאַ, זי אַרבייט אין פאַבריק, און ביי וועמען? ביי זיין אַמאָליגען יונג... ביי אַבראַשאַ־פאָדליעץ? ניין, עס מוז זיין אַ חלום... אויפ'ן וואָר קאָן עס נישט זיין!... — — — מיין קאַנטאָרשטשיק וואָלאָדיאַ איז דאָקטאָר עפּשטיין, מיין יונג אַבראַשאַ איז דאָ אַ פאַבריקאַנט... מיר דאַכט זיך, אַז גאָט האָט אונז אַראָפּגעבראַכט קיין אַמעריקע, און אַז אונזערע אַמאָליגע „מענטשען", וואָס האָבען געדינט ביי אונז, זאָלען קענען לאַכען פון אונז, זאָלען זיך קענען באָדען אין אונזער בלוט..."

ניין, ווייט נישט קיין וואַרימע סענטימענטען... די הויפּט־פּראָבלעם פונם דאָזיגען בוך איז — „דאָס רעדעלע דרייט זיך". פון לאַנדסמאַנשאַפט־געפיהלען און סענטימענטאַלע באַציהונגען — אָפגערעדט. אפשר איז עס דערפאַר, וואָס דאָס רוב העלדען זיינען דאָ ניט קיין פאָלקס־מענטשען, נאָר „אינטעליגענטען" און רוסיש־שפּרעכענדע, געוועזענע רייכע סוחרים, וואָס דרעהען אויף אַלץ מיט דער נאָז: דאָס פלייש איז דאָ פאַדלע, דאָס ברויט — מעקענע, די וואָינונגען — שוויינען־שטאַלען..." אין דאָזיגען קאָבריג'ס בוך טרעפען מיר גיכער דעם אימיגראַנטען־שטויב, איידער די אימיגראַנטען־מאַסע, איידער די גאַנצע עדות, צעמענטירטע דורך היימאַטס־ווי און היימאַטס־בענקשאַפט, מיט וועלכע מיר וועלען זיך שפעטער טרעפען ביי אַש'ן, אָפּאַטאָשו א. אַ. קיין אָנצוהערעניש פון אַ פאַבריק אָדער לאַנדסמאַנשאַפט אינם גאַנצען

בוך — ווען די העלדען פון „די אימיגראַנטען" זוכען געזעליגקייט, גייען זיי פאַרברענגען אין קאַפּייען און קי־בעצאַרניעס . . .

כאָטש אויך צו יענער צייט האָבען זיך דאָך זיכער געפונען „סאָסייעטיס" און אונטערשטיצונגס־פאַראיינען פון אייגענע מענטשען און גוטע ברידער. אַ שטייגער, ביי ליבינען געפינען מיר שוין אַ דערציילונג „צוויי ברירות", אין וועלכער דער העלד, אַ שווינדזיכטיגער פּאָריער, מוז קריגען שטיצע כדי צו קענען אַוועקפאָרען קיין קאָלאָראַדאָ אינם סאַנאַטאָריום — העלפט אים אין דעם טאַקע אַרויס זיין „סאָסייעטי"... אָבער ס'איז סימפּטאָמאַטיש, וואָס מעהר קיין אַנדייטונגען אויף אַזעלכע פאַראיינען אָדער לאַנדסמאַנשאַפטען געפינט מען ניט אין אַלע ווערק פון ז. ליבין — אָט דעם וויכען און ווײ־מוטיגען באַזינגער פון אַלערליי מעגלאַכע פּיינען און ווייטאָגען פונם אידישען אימיגראַנט אין אַמעריקע.

און אונז אינטערעסירט דאָך דאָ הויפּטזעכלאַך—טאַקע אויסשליסלאַך — דער לאַנדסמאַנשאַפט־מאָטיוו. און ניט אַזוי לאַנדסלייט יחידים, ווי אָרגאַניזירטע לאַנדסלייט — גרעסערע אָדער קלענערע צוזאַמענקומונגען זייערע—לאַנדס־מאַנשאַפטען, אָרגאַניזאַציעס וואָס אָדער זיי טוען עפּעס פאַר זייערע אייגענע מיטגלידער דאָ, אָדער פאַר דער „אַלטער היים"; פאַראיינען אין וועלכע לאַנדסלייט טוליען זיך איינע צו די אַנדערע מחמת דעם עלענט פון די „גרינע יאָהרען", דער איינזאַמקייט פון אַ פרעמד לאַנד — אָדער קומען זיך צונויף כדי געמיינזאַם צו העלפען די פאַרבליבענע אומ־גליקלאַכע אין דער „אַלטער היים", קרבנות פון שטענדיגע פּאָגראָמען, פּערמאַנענטער עקאָנאָמישער הילפלאָזיגקייט, מהומות, מלחמות, וועלט־איבערקערענישען... און אַזעלכע מאָטיוען אין דער ליטעראַטור האָבען זיך הויפּטזאַכלאַך אָנגעהויבען באַווייזען ערשט אַרום יאָהר 1910.

.3

שלום אַש, דער שעפער און באַזינגער פונם היימישען שטעטעל אויף די ברעגען פון דער פוילישער ווייקסעל, האָט אויך דער ערשטער דערזען דאָס אַמעריקאַניש־אידישע שטעטעל אויף די ברעגען פונם האָדסאָן...

נאַטירלאַך — אַן אַריבערגעוואַנדערטעס איז שוין דאָס פוילישע שטעטעל איצט געווען, אַן אויסגעוואָרצעלטעס און זיך פונדאַסניי איינפלאַנצענדיגעס. אָבער אַלץ אַ שטע־טעל: אַ באַזונדער קבוץ, אַ לאַנדסלייט־איינהייט.

„קיין אַמעריקע„ — אָט די רירענדיגע, כאָטש ער־טערוויז שוין מיט צופיל צעגאָסענעם סענטימענט, אי־בערגעלאָדענע עפּאָפּייע פון די וואַנדלונגען, אינערלאַכע און אויסערלאַכע, פון אַן עקזאָלטירטען קליינשטעטלדיגען אידישען אינגעל, יאָסעלע, וואָס איז מיטגעפאָהרען מיט זיין משפחה קיין אַמעריקע — איז אָנגעשריבען געוואָרען אַרום 1910, דעמאָלסט ווען די סטיכיע פון דער אידישער אימיגראַציע האָט זיך נאָך געפונען אויף איר העכסטען פונקט.

און דאַן האָט שוין מאיר, יאָסעלע'ס פאָטער, געוואוסט אַז דאָס ערשטע אויפ'ן נייעם באָדען דאַרף ער זיך שטעלען אין קאָנטאַקט מיט זיינע לאַנדסלייט — „די לאַנדסלייט פון דער דריטער סטריט", צו וועלכע ער האָט שוין מיטגעפירט אַן אַדרעס פון שטעטעל נאָך. זיי האָבען אים פון שיף אַראָפּגענומען, זיי האָבען אים דערנאָך געשאַפט אַ אידישען „פלעיס", אַ שאַפּ אין וועלכען מען אַרבייט נישט שבת; אַ לאַנדסמאַן האָט אים יעדען טאָג געפירט צו, און אָפּ־גענומען פון דער סאָבוויי־סטאַנציע, ווען ער האָט געדאַרפט פאָרן אין שאַפּ אַריין...

כאָטש מאיר אַליין איז גראָד נישט געווען קיין מענטש מיט אַ שטאַרק־אַנטוויקעלטען געזעלשאַפטליכען חוש. „צו קיין חברה, קיין סאָסייעטי, סיי ציווילנע אָדער רעליגיעזע קאָנגרעגעישאָנס האָט ער נישט געהערט, און האָט זיך איבערהויפּט מיט קיינעם נישט געמישט". אָבער מיט אַ צוויי זייטען ווייטער לייענען מיר שוין, אַז „דעם ערשטען פרייטאָג־צו־נאַכט האָבען אים די לאַנדסלייט פון דער דריטער סטריט מיטגענומען אין די „קאָנגרעגעישאָן אַנשי לענשנע", די חברה פון זייער שטאָט. און אַזעלכע חברות זיינען אָפּט געווען דער נוקלעאוס, פון וועלכען עס האָבען זיך שפּעטער אויסגעפאָרמירט די לאַנדסמאַנשאַפטען־סאָסייעטיס.

קיין מיטינג־לאָקאַל האָבען נאָך די „אנשי לענשנע" נישט געהאַט. אָבער די וואוינונג פון דער אלמנה „אויף דער דריטער סטריט" איז געווען דער אַדרעס פאַר אַלע וואָס פאָרען קיין אַמעריקע פון לענשנע, צו דער „מומע" אין שטוב טעלעגראַפירט מען פון שיף ווען עס קומט אַראָפּ אַ לענשנער, און פון דאָרטען גייט אַרויס אַ יונג אָפּנעמען דעם „גרינעם" פון שיף. דאָרט, ביי דער „מומע" האַלט מען זיך אויף די ערשטע טעג, ביז מען קליידט אויס דעם גרינעם, און מען קריגט פאַר אים אַרבייט. און דאָרט, אין שטיבעל ביי דער מומען, קומען זיך צוזאַמען אַלע לאַנדס־לייט שבת אויף דער נאַכט, און מען שמועסט פון דער היים, פון שטעטעל... אַז עס קומט אַ נייער לענשנער, בריינגט ער מיט גרוסען און בריוולאַך פון די לאַנדסלייט, קומט מען דאָרט צו דער „מומע" זיי אָפּנעמען: „יעדער איינער האָט אויסגעפרעגט נישט בלויז אויף זייניגע, נאָר אויף באַקאַנטע, און עס האָבען זיך געפונען אַזעלכע, וואָס זיינען נייגעריג געווען צו וויסען וואָס עס איז געוואָרען דער סוף פון געוויסע גאַסען, הייזער, בהמות און חיות פון לענשנע..."

און ביסלאַכווייז, ביסלאַכווייז, הויבט זיך פון דעם אַלע־מען אָן אויספּיקען אַ פאַראיין. די עלטערע מענטשען האָבען געהאַט זייער קאָנגרעגיישאָן, „אנשי לענשנע", און די יונגע־לייט האָבען שוין געהאַט „די לענשנער יאָנג מענס סאָ־סייעטי", אַ חברה וואו „מען פירט שוין אַ הינטער קוליסען־פּאָליטיק„... אַז ס'קומט אָן „סלעק„ דערמאָנט זיך מאיר אַז אַנדערע געהערען עפּעס צו אַזעלכע חברות, וועלכע צאָהלען אין אַ שלעכטער צייט... און „דער קרוב פון דער דריטער סטריט האָט אים צוגערעדט ער זאָל אַריינ־טרעטען אין עפּעס אַ חברה „אחדות" וואו אַלע אַרבייטער האַלטען זיך צוזאַמען". אָבער מאיר האַלט נאָך נישט

דערביי. „וואָס פאַר אַן אַרבייטער איז ער? ער איז אַ איד, אַ יודע ספר"... עס אינטערעסירען אים בלויז לאַנדסלייט פאַרזאַמלונגען אויף דער דריטער סטריט. און ווען ער האָט טראָבעל מיט זיין יאָסעל'ען אויף עליס איילאַנד, זיינען עס ווידער די לאַנדסלייט, וועלכע לויפען אַרום מיט אים איבער דער שטאָט, זוכען הילף.

וועגען דער הילף, וואָס לאַנדסלייט פלעגען אַרויסווייזען זייערע שטאָט-לייט ביים אָנקומען קיין אַמעריקע, דערציילט זיך אויך אין אַש'עס אַ קלײנער הומאָרעסקע „אַ יוניאָן פאַר שבת". ווען משה-אהרון-לייב מלמד פון באַראסאָוויטש וויל קומען קיין אַמעריקע, האָבען עס די לאַנדסלייט פון דער חברה „אנשי אמת דק"ק באַראסאָוויטש" אים געשיקט אַ שיפסקאַרטע און אַ פאָר דאָלער... „דעם ערשטען שבת האָבען זיי אַפילו פאַר זיינעטוועגען נישט געאַרבייט. געפירט אים אין דער חברה אַריין, וואו די לאַנדסלייט דאַווענען, כדי ער זאָל זיך זען מיט די באַקאַנטע און זיי זאָלען אים שאַפען אַ פלעיס, אַוואו מען אַרבייט ניט אין שבת".

.4

„קיין אַמעריקע" איז אָבער בלויז אַ פראָלאָג צו אַ ריי וויטערדיגע ארבייטען שלום אַש'עס, אין וועלכע אַ טייל פון די זעלביגע מאָטיוען ווערען פאַנאַנדערגעאַרבעט אויף ברייטערע לייוועגטען, אָדער פון אַנדערע קוק-ווינקלען, אָדער אויספירלאַכער אויפגעשפילט. צווישען אָט-די אַרבייטען זיינען די וויכטיגסטע „לייבעל אינדערהיים — לייבעל אין אַמעריקע", „אָנקעל מאָזעס" און „דער לאַנדסמאַן".

אין „לייבעל אינדערהיים — לייבעל אין אַמעריקע„ — אַ שפעטערדיגע אַרבייט אַש'עס אויף כמעט דעם זעלביגען לייט-מאָטיוו, וואָס אין „קיין אַמעריקע"; מעהר ניט וואָס דאָ איז עס אַ דערוואַקסענער מענטש, נישט קיין קינד, וואָס קאָן נישט אָננעמען, און וויל זיך נישט צופאַסען צו אַמעריקע — גיט אונז אַש ווידער בילדער פון לאַנדסלייט-לעבען און לאַנדסלייט-באַציהונגען.

„שבת האָט העניך מיטגענומען דעם ברודער דאַווענען אין דער קאָנגרעגיישאָן „אנשי קרושעוויץ" וואָס האָבען געהאַלטען זייערע שבת'דיגע מיטינגען אין דעם חתונה-זאַל „פאַריז", אין וועלכען עס האָבען אויך „געמיט" די יאָנגמענס ק. אסאָסיאיישאָן, דער דאַון-טאַונער בייז-באָל קלוב, און דריי מאָל אין דער וואָך האָט דער פאַריזער טאַנץ-מייסטער געגעבען טאַנץ-לעסאָנס. אַלע סאָסייעטיס האָבען געהאָט הענגען אויף די ווענט פון דעם האָל די צייכענס און די סטאַטוטען פון זייערע סאָסייעטיס, און די פיקטשורס פון די געוועזענע און איצטיגע פרעזידענטען און וויס-פרעזידענטען, אַראָפגענומען אין פאַרשידענע פאָזעס, נישט אויסגעשלאָסען דעם טאַנץ-מייסטער מיט אַלע זיינע מאָדעלען און „סאָוועניר‌ס" וואָס ער האָט געקראָגען פאַר טאַנצען. אַרויפגעגאַנגען אין דער קאָנגרעגיישאָן אַנשי ק. איז מען דורך דעם סאַלון פון טאַנץ-האָל „פאַריז".

אַ בילד פונם דורכשניטלאַכען פאַרזאַמלונגס-פלאַץ פון אַ סאָסייעטי, וואָס האָט געגאָלטען אַ לאַנגע צייט, און גילט נאָך טיילווייז איצט אויך... דאָ, אין „לייבעל אין אַמעריקע", רעדט זיך שוין וועגען דעם, אַז די „אנשי ק." האַלטען אָפּ שבת מיטינגען. און דאָ קריגען מיר שוין אויך אַ בילד פון דעם, ווי די לאַנדסמאַן-סענטימענטען שטערען פונדעסטוועגען נישט אין טייל לאַנדסלייט עקספלואַטירען דעם צווייטען...

„משה פורמאַן, אַ יונג וועלכער האָט נישט געוואַגט אינדערהיים לייבלען צו גריסען, צו לייבלען צוצוגעהן, קלאַפּט אים איבער'ן פלייצע, זאָגט אים „דו", און „ווסיאָ ראַוונאָ, איין טייוועל"... נאָר העניך טרייסט אים און שעפּטשעט אים אין אויער: — שווייג, לייבעל, עס איז אַמעריקע... און משה קאָן דיר אַ דזשאָב געבען".

און וועגען אַ צווייטען לאַנדסמאַן, וועגען מאָטלען, קומט באַלד פאָר צווישען לייבלען און דעמזעלביגען העניך, לייבעל'ס ברודער, דער פאָלגענדיגער דיאַלאָג:

„לייבעל: אוי וויי איז מיר, עס איז דאָך מאָטעל אָרלאָף, ער האָט דאָך ביי מיר גע'גנב'עט די וועש פון בוידעם..."

„העניך: שווייג... מאָטעל איז מיין באָס, ביי אים ניי איך העמדער און משה פורמאַן איז דאָ אַ פאָרמאַן ביי אים. נאָר אינדערהיים האָט משה געטריבען פערד, געווען אַ פורמאַן איבער פערד, דאָ איז משה אַ פורמאַן איבער מענטשען... און אַז משה וועט וועלען, וועט ער דיך איינשפאַנען ביי דער אַרבייט. און דו וועסט דאַנקען גאָט, אַז משה וועט דיך וועלען איינשפאַנען..."

און אימיגראַנטען-כוואַליע האָט געיאָגט נאָך אימיגראַנטען-כוואַליע, און אויף זייערע קאמען האָבען לאַנדסלייט נאָכגעפאָלגט לאַנדסלייט... יעדעס מאָל האָט זיך באַוויזען אַ נייער באַלעבאָס פון קרושעוויץ, וואָס איז אינדערהיים געווען אַ סוחר, אַ געשעפטסמאַן, אַ נגיד, אַ דאָזאָר, אַן אָנגעזעהענער מענטש. איינציגווייז זיינען זיי אַרויפגעקומען צו אכלאַפּ'ען אין שאָפּ און געניית העמדער. די גאַנצע מזרח-וואַנט פון קרושנעוויצער שול געפינט זיך שוין ביי אים אין שאָפּ. און איבער זיי איז אויפזעהער משה דער פורמאַן. דיזעלבע האַנט, וואָס האָט די פערד אָנגעיאָגט אינדערהיים, דיזעלבע האַנט יאָגט אָן די באַלעבאַטים פון קרושנעוויץ אין אַמעריקע צו דער אַרבייט. און אַזוי ווי די מתים נאָכ'ן טויט, וואָס ליגען אויף איין בית-עולם, האָבען נישט וואָס צו טאָן נאָר צו דערמאָנען זיך אָן זייער געוועזענעם לעבען, אַזוי דערמאָנט זיך קרושנעוויץ דאָס געוועזענע לעבען פון זייער שטעטעל... יעדער פאַרוואָרפענער שטיין פון קרושנעוויצער מאַרק ווערט דאָ דערמאָנט; יעדע געשעעניש פון פאַרצייטען ווערט דאָ איבערגע'חזר'ט... און אַז די לאַנדסלייט צורידען זיך צופיל פון היימישע ביזנעס, קומט משה'לע פורמאַן — דער פאָרמאַן — אַריין און גיט אַ קלאַפּ מיט דער האַנט.

„קרושנעוויץ, שאַראַפּ! דאָ איז אייך נישט קרושנעוויץ... וועט איר אַרבייטען, איז אָלרייט, אַז נישט, נעמט די ביינער און טראָגט אייך אָפּ..."

.5

אין זיין ווערק „אָנקעל מאָזעס", כאָטש עס האָט שוין אַ ראָמאַנען־פאַבולע, באַרירט אַש ווידער איניגע מאָטיווען פון די פריערדיגע צוויי ווערק, גיט ער אונז ווידער בילדער פון די היימישע באַציאונגען צווישען לאַנדסלייט — און פון די קאַמפען צווישען זיי. נאָר דאָ האָבען מיר שוין אַ גאַנצע עדה, אַ גאַנץ פוילישע שטעטעל, וואָס האָט ביסלאַכווייז אַריבערגעוואַנדערט — און האָט געמאַכט אָנשטרענגונגען אויך אויפ'ן נייעם באָדען זיך אויפצוהאַלטען, ווי אַ שטעטעל־איינהייט, — שיר נישט ווי איין גרויסע פאַמיליע...

„אין אַמעריקע האָבען זיך די איינוואוינער פון שטעטעל צוריק געפונען. אויף דער בויערי־גאַס איז געשטאַנען אַ דריי־שטאָקיג הויז, פאַרשטויבט און שמוציג, וואָס די דאַך־באַנען האָבען אָנגעטראָגען דערויף דעם שטויב פון די גאַסען. און אין די אויבערשטע שטאָקען איז געזעסען דאָס גאַנצע שטעטעל קוזמין..."

צוערשט האָט אָנקעל מאָזעס אַריבערגענומען זיינע אייגענע: די ברידער, דערנאָך די ברידער'ס קינדער, די פעטערס, די איידעמס און די זין פון די פעטערס. דערנאָך האָבען זיך אָנגעהויבען צו ווענדען צו אים באַקאַנטע, און גלאַט אַזוי „לאַנדסלייט" נאָך שיפסקאַרטען... אָבער נישט צוליב פילאַנטראָפּישע אָדער היים־סענטימענטען האָט עס אָנקעל מאָזעס אַלץ געטאָן. גיכער האָט ער דעם לאַנדסמאַן־סענטימענט עקספּלואַטירט צוליב זיינע אַייגענע צוועקען: ער האָט אין ניו יאָרק אויפגעבויט אַ גרויסען שאַפּ, וואו אַלע נייען ביי אים הויזען.

„אָנקעל מאָזעס האָט אויסגעגלייכט גאַנץ קוזמין. ניטאָ מעהר קיין שיינע באַלעבאַטים, דאָזאָרעס, מיט אָרימע בעלי־מלאכות. ניטאָ קיין תלמידי־חכמים מיט גראָבע יונגען, נישט קיין שוסטערס, קיין אידען וואָס שטעלען ווייבער באַנקעס, און אידען וואָס קיצלען ווייבער אונטער די אָרעמס, ווען זיי ברענגען זיי אָנצומעסטען די קליידער — אַלע דינען צו איין אָפּגאָט, אַלע טוען איין זאַך — נייען הויזען..." און אָנקעל מאָזעס שטייט נאָך איבער זיי מיט דער גרויסער שער, און חוזק'ט:

„— זע, זע, ווי קוזמין קריכט — העי, דו, גרינער נאָטע! וואָס מיינסטו? דאָ איז קוזמין? אין קוזמין איז מען געקראָכען, אין אַמעריקע לויפט מען פלינק — פאַרשטאַנען? הויב די פיס, דו אוגערקע גרינע!"

און אויף די פלייצעס פון די לאַנדסלייט, ווי אויף אַ פעדעסטאַל פון מענטשלאַכע לעבענס, פון אים אַליין אויסגעזויגטע, שטעלט ער זיך דערנאָך אַוועק און לאָזט זיך נאָך דערפאַר אָפּגעבען כבוד, דער פאַבריקאַנט פון דער בויערי־גאַס: ער לאָזט זיך אויסקלייבען פרעזידענט פון דער חברה „אנשי קוזמין"; איז אַ באַלעבאָס פון די הייזער, אין וועלכע די קוזמינער לאַנדסלייט וואוינען ביי זייער לעבען; אין שפּיטאָל „בקור חולים", אין וועלכען די קוזמינער אידען ליגען ווען זיי ווערען אַלט און קראַנק, טראָגען אַ פּאָר בעטלאַך זיין נאָמען; און „מאָזעס מעלניק" פינקעלט מיט גאָלדענע בוכשטאַבען איבער דעם טויער פון „שער־חיים", ביים אַריינגאַנג פון בית־עולם, אויף וועלכען די קוזמינער ליגען נאָכ'ן טויט...

נאָר קוזמין וויל נאָך דערווייל נישט שטאַרבען! ביים אָנקעל מאָזעס אויפ'ן בוידים (אינם „לאָפט") לעבט ווידער אויף דאָס אַלטע קוזמין מיט אַלע זיינע מערקווירדיגקייטען. יעדער אַלטער שטיין, יעדעס אַלטע הויז און ווינקעל ווערט מיט ליבע דערמאָהנט פון די געטרייע קינדער פונם שטעטעל, וועלכע זיצען מיט די הויזען אין די הענט און בענקען. וואו־נישט־וואו לאָזט זיך הערען אַ קרעכץ, פאַלט אַ טרער...

אָט־די דאָזיגע נאָסטאלגיע, די דאָזיגע בענקשאַפט־סענטימענטען זיינען עס געווען דער ערשטער שטויס צו דער גרינדונג פון לאַנדסמאַנשאַפט־פאַראיין.

„שבת־ביינאַכט פלעגען זיך די עלטערע לאַנדסלייט צונויפקומען ביי איינעם פון דער משפחה און פאַרברענגען דעם אָוונט מיט דעראינערונגען וועגען קוזמין... זיי האָבען געבענקט נאָך דעם קוזמינער הימעל, נאָך דער לבנה, נאָך פעלדער און נאָך קוזמינער סעדער, און ווען נאָר זיי זיינען זיך צונויפגעקומען, האָט מען געגומען קוזמין אויפ'ן טיש אַרויף. וואָרים קיין אַנדער לעבען האָבען זיי נישט געהאַט, נאָר דאָס לעבען, וואָס זיי האָבען הינטער זיך איבערגעלאָזט אין דער אַלטער היים".

איניגע עלטערע לייט האָבען אָט־די בענקשאַפט ניט אויסגעהאַלטען, ענדלאַך צוריקגעפאָרען קיין קוזמין שטאַרבען. און די איבעריגע — האָבען געקויפט אַן אייגענעם בית־חיים דאָ, זיי זאָלען לכל־הפחות נאָכ'ן טויט ליגען צווישען אייגענע... און אָט דער קרקע־מאָטיוו איז געווען אַ צווייטער שטויס צו דער אָרגאַניזירונג פון לאַנדסמאַנשאַפטען.

ערשט שפּעטער איז צוגעקומען דער מאָטיוו פון עקאָנאָמיק — פון גגעגענזייטיגער הילף. אין „אָנקעל מאָזעס", וועלכער האָט איינגעשטעלט מיט זיינע לאַנדסלייט פּאַטריאַרכאַלישע באַציאונגען, קומט אָט דער מאָטיוו צום אויסדרוק פון דער פאַרקערטער זייט. אָנקעל מאָזעס האָט עקספּלואַטירט דעם לאַנדסמאַן־סענטימענט, כדי די אַרבעטער פון זיין שאַפּ זאָלען זיך נישט אָרגאַניזירען, נישט יוניאָניזירען, נישט קעמפען געגען אים... געגען וועמען קעמפען — געגען אַן אייגענעם? האָט ער זיי נישט אַריבערגענומען קיין אַמעריקע, זיי „פאַרזאָרגט מיט פרנסה" ביי זיך אין שאַפּ? און חוץ דעם —

„אָנקעל מאָזעס האָט געקויפט פאַר דער חברה („אנשי קוזמין") אַ נייעם פלאַץ פאַר אַ בית־עולם און האַלב דערפון גלייך פאַרקויפט אַן אַנדער חברה, און דערפון אַזויפיל געלט פאַרדינט, אַז די קוזמינער האָבען געקראָגען זייער בית־עולם כמעט בחינם. איצט נוצט ער אויס זיינע גאַנצע סוחר'ישע פייאיגקייטען אַרויסצוקריגען אַ שול פאַר דער חברה. ער האָט שוין דורך אַ ביזנעס־שווינדעל געקראָגען

אַ פּלאַץ אויף אַ שול כמעט בחינם, און איצט האַנדעלט ער אונטער אַ טויש צו מאַכען אויף אַ הויז... זייט אָנקעל מאָזעס אינטערעסירט זיך מיט די קוזמינער, איז זייער חברה געוואַקסען, רייך געוואָרען און האָט שוין איינגעשלונגען אַ פּאָר אַנדערע חברה'לאַך... זיינע פאַרדינסטען פאַר קהל'שע אָנגעלעגענהייטען האָבען אים באַלד באַרימט געמאַכט איבער די גרעניצען פון דער קוזמינער לאַנדסמאַנשאַפט... אַנדערע אַנשטאַלטען פּרואווען פאַראינטערעסירען אָנקעל מאָזעס אין גרעסערע אונטערנעמונגען פאַר טובת־הכלל. אָנקעל מאָזעס איז שוין וויס־טשערמאַן פון אַ מושב־זקנים, אַ קאַסירער פון אַ תלמוד־תורה און אַ דירעקטאָר פון אַ קליינעם האָספּיטאַל... און זיין באַרימטקייט אַלס פילאַנטראָפּ און כלל־מענטש וואַקסט אין שטאָט"!

כ'האָב געבראַכט אָט־די לענגערע ציטאַטע, ווייל זי גיט אונז אַ בילד פונם אַלגעמיינעם וואוקס און אויפשטייג פון אַ היימישען טיפּ „כלל־טוהער" פון די רייען פון אַ לאַנדסמאַנשאַפט אַרויס... אמת, אָנקעל מאָזעס'ען אַליין האָט דאָס אַלץ נישט געהאָלפען, ווען די שעה פון קאַמף האָט ענדלאַך געשלאָגען. א יונגער, שוין אין אַמעריקע דערצויגענער לאַנדסמאַן האָט אויפגעהויבען דעם יוניאָן־קאַמף געגען אים. אָבער דאָס איז שוין אַ באַזונדערער מאָמענט. מיר זיינען דאָ מער פאַראינטערעסירט אינם לאַנדסמאַן־מאָטיוו, ווי אין אַ צענטריפּעטאַלען, איידער אין אַ צענטריפוגאַלען כח; ווי אין אַ פאַראייניגונגס־צעמענט, און נישט ווי אין אַ פאַנאַנדערטיילונגס־פאַקטאָר.

.6

אין אַש'עס קאָמעדיע „דער לאַנדסמאַן" (1910—11) זיינען אויך דאָ מאָטיוועז, ענליכע צו די פון די פריער־באַטראַכטע ווערק. דזשעק איז אין אַ סך פּרטים דער פּראָטאָטיפּ פון אָנקעל מאָזעס'ען. באַציאונגען צווישן אים און די לאַנדסלייט — דיזעלביגע: פּאַטריאַרכאַלע. אָבער דער הויפּט־קאַמף איז דאָ נישט אַרום ליבע און עקאָנאָמיק, נאָר — אַרום יחוס.

ס'איז דער קאַמף אינערלאַך אין דזשעק'ען צווישען זיין איינגעבאָרענער, פּראָסטער היימישקייט און עמכאָ'דיגקייט—און זיין אַמביציע זיך אָנצושליסען, דורך חתונה־פאַרבינדונג, אָן די יאַהודימשע קרייזען, אָן די „דייטשען", וואָס דאָס דאַרף עס אים געבען אַ העכערע „געזעלשאַפטלאַכע שטעלונג".

בענדעט, דער „דאַהטשישער" שדכן, באַנוצט אַזאַ מין אַרגומענטאַציע כדי אָפּצורייסען דזשעק'ען פון זיינע לאַנדסלייט:

„— מאַכט נישט, וואָס לאַנדסלייט... דאָס וואָר פאַר דרייסיג יאָהרען... אין די יוגענט, און די קינדהייט האָבען וויר אַלע געהאַט פריינדע. אָבער הייטע זינד זי מיסטער דזשעק ליווי, די גאַנצע וועלט קען זי, איינער דער פיינסטען מיטגלידער די (דער) געמיינדע איזראַעל'ס אין דיזער שטאַט.., זי מוזען (מוסען) אירען אָרט קענען! — — — זי ווילען אונטערשטיצען אירע לאַנדסלייט — דאַס פאַרשטיי איך. אָבער מאַכט מען דאָס אין עפּענטלאַכקייט! מען שיקט אַ טשעק אין אָרדען פאַר עמיגרעישאָן (?) אַריין, דאַן קומט עס אין די צייטונגען, איר נאָמען איז געדרוקט, און די גאַנצע וועלט ווייסט דערפון..."

אָבער די פּראָסטע לאַנדסלייט זיינען סוף־כל־סוף מנצח די „הויך־אַריסטאָקראַטישע" דייטשע געזעלשאַפט, וועלכע איז אַ בעלן „אויסמענטשלען" דזשעק'ען — צוליב יענעמס געלט... און דזשעק געפינט ווידער זיין רו, זיין גאַנצקייט אין דער סביבה פון זיינע אַמאָליגע שטעטעל־לייט: „מעגסטו הונדערט יאָר זיין אין דער פרעמד, קוים דערשמעקסטו עפּעס היימישעס, פאַרגעסטו פון אַלץ, גיט עס דיר אַזאַ צופּ ביים האַרץ... דו זיצסט דיר טיילמאָל דאָ דורך לאַנגע יאָרען פאַר'ן סטאָר אויף דער בויערי, און די קאַרס פליען דיר פאַרביי, און דער עלעווייטעד קלאַפּט דיר—און דו זעהסט דיר גאָר דאָס פלומפּעל וואָס איז דאָרט פאַר דיין טיר, און דו זעסט גאָר די אַלטע חיה־לאָה, וואָס שפּאַצירט פאַר'ן געסעל פאַרביי... — — — אַז איך האָב געזען, ווי מען באַליידיגט אַ היימישען מענטשען, האָט עס מיך געגעבען אַזאַ נעם־אָן, אַז כ'האָב געמיינט די געדערים אינווייניג..."

אויך פאַר לעאָן ראָזענקראַנצ'ען, פון אברהם רייזענ'ס ערציילונג „דריי דורות" („פאָרווערטס", 4טען דעצ., 1937), איז „שטענדיג אַ פרייד צו טרעפען זיך אין ניו יאָרק מיט אַ לאַנדסמאַן". דערביי דערקלערט אונז רייזען אַז „די נאָהענטקייט צו דעם לאַנדסמאַן איז נישט באַשטאַנען אין דער ריכטונג פון דעם לאַנדסמאַנ'ס געדאַנקען, נאָר אין דער גאַס וואו ער האָט געוואוינט ווען ער איז נאָך געווען אינדערהיים, וויפיל די גאַס איז נאָהענט געווען פון ראָזענקראַנצ'עס גאַס... דעמאָלסט מעג דער לאַנדסמאַן זיין אַפילו עלטער און פרימער און אויסדריקען וועלכע נאָר געדאַנקען ער האָט, איז ער, אין דער צייט וואָס ער הערט אים רײדען זיין שכן... ער פאַרגעסט דעמאָלסט אָן ניו יאָרק, אָן זיין פּאַרטיי, אָן זיינע אינסטיטוציעס — ס'איז די גאַס די היימישע, מיט די היימישע מענטשען, מיט די היימישע רייד..."

דאָ רעדט פאַר אונז רייזען — דער דיכטער, וואָס נישט נאָר פאַרשפּיצט ער קיינמאָל נישט קיין קליינע און אומוויכטיגע חלוקי־דעות, נאָר תמיד פאַרקיילאַכדיגט ער די שפּיצען און פאַרווישט דעם אינהאַלט און דאָס בילד פון גרויסע קאָנפליקטען. ס'איז דער דיכטער, וואָס פאַרגלעט שטענדיג, איז תמיד איבערבעטענדיג, נישט צעקריגענדיג. איז שוין במילא דעמאָלסט קיין חלוק נישט צווישען די „יאָנגמען" און אַפילו די עלטסטע פון דער „סאָסייעטי", און די „אינדעפּענדענטס" — „סיי־ווי־סיי, דער טיטעל האַלט זיי אַלעמען יונג... און אַלע דריי דורות אינאיינעם פּראַווען איין יובילייי"...

## 7.

די לאַנדסלייט פון גאָרעק סטריט (אין אָפּאַטאָשו'ס „די טענצערין") האָבען קיין לאַנדסמאַנשאַפט-פאַראיין נישט געגרינדעט, אָבער זיי זיינען אַ בולט'ער ביישפיל פון אַ לאַנדסלייט-נוקלעאוס, פון וועלכען אַזאַ מין פאַראיין פלעגט זיך געוויינלאַך אויספיקען.

וויזט זיך אַרויס אַז לייזער האָט אויפגעהאַלטען זיין דירה אויף גאָרעק סטריט, בלויז צוליב דעם: די עטליכע לאַנדסלייט זאָלען קאָנען זיין ביי אים באָרדערס, זיך נישט פילען איינזאַם אינם פרעמדען כרך. „אַלץ היימישע מענטשען, לאַנדסלייט... כ'האָב נישט געקענט צוזען, ווי מען וואַלגערט זיך — זיי דאָ, די פאַמיליעס דאָרט, האָב איך יעדען אָפגעגעבען אַ ווינקעל".

אַז עס פלעגען קומען צו פאָהרען נייע לאַנדסלייט, איז דאָס געוועזן זייער ערשטער אַדרעס. און אויך דאָ האָט געהערשט משפחה'דיגעס. די גרינע האָבען געקראָגען צו טאָן ביי אייבי'ן דעם לאַנדסמאַן וואָס האָט זיך שוין געהאַט אַרויפגעאַרבייט אויף אַן אייגענעם טשיקען-מאַרקעט. אַפילו זרח, נישט פון איין שטאָט מיט זיי, איז אויך אַריינגענומען געוואָרען אין דער משפחה: „אויך לאַנדסלייט... אויב נישט פון איין שטאָט, איז פון דער זעלביגער גובערניע". ביי אָפּאַטאָשו'ן, אַ פיל-קיהלערען און קאָנדענסירטערען שרייבער ווי שלום אַש, האָבען אויך היים-סענטימענטען געדינט ווי אַ צעמענטירונגס-קראַפט צווישען לאַנדסלייט:

„דאָ אין מאַרק האָט מען זיך געטראָפען מיט היימישע מענטשען, געוואָרען אויף אַ ווײַלע ביי זיך וויכטיגער און נישט מיד געוואָרען צו ריידען פון „יענע גוטע צייטען" אין דער אַלטער היים, וואו מען האָט איבערגעלאָזט די נשמה..."

און סיידען בלויז פאַר אידישע מענטשען דירעקט פון איין שטאָט און שטעטעל, אָדער אַפילו בלויז „דער-זעלביגער גובערניע" האָט אָט דער היימאַט-ווײ, האָט אָט דער איינזאַמקייטס-מאָמענט געדינט ווי אַ פאַראייניגונגס-צעמענט? אַפילו פאָרשטייער פון פאַרשידענע פעלקער, גוים און אידען, האָבען זיך צוליב אָט-די מאָטיווען אין דער נייער פרעמדער סביבה אָפט געטוליעט צוזאַמען.

איהר זעהט עס אין דוד איגנאַטאָוו'ס „אויף ווייטע וועגען", וואו צום פאַראיין „אָפגעריסענע בלעטער" האָבען געהערט נישט נאָר אידען, נאָר אויך רוסען און קירגיזען — בכלל, מענטשען מיט „רוסישע נשמות". איר געפינט עס אין די שיף-סצענעס ביי אַש'ען („קיין אַמעריקע", זז. 150—156), אויך אין אָפּאַטאָשו'ס „טענצערין", (זז. 10—77). אָבער אמאויסדרוקפולסטען ווערט אַרויסגעבראַכט אָט די דערנעענטערונג און דאָס טוליען זיך פון ניט-איד צום איד אויפ'ן באַזיס פון לאַנדסמאַנשאַפטס-סענטימענט אינם איין-אַקטער פון י. ד. בערקאָוויטש „לאַנדסלייט" („צו-קונפט", 1921).

ווען אַנטאָשאַ לאָזט זיך אַוועק אויף אַ נסיעה אין די ווייטע לענדער אַריין, פאַרפאָרט ער אין ניו יאָרק נישט צו קיין אַנדערען, ווי צום אַמאָליגען שכן פונם אייגענעם היימישען שטעטעל קאָזלאָוו, צום פעדלער נפתלי טשערניאַק, וועמען ער פירט אַ מתנה, אַזש פון יענער זייט אָקעאַן — אַ זאַק הרעטשקע... און נפתלי נעמט אים אויף מיט די וואַרימסטע געפילען — טאַקע נאָר ווי אַן אייגענעם משפחה-מענטשען.

נפתלי: „הכלל, וואָס איז דאָ פאַראַן צו ריידען? אַודאי וועלען מיר דיר העלפען ווי ווייט מיר קענען... איך פאַרגעס נישט מיינע אַמאָליגע שכנים! עפעס אַ קלייניגקייט? דריי-און-דרייסיג יאָר אָפגעוואוינט מיט דיין באַטקאָ אַ טיר געגען אַ טיר, געבאָרען געוואָרען אין איין דאָרף!.. איך אַליין גיי אַרויס מאָרגען זוכען פאַר דיר אַ דזשאַב!"

און דאָס — ווען אַליין שטייט ער אַ גאַנצען טאָג אין די היצען ביים פושקאַרט זיינעם, פעדעלט מיט עפעל און „פענענעס". אָבער — „איך וועל דאָך נישט איבער-לאָזען אַזאַ נפש, און נאָך אַזאַ גרינעם דערצו, גלאַט אַזוי אויף הפקר!" און דווקא די אַמעריקאַניזירטע, די „געביל-דעטע" קינדער זיינע פאַרמאָגען שוין נישט קיין סימן פון אָט דעם וואַרימען לאַנדסמאַנשאַפטס-געפיל, חוזק'ען אַ קאַפיטשקע אָפ פון דעם דזשיקען „גרינעם", אַזוי אַז דער פאָטער אַליין פילט זיך אַזש געטראָפען, און איז געצוואונגען זיי אָנצורופען, די קינדער זיינע, — „אַנטיסעמיטען"...

## 8.

אין דער צייט, וואָס ביז דער וועלט-מלחמה, האָבען די לאַנדסמאַנשאַפטען דער-עיקר'שט געהאַט פאַר זיך צילען ריין-אַמעריקאַנישע, אַזוי צו זאָגען, אינערלאַכע — געגענ-זייטיגע עקאָנאָמישע און מאָראַלישע הילף פאַר די מיט-גלידער דאָ — זיינען נאָך דער מלחמה די טעטיגקייטען פון דיזעלביגע פאַראיינען פאַרברייטערט געוואָרען אויף איינצושליסען אין זיך די לאַנדסלייט פון אויף יענער זייט אָקעאַן — די מלחמה-געליטענע, פאָגראָם-צעטרייסעלטע, עקאָנאָמיש-רואינירטע. און אָט די רעליף-טעטיגקייטען זיינען אַ לאַנגע צייט דעמאָלסט שיר נישט געוואָרען די הויפט-עובדא פון אַזאַ לאַנדסמאַנשאַפט-פאַראיין:

„אינם לעבען פון די צוויי אידישע פעלקער וואָס אויף ביידע זייטען פונם גרויסען און שטורמיש-גלייכגילטיגען אָקעאַן האָט זיך דעמאָלסט אָנגעהויבען אַ נייע עפאָכע, אַ הערלאַכע עפאָכע, אַ רומפולע עפאָכע, אַ גאָלדענע ערע וואָס וועט לאַנג און לאַנג שטראַלען אין דער געשיכטע, שטראַלען גאָלדיג און בלוטיג — די ערע פון הילף פאַר די אָרימע ברידער..." („לענדער און לעבענס" פון ברוך גלאַזמאַן, ניו יאָרק, פאַרלאַג, „לאַנדסמאַנשאַפטען", 1937).

און ס'איז דעריבער נישט מער, ווי נאַטירלאַך, אַז אויך אָט דער מאָמענט אין דער לאַנדסמאַנשאַפטס-טעטיגקייט — דער רעליף-מאָמענט — זאָל געפינען זיין אָפשפיגלונג אין דער אידישער ליטעראַטור.

די צאָל לאַנדסמאַנשאַפטן האָט זיך צו יענער צייט, גלייך נאָך דער מלחמה, פאַרגרעסערט. שטאָטלייט, וואָס האָבן אַזוי געהערט צו באַזונדערע פראַטערנאַלע אָרגאַניזאַציעס, צו פאַרשידענע אומאָפהענגיגע פאַראייגען — האָבן זיך גענומען און אָרגאַניזירט אין לאַנדסמאַנשאַפטן מיט'ן ספּעציעלן צוועק צו העלפן די פאַראומגליקלאַכטע איינוואוינער פון זייער שטאָט און שטעטל אויף יענער זייט אָקעאַן.

„די גליקלאַכע און רוהיגע מענטשן אויף דער זייט האָבן אינגאַנצן פאַרלוירן זייער רו... איז וואָס, אַז אַלע זיינען זיי געווען איצט אָנגעשטאָפּט מיט גאָלד? ווי־באַלד אַז זיי האָבן נישט געקאָנט מער רואיק שלאָפן דורך די נעכט... וועמען האָט מען עס געוואָלט גרינגער מאַכן מיט אָט דער הילף — האָט מען געוואָלט פאַרשטאָפן מיט דעם די וואונדען ביי יענע דאָרטן וואָס זיינען אָפגעגאַנגען מיט אַזויפיל בלוט? האָט מען עס מיט זיי געמיינט צו פאַרשטאָפן די מיילער, וואָס זייערע געשרייען האָבן געשטאָכן די הערצער פון די רייכע און גליקלאַכע לאַנדסלייט — הערצער וואָס האָבן געקלאַפט מיט פולער לעבענס־לוסט דורך די לאַנגע שנייאיגע און ווינטיגע ניו יאָרקער ווינטער־נעכט אין די באַקוועמע צענטראַל־באַהייצטע אַפאַרטמענטן, אין די רייך־פאַרפוצטע און ליכטיגע שלאָף־צימערן — צי גאָר די קורצע גאָלד־און־דימענט־נעכט וואָס אין פרעכטיגע זומער־פאַוויליאָנען ביי די ים־ברעגן — אָדער לוקסוסדיגע זומער־קאַטעדזשעס וואָס אין די בלוי־בערג פון פענסילווייניע, און די ווייס־בערג פון ניו־העמפשייר, און די גרינע בערג פון ווערמאָנט?" (איביד, ערשטער באַנד).

אָט־אָ דער רעליף־מאָמענט, אָט דער קאָנטראַסט צווישן דעם לעבן פון די רייך־אַרויפגעאַרבייטע רעליף־געבער, און די רעליף־נעמער אויף יענער זייט ים (אין דעם געגעבענעם פאַל איז עס דער סאָוועטן־פאַרבאַנד) — איז אַ טייל פונם אינהאַלט פון „לענדער און לעבענס". און עס איז געווען דעמאָלסט טאַקע, וואָס די לאַנדסמאַנשאַפטן האָבן אַרויסגעבראַכט פון זיך דעם נייעם נאָך־מלחמה'דיגן טיפ כלל־טוער — דעם „דעלעגאַט", דעם ספּעציעלן שליח.

מיט'ן דעלעגאַט בונעם שיקט מען אין דער היימשטאָט אַריין אַ גאַנצן טראַנספּאָרט מעדיקאַמענטן, קאָנסערווירטע שפּייז־פּראָדוקטן, אַלטע קליידער... און אויף דעם באָדען פון דער נישט־איינשטימיגקייט צווישן דעם אַמעריקאַנער „דעלעגאַט" און דער אָרטיגער סאָוועטישער מאַכט וועגן דעם צוזאַמענשטעל פון דעם שטאָטישן הילפס־קאָמיטעט, וועלכן די אַמעריקאַנער לאַנדסמאַנשאַפט האָט באַשטימט — קומען פאָר ביים אָנהויב אַ ריי צוזאַמענשטויסן און אינצידענטן נישט פון אַן ערנסטן כאַראַקטער. אָבער וויכטיג איז דאָ דער עיקר'שט דאָס פאָלגענדע:

„די ערשטע פאָר וואָכן נאָך בונעמ'ס אַהיימקומען איז די שטאָט געגאַנגען כאָדאָראָם. און סיידען נאָר זיין אייגענע געבוירען־שטאָט? איבער אַלע אַרומיגע שטעטלאָך און ישובים וואָס ליגען ביים ברעג פונם זעלביגען פלאַכזאַמדיגען פריפיעט־טייך, אָדער זיינען פאַרוואָרפן אין די זומפיגע געדיכטענישן פון די פאָלעסיער וועלדער — אין קאָפיטקעוויטש און אין נאַסאָוויטש, אין נאַראָווליע און אין יורעוויטש, אין סקריהעלאָוו און אין פעטראָקאָוו, אַזש ביז דער פוילישער גרעניץ אויף איין זייט און ביז די גרעניצן פון וואָלין אויף דער צווייטער זייט — איבער די ווייטסטע און פאַרוואָרפענסטע ווינקלען האָבן זיך פאַנאַנדערגעטראָגן די קלאַנגען וועגן דעם אָנקומען פון אַ דעלעגאַט פון אַמעריקע — זיך פאַנאַנדערגעטראָגן ווי אַ וואַלד־פייער.

„מענטשן האָבן איבערגעגעבן פון מויל צו מויל די גרויסע פריילעכע בשורה, ווי וועגן דעם אָנקום פון אַ נייעם ערלייזער. און אויב מיט הונדערטער יאָרן צוריק, האָט מען מיט פאַרשטאַרקטער האַרץ־קלאַפעניש און מיט אויפגעלויכטענע אויגען, אפשר אין אָט־די זעלביגע געגנטן אויפגענומען די אומבאַשטימטע קלאַנגען פון אַ משיח, וואָס האָט זיך באַוויזן ערגעץ אין די ווייטע לענדער — פון אַ ניט־זיכערן ערלייזער שבתי־צבי, צי פון אַ פאַלשן משיח יעקב פראַנק — איז מעגלאַך ניט מינער געווען איצט דאָס האַרץ־קלאַפעניש און נישט שוואַכער די פייערלאַך פון ערוואַרטעניש אויף גרויסע ישועות און גליקען וואָס עס האָט זיכער געבראַכט איצט פאַר אַלעמען אָט דער נייער, אָט דער ווירקלאַכער משיח — דער דעלעגאַט פון דעם ווייטן לאַנד אַמעריקע..."

פון שטעטלאַך, וואַלד־פאַרוואָרפענע און זומפן־פאַרשטעקטע, האָבן זיך אָנגעהויבן שלעפן אין אָרימע צעלעכצטע בעל־עגלה'שע בוידען און אויף טרייסלענדיגע פויערישע וועגעלאַך שלוחים פון די אַרומיגע קהלות, אידן און אידענעס, קינד־און־קייט, פאַרווילדעוועטע און באַוואַקסענע, אַזוינע וואָס האָבן געהאַט נאָענטע צי ווייטע קרובים אין דעם גאָלדענעם לאַנד, און אַזוינע וועמעס איינציגע קרובה'שאַפט מיט'ן לאַנד איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס דאָרט וואוינען דאָך אויך — אידן...

„מען איז געקומען מיט לייווענטענע טאָרבעס אויף די אַקסלען, מיט קבצנ'ישע קוישלאַך אין די ציטערנדיגע הענט, מיט קאָרזינקעס וואָס האָבן זיך שוין ביי די ראַנדן פאַנאַנדערגעפלאָכטען און פאַנאַנדערגעדריבעלט, מיט גראָבע פויערשע זעק — גרייטע אויפצוקלייבן די הילף, די מתנות, גרייטע אָפצונעמען דעם חלק וואָס קומט זיי אַרויס, — זייער טייל פון די אַמעריקאַנער גליקען..."

„וואָכנלאַנג האָט מען זיך דערנאָך אין שטאָט אָפגעוואַלגערט, באַלאַגערט טיר־און־פענצטער פון אַלערליי אַנשטאַלטן, אויסגענוצט זכות־אבות, פאַרבינדונגען, אַרומגעלייגט די טראָטואַרן, באַקלעפט דעם שטיינערנעם גאַניק אונטער די אַלאַבאַסטער־סטאַטועס און די שמוציגע הינ־

טער־טירען, וואָס האָבען געפירט צו דעם ערשטען מלוכה׳־שען האָטעל, וואו בונעם איז איינגעשטאַנען".

יאָ, טאַקע אַ לאַנגע ציטאַטע... ווייל זי דאַרף דינען ווי אַן אָנדייט אויף אַ גאָר וויכטיגען און אינטערעסאַנטען לאַנדסמאַנשאַפטס-מאָטיוו, וואָס דאַרף און וועט נאָך ערשט אויפגענומען ווערען אין דער אַמעריקאַניש־אידישער ליטעראַטור.

ליסטע פון ביכער און ווערק, וואָס זיינען באַטראַכט געוואָרען אין צוזאַמענהאַנג מיט אָט־דער אַרבייט:

1. דוד איגנאַטאָוו: „אויף וויטע וועגען", ראָמאַן, 1טער באַנד.
2. דוד איגנאַטאָוו: „אויף וויטע וועגען", ראָמאַן, 2טער באַנד.
3. דוד איגנאַטאָוו: „אויף וויטע וועגען", ראָמאַן, 3טער באַנד.
4. י. אָפּאַטאָשו: „די טענצערין", ראָמאַן.
5. שלום אַש: „קיין אַמעריקע", ראָמאַן.
6. שלום אַש: "לייבל אין דער היים — לייבל אין אַמעריקע", נאָוועלע.
7. שלום אַש: „אָנקל מאָזעס", ראָמאַן.
8. שלום אַש: „דער לאַנדסמאַן", קאָמעדיע.
9. שלום אַש: „אַ יוניאָן פאַר שבת", הומאָרעסקע, (באַנד „אַמעריקע").
10. י. ד. בערקאָוויטש: „לאַנדסלייט", איינאַקטער, („צוקונפט", 1921). (?1920)
11. ברוך גלאַזמאַן: „לענדער און לעבנס", באַנד 1.
12. ברוך גלאַזמאַן: „לענדער און לעבנס", באַנד 2
13. ז. ליבין: „געקליבענע שריפטען", 1910.
14. לעאָן קאָברין: „די אימיגראַנטען", ראָמאַן, 1910.
15. אברהם רייזען: „דריי דורות", דערציילונג. („פאָרווערטס", דעצעמבער 4, 1937).

אויסצוגן פון
אַ בריף
פון מיין
פעטערבינעם
פון יאַנושפאָלי
באַרדיטשעווער אָקרוג.
אוקראַינע, 1933
סאָוועטן־פאַרבאַנד

מיין פעטער בינעם איז
מיין מאַמעס אַ ברודער.
ער איז אַ שוימער אין
יאַנושפאָליר ציגעלניע
און כאָטש ער איז אַ
פרומער איד
פונדעסטוועגן, האַלט
מען פון אים
מאַכמעס ער
איז אַן אָרנטלעכער
מענטש.

דאָס בילד האָב איך
געצייכנט פון מיין פעטער
אין יאַנושפאָלי, ווען איך בין
געווען אין סאָוו. פאַרבאַנד
אינם יאָר 1931

פון יאָסעל קאָטלער׳ס בוך „מונטערגאַנג"

# רעצענזיעס וועגן לאַנדסמאַנשאַפט־אויסגאַבעס

„ווילנע". — זאַמלבוך... רעד. פון יעפים ישורין, ניו יאָרק. 1935.

„ירושלים דליטא". אַזאַ נאָמען פאַרדינט מען זיך ניט פאַר גאָרניט. און ווען איהר קוקט דורך דאָס זאַמלבוך „ווילנע", אַרויסגעגעבען פון ווילנער ברענטש 367 אַרבייטער רינג לכבוד זיין 25 יאָהריגען יובילייי (1909—1934) און רעדאַקטירט פון יעפים ישורין, זעהט איהר טיילוויז אויף וויפיל דער נאָמען איז פאַרדינט. אין בוך באַטייליגען זיך 70 שרייבער, עס אַנטהאַלט אַריבער טויזענט זייטען, איז געבונדען און קאָסט אינגאַנצען 2 דאָלער. דאָס איז פשוט אַוועקגעגעבען אומזיסט!

דאָס בוך איז אָנגעפיקעוועט מיט וויכטיגע אַרטיקלען אין לייכטערע נאָטיצען; אפילו צו געבען בלויז דעם אינהאַלטסֿפאַרצייכעניש וואָלט דאָ פאַרנומען צופיל פלאַץ. מיר וועלען זיך באַנוגענען מיט אַרויסרייסען אַ פעדער דאָ און דאָרט.

חיים שויס, אין אַן אַרטיקעלע פון קוים צעהן זייטען, סקיצירט די געשיכטע ניט בלויז פון דער שטאָט ווילנע, נאָר פון גאַנץ ליטע. דאָס איז אַ פאַסיגער אַריינפיר צו אַ בוך פון דעם טיפ. — ש. ל. ציטראָן און דר. יעקב וויגאָדסקי גיבען אַן איבערבליק איבער די ווילנער קהילות פאַר די לעצטע זעכציג יאָהר. — וועגען דער סאָציאַליסטישער און רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין ווילנע רעדען, צווישען אַנדערע, א. ליעסין, ל. מארטאָוו, צביון, וולאַדימיר מעדעם און ב. וולאַדעק. דאָ איז אויך איינגעשלאָסען אַ זעהר וויכטיגע „כראָנאָלאָגיע פון דער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג אין די יאָהרען 1876—1922".—

„ווילנע דער גייסטיגער און קולטורעלער צענטער". אין דער אָפּטיילונג דערציילט חייקל לונסקי, דער ביבליאָטעקאר, וועגען דער אַנטשטייאונג און וואוקס פון דער באַריהמטער שטראשון־ביבליאָטעק. נאָך דעם ווילנער גאון און די אַנדערע גדולים פון דער אָרטאָדאָקסישער וועלט, איז די שטראשון־ביבליאָטעק אפשר דער גרעסטער אויפטו פון דער מאָדערנער ווילנע, מיט'ן אויסנאַהם פון אידישען וויסענשאַפטליכען אינסטיטוט. דער אַרטיקעל הויבט זיך אָן אַזוי פייערליך: „אויף דער אידישער גאַס, אויפ'ן שולהויף, לעבען דער גרויסער שול, שטייט אַ צווייגאָרענדיג הויז. דאָס דאָזיגע הויז איז דער טעמפעל פון גייסט, דער שטאָלץ פון ווילנע. צום דאָזיגען הויז ציען זיך יונג און אַלט, גאונים און חכמים, שריפטשטעלער און וויסענשאַפטסלייט, צו שעפען דאָרט תורה און חכמה. דאָס דאָזיגע הויז איז די ביבליאָטעק פון דער ווילנער קהילה אויפ'ן נאָמען פון גרויסען גאון און חכם ר' מתתיהו שטראשון". עס קומט אַ קורצע ביאָגראַפיע פון שטראשונען און די געשיכטע פון דער ביבליאָטעק, וועלכע איז איצט דאָס אייגענטום פון דער ווילנער קהילה און ווערט פון איהר אויסגעהאַלטען און פאַרוואַלטעט מכמה יאָהרען. זי איז אָפען יעדען טאָג, אפילו שבתים און ימים־טובים, אויסער ימים נוראים. צווישען די 35 טויזענט ביכער פון דער ביבליאָטעק געפינען זיך אַן ערך 150 מאַנוסקריפטען און פינף אינקונאַבולען, דאָס הייסט ביכער געדרוקט אינ'ם ערשטען יאָהרהונדערט פון דער דערפינדונג פון דרוק, ביז'ן יאָהר 1500. עס זיינען אויך פאַראַן אַ 400 ספרים פון 16־טען יאָהרהונדערט, ווי אויך זעלטענקייטען און אפילו אוניקומס.

אַ צווייטע זעהר וויכטיגע ווילנער אינסטיטוציע איז דער אידישער וויסענשאַפטליכער אינסטיטוט (ייווא) וועגען וועלכען עס שרייבט אין זאַמלבוך זיין פיהרער דר. מאַקס ווײַנרייך. עס איז קוים 12 יאָהר זינט דער ייווא האָט זיך געגרינדעט — און ער האָט שוין אָפּטיילען און צווייגען אין אַלע גרעסערע אידישע שטעט און ישובים איבער דער גאָרער וועלט.

מאַקס ווײַנרייך זאָגט: „דער אינסטיטוט איז ניט איין אינסטיטוציע, נאָר אַ גאַנצע נעץ אינסטיטוציעס.

צום סוף פון בוך „ווילנע" גיט ב. לעוויטין די געשיכטע פון ווילנער ברענטש 367 פון אַרבייטער רינג, זעהר לעבעדיג געשריבען.

דאָס בוך מאַכט אויך אַ פאַרזוך צו געבען אַביסעל ליטעראַטור. אין דער אָפּטיילונג: „איינדרוקען, געדאַנקען און עראינערונגען וועגען ווילנע", זיינען פאַראַן אַ צאָל לידער פון מ. ווינאָגראַד, אברהם רייזען, ז. שניאור, ב. ביאַלאָסטאָצקי, נחום יוד און א. ל. וואָלפסאָן. עס איז פאַראַן אויך אַ רייסטער, צוזאַמענגעשטעלט פון זלמן רייזען, פון די נעמען פון ווילנער שרייבער וואָס זיינען דאָ אין „לעקסיקאָן פון דער אידישער ליטעראַטור און פרעסע". וועגען „ווילנער אין אַמעריקע" שרייבען יעפים ישורין, ב. לעוויטין און מ. איוועגסקי.

אין דער אָפּטיילונג „אינטערעסאַנטע טיפען פון דער אידישער ווילנע" גיט שרה רייזען אַ סאָרט מעמואַר פון דבורה אסתר און א. ליטווין אַ רייע פּאָרטרעטען פון גראַף פּאָטאָצקי (דער „גר צדק"), דעם „ווילנער באַלעבעסעל", „אסתר די גענעראַלשע", דעם „תקיף", מאָטקע חאַבאַד און שייקע פייפער.

אין דער אָפּטיילונג „ווילנער אין אַמעריקע" שרייבען ב. לעוויטין, יעפים ישורין און מ. איוועגסקי. דערנאָך קומט

אַן אינדעקס וואָס פאַרנעהמט גאַנצע ניין און דרייסיק (39) זייטען.

עס זיינען אויך פאַראַן זעהר פיל בילדער, פּאָרטרעטען און רעפּראָדוקציעס וואָס האָבען אַ שייכות צו ווילנע. צווישען זיי אַ בילד פון הירש לעקערט. און אַ געהיימער דאָקומענט וועגען זיין הינריכטונג, איבערגעשיקט צום ווילנער פּראָקוראָר פון מיליטערישען קרייז־געריכט.

ל. ש.

---

יובילעאום־בוך לכבוד דער פערציג־יעהריגער עקזיסטענץ פונם טשאָרטקאָווער שפּירא־פאַראיין אין ניו יאָרק. — רעדאַקטירט אונטער דער לייטונג פון גרשם באדער.

דער פאַראיין פון די טשאָרטקאָווער לאַנדסלייט אויף דעם נאָמען פון הרב ר' ישעיה מאיר שפּירא, האָט דעם 3טען יאַנואַר, 1932, אַרויסגעגעבען דעם אויבענדערמאָנטען דריישפּראַכיגען אילוסטרירטען זאַמעלבוך, לכבוד דער פייערונג פון זיין 40־יאָהריגען קיום.

אַ חוץ דער געגעבענער אין ענגליש קורצער ביאָגראַפיע פון רב שפּירא, וואָס איז איבערגעדרוקט, אָן אַן אָנדייט פון דער „דזשואיש ענסיקלאָפּעדיע", געפינט זיך וועגען איהם אַ פּאָהר גענויערע באַשרייבונגען פונם פאַראַנטוואָרטליכען רעדאַקטאָר גרשם באדער און א. ליטווין, און אַן אינטערעסאַנט ביסעל זכרונות פון פאַרשטאָרבענעם ר' יהודה אליהו ביימער (אינם „דברי מספד") און פון ר' משה עפּשטיין, דר. בערנאַרד הויזנער און יצחק יוסף ראָזענבלאַט.

דער רב ר' ישעיה מאיר שפּירא איז געבוירען געוואָרען אין מעמעל, י"ז אב, תקפ"ח, איז דערצויגען געוואָרען אין סאָקאָל ביים פאָטער ר' יוסף, אַ רב'ס אַ זוהן און אַליין אַ מוסמך, וואָס האָט ניט געוואָלט לעבען פון הוראה. צו 17 יאָהר גע'שמ'ט אַלס עלוי און חתונה געהאַט פאַר ר' חיים אפּיסדאָרפס אַ טאָכטער אין צעשיגאָוו, וואו ער איז געבליבען דריי יאָהר אויף קעסט. ער איז געפאָהרען קיין לעמבערג אין די אינטערעסען פון רייכען שווער, באַקומען סמיכה פון דאָרטיגען גאון ר' יוסף שאול נאַטאַנזאָהן און זיך בשתיקה צוגעלערענט וועלטליכע למודים. אַ שטיק צייט צוגעהאַנדעלט און ניט באַגליקט, איז ער געוואָרען — ווי עס ערצעהלט ר' משה עפּשטיין אין זיינע זכרונות — רב אין נאַראַיעוו. ער האָט זיך אָבער איינגיכען פון דאָרט אַרויסגעריסען, געשטודירט 9 חדשים אין לעמבערגער אוניווערזיטעט און צוגענומען געוואָרען 1860, אויפ'ן חשבון פון דער רעגירונג, אַלס קרייז־ראַבינער פון טשאָרטקאָוו. אין טשאָרטקאָוו איז דאַן אָנגעגאַנגען אַ קריג צווישען די חסידים פון וויזניצער רבי'ן, וועלכער האָט זיך נאָר־וואָס באַזעצט אין דער שטאָט, און די חסידים, וואָס האָבען געוואָלט אַראָפּברענגען דעם רבי'ן פון סטעטין. דער רב שפּירא האָט זיי געוואָלט פאַרשלומ'ען און אַריין אין אַ צרה. זיין ליבע מילדע נאַטור און געמעסיגטע אויפפיהאַלטונג האָבען איהם בייגעשטאַנען, ביז עס האָט זיך דאָרט באַזעצט, אין אַ יאָהר צוויי אַרום, דער רבי ר' דוד משה, אַ זוהן פון דעם סאַדיגאָרער דינאַסטיע.

דער רבי ר' דוד משה איז געגאַנגען אויפ'ן אויסגעטראָטענעם וועג פון זיין גוט־אידישען פאָטער ר' ישראל'צי רוזשניצער, וועלכער האָט אַוועקגעשטעלט דעם צדיק'יזם אויף אויסערליכען גלאַנץ און לוקסוס. ער האָט געלעבט ווי אַ שררה אין אַ פּראַכטפול־באַציהרטען פּאַלאַץ, געפאָהרען אין אַ גאָלד־באַפּוצטער קאָרעטע און געקליידט געווען אין סויבעל. די חסידים האָבען געגלויבט, אַז ער שטעקט אין די פאַרבאָרגענע עולמות און שטאַמט פונם גזע המשיח. אין די אינטערעסען פון דער „הויף־פּאָליטיק" איז געווען, אַז אַלע און אַלץ זאָלען זיך אונטערוואַרפען דעם רבינ'ס השפעה, אָבער דער רב שפּירא, וואָס האָט איינגעזעהען די מאַכט פון אַבערגלויבען האָט זיך פלוצים דערפיהלט באַרופען און איז אַרויס געגען איהר אין אַ פאַרצווייפעלטער מלחמה. זייענדיג בטבע אַ פאָלקס־מענטש, לעבענדיג אויפ'ן חשבון פון דער רעגירונג און ניט־אָנקומענדיג צום המון, איז איהם געלונגען צוצוציהען צו זיך דעם מעהר פאָרגעשריטענעם בעל־מלאכה'שען עולם, איינאָרדענען פאַר איהם שבת'קורסען, אָרגאַניזירען איהם אין אַ פאַראיין „יד חרוצים", מיט אַ פּראָגראַם פון זעלבסטבילדונג, גרינדען אַ קרעדיט־געזעלשאַפט „חברת גמילת חסד", און אַ חברה „בקור חולים", צו באַזוכען און באַהעלפען קראַנקע אָהן אונטערשייד פון שטאַנד און באַשעפטיגונג. ער האָט איינגעאָרדענט אַ „חדר" מיט בענק, ווי אין אַ שוהלע, וואו מען האָט געלערענט די אידישע קינדער אידישע און אַלגעמיינע למודים. אום ניט אָנצוקומען און זיך אָפּטיילען פון די חסידים האָט ער אַוועקגעשטעלט אַ באַזונדערען שוחט און איינגעאָרדענט אַן אייגענע יאַטקע. דאָס מחלוקת האָט זיך צעפלאַקערט און אָנגעהאַלטען יאָהרענווייז. ערם יום כפור תרכ"ט איז אַ זוהן פון דער פאַרהייליגטער גזע, ר' בערעניו פון לעווי, דער אָנגעזעהענסטער און איינפלוסרייכסטער, אויף וועלכען די חסידים האָבען געהאָפט, אַז ער וועט זיין משיח, אַרויס לתרבות רעה. ער האָט זיך פראַנק און פריי ערקלעהרט פאַר אַן אַפּיקורס. ער האָט זיך אַ צייט שפּעטער אויפגעהאַלטען אין הויז פון טשערנאָוויצער אַטעאיסט דר. רייטמאַן און פאַרעפענטליכט אַ בריוו אינם „המגיד", אַז „ער טרעט ניט אָפּ פון גאָטס וועג, נאָר דערווייטערט זיך פון דעם המון נאַראָנים, וואָס גלויבען אין נאַרישקייטען". דער אָפענער בריוו פון ר' בער'ן האָט אויפגערודערט גאַליציע, חסידים און ניט־חסידים האָבען דאַן אויפגעטראָטען געגען דער רוזשינער גזע און דעם גאון ר' חיים סאַנצער בראשם.

ערמוטיגט פון די געשעהענישען האָט דער רב שפּירא געדרוקט אינם „נוגה הירח" אַ „ספר זכרון, והוא שיחה בין רב לתלמידו" (נאָכהער אַרויס אין אַ באַזונדער העפטעל — איידטקוהנען, 1872), וואו ער באַקעמפט חסידות און די לעהרמעטאָדען פון זיין צייט, און זאָגט זיך אָפען אַרויס,

(ווי ער גיט צו אין זיין „להרב המו"ל את השחר", וויען, תרל"ג, באַנד 4, ז. 657), געגען פאַרשידענע „פּוסקים", וואָס פאַרנעמען דעם פּלאַץ פונם „תלמוד", און פאַר אַ קאָלעקטיוו רעווידירטען אויסטייטש פונם טראַדיציאָנעלען געזעץ, וואָס זאָל צופּאַסען די נייע לעבענספאָרמען צום ביבל־תלמוד'ישען אינהאַלט.

אום אויפצוהויבען דעם פאַרלאָרענעם פּרעסטיזש פון דער רוזשינער גזע, האָבען זיך דאַן די חסידים אַ לאָז געטאָן מיט ברען אויפ'ן „אויפגעקלעהרטען" רב, האָבען אויף איהם אויסגעטראַכט כל'ערלע אומגלויבליכע בלבולים און געוואָלט עוקר מן השורש זיין. צום גליק זייערען האָט זיך דאַן די רעגירונג אָפּגעזאָגט צו אויסהאַלטען די קרייזראַבינער אויף איהר חשבון און אַרויפגעוואָרפען זייער אָפּצאָהל אויף די געמיינדעס. די חסידים, וועלכע האָבען דאַן באַקומען די אויבערהאַנט אין דער קהלה פון טשאָרטקאָוו, האָבען אַלץ מעהר פאַרקלענערט דעם רב'ס שכירות, ביז מען האָט אים פּלוצים אין אַ פרייטאָג נאָכמיטאָג אַרונטערגעזעצט פונם רבנות, און אַרויסגעוואָרפען מיט זיין פאַמיליע, פונקט צו קבלת שבת, פון דער קהלה'שער דירה און געלאָזט וואַלגערען אין גאַס. דער רב האָט זיך דאַן איבערגעקליבען אין הויז פון איינעם פון זיינע אָנהענגער, און געצויגען זיין אָרימע חיונה אין די לעצטע צעהן יאָהר פון זיין לעבען אַלס אָנפיהרער פון די דורך איהם געשאַפענע קרעדיט־געזעלשאַפט (חברת ג"ח). י"ג טבת, תרמ"ו, איז דער רב ר' ישעיה שפּירא נפטר געוואָרען. ער האָט געבעטען אין זיין צוואָה, „מען זאָל זיך ניט קימערען, אויב מען וועט איהם געבען אַן אָרט אַפילו אונטער'ן פּאַרקען" און „מען זאָל ניט געהן דאָרט, וואו מען שעלט און מען בענטשט פאַר געלט". ער האָט נאָך זיך איבערגעלאָזט אַ סך אומגעדרוקטע כתבים, צווישען זיי אַ פירוש אויפ'ן „יד החזקה", און די מאמרים, וואָס ער האָט פאַרעפענטליכט פון 1848 און ביז זיין טויט אינם בכורי העתים, הלבנון, המליץ, המגיד, המבשר, הנשר, העברי, נוגה הירח און השחר.

אַ טייל פון דעם פאַרשטאָרבענעם רב'ס פאַרהייליגער, די אַזוי גערופענע „שאַפּירניקעס", וואָס דער גורל האָט פאַרטראָגען קיין אַמעריקע, האָבען געשאַפען, אַ יאָהר זיבען נאָך זיין טויט, אַ פאַראיין אויף זיין נאָמען, דעם אַזוי גערופענעם „טשאָרטקאָוו־שפּירא פאַראיין אין ניו יאָרק". אין דעם צווייטען טייל פונם אַרטיקעל „פון טשאָרטקאָוו ביז ניו יאָרק" גיט יצחק יוסף ראָזענבלאַט איבער די היסטאָריע פונם פאַראיין.

אַ הייפעלע טשאָרטקאָווער לאַנדסלייט האָבען דאָ געפונען פאַר נויטיג צו גרינדען אַ פאַראיין, וואָס זאָל טראָגען דעם רב'ס נאָמען. צוערשט געמאַכט אַ מנין אויף 53 ווילעט סטריט, אין הויז פון ר' פאָליק קליגלער, דער גרינדער און באַגייסטערער פונם פאַראיין. דעם 20טען יולי 1892, איז קליגלער'ן געלונגען צו באַקומען דעם באַטיטעל.

טען טשאַרטער: „טשאָרטקאָווער הרב ישעיה מאיר כהנא־שפּירא קראַנקען־אונטערשטיצונגס־פאַראיין".

דער פאַראיין האָט זיך צעוואַקסען אין מיטגלידערשאַפט און קאַפּיטאַל. 1903 איז ביי דעם פאַראיין געגרינדעט געוואָרען די „טשאָרטקאָווער אימיגרעישאָן אייד סאָסייעטי", און אין 1914 — דער רעליף־פאָנד. אין 1917 איז, אַ דאַנק ר' אליעזר לאַנדא, געגרינדעט געוואָרען אַ לייהפאָנד, וועלכער עקזיסטירט עד היום מיט ערפאָלג.

אַ חוץ די התחייבות'ן צו איהרע מיטגלידער, ווי קראַנקען־בענעפיט, אונטערשטיצונגען, א. אַז. וו., באַטייליגט זיך דער פאַראיין מיט אַ יעהרליכען צושטייער פאַר'ן קרן היסוד, פאַר'ן בית־יתומים און מושב זקנים אין ניו יאָרק און גיט אַ יעהרליכע סומע פאַר מעות חטים הי און אין טשאָרטקאָוו. ליידער איז דאָס די איינציגע אַרבעט, וואָס באַהאַנדעלט די היסטאָריע און צושטאַנד פונם פאַראיין און לאָזט זיך מעהר ניט אויסשעפּען. ווי עס איז צו זעהן פונם „מעמבערשיפּ ליסט" צעהלט דער פאַראיין 168 מיטגלידער.

ר' יהודה אליהו ביימער האָט געבעטען די „שאַפּירניקעס" אין זיין „דברי מספד" צו פאַרעפענטליכען דעם פאַרהייליגטען רב שאַפּירא'ס שריפטען, אָבער מיר האָבען פון זיי קיין זכר אינם זאַמעלבוך. אָנשטאָט זיי ברענגט יאַנקעל גאָלדבערג אַ רייהע היסטאָרישע דאָקומענטען וועגען דער שטאָט טשאָרטקאָוו, דעם פּנקס פונם טשאָרטקאָווער קהל פון 1731—1825, דעם ספר החברה פועלי צדק, וואו מען האָט אין 1722 געגעבען די טשאָרטקאָווער אידען דאָס רעכט צו וואוינען און צו האַנדלען אין טשאָרטקאָוו, און ווי די טשאָרטקאָווער קהלה האָט אויסגע'פּועל'ט אַז אַ אידישער בעל מלאכה זאָל ניט מוזען געהן צו דער גוי'אישער „צעך". די געגעבענע העבראַאישע דאָקומענטען זיינען שעהן און קענטעוודיג באַאַרבעט געוואָרען פון א. ליטווין, וואָס פאַרמאָגט אויך אַ רייהע אַנדערע אַרבייטען אינם זאַמעלבוך: דאָס שוין דערמאָהנטע אַרטיקעל איבער'ן רב שפּירא, אַ באַשרייבונג „אַך, טשאָרטקאָוו!", וועגען דעם שאַפּירניק „מענדעל פידלער" און „דער לאַשקאָוויצער דבוק", אַ פאָלקס־אַנעקדאָט, וואָס פּאַסט זיך, צום באַדויערען, ניט אַריין אינם געוועב פון בוך.

אַ חוץ די 80 בילדער, וואָס פאַרנעמען אַן ערך 61 זייטען, און די 24 זייטען באַגריסונגען, באַקומען מיר אין בוך אַ רייהע באַשרייבונגען וועגען די אַלטע און נייע „שאַפּירניקעס", אַן אַרבעט וועגען טשאָרטקאָוו אין די מלחמה יאָהרען (1914—1918) און נאָך דער מלחמה פון א. טשאָרטקאָווסקי, וועגען דעם (טשאָרטקאָווער) י. ל. פּרץ פאַראיין און זיין פאַרצווייגטע טעטיגקייט, און אַ גרעסערע אַרבעט „טשאָרטקאָוו אַלס קולטור־צענטער" פון דר. אַ קון־שעכטער, וואָס איז געקומען אינם אָנדענק־נומער פונם שפּיראַ־פאַריין צו הויבען און לויבען די רבי'אישע דינאַסטיע.

מ נ ש ה  ו ו אַ ק ס ע ר .

„לאדזשער אלמאנאך", ארויסגעגעבן פון דעם לאָדזשער ברענטש 324, ארבייטער רינג, ניו יאָרק, צו זיין 25 יאָהריגען יובילייע אין יאָהר 1934. 176 זייטען. גוסטאַוו אייזנער, פאָרזיצער, רעד. קאָלעגיע.

פון די איבער פופציג אַרטיקלען, גרעסערע און קלענערע, וואָס גייען אַריין אין דעם „לאָדזשער אַלמאַנאַך", האָבען בלויז פינף עטוואָס אַ שייכות מיט דעם לעבען און די טעטיגקייטען פון דעם ברענטש, וואָס האָט אַרויסגעגעבען דעם אַלמאַנאַך, און נאָך עטליכע אַנדערע לאָדזשער אָרגאַניזאַציעס ווערען בלויז בקיצור דערמאָנט אין דער אָפּטיילונג „וואָס טוען לאָדזשער אָרגאַניזאַציעס אין אַמעריקע"? דער גאַנצער איבעריגער שטאָף פון דעם אַלמאַנאַך — העכער 90 פּראָצענט — באַשטייט פון מעמואַרען און כראָניק פון דער געשיכטע פון די אידען, באַזונדער פון דער אידישער אַרבייטערבאַוועגונג אין לאָדזש. דאָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אַלע לאַנדסמאַנשאַפט־פאַראיינען אין אַמעריקע, ביי וועלכע די געמיינשאַפטליכע דעראינערונגען פון דער אַלטער היים זיינען דער סאַמע יסוד פון זייער צוזאַמענבונד און עקזיסטענץ.

לאָדזש איז אָבער ניט אַבי אַ שטעטעל, נאָר אַ גרויסער אינדסטריעלער צענטער, דער מאַנטשעסטער פון פּוילען. די שטאָט האָט דורכגעמאַכט אַ פענאָמענעלע, ראַשיגע אַנטוויקלונג. אין משך פון בערך אַ האַלבען יאָהרהונדערט — פון אַרום 1820 ביז אומגעפער 1870 — איז די שטאָט אויסגעוואקסען פון אַ קליין אומבאַדייטענדיג דערפעל אין איינעם פון די גרעסטע טעקסטיל־צענטערס אין דער אַלטער רוסלאַנד און אין אייראָפּע. אין אָט דער עפּישער אַנטוויקלונג האָבען אידען, סיי קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעמער, סיי אַרבייטער, געשפּילט די הויפּט ראָליע, ווי י. י. זינגער האָט עס אַזוי מייסטערהאַפט געשילדערט אין די „ברידער אַשכנזי". די יוגנט־דעראינערונגען פון די גרינדער און טוער פון דעם לאָדזשער ברענטש, די כראָניק פון דער געשיכטע פון אָט דער שטאָט, די עפּיזאָדען פון די רעוואָלוציאָנערע אויסברוכען, סטרייק־כוואַליעס, פּאָגראָמען אויף אידען, קאַמפען צווישען אַרבייטער און דער סטרייק־ברעכערישער אונטערוועלט, אדג. אין דעם רעוואָלוציאָנערען פּעריאָד פון 1905 — דער אָנוואוקס פון אַ צענטער פון דער מאָדערנער אידישער ליטעראַטור און קולטור אין לאָדזש — אָט דאָס אַלץ, וועגען וואָס די מעמואַרען און כראָניקען פון דעם „לאָדזשער אַלמאַנאַך" דערציילען אונז, איז אינטערעסאַנט ניט בלויז פאַר לאָדזשער לאַנדסלייט, פון אַ סענטימענטאַלען לאַנדסמאַנשאַפטליכען שטאַנדפּונקט, נאָר האָט אויך אַן אַלגעמיינעם אינטערעס און באַדייט.

אין די ערשטע עטליכע זייטען פון דעם אַלמאַנאַך, וועלכע פאַרנעמען זיך מיט דער געשיכטע פון דעם לאָדזשער ברענטש 324 גופא, ווערען מיר געוואויר, אַז דער דאָזיגער ברענטש איז ניט געווען דער ערשטער לאָדזשער ברענטש פון אַרבייטער רינג, נאָר אַז פאַר איהם האָט שוין עקזיסטירט אַן אַנדער לאָדזשער ברענטש פון דעם זעלבען אָרדען, וואָרשיינליך אַ מעהר קאָנסטרוקטיווער. דער ברענטש 324 האָט זיך געגרינדעט אין דער צייט פון דעם גרויסען שטראָם פון אידישער אימיגראַציע, נאָך דעם דורכפאַל פון דער רעוואָלוציע פון 1905 אין רוסלאַנד. ער האָט זיך דאַן געגרינדעט אַלס אַ בונדישער ברענטש, ד. ה. אַלס אַן איבערפלאַנצונג פון דעם „אַלגעמיינעם אידישען אַרבייטער־בונד פון ליטע, פּוילען און רוסלאַנד" אויף דעם אַמעריקאַנישען באָדען. אָבער אָנשטאָט דער פּאָליטישער און עקאָנאָמישער טעטיגקייט, וואָס דער „בונד" האָט אָנגעפיהרט אין רוסלאַנד און פּוילען, האָט דער לאָדזשער בונדישער ברענטש, ווי אַ סך אַנדערע ברענטשעס און פאַראיינען פון דעם זעלביגען מין אין אַמעריקע, באַגרעניצט זיין בונדישע טעטיגקייט בלויז צו זאַמלען שטיצע פאַר דער אָרגאַניזאַציע אין דער אַלטער היים.

מיר געפינען דאָ אויך, אַז אין דעם ברענטש האָבען זיך שפּעטער אַנטוויקעלט שאַרפע שטרייטיגקייטען און צעטיילונגען, אַז דער ברענטש האָט זיך צוויי מאָל געשפּאָלטען, אַ טייל איז אַוועק אין דער מעהר רעכטען לאַגער און אַ טייל איז אַוועק לינקס, אין דעם „אינטערנאַציאָנאַלען אַרבעטער־אָרדען".

אַ שאָד, וואָס אָט די איבערלעבונגען אין דעם לעבען פון דעם ברענטש גופא ווערען איבערגעגעבען בלויז סכעמאַטיש, און ניט אַזוי לעבעדיג און בילדלעך, ווי די מעמואַרען פון דער פאַרגאַנגענהייט אין דער אַלטער היים.

דער אַלמאַנאַך אַנטהאַלט אויך אַן אינטערעסאַנטען בעלעטריסטישען און פּאָעטישען אָפּטייל, אין וועלכען עס זיינען פּאָרטראָטען אברהם רייזען, שלום אש, י. ל. פּרץ, פּראָפעסאָר ה. גליצענשטיין, י. ה. ראַדאָשיצקי, א. גלאַנץ־לעיעלעס, ז. סעגאַלאָוויטש, י. קאַצענעלסאָן, י. א. ראָנטש, משה בראָדערזאָן, דוד פרישמאַן, חיים קרול, און אַנדערע.

מ. בל.

---

טאַראַשטשע. — אַ געשיכטע פון אַ קליין שטעטעל אין קיעווער גובערניע. (ערשטע טייל 43 ז., צווייטע טייל 68 ז. — געשריבען פון יעקב ראָוויו־ראָווינסקי, אַ מיטגליד פון טאַראַשטשער לאַנדסמאַנשאַפט, ניו יאָרק, 1937).

וואָס פאַר אַ מאָדנעם אומדערקלערבאַרען כח די קינדעריאָהרען האָבען אין אויסגעשטאַלטיגען די סענטימענטען און באַציאונגען פון מענשען!

מענשען וואַנדערען אויס פון זייערע קליינע ענגע שטעטלאַך, אין דער גרויסער ברייטער וועלט. מ'ווערט אַריינגעצויגן אין שווערען עול פון לעבען. די יאָהרען פאַלען אָפּ. מ'האָט שוין אויף דער נייער ערד קינדער, אייניקלאַך. צוויי מאָל מעהרער לעבענס האָט מען שוין איבערגעלאָזען אין דעם נייעם לאַנד, און אַלץ בלייבען נאָך די באַציאונגען און באַגריפען צו דעם דאָזיגען לאַנד, ווי צו אַ צווייטער היים.

אַ פינף און זיבעציק יאָהריגער איד, וואָס לעבט שוין אין אַמעריקע איבער פופציג יאָהר, קען בשום אופן ניט אָפּשניידען די געדעכעניש פון זיין שטעטעל. דער יאָך און געראַנגעל פון לעבען האָט ניט דערוואָרגען זיינע סענטימענטען און ליבע צו זיין געבורט־אָרט. ער אָטעמט און לעבט אין דער דערמאָנונג פון זיין שטעטעל. אַלץ איז איהם ליב און ווי. ער פרעהט זיך מיט דער דאָרטיגער פרייד, און פאַרגייט אין צער איבער די שלעכטע בשורות, וואָס דערגרייכען איהם. ער וויל עפּעס טאָן פאַר זיין שטעטעל. ער וויל עס פאַראייביגען, פאַרפעסטיגען זיין יחוס, און וואָס איז דער אידישער יחוס? לייטערונג דורך צער, שרעק און פּאָגראָמען. און דאָס דאָזיגע שטעטעל טאַראַשטשע ערגיץ אין אוקראַינע, איז דורך אידיש בלוט פאַרשריבען געוואָרען אויף ווייס פּאַפּיר אין דער געשיכטע.

יעקב ראָווין־ראָווינסקי, פינף און זיבעציג יאָהר אַלט, האָט אויף זיינע אייגענע הוצאות אונטערגענומען די אַרבייט פון אויפשטעלען די געשיכטע פון זיין שטעטעל. אין דריי טיילען האָט ער איינגעטיילט זיין אַרבייט: דער ערשטער טייל איז טאַראַשטשע פון „ערשטען באַשאַף". ווי פון אַ דאָרף צעוואַקסט זיך דאָס דאָזיגע שטעטעל.

דער צווייטער טייל, דער וויכטיגסטער און אינטערעסאַנטסטער, שליסט אין דעם מלחמה פּעריאָד. און די ליידען און אומגליקען, וואָס דאָס שטעטעל האָט איבערגעטראָגען פון די פאַרשיידענע באַנדעס אין צייט פון בירגער־קריג. 29 מאָל איז דאָס שטעטעל איבערגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט און יעדער איבערגאַנג האָט געקאָסט אידישע לעבענס.

די מפּלות פון דער רוסישער אַרמיי האָבן זיך פאַרוואַנדעלט אין פּאָגראָמען און שחיטות אויף אידען. אָבער אין טאַראַשטשע איז געווען שטיל. די טאַראַשטשער אידען האָבען זיך געטרייסט: „ביי אונז וועט קיין פּאָגראָמען ניט זיין. ס'לעבען גוט צווישען זיך די אידישע מיט דער קריסטליכער באַפעלקערונג". אָבער אויסגעלאָזען האָט זיך נאָך ערגער ווי זיי האָבען אפילו דערוואַרטעט. פון די 29 איבערגאַנגען, וואָס דאָס שטעטעל האָט אַדורכגעלעבט, איז דאָס שטעטעל געוואָרען שיטערער, און דער בית־הקברות, געדיכטער.

וואָס האָט דאָס דאָזיגע שטעטעל ניט אַדורכגעלעבט? די אידען האָבען שוין געוואוסט אַז ווער עס זאָל אַריינקומען — דייטשען, פּאָליאַקען, אוקראַינער, צאַריסטען — וועלען די אידען זיין די ערשטע און לעצטע צו ליידען.

רואיגקייט האָט די אידען געשראָקען. דורך דער צייט פון אַוועקגיין און אָנקומען פון די באַנדעס, ווען דאָס שטעטעל פלעגט אַ פּאָר טעג בלייבען אָן דער הערשאַפט פון אַ מאַכט, פלעגט שרעק דאָס שטעטעל פאַרפייניקען. איידער אַ באַנדע פלעגט אָנקומען, פלעגען די שטעטעלשע אַנטיסעמיטען מיט די שענדליכסטע בלבולים רייצען די קריסטליכע באַפעלקערונג. און אַלץ האָט זיך געדרייט אַרום געלד. פעסער גאַנצע מיט געלד. אין צווישנצייט פלעגען זיי אויפגערייצטע אַליין אָפּמאַכען אַ שטיקעל פּאָגראָמעל. אָבער צופרידען איינגאַנצען זיינען זיי ניט געווען.

אין שטעטעל איז געווען אַן אַרסענאַל. די קריסטליכע באַפעלקערונג האָט גענומען אויסליידיקען דעם אַרסענאַל. געהייסען האָט עס, אַז מ'דאַרף זיך באַוואָפענען פאַר זעלבסט באַשיצונג געגען באַנדעס. די אידען האָבען אָבער געוואוסט די אמת'ע כוונות פון די אַנטיסעמיטען. זיינען אידישע יונגעלייט אויך אַוועק צום אַרסענאַל. אויב זעלבסט־פאַרטיידיקונג, זיינען די אידען די ערשטע וואָס דאַרפען עס. און אַזוי איז באַשאַפען געוואָרען די טאַראַשטשער אידישע זעלבסטשוץ, וואָס האָט ניט איינמאָל מיט געוואַלדיגער העלדישקייט צוריקגעשלאָגען אָנפאַלען פון באַנדעס.

צעהנדליגער אידישע העלדען, וואָס קיינער אַחוץ די שטעטעלשע, ווייסט ניט פון זיי, זיינען אַרויסגערוקט געוואָרען. איינער פון זיי, אַן אַכצעהן יאָהריגער בחור, יוסף געווירצמאַן, האָט ניט־קוקענדיג אויף זיינע וואונדען, געפיהרט דעם זעלבסטשוץ מיט אויפמונטערונג, שרייענדיג: „ווייזט זיי, אַז אידען קענען שטאַרבען ווי העלדען אין קאַמף".

פון וועמען האָט דאָס שטעטעל ניט געליטען — פון מאַכנאָ, פון דעניקענען, פון אייגענע שטעטעלשע באַנדיטען, און אַלע האָבען זיי געפּלינדערט, ראַבירט און געפאָדערט פון דער אידישער באַפעלקערונג געלט. אַ פערטעל מיליאָן גאָלדענע רובעלס.

די גרעסטע שחיטה האָט טאַראַשטשע אַדורכגעלעבט אין יענעם „שוואַרצען פרייטאָג". די באָלשעוויקעס זיינען אָפּגעטראָטען, דעניקינס באַנדע האָט זיך אַריינגעריסען אין שטעטעל. באַלד האָבען זיך די מחנות צוטיילט אין גרופּען פון צוויי, דריי, און האָבען זיך פאַרשפּרייט איבער'ן שטעטעל צו אידישע הייזער, שרייענדיג: „דעינגי דאַי — אי זשאָנקי" (געלט און פרויען). ס'איז ניט געווען קיין איין אידיש הויז, וואָס האָט ניט געהאַט קיין הרוג.

אָט די שוידערליכע אָדורכלעבונגען איז טאַראַשטשע אַדורכגעגאַנגען צוזאַמען מיט אַלע אוקראַינישע אידען ביז די סאָוועטען־מאַכט האָט זיך פאַרפעסטיגט.

דער צווייטער טייל „טאַראַשטשע" איז ניט גלאַט אַ באַשרייבונג פון אַ אידיש שטעטעל, נאָר אַ שטעטעל, וועמעס ערד איז אויסגעווייקט פון אידיש בלוט. דער צעטעל נעמען פון די אידישע הרוגים, וואָס איז איינגעשלאָסען אין בוך, מאָנט ניט צו פאַרגעסען, אַז טאַראַשטשע האָט גאָר אַ באַזונדער קאַפּיטעל אין דער אידישער געשיכטע.

די צוויי טיילען זיינען צוזאַמענגעשטעלט מיט ליבע און יראת הכבוד, און דאָס פאַרגיטיגט שוין פאַר די חסרונות, וואָס די ביכלאַך האָבען, ווי ניט סיסטעמאַטישקייט, צופעליקייטען און איבעריגקייטען. די ניט־ליטעראַרישקייט פאַרבייט די פּראָסטע רייד, וואָס זיינען אין אמת'ן געשמאַקע, ריינע און נאַאיווע שמועסען.

די ביכלאַך זיינען איינגעטיילט אין קאַפּיטלאַך אויף זעהר אַ פיינעם געשמאַקען אינטערעסאַנטען אופן. עטליכע פיינע בילדער. סימבאָליש זיינען די צוויי בילדער: אַ בילד פון זעלבסטשוץ — און פון טאַראַשטשער אידישען קאָלכאָז מיט זייערע טראַקטאָרס. די ביקס פאַרביטען אויף אַקער־אייזען.

דעם צוזאַמענשטעלער פון די ביכלאַך, יעקב ראָווינען, האָבען אַרויסגעהאָלפען אַ גרופּע לאַנדסלייט מיט מאַטעריאַלען און אינפאָרמאַציע, און צוזאַמען האָבען זיי צונויפגעשטעלט אַן אינטערעסאַנטע און לעבעדיגע געשיכטע פון זייער שטעטעל.

יאָסעל קאָהן.

---

## „חורבן גאַליציע"

אַזוי וואָלט באַדאַרפט זיין באַטיטעלט חנא גאָטעספעלד'ס בוך: „מיין רייזע איבער גאַליציע", אַרויסגעגעבען פון „די פאַראייניגטע גאַליציאַנער אידען אין אַמעריקא", ניו יאָרק, 1937. דער פאַקט וואָס די לאַגע ווערט באַהאַנדעלט פון גאָטעספעלד'ן אין אַ טאָן פון גוטמוטיגען און איינגעהאַלטענעם הומאָר, אָן האַרצרייסענדע יללות, ברייגנט אַרויס דעם חורבן פון די דאָרטיגע אידען נאָך העלער און בולט'ער. דער עלענט, אי פּאָליטיש אי עקאָנאָמיש, איז אַזוי גרויס, אַז איהר שטוינט פשוט ווי אַזוי זיי דערהאַלטען זיך נאָך ביים לעבען. אַ טייל פונ'ם תירוץ איז — אַמעריקע'ס הילף. עס העלפען קינדער, קרובים, פריינט, די היגע לאַנדסמאַנשאַפטען. די דאָרטיגע אידען שטייען אין קרעמלעך, וועלכע האָבען ניט וואָס צו פאַרקויפען, און וואַרטען אויף קונים, וועלכע האָבען ניט פאַר וואָס צו קויפען. אָבער דאָך — ווי קאָן דאָס די דאָרטיגע אידישע באַפעלקערונג לעבען אָן אַן אייגענער עקאָנאָמיק? ניסים!

מאָלט איך, אַז אפילו אין די גוטע אַלטע צייטען איז גאַליציע אויך ניט געווען קיין אידישער גן־עדן. גאַליציאַנער אָרעמקייט איז געווען אַ שם־דבר אין אַלע אידישע ישובים, וואָס האָבען אַליין אויך קיין האָניק ניט געלעקט. נאָר וואָס דען? זיי האָבען געזויגען אַ לאַליפּאַפּ. כדי אידען פון אַנדערע לענדער זאָלען וויסען דעם טייטש דערפון: אַ לאַליפּאַפּ אין אַמעריקע איז אַ גרויסע און ביליגע צוקערקע אין דער פאָרמע פון אַ רעדעל אַרויפגעשטאָכען אויף אַ שטיקעל האָלץ. אָרעמע קינדער זויגען עס און לאָבען זיך דערמיט. וויפיל נאַרונג דאָס אַנטהאַלט איז אונז ניט באַקאַנט. דער אידישער לאַליפּאַפּ אין גאַליציע איז געווען — פראַנץ יאָזעף. אידען האָבען זיך געריהמט און געלאָבט מיט זייער מלך חסד, און ווי נאַרהאַפט דאָס איז געווען איז ניט באַוואוסט. פראַנץ יאָזעף, אַ הערשער איבער פאַרשיידענע פעלקערשאַפטען, האָט זיך געהאַט זיינע חשבונות און האָט געהאַלטען אַ געוויסע מאָס פון פּאָליטישער גלייכגעוויכט צווישען זיי. וואָס איז שייך אידען, איז דער רעזולטאַט געווען אַזעלכער: די באַציאונג מיט די רוטענער (אוקראַאינער) זיינען געווען קוים דערטרעגליך, די באַציאונגען מיט די פּאָליאַקען זיינען אַלעמאָל געווען אומדערטרעגליך. פונדעסטוועגען, אַז מ'האָט אינזינען, אַז גלייך אַריבער דער גרעניץ האָט זיך אָנגעהויבען די אַמאָליגע צאַרישע מלוכה, ווערט פאַרשטענדליך פאַרוואָס אידען האָבען אַזוי הנאָה געהאַט פון פראַנץ יאָזעפ'ן. איצט ווען גאַליציע געהערט צו פּוילען, איז די פּאָליטישע לאַגע אינגאַנצען געענדערט, עס ווערט געפיהרט אַ פּאָליטיק פון אונטעריאָכונג געגען די רוטענער און פון אויסראָטונג געגען די אידען. דאָס לאַנד ליגט אונטער'ן קנאַפּל פון פאַשיזם און ראַסיזם.

אין איין פּרט באַקומט זיך אַ מערקווירדיגער איינדרוק שוין פון גאָטעספעלד'ס בוך אַליין: מ'זעהט נישט און מ'הערט נישט פון קיין אידישע פּויערים און פון קיין אידישע אַרבייטער. אַלע זיינען קרעמער און הענדלער. אויב דאָס איז אַזוי, הייסט עס, אַז אידען זיינען אינגאַנצען אַרויסגעפאַלען פון דער אַרבייט. ביי ניט־אידען איז עס דער עלעמענט פון וואַנען דער פאַשיזם ווערבירט זיינע מיטגלידער. ביי אידען איז עס, פאַרשטייט זיך, ניט מעגליך, שוין צוליב דעם ראַסיזם אַליין. קומט אויס, אַז די אידישע באַפעלקערונג אין גאַליציע איז פשוט פאַר'משפט צום אונטערגאַנג.

גאָטעספעלד האָט באַזוכט אויך ווין. היטלער האָט נאָך דעמאָלט ניט געהאַט פאַרכאַפּט עסטרייך, נאָר זיין שוואַרצער שאָטען איז שוין געלעגען אויף דער עלעגאַנטער שטאָט און האָט אַרויסגערופען זאָרג און מורא ביי די ווינער אידען.

ניט געקוקט דערויף, וואָס דאָס ביכעל איז געשריבען אין אַ לייכטען טאָן, לאָזט עס נאָך זיך איבער אַ שווערען איינדרוק, צוליב דעם פּאָליטיש־עקאָנאָמישען מצב פון די מיטעל־אייראָפּייאישע אידען.

לאַמעד שאַפּירא

---

## „פעלשטין"

(זאַמלבוך צום אָנדיינק פון די פעלשטינער קדושים, רעדאַקטירט פון בוך־קאָמיטעט, יונה בוים, סעקרעטאַר; אַלעף כץ, טעכנישער רעדאַקטאָר; צייכענונגען פון נאָטע קאָזלאָווסקי. אַרויסגעגעבען פון „פעלשטינער פאַראיין", ניו יאָרק, 1937. 673 זייטען, — 23 ענגלישע זייטען — בילדער און צייכענונגען אויף באַזונדערע פולע זייטען).

פעלשטין איז אַ קליין שטעטעלע אין פּראָסקוראָווער קרייז, פּאָדאָליער גובערניע, אוקראַאינע, נאָענט פון די אַמאָליגע עסטרייך־גאַליציישע גרעניצען. אין יאָהר 1919, גלייך נאָכ'ן וועלט־קריג, האָט עס דורכגעמאַכט — מען קאָן קוים זאָגען „דורכגעלעבט", אָדער „איבערגעלעבט", ווייל עס איז כמעט אינגאַנצען פאַרניכטעט געוואָרען, — אַ שרעקליכע שחיטה „וואָס האָט ניט קיין גלייכען צו זיך אין דער מאַרטירערגעשיכטע פון אונזער פאָלק... אויף זויג־קינדער און זקנים, אויף מענער און פרויען צוגלייך". פינף הונדערט הרוגים האָבען זיך אַרומגעוואַלגערט אויף פעלשטינער ערד, ביז מען האָט זיי אויפגעקליבען און באַהאַלטען אין איין גרויסען ברודער־קבר, אין איין פינסטערער גרוב, אָן אַ מצבה, אָן אַ דיינקמאָל...

אָבער יענע לאַנדסלייט זייערע — זעהר ווייניג אין צאָל — וואָס האָבען זיך יאָ באַוויזען צו ראַטעווען קיין אַמעריקע,

האָבען נישט געקאָנט רוען ביז זיי האָבען ניט דעם אָנדיינק פון די 500 הרוגים און קדושים אויפגעשטעלט אַ דיינקמאָל — דאָס „פעלשטין־בוך". און אַ ווירדיגער, דויערנדיגער דיינקמאָל איז עס אָן שום ספק. דאָס בוך איז אַ קאָלעקטיווע שאַפונג פון אַ פאָר צעהנדליג לאַנדסלייט — פונקט ווי יענער ברודער־קבר דאָרטען, וועלכען די נאַטור גלייכט ביסלעכוויז אויס, מיט די פאַרבייפלייצענדיגע יאָהרען, איז אויך אַ בלוטיגער אָנדיינק פון אַ קאָלעקטיווער מערדעריי...



פון זאַמעלבוך „פעלשטין".

דער גרעסטער טייל סונ'ם בוך — אַרום 32 אַרטיקלען — באַשטייט טאַקע פון פאָגראָם־דעראינערונגען, וועלכע לייענען זיך ווי אַ גרויסע „מגלת ת"ח ות"ט" — אין אַ נייער, מאָדערנער אויסגאַבע, מיט היינטצייטיגער אָרטאָגראַפיע איז ניט דאָ דאָס אָרט אויף דעם זיך אָפצושטעלען. פונקט ווי מיר קאָנען זיך דאָ אויך ניט אָפשטעלען אפילו אויפ'ן צווייטען טייל פונ'ם בוך (35 אַרטיקלען, געשריבען הויפטזעכליך אין בעלעטריסטישען סטיל) „אין דער אַלטער היים", וואָס באַשטייט פון זעהר ווערטפולע, וואַרים־און־האַרציג געשריבענע פאַרצייכענונגען און עסקיזן פון דער לאַנדשאַפט, געשיכטע, לעבענסשטייגער, עקאָנאָמיק, געזעלשאַפטלעכקייט, א. א. וו. פון פעלשטין. דאָס זיינען מאַטעריאַלען, מיט וועלכע עס וועט זיך קאָנען, און דאַרפען באַנוצען ניט נאָר דער צוקונפטיגער היסטאָריקער פון „אַן אַמאָליג אידיש שטעטעל אויף אוקראַינע", נאָר אפילו אויך דער היסטאָרישער בעלעטריסט...

דער דריטער און לעצטער טייל פונ'ם בוך — „אין דער נייער היים", 6 אַרטיקלען, — נעהמט אונז שוין אַריבער אויפ'ן אַמעריקאַנער באָדען. דער ערשטער פעלשטינער עמיגראַנט, אָנהויב פון עמיגראַציע, מיט וואָס פעלשטינער האָבען זיך אין אַמעריקע באַשעפטיגט, דער „פעלשטינער פאַריין", דער „פעלשטינער קלוב", דער פעלשטינער „רעליף" און וואָס ער האָט אויפגעטאָן. דאָס אינערליכע לעבען פון דער אָרגאַניזאַציע און אַלע קאָמיטעטען — דאָס אַלץ ווערט זעהר לעבעדיג אין דערציילונגס־פאָרם, איבערגעגעבען. עס גיט אונז אַ בילד ניט דוקא פון „פעלשטינער פאַריין", נאָר בכלל פון דעם מין לאַנדסמאַנשאַפט־„סאָסייעטי" — אין איהר פאָזיטיווסטער געשטאַלט.

אַרויסגעגעבען איז דאָס בוך אויסערגעווינליך ציכטיג און נעט סיי אינערליך און סיי אויסערליך — הימעל־ווייט פון די כאַראַקטעריסטישע לאַנדסמאַנשאַפט־אויסגאַבען. סיי דעם איניציאַטאָר און רעדאַקטאָר פונ'ם ווירדיגען פנקס, דעם באַקאַנטען כלל־טוער דר. י. קלינג, און סיי דעם „בוך־קאָמיטעט", וואָס האָט דערמעגליכט זיין דערשיינונג, קומט אַ גרויסער יישר־כח.

ב. ג.

---

דער „לאַנדסמאַן", אַרויסגעגעבען צום פערציג יעהריגען יוביליי פון ווישקאווער אונטערשטיצונג פאַראיין, 166 זייטען. רעדאַקטירט פון פאול ר. קרעמער.

נישט יעדע לאַנדסמאַנשאַפט־אָרגאַניזאַציע קען זיך דערלויבען דעם לוקסוס וואָס עס האָט זיך דערלויבט דער ווישקאָווער אונטערשטיצונג פאַראיין. פאַר אַזאַ בוך ווי „דער לאַנדסמאַן", פעלען ביי די מעהרסטע לאַנדסמאַנשאַפט־אָרגאַניזאַציעס סיי די נויטיגע פינאַנצען, סיי די נויטיגע שרייבערישע און רעדאַקציאָנעלע כחות.

„דער לאַנדסמאַן" איז אַ פּראַכט־אויסגאַבע מיט אַ היבש ביסעל אינטערעסאַנטען און וויכטיגען מאַטעריאַל סיי פאַר

די ווישקאָווער סיי פאַר אנדערע לאַנדסמאַנשאַפטען, כאָטש דאָס בוך אַנטשפּרעכט נישט גאַנץ דעם כאַראַקטער פון אַ לאַנדסמאַנשאַפט־אויסגאַבע. דער רעדאַקטאָר, פּאול א. קרעמער, האָט זיך דאָ צופיל געלאָזט אַוועקרייסען פון זיין ליטעראַרישען געשמאַק און כאָטש זיינע כוונות זיינען געווען גוטע, האָט זיך אָבער באַקומען אַ דיסאַנאַנס אין דעם איבהאַלט פון „דער לאַנדסמאַן". צופיל סתם ליטעראַטור, נישט גענוג ווישקאָווע. (איבערגעדרוקטע זאַכען פון שלום אַש, ב. קאָווגער, ז. שניאור, א. רייזען, ש. פרוג, א. אַ.).

דעם רוקנביין פון „דער לאַנדסמאַן", ווי אַ בוך פון אַ לאַנדסמאַנשאַפט, בילדען זיכער די צוויי אַרטיקלען פון פּאול א. קרעמער — „פערציג יאָהר ווישקאָווע" און „פאַראייניגטער ווישקאָווער רעליף".

אין'ם ערשטען אַרטיקעל שטעלט זיך דער שרייבער אָפּ אויף דער שטופּנווייזער אַנטוויקלונג פון דעם ווישקאָווער אונטערשטיצונג פאַראיין: פון דעם „פאַינטעלע ביר" ביי אַ „מיסעס אין אַ בעד־רום", וואו די ווישקאָווער פלעגען פאַרברייגען און וואו דער געדאַנק פאַר גרינדען די „סאָסייעטי" איז געבוירען געוואָרען, ביז צום „סך־הכל פון 40 יאָהר אַרבייט". ער שטעלט זיך אָפט אָפּ אויף דעם היסטאָרישען הינטערגרונט פון דער ערשטער כוואַליע פון אידישע איינוואַנדערער קיין אַמעריקע. זייערע נויטען, זייער קולטור־צושטאַנד, זייערע בענקשאַפטען. דער אַרטיקעל איז רייך אין קאָליר און ביז גאָר אינפאָרמאַטיוו. אין זיין אַרטיקעל „פאַראייניקטער ווישקאָווער רעליף", רעדט דער שרייבער מיט אַ סך ביטערקייט וועגען דער לאַגע פון די אידען אין פּוילען.

צום באַדויערען רוקט דער שרייבער אַרויס טעאָריעס, אין פאַרבינדונג מיט דער באַציאונג פון די פּאָליאַקען צו אידען, וועלכע זיינען ווייט נישט קיין געזונטע. ער זאָגט: „פון אייביג אָן איז די רשעות פון פּאָליאַקען צו אידען שטענדיג געווען אַן איינגעוואָרצעלטע, פלאַם־פייערדיגע שנאה־פונקען האָבען טיף געטליעט אין יעדען פּאָליאַק'ס אַנטיסעמיטישען האַרצען". ער פאַרגעסט אָן דער גרויסער צאָל פּוילישע פּראָגרעסיווע אַרבייטער און אינטעלעקטואַלען, וואָס שטעלען זיך געגען אַנטיסעמיטיזם.

נאָך צוויי אַרטיקלען אין'ם בוך האָבען אַ נאָענטע שייכות מיט דעם לעבען פון לאַנדסמאַנשאַפטען: היימאַן בלום'ס — „די ראָלע פון לאַנדסמאַן אַמאָל און היינט"; און מ. איוועסקי'ס „די אַמאָליגע אידישע חברות און לאַנדסמאַנשאַפטען אין אַמעריקע". ה. בלום פיהרט אויס, אַז בעת דער כוואַליע פון מאַסען־אימיגראַציע זיינען די לאַנדסמאַנשאַפטען געגרינדעט געוואָרען צוליב די באַלדיגע נויטען און באַדערפענישען פון די איינגעוואַנדערטע און אַז אין'ם היינטיגען טאָג זיינען די לאַנדסמאַנשאַפטען אינסטיטוציעס צו העלפען די אייגענע און איראָפּע מעהר ווי עפּעס אַנדערש.

מ. איוועסקי רעדט אין זיין אַרטיקעל וועגען דער ראָלע פון די אַמאָליגע חברות און פּרוואַט באַווייזען, אַז די לאַנדסמאַנשאַפטען זיינען אַ פאָרזעצונג פון דער דאָזיגער טראַדיציע ביי אידען, אַז — „דאָס געפיל פון געגענזייטיגער הילף באַגלייט דאָס פאָלק אויף אַלע נייע וואַנדערונגען".

אין דעם ליטעראַרישען טייל פון „לאַנדסמאַן" פאַרנעמען דאָס ערשטע אָרט מיט כאַראַקטעריסטישע זאַכען פאַר אַזאַ בוך, ישראל אָסמאַן מיט זיין האַלב־לעגענדאַרישען מעשה'לע פון ווישקאָווע, „הערשעלע וואַסער־טרעגער", און די קורצע סקיצע פון מ. ראבין, אַ מעשה'לע פון אַ אידען וואָס לעבט אויס זיין בענקשאַפט נאָך אַ שעהנעם לעבען, דורך אַריינפאַנטאַזירען זיך אין אַ וועלט פון אילוזיעס.

מ אַ ר ט י ן ב י ר נ ב ו י ם .

---

„פּוילישע אידען", זעקסטער יאָהרבוך, אַרויסגעגעבען פון דער פעדעראַציע פון די פּוילישע אידען אין אַמעריקע, רעדאַקטירט פון ז. טיגעל, יוני, 1938.

די פעדעראַציע פון די פּוילישע אידען, די גרעסטע לאַנדסמאַנשאַפט אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע, גיט אַרויס יאָהרביכער אונטער'ן אויבנדיגען נאָמען, אונטער דער רעדאַקציע פון איהר עקזעקוטיוו דירעקטאָר ז. טיגעל. פון די ביכער דערוויסען מיר זיך, אַז די פעדעראַציע, וואָס איז אויף אַ באַשיידענעם אופן געגרינדעט געוואָרען אין ניו יאָרק מיט דרייסיק יאָהר צוריק, איז זיך אַזוי צעוואַקסען, אַז זי איז איצט פאַרשפּרייט איבער נייצען לענדער, די ניו יאָרקער פעדעראַציע איז, פאַרשטייט זיך, פאַרבליבען דער גרעסטער און וויכטיגסטער אָפּטייל פון אָט־דער באַוועגונג.

אין יאָהרבוך „פּוילישע אידען" פאַר 1938 גיט גרשם באַדער אַ גענוג אויספיהרליכע געשיכטע פון דער אַנטוויקלונג פון דער ניו יאָרקער פעדעראַציע. געוויינליך ווערען די נויטען און באַדערפענישען פון די איינצעלנע עמיגראַנטען וואָס שטאַמען פון פּוילען, באַזאָרגט פון זייערע אייגענע לאַנדסמאַנשאַפטען. די פעדעראַציע האָט אָבער געהאָט די אַמביציע צו קאָאָרדינירען זייער טעטיגקייט און אָנפיהרען זי אויף אַ גרויסען מאַסשטאַב. דאָס האָט זיך אויסגעדריקט הויפּטזעכליך אין פאַרזוכען צו גרינדען און בויען אַן אייגענעם האָספּיטאַל. דאָס האָט זיך נישט איינגעגעבען צוליב פּערזענליכע סכסוכים און פּאָליטיקאַנעריי. עס זיינען אָבער געווען אויך אַ סך וויכטיגערע אורזאַכען: די לאַגע פון די אידען אין פּוילען בעת און זינט דער מלחמה, די שרייענדיגע נויט, דער שטענדיגער פּאָגראָם, די פּאָלישע רדיפות. דאָס אַלץ האָט אָפּגעצויגען די ענערגיע פון דער פעדעראַציע צו כל'ערליי הילפס אַקציעס פאַר די אידען אין פּוילען. מ'האָט געדאַרפט מינטערען די פאַרשיידענע לאַנדסמאַנשאַפטען זיי זאָלען העלפען זייערע אייגענע שטעט און שטעטלעך מיט געלט, מ'האָט געדאַרפט העלפען ביים איבערשיקען „פּעקלאַך", מ'האָט געדאַרפט שיקען שיך צו אַ באָרוועסער באַפעלקערונג, א. אַז. וו. נאָך וויכטיגער איז געווען דאָס אָרגאַניזירען פּראָטעסטען געגען די שטענדיגע פּאָגראָמען און געגען אונטערדריקערישער געזעצגעבונג, דאָס אינטערווענירען ביים פּוילישען קאָנסול און אַמבאַ-

סאַדאָר. דאָס אַלץ האָט געבראַכט דערצו, אַז די טעטיגקייט פון דער פעדעראַציע איז געווען אָנגעשטעלט הויפטזעכליך אויף איירּאָפּע און ניט אויף אַמעריקע אָדער אויף ניו יאָרק.

פונדעסטוועגען קאָן מען ניט אַוועקמאַכען מיט דער האַנט געוויסע אויפטואונגען פון דער פּוילישער פעדעראַציע אויף פאַר דער אידישער באַפעלקערונג דאָ אין ניו יאָרק. דער פאַקט אַליין פון דער עקזיסטענץ פון אַזאַ גרויסער אָרגאַניזאַציע, איהרע ענערגישע אַרויסטרעטונגען אויפ'ן פּאָליטישן געביט אינערליך (אין צוזאַמענהאַנג מיט'ן אידישען וועלט־קאָנגרעס) און אויסערליך, איבט אויס אַ געוויסע עלעקטריזירנדיגע ווירקונג אויף דער אידיש־פּוילישער באַפעלקערונג פון אַמעריקע, און אפילו אויף אידען וואָס קומען פון אַנדערע לענדער פון מזרח־איירּאָפּע. כאָטש עס האָט זיך ניט איינגעגעבען צו שאַפען אַן אייגענעם האָספּיטאַל, גיט פונדעסטוועגען די פעדעראַציע מעדיצינישע הילף דורך איהר „מעדיקעל דיסטריקט" און אַן אָפּטיילונג פון דאָקטוירים ספּעציאַליסטען, וואָס ווערט געפיהרט פולשטענדיג אָן פּראָפיטען און בלויז לטובת די ברענטשעס פון דער פעדעראַציע. עס עקזיסטירט אויך אַ קולטור־סעקציע וואָס אַראַנזשירט לעקציעס, איז טעטיג אין פאַרשפּרייטען דאָס אידישע בוך און קלייבט זיך אַפילו אַליין אַרויסצוגעבען ווערק וועגען אידען אין פּוילען.

:: ::

דאָס נייסטע יאָהרבוך איז באַזונדער רייך אין אינהאַלט, ווייל עס איז אַ יובילײ־אויסגאַבע, אַרויסגעגעבען ווי עס זאָגט זיך אויפ'ן שער־בלאַט, „לכבוד דעם דרייסיג יאָהריגען יובילעאום פון דער פעדעראַציע פון פּוילישע אידען אין אַמעריקע". עס אַנטהאַלט דעריבער, אַחוץ דעם געוויינליכען שטאָף וואָס גייט אַריין אין די יאָהרביכער, אויך ספּעציעלע יובילײ־מאַטעריאַלען. דער וויכטיגסטער פון זיי איז דער דערמאָנטער אַרטיקעל פון גרשום באַדער, וועלכער הייסט „דרייסיק יאָהר פעדעראַציע פון פּוילישע אידען אין אַמעריקע". ווייטער איז דאָ אַ לייט־אַרטיקעל „דרייסיק יאָהר" פון ז. טיגעל, עקזעקוטיוו־דירעקטאָר פון דער פעדעראַציע, אַ באַגריסונג פון דעם פּויליש־אידישען פאַרבאַנד פון אַרגענטינע צו דעם 30 יאָהריגען יובילײ פון דער אַמעריקאַנער פעדעראַציע, א. א. וו.

דער וואָגיגסטער אַרטיקעל אין דעם בוך איז די אַרבייט פון דר. הערמאַן פראַנק, וואָס הייסט „קאָנסטרוקטיווע הילף פאַר דעם אידישען מיטלשטאַנד אין פּוילען". ער ווייזט אָן, אַז אין משך פון בלויז פינף חדשים פון דעם יאָהר 1937, איז דער אָנטייל פון אידען אין קליינהאַנדעל פון דעם ביאַליסטאָקער ראַיאָן געפאַלען אויף כמעט 23%! דער זעלביגער פּראָצעס גייט אָן איבער גאַנץ פּוילען, כאָטש ניט אומעטום אין אַזאַ שאַרפער, קאַטאַסטראָפאַלער פאָרם.

די אויסגאַבע אַנטהאַלט אויך אַ וויכטיגע אַרבייט וועגען דער פאָרשונג פון דער געשיכטע פון די אידען אין פּוילען, געשריבען פון דר. ה. וואָלפסאָן; דעם יעהרליכען באַריכט פון דער פעדעראַציע פון די פּוילישע אידען אין אַמעריקע; אַן אַרטיקעל וועגען דער צווייטער וועלט־קאָנפערענץ פון די פּוילישע אידען, אָפּגעהאַלטען דאָס יאָהר אין אַנטווערפּען, געשריבען פון ב. וויינשטאָק פון אַרגענטינע; אַרטיקלען וועגען די פּוילישע אידען אין אַרגענטינע (פון י. האָרן), אין קאַנאַדע (פון מ. גינזבורג), וועגען דעם 10 יאָהריגען יובילײ פון פּויליש־אידישען פאַרבאַנד אין אורוגוואַי, א. אַ. וו.

ל. ש.

---

די „ביאַליסטאָקער שטימע" און אַנדערע ביאַליסטאָקער אויסגאַבען.

די ביאַליסטאָקער קענען דינען אַלס מוסטער פאַר אַנדערע אָרגאַניזאַציעס מיט זייערע ליטעראַרישע אויסגאַבען. זינט 1921 גיבען די ביאַליסטאָקער אַרויס אַ מאָנאַטליכען זשורנאַל: „די ביאַליסטאָקער שטימע", וואָס שפּיגעלט אָפּ, לויט די ווערטער פון זיין רעדאַקטאָר, דעם פּאָפּולערען כלל טוער דוד סאָהן, „דאָס לעבען און שאַפען פון אונזערע ברידער פון אַלע טיילען וועלט". אין דער „שטימע" איז פאַרעפענטליכט געוואָרען אַ סך מאַטעריאַל צו דער קולטור־געשיכטע פון דער אידישער ביאַליסטאָק, אויך אַ סך אינטערעסאַנטע ביאָגראַפיעס פון אַ גאַנצער ריי באַריהמטע ביאַליסטאָקער, ווי פּראָפ. זאַבלודאָווסקי, דר. זאַמענהאָף, פּראָפ. לעאָ ווינער, ראָזאַ ראַאיסאַ, און אַנדערע. אין דער „ביאַליסטאָקער שטימע" דרוקען זיך אָפּשאַצונגען פון אַ סך היגע ביאַליסטאָקער טוער און עס ווערט אָפּגעגעבען אַ סך פּלאַץ פאַר די פאַרשיידענע טעטיגקייטען פון די היגע ביאַליסטאָקער סאָסייעטיס. עס ווערען דאָרט אויך געדרוקט וויכטיגע פאָרשונגען וועגען דער ביאַליסטאָקער אינדוסטריע, געשיכטליכע אַרטיקלען וועגען ביאַליסטאָק און אַ גאַנצע רייע אַנדערע וויכטיגע מאַטעריאַלען.

די ביאַליסטאָקער זיינען פאַראינטערעסירט די וועלט זאָל וויסען וועגען זייערע באַריהמטע זין. ד. סאָהן האָט אַן אינטערעסאַנטען אַרטיקעל: „אונזערע ביאַליסטאָקער אין דעם אויפבוי פון דער נייער רוסלאַנד", וואו ער גיט אָן די נעמען פון באַרימט געוואָרענע ביאַליסטאָקער וואָס האָבען אונטער'ן סאָוועטען־רעזשים געפונען די געלעגענהייט צו אַנטוויקלען זייערע טאַלאַנטען. ווען זייער ביאַליסטאָקער לאַנדסמאַן, ליטווינאָוו, איז געקומען קיין אַמעריקע אין 1933, האָבען פאָרשטייער פון ביאַליסטאָקער צענטער געהאַט מיט איהם אַ האַרציגען שמועס וועגען היימישע ענינים, אַזוי דערצעהלט אונז ד. סאָהן אין באַריכט פון די ביאַליסטאָקער טעטיגקייטען אין אַמעריקע.

אין דער „ביאַליסטאָקער שטימע" שפּיגעלט זיך אָפּ, ווי שוין דערמאָנט, דאָס לעבען פון די ביאַליסטאָקער לאַנדסמאַנשאַפטען. מיר זעהען די אָנשטרענגונגען, וואָס ווערען געמאַכט צוערשט אויסצובויען דעם ביאַליסטאָקער צענטער;

דערנאָך אים אויפצוהאַלטען; מיר זעהען די טעטיגקייטען פון די נייע פליסיגע אַרבייטענדיגע „לעידיס אַקזילעריס", מיר לערנען דאָרט פון דער גרויסער הילפס אַקציע וואָס איז דורכגעפיהרט געוואָרען פאַר רעליף, וועגען די שליחים, וועלכע זיי האָבען געשיקט מיט געלדער קיין ביאַליסטאָק, וואָס האָבען ממש אָפּגעראַטעוועט די שטאָט פון הונגער. די ביאַליסטאָקער טראַכטען אויך פאַר דער צוקונפט. זיי ווילען צוציען דעם יונגען דור. זיי האָבען פאַר דעם צוועק געגרינדעט אַ „יאַנג פאָלקס ליג". אָבער די טעטיגקייט פון דער ליג איז זעהר אַ שוואַכע און ווייזט ניט אַרויס קיין גרויסען דערפאָלג. די ביאַליסטאָקער האָבען דאָ אָנגעטראָפען די זעלבע שוועריגקייטען, וואָס אַלע לאַנדסמאַנשאַפטען האָבען אין צוציען דעם יונגען אַמעריקאַנעם דור.

לאָמיר אַ קוק טאָן אויף אַנדערע ביאַליסטאָקער אויסגאַבען, אַרויסגעגעבען איבער פאַרשידענע געלעגענהייטען. אָט איז אַ שיין אַרויסגעגעבענער דיקער זשורנאַל „ביאַליסטאָקער פריינט" — אַ ספּעציעלע אויסגאַבע צום 30 יאָהריגען יובילעאום פון ביאַליסטאָקער ראַיאָנער ברענטש 88 אַ. ר., 1905-1935, אַרויסגעגעבען מאַרטש 1935, און רעדאַקטירט פון מ. באַביטש. דער יום-טוב'דיגער נומער האָט אַ רייכען ליטעראַרישען אינהאַלט, אַרטיקלען פון אַזוינע באַקאַנטע שרייבער און פּערזענליכקייטען ווי ב. וולאַדעק, מ. באַסקין, ליליפּוט, י. קרעפּליאַק, נ. כאַנין, אַלטער עפּשטיין און נאָך און נאָך. דוד סאָהן האָט אַ באַלערענדען אַרטיקעל וועגען דער געשיכטע פון דעם ביאַליסטאָקער ברענטש 88 און זיינע אויפטואונגען. מאַני לייב האָט דאָרט אַ ליד וועגען גדאַלקען, אַ באַקאַנטען ביאַליסטאָקער רעוואָלוציאָנער און אינטערעסאַנטען כאַראַקטער.

אָט איז אַן אַנדער אויסגאַבע: „דער ביאַליסטאָקער פונדאַמענט", אַרויסגעגעבען לכבוד דעם 30 יאָהריגען יובילעאום פון די ביאַליסטאָקער „בריקלייערס פּראָגרעסיוו בענעוואָלענט אַסס'ן", אונטער דער רעדאַקציע פון דוד סאָהן. ווי עס זעהט אויס, האָט ביאַליסטאָק געהאַט אַ סך גוטע מוליאַרעס און דאָ אין אַמעריקע, האָבען זיי זיך אויך געהאַלטען צוזאַמען און אָרגאַניזירט. דוד סאָהן דערקלערט פאַרוואָס די מעהרסטע מוליאַרעס זיינען דאָ פאַרבליבען ביי זייער מלאכה, ניט ווי ס'איז דער שטייגער אין אַמעריקע, גענומען זיך צו אַלערליי אַנדערע מלאכות. ער דערקלערט עס מיט די בעסערע באַדינגונגען אין דער בוי-אינדוסטריע אין אַמעריקע, די הויכע שכירות, די ווינציקערע שטונדען און דער שטאַרקער יוניאָן. איין אינטערעסאַנטער אַרטיקעל מיט'ן נאָמען „די געשיכטע פון יציאת מצרים ביי די בריקלייערס" איז איבערגעדרוקט אין דעם בוך.

אויך איז ווערט צו דערמאָנען אַ שעהנע אויסגאַבע פון „ביאַליסטאָקער לעבען", אַ ספּעציעלע אויסגאַבע צום 40 יעהריגען יובילעי פון „ביאַליסטאָקער ביקור חולים פון ברוקלין".

ע. פ.

יובילעי-בוך פון „מיכל טענצער פעמילי סוירקל" — אין ענגליש.

דאָס יובילעי-בוך פון מיכל טענצער פאַמיליע-קרייז, איז אַרויסגעגעבען געוואָרען צו דעם 10 יאָריגען יובילעי (1927-1937) און איז אַ דיק בוך פון 205 זייטען, געשריבען אין ענגליש. דאָס בוך איז, ווי ס'ווערט געזאָגט אויפ'ן שערבלאַט: „אַ רעקאָרד פון די אַקטיוויטעטען און דערגרייכונגען פון דעם מיכל טענצער פאַמיליע-קרייז און נעמט-אַריין אַרטיקלען וועגען דער אידישער פאַמיליע, פון פּראָמינענטע רבנים און וויסנשאַפטסלייט". דאָס בוך איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען און רעדאַקטירט פון סאָלאָמאָן קערסטען. עס האָט אַלס מאָטאָ: „תנו עיניכם במשפחה". (תענית ל"א). דער אַריינפיהר צום בוך, געשריבען פון רעדאַקטאָר, דערצעהלט אונז, אַז דער מיכל טענצער פאַמיליע-קרייז איז איינער פון די ערשטע פאַמיליע-קרייזען און איז געגרינדעט געוואָרען אין 1927 פון „קינדער פון מזרח-אייראָפּייאישע אידישע פאַמיליעס" און איז כסדר געוואַקסען און האַלט אין איין אַנטוויקלען זיך.

אין בוך געהען אַריין עטליכע וויכטיגע אַרטיקלען פון רבנים און כלל-טוער. דער ערשטער אַרטיקעל איז פון שלמה קערסטען: „וועגען דער ראָליע פון דער משפחה אין אידישען לעבען". ער ברענגט אַ סך פּסוקים פון דער תורה און מדרש צו באַווייזען די גרויסע חשיבות, אין וועלכער ס'איז געהאַלטען געוואָרען די משפחה ביי אידען.

אַרטור ל. פּיאַן דערצעהלט אין אַן אַרטיקעל וועגען דער אַנטשטעהונג פון „דזשוניאָר ליג", אַז דער פּלאַן פון גרינדען די יוגענטליכע אָרגאַניזאַציע איז געבוירען געוואָרען די צווייטע סדר-נאַכט ביי די טענצערס אין הויז ווען די גאַנצע משפחה איז געווען פאַרזאַמעלט ביים סדר. די יונגע אָרגאַניזאַציע האַלט אין וואַקסען און האָט שוין היינט 44 מיטגלידער. אַ חוץ דיסקוסיע-אָווענטען אָרגאַנזשירען די מיטגלידער פאַרשידענע אונטערנעמונגען, אויספלוגען און באַטייליגען זיך שטאַרק אין ספּאָרט-אַקטיוויטעטען. צווישען אינגערען און עלטערען דור ווערען געשאַפען ענגערע פאַרבינדונגען און די יונגע מענטשען קריגען שוין פריה אַ מעגלאַכקייט צו באַטייליגען זיך אין געזעלשאַפטליכען לעבען.

אין צווייטען טייל פון בוך ווערט אָנגעגעבען די געשיכטע און אַנטוויקלונג פון דער אָרגאַניזאַציע. פּראָטאָקאָלען פון פאַרשידענע מיטינגען, רעפּאָרטען פון דער טעטיגקייט פון קרייז, די געשיכטע פון „דזשוניאָר ליג". עס ווערט אָנגעגעבען די קאָנסטיטוציע פון דער אָרגאַניזאַציע, נעקראָלאָגען פון פאַרשידענע פאַרשטאָרבענע מיטגלידער און פאַרשידענע נייעס, וואָס האָט אַ שייכות מיט דער צעהןיאָהריגער עקזיסטענץ פון דעם מיכל טענצער פעמילי-סוירקעל.

ע. פ.

נ. ברוך

# די סואַווענירזשורנאַלען

„און דאַן איז די צייט אַזוי שנעל אַוועקגעלאָפֿען;
אַזוי שנעל, דאָס קיינער קיין מענטש אָף דער וועלט
קאָן זי ניט נאָכיאָגען. די צייט איז געפלויגען
פיל שנעלער ווי דער פייל פון בויגען . . .״

— פון אַ סואַווענירזשורנאַל

## 1

עס איז אַ וואויל־באַקאַנטע זאַך, אַז די אַמעריקאַנער אידישע לאַנדסמאַנשאַפטען, סאָסייעטיס, „אנשי׳ס״ א. א. וו. גיבען אַרויס ביי פאַרשידענע געלעגענהייטען זשורנאַלען אין אַלערליי אויסגאַבען, הויפּטזעכלאַך יובילעי־זשורנאַלען, ווען די באַטרעפענדיגע לאַנדסמאַנשאַפט פייערט אַ געוויסע דאַטע, קיילעכדיגע אָדער ניט־קיילעכדיגע, פון איהר עקזיסטענץ. אָט די דאָזיגע אויסגאַבעס שטעלען מיט זיך פאָר אַ גאַנץ היפשע, אין גאָר פילע פרטים שטאַרק באַלערענדיגע ליטעראַטור. ליידער ווערען אָבער אָט די דאָזיגע אויסגאַבעס זעלטען־וואו פאַרנאָטירט. זיי ווערען, נאַטירלאַך, פאַרשפרייט אויסשליסלאַך צווישען דער מיטגלידערשאַפט פון דעם געגעבענעם פאַראיין, און זיינען דעריבער ניט־באַקאַנט און אומצוטריטליך דעם געוויינליכען פאַראינטערעסירטען לעזער. דאָס רוב פאַרשווינדען סוף־כל־סוף די דאָזיגע אויסגאַבעס אינגאַנצען, און ווערען פשוט ביבליאָגראַפישע זעלטענקייטען.

דאָס איז באַשטימט אַ שאָד. די דאָזיגע אויסגאַבעס, ווי געזאָגט, שטעלען מיט זיך פאָר אַ גאַנץ באַלערענדיגען מאַטעריאַל, סיי סאָציאָלאָגיש און סיי היסטאָריאָגראַפיש. זיי גיבען אונז אַ בילד סיי פון אַ באַשטימטען טיפּ אַמעריקאַנער אידישער געזעלשאַפטלעכקייט, און סיי בילדלאַך פון דעם פאַרשווינדענדיגען לעבען אָדער שוין־פאַרשוואונדענעם עבר פון אידישע שטעטלאַך אין דער אַלטער היים.

ניט אַלע אַזעלכע געדיינק־זשורנאַלען זיינען פונ׳ם זעלביגען ווערט. דאָ ווילען מיר זיך אינגאַנצען ניט אָפּשטעלען, פאַרשטייט זיך, אויף די גרויסע וויכטיגע היסטאָריאָגראַפיעס און פנקסים, ווי אַ שטייגער, „פנקס ווילנע״, פנקס „פעלטשין״, א. א. וו. גרינטלאַכע טאָמען און בענדער, וואָס זיינען באַשטימט צו פאַרנעמען אַן אָנגעזעהען אָרט אין אידישע ביבליאָטעקען. אונזער איבערבליק האָט צו טאָן אויסשליסלאַך מיט סואַווניר־זשורנאַלען, קלענערע אויסגאַבעס, געלעגענהייטלעכע אַלבאָמען און העפטען, וואָס זיינען אַרויסגעגעבען געוואָרען — הויפּטזעכלאַך פון די אַלערליי „אנשי״־סאָסייעטיס. אין אָט די לעצטע פאַרנעמט שוין דער עבר ניט אַזאַ גרויסען אָרט; זיי זיינען מעהר אינטערעסאַנט ווי דאָקומענטען פונ׳ם אַמעריקאַנישען „איצט״.

## 2

אויפ׳ן סמך פון די העכער פערציג אויסגאַבעס, מיט וועלכע דעם שרייבער פון די שורות איז אויסגעקומען זיך צו באַקאָנען, באַקומט זיך אַזאַ בילד פון דעם כאַראַקטער און אינהאַלט פון אַ דורכשניטלאַכען סואַווענירזשורנאַל.

1) באַגריסונגען און „קאָנגראַטולאַציאָנען״ — מיט און אָהן ספּעציעלע טעקסטען (ד. ה. בלויז די נעמען פון די באַגריסער), מיט און אָהן באַגלייטענדיגע פאָטאָגראַפישע בילדער. די באַגריסונגען זיינען אין פּראָזע אָבער אָפטמאָל אויך אין גראַמען.

2) אַנאָנסען — זיי פאַרנעהמען אומעטום אַן אָנגעזעהענעם אָרט, אין אייניקע פאַלען אפילו דעם אָנגעזעהענסטען . . . ווייל צוזאַמען מיט פונקט 1., שטעלען זיי מיט זיך פאָר דעם הויפּט הכנסה־קוואַל, פון וועלכען די דרוק־הוצאות פון אָט די סואַווענירזשורנאַלען ווערען געדעקט.

3) אינפאָרמאַטיווער מאַטעריאַל וועגען די באַטרעפענדיגע אָרגאַניזאַציעס; זייער אַנטשטייאונג און די סיבות, וואָס האָבען געפיהרט דערצו; אַנטוויקלונג, טעטיקייטען, אַלגעמיינע געשיכטע. דאָס איז אפשר דער ווערטפולסטער טייל פון אַ סואַווענירזשורנאַל פונ׳ם סאָציאָלאָגישען שטאַנדפונקט. (זע, אַ שטייגער, די אויספירלעכע באַריכטען אין דעם סואַווענירזשורנאַל פון דער „פּאָליש קאָסאָווער סאָס.״, „קיעווער אינדעפּענדענט בענעוואָלענט״, א. א. וו.)

4) בילדער און באַשרייבונגען פון היים־ערטער: ירידים, מערק, וועלדלאַך, לאַנדשאַפטען. זיי זיינען אָפּט רירענדיג־„פּאָעטיש״, דורכגעדרונגען מיט פרימיטיווען היים־ווייִ. (די זשורנאַלען פון די „קאָסעווער״, „ביסקער״, „שידלאָוויצער״, א. א. וו.)

5) קליינע פעליעטאָנען מיט אַ גרינגען־לאָקאַלען, „סאָסייעטי״־אינהאַלט.

6) כרוזים, אַנאַקראָסטיכען וועגען אָנגעזעהענע טיפּען און רעדעלפירער פון דער אָרגאַניזאַציע.

7) עראינערונגען פון די היימישע שטעט און שטעטלאַך, אַזעלכע, וואָס שטעלען מיט זיך פאָר ניט נאָר בילדער פון באַליבטע לאַנדסשאַפטען, נאָר גיבען אויך אַ באַלערענדיגען קולטור־געשיכטלעכען איבערבליק וועגען דער גייסטיגער עוואָלוציע פון דעם שטעטעל — פון אַ מיטעלאַלטערלעכען ביז אַ היינטוועלטיגען. (זע די „מינסקער״, „קאָסאָווער״, א. אַ.)

8) לידער און פּאָעמען — פון אייגענער אינדוסטריע . . . ווייזט אויס, אַז כאָטש אין דער ברייטער וועלט איז פּאָעזיע

איצט אַ „נחות דרגא״, איז עס נאָך פונדעסטוועגן אַ גאַנץ בכבוד׳ער אַרטיקעל אין די סואווענירזשורנאַלען, וואו מען יחוס׳ט זיך מיט די אייגענע פּאָעטישע אויפטוען (וועגען זייער ליטעראַרישען ווערט לוינט זיך ניט צו ריידען) גאָר שטאַרק: דער שרייבער פון דעם ליד איז „אינזער סעקרעטאַר׳ס זוהן״, און פון יענעם ליד — „אונזער סעקרעטאַר׳ס טאָכטער״. אויף איינעם אַ שיר טיטולירט זיך דער מחבר „טשערמאַן״ ניורענבערג . . . (ס׳הייסט — ניט גלאַט אַבי־דאַרטען אַ פּאָעט!)

9) פּובליציסטיק — געוועהנלאך — היימיש-געבאַקענע חקירות און רעיונות. (זע „ערשטע אַבערטינער״), אָט איז אַ מוסטער פונ׳ם סטיל פון אַזעלכער „פּובליציסטיק״: „דער ציקלאָן פונ׳ם קריזיס האָט אויף אונזערע טיר־און־פענסטער געטרייסעלט״. עס טרעפען זיך אָבער אַרטיקלען זעהר כאַראַקטעריסטישע און אינטערעסאַנטע. אַ שטייגער, אינ׳ם זשורנאַל, וואָס איז אַרויסגעגעבען געוואָרען צום 15־יעריגען יובילעי פון דער יורעוויטשער בענעוואָלענט אַסאָסיאיישאָן, די אַרטיקלען פון ה. גאַרעליק און דזשייקאָב קעטץ קאָנען דינען ווי מוסטערען פון ווערטפולער, גוט־אינפאָרמירענדיגער לאָקאַלער פּובליציסטיק.

10) קיבעצערייען — היימישע, אין פּראָזע און אין גראַמען. זיי זיינען אָפט גרופּירט אונטער באַזונדערע רובריקעס: „קיבעצעס און בוכטשעס״, „קיצלאך און שפּריצלאך״, „אַ גלעט און אַ שטאָך״ . . . נאַטירלאך, זיינען זיי פון אינטערעס אויסשליסלאך פאַר דער אייגענער מיטגלידערשאַפט.

11) אַנעקדאָטען, פאָלקס־הומאָר, אַפאָריזמען — (זע די „קאַרטוז־בערעזער יאָנג מענ׳ס״, א. א. וו.).

12) פּאַראָדיעס אויף וואויל־באַקאַנטע לידער — אַ שטייגער, אויף, „הוליעט, הוליעט . . .״ („שאַטער פּראַגרעסיוו״(, אָדער „מאַי קאָ משמע לן״, (זשורנאַל פון די „סלוצקער״).

13) אידיש־ענגלישע קאַלענדאַרען — לוחות — ימים־טובים אידישע און בירגערלעכע.

14) טעסטימאָניאַלס פאַר אָרגאַניזאַציאָנס־פּאַרדינסטען.

15) נעקראָלאָגען און „אין מעמאָריאַמס״ — געשטאָרבענע מיטגלידער פאַר׳ן פעריאָד, וואָס ווערט געדעקט פונ׳ם זשורנאַל.

16) פינאַנץ־באַריכטען — אַסעטס און לייעביליטיס פאַר אַ באַשטימטען פעריאָד. (ז. „ראָמאַנער״); איינגאַהמען און אויסגאַבען, אַלגעמיינער פאַרמעגען, באַנק־דעפּאָזיטען, (ז. „קרעמענטשוגער״). מאַנכע פון אָט די פינאַנץ־באַריכטען זיינען פון העכסטער וויכטיגקייט מיט דעם, וואָס זיי גיבען אונז אַ בילד פון דער עקאָנאָמישער סטרוקטור פון אַ לאַנדסמאַנשאַפט־פּאַראיין פאַר אַ היבשען צייט־אָפּשניט: 10 יאָהר („קרעמענטשוגער״); 20 יאָהר („ערשטע ראַדאָמער קאָנגרעגעישאָן״); און אפילו גאַנצע 35 יאָהר („וויסאָקאָ־ליטאָווסקער ברודערליכער אונטערשטיצונגס־פאַראיין״).

17) סטאַטיסטישע טאַבעלען — („ערשטע יעזערזשאַנער סיק בענעוואָלענט אַסאָסיאיישאָן״); אָדער פינאַנץ־טאַבעלען אויף באַזונדער־ אריינגעקלעפּטע זיך־צונויפלייגענדיגע בויגענס. („ערשטער לוצקער אונטערשטיצונגס־פאַראיין״).

18) ליסטען פון באַאַמטע — אַמאָליגע און איצטיגע.

19) ליסטען פון גרינדער און בויער פון אַ פאַראיין — ווי אויך באַזונדערע אַרטיקלען וועגען זיי. (ז. „די זאַשקאָווער נייע וועלט״).

20) אַלגעמיינע מיטגלידער־ליסטען — אין אייניגע פאַלען ווערען זיי אָנגעגעבען פאַר׳ן פאַרלויף פון דער גאַנצער עקזיסטענץ פון אַן אָרגאַניזאַציע, — 10, 20 יאָהר — צוזאַמען מיט דער דאַטע, ווען די מיטגלידער האָבען זיך אָנגעשלאָסען.

21) עהרען־ליסטען פון מיטגלידער — „שלאַגלער״.

22) פאָטאָגראַפיעס פון באַאַמטע.

23) גרופּען־פאָטאָגראַפיעס — אַמאָל קען מען דערקאָנען, פון אַזעלכע פאָטאָגראַפיעס, אורטיילענדיג לויט די מלבושים, מיט אָדער אָהן היטלען אויף די קעפּ, א. א. וו. אויף דעם רעליגיעזען כאַראַקטער אָדער עלטער פון דער מיטגלידערשאַפט פון דער געגעבענער אָרגאַניזאַציע.

24) פאָטאָגראַפיעס פון אַנשטאַלטען — וואָס ווערען אויסגעהאַלטען דאָ אָדער אין דער אַלטער היים.

25) פאָטאָגראַפיעס פון קינדער — און לערער־גרופּען פון אידישע פאָלקס־שולען אין דער אַלטער היים, וואָס ווערען אויסגעהאַלטען פון אַן אָרגאַניזאַציע.

26) פאָטאָגראַפיעס פון אַמאָליגע יוגענטליכע רעוואָלוציאָנער גרופּעס. (די „אַמדורער״).

27) קאַרטונס און „קאָמיק־סטריפּס״.

28) טאַנץ־פּראָגראַמען — (אויב ביי דער פייערונג איז אַ באַל).

29) מעניוס פון די באַנקעט־מאָהלצייטען — פון אָט די מעניוס אַליין קאָן מען זיך אויך אָפטמאָהל אויסמאָלען אַ בילד פון דעם כאַראַקטער פון דער אָדער יענער לאַנדסמאַנשאַפט. מיר׳ן נעהמען אַ שטייגער, די „קאַרטוז־בערעזער״. עס זיינען דאָ צוויי קאַרטוז־בערעזער פאַראיינען — די „ק. ב. בענעוואָלענט אַסאָסיאיישאָן״ און די „ק. ב. יאָנג מענ׳ס בענעוואָלענט אַסאָסיאיישאָן״. ביידע האָבען אָפּגעהאַלטען זייערע באַנקעטען אין איין און דעם זעלבען בראָדוויי סענטראַל האָטעל. אינ׳ם זשורנאַל פון די ערשטע — דער עלטערער דור — לייענט זיך די באַנקעט־פּראָגראַם אַזוי:

א. מאַרשירען מיט מוזיק — פון פּראָפעסאָר רודאָלף טילקין.

ב. „שלחן ערוך״ ע״י הממונה ב״ה נאָמן, מרל מעדני מלך, פּאַריש, געזונט און באַ׳טעמ׳ט.

ג. „והשתיה כדת, צו טרינקען מיט איין מאָס, וועט ניט זיי קיין פּאַרדראָס.

ד. „אין אונס, קיינער צווינגט ניט, עסט וויפיל איהר קענט, און וואַרט ביזן ענד.

ה. „כי כן יסד, אזוי איז דער באַשלוס פון פעראיין, אין מיטען ניט אָוועקצוגיין.

ו. „ותמאַ, ווען איהר ווילט ניט, האָט אייך איין גוט יאָהר, צוזאַמען מיט אייער פּאַר".

די „רעדעס מכל המינים" זיינען דאָ „אייגענע קרעפּטע" און דער טאָסטמייסטער איז „איש פשוט מעיר מולדתנו בע־רעזע". דערפאַר אָבער, די זעלבע בערעזער, אינ׳ם זעלביגען באַנקעט־פּלאַץ, ווען זיי הייסען שוין „יאַנג מענס" (אפשר מיט אַ דור אינגער) איז שוין זייער מעניו אנגעגעבען אויף ענגליש (כאָטש דער זשורנאַל אַליין איז געדרוקט אויך הויפּטזעכטלאך אויף אידיש). און אַך, ווי די „יאַנג מענס" האָבען זיך נעבאך געמוזט ברעכען די ציין באַ די פראַנצוי־זישע נעמען פון די געריכטען . . . דער טראַדיציאָנאַלער באַנקעט־גרעיפּפרוכט געהט אונטער'ן קעפּל „באָן אַפּעטי", די געפילטע פיש אונטער „פּואַססאָן", דער לאָקשען־ און מאַנדעל־זופּ הייסט „בויאָן", דער רינדערנער לעקער געהט אונטער „אַנטרע", די קאַטשקע הייסט „ראָטי", און דאָס ביסעל קאַווע הייסט „קאַפע נואַר . . ."

30) צום סוף געפינט איהר אין די זשורנאַלען אפילו „רעדאַקציאָנאַלע נאָטיצען" און אַ „בריווקאַסטען" . . . אויב אַ זשורנאַל, טאָ זאָל זיין ווי באַ לייטען!

31) ראָמאַנען — און אויב ווי באַ לייטען, וואָלט נאָטיר־לאַך געדאַרפט זיין אַ ראָמאַן אויך. אָבער אַזוי ווי פאַר אַ ראָמאַן איז דאָך קיין פּלאַץ ניטאָ, געפינען מיר אין איין סאָוועניר־זשורנאַל (באַ די „זאַשקאָווער") כאָטש אַן אָנאָנס וועגען אַ ראָמאַן. („אין גיכען וועט אַרויס פון דרוק אַ ראָמאַן „די פאַרלוירענע ליבעס" פאַרפאַסט פון צאַלעק ווערלינסקי. דאָרט וועט געשילדערט דאָס שטעטעלע זאַשקאָוו פאַר די לעצטע 50 יאָהר, ביז די וועלט־מלחמה 1914, און אויך דאָס לעבען פון די זעלבע זאַשקאָווער מענטשען אין אַמע־ריקע. מאַכט אייערע באַשטעלונגען א. א. וו.").

הכלל, אויב אידען פאַרדינען אפשר ניט מעהר די לעצטע יאָהרען דעם טיטל פון אַן עם הספר, זיינען זיי אָבער דער־פאַר געוואָרען אַן „עם הסופרים" —ווייל שיר ניט יעדער איינציקער איד פילט אפּנים באַ זיך, אַז ס'איז בלויזער צו־פאַל, וואָס ער איז ניט אַליין געוואָרען קיין שרייבער — פשוט, ער האָט ניט געהאַט דעם „רואיגען קאָפּ" דערפאַר...

32) אידישע שריפטשטעלער — אייניקע סאָוועניר־זשורנאַלען באַשיינען אַמאָל זייער שמחה מיט די ווערק פון „דרויסענדיגע" אידישע שרייבער — מיט ווערק פון אברהם רייזען, א. ליעסין, מאָריס ראָזענפעלד, הלל ראָגאָף, י. אָפּאַ־טאָשו, י. קרעפּליאַק, דר. ה. פרענק, מאַני לייב, י סלאָנים... אין אַ פּאָר פאַלען לאַדט מען אַ שרייבער איין טאָקע ספּע־ציעל; אָבער דאָס רוב זיינען עס פשוט איבערגעדרוקטע ווערק — און געוויינליך, ווען דער באַטרעפענדיגער שריי־בער איז אַ לאַנדסמאַן פון דער „סאָסייעטי". מען טרעפט דעמאָלט אויך אַן — כאָטש זייער זעלטען — אַ קולטור־געשיכטלעכען און היסטאָריאָגראַפישען אַרטיקעל וועגען דער באַטרעפענדיגער אָרטשאַפט געשריבען פון אַן אויטאָריטע־טער פען (ז. אַ שטייגער י. ריוואָקינד'ס אַרטיקעל אינ'ם סואָ־וועניר־בוך פון די „אַמדורער").

צום סוף דאַרף, נאַטירלאַך, פאַרשטאַנען ווערען אַז ניט אַלע אויבענאויסגערעכענטע 32 „עלעמענטען" זיינען צו גע־פינען אין יעדען סאָוועניר־זשורנאַל. אַמאָל זיינען מעהר פאַרטראָטען די, אַמאָל יענע עלעמענטען. אַמאָל מערערע פון זיי, אַמאָל ווייניגער.

3

די שפּראַך פון די סאָוועניר־זשורנאַלען איז געמישט: אידיש און ענגליש. אַמאָל מעהר די ערשטע, און אַמאָל מעהר די צווייטע. כאָטש אין דורכשניט ווערט אידיש מעהר באַנוצט ווי די שפּראַך פון די זשורנאַלען.

צווישען די איבער 40 זשורנאַל־נומערען, וועלכע מיר איז אויסגעקומען צו באַטראַכטען, האָב איך מיך אָנגעשטויסען בלויז אויף איינעם, וואו דער גאַנצער מאַטעריאַל איז געווען בלויז אין ענגליש, אָהן אַן איינציג אידיש וואָרט . . . און דאָס זיינען גראַד ניט געווען די האַלב־אַסימילירטע לאַנדסמאַנשאַפטען פון דרום־רוסלאַנד — קרעמענטשוגער, קיעווער, קאַטערינאָסלאַווער, אָדעסער — נאָר דוקא די „אינדעפּענדענט קוטנער יאַנג מענס בענעוואָלענט אסס'ן," איך יו פּליעז . . . אַרויסגעגעבען געוואָרען איז דאָס ביכעל צום זילבער־יובעלעי פון דער אָרגאַניזאַציע. ס'איז געבונדען ביכעל־מעסיג, אין האַרטליכע טאָוולען — לצמיתות, הייסט עס — און ווי באַלד אַז „לצמיתות", דאַרף עס מסתמא זיין אויף ענגליש . . .

מען טרעפט אַמאָל אויך אַ העברייאישען אַרטיקעל („די זאַשקאָווער נייע וועלט"), אָבער דאָס איז ניט מעהר ווי אַ קוריאָז, ווייל די שרייבערין פונ'ם דאָזיגען קליינעם אַרטיקעל איז גראַד אַן אַמעריקאַנער־געבאָרענע, און די רעדאַקציע פונ'ם סאָוועניר־זשורנאַל האָט געוואָלט שטאַלצירען, וואָס זי פאַרמאָגט „אַזאַ בלום אין אונזער זאַשקאָווער גאָרטען..."

וועגען דעם „אייגליש" פון אַ צאָהל פון אָט די זשורנאַלען לאָזט זיך עפּעס זאָגען . . . ס'איז אָפט דער טיפּישער „איסט־סיידער" ענגליש. ס'איז אָבער ניט אונזער עובדא דאָ צו לערנען עמיצען ענגליש־שרייבען. דערפאַר איז שוין יאָ אינטערעסאַנט צו ברייגען עטלעכע מוסטערן, וואָס וועלען אילוסטרירען דעם כאַראַקטער פונ'ם „אידיש" וואָס ווערט באַנוצט אין אָט די אויסגאַבעס.

„צום 10טען שטיפטונגס־פעסט פון אונזער האָכגעשעצטען פאַראיין שפּרעכען מיר אויס אַ הערצליכען ווילקאָממ צו אונזערע ליעבע ברידער מיט זייערע פאַמיליעס, פיר וועלכע דער פאַראיין האָט דיעזען פעסט פאַרבערייטערט."

די ציטאַטע איז ניט פון אַ זשורנאַל פון אַ קורלאַנדער, אָדער אַנאַנדער לאַנדסמאַנשאַפט פון אַ באַלטישער געגענט, נאָר גראַד פון אַ רוסיפיצירטער אוקראַאינער שטאָט . . . פונ'ם זעלביגען ביכעל ציטירען מיר ווייטער:

„געניסענדיק פערגעניגען פון אונזער 10 יאָהרעם פעסט, איז ראַטזאַם מיט ברידערליכער ערינערונג צו דערמאַנען

אונזער פאַרשטאָרבענעם . . . וועלכער האָט פיעל געלייסטעט זיין לעבענס צייט אַרבייטענדיק מיט אונז צוזאַמען פיר אונזער פאַראיין און וועלכען די געטליכע נאַטור האָט דען 5טן . . . דיעזען 1914 יאָהר אויף עוויג פון אונז צוגענומען . . . מיר קענען ניעמאָלס פאַרגעסען זיין גוטע, ניצליכע אַרבייט פירן פאַראיינס וואָהלזיין.״

דאָ איז אַ מוסטער פון אויסלייגעכץ און סטיל. דאָס פאָלגענדיגע — ציטירט שוין פון אַן אַנדער זשורנאַל — ווערט געבראַכט ווי אַ מוסטער פון אידיש־סינטאַקסיס:

„מיט פרייד און פאַרגעניגען אַלס לאַנג יאָריקער אַקטיווער מעמבער פון אונזער . . . חברה, האָב איך גרויס פאַרגעניגען אייך אַלעמען צו גראַטולירען צו אונזער אַלעמענס גרויסען יום־טוב, וואָס מיר גייען האָבען לכבוד אונזער גאָלדענעם יאָר־פעסט, וואָס עס ווערט 50 יאָר זייט אונזער חברה עקסיסטירט. אונזער חברה . . . איז געגרינדעט געוואָרען אין יאָר 1887 פון אַ קליינע צאָל לאַנדסלייט, וואָס זיינען געקומען אַהער פון דער אַלטער היים, וועלכע פון די גרינדער מיר האָבען פערזענליך געקענט, איז זייער איבערגעגעבענהייט צו דער חברה געוועזן איבער־נאַטירליך״, א. א. וו.

אַזוי שרייבט מען נאָך אידיש אין אננאָ דאָמיני 1938!

און אָט איז אַ מוסטער פון אַ „סאָסייעטי״־פּראָטאָקאָל, געשריבען אין 1923 (אָבגעדרוקט מסתמא מיט אויסבעסערונגען, אין אַ סאָוועניר־זשורנאַל פון 1936):

„דער מיטינג האָט זיך געעפענט פון דער . . . ליידיס אָקזילערי אונטער דער זיצונג פון דער ערשטער קאָמיטע (אויסגערעכענט נעמען), 8 אַזייגער, באַ שוועסטער (נאָמען און אַדרעס). מען איז באַלד איבערגעגאַן צו עלעקשאָן פיר אָפיסערס, עס איז עלעקטעד געוואָרען הערן פּרעזידענטקע . . . פּרעזידענטין . . . וויס־פּרעזידענטין . . . טרעזשורין . . . טראָסטיעס . . . און פינאַנס־סעקרעטאַר גיט אַ פּרעזענט ברודער ש. אויף 3 מאָנאַטען. מע איז איבערגעגאַן צום וואָהל און בעסטען, עס איז באַשטימט צו מיטען 2 מאָל אַ מאָנאַט אום שבת אָוענט. אויך איז באַשטימט אַז עס זאָל קאָסטען 1 דאָלאַר אַ קוואַרטאַל און באַם ערשטען מיטינג האָט זיך אָנגעשלאָסען 17 שוועסטער און זונטאָג באַם ברודערס מיטינג האָט זיך אָנגעשלאָסען 24 שוועסטער, צוזאַמען 41 שוועסטער. אויך איז געווען אַ פאָרשלאַג פון שוועסטער א. צ. מע זאָל אַריין נעמען ניט קיין ז. (לאַנדסלייט), איז פערשיבט געוואָרען אויפ׳ן נעקסטען מיטינג. דער מיטינג האָט זיך געשלאָסען אין פרידען.״

ווי אַ קאָמפּענסאַציע פאַר אַלערליי סטיליסטישע און שפּראַכלעכע עגמת נפש׳ן, וואָס דער מאָדערנער לייענער קאָן האָבען באַם בלעטערען די סאָוועניר־זשורנאַלען פון די „סאָסייעטיס״, קאָן דער זעלבער לייענער דערפאַר פון צייט צו צייט הנאה האָבען פון אַזעלכע פאָלקסטימלעכע שטעלען, ווי די פאָלגענדיגע:

„אַ גרויסער רבי האָט געבענטשט זיין איינציגען זוהן באַ דער חופּה, מיין קינד, השי״ת זאָל דיך אָפּהיטען פון אָרימקייט און פון רייכקייט, וויילביידע ברענגען דעם מענטשען צום געפאַר אַרונטער צו געהן פון דעם ריכטיגען וועג . . .״

4

די סאָוועניר־זשורנאַלען דערשיינען תמיד צו דער געלעגענהייט, ווען עס ווערט געפייערט דער יאָהרטאָג („עניווערסערי״) פון אַ לאַנדסמאַנשאַפט, מיט אַ באַנקעט, טאַנץ און אַלערליי קלאַפּערגעצייג.

די דאָזיקע „עניוואוירסערי״ איז געוויינלאך אַ קיילעכדיגע צאָהל יאָהרען: 10, 15, 25 און 50 יעהריגע יובל׳ס (חברה בני־אהרן אנשי ווילקאָמיר, 1887-1937, — די עלטסטע לאַנדסמאַנשאַפט, אויף וועלכער איך האָב מיך אנגעשטויסען). עס ווערען אָבער אויך געפייערט יובל׳ס פון 33 יאָהר („פּאָלטאַווער״) 13־יעריגע בר־מצוה׳ס („זאַשקאָווער לעידיס״), און אפילו פון אַזאַ מין גאָרניט זאָגענדיגע צאָהל יאָהרען, ווי 17 („דער ערשטער קריפּטשער פאַראיין״). . . .

געדרוקט ווערען פאַקטיש אַלע סאָוועניר־זשורנאַלען זעהר רייך — אין פאַרגלייך מיט׳ן אינהאַלט קוקט עס שוין מאַנכעס מאָל אויס צו פאַרוועניר־מעסיג. גוטער, דיקער פּאַפּיר, אַמאָל — טייערער רעגאַל־פּאַפּיר. פאָרמאַט איז אָפּטמאָל אלבאָממעסיג, מיט פרענדזלאך, טאַשמעלאך און קוטאַסיקלאך . . . די הילע איז פון פּאַפּיראָז־פּאַפּיר, סאַמעט, אָדער זאַמש, זעלטען טאָוולען. די פאַרבען זיינען טיפע, בולט׳ע. צו אַ 25־יאָריגען יובילעי איז די הילע אַ זילבערנע, צו אַ יובילעי צווישען 25 און 50 — אַ גאָלדענע. און דאָס גאַנצע ווערט דערנאָך איינגעוויקעלט אין צעלאָפאַן. אַ סך וויניעטקעס — שאַבלאָנע, נאַטירלאך, גאָלד־באַדעקטע אותיות, צייכענונגען, א. אַז. וו.

5

מיר האָבען ביז איצט גערעדט אויסשליסלאך וועגען די סאָוועניר־זשורנאַלען פון די יעניגע לאַנדסמאַנשאַפטען, וועלכע שטעלען מיט זיך פאָר די טיפּישע אומאָפּהייגעניגע „אנשי״־סאָסייעטיס. מיר׳ן איצט אין קורצען באַרירען די סאָוועניר־זשורנאלען פון די לאַנדסמאַנשאַפטען, וועלכע זייגען אַרגאַניזירט ווי ברענטשעס פון פראַטערנאלע אָרגאַניזאַציעס.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דער איצטיגער אַרבעט איז אונז אויסגעקומען צו באַטראַכטען 26 אַזעלכע „נומערען״ —18 פון אַרבעטער־רינג ברענטשעס, 7 פון אינטערנאַציאָנאַלען אַרבעטער־אָרדען און איין סאָוועניר־זשורנאל פון אַ צוויג פונ׳ם אידיש־נאַציאָנאַלען אַרבעטער־פאַרבאַנד.

די הויפּט־„פּיטשורס״, די הויפּט עלעמענטען פון וועלכע אָט די לעצטע אויסגאַבעס באַשטעהען, זיינען כמעט דיזעלבע, וואָס מיר האָבען פריהער באַשריבען. עס קומען אָבער אויך צו איינִיגע נייע כאַראַקטעריסטישע שטריכען.

צוערשט — די באַגריסונגען. ווי אָפּטיילונגען, ווי צווייגען („ברענטשעס״) פון צענטראַלע קערפּערשאַפטען, ווערט דאָ געדרוקט אינ׳ם אויבנאָן באַגריסונגען פון דעם טשערמאַן און גענעראַל־סעקרעטאַר פון די באַטרעפענדיגע פראַטערנאַלע אָרגאַניזציעס, באַגריסונגען פון די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוועס, פון דער נאַציאָנאַלער שול־פאַרוואַלטונג, פונ׳ם בילדונגס־דעפּאַרטמענט, און פון פאַרשידענע אַנדערע דע־

פּאַרטמענטס פון יענעם צענטראַלען פאַרזיכערונגס־אָרדען, צו וועלכען דער באַטרעפענדיגער ברענטש־לאַנדסמאַנשאַפט געהערט. עס ווערען דאָרט אויך געדרוקט באַגריסונגען פון אָנגעזעהענע אַרבעטער־פיהרער.

בכלל, אזוי ווי אָט די לאַנדסמאַנשאַפטען באַשטעהען דאָס רוב פון מענטשען מיט רעוואָלוציאָנערע טראַדיציעס און רעוואָלוציאָנערער פאַרגאַנגענהייט, טראָגט דער זכרונות־מאַטעריאַל דאָ אַ באַשטימטען כאַראַקטער. עס זיינען דאָ אַ גרויסע צאָהל זכרונות און געשיכטלעכע באַשרייבונגען פון די אַמאָליגע רעוואָלוציאָנערע קאַמפען אין׳ם צאַרישען רוסלאַנד, אין וועלכע מען האָט אַליין איינטייל גענומען, און בעת וועלכע עס זיינען צוערשט פאַרפלאַנצט געוואָרען די וואונדערליכע זאַמען, פון וועלכע עס איז שפּעטער אויסגעוואָקסען דער מעכטיגער בוים פון דער אידישער אַרבעטער באַוועגונג אין אַמעריקע.

עס ווערען אויך געדרוקט רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער־הימנען, אַלגעמיינע און אידישע: דער „אינטערנאַציאָנאַל". די „שבועה", די הימנעס פון די באַטרעפענדיגע פראַטערנאַלע אָרגאַניזאַציעס.

אויך דער אידיש פון אָט די לעצטע אויסגאַבעס איז, פאַרשטעהט זיך, אויף אַ סך אַ העכערער מדרגה, ווי דער אידיש פון די „אנשי"־זשורנאַלן. (כאָטש, ליידער, ניט תמיד...) אויך טעכניש קומען זיי ארויס פערפעקטער. עס פעלט, אמת, די דרויסענדיגע „רייכקייט" פון דער הילע־אויסשטאַטונג, וואָס צייכענט אויס די „סאָסייעטי"־אויסגאַבעס, דערפאַר אָבער איז אינעווייניג געשמאַקפולער, נעטער, אינהאַלטספולער. אַזעלכע אויסגאַבען, ווי „דער ביאַליסטאָקער פריינד", אָדער „קיעווער רעוו. ברענטש א. ר.", אָדער „לובלינער יאָנג מענס" ברענטש א. ר., זיינען באַזונדערס ווערט פאַרצייכענט צו ווערען, סיי בנוגע דעם כמות פון זייערע ווערטהפולע ארטיקלען, און סיי בנוגע זייער איכות.

און ווייל דער מענטשען־עלעמענט פון אָט די ברענטש־לאַנדסמאַנשאפטען איז וועלטליכער, ארטיקולירטער, „ליטעראַרישער", געפינען דאָ די געפיהלען פון היים־וויי נאָך א שאַרפערען און צאַרטערען אויסדרוק, ווי ביי געוויינליכע „סאָסייעטיס". לידער, דערצעהלונגען, זכרונות, איינדרוקען פון אַמעריקאַנישע רייזעס אין די אַמאָליגע היים־שטעטלעך — דאָס, מעהר ווי לאָקאַל־אַמעריקאַנישע קיבעצערייען און ענינים, פילט אויס זייערע זשורנאַלען־זייטען.

„אָפּט, זעהר אָפּט פלעג איך פון מיין געבורט־שטאָט טרוימען. אין דער רוישיקער ניויאָרק ,אויף די שטילע געהיימניספולע שעהנע, הויכע קעטסקיל־בערג, אין וואשינטאָן, באָסטאָן און לאָס אנדזשעלעס; אין עקזאָטישע שטעט פון יאַפּאַן און כינע; איז די קאַלטע סיבירער סטעפּעס און אויף די טראָפּישע האַוואַיער אינזלען, אין האָנאָלולו, אין כארבין, אין וולאַדיוואָסטאָק, אין שאַנכאַי, — איבעראל, וואו דער שיקזאַל האָט מיך פאַרוואָרפען, פלעג איך דענקען פון מיין געבורטס־שטאָט אין דער ליטע... קיין לאַנד און קיין שטאָט האָט מיין ביינקשאַפט געשטילט. קיינע שעהנע לאַנדשאפטען זיינען מיר ניט געוועזן אזוי טייער, ווי דער לידער בלאָטיקער שוהל־הויף... אַ געבורטס־שטאָט איז אויף אייביג אין האַרצען איינגעבאַקען".

און ווען דער זעלביגער מענטש, נאָך אין אָפּוועזענהייט פון 32 יאָהר, פאָהרט אויף אַ באַזוך אין זיין געבורטס־שטאָט, און ער קומט אָן צו דער איצטיגער פוילישער גרעניץ, שרייבט ער:

„פויליש איז מיר פרעמד... דאָך ווען איך האָב דערהערט די קלאַנגען פון פויליש, זיינען זיי עס מיר געוואָרען נאָהענט... דער געפיהל פון פאָטערלאַנד האָט מיך באַהערשט, איז פוילען צו אידען אַזוי ווי צו שטיפקינדער אָבער אידען וואוינען דאָך שוין דאָרטען הונדערטער יאָהרען און זיינען מיט׳ן לאַנד אזוי פאַרוואַנדעט, אויסגעקניפּט און אויסגעבונדען... ווי טרויעריג אנגענעהם און ווי שמערצליך זיס עס איז מיר געוואָרען, ווען איך האָב דערזעהן די פוילישע לאַנדשאפט. איך האָב געהאַט אַ באַגעהר צו קושען זיך מיט יעדער באָרוועסער גוי׳ע און ארויספאַלען אויפ׳ן האַלז יעדען לאַנדסמאַן, צי ער איז אַ איד, אָדער אַ גוי...".

בכלל, צייכענען זיך אַממייסטען אויס די סואווענירזשורנאַלען פון די א. ר. ברענטשעס מיט זייער אינהאַלטספולקייט. וואו נאָר עס לאָזט זיך, ציהען זיי צו צו מיטאַרבייט באַוואוסטע שרייבער — לאַנדסלייט זייערע. און וואו דאָס איז ניט מעגליך, זיינען זיי אַליין אויך ניט קראַנק אויף דער פּען... דער אָרטיגער מאטעריאל, וואָס איהר געפינט דאָרט, איז אי ווערטפול סאָציאָלאָגיש און קולטור־געשיכטליך, און איז אי געשריבען מיט אזא לירישער וואַרימקייט, וועלכע בלויז לאַנג-געשטיקטער היימאַט־וויי איז מסוגל ארויסצורופען... אַ דיינקמאָל דער היימאַט־שטעטעל מוז געשטעלט ווערען!

און דאָ טרעפט איהר זיך אָן אויף קוריאָזן.

דער דאָזיגער דראַנג צו פאַראייביגען דאָס אייגענע געבורט־אָרט איז אַזוי שטארק, אז אין איין פאַל שטויסט איהר זיך אָן אָן עטלעכע שטעטלאַך, וואָס האָבען זיך אַזש משדך געווען כדי מיט פאַראייניגטע ליטעראַרישע — און אויך פינאַנציעלע... — כחות ארויסצוגעבען כאָטש איין סואווענير־אויסגאַבע. אַ שטייגער, די לידער, איוויער און באָבריניצער לאַנדסלייט, וואָס זיינען אָרגאַניזירט אין׳ם ברענטש 194 א. ר., האָבען לכבוד דעם 30־יעהריגען יובילייי פון זייער ברענטש (1908—1938) צוזאַמען ארויסגעגעבען די איינמאָליגע אויסגאַבע „דער שטאַרקער — בן שלישים לכח...".

פאַרקעהרט, אַזאַ מין שטעטעל, ווי דאָס ליטווישע ראַקאָוו, וואָס איז דוכט זיך בשום אופן ניט קיין „עיר ואם בישראל" — ווי עס איז לידע, אַ שטייגער — קינדעלט שיר ניט יעדען יאָר מיט אַן אייגענעם סואוועניר־זשורנאַל... אַלעפאַלס, אין אַ גאָר קורצער צייט האָבען די ראַקאָווער לאנדסלייט שוין קיין עין־הרע ניט ביז איצט איי־

„צו יעדען מאָל, וואָס דער ברענטש נומער 428 פון אַרבינקע אַליין אַרויסגעגעבען גאַנצע ניין (9) אַזעלכע שטיק...

ביי טער רינג פון די ראקאָווער לאַנדסלייט, האָט א שמחה׳לע, ווערט אַרויסגעגעבן אַ זשורנאַל. יעדער זשורנאל ווערט אַ נאָמען געגעבן נאָך אַ פּאָפּולערער גאָס אָדער געסעל פון אונזער געבורט־שטעטעל...״ לייענען מיר אין די „רעדאקציאָנעלע נאָטיצען״ פון איינעם פון די דאָזיגע ראקאָווער זשורנאַלען. זיבען אַזעלכע זשורנאַלען טראָגען די פאָלגענדיגע נעמען: „די בערישע געסעל״, „די שייער גאסן״, די „באַראָווינע״, „סאלאָמינקע״, „ביקערקע״, „די מורעוואנקע״, „זאסלאָווער געסעל״... דער אַכטער זשורנאַל הייסט שוין אינגאַנצען „ראַקאָוו״, און דער נייענטער — „20־יאָהריגער יובילייאום־זשורנאַל״.

אין די דאָזיגע אויסגאַבעס ווערען געדרוקט ניט דוקא די ארטיקלען פון די לאַנדסלייט אין אַמעריקע, נאָר איבער דער גאָרער וועלט. אונטער׳ן קעפּל „אייראָפּע, אזיע און אַמעריקע״ דערקלעהרט אַזוי די רעדאקציע איהר צוגאַנג:

„אונזערע ראקאָווער זיינען צעזייהט און צעשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט... ווערען געדרוקט אַרטיקלען, וואָס זיינען צוגעשיקט געוואָרען פון ראקאָוו, פון פּאַלעסטינע און אויך, נאַטירליך, אַרטיקלען פון אַמעריקע״. קאָרעספּאָנדירען אַהער אויך די ראקאָווער וועגען זייער לעבען — אין פּאַלעסטינע...

דאָס זיינען אַלץ קליינע זאמעלביכלאך, געדיכט אויסגעפילט מיט בעלעטריסטישע, האַלב־בעלעטריסטישע באַשרייבונגען, זכרונות און עפּיזאָדען, ווי אויך לידער וועגען דעם היימישען שטעטעל, איהרע ווינקלען, איהרע טיפּען און פּערסאָנאַזשען. און דאָס אַלץ איז געשריבען אין דעם אמת׳ן ליטווישען אידיש (אַ שטייגער, דער ראקאָווער ביבליאָטעק, דער ערשטער טעאַטער־פאָרשטעלונג, א. א. וו.) זיי ווערען, אגב, רעדאגירט פון דעם באַקאַנטען זשורנאַליסט־בעלעטריסט ב. באָטווויניק.

די גרעסערע אָפּהאַנדלונגען פון א. סטאראבין: „דער (די) ראקאָווער ביבליאָטעק״, „ראקאָוו פאַר די לעצטע 15 יאָהר״, און „די עקאָנאָמישע און געזעלשאַפטליכע לאַגע פון ראקאָוו פאַר דער לעצטער צייט״ זיינען זעהר גרינדליך און געוויסענהאפטיג אָנגעשריבען. זיי שטעלען מיט זיך פאָר פרעכטיגען מאַטעריאַל סיי פאַר אַן עקאָנאָמיש־געזעלשאַפטליכער, און סיי פאַר א זיטען־און־קולטור־געשיכטע נישט דוקא אַליין פונ׳ם שטעטעל ראקאָוו, נאָר פון א היימיש אידיש שטעטעל פאר דער מלחמה בכלל.

אויף וויפיל די באַציהונג פון די ראַקאָווער לאַנדסלייט צו זייער שטעטעל איז טיפּיש פאַר דער דורכשניטליכער באַציהונג פון אנדערע אמעריקאנער לאנדסלייט צו זייערע שטעטלאך, וועט זיין ניט אומאינטערעסאַנט דאָ אויסצורעכענען מיט וואָס אַלץ די ראקאָווער אינטערעסירען זיך וועגען זייער היים־שטעטעל.

די געקאלעכטע ראקאָווער הייזלעך,
דער באָד־טייך מיט די געגדז אין טייכעל,
די געשעלוועטע (?) וואַנט פון אַלטען בית־המדרש, וואָס
איז געמאַכט געוואָרען פאַר געלד געשיקט פון אַמעריקע,
די ראקאָווער יתומים׳לאך,
א רייע הייזער פון מאַרק, פון דער זייט פון פלתיאל׳ס
און אורערס הויז,
א רייהע אידען פון ראקאָוו,
דער איצטיגער גבאי פון בית־מדרש מיט׳ן איצטיגען
שמש,
סעמיאָן דער קוימענקערער,
די בלינדע אָרימע טאָכטער פון דעם אַמאָליגען קברות־
מאַן, רב יאָשע,
דער איצטיגער קברות־מאַן און דער בית־עולם טויער.
דער טייטשער בית־המדרש, וואָס איז איצט דער אַפּטייק
פון ראובן יאָשע׳ס זוהן,
„און נאָך און נאָך ראקאָווער בילדער, וואָס זייען אונז
טייער, און וואָס צופּען אונזערע הערצער מיט א בייַנקעניש...״.

---

די סואווועניר־זשורנאַלען פון די אינטערנאַציאָנאַלע אָרדן־ברענטשעס*) זיינען, אינ׳ם ליטעראַרישען זין, ליידער זעהר אָרים. דער עיקר — ווייל דער לאַנדסמאַנשאַפטליכער עלעמענט (היימישע בילדער, זכרונות, טיפּען־שילדערונג, אָפּהאַנדלונגען וועגען פאַרשיידענע פאַזען פון דעם לעבען אין די ארומיגע שטעטליך, אפילו ערינערונגען פון די אַמאָליגע רעוואָלוציאָנערע קאַמפען פון ארום 1905) — פעלט אויס כמעט אינגאַנצען... אַלענפאלס, אַזוי איז עס אין די זיבען (7) סואווועניר ביכלאך, וואָס מיר איז אויסגעקומען צו לייענען. (פון די א. א. א. ברענטשעס 17, 33, 45, 153, 166, 179 און 198).

אויסערליך שטעלען זיי מיט זיך אויך פאָר זעהר מאָגערע און אָרים־ארויסגעגעבענע העפטען. אייניגע — העקטאָגראַפירט בלויז. אָבער די אָרימקייט, ווי געזאָגט, איז באַזונדערס אַן אינערליכע. ס׳קוקט אויס ווי דער לאַנדסמאַנשאַפטדראנג, די בענקשאַפט און דער חשק צו פאַראייביגען אין וואָרט די אמאָליגע היים און דאָס אַמאָליגע לעבען, פעהלט ביי אָט דעם עלעמענט אויס אינגאַנצען. ניט נאָר דרויסענדיגע שרייבער, נאָר אפילו אייגענע שרייבערישע כחות קומען דאָרט אויך ניט צום אויסדרוק. אייניגע פון אָט די זשורנאַלען פאַרמאָגען בלויז איין זייטעל לייען־מאַטעריאַל... דאָס איבעריגע איז אויסגעפילט אינגאַנצען פון אַנאָנסען און באַגריסונגען (בר. 17, א. א. א.)

די אידישע שפּראַך אבער אין זיי איז אַ ריינע און צייכענט זיך אויס מיט געזעלשאַפטליכען ערנסט. דער קנאַפּער ליטעראַרישער מאַטעריאַל איז געווידמעט אויסשליסליך אַקטועלע פּאָליטישע קאַמפען און פּראָבלעמען.

און די חסרונות — זיי קאָן מען אפשר צושרייבען אויפ׳ן חשבון פון דער נאָך גאָר יונגער עקזיסטענץ פון די דאָזיגע ברענטשעס.

*) פון אַ אידיש־נאַציאָנאַלען אַ.־פּ. צווייג האָב איך, לוידער, געזעהן בלויז איין־איינציגען זשורנאלעכל פון וועלכען עס לאָזט זיך קיין מיינונג ניט פאָרמירען.

# מוסטערן פון לאנדסמאנשאפט-ליטעראטור

## אינהאַלט

# די אייגנאַרטיגקייט פון דער נאָוואָ-אושיצער סאָסייעטי

## א.

עס קען זיין, אַז דערפאַר, וואָס די נאָוואָ־אושיצער סאָסייעטי איז מיר אַזוי נאָהענט, אָדער ווייל איך בין געשטאַנען ביים וויגעלע פון איהר געבורט, און געווען איינער פון איהרע גרינדער, איז אפשר דערפאַר ווייזט זיך מיר אויס, אַז אונזער סאָסייעטי איז עפּעס אַנדערש פון אַלע אַנדערע לאַנדסמאַנשאַפט־פאַראיינען, אַנדערש — צום בעסערען און ניט צו ערגערען, איז אפשר ווייל די סאָסייעטי איז מיר אַזוי סימפּאַטיש, זעה איך נאָר איהרע מעלות און ניט די חסרונות?... אָבער ווען איך טראַכט זיך אַריין אין דעם כאַראַקטער פון די טעטיגקייטען פון אונזער סאָסייעטי, קום איך צום שלוס, אַז די סאָסייעטי איז פאָרט אַנדערש פון די אַלע אַנדערע לאַנדסמאַנשאַפט־פאַראיינען.

לאָמיר נעהמען, צום ביישפּיל, דעם מענטשען־מאַטעריאַל, פון וועלכען די סאָסייעטי איז צוזאַמענגעשטעלט: זיינען פאַראַן מיטגלידער פון אַלערליי שאַטירונגען און איבערצייגונגען, ווי: עכט־אָרטאָדאָקסישע אידען, וואָס אידענטיפּיצירען זיך מיט דער מזרחי אָרגאַניזאַציע, און וואָס אפילו די מאָדערנע ציוניסטען זיינען פאַר זיי צו אַפּיקורסיש... עס זיינען אויך פאַראַנען אַזעלכע, וואָס שטייען אויף דעם שטאַנדפּונקט פון אַלגעמיינעם ציוניזם, און ווידער איז דאָ אַזעלכע מיטגלידער, וואָס זיינען פאָלשטענדיג איינשטימיג מיט דער פּראָגראַם פון פּועלי־ציוניזם, און וואָלטען געווען גליקליך, ווען די סאָסייעטי זאָל ווערען אַ צווייג פון דעם נאַציאָנאַלען אַרבייטער פאַרבאַנד... עס זיינען אָבער אויך דאָ איניגע, וואָס זיינען פאַרברענטע פּאַטריאָטען פון דעם קאָמוניסטישען אידעאַל, און שטעלען זיך פאָר, אַז משיח וועט קומען, ווען עס וועט אין אַלע לענדער איינגעפיהרט ווערען אַ סאָוועטישע אָרדענונג... און דאָס אמת'ע אידישע לאַנד וועט זיין אין בירא בידזשאַן...

אָבער ניט קוקענדיג אויף די אַלע פאַרשיידענע מיינונגען און איבערצייגונגען, לעבט זיך די סאָסייעטי הארמאָניש און האַנדעלט שטענדיג אין וויכטיגע נאַציאָנאַלע און אפילו אינטערנאַציאָנאַלע פראַגען, כמעט ווי אַ פאַראייניגטער פראָנט... ניט קוקענדיג וואָס עס קומט אָפּט פאָר אַ ווערטערקאַמף ביי די מיטינגען, אָבער טאַקע נאָר אַ ווערטערקאַמף... און נאָר ביי די מיטינגען... ווייל, זאָל נאָר אימיצער אַ פרעמדער וואַגען באַליידיגען אַ מיטגליד פון דער סאָסייעטי, וועט איהר זעהן ווי אַלע ווי איינער וועלען קומען איהם פאַרטיידיגען, און ניט לאָזען אַז אימיצער זאָל איהם שלעכטס טהאָן.

און ווייל די מיטגלידער זיינען טאָלעראַנט איינער צום צווייטענס איבערצייגונגען, דריקט זיך דאָס אויך אויס אין די פאַרשיידענע פילאַנטראָפּישע טעטיגקייטען פון דער סאָסייעטי. אָט גיט צ"ב די סאָסייעטי אַ געוויסע סומע יעדען יאָהר צום „איקאָר", און צו דער זעלבער צייט גיט זי אויך אַ געוויסע ביישטייערונג פאַר דעם געווערקשאַפטען קאַמפּיין, פאַר די ארץ־ישראל'דיגע ארבייטער. די סאָסייעטי גיט אויך א סומע יעדען יאָהר פאַר דער „דעבאָראַ'ס סאַנאַטאָריום", און נאָך פיעלע אַנדערע ביישטייערונגען, וואָס איך קען זיך אויף דער מינוט ניט דערמאָנען. די סאָסייעטי העלפט אויך דעם קאַמפּיין צו באָיקאָטירען די סחורות, וואָס קומען פון נאַצי־דייטשלאַנד, זי שיקט אויך איהרע דעלעגאַטען צום „אידישען קאָנגרעס", און ווען די סאָסייעטי לויפט מיט אַ אונטערנעהמונג, אַדווערטייזט מען אין אַלע צייטונגען, פון די עקסטרים רעכטע ביז די עקסטרים לינקע... ווי איהר זעהט, זיינען מיר אַ אמת'ער פאַראייניגטער פראָנט.

און אַזוי איז אויך בנוגע די קולטורעלע טעטיגקייטען. די סאָסייעטי פאַראַנשטאַלטעט אָפט לעקציעס און דעבאַטען איבער געוויסע פאַרשיידענע טעמעס. אָט האָבען זיי ניט לאַנג צוריק געהאַט אַ לעקציע איבער „בירא־בידזשאַן אַלס אידישע אויטאָנאָמע געגענט", און נאָך דער לעקציע זיינען פאָרגעקומען דעבאַטען, און ווען אפילו ביי די דעבאַטען קומט פאָר אַ הייסע דיסקוסיע און אַמאָל אפילו אַ קריגעריי, איז דאָס דאָך אויך לשם שמים... פאַר אַ אידעאַל, אָבער עס ענדיגט זיך תמיד מיט פריעדען און מען פאַרבלייבט זיך דיזעלבע גוטע פריינד.

די סאָסייעטי האָט אויך פאָראַנשטאַלטעט אַ דעבאַטע צווישען צוויי לעקטשורערס, אויף דער טעמע: „פּאַלעסטינאָ אָדער בירא־בידזשאַן", און פיעלע אַנדערע לעקציעס אויף פאַרשיידענע טעמעס.

און אַזוי ווי די סאָסייעטי פאַרמאָגט צווישען איהרע מיטגלידער אַ שעהן ביסעל טאַלאַנטירטע זינגער, (איניגע זאָגאַר פּראָפעסיאָנעלע פּאָרלעזער און אַנדערע), קומען אָפט פאָר ליטעראריש־מוזיקאַלישע אָווענטען, ביי וועלכע די מיטגלידער אַמוזירען זיך, און דאָס מאַכט די מיטינגען מעהר אינטערעסאַנט און באַלעהרענד.

## ב.

דאָס שטעטעל נאָוואָ־אושיצא, אָדער ווי די עלטערע מענטשען פלעגען דאָס רופען, ליטניוועץ, און פון וואַנען דאָס רוב מיטגלידער פון אונזער סאָסייעטי קומען, איז אַ קרייז־שטאָט (אויעזדני גאָראָד) אין פּאָדאָליער גובערניע, אין דער אוקראינע.

דאָס שטעטעל אונטערשיידט זיך מיט פיעלע מערקווירדיגקייטען פון אַנדערע שטעטלאַך פון דעם דאָזיגען מין, וואָס געפינען זיך אין יענעם געגענט. דוכט זיך אַ קליין שטעטעלע, און דאָך קענט איהר דאָרט געפינען פיעלע

אינטערעסאנטע דענקמאלער, וואָס דערמאָנען אין פיעלע מערקווירדיגע פּאַסירונגען, וואָס האָבען פיליכט אַ היסטאָרישען ווערט.

שוין דער אריינפאָהר אין שטעטעל, איז מערקווירדיג מיט אַ אויסערגעוויינליכען הויכען באַרג, ווי מען רופט איהם: „דער זאמעכאָוור באַרג״. און ווען מיר, קינדער, פלעגען קוקען אויף דעם באַרג, פלעגט זיך אונז אויסדאכטען, אַז דאָרטען פון יענער זייט באַרג ענדיגט זיך די וועלט, און איך פלעג מיר אַלס קינד ניט קענען פאָרשטעלען ווי אַזוי מענטשען קענען גאָר ארויפקריכען אויף אַזאַ הויכען באַרג...

פלעגט דאָך טאַקע דער נאָווא־אושיצער בעל־עגלה, ווען ער פלעגט דאַרפען ארויף אָדער אַראָפּפאָהרען פון דעם באַרג, בעטען זיינע פאָרשוינען זיי זאָלען זיין אַזוי גוט און זיך מטריח זיין ארונטערצוקריכען פון פוהר און געהן במחילה צופוס...

און ווען איהר פלעגט שטעהן אויף דעם באַרג, פלעגט איהר זעהן דאָס גאַנצע שטעטעל, ווי ביי זיך אויף דער דלאָניע... אָט דאכט זיך, זעהט איהר דאָרט דעם קלויסטער און, להבדיל, די שוהל, און אום זומער פלעגט זיך אייך דאכטען, אַז איהר זעהט אַ שעהנעם גרויסען גאָרטען, ווייל דאָס שטעטעל פלעגט ממש זיין איינגעטונקען אין גרינס. און איך אַליין דערמאָן זיך איצט, אַז ווען איך פלעג נאָר אָנקומען נאָהענט צום שטעטעל, קומענדיג פון גרויסע שטעט אין רוסלאַנד, וואָו איך האָב געלעהרענט מוזיק און געזונגען מיט חזנים, פלעגט דאָס הארץ אָנהויבען האסטיגער צו קלאַפּען פאַר אומגעדולד צו זעהן דאָס שטעטעל, און עס פלעגט זיך דאַכטען, אַז עס איז גאָר נישטאָ נאָך אַזאַ שעהן און מערקווירדיג שטעטעל ווי נאָווא־אושיצאַ, און אפשר האָט דאָ געשפּילט א געוויסע ראָל די איינגעבאָרענע ליבשאַפט, וואָס מיר פיהלען צו דעם שטעטעל, וואו מיר זיינען געבאָרען...

אָבער לאָמיר זיך אומקעהרען צו די מערקווירדיגקייטען פון׳ם שטעטעל. אָט איז אַ מערקווירדיגע פּאַסירונג, וואָס די עלטערע אידען פון נאווא־אושיצא פלעגען דערצעהלען זייערע קינדער, ווי די אַמאָליגע אידישע איינוואוינער פון שטעטעל האָבען זיך אָפּגערעכענט און נקמה גענומען פון אַ אידישען מסור, וואָס איז געווען אָנגעשטעלט פון דער דאמאָלסדיגער צאַרישער רעגירונג נאָכצושפּיאָנירען די אידען און נאָכהער זיי מסר׳ן צו נאַטשאַלסטוואָ, און הגם עס זיינען פאַראַנען אַלערליי נוסחאות וועגען דער דאָזיגער פּאַסירונג, אָבער איך ווייס פון דעם נוסח, ווי די עלטערע מענטשען פון אונזער שטעטעל האָבען מיר דערצעהלט, און אָט ווי עס לייענט זיך:

דאָס האָט פּאַסירט מיט פיעלע יאָהרען צוריק, אין אַ צייט, ווען אין נאָווא־אושיצא איז דאן געווען אַ איספּראַווניק אַן אכזר און געפעהרליכער שונא־ישראל, און די אידען פלעגען שרעקליך ליידען פון זיינע רשעות׳ן, וואָס ער פלעגט אָפּטהאָן צו די אידען. און מערקווירדיג, דער איספּראַווניק פלעגט שטענדיג וויסען ווען און וואו צו מאַכען אַן אָביסק (אונטערזוכונג) אין א אידישער הויז, און טאַקע תמיד געפונען אָדער אָפּענעם טאַבאַק, וואָס מען האָט באַדאַרפט באַצאָלען אַקציז צו דער רעגירונג, אָדער אַנדערע זאכען, און אפילו, אַז מען האָט גאָרנישט געפונען, האָט מען גלאַט אַזוי געמאַכט אַ בלבול אויף אידען, אַבי זיי שלעכטס צו טהאָן.

אין יענער צייט פלעגט מען כאַפּען קליינע אידישע קינדער און זיי פאַרשיקען אין טיעף רוסלאַנד, און זיי דאָרטען מיט גוואַלד אָפּ׳שמד׳ען און זיי מאַכען נאַכהער פאַר סאָלדאטען. פלעגען דאן די אָפיציעלע רעגירונג׳ס „כאַפּערס״ שטענדיג וויסען וואו צו זוכען די אידישע קינדער, וואָס די מאַמעס פלעגען אויסבאַהאַלטען, און זיי טאַקע געפינען און מיט געוואַלד זיי אַוועקרייסען פון זייערע אומגליקליכע עלטערען און זיי פאַרשיקען. — ביז די אידען האָבען אויסגעפונען, אַז זיי האָבען צווישען זיך אַן אייגענעם פאַררעטער, א מסור, וואָס ווייזט אָן דער רעגירונג וואו צו זוכען...

און די אידען האָבען אָפּגעהאַלטען אַ געהיימע אסיפה און זיי האָבען באַשלאָסען מקיים צו זיין די מצוה פון „ובערת הרע מקרבך...״ און אַזוי האָבען זיי דעם פסק אויסגעפיהרט:

פרייטאָג, ווען אידען זיינען לכבוד שבת געגאַנגען אין מרחץ, און דער קעסעל איז געווען פול מיט קאָכיגע וואַסער, האָט מען גענומען דעם מסור און מען האָט איהם אריינגעוואָרפען אין דעם קאָכיגען וואַסער...

און שפּעטער, ווען דער איספּראַווניק, דער רשע, האָט חושד געווען די אידען, אַז זיי האָבען מבער געווען דעם מסור, האָט ער אָנגעפאַנגען צו מאַטערען די אידען און זיי אָנגעטהאָן ענויים קשים, זיי זאָלען אַרויסגעבען די אידען, וואָס האָבען נקמה גענומען פון דעם מסור. מען האָט די אידען געמוטשעט מיט דער גרעסטער אכזריות, מען האָט זיי געטריבער „סקוואָז סטראָי״, וואָס דאָס האָט געמיינט פאָלגענדעס: מען האָט די אידען אָפּגעשאָרען די האָר פון אַ האַלבען קאָפּ און האַלבען באָרד, און זיי געטריבען צווישען צוויי שורות סאָלדאטען, וועלכע האָבען די אידען געשלאָגען מכת רצח. אָבער די אידען האָבען די אַלע איבערמענטשליכע יסורים איבערגעטראָגען מיט דער גרעסטער עקשנות, און ניט ארויסגעגעבען זייערע ברידער, וואָס האָבען נקמה גענומען אין דעם אידישען מסור...

אָט דערמאָנט זיך מיר איצט, שרייבענדיג די דאָזיגע שורות, די גרויסע נאווא־אושיצער שוהל, וואו איך האָב געזונגען אַלס משורר ביי דעם שטאָטישען חזן ר׳ שכנא. די שוהל איז געשטאַנען ביים אָפּגרונט פון אַ טיפען טהאָל, און עס פלעגט זיך דאַכטען, אַז אָט וועט זיך די שוהל איבערקעהרען און אריינפאַלען אין טהאָל אריין — און דאָך

שטעהט שוין די דאָזיגע שוהל הונדערטער יאָהרען אַזוי, ביז'ן היינטיגען טאָג. און מערקווירדיג איז די דאָזיגע שוהל מיט איהר ארון־קודש, און איך דענק, אַז דער וואָס האָט אויסגעשניצט און אויסגעפּאַרעמט אַט דעם וואונדערבאַרען ארון־קודש האָט געמוזט זיין אַ גרויסער קינסטלער אין זיין פאַך.

דער ארון איז געמאַכט געוואָרען איבער דער גאַנצער הויך פון מזרח־זייט וואַנט, און ווען מען פלעגט עפענען דעם ארון צו פתיחה, פלעגען זיך אויך עפענען אַנדערע טירען פון אנדערע ארונות ביז דער סטעלע, און אין יעדער ארון איז געווען אויסגעשניצט אַן אַנדער עפּיזאָד פון ת"נך, ווי: עקידת־יצחק, מכירת־יוסף, און אַנדערע. עס דערמאָנט זיך מיר איצט, ווען עס פלעגט קומען שמחת־תורה צו די הקפות, און מען פלעגט צו „ויהי בנסוע הארון" עפענען דעם ארון, פלעגט מעכאַניש ארויספליהען אַ גאָלדענער אָדלער און צעשפּרייטען זיינע פליגלען מיט אַ מין שטאָלץ... אַז מיר קינדער פלעגען ממש נשתומם ווערען, און ניט קענען פאַרשטעהן, פון וואַנען דער אָדלער האָט זיך גענומען...*)

דער דאָזיגער ארון־קודש איז באמת געווען אַ קונסטווערק און מענטשען פון גרויסע שטעט, וואָס פלעגען אָנקוקען דעם ארון, פלעגען זיך אויסדריקען: אַז דער ארון וואָלט זיך באַדאַרפט געפינען אין גרעסטען וועלט־מוזעאום אַלס וואונדער.

די שוהל איז אויך פארבונדען מיט אַ מערקווירדיגער לעגענדע, דערצעהלען די עלטערע אידען, אַז ווען דער אַרכיטעקט, וואָס האָט געפּלאַנעוועט און געבויט די שוהל, האָט שוין באַדאַרפט פאַרענדיגען די ארבייט, איז ארויפגעגאַנגען אויף דעם דאך, איז ער אַראָפּגעפאַלען און גע'הרג'עט געוואָרען, און מען האָט איהם מקבר געווען אין שוהל, און דערפאַר פלעגען די עלטערע אידען זאָגען, אַז אויף אַ געוויסען פלאַץ לעבען דער בימה טאָר מען ניט טרעטען...

נאָווא־אושיצא פאַרמאָגט אויך אַ וואונדערבאַרען שטאָטישען גאָרטען, אָדער ווי מען פלעגט איהם רופען: „קאַזיאָנע סוד". אַט דער גאָרטען איז געווען דאָס אייגענטהום פון דער שטאָט, און די שטאָטישע איינוואוינער פלעגט זיין דערלויבט דאָרטען צו שפּאַצירען. אָבער דאָס איז ניט געווען גלאָט אַזוי זיך אַ פאַרק מיט בוימער און אַלייען, נאָר טאַקע א גאָרטען, אין וועלכען עס האָבען געוואַקסען אַלערליי פרוכטען. עס זיינען דאָרט אויך געווען זעהר שעהנע נאַטירליכע גראָזען, אַרומגעוואַקסען מיט הויכע בוימער, וואו עס פלעגט שפּילען דער מיליטערישער אָרקעסטער, און פיעלע פון אונז נאָווא־אושיצער האָבען דאָרט געוועבט זייערע שעהנע חלומות, וועלכע זיינען צום באַדויערען אָפט מאָל ניט פאַרווירקליכט געוואָרען...

*) עס איז אגב ווערט צו דערמאָנען, אַז ווען מיר האָבען געמאַכט אַ „סאָסייעטי־באַטאַן" פאַר דער סאָסייעטי, האָבען מיר גענומען דעם דאָזיגען אָדלער אַלס סימבאָל.

נאָווא־אושיצא האָט אויך פאַרמאָגט אין יענע יאָהרען אינטערעסאַנטע און מערקווירדיגע מענטשען, און ניט קוקענדיג וואָס דאָס שטעטעל האָט דאַן געלעבט דאָס טראַדיציאָנעלע אידישע פרומע לעבען, האָבען זיך דאָרטען פון איין זייט געפונען אַ פּאָר אידישע טיפּען, וואָס זיינען געווען עקסטרימע אַטעאיסטען, און פלעגען ריידען על ה' ועל משיחו... און פון דער צווייטער זייט האָבען זיך דאָרטען געפונען אַזעלכע פרומע מיסטישע נשמות, וואָס אין דער יוגענד זיינען זיי געווען אַפּיקורסים, און אויף דער עלטער זיינען זיי געוואָרען אַזוי פרום, אַז זיי פלעגען שטענדיג זיצען אין בית־המדרש, און ניט ריידען קיין דברי־חול, נאָר בלשון־הקודש...

נאָווא־אושיצער אידענטום האָט אויך אַרויסגעגעבען פיעלע פרייהייטס־קעמפער, וועלכע האָבען גענומען אַ טיכטיגען אַנטהייל אין דער רעוואָלוציע און געהאָלפען באַפרייען רוסלאַנד פון דער צאַרישער רעגירונג, און אייניגע פון זיי נעהמען אויך איצט אַן אַנטהייל אין דער לאָקאַלער סאָוועטישער רעגירונג.

איך וויל פאַרענדיגען מיט אַ מערקווירדיגען מענטשען, וואָס וועדליג די קרייזען, פון וועלכע ער איז ארויסגעקומען, איז ער ממש געווען אַ פּאַראדאָקס. ער איז געווען אַ קריסטליכער קאָזאַקישער דאָקטאָר, דר. שפּילעפסקי, און הגם די קאָזאַקען זיינען באַקאַנט געווען מיט זייער שנאה צו אידען, איז דער דאָקטאָר דוקא געווען אַן אמת'ער אוהב ישראל, און ווען ער פלעגט קומען צו אַן אָרימען אידישען חולה, איז ניט נאָר פלעגט ער ניט נעהמען קיין געלט פאַר'ן וויזיט, נאָר ער פלעגט נאָך דעם חולה איבערלאָזען אונטער'ן קישען אַ פּאָר גולדען אויף צו קויפען אַן עוף... און דאָס איז געווען אַ קאָזאַקער דאָקטאָר... איך האָב שפּעטער מיט יאָהרען זיך באַגעגענט מיט איהם אין אַ קליין שטעטעלע לעבען וויניצא, וואו ער האָט געלעבט צוריקגעצויגען אַלס פּריוואַטער דאָקטאָר, און געהאָלפען אַלע אָרעמע קראַנקע אומזיסט.

איך וואָלט נאָך געקענט דערמאָנען פיעלע מערקווירדיגקייטען פון נאָווא־אושיצא, אָבער אַזוי ווי דער פּלאַץ אין אַזאַ מין זשורנאַל איז באַגרענעצט, וועל איך דאָס איבערלאָזען פאַר אַ צווייטער געלעגענהייט.

פון יהושע ווייסער (שיקאַגאָ).

---

## מוסטער פון א באריכט פון אַ סאָסייעטי־פּרעזידענט.

געעהרטע שוועסטער, ברידער און פריינד:

מיט אמת'ע פרייד וואָס מיר האָבען דערלעבט צו פייערען דעם היינטיגען יום טוב פון אונזער 25 יעהריגען עקזיסטענץ וואָס מיר זענען געוואָרען פאַראייניגט אונטער דעם פאָהן מיט דעם ליבען נאָמען „אינדעפּענדענט ערשטע פּילעווער קראַנקען אונטערשטיצונג פאַראיין", שטעה איך יעצט פאַר

אייך אַלס פּרעזידענט מיט רעספּעקט און מיט גרויס ליעבשאַפט צו אייך, מיינע שוועסטער און ברידער.

עס איז יעצט דאָס 17־טע מאָהל וואָס איהר האָט מיר ערוועהלט דאָס איך זאָל זיין אייער פּרעזידענט. אונטער די צייט האָבען מיר געפייערט אַ 10 יעהריגען יובילייאום און אַ 20 יעהריגען יובילייאום: און באַ די אַלע יובילייאומס האָט איהר מיר צוגעטיילט דעם כבוד און איהר האָט מיר ערוועהלט צו זיין אייער פּרעזידענט. און יעצט ווען מיר האָבען דערלעבט צו פייערען דעם 25 יעהריגען יובילייאום און איהר האָט מיר ווידער ערוועהלט צו זיין אייער פּרעזידענט. דאָס וועט שוין זיין אַן אָנדענקונג פאַר מיינע קינדער אויף זייער גאַנצער לעבען. ווען די צייט וועט קומען און איך וועל שוין מיט אייך נישט זיין און ווען עס וועט אויסקומען צו פייערען אַ יובילייאום וועלען מיינע קינדער דאַן מיט שטאָלץ זאָגען אַז ביז יעצט ווען עס איז געפייערט געוואָרען אַ יובילייאום האָט מען דעם כבוד נישט געגעבען נאָר מיין פאָטער. און מיט גרויס פרייד באַגריס איך אייך און ווינש אייך „מזל טוב״ און זאָג אייך אַלע אַ הערצליכען ווילקאָמען.

ע ר א י נ ע ר ו נ ג ע ן

מיט 5 יאָהר צוריק ווען מיר האָבען געפייערט דעם 20 יעהריגען יובילייאום האָב איך דאמאָלס באַשריבען די גאַנצע היסטאָריע מיט אַלע איינצעלהייטען ווי אַזוי מיר האָבען זיך אָרגאַניזירט אַלס אַ קערפּערשאַפט און איך האָב דאַן ערקלערט אַז מיט שטאָלץ קענען מיר אויפצייגען וואָס מיר האָבען אויפגעטאָהן פאַר די צייט, סיי פאַר אונזערע מיטגלידער און סיי פאַר פאַרשידענע טשאַריטי אינסטיטושאָנס. אָבער איך קען אונטערשרייבען אַז אין די לעצטע 5 יאָהר האָבען מיר מעהר אויפגעטאָהן ווי אין די גאַנצע צייט און איך וועל אייך געבען אַ קורצען איבערבליק וואָס מיר האָבען אויפגעטאָהן אין די לעצטע 5 יאָהר.

מיר האָבען געגרינדעט און אונזער היים־שטאָט פילאַב אַ לייי־קאַסע וואו מען באָרגט אויס אַלע וואָך צו די וואָס נויטיגען זיך אַ פּאָר דאָלער אָהן פּראָצענט. און מיר האָבען פאַר דעם צוועק געגעבען 1,000 דאָלער. און ווען אונזער עקס־פּרעזידענט דוד בארינשטיין איז מיט 3 יאָהר צוריק געוועזען אין פילאַב, און ווען ער איז צוריקגעקומען האָט ער אונז ערקלערט אַז אין פילאַב האָט זיך געגרינדעט א חברה „לינת הצדק״, וואָס זיי פאַרזאָרגען אַז דער קראַנקער זאָל האָבען אַ דאָקטאָר און מעדיצין, און אַלץ וואָס עס נויטיגט זיך פאַר דעם קראַנקען ביז ער ווערט צוריק געזונד, אַז ער איז שוין אומשטאַנד זיך צוריקצונעמען צו זיין באַשעפטיגונג און ער האָט צו אונז אַפּעלירט אַז מיר זאָלען זיך אָנשליסען פאַר א מעמבער צו זיי מיט אַ געוויסע סומע אַ יאָהר האָבען מיר איינשטימיג באַשלאָסען צו ווערען אַ מעמבער מיט 25 דאָלער אַ יאָהר אַ חוץ וואָס מאַנכע מעמבערס און לאַנדסלייט זיינען געוואָרען צו זיי מעמבערס מיט די קליינע סומע פון 2.50 דאָלער אַ יאָהר.

אַ חוץ דעם באַלאַנגען מיר שוין אַ סך יאָהרען צו די אינסטיטושאָנס מיט אַ יעהרליכע בייטראַגע: צום פּוילישען פערבאַנד, האַיאַס, דענווער סאַניטאַריאום, חסד של אמת, גן ילדים פון מאנטגאָמערי סטריט, און יעצט באַלאַנגען מיר צו די חיים סאַלאָמאָן האָום פאַר די איידזשט, וואָס מיר זענען זעהר פאַראינטערעסירט אַז די הויז וואָס עס איז געקויפט געוואָרען אויף 136 2טע עוועניו זאָל שנעל קענען ווערען גיעפענט די טירען אויפצונעמען די אַלטע מענשען וואָס נויטיגען זיך צו האָבען אַ היים. און מיר שטרענגען יעצט אָן אַלע אונזערע כוחות מיטצוהעלפען אין די אַרבעט וואָס עס פאָדערט זיך אין דעם איבער־בילדען דאָס הויז פאַר די באַקוועמליכקייטען פון די אַלטע מענשען, און מיר האָפען אַז יעצט וועט די אַרבעט געקרוינט ווערען מיט גרויס ערפאָלג.

עס וואָלט פאַרנומען צו פיעל פּלאַץ אויסצורעכענען די אַלע שטיצעס וואָס מיר האָבען געגעבען צו די געזעלשאַפטען וואָס קומען צו אונז יעהרליך, און צו די שטיצעס וואָס מיר גיבען צו אונזערע מיטגלידער ווען זיי זיינען אין אַ נויט, טרעפען אָן דורך די צייט 1,000־טער דאָלער, דאָס וועט איהר הערען דורך דעם באַריכט פון פינאַנץ סעקרעטאַר, וויליאַם קליין. ער וועט פאַר אייך פאָרלעזען וויפיל שטיצע, קראַנקען בענעפיט, ענדאַומענט, מיר האָבען אויסגעצאָהלט צו ברידער און צו פרעמדע טשאַריטי אינסטיטושאָנס.

ווערטהע שוועסטער און ברידער, מיט 5 יאָהר צוריק ווען מיר האָבען געפייערט דעם 20 יעהריגען יובילייאום האָב איך דאַמאָלס באַשריבען די טעטיקייטען פון אונזערע עקס־פּרעזידענטען און ביז דעם היינטיגען טאָג דענקען נאָך מאַנכע ברידער אַז איך האָב זיי געטאָן אַן אומרעכט און ביז יעצט קריג איך פון זיי פאָרוואַרפע פאַרוואָס איך האָב פון זיי גאָרניט געשריבען, און צו באַשרייבען אַלע מיטגלידער וואָס זיי האָבען אויפגעטאָן זינד זיי באַלאַנגען אין אונזער פאַראיין דאָס איז אַ זאַך וואָס עס איז אונמעגליך, ווייל איך האָב אַמאָל געזאָגט אין מיינע אַ רעדע אַז אין יעדערע געזעלשאַפט איז דאָ 3 קאַטיגאָריס פון מיטגלידער, און די אַלע מיטגלידער קלעימען אַז זיי זענען די בעסטע מיטגלידער. עס זענען דאָ מיטגלידער וואָס זיי קומען קיין מאָהל ניט צו איין מיטינג נאָר ווען זיי קריגען די ביל צום איינצאָלונג שיקען זיי אַריין אַ טשעק און זאָגען אַז זיי זענען די בעסטע מיטגלידער. און עס זענען דאָ מיטגלידער וואָס זיי קומען יאָ צו די מיטינגען און נעמען איין אנטייל אין די דעבאַטען וואָס עס קומט פאָר, אָבער ווען עס קומט צו פּראַקטישע אַרבייט, דאָס הייסט ווען מען נעמט אַ מאָהל איין אונטערנעמונג וואָס עס איז די פליכט פון יעדען מעמבער מיטצוהעלפען אַז דער אונטערנעמונג זאָל זיין אַ סוקסעס, דאַן נעמען זיי נישט קיין אַנטייל, און זיי נעמען נאָר צוויי טיקעטס פאַר זיך און פאַר זייערע פרויען. און עס זענען דאָ מעמבערס וואָס זיי פאַרפעלען ניט קיין איין מיטינג סיידען זיי זענען ח״ו קראַנק, און זיי טהוען די פּראַקטישע אַרבעט און באַ יעדען אונטערנעמונג אַרבעטען זיי מיט זייערע קרעפטען אַז דער אונטערנעמונג זאָל זיין אַ סוקסעס, און זיי פערקויפען פאַר געוויסע סומעס טיקעטס; און די מעמבערס ווערען קריטיקירט פון

די מעמבערס וואָס ווילען ניט נעמען קיין אַנטייל אין דער אונטערנעמונג.

און דעריבער וויל איך יעצט נישט שרייבען די טעטיקייטען פון אונזערע מיטגלידער ווייל מיט געוויסענהאַפט שטרייך איך יעצט אונטער אַז 99 פּראָצענט פון אונזערע מיטגלידער זענען לאָיאַל און איבערגעגעבען פאַר דעם וואָהל און בעסטען פאַר אונזער פאַראיין. אָבער עס איז מאַנכע מיטגלידער וואָס איך דענק אַז עס איז ווינשעס-ווערט צו דערמאָנען אין מיין רעפּאָרט. דעם ערשטען וויל איך דערמאָנען אונזער ברודער עקס-פּרעזידענט דוד באַרינשטיין דורך צוויי אורזאַכען.

1-טענס, עס איז ניט מעהר ווי רעכט אַז די מיטגלידער וואָס זענען אַריינגעקומען אין אונזער פאַראיין פון 1926 ביז יעצט זאָלען וויסען אַז ער איז געווען דער 1-טער מיט 25 יאָהר צוריק וואָס עס איז איהם מיט שווער אַרבעט געלונגען צוזאַמען צונעמען 14 לאַנדסלייט און ער האָט געגרינדעט די פּילעווער פאַראיין.

2-טענס, מיט פרייד וויל איך אייך דערמאָנען אז מיט 5 יאָהר צוריק האָבען מיר עס געוואונשען אַז גאָט זאָל איהם העלפען אַז ער זאָל ווערען פאָלקאָם צוריק געזונט און ער זאָל ווערען צוריק טעטיג אין אונזער פאַראיין, און אונזער וואונש איז פערווירקליכט געוואָרען און מיר ווינשען איהם ווייטער אַז ער זאָל זיין געזונט מיט זיין פאַמיליע אַז ער זאָל זיין טעטיג אין אונזער פאַראיין אזוי ווי ער איז געווען אין די לעצטע 5 יאָהר.

יעצט וויל איך דערמאָנען אַ ברודער וואָס ער איז ניט קיין עקס-פּרעזידענט פון די פאַראיין און דאָס איז אונזער ברודער דוד מינץ. ער איז דער איינציגער מעמבער פון אונזער פאַראיין ווען עס קומט נאָר צו אַן אונטערנעמענג אַרבעט ער מיט אַלע זיינע קרעפטען עס זאָל זיין אַ סוקסעס. און יעצט קען איך אייך זאָגען אַז ער איז איינער וואָס האָט געהאָלפען צו קריגען די עדס פאַר דעם זשורנאַל. 16 וואָכען צייט איז ער מיט מיר אַרומגעגאַנגען צו שאַפען די עדס, און איך ווינש איהם אַז גאָט זאָל איהם העלפען אַז ער מיט זיין פאַמיליע זאָלען זיין געזונט און האָבען גוטע צייטען אַז ער זאָל שטענדיג קענען זיין אַזוי טעטיג ווי ער איז געווען ביז יעצט. מיר מעגען זיך שטאָלצירען מיט אַזעלכע ברידער ווי מינץ איז.

ווערטהע שוועסטער און ברידער:

מיט אַ טיפען וואונד אין מיין האַרץ און מיט גרויס שמערץ וועל איך דערמאָנען די ברידער וואָס זענען פון אונז אָפּגעריסען געוואָרען. דורך די גאַנצע צייט וואָס מיר עקזיסטירען, איז דאָ אין דעם זשורנאַל אַן עקסטרא בלאַט וואָס שטעהען אויסגערעכענט אַלע ברידער וואָס זענען פאַר די צייט פון אונז אָפּגעריסען געוואָרען. אָבער איך וויל דערמאָנען צוויי טייערע ברידער וואָס אין דעם היינטיגען יאָהר זענען זיי פון אונז אָפּגעריסען געוואָרען.

און דאָס איז אונזער עקס-פּרעזידענט לערמאַן. ער, וואָס זיין עהרליכע און איבערגעגעבענע אַרבעט פאַר די פאַראיין שטעהט שטענדיג פאַר מיינע אויגען. אָבער מיט איהם האָבען מיר זיך כאָטש אַביסעל אנגעליטען. איהר ווייסט דאָך ווי מען זאָגט, אַז ווען אין אַ פאַמיליע שטאַרבט חלילה ווער, און ווען ער איז אַ צייט פריהער שוואַך געוועזען, איז דער וועהטיג ניט אַזוי גרויס. אָבער דעם לעצטען טרויעריגען צופאַל וואָס מיר האָבען געהאַט מיט אונזער ברודער שאַפּערמאַן, ע"ה, דעם וועהטיג וועלען מיר ניט קענען אַזוי שנעל פאַרגעסען. אַ מענש הייבט זיך אויף זונטאָג אין דער פריה גלייך ווי אַלע מענשען און עסט ברעקפעסט און 15 מינוט שפּעטער איז ער שוין ניט געוועזען צווישען די לעבעדיגע. דעם וועהטיג איז שווער אַזוי שנעל צו פאַרגעסען.

אָבער מיר מוזען זיך טרייסטען מיט דעם וואָס עס שטעהט געשריבען אַז אַ מענש ווערט געבוירען דערמיט אַז ער זאָל שטאַרבען. און איך ווינש אַלע אַז פון היינט אָן זאָל חלילה ניט קיינער פון אונז אָפּגעריסען ווערען פאַר די צייט, נאָר מיר זאָלען אויסלעבען אונזערע יאָהרען מיט אַלעס גוטעס.

מ ש ה ש אַ ץ

(זשורנאַל פון אינד. פּוירסט פּילאַוועך ק. א. פ., 1931).

---

## ומלמד לאנוש בינה.

אן עקסטרא תפילה, לערנען ווי צו פאַרשטעהן דעם בן ארבעים לבינה — מיר דאַרפען אָפּגעבען אַ שבח והודיה צו השי"ת, אַז אונזער סאָסייעטי האָט דערגרייכט די 40 יאָהר פון בינה. מיר פאַרשטעהען יעצט ווי אָפּצושאַצען די ווערדע פון אונזערע פּיאָנערען. די גרינדער פון אונזער באַליבטער סאָסייעטי. זייער כונה איז געווען זעהר גוט. זיי האָבען פאַראייניגט אונזערע לאַנדסלייט אין איין אגודה של אחים, אַ ברידערליכע געזעלשאַפט, פּרינציפּיעל אין אידישען גייסט. דער כח פון געמיינדע איז אחדות. דאָרט וואו עס הערשט איינייגקייט, איז מזל און ברכה. אונזער אַלעמענס פאַרלאַנג —דאַרף זיין מהיום והלאה, אַז צו אונז זאָלען ניט אריינגעבראַכט ווערען קיין אש זר, פרעמדער פּייער, פּרינציפּען, וועלכע זיינען פרעמד און אומווירדיג צו אונז אַלס אידען. אונזער נאָמען —זאָל זיין מעלה, מעלה. ועל הכל משבח אני את העבודה הישרה פאַר די גוטע אַרבייט, וואָס עס איז געטהאָן געוואָרען ביז יעצט, קומט אונז אַלעמען קרעדיט. וזאת תפילתי בשעה זו — דאָס איז מיין געבעט ביי יעצטעגער צייט, לכל המצפּים לישועה, צו יעדען פון אונז וואָס האָפט אויף גוטעס, ישועת העם וישועת הארץ, אַן ענדע צו אידישע צרות, יזכו לראותם במהרה בימינו. מיר אַלע צוזאַמען זאָלען דערלעבען צו האָבען שמחות און הערען גוטע, פרעהליכע נייעס פון גאַנצען אידישען פאָלק. איך באַגריס אַלעמען צו אונזער יובילייאום. אַז איהר ווילט זיין מיט מיר צום צווייטען 40 יעהריגען יובילייאום, בין איך אויך צופרידען.

איש יהודי א פ ר י ם י ו ד ע ו ו י ץ

זוגתי ב ל ו מ ע שטימט אויך איין מיט דער זעלבער מיינונג.

# דאָס לעבען פון קאָנגרעגיישאָן פּוהאָוויצער.

שוועסטער און ברידער!

איך באַגריס אייך אַלעמען צום 35-יעהריגען יובילייאום פון אונזער אַלגעמיינעם „קאָנגרעגיישאָן פּוהאָוויצער", און איך פיהל אין יעצטיגען מאָמענט, אַז עס איז מיין חוב צו שרייבען אַ פּאָר ווערטער:

דער אורשפּרונג אָדער די עמבריאָ פון אונזער אָרגאַניזיישאָן אָדער אין פּשוט'ע ווערטער — די סיבה, וואָס עס האָט געטריבען אונזערע ערשטע איבערגעקומענע ברידער דאָ אין לאַנד צו גרינדען אונזער אָרגאַניזיישאָן, איז די איבערוואַנדערונג.

עס איז אַ באַוואוסטער כלל, אַז מענטש אָדער חיה וויל זיך ניט שיידען מיט זיין געבורטס-לאַנד, עס איז פאַררעכענט זאָגאר פאר אַ קללה צו עמיגרירען, נאָר עס זיינען פאַראַן געוויסע סיבות: ביי חיות, למשל, זיינען די סיבות ווען עס בייט זיך דער קלימאַט אָדער ווען עס פעהלט איהר שפּייז אָדער וואַסער, זיינען זיי געצוואונגען צו אויסוואַנדערען; דעם מענטשענס סיבות זיינען עקאָנאָמישע אָדער פּאָליטישע פון זיין לאַנד, וואָס עס טרייבט איהם ארויס פון זיין מוטער-לאַנד און זוכען פרנסה און רוהע אין אַ פרעמד לאַנד. די ערשטע איבערגעקומענע ברידער זיינען געטריבען געוואָרען דורך די עקאָנאָמישע אומשטענדען און די אריבערגעקומענע ברידער פון די לעצטע יאָהרען דורך ביידע אורזאכען — עקאָנאָמישע און פּאָליטישע. און ווען מענטשען קומען אריבער אין אַ פרעמד לאַנד, עקאָנאָמיש ניט געזיכערט, פרעמד פון דער לאַנדעס שפּראַך, מיט אַ נאָגעניש אין האַרצען נאָך דער אַלטער היים מיט די פאַרוואַנדטע, איז א נאַטירליכע זאַך, אַז זיי זאָלען זיך האַלטען צוזאַמען און געבען איינער דעם צווייטען גענענזייטיגע הילף. אָבער ווען עס טרעפט מיט איינעם אַן עת צרה, וואָס מען דאַרף העלפען מיט אַ גרעסערער סומע געלט, אָדער אַ טויטען פאַל, דאַן איז אַ נאַטירליכע זאַך, אַז די מעהר ענערגישע מענשן פון דער גרופּע זאָלען אָנהויבען דענקען וועגען גרינדען אַ שטענדיגע אָרגאַניזאציאָן.

און פון די אַלע אויסגערעכענטע סיבות איז געגרינדעט געוואָרען אונזער קאָנגרעגיישאָן פּוהאָוויצער. און געוויינטליך, איז אונזער ערשטער עטאַפּ געווען אויף טשערי סטריט, וואו אין יענער סטריט איז פאַרזיהעט געוואָרען דער קומענדיגער לעבען פון אונזערע ברידער דאָ אין ניו יאָרק.

די ערשטע איבערגעקומענע ברידער, וואָס זיינען געווען רעליגיעז געזאָנען, איז אַ פאַרשטענדליכע זאַך, אַז זיי האָבען אָנגעפאַנגען מיט אַ מנין אויף שבת צו דאווענען, און שפּעטער איז געגרינדעט געוואָרען דער קאָנגרעגיישאָן פּוהאָוויצער אויף אַ קליינעם מאַסשטאַב, האָט זיך געפונען אויף טשערי סטריט, און די שוהל האָט אויך געדינט פאַר אַ מיטינג האָל. און קומענדיג שבת צום דאווענען, איז דאָס ניט אָפיציעל געווען אַ מין זאַמעל פּלאַץ, וואו די ברידער האָבען זיך געטראָפען אָפּנעהמען גרוסען פון דער אַלטער היים דורך בריף, וואָס יעמאַנד פלעגט באַקומען פון דער היים אָדער אָפּנעהמען אַ גרוס פון אַ גריגעם, וואָס איז נאָר וואָס געקומען פון דער היים, ווייל די אימיגריישאָן האָט זיך פון יאָהר צו יאָהר פאַרשטאַרקט, — נאָר עס האָט אויך געדינט פאַר א ביוראָ פּלאַץ וועגען אַרבייט. און ווען אונזערע ברידער האָבען געפיהלט, אַז דער קאָנגרעגיישאָן איז שטאַרקער געוואָרען, האָבען זיי איבערגעטראָגען די שוהל אין ראָטגערס סטריט, וואָס עס איז דאַן פאַררעכענט געוואָרען פאַר א גרויסע פּראָגרעס, און עטליכע יאָהר שפּעטער נאָך הענרי סט. און דאָ איז געווען ויחנו ישראל פאַר אַ לאַנגער צייט. און דאַן האָט פּאַסירט דאָס פאָלגענדע: די שוהל לעבען איז שוואַכער געוואָרען, ווייל די ברידער האָבען זיך גענומען פאַרשפּרייטען איבער ניו יאָרק אַלץ ווייטער, אָבער די אָרגאַניזאציאָן איז שטאַרקער געוואָרען. מיט דעם וואוקס פון אימיגראַציע איז געוואַקסען די מעמבערשיפּ פון יאָהר צו יאָהר. און דאָ מוז באַטאָנט ווערען דער פאַקט, וואָס אונזער קאָנגרעגיישאָן איז געווען טאָלעראנט אריינצונעהמען יעדען לאַנדסמאַן, אָפּגעזעהן שיכטען און שאַטירונגען. אַ דאַנק דעם האָט אונזער אָרגאַניזאציאָן דערגרייכט די שטופע, וואָס זי שטייט היינט-צו-טאָג.

און אַזוי האָט זיך געוועבט און געפורעמט דער לעבען פון קאָנגרעגיישאָן פּוהאָוויצער, און געשליפען געוואָרען פון אומשטענדען און עלאַסטיש געבויגען זיך נאָך דער צייט. און היינט-צו-טאָג, ווען די עלטערע ברידער, וואָס זיינען געשטאַנען ביים וויגעלע פון קאָנגרעגיישאָן, קוקען יעצט מיט ערשטוינונג אויפ'ן גיגאַנט, פיהלען זיי אַ נחת, וואָס זייער אַרבייט איז געקרוינט געוואָרען מיט ערפאָלג. און צו די יונגערע ברידער וויל איך זאָגען: ברידער! אַז דאָס וואָס איהר זעהט היינט-צו-טאָג די אַלע אינסטיטושאָנס אין אונזער קאָנגרעגיישאָן, דעם לאָאן פאָנד, דעם אָלד איידזש פאָנד, דעם רעליעף פאָנד, די קראַנקען שטיצע, הילף ווען אַ ברודער געפינט זיך אין נויט, איז ניט געוואָרען פון זיך אַליין; דער וועג פון אָרגאַניזאציאָן ארבייט איז ניט געבעט מיט בלומען, — די אלע זאַכען זיינען געקנאָטען מיט שווערע מיה, עגמת נפש, ענערגי, צייט, טעג און נעכט פון שווערע ארבייט און גענוג געלט — פילייכט האָבען מיר ניט גלייך בייגעשטייערט.

אָבער היינט זיינען אַלע גלייכע שותפים, און מיר אלע צוזאַמען דארפען אויסשרייען אין איין קול: געבענשט זאָלען זיין די מענטשען, וואָס האָבען געלייגט דעם פונדאמענט פון דער גרויסער הייליגער געביידע, וואָס הייסט „קאָנגרעגיישאָן פּוהאָוויצער". און ווען מיר טוען אַ קוק אויף אונזערע פאַרגאַנגענער ארבייט, וואָס מיר האָבען אָפּגעטהאָן ביז יעצט, זיינען מיר שטאָלץ מיט דער קאָנגרעגיישאָן פּוהאָוויצער.

און ווען אונזער גרויסע מחנה וועט זיין פאַרזאַמעלט צוזאַמען, דארפען מיר שווערען, אַז מיר זאָלען אָנהאַלטען אונזערע טראדיציעס און ווייטער בויען, ווייטער אויסבעסערען, אימער פאָרווערטס!

ג ר ש ו ן   ש ע ר מ א ן, פרעזידענט

(35 יאָהריגער יובילײ-זשורנאַל, 1934).

## לאַנדסמאַנשאַפט

די לאַנדסמאַנשאַפט — דאָס איז אַן אינסטיטוציע, וואָס איז אַנטשטאַנען דורכ'ן שטאַרקען ווילען צו לעבען, דורכ'ן אינסטיקטיווען דראַנג אויפצוהאַלטען און אָפּציהען, ווי מעגליך, די שוין אָנגענומענע, באַשטימטע פאָרם און געשטאַלט פונ'ם כלל און יחיד. אַזוי איז דער אייזערנער געזעץ פון דער נאַטור. די לאַנדסמאַנשאַפט איז „אַ קינד" פון דער „עלענד"; עס איז געבאָרן געוואָרן אויפ'ן שויס פון פרעמדקייט און איינזאַמקייט. אין מיטען וואַסער, פון איינצעלנע זעמדעלאַך, מיט'ן שטראָם אין איין פונקט צוזאַמענגעשטויסען, ווערט אויסגעפאָרמירט אַ האַרט־פעסטער באָדען לאַנד — דער אינזעל.

אינדיווידען, איינציגע, אָפּגעזונדערטע פאַרשוינען, פון זייער שורש, דורך די לעבענס כוואַליעס אָפּגעריסענע, און ווייט, ווייט פאַרוואָרפענע זיינען, נאָר ווי מיט אַ שפּאַס, אַ שטיפעריי פון דער צייט, צי גלאַט אַזוי ווי אַ שפּיצעל, אַ שפּיל פונ'ם שיקזאַל — ווידער צוזאַמען געבראַכט געוואָרען, און זיי פאַראייניגט אין איין קערפּערשאַפט. דאָס איז ווי אַ סימבאָל, און אויך אַ רעאַלער, ממשות'דיגער פאַקט פון: „קבוץ־גליות" אין מיניאַטיור. דאָס איז ווירקליך דער מיטעלפּונקט, וואוהין עס ציהען זיך צוזאַמען די פאַרבלאָנדזשעטע נשמות, און וואו זיי געפינען זייער תקון...

אומשאצבאַר און אומפאַרגעסבאַר בלייבט דער ערשטער מאָמענט, ווען אַ ניי־פרישער לאַנדסמאַן, נאָר וואָס געקומענער, טרעפט זיך אינ'ם באַשטימטען אָרט מיט זיינע היימישע, עלטערע באַקאַנטע, פריינד און חברים, נאָך צעהנדליגער יאָהרען פון פולשטענדיגער צעשיידונג און דערווייטערונג פון צייט און אָרט. אַלערליי עפּיזאָדען, זכרונות, האַנדלונגען, וואָס זיינען פאַרבונדען מיט דעם אָדער יענעם פריינד, באַקאַנטען און חבר, נאָך אין דער קינדהייט אָדער פריער־יוגענד פעריאָדען, וועלכע זיינען געלעגען פאַרבאָרגען ערגעץ וואו אין די ארכיוועז פון דעם זכרון, פאַרזונקען אין איין לעטאַרגישען שלאָף, אונטער דעם דרוק פון בערג פארשיידענע איבערלעבונגען און דערפאַהרונגען — מאַכען אַ סורפּריז: פלוצים וואַכען זיי אַלע אויף, און שווימען ארויף אין דער פאָרשטעלונגס קראַפט אַזוי לעבעדיג און פריש, ווי זיי האָבען ווען אויסגעזעהן אויף דער אויבערפלאַך פון דער ווירקליכקייט. עס געשעהט דאַן דער אמת'ער וואונדער! דער וואונדער פון „תחית המתים"! די גאַנצע ווייטע פאַרגאַנגענהייט שיילט זיך ארויס אין דעם דמיון, אין דער וויזיע, מיט אַלע איהרע טיפען, געשטאַלטען, מיט זייערע שטריכען, ליניעס פון פיגור, כאראקטער און ארט לעבען. און, ווי סילועטען טראָגען זיי זיך פאַרביי... מען חלומ'ט אויף דער וואַך; עס באַהערשט עפּעס אַ מין באַזונדערע קראַפט, וואָס גיסט אַריין אַ מונטערקייט, אַ פרישקייט; ווי מען וואָלט דערפיהלט דעם צוריקקעהר פון דער יוגענד!...

דאָס איז איינער פון די זעלטענסטע מאָמענטען אין וועלכען, וואָס נאָר דער מיט אַזעלכע דערפאַהרונגען, — קען צו איהם זוכה זיין; נאָר אַזעלכער קען דערשפירען דעם דאָזיגען „יפי־של־מעלה", אַזאַ הימליש שעהנקייט, דעם דאָזיגען „גלוי שכינה"...

און אַן אומשילדערבאַרע, האַרציגע און זיסע בענקשאַפט, אַ שטילער אייגענומענער אומעט, דרינגט אריין אינ'ם גאַנצען וועזען, ווי נאָר דער דאָזיגער פרעכטיגער מיראַזש פאַרשווינדט, אָון די ניכטערקייט קומט, און די געגענוואַרט שטעלט זיך דאַן ווידער פאָר, מיט איהר גאַנצער גרויקייט און קאַלטקייט. עס כאַפּט אַרום אַן אומרוה, אַ נשמה־ציטער... מען דערפיהלט דעם טיפען שמערץ, דעם צער פון סילוק־שכינה...

עס איז איצט דער פייערליכער מאָמענט פון דעם צוואַנציג־יעהריגען יובילייאום פייערונג, פונ'ם קיום פון דער יארוגער לאַנדסמאַנשאַפט. דאָס איז אין גרונט, א פאַרקערפּערונג פון אַ טהייל פאַקטען און קאַפּיטלען אין דער אַלגעמיינער געשיכטע פון דעם איצטיגען אידישען, מאָדערנעם דור המדבר, דער וואַנדער, אימיגראַנטען דור, וואָס ער האָט פאַרצייכענט אין משך פון זיין לעבענס מאַרש. דאָס וועט אויך דינען, ווי אַ וויכטיגער בייטראָג, צו דער געשיכטע פון דעם אידענטהום אין אַמעריקאַ.

די יארוגער לאַנדסמאַנשאַפט איז געגרינדעט געוואָרען פון אמת'ע פאָלקס־מענשען, וואָס האָבען באַזעסען אַ חוש, אַ געפיהל פון געזעלשאפטליכקייט; ווידמענענדיג לטובת הכלל; זייער צייט, טרחה און אויך געלט. און איצט, אַ דאַנק דער זאָרג פון איהר פיהרערשאַפט וועגען איהר וואוילזיין, — האָט דידאָזיגע לאַנדסמאַנשאַפט, דערגרייכט דעם דאָזיגען עלטער. און „בן עשרים — לכח" מעג מען מיט זיכערקייט האָפען, אַז זי האָט שוין דערוואָרבען גענוג כח פאַר איהר ווייטערדיגער עקזיסטענץ, אין דער נאָהענטער, ווי אין דער ווייטער צוקונפט, וואָס דאָס איז זיכער דער וואונש פון יעדען ברודער, מיט אַ האַרציגען האַנטדרוק, וואָס עס דריקט אויס אַ גרויסען „יישר כח" צו איהר פיהרערשאַפט!

נ. קישניר

(סואווועניר זשורנאַל, 20־יאָהריגער יובילייו, פראָגרעסיוו סאָסייעטי אָוו יארוגאַ, 1937).

---

## יובל היא שנת החמישים שנה.

יעדוואבנער שוהל און אלע איהרע ברענטשעס פייערען היינט זייער יובל, זייער 50 יאָהריגען יובילייאום, און דער 22טער דעצעמבער איז פראָקלאַמירט אַלס יום־טוב. „יעדוואַבנער" שוהל איז מעהר יחסן ווי די אַנדערע פוילישע, רוסישע און אונגאַרישע שוהלען, וואָס אַדווערטייזען זייער שטאָטישען פריץ אָדער סתם אַ גוי'אישען נאָמען אין זייער שוהל. יעדוואַבנער אידען אין דער אַלטער היים פלעגען באַצייכענען —די שטאָט מיט'ן נאָמען „יוד־בינה" (יעדוואבנע), אַלע איינוואוינער פון שטעטעל האָבען ספּעציפיש זיך אונטערשיידעט פון די אַנדערע דורך דעם, וואָס כמעט אַלע אידען האָבען גע'שמ'ט פאַר לומדים און געלעהרענטע.

קיין אַנאַלפאַבעטען איז כמעט ווי ניט געווען, און אויב יאָ — איז עס געווען זעהר אַ קליינע צאָל. „יעדוואב" מיינט אויך אין פויליש זיידענס, איידעל, דער נאָמען ווייזט שוין דעם כאַראקטער פון איהרע איינוואוינער, וועלכע זיינען אמת'ע אַרטיסטען אויף זייער געביעט געווען. נעהמט, למשל, דעם שמש: ער האָט ערב ראש השנה און ערב יום־טוב געהאַט אַ ספּעשעל ניגון פאַר רופען: „בעלי־בתים, אין באָד אַריין!" און להבדיל „בעלי-בתים, אין שוהל אריין!". דער ערשטער ניגון האָט זיך געפּאַסט פאַר'ן באָד, דער צווייטער, להבדיל, בלויז פאַר'ן שוהל. און אפילו אליהו הנביא, אַז ער האָט זיך געוואָלט אַמאָל אין אַ סאַטירישען וועג פאַר מענטשען באַווייזען, דערצעהלט די אַרטס כרָאָניקאַ, אַז אַ געוויסען פּסח האָט ער זיך אין יעדוואַבנע באַוויזען, האָט מען געוואָלט זעהן אַן אַנטיק גאָטישען סטיל אין אַרכיטעקטור, איז מען געקומען זעהן די הילצערנע רונדע קאָלאָסאַלע שוהל, וועלכע איז כמעט איינע אין פּוילען געווען, און האָט ווער געוואָלט טייוואָלים זעהן, איז ער געקומען אָנקוקען דעם דייטש „קליינדעסטען", ביי וועמען „ניט גוטע" האָבען זעהר אָפּט געמיט, און וויל יעמאַנד וויסען ווי יעדוואבנער יונגע קינדער פלעגען ליעבעס פיהרען, זייט אייך מטריח אַ פאָהר צו טהאָן אין „זאגאניעק" אין קאסאקער און פּשיסטרעלער וועלדער, און בעט נאָר יענע שטומע בוימער, וועלען זיי אייך דערצעהלען, וועט איהר צוריק יונג ווערען פון זיסקייט אָהן אינדזשעקשאָנס און גלענדס איינשפּריצונגען און אַנדערע מיטלען, און דעריבער איז קיין וואונדער ניט, וואָס יעדוואבנער מענטשען אין אַמעריקע קומענדיג, האָבען זיך ניט געקענט צוזאַמענגיסען מיט אַנדערע שטעטישע אידען און בילדען אַ שוהל, ווייל יעדוואבנער בלוט איז סענסיטיווער, שמן זית האָט יעדוואַבנע געהאַט. די בעסטע אויל אין יעדוואַבנער „אלעווניעס". די בעסטע מעד ביי וועלוועל עטעס און דעריבער האָבען יענע זיידענע מענטשען געמוזט אַליין אַ שוהל בילדען, אַן אייגענעם ברודער פאַר רבי'ן פון חברה משניות געמאַכט, אפילו אַ שמש אַן אייגענעם, היימישע מעלות איז די גרעסטע, היימישע חסרונות צווישען אייגענע רעכענען זיך ניט.

אַ דאָקטאָר האָט אַמאָל דעם שרייבער פון די דאָזיגע שורות אין יעדוואַבנע געזאָגט, אַז אַרטס מענטשען האָבען קיין געלט ניט, והא ראיה, קריגט איינער געלזוכט (אַזאַ מין גאַל קראַנקהייט), טוט מען איהם נאָך אָן אַ גאָלדען קייטעל אויפ'ן האַלז און גאָלדענע רינגעלאך. נעוועַר מאַינד, ער האָט שוין ניט קיין בייזע גאַל. און אויב די איטאַליענער ריהמען זיך מיט זייער שעהנער שטאָט נעאַפּאָל, „זעה נעאַפּאָל און שטאַרב!" זאָג איך אייך, געהט אריין און זעהט ווי יעדוואבנער פייערען אַ שמחה, וועט איהר מעהר הנאה האָבען ווי שטאַרבען פאַר נעאַפּאָל. אפילו דער בית עולם אין יעדוואַבנע איז געווען זעהר גאַסטפריינדליך. אַלע קאָנטראַבאַנדס, וואו פלעגט מען עס באַהאַלטען? אויפ'ן בית עולם, און זאָל נאָר א סמאָשציק צו אן אביעשטשיק ארויפטרעטען אויף יענער ערד, — צוריק קומט ער שוין ניט. ניט אומזיסט פלעגט די מלוכה שיקען זוכען טרפה סחורה אין יעדוואַבנע אַ גאַנצען רעגימענט, ניט קיין יחידים, און היינט פייערט יעדוואַבנע איהרע זכרונות פון מיט 50 יאָהר צוריק, פון יעדוואבנער אין אַמעריקע, אין יוראָפּ, אין אַזיען, אין אַפריקאַ, אפילו אין אויסטראַליען און האָנאָלולו, וועלען פייערען דעם 22טען דעצעמבער דעם ווידערגעבורט — "רעזורעקשאָן — אַלע וועלען זיך יום־טוב'דיג אויספּוצען, אויסצוואָגען זיך און מאַרשירען צו דער גרויסער פּאַרטי אין בראָדוויי סענטראַל, וואו כלי־זמרים ווי אויף היימישע חתונות וועלען אַקאָמפּאַנירען אַ גאַנצע בענד מיוזיק און די שטימונג אַ פייערליכע, אַ געהויבענע.

די יעדוואַבנער שוהל און חברה און אַלע איהרע צווייגען זאָלען עס לערנען זייערע קינדער און קינדס־קינדער אויף דור דורות, זאָל אין יעדוואַבנער פּנקס אַריינגעטראָגען ווערען דער 22טען דעצעמבער, 1935, און זייער זריעה זאָל אַ גוטע קצירה האָבען פון די פרייהצייטיגע בלומען זאָלען שעהנע פירות פאַרשפּרייט ווערען איבעראל — למען ישמעו וילמדו.

ביי הרב דר. י ו ס ף ד אַ נ אָ ו ו ס ק י.
(פופציג־יאָהריגער יובילייאום — בית הכנסת אנשי יעדוואבנא, 1935).

---

## פינסק, קאַרלין — קאַרלין, פינסק

וואָס פאַר אַ גרויסע שטרעקע ליגט צווישען דער צווילינג־שטאָט. דער פינסקער איז טהעטיג, לעבענספעהיג, דער קאַרלינער פויל, פלעגמאַטיש. דער פינסקער אַרבייט און קלעהרט; דער קאַרלינער — האַנדעלט און שלאָפט. איראָניש שטעהט דער קאַרלינער בית־עולם אין סאַמע צענטער פון שטאָט, ביי דער קופּעטשעסקער גאַס. אפילו קאַרלינער מתים זיינען פויל, זיי ווילען ווייט ניט געהן.

די בעסטע כאַראקטעריסטיקע פאַר דער צווילינג־שטאָט איז דער פרייטאָג בין השמשות. דער קבלת־פנים פון הייליגען שבת אילוסטריט ריכטיג דיביידע שטעט. אין דער צייט, ווען אין פינסק איז דער סיגנאַל אויף לעכטבענטשען אין עכט מאָדערנער פאָרמע, דורך אַ ספּעציעלען הודאָק פון אַ פאַבריק, אין דער זעלבער צייט הערט מען אין קאַרלין דעם קול פון פרימיטיווען אַלטמאָדישען העראָלד, דעם שמש „אין שוהל אריין!".

דער קאָנטראַסט פון די ביידע שטעט איז מערקווירדיג. די וואונדערבאַרע ערשיינונג ערקלעהרט מען מיט דעם מאָטיוו. קאַרלין שטעהט אָפּ אין קהל'ס לעבען דערפאַר, ווייל איהרע איינוואוינער זיינען גרעסטען טהייל אין דער פרעמד, זיי געפינען זיך וויניג אין דערהיים, און דעריבער איז זיי דער צבור־לעבען פרעמד, אָבער פינסקער זיינען איבערהויפּט היימישע; זייער געשעפט איז ביי זיי אין שטאָט, זיי קענען זיך אַלזאָ מעהר אינטערעסירען מיט קהל'שע ענינים. אַ שטיקעל אמת איז פאַראַן אין דעם מאָטיוו, אָבער ניט אינגאַנצען; דאָס איז ניט דער עיקר. נאָך אונזער מיינונג איז די אורזאַכע פיעל טיעפער, פיעל פּסיכאָלאָגישער. דער עיקר — וואָס קאַרלין שטעהט אָפּ אין געזעלשאַפטלי־

כען לעבען ליגט אין דעם. וואָס קאַרלין האָט אין איהר היסטאָריע געהאַט צופיעל נדיבים, מעהר — ווי מ׳דאַרף בעלי־צדקה.

דאָס איז ניט קיין פּאַראַדאָקס. נדיבות, צדקה און בכלל מתנות איז אַן־ און פאַר־זיך זעהר אַ שעהנע און עכט אידישע מידה. נאָר פאַר דעם מקבל, פאַר דעם, וועלכער באַנוצט זיך מיט די נדיבות, איז דאָס סם. אין קאַרלין איז מיט איין דור צוריק געווען אַ גאַנצע „נדיבים־עפּאָכע״. ס׳האָבען אין איהר עקזיסטירט פיעל גרויסע גבירים מיט גוטע אידישע הערצער און דאָרט האָט געהערשט אַ גאַנצער מבול פון צדקה. די צדקה איז אויסער דעם גוטען ווילען, געוואָרען אויך אַ מין ספּאָרט. די גאַנצע קהל׳שע בעסטע אינסטיטוטען זיינען געגרינדעט געוואָרען דורך יחידים. אָבער דאָס האָט פּאַרמאַנאָפּאָליזירט די גאַנצע קהל׳שע הנהגה. די נדבות מיט אַ צופיעל ברייטער האַנט, האָט ניט ווילענדיג אָפּגעטווידט ביי די קאַרלינער תושבים אַלע געזעלשאַפטליכע געפיהלען. מ׳האָט ניט ווילענדיג צוגענומען ביי זיי די איניציאַטיווע, דעם גאַנצען רצון און מ׳האָט זיי געמאַכט פאַר גייסטיגע קאַליקעס. ניט אומזיסט זאָגט מען: וואָס צופיעל, איז אומגעזונט.

בכדי אונזערע ווערטער זאָלען אָבער ניט בלייבען נאָר ווי פּוסטע פראַזען, וועלען מיר כאַטש איין פאַקט ארויסשטעלען. אין דער „נדיבים־עפּאָכע״ אין קאַרלין האָט זיך געפונען אַ נדיב, וואָס האָט אויסגעבויט אַ גרויסע הילצערנע שטאָט־שוהל. די שוהל האָט עקזיסטירט פיל צעהנדליגע יאָהר און האָט שוין געהאַט פאַר זיך אַ גאַנצע היסטאָריע מיט אַ גרויסען אינווענטאַר. עס האָט זיך אָבער ניט געמאַכט עפּעס אין קאַרלין נאָך אַ נדיב זאָל סטראַכירען די שוהל פון פייער, און די קאַרלינער אידען — זאָלען געזונט זיין — אָהן אַ נדיב וועלען זיי אפילו ניט אויסגעבען עטליכע צעהנדליגער רובל יעהרליך, ווען אפילו די שוהל האָט געטראָגען אויף דאָס, פּשוט די טרחה אַליין איז פאַר זיי צו שווער. אין אַ שעהנעם פריהמאָרגען איז די שוהל נעבעך אָפּגעברענט געוואָרען. נו, שוין דאַנקען גאָט עטליכע יאָהר שטעהט דער פּלאַץ פון שוהל ליידיג, פּשוט ערווינט, און די קאַרלינער האָפען מסתמא, אַז גאָט וועט צושיקען ווייטער אַ נדיב, וואָס וועט אָפּסטראָיען די שוהל כשנים קדמוניות.

דער נדיב אָבער איז נאָך דערווייל ניט געבאָרען געוואָרען.

(25 יאָהריגער יובילײ־זשורנאַל,
אנשי פינסק, 1928).

## באַגריסונג פון דער פּרעזידענטין פון דער ליידיס אקזילערי.

ווערטהע שוועסטער און ברידער פון אונזער פאַראיין:

די מענער זאָגען געוויינליך, אַז מיר פרויען האָבען ניין מאָס רייד. ווען איך זאָל אפילו האָבען צעהן מאָס רייד, גלויב איך ניט, אויב איך וואָלט געפונען גענוג ריכטיגע ווערטער אויסצודריקען מיינע געפיהלען אין דעם ערהאָבענעם מאָמענט צו אונזער שעהנעם און טייערען יום־טוב, דעם 25טען יאָהרעספעסט.

פיער און צוואַנציג יאָהר זיינען מיר, פרויען, מיט אייך מענער ארומגעגאַנגען ווי ברוגז׳ע חתן כלה. מיר האָבען קיינמאָל צו אייך ניט גערעדט און ניט איהר צו אונז. ערשט אַ יאָהר צייט, אַז איך האָב זיך אַנגענומען מיט מוטה און האָב אייך אַ פאָרשלאָג געמאַכט, אַז מיר זאָלען הייראַטען נעמליך, מיר זאָלען גרינדען אַ ליידיעס עקזילערי. די הייראַט איז פאָרגעקומען, און איך בין שטאָלץ, וואָס איך בין געווען די שדכנ׳טע. וואָרום פאַר דעם יאָהר צייט פון אונזער עקזיסטענץ, האָבען מיר זעהר פיעל פּראָגרעסירט. דאָס איינציגע, וואָס איך באַדויער, איז וואָס ניט אַלע שוועסטער אינטערעסירען זיך מיט אונזער סאָסייעטי, אָבער איך האָף, אז איהר, ווערטהע שוועסטער, וועט אויף ווייטער נעהמען אַ בעסערען אינטערעס צום וואָהל און בעסטען פון אונזער ליבער סאָסייעטי.

און אין דעם נאָמען פון דער ליידיעס עקזילערי גראַטוליר איך אייך, ליעבע שוועסטער און ברידער, און ווינש, אַז די ערשטע לויצקער אונטערשטיצונגס פאַראיין זאָל בליהען, ווי א בלום אין מאַי, און זאָל פאַרצווייפאַכען איהר טעטיגקייט, און די ליידיעס עקזילערי זאָל איהר חלק ביישטייערען.

מזל טוב אייך; ווערטהע שוועסטער און ברידער, מיר זאָלען אַלע דערלעבען אונזער גאָלדענעם יובילעיום, דאָס איז דער הערצליכסטער וואונש פון אייער,

בעסי שטומאַקאָוו.
(25 יאָריגער יובילייאום־זשורנאַל,
ערשטע לויצקער א. פ., 1926).

## אַ מאַמעס ברכה.

איך האָב אָפּגעלעבט אין דעם קליינעם שטעטעל שידלאָוצע כמעט אַלע מיינע יאָהרען. גאָט האָט מיר געהאָלפען און מיין גוטער זוהן צמח האָט מיך נאָך אַמעריקע געבראַכט, איבערגעלאָזט דאָרט מיין טייערען מאַן זכרונו לברכה, אויף דעם הייליגען אָרט אונטער דעם פרייען הימעל. נו מן הסתם איז דאָס געווען גאָט׳ס ווילען.

איך פרעה מיך וואָס איך האָב די זכיה געהאַט צו דערלעבען די פייערונג פון דעם 25 יעהריגען זילבערנעם יובילעאום פון די שידלאָווצער סאָסייעטי. עס איז מיר אויך אַ גרויסער כבוד וואָס מיין ליבער גוטער זוהן צמח איז איינער פון די עקס פּרעזידענטען פון דער סאָסייעטי.

יעצט, זאָל די ברכה פון אַ 78 יעהריגע שידלאָווצער אידישע טאָכטער מקוים ווערען, דאָס איהר זאָלט דערלעבען צו פייערען אייער גאָלדענעם יובילעאום!

ריי טשעל קופּער
די מוטער פון עקס פּרעזידענט קופּער
(25 יאָהריגער יובילײ־זשורנאַל, שידלאָווצער בענ. סאָסייעטי, 1934).

# איך בין אַן אַשמענער פון אשמענע!

איך בין שוין 40 יאָהר אַוועק פון דער אשמענער סביבה, איך האָב שוין זאָגאַר פאַרגעסען די נעמען פון מאַנכע פון די ערשטע גרינדער, וועלכע זיינען געשטאַנען ביי דעם געבורט פון דעם „פעראיין", עס איז מיר שווער זיך צוריק אַריינלעבען אין יענע מאָמענטען, ווען מיר זיינען נאָך יונג געווען, און ווי יונגע מענשען, אַ סך נאַרישקייטען באַגאַנגען.

פאַר די איצטיגע מיטגלידער פון דעם „אָשמענער פעראיין" וועט עס גאָר ניט זיין אינטערעסאַנט, זיי וועלען גאָר ניט באַגרייפען, וואָס דער „פעראיין" האָט פאַר אונז דאַן געמיינט. פאַר דעם יונגען דור, איז דער אָשמענער פאַראיין, אַ שעהנע סאָסייעטי, מיט אַ רייכע קאַסע, מיט אַ גרויסע מעמבערשיפ, זיי שטאָלצירען מיט דעם שעהנעם נאָמען, וואָס דער פאַראיין האָט אין דער געזעלשאַפט. פאַר אונז אָבער מיט 45 יאָהר צוריק איז דער פאַראיין געווען אַ מלאכת־קודש, אַ הייליגע אַרבייט. מיר האָבען געבויט פאַר זיך אַ נעסט, זיך אָנצואוואַרעמען און דערוואַרעמען אונזערע קראַנקע געדריקטע נשמות. אַ פלאַץ, אין וועלכען מיר זאָלען קענען פאַרטרייבן די עלענדקייט, די געדריקטע שטימונג, אין וועלכע מיר די גרינע אינגלעך פון אָשמינע, האָבען זיך אַזוי שטאַרק גענויטיגט. אַ וואַרעמען ווינקעל, וואו צו פאַרברייגגען מיט די זעלבע מענשען וועלכע זיינען געבוירען געוואָרען און ערצויגען, אין די זעלבע שטאָט.

אַך! ווי עלענד מיר זיינען דאַן געווען! און ווי אָרמעטיג עס איז אונז דאַן געווען! די האַרץ איז צוריסען געוואָרען פון בענקעניש נאָך די אַלטע היים, די אַטמאָספערע אין נייעם לאַנד איז ניט געווען אַזאַ פריינדליכע צו די גרינע נייע מענשען. מיר האָבען געזוכט זיך צוצוטוליען איינער צום צווייטען, זיך אָנצושפאַרען אַן עפּעס, וואו מען קען זיך גוט אויסוויינען, אַז עס זאָל נאַכהער גרינגער ווערען.

אָט אין אַזעלכע מאָמענטען איז געבוירען געוואָרען דער „אשמענער פעראיין". מיר האָבען אין דעם פאַראיין צווישען די קליינע מיטגלידערשאַפט געפונען די פריינטשאַפט, די ליבשאַפט, און די וואַרעמקייט, אָן וועלכע יונגע מענשען קענען ניט לעבען. אַ מיטינג פון פאַראיין יעדע צוויי וואָכען, שבת אָוענט, איז געווען אַ יום־טוב, אויף וועלכען מען גרייט זיך און מען ערוואַרטעט, ווי דאָס אָנקומען פון די נאָהענסטע און ליבסטע זאַך. דער מיטינג לאָקאַל, איז געווען דער מיטל־פונקט, וואו מיר פלעגען זיך צוזאַמענקומען און איינער דעם צווייטען דערציילען, פון דיליידען און דעם עגמת־נפש וואָס מיר פלעגען האָבען אַלס גרינע און עלענדע אין לאַנד.

דער פאַראיין האָט אָפּגעשאַפט די היימישע יחסנות, די וואָס זיינען געבוירען און ערצויגען געוואָרען אויפ'ן זאַסטשעניק הינטערין באָד, זיינען געוואָרען גלייך ווי די וועלכע האָבען זיך ערצויגען אין זופּראַנער גאַס, און דורכגעגאַנגען די אויעזדני אוטשילעשטשע, דער שניידער אָדער שוסטער אינגעל, איז געווען אין פאַראיין אַזוי חשוב, ווי דער היימישער זיידענער יונגערמאַנטשיק. דער אשמענער פאַראיין איז געווען דער שמעלץ־טאָפּ וועלכע האָט אונז איבערגעקאָכט, און אונז פאַר בעסערע און אַנדערע מענשען געמאַכט. די ערשטע יאָהרען אין דעם לעבען פון פאַראיין, זיינען פאַר אונז געווען די גליקליכסטע יאָהרען. און קיינער פון אונזערע איצטיגע זקנים און אַמאָליגע יונגע אינגלעך וועלען עס קיינמאָל ניט פאַרגעסען.

### איך דערשרעק זיך פאַר דער „ראגאליע"

דעם אמת געזאָגט, בין איך ניט איינער פון די גאָר ערשטע מעמבערס פון דעם פאַראיין. ווען דער פאַראיין האָט זיך געגרינדעט, האָב איך נאָך ניט פאַרמאָגט די 50 סענט וואָס עס האָט געקאָסט איינטריט געלט, איך בין פאָרגעשלאָגען געוואָרען אַלס מיטגליד מיט אַ יאָהר שפּעטער, דער פרעזידענט פון פאַראיין איז דאַן געווען ברודער דזשאָו הורעוויטש. אין אַשמענע האָב איך איהם געקענט אַלס גערשקע „יעקעל, דעם טאַנדעטניק". אַז מען האָט מיך צו אַ געוויסען מיטינג אַריינגעפירט צו אינסטאָלירט ווערען אַלס נייער מעמבער, און ווען דער אינסייד־גאַרד האָט מיר צוגעפיהרט צום פרעזידענט, ער זאָל מיר געבען די שבועה, אַז איך זאָל חלילה ניט אויסגעבען די סודות פון דעם פאַראיין, און איך וועל טריי זיין צו די אויפגאַבען פון דעם פאַראיין, אַז איך האָב דערזעהן גערשקע יעקעלס מיט אַ רויטען באַנד איבער'ן ברוסט, זיך אָוועקשטעלענדיג געבענדיג דריי שטאַרקע קלעפּ מיט'ן האַמער, און אַלע אָנוועזענדע האָבען זיך אויפגעשטעלט, בין איך אַזוי דערשראָקען געוואָרען, אַז איך האָב ניט געוואוסט וואָס מען האָט מיר געהייסען נאָכזאָגען. איבערהויפּט האָט מיר דערשראָקען די „ראַגאַליע" וואָס דער פרעזידענט האָט געטראָגען. פאַר מיר, דעם גרינעם, וועלכער איז געקומען ניט לאַנג פון דער ישיבה, און האָט קיינמאָל אין זיין לעבען ניט בייגעוואוינט אַ מיטינג, האָט דער רויטער באַנד איבער'ן ברוסט, געמאַכט דעם איינדרוק, אַז דאָס איז עפּעס אַ הויכער „טשינאָווניק", אַז ער גיט אַ קלאַפּ מיט אַ האַמער שטעלען זיך אַלע אויף, און איך האָב זיך פשוט דערשראָקען.

### די אשמענער דייטשען

די אָפיציעל שפּראַך פון דעם פאַראיין איז געווען דייטשמעריש, צווישען זיך האָט מען גערעדט דעם אָשמענעם אידיש, אָבער די פּראָטאָקאָלען און די פאַרהאַנדלונגען, פלעגט מען געברויכען אַ סך דייטשמישע ווערטער. צום ביישפּיל: דער פרעזידענט האָט אַנאָנסירט, אַז דער און דער ברודער לאַדעט איין צו זיין האָכצייט, — אָנשטאָט צו זאָגען, ווי מען זאָגט עס אין דער היים, אַז ער האָט געבעטען צו זיין חתונה. דער פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַר פלעגט שרייבען אַז אַ מיטינג האָט שטאַטגעפונדען, אָנשטאָט צו שרייבען אַז אַ מיטינג איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען. אַז מען האָט באַדאַרפט באַריכטען, פון אַ פאָרגעשלאָגענעם קאַנדידאַט, האָט מען ניט געזאָגט, אַז ער איז פּאַסענד פאַר אַ מעמבער, נאָר מ'האָט באַריכטעט, אַז ער איז גינסטיג. פּאַסירט, אַז

צום ערשטען מיטינג, ווען איך בין געוואָרען אַ מיטגליד, האָט מען מיך, און נאָך איינעם ערווילט צו אונטערזוכען אַ נייעם קאַנדידאַט. צום נעקסטען מיטינג, האָט זיך אויפ־געשטעלט דער ערשטער קאָמיטע מאַן און באַריכטעט, ניט מעהר ווי איין וואָרט: „גינסטיג". אַז דער פּרעזידענט האָט מיך געפרעגט, וואָס איז מיין באַריכט? ניט וויסענדיג וואָס דאָס וואָרט „גינסטיג" מיינט, ווייל אין אשמינע האָב איך אַזאַ וואָרט ניט געהערט, האָב איך געמיינט אַז מען דאַרף אין אין פּשוט'ן אידיש. עס איז אויך אינטערעסאַנט צו סעקרעטאַר, און די פאַרהאַנדלונגען און אויך די פּראָטאָקאָ־לען האָב איך אָנגעפאַנגען אַריינצובריינגען דעם אידיש ווי מיר זיינען געוואוינט געוואָרען צו ריידען אין אָשמינע.

איך האָב אויך פאַרפאַסט אַ נייע קאָנסטיטוציע פאַר'ן פאַר־אַרום בין איך ערווילט געוואָרען אַלס דער פּראָטאָקאָל־באַמערקען, אַז פון דעם דערשראָקענעם אָרים־בחור, וועל־כער האָט מורא געהאַט צו זאָגען אַ וואָרט, איז אין איין




אשמאנער רעליף קאָמיטעט פון די מלחמה-יאָהרען.

זאָגען „דינסטיג", האָב איך אויסגעשריען: ברודער פּרע־זידענט, דער קאַנדידאַט איז דינסטיג! דאָס איז געווען דעם ערשטען מאָל אין מיין לעבען, וואָס איך האָב אויסגע־רעדט אַ וואָרט צווישען אַזוי פיל מענשען. דער עולם האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט, און איך האָב זיך אַוועקגעזעצט מיט אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ, אַ פאַרשעמטער. אַהיימגייענדיג אַ דערשלאָגענער, האָב איך דעם גאַנצען וועג געקלערט, — ווען און וואו האָבען זיך מיינע אַשמינער אינגלעך אויסגע־לערענט די דייטשישע שפּראַך? ווי קומט צו זיי אַזאַ לשון?

דער פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַר איז דאַן געווען אַ געוויסער מאָריס בליטשטיין, און ניט מעהר ווי מיט צוויי מיטינגען יאָהר צייט געוואָרען דער „ספּיקער אָוו די האוז", ווי הילקע כאַשקע די קנעטערקעס, פלעגט מיך רופען.

עס איז דאַן געווען אַ מנהג, אַז ווען אַ מיטגליד פלעגט חתונה האָבען, פלעגען קומען אַלע מעמבערס צו דער חתונה, דורכפיהרען אַ מעמבער מאַרטש, און איינער פון דעם פאַר־איין פלעגט האַלטען אַ רעדע און איבערגעבען דעם פּרעזענט אינ'ם נאָמען פון פאַראיין. איך בין דאַן געוואָרען דער הויפּט־רעדנער ביי אַלע חתונות. און דאָס האָב איך צו פאַרדאַנקען דעם אַשמענער פאַראיין, דאָרטען האָב איך זיך אויסגעלערנט ריידען, און נאָך ניט געסטאַפּט פאַר די לעצטע 44 יאָהר...

איך וואָלט געקענט אָנשרייבען אַ גאַנצען בוך, מיט עפּי־

זאָדען, פון די ערשטע יאָהרען פון פאַראיין. אין גאַנצען האָב איך באַלאַנגט 5 יאָהר צו דעם פאַראיין. אָבער אַרבייט, טהעטיגקייט און ענערגיע, האָב איך אין די 5 יאָהר אַריינגעלייגט מעהר ווי אַנדערע אין די 45 יאָהר.

איך ווייס, אַז פילע פון אונזערע עלטערע מעמבערס, וואָלטען געוואָלט, אַז איך זאָל דערמאָנען די פּאַסירונגען און די מחלוקות וואָס עס זיינען אָנגעגאַנגען אין פאַראיין, ווען מאָריס ציפּקין (אַ סמאַרגאָנער) און לואיס אנטאוויל (אַ ווילנער) זיינען געווען די פיהרער פון פאַראיין, און דעם קאַמף וואָס עס איז אָנגעפיהרט געוואָרען געגען זיי פון העריס קרעווער, הילקע, און אייבראַמס ווילענסקי, און די ראָלע וואָס איך האָב דאַן געשפּילט אַלס דער פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַר מיט אַן אויסגעריסענעם בלאַט פון פּראָטאָקאָל. אויך די פּאַסירונג, ווען יאָזעף באַראַנדעס איז געווען אַ מעמבער פון פאַראיין, און דעם קאַמף וואָס ער האָט אָנגעפיהרט אַז מען זאָל בייטען דעם נאָמען פון אַשמינער בראָדערס אויף אַמעריקען בראָדערס, און ווי מען האָט מיך אַראָפּגעבראַכט פון פּראָווידענס, וואו איך האָב דאַן געוואוינט, אַז איך זאָל באַקעמפען זיין פאָרשלאַג.

ווען איך שרייב דיזע ציילען, בין איך שוין אַ זקן פון 67 יאָהר, אַ סך וואַסערען זיינען דורכגעלאָפען פון יענער צייט, וואָס מיר האָבען זיך פערזענליך ניט געזעהן. ווען איך קוק צוריק אויף די יונגע יאָהרען, לאַך איך אַליין פון די נאַרישע זאַכען מיט וועלכע מיר האָבען זיך דאַן אינטערעסירט, זיי קוקען אויס אַזוי נאַריש, אַזוי קינדעריש, אַז עס וואונדערט זיך, ווי אַזוי האָבען מיר געקענט זיין אַזוי נאַריש. אָבער עס בענקט זיך נאָך יענער צייט. עס בענקט זיך נאָך יענע עלענדקייט, וועלכע מיר האָבען זיך געפונען, און נאָך יענע פרעהליכקייט, וואָס פלעגט אונז אַרומכאַפּען ווען מיר פלעגען זיין צוזאַמען. איצט ווען מיר זיינען אַרומגערינגעלט מיט היפּשע משפחות, מיט קינדער, מיט שנירען און איידימס, מיט אייניקלעך, אָט איצט וואָלט זיך וועלען צוזאַמענקומען אין קאָרנער פּייק און הענרי סטריט, לעבען קאָהען און זילווערשטיין סאָדע וואַסער סטענד, און קאָכען זיך, און האַמפּערען זיך, וועגען די נאַרישקייטען, ווען מיר זאָלען עס קענען איצט באַווייזען? דוכט מיר אַז מיר וואָלטען יונגער און געזונטער געוואָרען.

און צו די נייע צוגעקומענע מיטגלידער אין די לעצטע יאָרען, אַשמענער און ניט אַשמענער, וויל איך זאָגען: האַלט טייער די ירושה וואָס מיר לאָזען אייך איבער, ווייסט, אַז אין דיזען אַשמענער פאַראיין מיט וועלכע איהר שטאָלצירט אַזוי, האָבען מענשען אַריינגעלייגט זייער נשמה, האָבען זיך רואינירט, דורכגעלאָזען די געלעגענהייט וואָס יעדערער האָט אַמאָל געהאַט אין אַמעריקע, און געאַרבייט אין די אינטערעסען פון דעם פאַראיין.

פון וויליאַם באַקסט (וועלפּקע רחל־מירל'ס).

(45־יאָהריגער יובילעאום־זשורנאַל פון די אַשמאַנער ב. מ. א. און ב. א., 1937).

## ערינערונגען.

מיט וועלכע 30 יאָהר צוריק איז איין לאַנדסמאַן פון דער שטאָט קאַמענעץ ליטאָווסק געשטאָרבען מיט איין אונבאַטירליכען טויט, און נאָך דעם ווי אַלע זיינע באַקאַנטע האָבען זיך צונויפגעקומען, איהם אָפּגעגעבען זיין לעצטע עהרע, האָבען זיי צו זייער שרעק און טרויער אויסגעפונען, דאָס זיי האָבען איהם ניט מיט וואָס מקבר צו זיין, און נאָך פיעל שווערע און שמערצליכע ערנידערונגען האָבען זיי איהם געמוזט מקבר זיין אויף דער סעמעטערי פון דער חסד של אמת. מיט פאַרוויטאָגטע הערצער האָבען זיי, די קאַמענעצער לאַנדסלייט זיך אומגעקעהרט פון דער לויה פון זייער לאַנדסמאַן און פריינד, וועלכען זיי האָבען איבערגעלאָזען אויף אַ פרעמדער סעמעטערי צווישען פרעמדע און אומבאַקאַנטע קברים, צו וועלכען עס וועט זיין זאָגאר שווער צו קומען, און אויף וועלכען עס וועט קיינמאָל קיין פריינדליכער טרעהר ניט פאַלען, און דאַן האָבען עטליכע איידעלע מיטפיהלענדע מענטשען באַשלאָסען, דאָס אַזאַ צופאַל זאָל זיך ניט ווידערהאָלען. פון זייערע לעצטע עטליכע דאָלער אָפּרייסענדיג די נויטיגסטע זאַכען פון זיך און זייערע פאַמיליעס, און מיט גאַנץ שווערער אַרבייט, האָבען זיי געלייגט דעם גרונט־שטיין פאַר דעם יעצטיגען מעכטיגען קאַמענעץ ליטאָווסקער אונטערשטיצונגס פאַראיין. ניט שטענדיג האָבען מיר געהאַט אַזאַ גרויסע צאָל ברידער, כן ירבו, ניט שטענדיג האָבען מיר געהאַט אַזאַ גרויסע סומע געלט אין די בענק ווי יעצט. ניין, עס איז געווען צייטען, ווען מיר האָבען געהאַט ניט מעהר ווי 8 מעמבערס, אין קאַסע קיין פעני. אונזער גאַנצער פאַרמעגען איז באַשטאַנען פון איין סעמעטערי, אויף וועלכער מיר זיינען געווען שולדיג אַ פּאָר טויזענט דאָלער, און אַביסעל ניט פאַרקויפטע טעאַטער טיקעטס. שווער, גאַנץ שווער איז געווען אונזער לאַגע, קיין מעמבערס, קיין געלט, און חובות איבער און איבער, און ווען שפּעטער נאָך שווערער און אונערטרעגליכער אַרבייט — האָבען מיר אָפּגעשפּאָרט עטליכע דאָלער, איז עס פאַרלאָרען געגאַנגען אין איינער פון אונזערע „זיכערע" אידישע בענקלאַך, פון דעסטוועגען האָבען מיר עס אַלעס איבערגעטראָגען געדולדיג, און מיר האָבען ווייטער געפלאָכטען אונזער קאַמענעצער נעסט: מיר האָבען, ניט געקוקט אויף קיינע שטערונגען, און אונערמידליך געאַרבייט ווייטער און ווייטער, ביז מיר זיינען געקומען צו דער שטופע, אין וועלכער מיר געפינען זיך יעצט.

יעצט פאַרמאָגט אונזער פאַראיין איין בכבוד'דיגען פלאַץ אין שטאָט און ביי דער אידישער קהלה, אַלע אידישע צדקות ווערען געשטיצט פון אונזער פאַראיין מיט איין גוט האַרץ און פולער האַנט און אונזער מוטער שטאָט קאַמענעץ, ווערט פון אונז אויך ניט פאַרגעסען. אונזער קראַנקען בענעפיט און אונטערשטיצונג ווערען פינקטליך אויסגעצאָהלט און מיט שטאָלץ און פרייד קענען מיר יעצט ביי דיזען 30־יאָהריגען באַנקעט אָנווייזען, ווי מיר האָבען אונזערע קליינינקען און שוואַכינקען פאַראיין אַנטוויקעלט אין

**אין מעכטיגער און סוקסעספולער אָרגאַניזיישאָן, צו דער עהרע און וואָהלזיין פון אַלע קאַמענעץ ליטאָווסקער לאַנדס-לייט, וועלכע געפינען זיך אין אַמעריקע.**

פון יעקב הורוויץ.

(30 יאָהריגער יובליי-זשורנאַל, קאַמענעץ ליטאָווסקער אונטערשטיצ. פאַראיין, 1928)

---

## שטאָפּ-שטיינדעל

(לידער וואָס בלויז גראַיעווער און שצוצינער קענען אָפּשאַצען).

**שטאָפּשטיינדל די באַנדערושקי**
**יוכטשא דיסקודירא**
**די טשעריטשעכטשי**
**די פענדזשערינדזשי**
**די מאַנדזשירא.**

**בין איך שעהן געוועזען.**
**ווען איך בין עלטער געוואָרען,**
**האָט מען מיר אָנגעהויבען שדוכים צו ריידען,**
**וואָס האָט איהר צו שפּאָטען,**
**וואָס האָט איהר צו לאַכען . . .**
**איך האָב גענומען אַ ווייב,**
**וואָס קען קיין קוגעל ניט מאַכען.**
**פון מיטוואָך גאַנץ פריה**
**ביז פרייטאָג צו נאַכט,**
**קוים מיט צרות דעם קוגעל געמאַכט.**
**שבת צום עסען,**
**דעם קוגעל אין אויווען פאַרגעסען.**
**האָב איך גענומען אַ גרויסען שטעקען**
**און האָב גענומען איהרע פלייצעס צודעקען,**
**איז זי אַנטלאָפען אויף פיער וואָכען**
**און איך האָב ניט געהאַט**
**ווער עס זאָל אַ טעפּעל קאַרטאָפעל איינקאָכען.**



די פּאָזשאַרנע קאָמאַנדע פון גראַיעווע

**די באַרעבאַמבע**
**די באַרעבושקע**
**די פוף**

2.

**ווען איך בין קליין געווען**
**ווען איך בין קליין געוועזען,**
**האָב איך אָנגעהויבען מיט מיינע שכנים שטודירען,**
**זיי זאָלען מיר ברענגען מיין דאמע צופיהרען,**
**און ווען זיי האָבען מיר מיין דאמע געבראַכט,**
**האָב איך געהאַט אַ גוטע נאַכט.**

(„דער גרייעווער", 1907 — 1937, ארויס-געגעבען פון גראַיעווער י. מ. בר. 35 א. ר.)

## מיין געבורט שטעטעל סוויסלאָטש

איך קען ניט פאַרגעסען די שטעטעל, די קליינע;
דיינע טייכען סוויסלע און בעראָזע אלס איינע,
די פּריסאַדעס בוימער, שטאָלצע און שעהנע,
די חאַרקאָווער וויספּע מיט יאַגעדעס קליינע.
דער דובניק וואַלד מיט דאטשניקעס זומער צייט,
די באַלאַנעס און סינאַסהענטען אין שניט צייט,
די שטעטעל אויף אַ באַרג מיט טייכען ארום,
די נאַטור וואונדער שלאָסמארג אַלס פעסטונג דארום.
די וויספּע מיט בוימער אינמיטען דער טייך בעראָזע,
דער דוואַרעץ מיט דעם פּאַרק אַלס וואונדערבאַרע
פּאַנאראמע,
דער נייער אברובעל און הולאַטע דערביי,
האָט געהאַט אַ הוטע פון גלאָז און אַ פּילנעם זאַוואָד
אַלס ניי.
די פּאַראַכאָדען סודבא, זוועזדא און בלאַגאָדעטעל
האָבען באַקומען אַ פריינדליכע אויפנאַמע פון די
איינוואוינער אין שטעטעל.
בארלינעס און האַנטשאַקעס אָנגעהרושעט מיט פּיטלויקע
מעל־זעק,
פלעגען געשלעפּט ווערען נאַ האָרו אויף דער ליאַמקע
ווייטער אַוועק.
(25־יאָהריגער יובילײ פון סוויסלאָטשער
ברידערליכען פאַראיין, 1937).
לואיס ליפּסקי.

---

## היסטאָרישער איבערבליק.
(1888 — 1938).

די געשיכטע פון אונזער פאַראיין שפּיגלט אין זיך אָפּ דעם אידישען אימיגראַנטען לעבען אין אַמעריקע פאַר די לעצטע פופציג יאָהר און גיט אונז אַ לעבעדיגען און בולטען בילד פון אַלע פּאַסירונגען, איבערלעבונגען, פריידען און ליידען פון אונזערע לאַנדסלייט אין דיזער פרייער און שעהנער לאַנד.

עס איז באמת מערקווירדיג און אינטערעסאנט צו שילדערען די געבורט און ענטוויקלונג פון אונזער אָרגאַניזאציע, וועלכע מען קען אויך באַטראַכטען אַלס אַ רינגעלע אין דער גאָלדענער קייט פון אידישער געשיכטע בכלל און פון ניע־שוויעזער לאַנדסלייט אין אַמעריקע בפרט.

אין די אַכציגער יאָהרען, פון פאָהריגען יאָהרהונדערט, ווי מיר ווייסען, האָבען זיך די אידישע מאַסען אין רוסלאַנד און איבערהויפּט אין ליטע, געפונען אין אַ שרעקליכער נויט. עס האָבען דאַן געהאַנגען איבער דעם גאַנצען אידישען פאָלק שווערע פינסטערע וואָלקענס און כמאַרעס. עס איז דאַן געוועזן אין רוסלאַנד די גרויזאַמע צייט, ווען עס האָט געגאָלטען די דרייפאַכע קללה פון דעם באַריהמטען צורר היהודים פּאָביעדאָנאָסצעוו, שחיק טעמא ,דער אָבערפּראָקוראָר פון דעם רוסישען סינאָד און דער גייסטיגער לעהרער פון אַלכסנדר דעם דריטען, אַז פאַר די אידען אין רוסלאַנד זיינען פאַראַן בלויז דריי וועגען: איין טהייל פון זיי זאָל אויסשטאַרבען פון הונגער, הער צווייטער טהייל זאָל זיך אויס׳שמד׳ען, און דער דריטער טהייל זאָל אויסוואַנדערען אין אַלע עקען פון דער וועלט.

און די רוסישע רעגירונג האָט טאַקע אָנגעווענדעט אַלע מיטלען אויף אַלע פראָנטען, כדי צו פאַרווירקליכען אָט די זע שרעקליכע דרייפאַכע קללה פון איהר גרויזאַמען ראַטגעבער.

מען האָט איינגעפיהרט די טשערטאַ אָסעדלאָסטי, דאָס הייסט די געציילטע ערטער און שטעטלאַך, וואו אידען האָבען געמעגט זיך באַזעצען, כדי צוזאַמענשטיקען אַלע אידען, ווי הערינג אין אַ פאַס, אוואו זיי זאָלען זיך אַליין איינע די אנדערע אויפעסען און פאַרניכטען. און אָט דאן האָבען זיך טויזענטער און צעהנדליגער טויזענטער אידישע פאַמיליעס געפונען צווישען האַמער און קאוואדלע. בלייבען אין דערהיים, אין דער היימישער שטעטעל, איז געווען אונמעגליך און פאָהרען אין דער וועלט, איז געשטאַנען די האַרבע פראַגע: וואוהין, לאָן?

און אזוי ארום האָט דער גייסטיגער מח פון דער אידישער יונגער אינטעליגענץ אין די פיזישע קראַפט פון דער האָרעפּאַשנער מאַסע געזוכט וועגען אוואו אָנצואווענדען זייער פון ענערגיע שפּרודעלנדען כח אויף אַלע געביטען פון מענטשליכען לעבען. אָבער אַלעס איז געווען פאַרצאַמט און פאַרשלאָסען.

דאן האָבען די קינדער פון דעם אַלט־נייעם פאָלק ישראל זיך גענומען צום אַלטען מיטעל, צו וועלכען זיי זיינען געוואוינט געוואָרען פון אַמאָל אָן, און וועלכען זיי האָבען געקראָגען בירושה פון זייערע אבות. נעהמענדיג דעם וואַנדערשטעקען אין האַנד, זיינען זיי ארויס אין דער גרויסער און ווייטער וועלט און זיך געלאָזט אין גרויסע מאַסען צו דער נייער און אונבאַקאַנטער לאַנד — אַמעריקע.

עס איז איבעריג דאָ צו באַשרייבען די ליידען און שרעקליכע איבערלעבונגען פון אונזערע ברידער וואַנדערער, איידער זיי האָבען דערלעבט צו באַטרעטען דעם באָדען פון דעם „גאָלדענעם” לאַנד. יעדער איינער ווייס, דאָס זייער וועג איז געווען באַדעקט מיט דערנער.

און יעצט פאנגט זיך אָן אַ נייער קאַפּיטעל אין לעבען פון אידישען אימיגראַנט אין אַמעריקע, און פון אונזערע ניע־שוויעזער לאַנדסלייט צו זאָגען, אַז דער נייער וועג פון די אימיגראַנטען אין אַמעריקע, איז געווען באַזיהט מיט ראָזען, קענען מיר, ליידער, געוויס ניט, און דאָס איז דאָך זעלבסטפאַרשטענדליך אין אַ נייער לאַנד, מיט נייע זיטען, אַ נייער שפּראַך, נייע קולטור און ציוויליזאַציע און אַן איינגענאַרטיגען לעבען.

און דאריבער קען זיך די געשיכטע פון אונז, ניעשוויעזער לאַנדסלייט, אין אַמעריקע אָנהויבען מיט אונזער אַלטען היסטאָרישען נוסח: „ויהי בימי אלכסנדר השלישי...” און אוואו עס שטעהט א „ויהי”, זאָגט דער מדרש אסתר

איז אַ צרה, און צרות זיינען טאַקע דאַן געווען פלענטי־גענוג, שוין אפילו צופיל...

אָבער, ווי דער דייטשער גלייכווערטעל זאָגט: „אין דער גרעסטער נאָטה (נויט) העלפט גאָט" און עס זיינען טאַקע געקומען אויך ליכטיגע מאָמענטען אין לעבען פון די ניעשוויעזער לאַנדסלייט אין אַמעריקע, און איינער פון די ליכטיגסטע מאָמענטען אין לעבען פון די ניעשוויעזער לאַנדסלייט אין אַמעריקע מיט 50 יאָהר צוריק, איז, באמת, געווען די גרינדונג פון אונזער פאַראיין, צו וועלכען מיר האָבען אַלע דעם פאַרגעניגען צו באַלאַנגען.

יעצט, ברידער און שוועסטער, הערט זיך איין, ווי אזוי דאָס אַלעס האָט פאסירט.

ווי באקאנט, זיינען אין יענע ערשטע יאָהרען, אונזערע ברידער געווען צוזייהט און צושפרייט איבער ניו יאָרק אַ גאַנץ יאָהר. פאַרהאָרעוועט און פאַריאָגט פון דער שווערער ארבייט און פראַצע און אַ גאַנצען טאָג פאַרשפאַרט אין שאַפ, ביז שפעט אין דער נאַכט. אָבער גאָט גיט דאָס אַ פורים, כאָטש אפילו ניט מעהר, ווי איין מאָל אין יאָהר, האָבען זיך עטלאַכע פון אונזערע ברידער ניעשוויעזער לאַנדסלייט צוזאַמענגעקליבען אין יאָהר 1888 אויף עלדרידזש סטריט, אין דער וואוינונג פון אונזער ווירדיגען יעצט פאַרשטאָרבענעם ברודער מאיר מעסטער ע"ה צו אַ פורים־סעודה. עס פאַרשטעהט זיך, אַז די פרייד איז דאַן געווען זעהר גרויס. עפעס אַ קלייניגקייט, עלענדע לאַנדסלייט, העט, העט ווייט אויף יענער זייט ים, אין דער נייער וועלט, זיצען זיך ביי אַ סעודה, ביי איין טיש! עס איז אַוועק אַ שמועס אין דער לענג און דער ברייט. יעדערער דערמאָנט זיך אָן זיין היים און זיין פאַמיליע, אָן זיינע פריינד און חברים, און אַזוי ארום האָט מען זיך גייסטיג אזוי דערוואַרימט, ביז מען איז געקומען צום געדאַנק, אַז וואָס געווען איז געווען, אָבער דערווייל דאַרף מען זעהן, אַז דאָ, אויפ'ן נייעם אָרט, זאָל געשאַפען ווערען אַזאַ אינסטיטוציע, אַוואו ברידער — לאַנדסלייט זאָלען זיך טרעפען אָפט און וואו די נייע וואַנדערער־אימיגראַנטען זאָלען באַקומען הילף, ברידערליכע שטיצע און גייסטיגע ערמוטהיגונג, און ווען אַ ברודער האָט זיך אַוועקגעשטעלט און טאַקע אַזאַ פאָרשלאָג געמאַכט, אַז מען זאָל גרינדען אַ פאַראיין פון ניעשוויעזער לאַנדסלייט, איז דער פאָרשלאָג איינשטימיג אָנגענומען געוואָרען מיט פרייד און אַפלאָוז. אויפ'ן אָרט האָבען זיך אַלע ענראָלט און אַזוי איז געלייגט געוואָרען דער פונדאַמענט פון אונזער ניעשוויעז פאַראיין מיט 50 יאָהר צוריק, און טאַקע מיט מזל אום פורים!

פיעלע פון אונזערע ברידער געדיינקען נאָך עד היום דעם שעהנעם און פריינדליכען צוזאַמענקומען, וועלכער פלעגט פאָרקומען זעהר אָפט ביי ברודער מאיר מעסטער ע"ה און געדיינקען מיט ליעבע זיין עדעלע פרוי גיטעל ע"ה, וועלכע איז געווען אַ טרייע שוועסטער צו אַלעמען און אַן אמת'ע מכניסה אורחים אין שעהנסטען און עדעלסטען זין!

די איינטריטס געלט איז געווען 10 סענט פון אַ מעמבער, וועלכע יעדערער האָט גלייך באַצאָהלט; פעסט איז געווען דער באַשלוס צו ארבייטען און בויען עטוואָס וויכטיגעס, וואָס זאָל האָבען אַ לאַנג־דויערענדען ווערטה, פאַר אַלע אונזערע ברידער־לאַנדסלייט, אָהנע אונטערשייד פון ראנג און עלטער.

דיזע ערשטע גליקליכע פאַרזאַמלונג האָט באַשלאָסען צו רופען אַ צווייטען מיטינג, אויף וועלכען דר. מרגליות איז ערוועהלט געוואָרען אַלס דער ערשטער פרעזידענט פון דער ניי־געגרינדעטער אָרגאַניזאציע פון די ניעשוויעזער לאַנדסלייט אין אַמעריקע. ביי דיזען מיטינג איז שוין באַשלאָסען געוואָרען, אַז אַ נייער מעמבער זאָל געבען 50 סענט איינטריטס־געלט און, אַז די קוואַרטעל דיוס זאָלען זיין 1 דאָלער מיט 25 סענט. דאָס געלט זאָל פאַרווענדעט ווערען, אום צו העלפען די נייע לאַנדסלייט, ווען זיי קומען פון יוראָפ, און מען זאָל זיי שטיצען גייסטיג, ווי מאַטעריעל; מען זאָל זעהן שטאַרקען זייער מוטה און טאַקע העלפען, ווען נויטיג, מיט אַ העט, אַ פאָר שיך, אַ נייעם מאָדערנעם אַמעריקאַנער מלבוש און זיי מכניס־אורח און מקרב זיין און געבען אַ גוטע פאָר מאָלצייטען, און דאצו נאָך אַ פאָר דאָלאר מזומן אין פאַקעט.

ביים צווייטען מיטינג זיינען שוין געווען ענראָלט 24 מעמבערס פון פאַרשיידענעם עלטער, אַלט און יונג, אָבער אַלע באַגייסטערט מיט דעם פעסטען באַשלוס, אַז זיי טוען עטוואָס גוטעס ניט נאָר פאַר זיך אַליין, נאָר פאַר דעם גאַנצען כלל ניעשוויעזער לאַנדסלייט, און ניט נאָר פאַר יענעם מאָמענט אַליין, נאָר עטוואָס ערהאַבענעס און שעהנעס פאַר לאַנגע דורות!

מיט שטאָלץ און פרייד דערמאָנען מיר יעצט אונזערע פיאָנערען, אונזערע בראַווע חלוצים, וועלכע האָבען געלייגט דעם פונדאַמענט פון אונזער פאַראיין און וועלכע האָבען אויסגעגלייכט דעם וועג און געמאַכט פריי פאַר אונז דעם ברייטען שליאַך, וועלכער האָט אונז דערפיהרט ביז דעם היינטיגען צושטאַנד פון אונזער ליעבען פאראיין.

אמת, ניט לייכט איז עס זיי אָנגעקומען. זיי האָבען געהאַט צו זאָגען און צו זינגען. פיעלע שוועריגקייטען האָבען זיי אויסגעשטאַנען, געפאָקט און געמאָזעלט, ביז זיי האָבען אויסגעהאָדעוועט אונזער פאַראיין אין זיין יעצטיגען גרויסען פאַרנעהם, אַנטוויקעלט איהם און לאַנגזאַם איהם געבראַכט צו זיין יעצטיגער שטופע, אויף וועלכער מיר קענען אַלע שטאָלץ זיין יעצט.

ניט קוקענדיג, וואָס דער אָנפאַנג איז געווען אַזוי באַשיידען און קליין, די מאַטעריעלע מיטלען אַזעלכע אָרימע און מיזערנע, זיינען, אָבער, די גרינדער פון פאַראיין אַרויס די גלענצענדע זיעגער, ווייל זייער ארבייט איז געווען באַקרוינט מיט ליעבע צו אונזער אַלטער היים, מיט טיעפע ענויים און צער פון אונזער פינסטערען גלות־לעבען, אָבער באַגייסטערט מיט גלויבען, האָפנונג און ענטוזיאַזם אויף אַ בעסערער און פרעהליכער צוקונפט.

און יעצט שטעהט אונזער פאַראיין פעסט, ווי אַ מעכטיגער פעלז, וואָס קיין שטורם קען איהם ניט שעדיגען און

קיין צושטערענדע קראַפט קען איהם ניט פאַרניכטען, ווייל ער איז צעמענטירט מיט בלוט און שווייס פון אונזערע ברידער און ווייל ער ווערט אויפגעהאַלטען מיט דעם שטאַרקען גייסט פון דריי דורות.

עס איז אינטערעסאַנט צו באַמערקען, דאָס גראַדע דער מערקווירדיגסטער קאַפּיטעל אין דער געשיכטע פון אונזער פאַראיין, איז דער ערשטער, ווייל ער דערצעהלט, ווי פון אַ קליינעם אָנפאַנג איז געשאַפען געוואָרען אַזאַ וויכטיגע אינסטיטוציע ווי אונזער סאָסייעטי.

דעם ערשטען יאָהר האָבען אונזערע ברידער געמאַכט א מנין אין 63 באַיארד סטריט, דאָס איז געווען ביי יעקב מישקין ע״ה אין שאַפּ. ביי דיזען מנין איז יקיר, דער ניעשוויעזער חזן, געווען דער בעל מוסף און האָט געקראָגען פאַר׳ן דאַווענען ימים נוראים 70 דאָלער. צבי הירש סמיטה ע״ה האָט דאַן געדאַוועגט שחריתים. אָט פון דעם ימים נוראים דאווענען איז דעמאָלט געבליבען 100 דאָלער ריינער פּראָפיט און מיט דיזער סומע האָבען די ברידער דאַן געקויפט 5 מיט אַ האַלב פּלאַטס אויף וואשינגטאָן סעמעטערי, וועלכע האָבען געקאָסט 367 דאָלער. עס איז אָנגעקומען גאַנץ שווער, ביז מען האָט אויסגעצאָהלט דעם חוב פון די 267 דאָלער. שפּעטער אַביסעל, האָט מען געקויפט די צווייטע סעמעטערי, 20 לאָטס אויף מאונט ציון סעמעטערי פאַר 1,000 דאָלער, און נאָר מיט גרויס אָנשטריינגונג און פיעל מיה האָט מען אויך דיזע סומע אויסגעצאָלט. דערפאַר אָבער נאַכהער, ווען מען האָט געקויפט שוין די דריטע סעמעטערי אויך אויף מאונט ציון סעמעטערי, 30 פּלאַטס צו 60 דאָלער אַ פּלאַט אין דעם בעטראָג פון 1,800 דאָלער אויסער אינטערעסט, איז עס גראַדע אָנגעקומען שוין אַביסעל לייכטער, ווייל צו יענער צייט איז שוין אונזער פאַראיין געוואָרען שטאַרקער אין מעמבערשיפּ ווי אין קאַפּיטאַל. אין יאָהר 1925 האָט אונזער פאַראיין געקויפט אויף מאונט חברון סעמעטערי 48 פּלאַטס צו 235.00 דאָלער אין בעטראָג פון 11,280.00 דאָלער (עלף טויזענט צוויי הונדערט און אַכציג דאָלער), ארום וועלכען מען האָט געמאַכט זעהר אַ שעהנעם גדר און דיזע סעמעטערי איז היינט צו טאָג ווערט אַ סך מעהר.

פון דעם ערשטען מאָמענט פון זיין עקזיסטענץ האָט אונזער פאַראיין, וועלכער האָט דאַן געהייסען „ביעשוויזער ברידערליכער אונטערשטיצונג פאַראיין” און שפּעטער ״פּראָגרעסיוו ברעטהערען אָוו נעשוויז”, געצאָהלט קראַנקען בענעפיט און געשטיצט מיט אַ ברייטער האַנט אונזערע נויטבאַדירפטיגע ברידער און לאַנדסלייט, און טאַקע ניט מיט קליינע סומעס, נאָר מיט גרויסע בייטרעגע אין די הונדערטער דאָלערס. אויך פרעמדע אינסטיטוציעס און אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבען זיך צו אונז געווענדעט, זיינען קיינמאָל ניט אָפּגעזאָגט געוואָרען אין הילף, אָדער אין ברייטהאַרציגער דאָניישאָן. ישיבות, האָומס, האָספּיטאַלס, קינדער אַנשטאַלטען, יתומים הייזער און עהנליכע ניצליכע אינסטיטושאָנס זיינען שטענדיג אַוועק פון אונז מיט אַ שעהנער נדבה. מיט פרייד פאַרצייכענען מיר דעם פאַקט, דאָס אונזערע ברידער אין בראָנזוויל, וועלכע האָבען אויסגעבויט אַ שעהנע שוהל אין 17 בריסטאָל סטריט, האָבען פון אונזער פאַראיין געקראָגען שעהנע ביישטייערונגען פון ארום 2,000.00 דאָלער.

מיר האָבען אויך מיטגעהאָלפען אין דעם הערליכען אויפבוי פון אונזער נאַצאָנאַלער היים אין ארץ ישראל.

אויך האָבען מיר אַלעמאָל געזאָרגט פאַר אונזערע ברידער אין אונזער אַלטער היים, אין ניעשוויעז. אונזער פאַראיין איז געווען דער ערשטער, וועלכער האָט ארויסגענומען אַ טשאַרטער פאַר אַ רעליף פאָנד, און מיר האָבען פיעלע טויזענטער איבערגעשיקט אין אונזער אַלטער היימשטאָט ניעשוויעז: מיט איין וואָרט, עס איז ניט געווען איין באַוועגונג ביי כלל ישראל, צו וועלכער אונזער פאַראיין האָט ניט בייגעשטייערט בעין יפה זיין מאַטעריעלע הילף.

אַלזאָ, אי גייסטיג, אי מאַטעריעל, שטעהט אונזער פאַראיין אויף אַ געזונטען און מעכטיגען פונדאַמענט. מיר באַזיצען 5 סעמעטעריס אין ווערט פון 100,000 דאָלער, אַן ענדאומענט פאָנד מיט 3,517.99 דאָלער ; ענדאומענט ווערט אויסגעצאָהלט פון דער טרעזשורי, און ניט פון טעקסעס, צו יעדען רעגולער מעמבער 300 דאָלער פאַר אַ מאַן און 150 דאָלער פאַר א פרוי. אַ גמילת חסד פאָנד מיט 6,086.28 דאָלער. אונזער גמילת חסד לייהט מיט כבוד יעדען רעגולער מעמבער 50 דאָל. אויף לייכטע אָפּצאָהלונגען אָהן אינטערעסט, אַן אָלד אידזש פאָנד מיט 5,014.16 דאָלער, פון וועלכען צו אונזערע אַלטע מעמבערס ווערט געצאָהלט לויט די אומשטענדען און די מאַטעריעלע לאַגע פון אַפּליקאַנט אַ מאָנאַטליכע סובסידיע. עס ווערט אויסגעצאָהלט אין פאַל פון, חס וחלילה, קראַנקהייט, 40 דאָלער קראַנקען בענעפיט פאַר 8 וואָכען אין אַ יאָהר.

אונזער מעמבערשיפּ ווערט פון טאָג צו טאָג גרעסער און פיעלע נייע מעמבערס שליסען זיך אָן אין אונזער פאַראיין. בעזאָנדערס אַנגענעהם איז דער פאַקט, וואָס פיעלע יונגע מעמבערס טרעטען אריין אין אונזער פאַראיין יעדען יאָהר און עס איז טאַקע ווינשענסווערט, דאָס וואָס מעהר יונגע ברידער זאָלען צו אונז אריינגעהן, באַזונדערס די זיהן און איידעמס פון אונזערע מעמבערס, כדי די ווערטער פון שלמה המלך (משלי י״ז ו׳) זאָלען מקוים ווערען ביי אונז אין זייער פולער פּראַכט און שעהנעם אינהאַלט: „עטרת זקנים בני בנים ותפארת בנים אבותם”, וואָס דאָס מיינט: „די קינדס־קינדער זיינען די קרוין פון די אַלטע, און די צירונג פון די קינדער זיינען זייערע עלטערן”. אָט דיזע שעהנע און הייליגע ווערטער דארפען באמת זיין אונזער לאָזונג און ציל פאַר דער געגענוואַרט און צוקונפט.

און מיר האָבען טאַקע יעצט אַ לעבעדיגען ביישפּיל פאַר אונזערע אויגען, ווען מיר זעהען, ווי צוויי יונגע זיהן געהען אין די וועגען פון זייערע פאַרשטאָרבענע טאַטעס ע״ה, און זעצען פאָרט זייער נאָבעלע ארבייט. דאָס זיינען אונזערע יעצטיגע צוויי הויפּט באַאַמטע: אונזער יונגער פּרעזידענט ברודער דזשאָרדזש בערמאַן, דער זוהן פון דעם פאַרשטאָרבענעם ברודער לואיס בערמאַן ע״ה, און אונזער

יונגער וויס־פּרעזידענט היימאַן סטאָלאַרסקי, דער זוהן פון דעם פאַרשטאָרבענעם עקס־פּרעזידענט מאיר סטאָלאַרסקי ע"ה.ביידע אָפּיסערס האָבען איבערגענומען די פאַראַנטוואָרטליכע ירושה פון פיהרערשאַפט און באמיהען זיך צו טראָגען הויך די פאָהן פון אונזער פאַראיין.

עס איז דעריבער אַ שטאָלץ און אַ פרייד צו זיין אַ מעמבער פון אונזער פאַראיין. דאָס וואָס עס איז אונמעגליך צו ערדרייכען פאַר יעדען איינעם באַזונדער, ווערט מעגליך, ווען מען באַלאַנגט צו אַזאַ פּראַכטפולער און פּראָגרעסיווער קערפּערשאַפט. אַלע צוזאַמען שאַפען מיר אַ מעכטיגע קראַפט, וואָס טוט אויף וואונדערבאַר־שעהנע זאַכען פאַר דער מענטשהייט בכלל און פאַר אונז, ניעשוויעזער לאַנדסלייט, בפרט.

און מיט צוטרויען און האָפנונג קוקען מיר דעריבער אויף דער צוקונפט פון אונזער אָרגאַניזאַציע. מיר פּראָגרעסירען, מיר וואַקסען און געהען פאָרווערטס. אונזער מעמבערשיפּ וואַקסט פון טאָג צו טאָג, אונזער אַקטיוויטעט ווערט אלץ גרעסער און גרעסער און אונזערע אינטערעסען אלץ ברייטער און פיעלפאַכער.

עס פאַרשטעהט זיך, אַז נאָר אַ דאַנק דער גוטער און איבערגעבענער פיהרערשאַפט פון אונזערע אָפּיסערס און פיהרער פון אַמאָל און יעצט, איז געווען מעגליך צו ברייגען אונזער פאַראיין צו אַזאַ הויכער מאָראַלישער און עקאָנאָמישער שטופע, אויף וועלכער ער שטעהט יעצט.

איך האָב דעריבער דעם גרויסען פאַרגעניגען און פריי־ווילעגיע אין נאָמען פון אַלע אונזערע ברידער און שוועסטער, אויסצודריקען אונזערע אַלעמענס טיעפּסטען און הערצליכסטען דאנק צו אַלע אונזערע פיהרער, פּרעזידענטען און באַאַמטע פון יעצט און אַמאָל פאַר זייער אונערמיעדליכער און איבערגעבענער ארבייט צום וואָהל און בעסטען פון אונזער פאַראיין, ווי אויך דעם „רענק און פייל", דאָס הייסט אַלע אונזערע מעמבערס, וועלכע זיינען דער „יכין און בועז" פון אונזער פאַראיין.

איידער איך ענדיג מיינע ווערטער, וויל איך אויסדריקען אין נאָמען פון אונזערע אָפּיסערס און מעמבערס דעם גרויסען צער און טרויער אויף דעם טויט פון אונזער ווירדיגען וועטעראַן און איינעם פון די ערשטע אָרגאַנייזערס פון אונזער פאַראיין ר' מאיר מעסטער ע"ה, וועלכער איז אַט ערשט דעם 22טען דעצעמבער אַוועקגעריסען געוואָרען פון אונז און האָט ליידער ניט דערלעבט צו זיצען מיט אונז צוזאַמען ביי דיזען שעהנעם יובל־יום־טוב, אויף וועלכען ער האָט אזוי לאַנג געוואַרט.

מיגון לשמחה ומאבל ליום טוב! לאָמיר זיך היינט, ברידער און שוועסטער, משמח זיין מיט אונזער גרויסען יום־טוב, דעם 50 יאָהריגען יובילייאום! מיר דארפען דאַנקען דעם אויבערשטען, וואָס מיר האָבען דערלעבט צו זיין אַנוועזענד ביי דיזען היסטאָרישען באַנקעט! מיט רעליגיעזען ציטער מאַכען מיר בשם ומלכות די שעהנע און הייליגע ברכה „שהחיינו וקימנו והגיענו לזמן הזה!". מיר זיינען שטאָלץ מיט אונזער פאַראיין, וועלכער איז אַ סימבאָל פון איינִיגקייט, עהרליכקייט, גוטסקייט, טרייקייט און ברידערליכער ליעבע! לאָמיר אַלע בעטען דע סאַלמעכטיגען, דאָס מיר זאָלען זוכה זיין צו פייערען, אַלע צוזאַמען, דעם 75 יאָהריגען יובילייאום פון אונזער ליעבער אָרגאַניזאַציע! איך ווינטש אייך אַלעמען מיט אַייערע פאמיליעס, געזונט, לאַנגע יאָהר און גליק.

ל ע אָ ן  ס ל אָ נ י מ ס ק י.

(50 יאָהריגער יובילייי זשורנאל פּראָגרעסיוו ברעדרעהן אָוו ניעשוויעז, 1938)

---

## הילפס-רוף!

ראַטעוועט אונזער שטעטעל פון אונטערגאַנג!!!

מיט טיפען צער מוזען מיר ליידער אָנווייזען אויף דער מורא'דיגער אָרימקייט און נויט, וועלכע האָט אַרומגענומען כמעט אַלע שיכטען פון דער אידישער באַפעלקערונג אין אונזער שטאָט. די כסדר'דיגע פאַרערגערונג פון דער לאַגע ברייגגט ר"ל, צו יאוש און פאַרצווייפלונג.

דורך דער פאַרשאַפטער ווילדער טעראָר־העצע אין אונזער געגענד זיינען אָפּגעטויט געוואָרען כמעט אַלע קוועלען פון פּרנסה: די אַזוי גערופענע דאָרף־קרעמער, וועלכע פלעגען זיך שפייזען דורך אַרומפאָרען, אָדער אַרומגיין מיט זייער ביסעל סחורה איבער די דערפער פון אונזער געגענד, פאַרבייטענדיג מיט'ן פויער די שטאָטישע פּראָדוקטען אויף די דאָרפישע, טאָרען זיך איצט ניט באַווייזען אין די דערפער, ריזיקירענדיג מיט זייער ביסעל סחורה, ווי אויך מיט'ן לעבען. אויך אין שטאט, יעדען מאָנטאָג און דאָנערשטאָג, ד. ה. אונזערע מערק טעג, פון וועלכע דאָס שטעטעל לעבט אַ גאַנצע וואָך, שטעלען זיך אויס „פּיקעטען," ד. ה. די אַזוי גערופענע „נארא־כוליגאַנעס", וועלכע לאָזען ניט אַריין בוכשטעבליך קיין שום קונה אין די אידישע געשעפטען, ווי אויך צו די אידישע בעלי־מלאכות. גלייכצייטיג לאָזען זיי ניט די פוערים פאַרקויפען זייערע פּראָדוקטען צו קיין אידישע אויפקויפער. דורך דעם האָט אונזער שטאט פאַרלוירען יעדע זיכערקייט אין עקזיסטענץ מעגליכקייט, און מיר זינקען אין מורא'דיגער אָרימקייט, הונגער און נויט. צו באַדויערען זיינען מיר אַזוי פיל מאָראַליש אונטערדריקט געוואָרען, אַז מען לאָזט שוין זאָגאַר ניט אונזער ביטערער לאַגע צו פאַרעפענטליכען אין דער פּרעסע, און מיר קענען חס ושלום אַזוי אויסגיין שטילערהייט פון הונגער און פיין.

דאַרום ווענדען מיר זיך צו אייך ברידער און שוועסטער מיט אונזער אַפּיל! ראַטעוועט מיט וואָס איהר קענט, מיט באַלדיגע הילף, צו לינדערען אונזער לאַגע פאַר וועלכע מיר זעהען ניט קיין אויסוועג, אויב ס'זאָל ניט קומען קיין אויסערליכע הילף, און דאָס ווי אַמשנעלסטען!

ד י  א י ד י ש ע  ק ה ל ה
פ ו ן  נ י י ש ט א ט  צ י ע כ א נ א ו ו צ ע

(30־יאָהריגער יובילייי־זשורנאַל, חברה בני משה אַנשי ניישטאָט טשעכנאָווצע, 1937).

## דאָס ליעד פון ראַקאָווער פרויען-קלוב.

ווערטער פון מרדכי סיגעל. מוזיק פון מ. ג. קאַמינסקי.

כ אָ ר :

מיר זיינען א קלאָב,
פון ראַקאָווער פרויען
מיר גיבען זיך אָפּ,
מיט העלפען און בויען.
מיט שטיצע און גאָב,
מיט הערצער דערפרעהען,
קומט לאַנדסלייט אַריין
אין אונזערע רייהען.

ס אָ ל אָ :

מיר בויען אַ צוקונפט
פאַר אָרימע קינדער
וואָס זיינען אָהן טאַטעס
און מאַמעס געבליבען,
מיר שטרעבען צו מאַכען
זיי ליכטיגער, לינדער
זייער פינסטערען לעבען
דעם שווערען דעם טריבען.
כאָר : מיר זיינען, א. אָ. וו.

ס אָ ל אָ :

מיר מיינען די אָר׳מע
פון אונזער שטאָט „ראַקאָוו",
די וועלכע מיר העלפען
מיט ברויט, שוך און קלייד, דאָרט,
און פונקט אַזוי אויך, דעם
געוועזענעם „תקיף",
ס׳צוטראָטען איהם אויך האָט
די אייזערנע נויט, דאָרט.
כאָר : מיר זיינען, א. אָ. וו.

ס אָ ל אָ :

זיי זיינען אונז נאָהענט,
זיי זיינען אונז טייער,
פאַרגעסען אָן זיי, אָך
ווער וואָגט עס, ווער-קאָן-עס !
מיר ווערען צו זיי, נאָך
אַלץ מעהרער געטרייער
כאָטש צווישען אונז שטראָמט
אַזאַ גרויסער איקינוס.
כאָר : מיר זיינען, א. אָ. וו.

Chorus Moderato

Music By M.S. Kaminsky

Fine

1. Solo And

Chor

## קאַלושינער טיפּען.

זאָג מיר, לאַנדסמאַן, זאָג מיר געשווינד,
צי לעבט נאָך עלי לעססער מיט די בייגעל אַצינד?
צי האָט נאָך גארלינסקי די בייזע הינט?
צי לעבט נאָך יאַבלונסקי, דער סטראַזשניק אַצינד?
צי לעבט נאָך סענדער אַבאלילע, דער רעטעניש פון שטאָט,
וואָס זיין וואוינונג איז געווען אין שוהל אָדער אין באָד?
צי געהען נאָך די הכנסת כלה ארום פאַרשטעלט,
און קלאַפּען מיט די פושקעס, און גיט זיי היינט געלט?
צי געהען נאָך חברה צו דעם וואַרשעוועער בריק,
צי שטעהען נאָך די טרעגער ארומגעבונדען מיט שטריק?
צי טראָגען נאָך ראַדזינער חסידים אָן זייערע ציצות
חילאָזען?
צי ציטערען נאָך די פרומע, ווען מען טוט שופר בלאָזען?
צי ציטערען נאָך די חסידים פאַר די „ציציליסטען”, די
זינדער?
צי שרייען נאָך די ווייבער, אַז דורך זיי שטאַרבען קינדער?
צי לעבט נאָך איצעלע, וואָס האָט געזונגען אַזוי שעהן?
אַ פיינער איד, זיין באָרד איז קיין מאָל נישט געווען ריין.
און וואָס הערט זיך מיט בערעל גראַפּטש, דער סימבאָל
פון קאַלושין?
ער בעט נאָך גאָט, אַז מיר זאָלען קומען אַהין?
צי לעבט נאָך עלקע קלעקטשע, די זאָגערין פון שטאָט?
צי איז נאָך דער הקדש לעבען דער באָד?
דערציילט מיר אַלעס, ליעבער פריינד,
ביי אונזער 30־יעהריגען יום טוב היינט!

ע נ ט פ ע ר :

אַלע אין שטאָט וואָלסטו נישט דערקענט,
טראַהעריג צו זעהן, ווי אַלע שטעלען אויף די הענט.
פון די בעלי־בתים די רייכע איז נישטאָ מעהר קיין שפור.
וואָס וועט זיין דער סוף? פרעגען אַלע ביי מיר.
סאָציאַליזם, בונדיזם, זאָגאַר ציוניזם
ווערען פאַרפאָלגט פון דעם ביטערען אנטיסעמיטיזם.
די יוגענט, וואָס האָט אַמאָל אזוי שעהן געבליהט,
ווערען פאַרפאָלגט אַלס מענטש און אַלס איד!
דערשלאָגען זיינען אַלע אונזערע יוגענט פריינט.
לאָמיר זיך דערמאָנען אָן זיי ביי אונזער יום טוב היינט.
דער 30־יעהריגער יום טוב איז ביי אונז דער שעהנסטער.
זעהט, זעהט, זיי קוקען צו אונז אריין דורך די פענצטער!
נישט שטערען אונזער יום טוב זיינען זיי געקומען.
ניין, זיי וואָלטען נעבעך וועלען דעם ים אריבערשווימען!
און פאַרגעסען אין זייער לייד.
צוזאַמען האָבען אַ ביסעל פרייד.
שוועסטער און ברידער און פריינט,
לאָמיר אין זיי נישט פאַרגעסען אויך היינט!

א י ט ש ע ל ע  פ י י ג ע נ ב ו י ם
(30 יאָהריגער יובליי־זשורנאַל אינד. קאַלושינער בענ. סאָסייעטי, 1935).

## אַ רוף צו דער יוגענד

„דור הולך ודור בא”, האָבען געזאָגט אונזערע נביאים. וועלען אונזערע קינדער איבערנעמען אונזער אידעאַל און איהם פאָרזעצען, ווי מיר האָבען דאָס געטאָן? איך בין זיכער אַז יאָ, ווייל צו־גרויס זיינען די צרות און פיין פון דאָס אידישע פאָלק, און צו־ווייטאָגדיג שאַרף זיינען די פּראָבלעמען פון איהר עקזיסטענץ, אַז אונזערע קינדער זאָלען קענען פאַרבייגיין און דאָס ניט באַמערקען. דאָס קען ניט און וועט ניט פּאַסירען. זאָל מען ניט דיינקען, אַז דערפאַר וואָס די יוגענד רעדט די שפּראַך פון לאַנד, דיינקט זי ניט און פילט ניט דאָס אומרעכט וואָס ווערט באַגאַנגען געגען איהר אַלס איד און אַלס מענש, אפילו אין דער פרייער אַמעריקע.

עס ליגט אַ געוויסער אמת, אַז פילע פון אונזערע קינדער זיינען יעצט פאַרטאָן אין ענינים, וואָס ברייגגען זייער ווייניג נוצען דער מענשהייט בכלל און דאָס אידישע פאָלק בפרט, אָבער איך האָף און גלויב, אַז גאַר אין גיכען וועלען זיי קומען צו אונז איבערנעמען די אַרבייט און פאָרזעצען די אידעאַלע אויפגאַבע, וואָס טראָגען אריין אין די רייען פון אידישען פאָלק. איך גלויב און האָף, אַז זיי וועלען ניט וואַרטען ביז עס וועט קומען אַ היטלער, ימח שמו, זיי דאָס דערמאָנען, אַז זיי זיינען קינדער פון פאָלק ישראל.

אין אונזער ברענטש זיינען פּאַרלויפיג זייער ווייניג פון אונזערע קינדער, אָבער דער גלויבען, אַז זיי וועלען קומען צו אונז, מאַכט מיר דעם יום־טוב פיל רייכער. און איך האָף דאָס ווען זיי וועלען פייערען דעם קומענדען יובילייאום פון ברענטש הונדערט צוואַנציג דריי, וועלען זיי ניט פאַרגעסען אויך מיך צו דערמאָנען מיט אַ גוט וואָרט.

י ע ק ב  מ א ר ט י ן
(20 יאָהריגער יובליי־זשורנאַל, שומאַטשער־אָדעסער בר. 123, אידישער נאַציאָנאַלער אַרבייטער פאַרבאַנד, 1938.)

---

## קעסטל גאַרדען.

(דער ערשטער האַטעל פון די אימיגראַנטען אַמאָל)

צו אונזער 40־יאָהריגען יובילי וואָס מיר פייערען איצט איז ווערטה אַז מיר זאָלען אָפּפרישען אונזער זכרון פון יענער צייט וואָס מיר האָבען אריבערגעטראָטען דעם שוועל פון ניו יאָרק און דאַן גלויב איך וועלען מיר בעססער קענען אָפּשאַצען אונזערע אייגענע אַרבעט און אויך וואָס איז גע־טאָן געוואָרען פון די אידישע אימיגראַנטען בעפאָר אונז.

י. קאַפּעלאָוו אין זיין בוך אַמאָל אין אַמעריקע, שילדערט דעם קעסטל גאַרדען ווי אַ טורמע, דער זאַל איז געווען אַ גרויסער און געאָטעמט מיט אַזאַ אומהיימליכקייט אַז עס איז געווען אַ שרעק, די שטימונג איז געווען אַ געדריקטע און ניט ווילענדיג האָט זיך געזיפצט און אַזוי ווי ביי לאַנדען, האָט מען קיין שווערינקייטען ניט געהאַט און אַזוי ווי טהיר און טויער איז געווען אָפען פאַר אַלעמען, איז דאָרט געווען

אַזאַ געדראַנג און ענגשאַפט אַז עס איז פשוט ניט געווען וואו צו זיצען ביי טאָג און וואו צוצולייגען זיך דורך דער נאַכט, אויפ'ן פלאָר זאָגאַר איז ניט געווען קיין פלאַץ.

אין לאַנד האָבען מיט קיין פריינד נישט געהאַט. קיין גראָשען געלט ביי דער נשמה נישט געווען, און מיר האָבען קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט ווי זיך צו וואַלגערען אויף דער האַרטער פלאָר פון שמוציגען קעסטל גאַרדען און עסען וואָס עס האָט זיך געמאַכט.

און אַז גאָט האָט שוין געהאָלפען אַז מען האָט שוין געקראָגען אַרבעט האָט מען געאַרבעט 15 און 16 שטונדען אַ טאָג און מען האָט די נשמה פון זיך אַרויסגעטריבען. ווינטער האָט מען געפרוירען, זומער זיך געפּרעגעלט פון היץ אַבי נאָר מאַכען עטלעכע דאָלער צו קענען שיקען נאָך דער פאַמיליע, און ווען די פאַמיליע איז שוין געקומען האָט זיך יעצט אָנגעפאַנגען נייע צרות.

מען האָט געדונגען אַ דריי רומס אויף אַ 5-טען פלאָר אָדער אין אַ קעלער. גענומען עטליכע באָרדערס, אַריינגעפּאַקט אין די זעלבע 3 רומס און דערצו האַט דער מאַן מיטגענומען אַ ביסעל אַרבעט פון שאַפּ און די ווייב מיט די קינדער האָבען צוגעהאָלפען און אַלץ צוזאַמען איז ניט געווען גענוג אויף צום לעבען.

די היינטיגע געשעפטס-לייטע איז זייער ערפאָלג אויך ניט אַרונטערגעפאַלען פון הימעל.

צוויי פאַרטנערס אויף קאַנאַל סטריט האָבען יאָהרען לאַנג געליטען פון אַ טעות וואָס זיי האָבען געמאַכט:

צו זיי איז געקומען אן אײדזשענט פון אַ קרעדיט אַגענטור אויסצוגעפינען וועגען זייער געשעפט, אָבער זייענדיג נאָך „גרינע" האָבען זיי ניט געוואוסט וואָס מען וויל פון זיי, איז איין פאַרטנער אריינגעלאָפען צו אַ שכן אין אַ מעבעל געשעפט נאָכפרעגען זיך וואָס דאָס מיינט, ווי און וואָס מען דארף זאָגען. יענער האָט אָבער אויך ניט געהערט פון אַגענטורען, ער האָט אָבער יאָ געוואוסט, אַז עס גייען ארום באַאַמטע פון דער ביוראָ פון טעקסעס, האָט ער זיי ווי א גוטער פריינד געגעבען אַן עצה, אַז ער זאָל אָנגעבען זיין פאַרמעגען וואָס קלענער. איהר דארפט מאַכען דעם איינדרוק, אַז איהר פאַרמאָגט גאָרנישט. עס קען אייך נאָך אָפּגילטען, אַז איהר זאָלט זיך איינגאַנצען באַפרייען פון צאָהלען טעקסעס.

די צוויי פאַרטנערס האָבען געוויינט און געקלאָגט פאַר דעם אײדזשענט, אַז יענעם איז מעהר ניט געבליבען ווי איבערלאָזען די צוויי שותפים אַ פּאָר סענט אויף דינער. עס פאַרשטעהט זיך, אַז פון קיין קרעדיט איז שוין מעהר קיין פראַגע ניט געווען. זיי האָבען דאָך אליין אונטערגעשריבען, אַז זיי פאַרמאָגען גאָרנישט.

אָבער דאָס איז ניט אַלץ. אין אַ צייט ארום איז צו זיי אריינגעקומען אַן אָפיסער פון „טעקס ביוראָ". דאָס מאָל איז שוין דער אַנדערער פאַרטנער אריינגעפאַלען צו א שכן, אַן אַלטען קליידער געשעפט מאַן, וואָס האָט שוין געוואוסט פון די אַלע „אַגענטורען", „רעפּאָרטס" און „סטייטמענטס". און ער האָט דערקלעהרט זיין שכן אַלע איינצעלהייטען וועגען וואָס עס האַנדעלט זיך, און ער האָט איהם געראָטען, אַז ער זאָל קיין צו גרויסע ליגענס ניט זאָגען, ווייל מען קען איהם נאָך כאַפּען, אָבער אַ ביסעל צו זאלצען — מאַכט ניט, וואָס גרעסער דער פאַרמעגען, וואָס מעהר איינגאַמע, אַלץ געזינטער איז דער געשעפט, און במילא קריגט מען אַ בעסערען קרעדיט. גייט געזונטערהייט, און גאָט זאָל אייך העלפען, זעהט מאַכט אַ גוטען איינדרוק, אז איהר זייט ניט קיין אָרימע לייט...

די צוויי אידען זיינען נעבעך געבליבען אָהן קרעדיט, אָבער דערפאַר האָט מען אויף זיי ארויפגעלייגט שווערע טעקסעס, אַז זיי האָבען געהאַט צו זינגען און צו זאָגען.

זיי האָבען דאָך אַליין געזאָגט, אַז זיי זיינען רייכע לייט.

אַ היבשע ביסעל האָבען די אימיגראַנטען געליטען פון די דייטשישע יאַהודים, וואָס האָבען געקוקט אויף די פוילישע און ליטווישע אידען, ווי אויף שנאָרערס און קיין זאַך האָט טאַקע אין יענע יאָהרען ניט געקענט געטהאָן ווערען אָהן זייער צושטימונג.

אַנדערע אימיגראַנטען האָבען טאַקע אָנגעפאַנגען צו קוקען אויף די דייטשישע אידען, ווי זיי וואָלטען ווירקליך געווען די געזאַלבטע פון גאָט און עס איז אַ כבוד צו באַלאַנגען מיט זיי צו איין אומה.

די דייטשישע אידען זיינען געוואָרען די טאָן-געבער פון דער אידישער גאַס, קיין זאַך האָט ניט געקענט פּאַסירען אָהן זייער ווילען, אָבער די ליטווישע אידען האָבען דאָס אויך איבערגעקומען. זיי האָבען ביסלעכוויז זיך איינגעאָרדענט אין אונזער נייער לאַנד און כמעט די גאַנצע פיהרערשאַפט איז ביז היינטיגען טאָג ביי די רוסישע, פוילישע אידען און מיר האָבען זיך ניט וואָס צו שעמען מיט דער ארבייט, וואָס מיר האָבען אויפגעטהאָן.

אין פאַרלויף פון יאָהרען שווערע ארבייט, האָבען זיי אויפגעבויט די גרעסטע אידישע האספיטעלער, וואָס זיי אַליין האַלטען אויס, און אויך אַנדערע צדקה אַנשטאַלטען, קיין אַנדער נאַציאָן מיט אַ פיעל גרעסערער צאָהל אימיגראַנטען האָבען דאָס נאָך ביז היינטיגען טאָג ניט באַוויזען. זיי האָבען ניט געוואָלט, אַז אונזערע ברידער און שוועסטער זאָלען פאַלען צו לאַסט אויף דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג.

קולטורעל האָבען זיי איינפאַך באַוויזען וואונדער. בלויז אין גרייטער ניו יאָרק האַלטען זיי אויס היינט צו טאָג ארום 15 אידישע טעאַטערס, וואָס קיין אַנדער נאַציאָן אין ניו יאָרק האָט דאָס ניט באַוויזען, און דאָס נעהמט ניט אַוועק דעם פאקט, אַז די אידען אין ניו יאָרק פילען אויך אָן די ענגלישע טעאַטערס, קאָנצערטען און אָפּעראַס. און מיט שטאָלץ קענען מיר זאָגען, אַז די ליטווישע, פוילישע און רוסישע אידען זיינען די יעניגע, וואָס זיינען פאַראַנטוואָרטליך פאַר די בעסערע ענלישע דראַמע און מואווינג פּיקטשורס, וואָס ווערען פּראָדוצירט אין אַמעריקאַ.

אונזערע ביאַליסטאָקער אידען האָבען נאַטירליך געשפּילט

און שפּילען נאָך יעצט אויך אַ גרויסע ראָלע אין אַלגעמיינעם אידישען לעבען.

פאַר די אַלע גרויסע אויפטוהונגען האָבען זיי אמווייניגסטענס געקראָגען אָנערקענונג ביי זייערע אייגענע קינדער? ווייסען די קינדער, וואָס פאַר שוועריגקייטען זייערע עלטערען זיינען דורכגעגאַנגען אין זייער לעבען? איך דיינק, אַז ניט. און דאָס איז די טראַגעדיע פון אונזער אַלטען דור. אויפגעהאָדעוועט קינדער, און די קינדער פאַרשטעהען ניט די עלטערען. און די עלטערן פאַרשטעהען ניט די קינדער. באַשולדיגען וועמען ניט איז קען מען ניט, אָבער די וואָס האָבען אַממעהרטען געליטען, זיינען דאָך אונזערע עלטערען. עס וואָלט געווען ווינשענסווערטה, אַז אונזערע קינדער זאָלען וויסען אַלץ, וואָס די עלטערען האָבען דורכגעמאַכט ביז זיי האָבען דערגרייכט צו דאָס, וואָס מיר האָבען היינט און דאָס קען געטהאָן ווערען, אַז די יאָנג פאָלקס, וואָס מיר האָבען, זאָלען פון צייט צו צייט אַראַנזשירען לעקטשורס איבער די פראַגען, וואָס אונזערע ערשטע אימיגראַנטען האָבען אויפגעטהאָן פאַר אַמעריקאַ.

ל. פּ אַ ל ט ע ר.

„ביאַליסטאָקער לעבען", ספּעציעלע אויסגאַבע צום 40 יאָריגען יובּיליי פון ביקור חולים אין ברוקלין, 1937).

---

## א ביסעלע אַלטע זכרונות.

צווישען די שעהנע און שטאַרקע געפיהלען, וועלכע דער מענטש באַזיצט פאַרנעהמט אַ גרויסען פּלאַץ די בייַנקשאַפט צו דער געבורטסשטאָט, וואו ער האָט אָנגעפאַנגען צו אַנטוויקלען זיין לעבענס ארויסטריט, און ביי דער געלעגענהייט פון פייערען דעם 25 יאָהריגען יובּילייאום פון אַמדורער בענעוואָלענט סאָסייעטי, האָט מיך ארומגעכאַפּט אַ שטאַרקע בייַנקעניש — נאָך מיין ליעבער שטעטעלע און עס ווילט זיך שרייבען אַ ביסעל ערינערונגען פון דער אַמאָליגער, קיינמאָל פאַרגעסענער, אמדור.

אמדור! די וויגעלע פון מיין קינדהייט, פון מיין טרוימערישער יוגענד, ווי זיס און אנגענעהם עס זיינען ערינערונגען — פון מיינע קינדערשע און יונגע יאָהרען! עס ווילט זיך אויף אַ ווײַלע ווערען קינדערש און יונג. מיר וועלען אָנפאַנגען פון דעם באַרג-שלאָס אין פריהלינג און זומער-צייט, און פאַרפראָרענעם — טייכעל אין ווינטער-צייט, וואָס ביידע צוזאַמען זיינען געווען פאַר מיר און מיינע חברים אַן אמת'ער קוני איילאַנד.

פריהלינג, ווי נאָר די שעהנע נאַטור האָט באַדעקט דעם באַרג-שלאָס — מיט אַ גרינעם, ערטערווייז געדיכטען, גראָז, האָבען מיר, שטיפערישע קינדער, אָנגעפאַנגען געהן, שבת נאָכ'ן טשאָלענט, צום באַרג-שלאָס. דאָרט האָבען מיר געוויזען אונזערע אַקראָבאַטישע שטיק, יאָגענדיג זיך איינע נאָך די אַנדערע ארום דער דייזשע, און קייקלענדיג זיך באַרג אַראָפּ. דער וואָס האָט געהאַט דעם גליק צו זיין דער ערשטער אונטען אויף דעם גלייכען באָדען, איז פון אינז געקרוינט געוואָרען פאַר א „סטאַרשע", עלטסטער. אָפּשפּילענדיג זיך אַ פּאָר שטונדען, האָט דער סטאַרשע געפיהרט צום קרעניצע, וואָס איז געווען אונזער סאראטאגא-ספּרינגס, דאָס איז געווען אַ קריסטאָל-קלאָהר וואַסער, קאַלט ווי אייז-וואַסער, געפּליסט פון צווישען די שטיינער; יעדער פון אונז — האָט אראָפּגענומען זיין פאַרשוויצטע היטעל, אָנגענומען ספּרינג-וואַסער, געשטילט דעם דורשט, נאכהער זיך צעלייגט אויף דעם גרינעם גראָז זיך אָפּרוהען נאָך דער שווערער אַרבייט. אָפּגערוהט זיך אַביסעל, זיינען מיר אַוועק צום וואַלד. ערשט דאָרט האָט זיך אָנגעפאַנגען די אמת'ע קונצענמאַכעריי: זיך שטעלען איינער אויף דעם צווייטענס אַקסלען, ארויפגעקראָכען אויף אַ בוים, וואו עס וואקסט ניסלאַך און וואַרפען זיי צום באָדען, אַראָפּגעקראָכען פון בוים — זיך גענומען שפּילען אין באַהעלטעניש. נאָר לאָמיר לאָזען דעם זומער סעזאָן אויף אַ ווײַלע און אָנפאַנגען מיט דעם ווינטער סעזאָן.

ווי נאָר דער ווינטער פלעגט זיך איינשטעלען און די קליינע טייכעל לעבן „מונייעס" הויף פלעגט איינפריהרען, האָט זיך אָנגעפאַנגען אונזער סקייטינג סעזאָן. ווער האָט באַדאַרפט סקייטס? מיר האָבען קיינמאָל געהערט פון אַזאַ נאָמען. מיר פלעגען זיך אַ לאָז טהאָן מיט אונזערע קינדערשע פיסלאַך —פון איין ברעג טייך צום צווייטען ברעג אָהן אַן אָפּשטעל. ווער עס האָט דאָס ניט געקענט באַווייזען, איז פון אונז פאַררעכענט געוואָרען פאַר אַ גראָבען קאָפּ. וואָס עס האָט געהאַט צו טהאָן ניט קענען זיך גליטשען מיט אַ גראָבען קאָפּ, ווייס איך נאָך ניט ביז היינט. ניט איינמאָל פלעגט טרעפען, אַז אימיצער פון אונזערע חברים פלעגט פאַלען און מאַכען אַ לאָך אין קאָפּ. נו! איז וואָס? געבראַכט אַהיים, צוגעלייגט צום לאָך אַ שטיקעל פרישע ברויט און די אָפּעראַציע איז געלונגען. דער קאָפּ איז געבליבען אַ קאָפּ. דאָס איז געווען אַ טייל פון די פאַרווײַלונגען פון אונזערע קינדערשע יאָהרען.

שפּעטער, ווען מיר זיינען שוין ארויס פון די קינדער יאָהרען, אויסגעוואַקסען, און געקומען צו אונזער באַוואוסטזיין, האָבען זיך אויך געביטען אונזערע פאַרווײַלונגס-פּלעצער; מיר האָבען שוין אָנגעפאַנגען שפּאצירען „אונטער'ן גלח", דער אונטער'ן גלח האָט ווירקליך געדאַרפט פאַרשרייבען ווערען אין דער רוסישען געשיכטע. דאָרט האָט זיך אָנגעפאַנגען אויסצופאָרמירען די ראדיקאַלע אידעען, די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען ביי אונזער יוגענט, און מעגליך, ווען ניט דער אונטער'ן גלח, וואָלט נאָך ביז היינט ניקאָליי דער צווייטער געזעסען אויפ'ן טהראָן. יעדען פאַרנאַכט, איבערהויפּט שבת, פלעגט דער שפּאציר זיין אין פולען גאַנג. פיעלע פון אונזערע יעצטיגע שוועסטער און ברידער פון אונזער סאָסייעטי, האָבען דאָרט מיט דעם גאַנצען ברען פון זייער יוגענט, זיך אריינגעוואָרפען אין דער רעוואָלוציאָנערער טעטיגקייט, אויסגעדריקט זייער האַס צו דער רעגירונג און צו דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג. הוהך זינגן פאַרשיידענע ליעדער און אין דער זעלבער צייט

זיך היטען פון פאַרדעכטיגע אויגען. איך מיט מיינע חברים פלעגען זעהר הנאה האָבען פון דער פרייער אַטמאָספערע און מיר פלעגען דאָרט, שפּאַצירענדיג אונטער דעם פרייען הימעל, פוןביידע זייטען באַוואָקסען מיט גרינע פעלדער און בוימער, געפונען דעם ריכטיגען פלאַץ צו סטימולירען אונזער דענקונגס־קראַפט, צו פאַרלאַנגען אַ פרייערע — און בעסערע מענטשהייט.

פון אַלע מיינע חברים איז אַלטער ערבארעם געווען מיין חבר מובהק, ד. ה. אַ חבר פאַר פיעלע יאָהרען. ער איז געווען אַ בחור׳ל מיט גוטע פיהיגקייטען, גוטע תפיסה און שכל הישר.

אין די פריהערדיגע יאָהרען האָבען מיר צוזאַמען געלעהרענט אידישע למודים, ווי תלמוד און העברעאיש, נאַכהער זיך פלייסיג געלעהרענט די רוסישע שפּראַך און מאַטעמאַטיק, און אַזוי זיינען מיר פאַר פיעלע יאָהרען געווען ענג צובונדען איינער צום צווייטען. מיט אַ פאָר יאָהר שפּעטער איז צו אונז צוגעקומען נאָך אַ חבר מיט אַ גאון׳ישען קאָפּ, אַ זוהן פון אַ באַריהמטען גדול, בעריל ר׳ ברוכ׳ס ע״ה. ער איז אָבער שפּעטער געוואָרען אַן אויסגעשפּראָכענער רעוואָלוציאָנער און איז פאַרשיקט געוואָרען אין סיביר, פון וואַנען ער איז אַנטלאָפען געוואָרען נאָך אַמעריקע, וואו ער איז מיט עטלעכע יאָהר צוריק געשטאָרבען.

עס האָט אויך ניט געפעהלט אין אמדור די לומדים און משכילים, וועלכע זיינען געווען אָנגעפיעלט מיט רעוואָלוציאָנערען גייסט; זיי האָבען אויך —געוואָלט פריי ווערען פון צאַריזם, זעהן אַ בעסערע וועלט, אַ בעסערע מענטשהייט. עס איז אַ פאַקט, אַז ווען אַ געוויסער בחור פון גראָדנא איז געקומען אין אמדור און געהאַלטען אַ רעוואָלוציאָנערע רעדע אין גרויסען בית־המדרש, האָט איינער פון די גרעסטע לומדים און שעהנסטער בעל־הבית אין אמדור געוואָלט אויך האַלטען אַ רעדע דאָרט, נאָר צוליעב מורא פאַר׳ן אוריאַדניק האָט ער זיין באַשלוס ניט דורכגעפיהרט.

כאָטש אַמדור איז ניט געווען קיין אינדוסטריעלער צענטער, און אמדור האָט ניט פאַרמאָגט קיין איין פאַבריק, וואו עס זאָלען ארבייטען אַ געוויסע צאָל ארבייטער, איז דאָך אַמדור ניט אָפּגעשטאַנען פון אַלע אַנדערע שטעט און שטעטלאַך ארום. אין געגענטהייל, אמדור האָט זיך אויסגעצייכענט מיט איהר באַוועגונג־טהעטיגקייט אין דער שטורמדיגער פעריאָדע אין איז אין גאַנצען געגענד געווען באַוואוסט אַלס אַזעלכע.

ווי שעהן און ערהאַבען עס זיינען געווען יענע גליקליכע טעג, וועלכע זיינען איינגעקריצט אין מיין זכרון און וועלען פון מיר קיינמאָל פאַרגעסען ווערען.

איצט, אַלס מיטגליד פון דעם פאַראיין פון דער אַמאָליגער יוגענט, פיהל איך מיך גליקליך צו אויסדריקען מיין האַרציגע באַגריסונג צו אַלע בויער און טוער פון דער סאָסייעטי, וועלכע טראָגט דעם נאָמען פון מיין ליעבע שטעטעלע אַמדור.

פון מ אַ ק ס י ע ל י נ ג ע ר
(פינאַנס סעקרעטאַר).

(25 יאָהריגער יובילײ־זשורנאַל, אַמדורער בענעוואָלענט סאָסייעטי, 1937).

---

## צו אלע מיטגלידער און באַאַמטע פון „חברה בני אהרן אנשי ווילקאָמיר״.

מיינע טייערע שוועסטער און ברידער!

אונזער גרויסע מנגן און פּאָעט דוד המלך, זאָגט ערגעץ אין תהילים: „לך דומיה תהילה״. דערמיט דריקט ער אויס דעם געדאנק, אַז געבענדיג שבחים צו דעם בורא עולם, איז פאַראַן אַזוי פיעל צו זאָגען ,אַז דאָס „שווייגען אַליין איז דער גרעסטער לויב־געזאַנג״.

איך געפין זיך איצט אין אַן ענליכער לאַגע. היינט שבת, יאַנואר 23טער, 1937 — אין דעם גרויסען „טאָג פון טעג״ פון אונזער ג אָ ל ד ע נ ע ם י ו ב י ל י י א ו ם — וואָלט זיך וועלען — אַזוי פיעל זאָגען און אויסדריקען די געפיהלען פון נחת און עונג רוה, וואָס שווימען אַריבער די גייסטיגע ברעגען פון מיין נשמה און האַרץ, אַז מען וואָלט באַדאַרפט אָנשרייבען אַ גאַנצען בוך וועגען דעם.

היינט, מיינע ברידער, זיינען מיר אַלע ווי איינער פאַראייניגט אין געדאנק און געפיהל צו פייערען מיט פּראַכט און גלאַנץ דעם ערשטען „יובל״ אין דער גלאָררייכער געשיכטע פון אונזער באַליבטער ווילקאָמירער חברה.

מיר אידען מעגען שטאָלצירע דערמיט, וואָס צווישען די פיעלע קולטור־אוצרות, וואָס אונזער פאָלק האָט בייגעשטייערט צו דער מענטשהייט אויף פאַרשיידענע געביעטען, געפינט זיך אויך די הערליכע יובל־אינסטיטוציע, איינגעפיהרט פון משה רבנו אַלס אַ פעריאָדישער 50 יאָהריגער נאַציאָנאַלער יום־טוב. די אומות העולם האָבען עס איבערגענומען פון דער אידישער תורה, אַביסעל ענדערענדיג דאָס העברעאישע וואָרט „יובל״ אין יובילייאום.

מיר, ווילקאָמירער, אָבער פייערען היינט דעם אמת׳ן אָריגינעלען אידישען יובל, וואָס איז אַ נאָבעלער סימבאָל פון 50 יאָהר אַחדות און האַרמאָניע אין אונזערע רייהען, אין משך פון צוויי דורות — עלטערען און קינדער.

פונקט אַזוי ווי דער מענטש באַשטעהט פון צוויי טהיילען — נשמה און גוף, אַזוי באַשטעהט אויך אונזער חברה פון צוויי עלעמענטען: אַ גייסטיגער און מאַטעריעלער. דער ערשטער באַזאָרגט אונזערע מיטגלידער מיט גייסטיגע און רעליגיעזע זאַכען פאַר זייערע נשמות; און דער צווייטער — מיט בענעפיטס פאַר זייערע עקאָנאָמישע אינטערעסען, ווי: „עמוירדזשענסי פאָנד״, „אָלד אידזש פאָנד״, און אַזוי ווייטער. ביידע זאַכען זיינען אַבסאָלוט נויטווענדיג

פאַר יעדען פּראָגרעסיווען מענטשען: אַ גייסטיגער צענטער מיט הונדערטער אמת'ע, לאָיאַלע פריינד, און מאַטעריעלע בענעפיטען פאַר די מיטגלידער.

איך האַלט עס פאַר אַ גליקליכען צופאַל און גרויסען פּערזענליכען כבוד פאַר מיר, דאָס גראַדע אונטער מיין אדמיניסטראַציע, קומט אונז אויס צו פייערען דעם הערליכען היסטאָרישען 50־יאָהריגען יובילייַ פון אונזער חברה, און איך האַלט דעם היינטיגען טאָג פאַר איינעם פון גליקלאַכסטע אין מיין לעבען!

האָבענדיג אָפּגעאַרבייט 12 יאָהר אין אונזער אָרגאַניזאַציע, פריהער אַלס איינפאַכער „סאָלדאַט", און ווערענדיג שפּעטער באַעהרט דערוועהלט צו ווערען צום דריטען מאָל צו דעם העכסטען אַמט פון „טשיף עקזעקוטיוו", איז די חברה געוואָרען אַ טהייל פון מיין „איך", און איך בין גרייט צו דינען איהר מיט לייב און לעבען, אַזוי לאַנג ווי איהר ווערט עס פון מיר פאַרלאַנגען.

זייט־זשע מיר אַלע געגריסט פון טיעפען האַרצען, מיינע ליעבע ברידער און שוועסטער און חברים, צו אונזער גרויסער שמחה, און מיין אויפריכטיגער וואונש און האָפנונג איז, אַז מיר זאָלען אַלע דערלעבען צו פייערען אונזער „דיימענטענעם" 75טען יאָהר־פעסט בשלום ונחת און מיט פרעהליכע געמיטער, בתוך כל אחינו בני ישראל, אמן!

פון פּרעזידענט י ו ס ף ג ר אָ ו י ץ.
(50־יאָהריגער יובילייַ־זשורנאַל, אַנשי ווילקאָמיר)

---

# מיין רייזע נאָך קריניק

איהר ווייסט דאָך, איך האָב געהאַט דעם גליק אָדער אומגליק צו באַזוכען ניט לאַנג מיין אַלטע היים קריניק, און וואָס איך האָב דאָרטען געזעהן, האָט זיך איינגעקריצט טיף אין מיין האַרצען און מח, און עס וועט מיר שוין מסתמא באַגלייטען מיין גאַנצען לעבען.

שרייבען אַלץ וועט מיר פאַרנעמען צופיעל צייט, און דער פּלאַץ ערלויבט ניט — וועל איך זיך באַגנוגענען מיט עטליכע שטריכען פון איצטיגען לעבען דאָרט.

גייסטיג שטעהט די קליינע שטעטעלע קריניק זאָגאַר ביי איצטיגען שווערען צושטאַנד פיעל העכער ווי פיעלע אַנדערע גרעסערע שטעט, כאָטש עקאָנאָמיש מאַטערט זי זיך מיט'ן טויט צו גלייך, ווי גאַנץ פוילען. דאָך האַלט זי אויס זעהר שעהנע אינסטיטוציעס. די ראַדיקאַלע אַרבייטער האַלטען אויס אַ שעהנע אידישע קינדער שולע פון זעקס קלאַסען מיט אַן אָווענד שולע פאַר גרויסע אויפ'ן נאָמען פון ש. אַנ־סקי'ן. האָבען אויך אַן אינטערעסאַנטע שעהנע ביבליאָטעק, באַזיצען אַ גאַרבער פּראָדוקטיוו פאַראיין און אַ קאָנסום קאָאָפּעראַטיוו. אויך אַ דראַמאַטישען קלוב, וואו זייערע פעהיגע באָיעס און מיידלאַך שפּיעלען פיעלע זאַכען זעהר געלונגען. איך האָב געהאַט דעם גליק צו געפינען אַמאָליגע מיינע חברים אין דער שפּיצע פון די אַלע אינטערעסאַנטע אינסטיטוציעס. זיי זעהען אויס שרעקליך אַלט, צעבראָכען, פאַרמאַטערט פון די שווערע יאָהרען מלחמה, רעוואָלוציעס. אָבער דער גרויסער אַרבייטער אידעאַל שיינט אַרויס פון זייערע אויגען, און אַ סך, אַ סך אנגענעהמע שטונדען האָב איך פאַרבראַכט מיט זיי.

איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסען דאָס בילד:

איינמאָהל האָב איך געהאַט דעם גליק צו זיין געלאַדען צום ערשטען יעהריגען יובילייאום פון זייער אידישער קינדער שולע. ביי אונז דאָ, אין דער נייער היים אַמעריקע, קען מען זעהר ווייניג זעהען אַזעלכעס.

קליינינקע שעהנינקע מיידעלאַך און אינגעלאַך האָבען געפייערט דעם יום טוב פון זייער ערשטען יאָהריגען שולעקזיסטענץ. אַלץ האָבען געפיהרט די קליינוואַרג. די גרויסע, די באַשאַפערס און זאָרגער פאַר דער שולע, האָבען אויסגעזעהן ווי צושויערס. בלויז אַ שעהן בלאָנדע מיידעלע איז געווען דער „טשערמאַן" (טשערליידי) פון אָווענט.

עס שיינט מיר נאָך פאַר די אויגען דער בילד ווי דער „טשערמאַן" האָט זיך געווענדעט צו מיר: „מיר פאַרלאַנגען דער ווערטהער חבר לייבקע שיין זאָל אונז וואָס זאָגען!". ווען איך שעם זיך ניט פאַר די לעבעדיגע קליינוואַרג, וואָלט איך פון פרייד זיך פונאַנדערגעוויינט.

איך האָב זיי געזאָגט אומגעפעהר פאָלגענדעס:

„מיר דוכט זיך עס איז אַ טרוים. מיר, אַמאָליגע קעמפער, וועלכע זיינען איצט אַ טייל פון אונז אין דער ווייטער וועלט אַמעריקע, וואָס מיר פלעגען האַלטען אונזערע פאַרזאַמלונגען (סאָבראַניעס) געהיים אין ווירינעס וועלדלאַך. אַמאָל, אין די יאָהרען אידער דער רעוואָלוציע, ווען פיעלע פון אייך, קינדערלאַך, זיינען נאָך אויף דער וועלט ניט געווען, בין איך אַנטלאָפען פון אונזער אַלטער היים קריניק נאָך אַמעריקע, האָבען מיר פאַרזייהט דאָ בלומען אויף די פעלדער. איצט בין איך איינער פון פיעלע פאַרטראָגען געוואָרען אויף אַ ווילע צוריק אין מיין אַלטער היים, און אָפּזעהענד די שרעקליכע ווינטען און שטורעמס, האָב איך געפונען די גאַנצע פעלדער פול מיט שעהנע בלומען. דאָס זייט איהר, מיינע ליעבע קינדערלאַך, דאָס זייט איהר אַ טייל פון מיין טרוים אין דער ווירקליכקייט. אויסגעדאַרטע, צעטריקענטע, פון קעלט בלויע הענטלאַך, אַפּלאָדירען... און מיר דריקט אין האַרצען אַ טרעהר...

נאָכדעם האָבען מיר די עלטערע חברים מיט די קינדערלאַך געפיהרט צייגען זייער אויסשטעלונג. אייגענע געמאַכטע צאַצקעס פון קאָלירטע שטיקלאַך וואַרע און פּאַפּיר, פאַרשיידענע אויסשטריקונגען. אַלץ געמאַכט פון די קינדער. זעהר וואונדערבאַר, אַלץ לעהרענט מען זיי אין דער שולע. נאָכדעם איז געהאַלטען געוואָרען רעדעס פון גרויסע און קליינע, שילדערענדיג זייער ביטערע לאַגע פּאָליטיש. און די הויפּט זאַך עקאָנאָמיש אין אויסהאַלטען זייער שולע. צום סוף האָבען די קינדערלאַך געזונגען ליעדער און זיך אַוועקגעלאָזען טאַנצען. זיי האָבען געבעטען

גריסען אייך אַלעמען אין דער ווייטער זאַטער אַמעריקע.

אין די אָווענטען לערנען זיך די עלטערען לעזען און שרייבען אין דער זעלבער שולע. אויך האָבען זיי דאָרטען עטליכע מאָל אין וואָך לעקציעס און דעבאַטען, אין וועלכע איך האָב געהאַט די עהרע זיך צו באַטייליגען עטליכע מאָל.

אַ צווייטען מאָל איז מיר אויסגעקומען בייצוואוינען אַ האַרציגען בילד אין זייער ביבליאָטעק. געטראָפען אַ היפּשע ביסעל קינדער אין „אָטשערעד" צו קריגען אַ בוך. אונ־ אַ אינגעלע : פאַרוואָס טראָגסטו אַזעלכע גרויסע שיך. עס גיט אַ ברען א פייער אין זיינע אויגעלאַך און ער זאָגט : איהר ווייסט, פאַן דעלעגאַט, דאָס איז דער מאַמעס שיך, אַלעמענס שיך זיינען צעריסען לאַנג. דער מאַמען די שיך געשיקט אַ מומע פון אַמעריקע. איצט געהען אַלע באָרוועס. עס איז טאַקע קאַלט, אָבער עס איז ניטאָ, וואָס קען מען מאַכען . . . אַז מען וויל זיך אין ערגעץ אַריבערכאַפּען, טוט מען אָן די שיך, איך בעט די מומע זאָל שיקען פאַר אונז ווידער שיך . . . זאָל זיין אַלטע, אַבי שיך.



(וואַלד-קעמפּ פאַר יתומים אין קריניק. אויסגעהאַלטען פון די קרינקער סאָסייעטיס אין אַמעריקע).

זער אַלטער באַקאַנטער אומגליקליכער בלינדער חבר אברהם שמואל האָט ארומגעבלאָנדזשעט ארום זיי . . . און אויך חבר איצקע ארענרובעניכעס איז דאָרטען געווען מיט נאָך עטליכע חברים, וועלכע נעמען איך קען זיך איצט ליידער ניט דערמאָנען. חבר'טע פורמאַן, דוכט זיך, האָט ארויסגעגעבען די קינדער ביכער און פאַרשריבען אין פאַרוואַלטונגס בוך.

און מערקווירדיג, קינדערלאַך אין לאַפּטשעס און שמאַטעס, אַלע הונגעריגע און גריבלען זיך אין בוך. איך פרעג

צום ענדע פון מיין פאַרלאָזען זיי, — האָט דער בונד מיט די איבעריגע אַרבייטער אינסטיטוציעס פאַראַנשטאַלטעט פאַר מיר אַ באַנקעט (אַ פּראָשטשאַלני וועטשער), וועלכער האָט מיר איינפאַך איבערראַשט אין אַלץ. ריהרענדיג איז געווען דער געזעגענען זיך מיט זיי אַלעמען. חבר גאָטליב'ס רעדע הער איך נאָך איצט. טראַגיש איז געווען דער זעגענען זיך מיט דעם אומגליקליכען בלינדען חבר אברהם שמואל'ן. דאָ האָבען שוין ניט געהאָלפען מיינע טרייסטווערטער . . . אַ שטראָם מיט טרעהרען פון זיינע בלינדע

אויגען און מיינע אויגען האָבען זיך פאַראייניגט...

יאָ, קריניק לעבט און שיינט גייסטיג, און פוילט עקאָנאָמיש. האָבען צו זאַט אַ שטיקעל ברויט מיט אַ בולוויצקע איז אַ לוקסוס זאַך. אין קריניק האָב איך געפונען אידען פון אַ גאַנץ יאָהר, דאָס הייסט אידען, וועלכע באַלאַנגען ניט צו קיינע פּאַרטייען, אָבער אַז עס קומט אַ צרה, אָפּפערען זיי זיך פאַר'ן כלל ישראַל. זעהר שעהנע ערהאַבענע נשמות, וועלכע זיינען אַ זעלטענהייט ביי איצטיגע שווערע באַדינגונגען אין דער אַלטער היים. איך האָב געהאַט גרויס פאַרגעניגען טרעפען זיך מיט זיי ביי פאַרשיידענע מיטינגען און באַראַטהונגען. וואָלט נאָר די עקאָנאָמישע לאַגע געוואָרען אַ בעסערע דאָרטען, וואָלטען זיי געשיינט ווייט־ווייט אויס קריניק. ווי אין גאַנץ פוילען, איז די לעצטע יאָהרען אויסגעוואַקסען אויף די רואינען פון די סאָציאַליסטישע אַרבייטער פּאַרטייען אַ נייע פּאַרטיי. דאָס איז פּאַרטיי, וועלכע איז געווען לעגאל פאַר אַלע רעגירונגען. און אפשר אַ דאַנק דעם רואינירטען אידישען לעבען ,האָט זי זיך גוט איינגעפעסטעט, וועלכע איז מיט איהרע פיהרונגען געראָטען ריכטיג אין דער פוילישער רעגירונג. אַז מען איז געוואָרען פון שקלאַפען רעגירער, מעג מען די גאַנצע וועלט אין דער ערד האָבען און נעהמען זיך פאַרניכטען די שוואַכערע. דאָס איז, צו שאַנד זאָל אונז ניט זיין. די ציוניסטען פוצען זיך נאָך אויס אין שעהנע פעדערען און שרייען: „מיר זיינען פאַר'ן גליק פון אידישען ארבייטער"... נאָר ציהט מיר ניט פאַר'ן צונג, ווייל איך וועל אייך דאַרפען דערצעהלען פון ניט קיין זויבערע מיטלען, וואָס זיי ווענדען דאָרטען אָן צו לייגען אין דער ערד דעם אמת'ען אידישען אָרעמען ארבייטער מיט די ארבייטער אינסטיטוציעס. ניט ווייניג צרות האָבען זיי שוין פאַרשאַפט די אידישע סאָציאַליסטיש־געזאָנענע אַרבייטער אין דער אַלטער היים. זיי האָבען גראדע אין קריניק זעהר אַ שעהנע שולע, אָבער עס איז אַלץ אין ציוניסטישען שאָוויניסטישען גייסט.

:—: :—:

האַרציגע פריינד פון מיין ליעבען קרינקער ברענטש! צום שלום ערלויבט מיר אייך באַגריסען, אָפּגעבען מזל טוב צו אונזער פופצעהן־יאָהריגען פאַראייניגונג.

גוט יום טוב אייך, מיינע פריינד! איך האָב ליידער ניט דעם גרויסען כבוד זיין איינער פון די ערשטע גרינדער פון קרינקער ברענטש. עס איז דערפאַר, וואָס איך בין אַריין אין ארבייטער רינג גלייך ווי איך בין אין אַמעריקע געקומען בעפאָר די קרינקער זיינען געקומען צום געדאַנק צו גרינדען אַ ברענטש. און אַ לאַנגע צייט האָט מיר יענער ברענטש ניט געוואָלט ארויסלאָזען פון זיי. נו, האָב איך באַלאַנגט צו די פרעמדע, און געקומען זעהר אָפט צו די מיטינגען פון קרינקער ברענטש, און פאַר דעם בין איך דאנקבאַר דער אראנדזשמענט יובילייאום קאָמיטע, וואָס זי האָט מיך אויסגעקליבען און געגעבען דעם כבוד שרייבען די היסטאָריע פון קרינקער ברענטש, און איך האָב טריי געטהאָן מיין פליכט.

ווערטהע חברים פון אונזער פופצעהן יאָהריגען יובילייאום־קאָמיטע: נעהמט אָן מיין האַרציגען דאנק פאַר אָנטרויען מיר אַזאַ שעהנע, גרויסע ארבייט, וועלכעס האָט מיר פאַרשאַפט אַ וועלט מיט שעהנע ערינערונגען און פאַרגעניגען, שרייבענדיג די היסטאָריע פון אונזער באַליעבטען ברענטש און פון מיין ליעבער אַלטער היים קריניק, וואו איך האָב נאָך גאַנץ יונג דערזעהן די שעהנע ליכט פון גרויסען סאָציאַליסטישען גייסט, אין וועלכען איך האָב אין מיינע יונגע יאָהרען זיך אָנגעשלאָסן אָן גרויסען קאַמף פאַר וועלכען איך האָב באַצאָלט אַ גרויסען פרייז, אָפּפינסטערנדיג 2 יונגע יאָהרען אין די שרעקליכע קאַזעמאַטען פון גראָדנער באַסטיליע (אָדינאָטשקע), שרייבענדיג דאָס אַלעס, איז פאַר מיינע אויגען דורכגעשוואומען ווי אין אַ קינעמאַטאָגראַף מיינע אַלע יאָהרען פון קאַמף און ספּעציעל די לעצטע פופצעהן יאָהרען מיט אייך. מיינע האַרציגע חברים און פריינד אין ברענטש, זאָלען מיר ווייטער ארבייטען פאַר'ן וואָהל און בעסטען פון אונזער ליעבען ברענטש.

איך ווינטש אייך אַלעמען, לאָמיר אַלע דערלעבען פייערען דעם פופציג יאָהריגען יובילייאום פון אונזער ברענטש!

לאָמיר אַלע דערלעבען נאָך זעהן אַלעס אַ ווירקליכקייט די אידעאַלען אין לעבען, וואָס די באַשאַפערס פון אַלגעמיינעם אַרבייטער רינג האָבען אָנגעשריבען פאַר אונז!

לאַנג לעבען זאָל דער ארבייטער רינג!

לאַנג לעבען זאָל אונזער ליעבער קרינקער ברענטש 389 ארבייטער רינג!

ל. ש י י ן (לייבקע נאָסקעס)

(15־יאָהריגער יובילייַ־זשורנאַל, קרינקער ברענטש 389, א. ר., 1924).

---

## די געשיכטע פון יציאת מצרים ביי די בריקלייערס.

עס איז אַ לאַנגע געשיכטע צו דערצעהלען ווי אַזוי אונזערע ביאַליסטאָקער בריקלייערס האָבען זיך אָרגאַניזירט אין אַ פאַראיין. עס קלינגט באַלד ווי אַ געשיכטע פון יציאת מצרים, נאָר מיט דעם אונטערשייד וואָס פון מצרים זיינען די אידען באַפרייט געוואָרען פון שקלאַפעריי, און דאָ ביי די בריקלייערס האָט זיך די שקלאַפעריי ערשט אָנגעפאַנגען אויף אַ פרישען קאָן.

די מעהרסטע פון אונז זיינען אַוועק פון דער אַלטער היים צוליב עקאָנאָמישע אורזאַכען, ווייל דאָרט אין ביאַליסטאָק איז ניט געווען וואָס צו טאָן, מיר זיינען געקומען אין אַמעריקע אָרים און עלענד, גרייט צו פאַרקויפען אונזערע כחות און אַרבייט צו מאַכען אַ לעבען פאַר ווייב און קינד.

מיר האָבען זיך די ערשטע צייטען אַרומגעבלאָנקעט איבער די גאַסען פון דער גרויסער שטאָט, פרעמדע ווי גרים און געזוכט אַ באַקאַנטען לאַנדסמאַן.

מיר האָבען זיך גענומען צונויפטרעפען מיט נאָך בריקלייערס. אונזער בירזשע איז געווען אויף העסטער און עסעקס סטריטס, אָדער אויף פּיטקין און סטאָון עוועניוס אין בראָנזוויל, וואו עס פלעגען זיך צונויפקומען אַלע סאָרטען אידישע בעלי־מלאכות און וואו מען פלעגט רעדען פון דער אַלטער היים, אַפּנעמען אַ גרוס פון אַ גרינעם וואָס איז געקומען און פאַרגעסען אַביסעל אין אונזער עלענדקייט. און פון אָט די צונויפטרעפונגען איז געבאָרען געוואָרען ביי אונז בריקלייערס דער געדאַנק צו גרינדען אַן אייגענעם פאַראיין. דער געדאַנק האָט דערגרייכט אַלע אונזערע מוליאַרעס איבער'ן שטאָט און מיר האָבען אין גיכען גערופען אַ פאַרזאַמלונג ביי איינעם פון אונזערע פריינד אין הויז און געגרינדעט אונזער סאָסייעטי. עס איז אַוועק אַ קורצע שטיקל צייט און מיר האָבען שוין געהאַט אַרום 300 מעמבערס. איז אָבער אין אַ צוויי יאָהר אַרום געוואָרען דער גרויסער קריזיס פון 1907 ווען אַלע זייבען אַרומגעגאַנגען אָהן אַרבייט און די מעמבערס האָבען ניט געקענט צאָלען די דיוס. דערווייל האָט די סאָסייעטי שוין געהאַט געקויפט סעמעטערי און מען האָט ניט געקענט צאָלען די פּעימענטס פון דעם מאָרגעדזש, און גראד האָט זיך געמאַכט אַז אונזער אַ מעמבער איז געשטאָרבען און די בעלי־בתים פון דער סעמעטערי האָבען דעם בר־מנן* ניט געלאָזען באַערדיגען. עס האָט אויך געהאַלטען אַז מען זאָל ביי אונז די סעמעטערי צונעמען אין גאַנצען. איך בין דעמאָלט אַוועק אַלס קאָמיטע צו די בעלי־בתים פון דער סעמעטערי און מיט אַ סך אַרגומענטען און בקשות אָפּגעהאַלטען די גזירה און געראַטעוועט אונזער סעמעטערי. צוליב יענער ביטערער צייט זיינען אַ סך מעמבערס אַוועק פון דער סאָסייעטי, ווייל זיי האָבן ניט געקענט צאָלען די דיוס און דער פאַראיין איז געבליבען ביי 25 מיטגלידער.

אָבער צייטען בייטען זיך, עס איז שפּעטער געוואָרען אַביסעל בעסער, און די סאָסייעטי איז צוריק געוואָרען שטאַרקער, עס זיינען אַריינגעקומען נייע מעמבערס און אַזוי האָבען מיר דורכגעמאַכט קאַלט און וואַרים ביז מיר האָבען אויסגעהאָדעוועט אונזער ביאַליסטאָקער בריקלייערס אַסאָסיאיישאָן צו אַזאַ פאַרנעם וואָס זי דאַרף זיך ניט שעהמען פאַר קיין שום אַנדער ביאַליסטאָקער סאָסייעטי. מיר האָבען גאָט צו דאַנקען דורכגעפיהרט שעהנע אַרבייט, געטאָן גוטע נאָבעלע זאַכען פאַר אַלע לאַנדסלייט און מיר האָבען איצט דערלעבט צו פייערען אונזער 30 יאָהריגען יובילעאום. איך וויל דעריבער האָפען, אַז מיר וועלען אַלע אויך דערלעבען צו פייערען אונזער גאָלדענעם יובילעאום.

פון ג ר ש ו ן ט אַ ר ט אַ צ ק י

„ביאַליסטאָקער פונדאַמענט", צום 30 יאָהריגען יובילייפון די ביאַליסטאָקער בריקלייערס, 1935).

## מיינע ערינערונגען פון מיין אַלטער היים צום 25טען יעהריגען יום-טוב.

איך וועל טרייען צו פאַרגלייכען מיין אַלטע און נייע היים, אויב איך וועל אויסלאָזען די אימפּרואַוומענטס וואָס הרובישאָוו האָט מעהר ווי ניו יאָרק, וועט איהר מיר ענטשולדיגען. ניו יאָרק איז אַן אינזעל און האָט אַרום זיך 4 בריקען: ברוקלין, מאַנהעטען, וויליאַמסבורג און קווינס־באָראָ. הרובישאָוו איז אויך אַן אינזעל און האָט אויך 4 בריקען, די בריק קיין חעלם, קיין זאַמאָשטש און אויף פּיהערי און צו סווינטין. ניו יאָרק האָט 2 גרויסע פּאַרקס: סענטראַל און ווען קאָרטלאַנד. הרובישאָוו האָט אויך צוויי פּאַרקס, דאָס מאַרק סעדיל און דאָס קלויסטער סעדיל. ניו יאָרק האָט פּאָבליק סקולס, היי סקולס און קאַלידזשעס, הרובישאָוו האָט אויך געהאַט פּאָבליק סקולס, שוהל, מלמד, קריליוּוער מלמד און דער לאַנגער אברהם, היי־סקול ביי טראַטעל מלמד, קאָלעדזש ביי חיים מאָנישען. ניו יאָרק האָט גרויסע טעאַטערס, די ראָקסי און פּאַראַמאַונט זיינען 2 פון די, הרובישאָוו האָט אויך געהאַט טעאַטערס, די שאַפּי פון דער פּאַושאַרני קאָמאַנדע און נאַפּט סעדיל; ניו יאָרק האָט גרויסע האָטעלען: פּענסילוויינניא און קאָמאָדאָר, הרובישאָוו האָט אויך האָטעלען, יודיל קיניגס און מענדיל גוטמאַנס. ניו יאָרק האָט די גרעסטע סטאַק מאַרקעט וואָס עס געהט אָן ביזנעס אויף הונדערטער מיליאָנען, הרובישאָוו האָט אויך אַ סטאַק מאַרקעט אין רב'ס בית המדרש לעבען אויוועז, נאָר די מיליאָנען האָט מען נאָר אין די געדאַנקען. הרובישאָוו האָט אויך עקספּרעס טריינס, משה שיע'ס באַהן און משה פּיהרערס לאָקאַל באַהן. הרובישאָוו האָט אויך אַ קאָני איילאַנד, אָבער מען באָדט זיך מעהר באַקוועם. נאָר פרייטאָג פאַרנאַכט שטערט דאָס אַביסעל די פרויען צום ליכט־בענשען. הרובישאָוו האָט אַ רעזערוואַר פון וואַנעט מען קריגט די וואַסער, דער פּלומפּ אין מיטען מאַרק. עס איז אויך דאָ אַ האָלאַנד טונעל, די פּריוואַליס צום וואַנוס טייך. ניו יאָרק האָט די בעסטע פייער אַלאַרמס און הרובישאָווער מען קלינגט דעם גלאָק אין מיטען מאַרק, לויפט די גאַנצע שטאָט, נאָר צו לעשען דעם פייער איז ניטאָ ווער. הרובישאָוו האָט אַ ריווערסייד דרייוו און דאָס איז די פּיינסקי אַליצע.

אויב איך האָב עפּעס פאַרגעסען נאָך 25 יאָהר אַוועק זיין פון מיין אַלטער היים, וועט איהר מיר ענטשולדיגען.

פ י נ י ש ע כ ט ע ר

(25־יאָהריגער סואווענירז־זשורנאַל ערשטע הרובישאָווער ק. א. פ., 1930).

## אַ בריק צווישען ניו יאָרק—לובלין

צו בויען אַ בריק איבער אַזאַ ווייטער שטרעקע קלינגט ווי אַ חלום, אָבער די טעכנישע וויסענשאַפט האָט אין די לעצטע דרייסיג יאָהר געמאַכט אַזאַ אומגעהויער גרויסען פּאָרטשריט, אַז „בילדען שלעסער אין דער לופטען" און ענליכע חלומות זיינען מעהר ניט קיין פאַנטאַזיע.

עס איז דאַריבער אויך ניט קיין פאַנטאַזיע, ווען מיר רע־דען וועגען בויען אַ בריק צווישען ניו יאָרק און לובלין. אַ בריק נישט פון האָלץ, נישט פון שטאָל, וועלכער קאָן זיך בויגען אָדער פּלאַצען אין אַ גרויסען שטורעם, נאָר אַ בריק וואָס זאָל פאַרבינדען דורך דיניקע האַרץ־פעדים אונזערע אין לובלין מיט די לאַנדסלייט אין ניו יאָרק און אַלע אַנדערע טיילען פון דער וועלט, וואו נאָר לובלינער געפינען זיך. און מיט דער אַנטשטייאונג פון פאַראייניגטען לובלינער רעליעף, האָבען מיר געלייגט דעם גרונדשטיין פאַר אַזאַ פאַרבינדונג. מיר האָבען געשאַפען דעם לאַנג־געוואונשטען אַדרעס, וואו לובלין קאָן זיך ווענדען און אויסגיסען איהר ביטער האַרץ.

ווער פון אונז האָט נישט אַמאָל געהאַט אַ שלעכטען חלום? אַ חלום וואָס דאַכט זיך, אַז אָט־אָט ווערט מען געוואָרפען אין פייער אָדער אין וואַסער אָדער גלאַט אין אַפּגרונט און עס ווילט זיך שרייען נאָך הילף און ראַטעווען, עס ווילט זיך שרייען נאָך הילף און דאָס לשון ווערט מיטאַמאָל אַפּגענומען. ווער האָט נישט איינמאָל אין לעבען געהאַט אַזאַ דערפאַרונג? — אין אַזאַ לאַגע געפינען זיך „אונזערע" אין לובלין, אָבער נישט אין אַ חלום, וועלכער דויערט בלויז איניגע סעקונדען, נאָר אין דער ווירקליכקייט — טאָג־איין טאָג־אויס, ווי אין אַן אייבי־גען קאָשמאַר. עס איז פאַרבאָטען צו רעדען זאָגאַר וועגען אַ מעגליכקייט צו קריגען הילף, צו טראַכטען וועגען דער מינדעסטער האָפענונג.

עס דראָהעט אַ געפאַר אַלע אידישע אינסטיטוציעס. וועגען שפּיטאָל שרייבט אַ אידישער דאָקטאָר פון לובלין:

„די גרויסע נויט פון דער אידישער באַפעלקערונג אין לובלין, די שרעקליכע וואוינונגס־באַדינגונגען, ביי וועלכע אין איין צימער קענען זיך געפינען צוויי־דריי פאַמיליעס, האָט געצוואונגען די דירעקציע פון שפּיטאָל ביסלעכוויי־צו פאַרברייטערען די אָפּטיילונג פאַר געווינעריגס. און היינט צו טאָג פאַרמאָגט די אָפּטיילונג 15 בעטלאַך, וועלכע ווערען באַנוצט פון 400 געווינעריגס און 200 אַנדערע פרויען קראַנקע יעהרליך. קען זיך ווער פאָרשטעלען וויפיל אויפ־מערקזאַמקייט און וויפיל צייט קען געגעבען ווערען אַ גע־ווינערין אונטער אַזעלכע אומשטענדען? און אַפּליקאַנטען ביי די הונדערטער מוזען צוריקגעוויזען ווערען אויס מאַנגעל אין פּלאַץ."

און דער דאָקטאָר פאָרענדיגט, אַז מען מוז אונטער אַזעלכע אומשטענדען פאַרגרעסערען די אָפּטיילונג פאַר געווינעריגס. און קאָן דען זיין אַנדערש?

און די תלמוד־תורה? ווער געדיינקט עס ניט, און פילע פון אונז דאַרפען געדיינקען, וויפיל קינדער עס האָבען זיך באַנוצט מיט דער אינסטיטוציע. ווער געדיינקט עס ניט, ווען די קינדער האָבען זיך אַרויסגעלאָזט פון חדר, 8 אַזייגער אין אָוונט אין די ווינטער־נעכט, מיט לאַמטערענס אין די הענט, און שטאָלץ מיט דעם וואָס זיי האָבען געלערנט אַ גאַנצען טאָג. היינט זעט איהר ניט קיין קינדער מיט לאַמ־טערנעס, און דאָס איז ניט דערפאַר, ווייל עס איז דאָ עלעק־טרישע באַלייכטונג, נאָר דערפאַר, ווייל די קינדער גייען מעהר ניט אין חדר — זיי האָבען ניט קיין שטיוועלעך און וואַטאָווע קאַפּאָטקעלעך און אַ באַשליק, וואָס זאָל זיי פאַר־היטען פון די גרויסע קעלטען.

און ערגער פון אַלץ איז, וואָס די אָכראַנע איז פאַרמאַכט פאַר די אַלטיטשקעס. די שטאָט־אַדמיניסטראַציע דערלויבט ניט די אַלטע צו זיין צוזאַמען מיט די קינדער — ווייל אין דעם זעלבען הויז איז אויך דאָ אַן אָפּטיילונג פאַר קינדער,— און זיינען בוכשטעבליך געבליבען אין די גאַסען און ניט איין פאַל טרעפט, אַז אַזאַ אַלטיטשקער, אַרומוואַלגערענדיג זיך, שטאַרבט אין גאַס.

די ישיבה חכמת לובלין באַקלאָגט זיך זעהר אויף איהר איצטיגען מצב. צאַהלונגען אויף די מאָרטגיידזשעס ווערען פעליג, די אַרבייט צו פאַרענדיגען דעם 6טען שטאָק פון דער געביידע צו מאַכען פּלאַץ פאַר נאָך 100 יונגע לייט, איז אָפּ־געשטעלט — און דער איינקונפט איז זעהר קליין.

פאַראַן אויך אין לובלין אַן אינסטיטוציע, וואָס מיר רופען אַן „נוירסערי". די מוטערס, וועלכע מוזען אַרויסגיין פאַר־דינען, לאָזען די קינדער אין „נוירסערי" פאַר'ן טאָג. זעהר אַ נאָבעלע אינסטיטוציע. נאָר איין זאַך — זיי האָבען ניט קיין דירה, וואו צו האַלטען די קינדער איבער'ן טאָג. און ווען מען אַפּעלירט צו אונז אויך צו העלפען אויפבויען דאָס י. ל. פּרץ פאָלקס־הויז, דאַרפען מיר האָבען אין זינען, אַז אין דעם הויז וועט געמאַכט ווערען פּלאַץ פאַר דער „נויר־סערי", אַזוי גוט ווי פאַר דער שול, אַזוי גוט ווי פאַר דער ביבליאָטעק, אַזוי גוט ווי פאַר גימנאַסטיק־איבונגען, פאַר'ן „מאַרגענשטערען קלוב", און אַזוי אַלע אינסטיטוציעס פון שפּיטאָל ביז דער תלמוד־תורה און דער „נוירסערי" מוזען געהאָלפען ווערען. און די אויפגאַבע פון דער ניי־געגרינ־דעטער אָרגאַניזאַציע „פאַראייניגטער לובלינער רעליעף" איז צו זאָרגען פאַר די אַלע אינסטיטוציעס, צו שיקען זיי ניט נאָר מאַטעריעלע הילף, נאָר אויך שטראַלען פון האָפע־נונג פאַר אַ בעסערען מאָרגען.

מ. בלומענשטאָק

(זשורנאַל: „פאַראייניגטער לובלינער רעליף", 1938).

## אַ פּאַראַלעל.

די חדרים און די מלמדים פון זאַשקאָוו און די היברו סקולס פון ניו יאָרק

איך בין נאָך געווען כמעט אַ קינד ווען איך האָב פאַר־לאָזט אָט דאָס שעהנע זיבערע שטעטעלע מיט דעם נאָמען „זאַשקאָוו", אין וועלכען איך בין געבוירען געוואָרען, און

עס געדיינקט זיך זעהר ווינציג זאַכען, דאָך עפּעס געדיינק איך יאָ, נאָר עס איז ניט גענוג איינגעקריצט געוואָרען אין מיין מח אַז איך זאָל בכח זיין דאָס איבערגעבען אין אַן אַרטיקעל פון אַ זשורנאַל וואָס אַלע זאשקאָווער לאַנדסלייטע זאָלען עס לעזען און פאַרשטעהן, ווייל איך האַלט, אַז שרייבען פאַר אַן ענגען קרייז לעזער איז אַ סך שווערער ווי אַן אַלגעמיינע זאַך וואָס איז לעזבאַר פאַר יעדען אידען איבער דער גאַנצער וועלט. דערפאַר האָב איך גערען אָנגענומען דעם „דזשאַב”. אָבער ווען עס קומט אַ באַפעהל פון „אויבען” מוז מען פאָלגען, און איך האָב מיך שוין אָנגעהויבען גרייטען זיך צו גריבלען אין מיינע זכרונות, אָבער עס געהט ניט... נאָר דורך אַ צופאַל וואָס איז ווערט דאָ צו באַשרייבען, האָב איך מיך דערמאָנט אין די מלמדים און חדרים פון זאשקאָוו. אָט הערט זיך צו, וועט איהר פאַרשטעהן וואָס איך מיין דערמיט:

מיינע קינדער — 2 בויעס, — געהען אין אַ היברו סקוהל, דאָס הייסט אַ גאַנצען טאָג לערנען זיי אין די רעגירונג סקוהלס די לאַנדעס שפּראַכע און נאָך פאַרשידענע אַנדערע לימודים. נאָר אין אָוועגט געהען זיי אין אַ אידישען חדר, וואָס אין אַמעריקע הייסט עס, „היברו סקוהל” — מחיכא־תיתא, פאַרוואָס ניט? זאָלען קינדער, אידישע קינדער וויסען, אַחוץ וועלטליכע בילדונג, אויך אידישע בילדונג.

איך בין אַזאַ טאַטע וואָס האָב פיינט צו זיין אַן אינקוויזיטאָר, זיי אויספרעגען וואָס זיי לערנען, און ווי ווייט זיי האַלטען אין לערנען? גאָר ניט! איך האָב זיי געגעבען אַ פרייען אויסוואַהל, נישט איך האָב זיי געצוואונגען, נישט איך האָב זיי אָפּגעהאַלטען, דאָס הייסט, אין האַרצען ביי מיר האָב איך מיך געפרייט וואָס מיינע קינדער האָבען אַ נייגונג דערצו. צו זיי וועלען פּראַקטיצירען דאָס וואָס זיי לערנען צו ניט? דאָס איז אַן אַנדער פראַגע, אָבער אַז זיי זאָלען וויסען פון אידישקייט, פון אידישע היסטאָריע, אידישע געשיכטעס, די באַדייטונג פון אידישע ימים־טובים, א. ז. וו., דאָס האָב איך געוואָלט.

עס איז אפילו ניט שעהן פון אַ פאָטער צו לויבען זיינע קינדער, נאָר איך מוז צוגעבען אַז זיי לערנען מיט גרויס התמדה, זעהר פיין! איינמאָל אין אַן אָוועגט, ווען איך בין געווען פריי פון פאַרשידענע טאָג־טעגליכע פליכטען, האָב איך באַשלאָסען צו באַזוכען אָט די היברו סקוהל און זעהן אין אַלגעמיין ווי מען לערענט דאָ אין אַמעריקע, קינדער אידישקייט. און געהענדיג אויפ׳ן וועג, האָב איך מיך דערמאָנט דעם חדר ווי איך האָב געלערענט אַלס קינד, און דעם אמת זאָגענדיג האָב איך זעהר ניט געוואָלט געהן אין חדר.

דער ערשטער מלמד מיינער איז געווען פרץ דער מלמד, מיט זיין זוהן „מיצעק” (דאָס מיינט ער, אברהם יצחק שוסטער, וועלכער איז יעצט אין אַמעריקע און אַ חשוב׳ער מיטגליד פון זאשקאָווער פאַראיין, וועלכער איז געווען זיין „אַסיסטענט”, דאָס הייסט אַן אַרויסהעלפער).

אָט זעה איך די גרויסע לאַנגע שטוב מיט דעם שטרויענעם דאַך, אינוועייניג, די פאָדלאָגע אויסגעשמירט מיט געלע ליים, אַ לאַנגער און שמאָלער טיש וואָס ציהט זיך פון איין עק שטוב ביז׳ן צווייטען עק. מיט לאַנגע ביינק פוןביידע זייטען טיש און קינדערלעך אויסגעזעצט אויף זיי, און סידורים׳לעך בעפאָר זיי, און דער רבי ר׳ פּרץ מיט דער לאַנגער באָרד זיצט פון אויבען, מיט אַ קאַנטשיק אין איין האַנט און מיט אַ טייטעל אין דער צווייטער האַנט, זיצט און קנעלט מיט זיי, ער זאָגט דאָס ערשטע וואָרט און אַלע קינדער ענטפערען מיט אַמאָל און עס ווערט אַ געשריי און אַ געפילדער אַזש צום טויב ווערען. און ביים אַנדערען עק טיש זיצט זיין זוהן „מיצעק” און אויך דאָס זעלבע, אַזוי אַ גאַנצען טאָג פון פריהמאָרגען ביז שפּעט אין דער נאַכט, און אַלע טעג פון אַ גאַנצער וואָך, אויסער שבת.

ניט אומזיסט האָבען אַלע קינדער אויסגעזעהן אַזוי אויסגעדאַרט, איינגעהויקערטע, ניט געוואַשענע, ניט דערשלאָפענע.

מיר האָבען געוואָהנט, דאָס הייסט, מיין טאַטענס הויז איז געווען פּרץ דעם מלמד׳ס חדר און פון דער צווייטער זייט, שלום נעסיס חדר. דאָרט איז אויך אַ סך קינדער געווען, נאָר ניט אַזוי פיל, ווייל שלום נעסיס איז שוין געווען אַ גמרא מלמד, נאָר פון דעסטוועגען זיינען די גוואַלדען דאָרט געווען אויך אַזוי גרויס. און דערצו נאָך האָבען שלום נעסיס צוויי טעכטער געווען נייטאָרינס אָדער ווי מען פלעגט זיי רופען מאָדיסטקעס, האָבען זיי געהאַט זייערע 2 זינגער מאַשינען אין דעם זעלבען צימער וואו דאָס חדר איז געווען, אַלעס צוזאַמען איז געווען אַזאַ קאַצען־יאָמער מיט אַזאַ מיש־מאַש, אַז עס איז מיר נאָך ביז יעצט אַ וואונדער וואָסערע אייזערנע נערווען די מענשען האָבען געהאַט דאָס איבערצוטראָגען.

געהענדיג אַזוי מיט מיינע עראינערונגען ביז איך בין געקומען צו דער געביידע וואָס איך רוף עס אַן היברו סקול, און דאָ איז ערשינען פאַר מיר אַן אַנדער בילד: אַ שעהנע, גרויסע, גראַמע, ליכטיגע און ציכטיגע געביידע, וואָס מען זעהט לכתחילה, אַז דאָס הויז איז געבויט געוואָרען בלויז פאַר דעם צוועק. אינוועייניג איז אַלעס אויסגעשטעלט סימעטריש, יעדע זאַך וואָס איז באַשטאַנען פון אַזעלכע מעבעל וואָס מען באַנוצט עס בלויז צום לערנען. אַסך אָפענע פענסטער מיט גענוג פרישע לופט. די הילצערנע פאָדלאָגע אַלעס געוואַשען ריין אַז עס שמעקט. און אַזוי שטיל, אַזוי אנגענעמען, דאַכט זיך אויך אַ סך קינדער, און גאָר ניט קיין טומעל. ערשטענס זיינען די קינדער אָנגעטאָן ריין, גאַנצע קליידער, פאַרקעמט, פאַרפּוצט מיט גלאַנציגע אויגען, פולע בעקלעך, באַוועגליך, רירעוודיג, מיט אַ שמייכעל, און די לעהרער, דאָס הייסט די מלמדים, אָן קאַנטשיקעס, אָן בערד, שעהנע עלעגאַנטע יונגעלייט, מיט קלוגע שאַרפע אויגען, אויך שעהן אָנגעטאָן, און דאָס לערנען איז ביי זיי גאָר אַ שפּיל אַזאַ.

אין דעם קלאַס וואָס איך האָב באַזוכט זיינען די קינדער געווען צוטיילט אויף צוויי כיתה׳עס, צוויי אָפּטיילונגען, און

ביידע האָבען געלערענט, דאָס הייסט דאָס לערנען איז ניט
באַשטאַנען אין שרייען און ליאַרמען, נאָר אין ענטפערען
געוויסע פראַגעס; דער לעהרער האָט געפרעגט קשיות און
די תלמידים האָבען געענטפערט, און וועלכע טייל תלמידים
עס האָבען פאַרענטפערט ריכטיגער און בעסער די פראַגע
אָדער פאַרטייטשט בעסער דעם זאַץ, אָדער בעסער געזאָגט
די עברי, אָט די טייל האָט מען געגעבען מעהר „פוינטס”.
איך האָב זיך פאַראינטערעסירט און געוואָלט גענויער ווי־
טען דעם גאַנג פון אָט דער פעדאַגאָגיע, האָט מיר דער
הויפט־לעהרער ערקלערט אַז דאָס איז אַזאַ מין שפּיל, אַזאַ
גיים, וועלכער עס וויסט מעהרערע און קען בעסער, פאַרציי־
כענט מען מעהרער „פוינטס” פונקט ווי ביי אַ בייס־באָל
גיים. דער וואָס טרעפט דעם באָל אויפ׳ן ריכטיגען פּלאַץ
לויט׳ן אָנגענומענעם שלחן ערוך פון באָל גיימס, דער
קריגט מעהרער קרעדיט. דאָס הייסט, דער געווינט, ווערט
דערביי אַרויסגערופען פון זיך אַליין אַ חשק צום ווערען און
צו קענען בעסער אום צו געווינען וואָס מעהר פוינטס. און
אויסער דעם איז דאָס ביי די קינדער אַ פאַרוויילעכץ, אַ
שפּילעריי — און דערפאַר איז קיין וואונדער ניט וואָס
מיינע קינדער געהען אַזוי שטאַרק מיט חשק אין היברו
סקוהל, און ווי ווייניג חשק איך האָב געהאַט צו געהן אין
זאשקאָוו אין „חדר”.

ר ו ב י  ג א ר א ב ע ץ (זאַוועל מאָטיס זוהן)

---

## די פעלשטינער פרוי.

די פעלשטינער פרוי איז ב״ה געווען באַשאָנקען מיט
אַ פולער שטוב קינדער. צוליב די קינדער איז זי נעבאַך
געווען צוגעבונדען צו די ד׳ אמות פון איהר אָרימער
שטוב. כמעט אַלע פעלשטינער פרויען האָבען געטראָגען
אויף זיך דעם יאָך פון פרנסה, באַגלייך מיט׳ן מאַן, און
אין אַ סך פאַלען, אפשר נאָך מעהר ווי ער. די קינדער זיי־
נען געווען ביי איהר דאָס אויג פון קאָפּ. וואָס וואָלט אַ
פעלשטינער מוטער ניט געווען געטאָן פאַר איהרע קינ־
דער? אויב מקריב זיין איהר לעבען וואָלט געווען געהאָל־
פען זיי מגדל צו זיין, וואָלט זי איהר לעבען געווען אַוועק־
געגעבען מיט שמחה.

יעדע וואָך האָט די פעלשטינער פרוי געקנאָטען, גע־
וואַלקעוועט און אָפּגעבאַקען אַ געבעקעל ברויט. ביטער
איז געווען ווען זי האָט ניט געהאַט פון וואָס צו באַקען.
טאַג־טעגליך האָט זי זיך, כמעט מיט ליידיגע הענט, ארויס־
געלאָזט אין מאַרק אריין, מיט איין קינד אויף די הענט און
מיט אַ צווייטען ביי איהר פאַרטוך, איינצוקויפען די באַ־
דערפענישען פאַר איהר הויזגעזינד. איז איהר געלונגען,
עפּעס ממשות׳יגעס צו ברענגען אַהיים, איז עס איהר אָנ־
געקומען מיט ביטערע יסורים...

קומענדיג פון מארק אַהיים, אַן אויסגעמאַטערטע, האָט
זי זיך גענומען איינהייצען אין „הרובע” אָדער אונטער דער

„טרינעשקע”, לויט דעם זמן פון יאָהר, אָפּצוקאָכען פאַר
דעם מאַן און די קינדער אַ לעפעל געקעכץ.

דאָס האָלץ, מיט וועלכען זיך האָט איינגעהייצט איז, ווי
אומיסטען, תמיד געווען פיטש־נאַס. ארויסצוציהען פייער
פון דעם נאַסען האָלץ איז געווען אַ מין ציהען אָדערען
פונ׳ם גוף. האָט זי געבלאָזען און געבלאָזען אויף די נאַסע
קלעצלאך, אָדער שפּענער ביז ס׳האָט איהר געכאַפּט שווינד־
לען אין די אויגען. אַמאָל איז זי גאָר פאַרפלאַמט געוואָ־
רען און באַקומען אַ קאָפּוועהטאָג פון צופיעל בלאָזען אויף
דעם — נאַסען האָלץ. און אַמאָל איז זי שיער ניט דער־
שטיקט געוואָרען פונ׳ם רויך, וואָס אנשטאָט צו ציהען
דורכ׳ן קוימען אינדרויסען, האָט ער געשפּאַרט איהר אין
פנים אריין און אָנגעפּיעלט די קיך ווי פאַרע פרייטאָג אין
באָד.

אויף דער נאַכט, ווען די קינדער האָבען זיך געלייגט
שלאָפען, האָט זי זיך ערשט אַוועקגעזעצט פאַרלאַטען דאָס
ביסעל — אָרימקייט, פאַרמערעזשען זאָקען, אָדער גאָר פלי־
קען פעדערען. מיט פליקען פעדערען האָט זיך די פרוי
פאַרנומען יאָהרען... זי האָט באַדאַרפט צוגרייטען קי־
שענס — פאַר איהרע דערוואַקסענע קינדער...

פרייטאָג, ווי נאָר עס האָט אָנגעהויבען צו שאַריען אויף
טאָג, איז זי שוין געווען אויף די פיס, אַ גאַנצען טאָג ביז
ליכט בענשען איז זי געווען פאַרטאָן מיט׳ן שבת מאַכען:
באַקען חלה, קאָכען, שטעלען טשאָלענט, פאַרקלעפען און
אויסקאַלכען — דעם פאַררוּיכערטען אויווען, געראַהמט און
געראַהמט, כדי די „קויטיגע שטוב” זאָל אויסזעהן שבת׳־
דיג... וואָס האָט אַ פעלשטינער אידענע ניט געטאָן איהר
שטוב זאָל אויסזעהן שבת׳דיג? זי האָט אפילו געבראַכט
אויף די פּלייצעס ליים און דעם גאָלד־געלען זאמד פון גרוב
אויף — אויסצושמירען די שווארצע ערדענע „פאָדלאָגע”
און נאָכדעם זי באַשיטען מיט זאמד. די פעלשטינער שטוב
האָט געמוזט אויסזעהן שבת׳דיג...

דאָס רעליגיעזע לעבען האָט די פעלשטינער פרוי אויך
געפיהרט אין די ד׳ אמות פון איהר שטוב. די פעלשטינער
פרוי — אפשר מיט איניגע אויסנאַהמען — איז שבת
מברכים אויך ניט געגאנגען אין שוהל אריין. פאַרוואָס?
ווייל זי האָט זיך פשוט — ניט פאַרגונען דעם וואוילטאָג.
זי האָט ניט געקענט און אויך ניט געוואָלט איבערלאָזען
די שטוב מיט די קינדער.

דערפאַר, אַז עס איז געקומען סוכות, האָט דער מאַן גע־
שיקט צו דער פרוי אַהיים דעם אתרוג בענשען. און
עס איז טאַקע געווען אָנגעלייגט ביי דער פרוי.

ווען אהרן שמש, ביי וועמען זי פלעגט קויפען די חלב׳נע
ליכטלאַך אויף שבת, איז מיט׳ן לולב אין האַנט, ווי מיט׳ן
ווינט, אריינגעפלויגען צו איהר אין סוכה און דורכ׳ן פענ־
סטער געטאָן אַ רוף: „שרה... רבקה... רחל! אתרוג
בענשען!...”. האָט די פרוי דערפיהלט, אַז דער מאַן האָט
דאָך ניט פאַרגעסען אָן איהר, און זי האָט געקוועלט פאַר
נחת.

פורים האָט דער מאַן געלייענט די „מגילה” פאַר דער

פרוי אין שטוב. האָט דער אייגענער מאַן ניט געקענט לייענען די מגילה, האָט אַ שכנ'טעס מאַן געקענט. זיינען זיך די שכנות צונויפגעקומען אין יענערס שטוב.

דער „בעל קורא" ארומגערינגעלט מיט אַ פולער שטוב ווייבער, האָט געלייענט די מגילה מיט חשק ,מיט אַפּעטיט, מיט טיפען אויסדרוק... און די ווייבער האָבען געשלונגען יעדען וואָרט, הגם זיי האָבען ניט פאַרשטאַנען אַ וואָרט וואָס ער לייענט... זיי האָבען אָבער געוואוסט און גוט פאַרשטאַנען, ווער און וואָס „המן הרשע" איז געווען...

תשעה באב האָט די פעלשטינער פרוי געזאָגט „קינות" ביי זיך אין שטוב. האָט זי אַליין ניט געקענט אין דער „תחינה", זיינען שוין געווען ווייבער וואָס האָבען געקענט, נאָך ווי געקענט... די פרוי האָט ניט נאָר געוויינט אויף חנה'ן מיט איהרע זיבען זיהן, וואָס זיינען אומגעבראַכט געוואָרען „על קידוש השם", זי האָט נעבאַך געוויינט און געקלאָגט אויף איהר אייגענעם פינסטערען מזל...

ניין, די פעלשטינער פרוי איז ניט געלאָפען אין שוהל אריין ווי דער פעלשטינער מאַנסביל, פשוט דערפאַר, ווייל דער יאָך, וואָס זי האָט געטראָגען אויף איהרע שוואכע פלייצעס, האָט איהר געהאַלטען צוגעבונדען, צוגעקאָוועט צו דער שטוב און צו איהרע קינדער...

און פון „וואוילטאָג" איז שוין אָפגערעדט: די פעלשטינער פרוי האָט אפילו ניט באַגריפען די באַדייטונג פונ'ם וואָרט „וואוילטאָג"...

יונה בוים.

פעלשטין־זאמלבוך, ארויסגעגעבען פון פעלשטינער פאַראיין, ניו יאָרק, 1937).

---

## די סמארגאנער אין צעשפּרייטונג.

די ערשטע נאַכט אין „גלות" וועט אויף אייביג בלייבען אין זכרון ביי יעדען סמארגאנער.

דער שטראָם מענטשען, וואָס האָט פאַרלאָזען סמארגאָן אונטער אַ האָגעל פון סנאַראַדען, האָט געצויגען קיין זאַליעסיע. דאָרטען האָט מען זיך אויסגעלייגט אויף אַ גרויסער לאָנקע, ביים ברעג פון אַ טייכעל, פאַנאַנדערגעלייגט פייערען און געזוכט צו שטילען דעם הונגער מיט די פּראָוויזיע, וואָס מען האָט מיט זיך מיטגענומען.

נאַכט איז צוגעפאַלען. נאָך די איבערלעבענישען פונ'ם טאָג, האָט מען זיך געוואָלט אָפּרוהען און פאַרגעסען. יעדערער האָט זיך צוגעמאָטשעט אַ געלעגער און געפּרואווט איינשלאָפען.

ס'האָט זיך אָבער ניט געשלאָפען. בלייבענדיג מיט זיך אַליין, האָט זיך יעדערער געפרעגט — וואָס טוט מען ווייטער?

ביי אַ סך איז געווען די מיינונג, אַז די דייטשען, אין זייער שנעלען אָנגריף, וועלען באַלד פאַרנעהמען זאַליעסיע און מען וועט זיך צוריק אומקערען קיין סמארגאָן. די, וואָס האָבען אַזוי געטראַכט, זיינען נאָך פאַרבליבען אין זאַליעסיע עטלעכע טעג אונטער'ן פרייען הימעל. די מעהרסטע האָבען אָבער פאָרטגעזעצט זייער לויפעניש טיעף אין רוסלאַנד.

מיר זיינען דורכגעגאַנגען זאסקעוויטש, לעבעדווע. די שטעטלאך זיינען געווען אינגאַנצען ליידיג. מיר האָבען זיך געשפּייזט מיט גרינסען, וואָס זיינען נאָך דאָ און דאָרט פאַרבליבען אין די גערטנער. פלעגען נאָך געפינען אַ מער, עטליכע קאַרטאָפליעס און אַמאָל פלעגט אונז אַ אידישער סאָלדאַט געבען אַ שטיקעל ברויט, דאַמאָלסט איז שוין ביי אונז געווען אן אמת'ער מאָלצייט.

אין לעבעדווע האָבען סאָלדאטען ארומגערינגעלט די הויז, וואו מיר האָבען זיך אָפּגעשטעלט איבערנעכטיגען, און געפאָדערט מען זאָל זיי לאָזען אַביסעל אַ שפּיל טאָן זיך מיט די מוידען. מען האָט זיך קוים געראַטעוועט פון זיי.

ענדליך איז מען אָנגעקומען קיין מאָלאָדעטשנאָ. פון דאָרטען זיינען שוין אָפּגעגאַנגען באַהנען אויף מינסק. יעדער פּראַכט וואַגאָן איז געווען איבערגעפּאַקט מיט די „בעזשענצעס".

צום גליק זיינען די טעג געווען ווארעמע און זוניגע און די ליידען פון די „בעזשענצעס" זיינען אַביסעל געמינערט געוואָרען.

מינסק איז געווען איבערגעלאָדען מיט „בעזשענצעס" פונ'ם גאַנצען פראָנט. זיי האָבען געהאַלטען אין איין צוקומען. אומזיסט האָט מען געזוכט די פריינטליכע, האַרציגע באַגעגעניש, וואָס מיר האָבען אַרויסגעוויזען די ערשטע אַנטלאָפענע פון קאָוונער גובערניע. מינסק איז שוין געווען טויט מיעד פון די בעזשענצעס.

אַלע שולען, געזעלשאַפטליכע געביידעס און יעדער ווינקעלע, וואָס איז נאָר פריי געווען — איז באַוואַלגערט געוואָרען ביי די בעזשענצעס.

די איינגעשאַפט און שמוץ אין די צוזאמענוואוינונגען האָט געבראַכט עפּעדעמיעס. דערצו האָט קיין זין ניט געהאַט צו בלייבען אין מינסק. מען האָט דאָ דערווארט אן איבערכאַזערונג פון די געשעהענישען אין סמאַרגאָן. מיט די ערשטע מעגליכקייטען האָט מען זיך ארויסגעכאַפּט און געפאָהרען ווייטער.

וואוהין?

קיין חילוק ניט וואוהין, אַבי וואָס ווייטער פון דעם פּראָנט. מען פלעגט דאַמאָלסט ארויסגעבען אומזיסטע באַהן בילעטען. דער תחום־המושב איז שוין דאַמאָלסט געווען אָפּגעשאַפט פון זיך אַליין. די מלחמה האָט געבראַכט אַזאַ גרויסען שטראָם פון בעזשענצעס, אַז עס איז קיין אַנדער אויסוועג ניט געווען, ווי לאָזען זיי פאָהרען אין טיעף ראָסיי.

מען האָט גענומען דעם ערשטען עשעלאָן און מען איז געפאָהרען אויף גאָט'ס בארעט.

אזוי אין סמארגאָן, אַ שטאָט העכער 30,000 מענטשען, צעשטויבט געוואָרען איבער דער גרויס און ברייט פון רוסלאַנד.

ניט געווען כמעט קיין איין גרויסע שטאָט, וואו מען זאָל ניט געפינען קיין סמאַרגאָנער. כאַרקאָוו, יעליזאַוועטענגראַד, יעקאַטערינאָסלאַוו, סימפעראָפּאָל, מאַריאופּאָל, ראָסטאָוו אויפ'ן דאָן, צאַריצין, סאַמאַרא, קאַזאַן. איינציגע האָבן זיך אפילו פאַרקליבען אַזש קיין כאַרבין און פון דאָרטען אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע.

אָבער דער נאָך איז פאָרגעקומען עטוואָס מערקווירדיגעס. דער עקאָנאָמישער צושטאַנד פון די סמאָרגאָנער אידען איז געווען פאַרבונדען מיט דער לעדער אינדוסטריע. דאָס האָט געפיהרט דערצו, אַז עס זאָלען זיך אויסבילדען עטלעכע צענטערען פון לעדער אינדוסטריע און די סמאָרגאָנער, וואָס זיינען געווען צעשטויבט, זאָלען צו אָט־די צענטערען צוגעצויגען ווערען.

פון אָנהויב האָבען עטלעכע סמאַרגאָנער פאַבריקאַנטען אַנטדעקט „סעלאָ באָגאָראָדסקאָיע", ניזשנע־גאָראָדער גובערניע. דאָרטען האָבען עקזיסטירט לעדער גאַרבערייען און עס איז ניט שווער געווען פאַר זיי זיך איינצואָרדענען דאָרטען. זיי האָבען אַראָפּגעבראַכט אַהין סמאַרגאָנער גאַרבער, וואלקער און שטעפּער און עס האָט זיך אויסגעבילדעט אַ סמאַרגאָן אין מיניאַטורע.

עס האָבען זיך גענומען מעהרען לעדער־פאַבריקען. דער דאָרף איז אינגיכען געוואָרען באַלעבט, ווי אַ שטאָט.

אַ צווייטער צענטער האָט זיך געגרינדעט אין כאַרקאָוו, די גרעסטע האַנדעלס־שטאָט אויף דער אוקראַאינע. די שטאָט איז אַלע מאָל געווען אַ גרויסער אָפּנעהמער פון סמאַרגאָנער פּראָדוקטען. און די ענערגישע סמאַרגאָנער האָבען דאָרטען אינגיכען אויסגעבויט אַ באַדייטענדיגע לעדער אינדוסטריע. ווידער איז אַהער געבראַכט געוואָרען דער ארבעטער עלעמענט: גאַרבער, וואַלקער, שטעפּער, וואָס איז געווען פאַרוואָרפען אין פאַרשיידענע שטעט און שטעטלאַך, און דער צווייטער און גרעסטער צענטער פון סמאָרגאָנער, דער גרעסטער נאָך עד־היום איז אויסגעבילדעט געוואָרען.

דער דריטער צענטער איז געווען ראָסטאָוו אויפ'ן דאָן. אויך דאָ האָט זיך איבערגעכאַזערט דאָס זעלבע.

די שוין איינגעאָרדענטע סמאַרגאָנער האָבען אַרויסגעוויזען אויסערגעוויינטליכע גאַסטפריינדליכקייט צו יעדען סמאַרגאָנער, וואָס פלעגט זיך צו זיי ווענדען נאָך הילף. מען וואָלט געקענט אָנפילען אַ סך זייטען מיט ריהרענדע געשיכטעס, ווי אַזוי מען האָט זיך אין יענע קריטישע טעג איינער דעם אַנדערען ארויסגעהאָלפען—.

איז לאָמיר, סמאַרגאָנער, אין דער פרייער אַמעריקע, געדענקען אָט־די סמאָרגאָנער גוטע מידה. מיר מוזען אויך וועלען פאָרטזעצען די אַלטע טראַדיציע פון סמאַרגאָן:

קיינער, וואָס שטרעקט אויס צו אונז אַ האַנט, וועט ניט אַוועקגעהן ליידיג.

**אַ. ראָפּל'ס**

(סמאַרגאָן, זאַמעלבוך פון פאַראייניגטען סמאַרגאָנער הילפס קאָמיטעט, 1937).

## א דעבאַטע וועגען לאַנדסמאַנשאַפט נאָמען

### זאָלען מיר אויסמעקען דעם נאָמען „מאַנאַסטערזיסקאָ" פון אונזער סאָסייעטי?

כ'וויל ביים סאַמע אָנהויב אויסדריקען מיין האַרציגען דאַנק צו בר. בלומענפעלד, וואָס ער האָט אויפגעהויבען אַן אינטערעסאַנטע און, דוכט מיר, וויכטיגע פראַגע.

כ'האָב דאָ, נאַטירליך, אינזינען בר. בלומענפעלד'ס אַרטיקעל, „וואָס איז אין אַ נאָמען", וועלכער איז ערשינען אין דער יוני־אויסגאַבע פון אונזער זשורנאַל, „פּראָגרעסיוו ניוס". אין יענעם אַרטיקעל, רעדט ער וועגען אַרויסנעמען דאָס וואָרט „מאַנאַסטערזשיסקא" פון דעם נאָמען פון אונזער אָרגאַניזאַציע.

איך האַלט, אַז מ'דאַרף דאָס וואָרט יאָ אַרויסנעמען, כ'ווייס גאַנץ גוט, אַז מיין מיינונג וועט אַרויסרופען געגנערשאַפט ביי אַ צאָל מיטגלידער, וואָס זייער שטעלונג אין דער פראַגע אונטערשיידט זיך פון מיינער. דאָס וועט מיך אָבער ניט אָפּהאַלטען דאָ אויסצודריקען מיין מיינונג וועגען דעם ענין, ווי איך פאַרשטיי איהם.

אַרויסנעמען דאָס וואָרט „מאַנאַסטערזשיסקא" דאַרף מען צוליב עטליכע אורזאַכען. קודם כל, וויל איך פרעגען: איז פאַראַן וועלכער ס'איז גרונט, וואָס באַרעכטיגט, אַז מיר זאָלען מיט'ן נאָמען פון אונזער שטעטעל שטאָלצירען? צי דעם נאָמען פון שטעטעל פאַראייביקען? האָט דען דאָס שטעטעל אונזערס איבערגעלאָזען פרייליכע דעראינערונגען, אַז מיר זאָלען עס אָנערקענען, פאַרגעטערען, פאַרהייליקען?

ניין!

האָט דאָס געבורט־שטעטעל אונז געגעבען וועלכע ס'איז מעגליכקייטען צו געניסען עקאָנאָמיש, קולטורעל, צי אויף וועלכען ס'איז אַנדער געביט?

ניין.

יאָרהונדערטער, אַז אידען און קריסטען (פּאָליאַקען) פירען אַן צווישען זיך אַ קאַמף. אַ סך פּאָליאַקען, פאַנאַטיקער, האָבען געהעצט און העצען איצט קעגען דער אידישער באַפעלקערונג. אַנטיסעמיטיזם איז געפּרעדיגט געוואָרען און ווערט איצט געפּרעדיגט אין פאַרשיידענע לענדער פון דער וועלט. און ניט בלויז האָט די אַנטיסעמיטישע חיה זיך איינגעוואָרצעלט אין די מדינות וואָס זי האָט געקראָגען אַן אָנהאַלט, נאָר זי איז פון די עקזיסטירענדע רעגירונגען שטאַרק דערמוטיקט געוואָרען.

ווען דאָס זאָל ניט געווען זיין אמת, וואָלט דען געווען אַ גרונט פאַר אידען צו עמיגרירען?

נאַטירליך, איז צום באַדויערען, וואָס טייל פון אונזערע נאָענטע און טייערע, שמאַכטען נאָך אַלץ אונטער דעם דרוק פון דעם ברוטאַלען פוילישען רעזשים. אונזער געבורטסשטאָט איז, צום אונגליק, אַ טייל פון דעם רעזשים. אָפּגעבען כבוד דעם שטעטעל — דאַרפען מיר ניט.

איך גלויב, אַז בר. בלומענפעלד האָט זיך ניט אויסגע־

דריקט געגוג שאַרף, ווען ער האָט אָנגעוויזען, אַז ס'איז ראַטזאַם, מ'זאָל אויסמעקען דאָס וואָרט „מאַנאַסטערזשיסקא" פון דעם נאָמען פון אונזער אָרגאַניזאַציע. איך גלויב, אַז ס'איז נויטיק דאָס צו טאָן. כ'וואָלט וועלען, אַז ביי איינעם פון די קומענדיגע אַלגעמיינע מיטינגען פון אונזער סאָסייעטי, זאָל מען נעמען צום אָפּשטימען די פראַגע, אינגאַנצען אויסצושטרייכען דאָס שטעטעל־נאָמען אונזערס פון נאָמען פון אונזער סאָסייעטי. לאָמיר זיך רופען, גאָר פּשוט: „פּראָגרעסיוו יאָנג בראָדערס, אינק." דאָס וועט זיין אין איינקלאַנג מיט'ן גייסט פון אַ פאָלק, וואָס זיין טראַדיציע איז אַ גלאָררייכע און זיין ירושה אַ ריינע און אַ דערהויבענע.

ס י י מ א ן ש ע ר

## נאָך וואָס בייטען דעם נאָמען?

אין לעצטען נומער פון אונזער זשורנאַל איז דערשינען בר. בלומענפעלד'ס אַן אַרטיקעל, אין וועלכען ער האָט אָנגעוויזען, אַז מ'דאַרף ענדערען דעם נאָמען פון אונזער אָרגאַניזאַציע. די שטאַרקסטע טענה זיינע איז, אַז דער נאָמען שטערט דער סאָסייעטי'ס וואוקס.

וויל איך פרעגען: בר. בלומענפעלד איז געוואָרען איינער פון אונזערע פּראָמינענטע מיטגלידער. האָט איהם דען דער נאָמען פון דער אָרגאַניזאַציע אָפּגעהאַלטען דערפון? זיכער ניט. כ'גיב איהם אָן אַלס ביישפּיל, ווייל ער איז אַ פּראָפעסיאָנאַל, אַ באַוואוסטער לאָיער. און ס'ווילט זיך ווייטער פרעגען: האָט דען עפּעס־וואָס געשטערט די אַנדערע יונגעלייט, אַמעריקאַנער־געבוירענע און פּראָפעסיאָנאַלען, זיך אָנצושליסען אין אונזערע רייען און ווערען אַקטיוו? ניין, גאָרניט. און איז עס אמת, אַז דער נאָמען אונזערער האָט אונז אָפּגעהאַלטען פון ווערען די ליבעראַלסטע און פּראָגרעסיווסטע סאָסייעטי אין ניו יאָרק, וואָס צייכענט זיך אויס מיט איהר האַרציגער פריינטשאַפט פון איין מיטגליד צו אַ צווייטען? ניין.

דער נאָמען, מיין טייערער פריינט בלומענטאַל, איז דער סימבאָל פון אונזער יוגענט. דער נאָמען לעבט־אויף ערגערונגען פון אונזער יוגענט. איך ווייס, אַז ביי וואוינענדיג אַ מיטינג פון אונזער סאָסייעטי, ווערט מיין שטעטעל ווידעראַמאָל אָפּגעפרישט אין מיין זכרון; דאָס טייכעל דאָרט ווערט מיר אויפדאָסניי לעבעדיג פאַר די אויגען און איך זעה פאַר זיך, ווי דאָס וואָלט נעכטען געווען, דאָס טייכעל און די פאָטשט־געביידע, וואָס האָט זיך געפונען לעבען איהר. און טרעפענדיג ביים מיטינג מיינע לאַנדסלייט, הויבט זיך מיר אָן צו דוכטען, אַז ערשט ניט לאַנג צוריק האָבען מיר, קינדער קליינע, צוזאַמען אין חדר געלערענט. איך האַלט באמת, אַז ווען מיר זאָלען אפילו בייטען דעם נאָמען, וואָלטען מיר, אפשר געוואונען אַ האַלבען טוצען, צי אַ טוצען מיטגלידער. דער וואונדער־שעהנער חלום, אָן וועלכען דער נאָמען אונזערע דערמאָנט אונז, וואָלט אָבער פאַרשוואונדען געוואָרען. דער פאַקט איז דאָך, אַז די קינדער אונזערע, שעהמען זיך ניט מיט'ן נאָמען און שליסען זיך אין אונז אָן. פאַרוואָס־זשע זאָלען מיר זיך מיט'ן נאָמען שעהמען? די קינדער אונזערע ווילן, אַז דער נאָמען זאָל בלייבען און איך גלויב קוים, צי זיי וועלען, אין הונדערט יאָהר אַרום, איהם בייטען. אָפּמעקען די זכרונות פון זייערע טאַטעס און זיידעס? דאָס, האַלט איך, וועלען זיי קיינמאָל ניט דערלאָזען.

א. א ל י ו ו ע ר

(אַרויסגענומען פון ענגלישען בולעטין „פּראָגרעסיוו ניוס", נומער 3, 1937, אַרויסגעגעבען פון דער פּראָגרעסיוו מאַנאַסטערזשיסקאַ יאָנג בראָדערס, אינק".)

---

## אידישער מיליציאָנער בערנאַרד געפאַלען אין קאַמף אויפ'ן הועסקא פראָנט אין שפּאַניע.

דורך הונדערטער נעקראָלאָגען אין דער אידישער פרעסע פון ביאַליסטאָק, וואַרשע, ווילנע און פּאַריז איז אויסגעדריקט געוואָרען דער טרויער פון די גרויסע מאַסן און אָרגאַניזאַציעס אויפ'ן פאַרלוסט פון אידישען מיליציאָנער ח' בערנאַרד, וועלכער איז געפאַלען אויפ'ן שפּאַנישען פראָנט.

ווער איז דאָס געווען דער, וועמען די ראַדיקאַלע און אַרבייטער מאַסען האָבען אַזוי שטאַרק באַוויינט דורך אויסדריקען זייער טרויער און מיטגעפיל אויף מעמאָריאַל מיטינגען און אין דער אידישער פרעסע?

בערנאַרד איז געווען אונזערער אַ לאַנדסמאַן, אַ געבוירענער אין אָסטראָווע מיט'ן נאָמען יעקב פריידקעס. ער איז ווייניג געווען באַקאַנט דער אָסטראָווער לאַנדסמאַנשאַפט, ווייל זיין געזעלשאַפטליכע אַרבייט האָט ער זינט 1925 געפיהרט צווישען די מאַסען אין ביאַליסטאָק ,וואַרשע, פּאַריז און לעצטענס אין שפּאַניע.

טויזענטער האָבען איהם פאַרערט פאַר זיין אידעאַליזם און איבערגעבענהייט צום אַרבייטער קלאַס. אונערמידליך האָט ער געפיהרט זיין קאַמף, נישט אָפּשטעלענדיג זיך פאַר קיין שום פּאָליטישע פאַרפאָלגונגען. יאָהרען האָט ער פאַרבראַכט אין די טורמעס פון וואַרשע און פּאַריז, דאָך זעצט ער פאָר זיין פּאָליטישע טעטיגקייט אין פוילען ביז ענדע 1936, ווען דער פוילישער פאַשיזם ווערט שטאַרקער און גרויזאַמער.

פּאָגראָמען קומען פאָר אין אַ רייהע פוילישע שטעט און שטעטלעך אויף דער אידישער באַפעלקערונג ווי אויך בלוט פאַרגיסונגען פון אַרבייטער אין די קוילען גרובען און אויף גאַסען דעמאָנסטראַציעס אין לעמבערג, קראָקע און אַנדערע שטעט.

בערנאַרד דערפילט דאַן אַז לייגער קען ער זיך שוין נישט צוקוקען צו די גרוילטאַטען פון פאַשיזם. ער באַשליסט צו פאַרלאָזען די באַוועגונג, חברים, פאַמיליע און פאַראייניגען זיך מיט די לאָיאַליסטען אין שפּאַניע אין זייער קאַמף פאַר פרייהייט און דעמאָקראַטיע. דורך בריוו געזעגענט ער זיך

מיט זיין משפחה איבער דער גאַנצער וועלט און מיט פרייד זאָגט ער זיי אָן, אַז איבער די בערג פון די פוילישע קאַר־פּאַטען און איבער די וועגען פון טשעכאָסלאָוואַקיע, דייטשלאַנד און פראַנקרייך מאַרשירט ער איינער אַליין צו פאַראייניגען זיך מיט די העלדישע לאַיאַליסטען כדי זיי צו העלפען באַקעמפען דעם פאַשיזם אין שפּאַניע.

1937. עס הויבט זיך אָן אַ נייע קאַפּיטל געשיכטע אין לעבען פון בערנאַרד'ן. פריי אָטעמט ער אָפּ אין דער רעפּוב־ליקאַנישער שפּאַניע. ער דערפילט די שטימונג פון די באַ־גייסטערטע אינטערנאַציאָנאַלע מאַסען פאַר דער באַפרייאונג פון דער מענשהייט און אויפסניי הויבט זיך אָן זיין אַרבייט. זיין טעטיגקייט פיהרט ער אָן אין דעם פוילישען דאמבראָוו־סקי באַטאַליאָן. שנעל באַהערשט ער די שפּאַנישע שפּראַך, שרייבט רעפּאָרטען פון פראָנט, פיהרט קולטורעלע אַרבייט צווישען די מיליציאָנערען, לערנט די חברים פּאָליטישע געשיכטע פון שפּאַניע, שטודירט מיט זיי די מאַפּע און קעמפט איינצייטיג מיט זיי אויפ'ן פראָנט.

דעם 15טען יוני, 1937, איז אָבער געקומען דער טרויערי־גער מאָמענט. געשעהן איז עס אויפ'ן הועסקא פראָנט, ווען יעקב פריידקעס (בערנאַרד), אַרויסרוקענדיג זיך אין די פאָדערשטע רייהען, איז געוואָרען שווער פאַרוואונדעט פון אַ פאַשיסטישער קויל. אַ חבר שטעלט איין זיין לעבען, טראָגט איהם גלייך אַוועק פון פראָנט. אויפ'ן וועג אָבער קריגט ער נאָך אַ פּאָר דום־דום קוילען. די הילף פון שפּיטאָל און דאָס בלוט פון דער דאָקטאָרשע פאַר אַ טראַנספוזיע העלפט איהם נישט, און אין עלטער פון 28 יאָהר הויכט ער אויס זיין לעצטען אָטעם אין שפּיטאָל.

צווישען די טויזענטער מאַרטירער און געפאַלענע העלדען אויפ'ן שפּאַנישען פראָנט געפינט זיך אין פאַנטעאָן אין באַרצעלאָנע אויך אונזער לאַנדסמאַן יעקב פריידקעס (בער־נאַרד).

ערע זיין אנדענק!

(„צו הילף", זשורנאַל פון אָסטראָווער הילף קאָמיטעט, 1938).

## אַ מדות בילד פון אַ מעמבער פון אונזער שוהל

קליין אין וואוקס, גרויס אין גייסט, אָרים פינאַנציעל, אַ רייכע האַרץ פאַר וואוילטעטיגע זאַכען, איינפאַך אין אי־דישע זיטען, יחוס אבות און קאַזינס.

אַלע זיינע יאָהרען שווער געאַרבייט מפרנס צו זיין פרוי און קינדער, דער „בנפשו יביא לחמו" איז געווען ביי איהם אַ טעגליכער גאַסט, אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָהר, אָבער גרויס אין גייסט צו יעדער צייט העלפען ליידענדע מיט אַלע זיינע מיגליכקייטען; ביי הייניגען טאָג — טויזענ־טער אין די בענק האָט ער ניט, אָבער צו העלפען אונזער מקדש מעט איז ער שטענדיג רעדי מעהר ווי ער קען. יע־דען פריה און אָוונט איז ער פון די עשרה ראשנים צום דאַוונענען און הערען לערנען, דערפאַר איז יחוס פון זיין פאָטער ר. צבי בר' מאיר ע"ה. ווען ער איז געשטאָרבען, האָט ר' בנמין קליידערמאַן פון קאַלניע אויף איהם געזאָגט, „זייט וויסען אידען, אַז איהר האָט מקבר געווען ניט אַ מענשען, נאָר אַ באַרג מיט ספרים...". דער באַוואוסטער סטאַוויסקער רב ז"ל און סיאַטעניצער רב זיינען געווען זיינע קאַזינס.

דאָס איז אין קורצען די ביאָגראַפיע פון זונדעל מאַר־קעוויטש.

מיט די זעלבע מידות טובות איז געווען געבענטשט זיין ערשטע פרוי שרה בר' מנחם הלוי, ע"ה. זי האָט זיך אַלע מאָל באַנוגענט מיט די קליינע פאַרדינסטען פון איהר מאַן און פון דעם נאָך געשפּאָרט אויף צדקה פאַר קראַנקע און אָרימע.

(50יאָהריגער יובליי־זשורנאַל, אנשי יעדוואַבנע, 1935).

## צו וואָס אַ פאַמיליע סאָסייעטי.

אונזערע ביאַליסטאָקער זיינען אַלע מאָל פון די ערשטע דורכצופיהרען אַ נייעם געדאַנק אין זייער כלל אַרבייט אָדער אין זייער סאָסייעטי לעבען. זיי זיינען קיינמאָל ניט הינטערשטעליג אין גאַנג פון טאָג און ווען זיי פאַנגען עפּעס אָן צו טאָן קענען מיר זיין זיכער אַז זיי וועלען דאָס דורכפיהרען צו אַן ערפאָלג.

פאַר די לעצטע יאָהרען זעהען מיר אַ נייע ערשיינונג אויף דער אידישער גאַס. דאָס איז די פאַמיליע סאָסייעטי, וואָס גרינדען זיך איצט. ניט קוקענדיג וואָס כמעט יעדער איינער באַלאַנגט צו איין אָרגאַניזאַציע, וואָס באַזאָרגט איהם מיט אַלץ וואָס איז נויטיג פאַר דער פאַמיליע.

מיט עטליכע יאָהר צוריק איז די פראַגע צו פאַר־איינינגען די פאַמיליעס וואָס זיינען, אַזוי צו זאָגען, צע־וואָרפען אין פאַרשידענע סאָסייעטיס, ניט געווען קיין פּראָב־לעם. עס איז געווען נאַטירליך, אַז אַ ביאַליסטאָקער מיי־דעל זאָל חתונה האָבען מיט אַ גראָדנער בחור, און ער זאָל ווערען אַ מעמבער ביי אונזערע ביאַליסטאָקער יאַנג מען, אָדער פאַרקעהרט. דער יונגערמאַן איז געוואָרען אַ מעמבערס אין ניט קיין ביאַליסטאָקער סאָסייעטי און דאָס האָט קיינעם ניט אינטערעסירט. דאָס איז געווען דערפאַר ווייל יעדער אימיגראַנט האָט געקענט זיין יאָהרען לאַנג אין אַמעריקע און נאָך אַלץ האָבען אין געדאַנק, אַז סוף כל סוף וועט ער נאָך פאָהרען אין זיין אַלטער היים, האָט איהם ניט אינטערעסירט וואו זיין זוהן אָדער איידעם באַ־לאַנגען. ער איז דאָך נאָר אַ גאַסט אין אַמעריקע, איז גענוג אַז ער איז אַ מעמבער אין אַ ביאַליסטאָקער סאָסייעטי.

יעצט ווען דער אימיגראַנט האָט איינגעזעהען, אַז קיין אַנדערע אָדער אַ בעסערע היים ווי אַמעריקע איז ניטאָ פאַר די אידען אויף דער גאַנצער וועלט און ער איז געוואָרען אַ בירגער, האָט ער אָנגעפאַנגען צו טראַכטען ווי אַזוי מען קען פאַראייניגען די פאַמיליעס. ביאַליסטאָקער זיינען

טאַקע גוט אָרגאַניזירט אָבער די פאַמיליעס זיינען צוזייט און צושפּרייט. יעדער איינער געהט זיך זיין וועג. און מען האָט שוין באַלד פערגעסען, אַז עס איז דאָ אַזאַ זאַך ווי אַ פעטער, אַ מומע, קאָזין, אַ פּלימעניק, אַ באָבע און אַ זיידע. ווען האָט מען זיך גענומען דערמאָנען אין אַזוינע זאַכען? ווען מען האָט אָנגעפאַנגען צו האָבען שמחות ביי די קינדער און מען האָט געוואָלט איינלאַדען די פאַמיליע, האָט מען זיך אַרומגעזעהן אַז מען ווייס ניט איינער פון דעם אַנדערען. עס איז געגאַנגען אַזוי ווייט אַז בלויז ביי אַ צופאַל האָבען זיך די קינדער געטראָפען, און אַז מען האָט זיי פאָרגעשטעלט איינעם פאַר דעם אַנדערען האָבען זיי יעצט אויסגעפונען אַז זיי זיינען פון דער זעלבער משפחה. זי האָט טאַקע געהערט ווי איהר מאַמע האָט אַלעמאָל גערעדט פון איהר אָנקעל יאַנקעל אָדער נאָסקי, און דערביי איז דאָס געבליבען. מען האָט זיך ווייטער ניט געטראָפען, ביז אַ צופאַל האָט זיי צוזאַמענגעבראַכט. אָט־די אויבען דערמאָנטע פאַקטען האָבען געבראַכט דערצו, אַז מען זאָל פאַראייניגען די פאַמיליעס און אויף דעם זעלבען שטייגער ווי אַלע אַנדערע אָרגאַניזאַציאָנען אויף דער אידישער גאַס און ווי געוויינליך, שפּילט דאָ אונזער ביאַליסטאָקער פּאַם פליקער סאָסייעטי די ערשטע פידעל. די פּאַם־פליקער ביאַליסטאָקער פאַמיליע סאָסייעטי האָט יעצט אַ מעמבערשיפּ פון 67 פאַמיליעס (כן ירבו). מען קען רעכענען אין דורכשניט 6 צו אַ פאַמיליע, וואָס מאַכט אויס 400 פּערזאָן פאַראייניגט אונטער דער פּאַם פליקער פאַמיליע סאָסייעטי. אַ סך, אַ סך קען מען לערנען פון זיי ווי אויפצוהאַלטען די גאַנצע קייט פון דער משפחה.

ווען מען קומט צו זייערער אַ שמחה איז טאַקע אַ פאַרגעניגען צו זעהן ווי יעדער איינער קען זיך מיט דעם צווייטען, מען דאַרף ניט פאָרשטעלען, דאָס איז דאָך דיין קוזינע אָדער אָנקעל, קענסט איהם גאָר ניט? די אַרבייט פאַרשפּאָרט מען. אַלע אַמוזירען זיך, איין שעהנע גרויסע פאַמיליע: מען בלאָנדזשעט ניט אַרום איבער דעם האָל, ניט קענענדיג איינער דעם צווייטען.

זיי קומען צו זייער 10 יאָריגען יובילײ מיט אַ רעקאָרד פון אַרבייט פאַר זייערע אייגענע מעמבערס, וואָס דאַרף זיך ניט שעמען געגען אירגענד וועלכער אָרגאַניזאַציע אויף דער אידישער גאַס וואָס איז שוין 50 יאָהר אַלט.

זייער כלל אַרבייט וואָס זיי טוען איז אויך אַ סך מעהר ווי אַנדערע סאָסייעטיס. זייערע מעמבערס זיינען פון די אַקטיוויסטע אין דער ביאַליסטאָקער לאַנדסמאַנשאַפט. די ברידער מאָריס און סעמועל קראָל קען מען מיט רעכט אָנרופען די הויפּט אויפהאַלטער פון דער ביאַליסטאָקער בקור־חולים פון ברוקלין. זיי זיינען אויך מעמבערס פון די ביאַליסטאָקער יאָנג מענס און פון אַנדערע אָרגאַניזאַציעס.

דער גרינדער פון דער סאָסייעטי איז אַהרן פּען, אַ איד אַ משכיל, וואָס האָט זיך אַרומגעטראָגען מיט דעם געדאַנק אַ סך יאָהרען ביז ער איז ענדליך פאַרווירקליכט געוואָרען (אונזערע בעסטע וואונטשען צו אייך אַהרן פּאַס, זאָל אייער היינטיגער יום טוב זיין פאַר אייך איין אָנפאַנג נאָך פאַר אַ סך יום טובים) און אויך מאָריס קראָל וואָס האָט דאָס געמאַכט פאַר זיין לעבענס־אויפגאַבע צו פאַראייניגען די פּען פליקער משפחה אין איין גרויסער און שעהנער פאַמיליע סאָסייעטי.

זייט געבענטשט מאָריס קראָל מיט אייער גאַנצער פאַמיליע, איהר זאָלט דערלעבען צו פייערען אייער 50 יאָריגען יובילײ.

דער טשערמאַן פון דער אַראַנדזשמענט קאָמיטע אייזידאָר פּען איז דער וויס־פּרעזידענט פון בקור־חולים און אַקטיווער טוער ביי די בריקלייערס. ער איז אויך וויס־טשערמאַן פון דער פּאַם פליקער סאָסייעטי.

מר. און מרס. דזשייקאָב שאַפּס, טרעזשורער פון די פּען פליקער איז אַ וויכטיגער טוער אין בקור־חולים, אויך אַ מעמבער אין די ביאַליסטאָקער יאָנג מען.

הערי וואטמאַן, דער פּרעזידענט פון די פּאַם פליקער באַלאַנגט אויך צו אַנדערע סאָסייעטיס און איז אַ טוהער אין ביאַליסטאָקער בקור־חולים פון ברוקלין אַזוי איז כמעט יעדער פון די פּען פליקער אַ טעטיגער מענטש וואָס לעבט ניט בלויז פאַר זיך אַליין.

צו זייער צעהן יאָהריגען יום טוב גראַטולירען מיר זיי מיט זייער גרויסען אויפטו צו פאַראייניגען זייער משפחה ניט נאָר פאַר דעם וואָהל און בעסטען פון זייער אייגענער פאַמיליע, נאָר אויך וואָס זיי זיינען די וועגווייזער און פּיאָנערען אויפצוהאַלטען די טראַדיציע פון אייניגקייט אין זייערע רייהען.

ל ו א י ס פ א ל ט ע ר

(צען יאָהריגער יובילײ פון די פּאַם־פליקער פאַמיליע ס...



די וואַסער־לייטונג אין גראַיעווע

## וואָס פעהלט אונזער פאַראיין.

ווען איינער זאָל שטעלען אָט די פראַגע — גלאַט אַזוי — פון אויבען אויף, איז זעלבסטפאַרשטענדליך אַז דער ענטפער מוז זיין (און מיט רעכט), אַז אונזער פאַראיין פעהלט קיין זאַך נישט, ווייל אונזער פאַראיין קען זיך אויפטהון מיט אַ מיטגלידערשאַפט פון איבער 800. אונזער פאַראיין האָט אַ „נאָמען" זי האָט פרעסטידזש פון די ערשטע יאָהרען אָן. האָט זי געטראָגען אַן אַריינדרינגענדע ווירקונג אויף די איבער 50 טויזענד מאַרמאַרישע לאַנדסלייט אין אַמעריקע, זי איז אויך געווען דער דירעקטער עקזעמפּלאַר און אינספּיראַציאָן פאַר דער גרינדונג פון מאַרמאַרישע פאַראיינען אין קליוולאַנד, טשיקאַגאָ, מאָנטרעאַל, פאַראיינען וואָס עקזיסטירען ביז היינטיגען טאָג. אונזער אייגענע פאַראיין איז שוין אָבער לאַנג אַוועק פון די ענגע ראַמען פון פאַפּולאַריטעט בלויז צווישען אייגענע לאַנדסלייט, נאָר זי איז אַצינד אַ שם דבר צווישען טויזענטער מענשען פון אַנדערע לאַנדסמאַנשאַפטען און פון וויכטיגע אינסטיטוציעס, וועלכע מיר שטיצען מיט אַ ברייטער האַנט. אין אונזערע אייגענע רייען געפינען זיך צעהנדליגע ברידער פון אַנדערע לאַנדסמאַנשאַפטען נישט רעכענענדיג היגע געבוירענע, וועלכע טראָגען און באַקומען אַ געגענזייטיגען רעספּעקט פון אונזער פאַראיין. מיר צאָהלען אויס יעהרליך טויזענטער דאָלאַר אין געזעצליכער בענעפיציע, חוץ טויזענטער דאָלאַר פאַר מאָמענטאַנער אָדער אפילו פערמאַנענטער הילף! מיר פאַרמאָגען אַן אייגען בעט אין דענווער ספּיוואַק סאַנאַטאָריום, חלילה ווען עס איז נויטיג! פון אַ קולטורעלען שטאַנדפּונקט, פאַרמאָגען מיר אַ דריי חדשים'דיגען זשורנאַל, וועלכער כאָטש געווידמעט אונזערע אייגענע אינטערעסען. פאַרפעלט נישט קיין שום וויכטיגע פאַסירונג וואָס האָט אַ שייכות צו מאַרמאַרישע אידען אין אַלגעמיין. מיר האָבען אויך אַ געטרייע אונערמידליכע פיהרערשאַפט, וועלכע שטעהען שוין יאָהרען אויף דער וואַך! קורץ, מיר זיינען ווי אַ בוך וואָס איז שעהן און שטאַרק געבונדען, אָדער אַ קונסט בילד פון אַ באַריהמטען מאָלער. אונז פעהלט קיין זאַך נישט!

און דאָך... ווען מען ווערט אַביסעל קריטיש, און ווען מען קוקט זיך צו אַביסעל נעהנטער, מוז מען קומען צום שלוס, אַז אַ בוך דאַרף נישט נאָר זיין שעהן געבונדען, כדי עס זאָל באַשיינען דעם שראַנק נאָר עס דאַרף אויך האָבען אינהאַלט, כדי מען זאָל עס וועלען לייענען, און אַן אמת'דיג קונסט בילד, קוקט אויס פון נאָהענט פונקט אַזוי גוט ווי פון ווייט; דערמיט מיינען מיר — אַז כאָטש אונזער פאַראיין טהוט אַזוי פיל פון אַ פליכטטועענדער אָרגאַניזאַציע. ווערט אָבער איהר געזעלשאַפטליכע און פראַטערנאַלע מיסיע אין די לעצטע יאָהרען גאָר נישט דערפילט, און נישט נאָר ווערט עס נישט דערפילט, נאָר עס עקזיסטירט אַן אומפאַרגעבליכע נאַכלעסיגקייט, וואָס ווערט — נאָך אונזער מיינונג — וואָס אַמאָל בולטער, און ערגער פון יאָהר צו יאָהר, אַזוי, אַז מען מעג זיך פאַרטראַכטען וועגען דעם!

אודאי איז אמת, אַז אונזער פאַראיין איז פאַר אַלץ אַ קראַנקען און אונטערשטיצונג פאַראיין, און דאָס קומט זיך דאָך נאָך הונדערט פּראָצענט. טייל ברידער האַלטען אַז די פאַראיין איז ניט געשניטען פאַר פראַטערנאַלע צערעמאָניעס, עס איז אָבער אונזער מיינונג, אַז געזעלשאַפטליכער פראַטערנאַליזם און געזעצליכע אונטערשטיצונג, זיינען אונטער דער הויט, לייבליכע ברידער, און עס איז אַ טעות צו מיינען, אַז איינס קען געהן אָהן צווייטען, ווייל דאָרט ווי עס עקזיסטירט נישט אַ חבר'שער קאָנטאַקט פון די מיטגלידער צו דער פיהרערשאַפט אָדער פאַרקערט! מוז דאָס פיהרען צו נאָך ערגערע פאָלגען! אַזוי — אַז עס וועט נישט זיין איבערטריבען, אַז מיט דער צייט וועט מען קענען אָפּשאַפען רעגעלע מיטינגען, ס'וועט זיין גענוג אַ סעקרעטאַר, אַ דאָקטאָר און אַן אַנדער באַאַמטער אָנצוגעהן מיט דער רוטינע, און אונז געבען אַ פינאַנציעלען באַריכט אַלע 3 חדשים!

זאָל עס טאַקע באַלד פאַרשטאַנען ווערען, אַז די שולד פון דער געזעלשאַפטליכער נאַכלעסיגקייט ליגט דירעקט אויף די מאַסען מיטגלידער פון דער פאַראיין — מיר ריידען נישט פון יענע „געזעלשאַפטליכע" מיטגלידער מיט וועלכע יעדע פאַראיין איז געבענשט. יענע קען מען מיט קאָנסטרוקטיווען קריטיק נישט אויפוועקען. פשוט ווייל יענע זיינען אינטערעסירט בלויז אין קרקע און אין קראַנקען בענעפיט און אין קיין אַנדער זאַך! מיר האָבען אָבער אין זין די הונדערטער מיטגלידער, פאַר וועמען די פאַראיין איז „עפּעס" מעהר, ווייל ס'איז „זייער" פאַראיין. זיי, די מאַסען מיטגלידער קומען נישט, פאַרלאַנגען נישט, בעטען נישט קיין זאַך ביי דער פירערשאַפט. זיי זיינען פּאַסיוו, גלייכגילטיג. מיט איין וואָרט, אַ נאַכלעסיגע באַציהונג צו זייער פאַראיין פון געזעלשאַפטליכען שטאַנדפּונקט, און זייערע פיהרער? נו, זאָלען יענע זיך פאַרדרייען זייערע קעפּ! און אפשר? קוקען מיר נאָך אויס ביי זיי ווי בטלנים, וואָס האָבען זיך שוין מיט עפּעס וויכטיגערס נישט צו באַשעפטיגען!

מעג עס אָבער דער פּאַסיווער מיטגליד וויסען, אַז מיט אַזאַ באַציהונג, גראָבט ער דירעקט אונטער זיין אייגענע פּראָטעקציע, ווייל אפילו אין געזעלשאַפטליכען לעבען עקזיסטירט אויך די טעאָריע אַז „בלוט איז נענטער ווי וואַסער", מיט דעם מיינען מיר צו באַווייזען, אַז כאָטש דער „וואַסערדייגער" מיטגליד וועט געוויס קריגען אַלע בענעפיציעס צו וועלכע ער איז געזעצליך באַרעכטיגט, קענען אָבער אַקטיווע אָדער באַוואוסטע מיטגלידער אויך דערוואַרטען די פּערזענליכע ליבשאַפט און חבר'שע באַציהונג פון דער פירערשאַפט, און אייגענע מיטגלידער, וואָס דאָס קען מען שוין פאַר קיין געלד נישט קויפען! און דאָס איז ווערט צו געדענקען!

מיר טרייסטען זיך געוועהנליך מיט דעם פאַקט, אַז די זעלבע פּאַסיוויטעט עקזיסטירט צווישען כמעט אַלע אָרגאַניזאַציעס, אַריינרעכענענדיג די גרויסע נאַציאָנאַלע אָרדענס. ווען מען לייענט די פּעריאָדישע זשורנאַלען פון נאַציאָנאַלען אַרבייטער אָרדען, באַקלאָגען זיך אַלע אויף דער מאָדנער קראַנקהייט — מיר פיהלען אָבער — אַז אַזאַ פאַראיין ווי די פוירסט מאַרמאַראש יאַנג מענס דאַרף און קען זיין אַ גוטע

אויסנאַהמע, ווייל אונזערע פעדעם זיינען נעהנטער געבונדען, אונזער אַטמאָספערע איז אַ היימישערע וואָס איז שוין ממילא אַ פריינדליכע. טאָ וואָס־זשע פאָרט איז די אורזאַך?

טרעפט איהר זיך אַמאָל מיט'ן באַקאַנטען מיטגליד פריוואַט, גיט ער אָן תירוצים פאַר וואָס ער קומט נישט. תירוצים וועלכע זיינען אפשר גערעכטע; תירוצים מיט וועלכע מיר שטימען איין; תירוצים פון טעות'ן, וואָס מוזען קאָרעגירט ווערען. דער איינציגער פעלער איז בלויז, פאַר וואָס קומט ער נישט זאָגען זיינע טענות אָפען, כדי אַלע זאָלען עס הערען, כדי מיר זאָלען זיך קענען דורכרעדען וועגען דעם!

אָט איז אַ טענה! נאָך אַן אָפוועזענהייט פון חדשים, אָדער אפשר אַ יאָהר, אָדער אַמאָל יאָהרען, באַשליסט דער מיטגליד צו קומען צו אַ פאַרזאַמלונג פון זיין פאַראיין, און טאַקע גלייך ווי ער קומט אַרויף באַמערקט ער, אַז פאַר דער צייט האָט זיך קיין זאַך געענדערט. די זעלבע טרוקענע פראָצעדורע, די זעלבע אַקטיווע מיטגלידער, שטעהען און טוען זייער אַרבייט בשלימות, מיט'ן זעלבען אויסגעטראָטענעם וועג, וואָס ציהט זיך ווי פעך אין דער שפעטער נאַכט אַריין! — ער, דער מיטגליד, ווייסט אַז די אַרבייט איז נויטיג און וויכטיג, ער וויל אָבער נישט פאַרשטעהן, פאַר וואָס דאַרף מען אַזוי פיל „ריידען" דעריבער, ער לאַנגווייליגט זיך פון דער רוטינע, זוכט ער מיט די אויגען אַ פריינד, וועלכען ער טרעפט באַלד, און זיי הייבען זיך אָן אין דער שטיל דורכריידען. דער פרעזידענט גיט באַלד דעם באַריהמטען זעץ מיט'ן האַמער — אַז אַ מיטגליד קומט אַמאָל אין יובל צו אַ מיטינג, דאַרף מען נישט באַלאַקען. יענער טראָגט זיך שפעטער אָפ אַ טרוקענער, מיט אַ נאָכטעם וואָס וועט איהם אַזוי גיך צו דעם מיטינג ניט ברייגגען, ער האָט נישט געפונען קיין זאַך וואָס זאָל איהם געזעלשאַפטליך צובינדען צו די איבעריגע מיטגלידער, קיין זאַך נאָך וואָס צו בענקען, און ער קומט צום שלוס אַז — אמת ער געהערט טאַקע צו אַ גוטער פאַראיין—אַ סימן! אָט האַלט מען דאָך אין איין „רעדען" וואָס מען טהוט, נאָר אַליין וויל ער זיין פון דער ווייטען, ווי אַ בעאָבאַכטער פון אַ שלעכטער מאַלעריי. — יאָ, יאָ, ס'איז גוט... נאָר פון דער ווייטען!

און מיר זיינען — ווי געזאָגט — גענייגט צו דענקען אַז אַ טייל פון די טענות זיינען גערעכטע און כאָטש עס איז געוועגליך גרינגער צו קריטיקירען ווי צו קאָנסטרוקטיווירען, וועלען מיר פאָרט פרובירען אָנווייזען אויף אַ פאָר מיטלען וואָס וועט אפשר לכל הפחות לינדערען דעם פראָבלעם!

1) צום אַלעם ערשט נאַטירליך, דאַרפען מיטגלידער אָנהויבען קומען און מאַסען זיך צו אינטערעסירען אין זייער פאַראיין.

2) די געזעצליכע פראָצעדור מוז פאַרקירצט ווערען, ווייל ווען געזעץ איז געזעץ, לוינט נישט פאַרלירען ענערגיע אויף פוסטע רייד.

3) איינלאַדונגען פון דער פירערשאַפט צו די מיטגלידער עפענטליכע דיסקוסיעס. וואָס אייגענטליך דאַרף געטאָהן ווערען אויסצופורמען אַ מעהר חבר'שע באַציהונג פון די מיטגלידער? מיינונגען דאַרפען פריי אַרויסגעזאָגט ווערען, כדי צו קומען צו קאָנקרעטע באַשליסע.

4) אַראַנזשירען שפיל אָבענדען פון צייט צו צייט! יאָ, יאָ, שפיל אָבענדען פון בינגאָ, שאַך, טשעקערס, דאָמינאָ אָדער אַנדערע אומשעדליכע געימס.

5) לעקטשורס, דעבאַטעס, צווישען אייגענע מיטגלידער וועגען אַ וויכטיגען געגענשטאַנד סימפאָזיום מעסיג.

אין קורצען, נישט אַרויסלאָזען קיין זאַך וואָס העלפט אין דער ריכטונג פון אַ בעסערער פערזענליכער פאַרשטענדיגונג צווישען מיטגלידער, ווייל בלויז דעמאָלט ווען דער געזעלשאַפטליכער אינטערעס פון דער פאַראיין וועט זיין אויפ'ן זעלבען שטאַפעל ווי דער געזעצליכער וועלען מיר קענען באמת נאָך מעהר שטאָלץ זיין אויף אונזער שעהנער און גרויסער פוירסט מארמאראש יאָנג מענס.

ל ו א י ס  פ אַ ק ס.

---

## און וואָס ווייטער?

די יורעוויטשער לאַנדסמאַנשאַפט, אַזוי גוט ווי אַלע אַנדערע לאַנדסמאַנשאַפטען, האָבען געטהאָן דאָס ערשטע, און ערפאָלגרייך צוזאַמענגעשטעלט דעם פונדאַמענט פון זייער אָרגאַניזאַציע. און דער ערפאָלג באַשטעהט אין דעם, וואָס פינף און נײַנציג פראָצענט —פון די יורעוויטשער לאַנדסלייט מיט זייערע פאַמיליעס זיינען אָנגעשלאָסען אָן דעם יורעוויטשער אונטערשטיצונגס פאַראיין. דאָס האָט געמאַכט די אָרגאַניזאַציע ערפאָלגרייך פינאַנציעל.

דער גרעסטער ערפאָלג, אָהן צווייפעל, פון אונזער אָרגאַניזאַציע, איז דער קלאָהרער באַוואוסטזיין און געזונטע מאָראל פון אונזערע מעמבערס. אַזוי שנעל, ווי זיי האָבען איינגעאָרדענט ביי זיך זייער אייגענע היים, האָבען זיי גלייך גענומען קוקען צו דער אויסערליכער וועלט מיט אָפענע אויגען און קלאָהרען באַוואוסטזיין. און מיט אַזאַ בליק קען מען גלייך דערזעהן ווי דער לעבען דאָ אין אַמעריקע, ספעציעל —דער אידישער, פאַרלאַנגט אָפענע טירען פון יעדער אָרגאַניזאַציע. און דאָס איז גלייך געטהאָן געוואָרען פון אונזער יורעוויטשער פאַראיין. אונזערע טירען זיינען ברייט אָפען פאַר געזעלשאַפטליכען לעבען, און מיר זיינען אימער גרייט צו העלפען מיט וואָס און מיט וויפיל עס איז אונז נאָר מעגליך דער געזעלשאַפט אַלס אַ גאַנצע, אַזוי גוט ווי אונזערע מיטגלידער פון אונזער פאַראיין.

מיט פיעלע יאָהרען צוריק, ווען די ערשטע אידישע עמיגראַנטען זיינען געקומען אין דער נייער פרעמדער לאַנד, אַמעריקע, האָבען זיי דאָ ניט געטראָפען קיין אָנפאַנג פון אַ אידישער צוקונפט. עלענד און שווער איז פאַר זיי דאַן געווען דאָס לעבען. ווען אַ פאַמיליע איז געווען אין

וועלכער עס איז נויט, איז געווען שווער צו טרעפען א צווייטע, וועלכע זאל מיט עפעס קענען העלפען. און דא קומט אונז צוניץ דער אידישער גלייכווארט, אז עס איז דא גלויבען, איז דא האפענונג. האבען אונזערע אידישע עמיגראנטען דאן געגלויבט און גאט געבעטען, און אז א איד מוז האבען א מנין, אום צו בעטען גאט, וועט ער שוין אויפזוכען א מנין אידען. און אזוי איז דער מנין געווען דער ערשטער שריט — פאר א אידישער צוקונפט דא אין אמעריקע.

דאס ווארט צוקונפט שטעלט מיט זיך פאר אן אומבאוואוסטע אנקומענדע צייט. עס איז ווי א בילד, וואס מען דארף זי אייביג מאלען, אבער ניט מיט כעמישע פארבען, נאר מיט גוטע טהאטען און זאכליכער קלאהרקייט אין דעם גאנג פון דעם מענטשענס לעבען. און אזוי מאלט יעדער דור זיין חלק. מאלט ער מיט שעהענע פארבען, זעהט פאר זיך א שעהן בילד, — טאמער ניט, איז פארקעהרט.

ווי עס קוקט מיט אויס, איז אויף אונזער יעצטיגען דור אויסגעפאלען דער שווערסטער גורל צו ארגאניזירען און איבערבויען דאס גאנצע אידישע לעבען איבער דער וועלט און פון דאס־ניי אנפאנגען צו שאפען א פיעל שעהנערע און מעהר זיכערע צוקונפט פאר דעם אידישען פאלק.

ווי איך האב שוין פריהער דערמאנט, איז דער מנין געווען דער ערשטער שריט פאר דער אידישער צוקונפט דא אין אמעריקע. פון די מנינים זיינען געווארען שוהלען, פון די שוהלען אונטערשטיצונגס פאראיינען, און אזוי זיינען אויסגעוואקסען גאנצע לאנדסמאנשפטען און אויך אידישע ארדענס, א. א. וו. וואס מעהר אידען עס זיינען געקומען קיין אמעריקע, אלץ מעהר דרינגענד איז געווארען די צייט פאר הילף. און מיט דער הילף פון די אלע איינצעלנע ארגאניזאציעס, האבען זיך גענומען גרינדען פארשיידענע אינסטיטוציעס פאר די באדערפענישען פון דעם אלגעמיינעם אידישען לעבען דא אין לאנד. און ביי יעצטיגען טאג האבען מיר א אידישע צדקה פעדעראציע, וועלכע שאפט מאראלישע און פינאנציעלע הילף פאר די פארשיידענע נויטיגע אינסטיטוציעס, וועלכע זיינען גרייט צו דינען די אידישע און מאנכע ניט אידישע מאסען דא אין אמעריקע אין פארשיידענע צייטען, וואס דער לעבען אליין שאפט. פון דיזער וויכטיגער אינסטיטוציע האט שוין באדארפט דער ווארט צדקה לאנג פארשווינדען, דעם פלאץ האט באדארפט פארנעמען א אידישע פאלקס פעדעראציע, וועלכע זאל פליכטליך זארגען פאר די אידישע מאסען און אויך פאר אלע אנדערע אידישע אינטערעסען, וועלכע עס ריהרט אן אויך דעם אידישען בורזשואזען קלאס. די אידישע צדקה פעדעראציע, וועלכע איז געשאפען געווארען פון פריוואטע מענטשען, קען ניט אימער פונקציאנירען פריוואט, ווייל זי מוז האבען די קאאפעראציע פון די מאסען. אזא שריט איז ניט לאנג צוריק געמאכט געווארען דורך א פאראייניגטען קאונסיל פון פארשיידענע פאלקס ארגאניזאציעס. אזוי איז אויך דער פאל מיט דעם אידישען קאנגרעס אין אמעריקע און אויך מיט דעם ארבייטער קאמיטעט און אנדערע קערפערשאפטען, וועלכע זארגען פאר דער פאליטישער און נאציאנאלער רעכט פון דעם אידישען פאלק אין פארשיידענע לענדער, וואו ווילדע אומגערעכטיגקייטען ווערען באגאנגען אדער קענען באגאנגען ווערען אין דער צוקונפט. די פארשיידענע לאנדסמאנשאפטען אין אמעריקע האלטען אונטער זייערע פליגלען צעהנדליגער טויזענטער אידען, וואס פארמאגען א געוואלדיגע ענערגיע, — און דאך שטעהען זיי אזוי פעסימיסטיש אן א זייט, צוזאמענגעדריקט אין לאנדסלייט גרופקעלאך און א חוץ זיין לאנדסמאן, איז ניטא פאר איהם מעהר קיין אידען אויף דער וועלט. מיר, מעמבערס פון פארשיידענע לאנדסמאנשאפטען, מוזען ערוואכען. דער לעבען וועקט אונז. די אלע אנגעדייטעטע אידישע וויכטיגע פאלקס קערפערשאפטן שטרייבגען אן אלע זייערע כחות צו דערגרייכען די אידישע מאסען פון אמעריקע דורך זייערע ארגאניזאציעס. טאג טעגליך וועקען זיי מיט רעכט אונזער פאלקס געוויסען. פארלאנגען מיט רעכט אונזער הילף און פאראייניגטערהייט קעמפען געגען אונזערע אומגערעכטע שונאים. אונזערע אלע אידישע ארדענס און לאנדסמאנשאפטען דארפען און מוזען ווערען וויכטיגע פאקטארס אין אונזער אייגענעם פאלקס־לעבען דא אין אמעריקע.

און אלס אזעלכע קענען מיר ניט בלייבען גלייכגילטיג אויך צו דעם לעבען פון אונזערע ברידער, וועלכע געפינען זיך אין פארשיידענע אנדערע לענדער. מיר קענען ניט פארבלייבן רוהיג דערוויל — באשיצטע דא אין דער פרייער אמעריקע און צוקוקען ווי דער אנטיסעמיטישער שטורעם רייסט און פארניכטעט אידישע לעבענס אין אנדערע טהיילען פון דער וועלט. אנשטאט לאזען די אידען פריי לעבען און העלפען שאפען א שעהנערע צוקונפט פאר זיך און פאר דער מענטשהייט, פארניכטען די שונאים דאס ערווארבענע ביז יעצט, און מאלען פאר אונז א בילד פון שרעק — א צוקונפט פון פארניכטונג. דאס אידישע פאלק לעבט יעצט דורך אן איבערגאנג פון פארניכטונגס שמערצען. אלס א פאלק פיהלען דאס מיר ווי איינער, און אזוי דארף אויך זיין אונזער ווידערשטאנד ווי פון א ריזיגען איינעם. ארים און רייך, אלע ווי איינער, ווידער פון דאס ניי אנהויבען צו מאלען א נייע, א שעהנערע און א זיכערע צוקונפט פאר אונז און אויך פאר יענע, וועלכע ווערען יעצט פארפאלגט און פארניכטעט — איד אדער קריסט, אלע רעכטדענקענדע מענטשען, צוזאמען דארפען מיר העלפען יעדער באוועגונג וואס קעמפט פאר גלייכע מענטשליכע רעכט פאר אלע מענטשען צוגלייך.

ה. גארעליק.

15) יאהריגער יובילײ־זשורנאל, יורעוויטשער בענעוואלענט אסס׳ן, 1935).

# די דעבאַטע.

(אַ סצענע ביי אַ מיטינג אויפגעכאַפּט)

די ביהנע שטעלט פאָר אַ מיטינג לאָקאַל אויף דער איסט סייד. אינמיטען פון אַ מיטינג. דער לאָקאַל איז געפּאַקט, אַלע זיינען פאַרשוויצט, עס הערשט אַ טומעל אַז מען קען טויב ווערען. דער פּרעזידענט קלאַפּט מיט'ן האַמער און טרייעט איבערצושרייען דעם אויפגערעגטען עולם. פון אַלע זייטען הערט זיך: שאַ! זאָל זיין שטיל! שאַראַפּ! ביז עס געלינגט ענדליך עטוואָס דעם עולם צו באַרוהיגען.

---

פּ ר ע ז י ד ע נ ט: ברידער און שוועסטער! אויב איהר וועט זיך נישט באַרוהיגען וועט זיין אונמעגליך אָנצוגעהן מיט'ן מיטינג, און מיר וועלען נישט קענען סעטלען די וויכטיגע פראַגע וועגען די צוויי קברים פאַר ברודער יקנה"ז אויף דער בית דוד סעמעטערי.

(שטימען פון איבעראַל):

די פראַגע מוז מען סעטלען! „עס איז אַ לעבענס פראַגע"! „היינט מוז עס געשעהן" א. ז. וו.

(דער עולם באַרוהיגט זיך).

פּ ר ע ז י ד ע נ ט: איך וועל געבען דאָס ערשטע וואָרט אונזער פּראָטאָקאָל-סעקרעטאַר, ברודער חיים קאַטער.

ב ר. ק אַ ט ע ר: ווערטהער פּרעזידענט, ווייס, שוועסטער און ברידער: אייגענטליך איז די פראַגע וועגען די צוויי קברים פאַר בר' יקנה"ז אינגאַנצען נישט וויכטיג. מיר איז גאַנץ עגאַל ווי אַזוי איהר וועט ענטשיידען. איך וויל זיך באַנוצען מיט דער געלעגענהייט וואָס איך האָב יעצט דעם פלאָר צו זאָגען אַ פּאָר ווערטער וועגען קומענדען עלעקשאַן. דער קומענדער עלעקשאַן איז זעהר וויכטיג. ער איז כמעט אַזוי וויכטיג ווי אונזער נאַציאָנאַלער עלעקשאַן, וואָס איז נאָר וואָס פאַרגעקומען. אַמוויכטיגסטען איז די ערוועהלונג פון אַ פּראָטאָקאָל-סעקרעטאַר, איהר אַלע ווייסט אַז אין די פּראָטאָקאָלען שפּיגעלט זיך אָפּ דאָס לעבען פון אַן אָרגאַניזאַציע. אַ פּראָטאָקאָל דאַרף מען קענען ניט בלויז אָנשרייבען, מען דאַרף אויך קענען איהם פאַרלעזען. איך וויל זיך דאָ נישט לויבען אַליין ווי אַזוי איך שרייב און לעז מיינע פּראָטאָקאָלען, אָבער לאָזט מיך אייך זאָגען, מיינע פריינד, אַז דערוויל געפינט זיך נאָך נישט ביי אונז אין סאָסייעטי קיין צווייטער וואָס זאָל קענען אַזוי שרייבען ווי אויך לעזען אַ פּראָטאָקאָל. איי טהענק יו.

פּ ר ע ז י ד ע נ ט: טהענקס מר. קאַטער פאַר אייער מיינונג, דער נעקסטער רעדנער אין דער פראַגע וועגען די צוויי קברים איז עקס פּרעז. בר. בלומענקראַנץ.

ב ר. ב ל ו מ ע נ ק ר אַ נ ץ: חשוב'ער טייערער פּרעז., ווייס, און מיינע ברידער: איך וויל דאָ נישט רעדען אין דער פראַגע וועגען די צוויי קברים פאַר בר. יקנה"ז. ווי איהר אַלע ווייסט, האָב איך פיינט צו רעדען וועגען זאַכען, וואָס האָבען אַ שייכות מיט'ן טויט ר"ל. איך וויל בעסער זאָגען אַ פּאָר ווערטער וועגען אונזער סאָסייעטי:

שלמה המלך זאָגט: כשושנה בין החוחים כן רעיתי בין הבנות — מיינע ליבע פריינד, טראַכט זיך גוט אַריין אין די הייליגע ווערטער. דאָס איז זעהר אַ גוט משל צו אונזער סאָסייעטי. אונזער סאָסייעטי איז די שעהנסטע, די בעסטע, די ערהאבענסטע וואָס מיר האָבען ווען עס איז געזעהן. אונזערע פיהרער זיינען די קלוגסטע, די נאָבעלסטע וואָס עס איז נאָר פאַראַן. דער איינציגער פלעק אויף אונזער שעהנער אָרגאַניזאַציע איז די ליידיס אָקזילערי מיט זייערע קאַרד פּאַרטיס. איך ווייס נישט ווער עס האָט אויסגעטראַכט ליידיס אָקזילעריס, זיי זיינען מוקצה מחמת מיאוס. זיי זיינען טמא, און דאָס געלד וואָס ווערט געשאַפען פאַר אָרימע ברידער דורך די שמוציגע קאַרטען איז אויך טמא. דערפאַר, מיין ליבער פּרעזידענט, מאַך איך אַ פאָרשלאָג אַז מיר זאָלען אויפלייזען די ליידיס אָקזילערי, און בעסער אָנשטאָט דעם גרינדען אַ חברה הכנסת כלה — ובא לציון גואל אמן ואמן.

פּ ר ע ז י ד ע נ ט: טהענקס מר. בלומענקראַנץ, מיר וועלען די זאַך קאָנסידערען. נעקסט איז פינאַנס סעק. בר. פּימסענבוים.

ב ר. פּ י מ ס ע נ ב ו י ם: ווערטהער פּרעז., ווייס, שוועסטער און ברידער. אין דער פראַגע וועגען די צוויי קברים פאַר'ן ברודער יקנה"ז וויל איך זאָגען אָט וואָס: ווי אייך אַלעמען איז באַקאַנט, איז דער פאַראַנטוואָרטליכסטער דזשאָב אין אונזער סאָסייעטי, איז דער פון אַ פינאַנס סעקרעטאַר, אין דער צייט וואָס דער פּראָטאָקאָל סעקרעטאַר האָט כמעט גאָרנישט קיין אַרבייט. ער דאַרף בלויז אָנפּאַטשקען אַ פּראָטאָקאָל און נאָכהער עס פאַרלעזען, פאַלט אויף מיר די גאַנצע לאַסט פון דער סאָסייעטי. איך מוז אַרבייטען יעדען טאָג פאַר דער סאָסייעטי און מוז פיהרען ביכער, געבען רעסיטס אויף געלד, אַרויסשיקען מעיל, אַטענדען צו לויות, פאַרלעזען צושריפטען און דאָקטאָר אַטעסטס און נאָך און נאָך. דאַרום דענק איך, אַז עס וואָלט געווען נישט מעהר ווי רעכט, אַז די סאָסייעטי זאָל זיך אַריינטראַכטען וועגען דעם. איהר ווילט וויסען וואָס די סאָסייעטי קאָן טאָהן? זי קאָן טאָהן אָט וואָס: זי קען אָרדערען אונז ביידע סעקרעטערע אַז כאָטש פאַר 1 יאָהר זאָלען מיר זיך טשענדזשען מיט דער אַרבייט, זאָל פאַר נעקסטען יאָהר דער פינאַנס סעקרעטאַר שרייבען און פאַרלעזען פּראָטאָקאָלען און זאָל דער פּראָטאָקאָל סעקרעטאַר טאָהן מיין אַרבייט, נישקשה, עס וועט איהם גאָר נישט שאַדען אויב ער וועט 1 יאָהר טאָהן עפּעס אַרבייט און נישט נעמען קיין געלד אומזיסט.

פּ ר ע ז י ד ע נ ט: דאָס איז אָפּ צו די ברידער, ווי אַזוי זיי וועלען געפינען פאַר נויטיג בין איך נישט דאַגעגען. דער לעצטער רעדנער אין דער פראַגע פון די 2 קברים איז בר. באָגעס.

ב ר. ב אָ ג ע ס: ווערטהער פּרעז., ווייס און פריינדע: אייגענטליך וויל איך גאָרנישט רעדען אין דער פראַגע וועגען די 2 קברים. עס איז מיר שוין נמאס ומאוס געוואָרען די אַלע דעבאַטען וועגען קברים און סעמעטעריס. ווען מען קומט צו אַ מיטינג הערט מען נאָר סעמעטערי — קברים

— אַנדערטייקער — גלייך ווי דאָס אידישע פאָלק וואָלט גאָר קיין אַנדער פּראָבלעם נישט געהאַט ווי נאָר צו באַגראָבען זייערע ברידער. האָט נישט קיין מורא, מען וועט אייך שוין באַגראָבען, וואָלט איהר אַזאַ דאגה געהאַט, אַז היטלער זאָל איינעהמען אַ מיתה משונה. איך וויל בלויז וויסען איין זאַך: פאַרוואָס שלאָפט די עקזעקוטיוו? פאַרוואָס זעהען זיי נישט עפּעס אַריינצוברענגען לעבען אין דער אָרגאַניזאַציע? פאַרוואָס אַראַנזשירען זיי נישט קיין לעקטשורס ביי די מיטינגען און זאָל דער עולם זיך אויסלערנען צו אינטערעסירען מיט ברייטערע פּראָבלעמען ווי צו באַגראָבען מעמבערס? איך גלויב, אַז מיר דאַרפען אַ נייע עקזעקוטיוו, וואָס זאָל זיך פּאַסען צו אַזאַ פּראָגרעסיווע סאָסייעטי ווי אונזערע און אויב מען רעדט וועגען באַגראָבען זאָל מען בעסער באַגראָבען די אַלטע עקזעקוטיוו. דאָס איז מיין מיינונג.

פּ ר ע ז י ד ע נ ט: מיינע ליבע ברידער! אין דער פראַגע וועגען די 2 קברים פאַר'ן ברודער יקנה"ז גלויב איך קוים אויב איך האָב עפּעס וואָס צוצוגעבען. די פראַגע איז אַזוי טיכטיג צוגלידערט געוואָרען פון די פריהערדיגע רעדנער, אַז עס בלייבט מיר איבער בלויז צו נעמען די פראַגע צו אַן אָפּשטימונג. מיינע ברידער! ווער איז דאַפיר, אַז בר. יקנה"ז זאָל קריגען די 2 קברים זאָל געבען דעם צייכען פון דער סאָסייעטי? — פאַרהאַנג.

(זשורנאַל פון ליפקאַנער־בעסאַראַביער פּ. ס., 1936).

---

## מוסטער פון שפּראַך און סינטאַקס

אין דעם העכסטען אינטוזיאַסטישען מאָמענט ווען אונזער באַגייסטערונג פאַר דער חברה און די ברידער! רוף איך אייך צו דער הייליגער אַרבייט, ברידער! טהוט יעדער אייער טהייל, מיט געלד און מיט אַרבייט, שאלדער אם שאָלדער, לאָמיר געהן צוזאַמען פאַרגרעסערען אונזער טהעטיגקייט אויף דעם געביט פון רעליגיעזען און געזעלשאַפטליכען לעבען, זאָל אונזער באַליבטע חברה בלייבען אין דער אידישער געשיכטע פאַר לאַנגע יאָהרען.

(אין אַ זשורנאַל פון 1928).

---

## גאַליציע באַזיגט ראַקאָוו.

ווער עס האָט געלייענט אַמעריקאַנער געשיכטע ווייסט, אַז כסדר האָבען זיך אָפּגעשפּיגעלט אַלע אייראָפּייאישע מלחמות און אינטריגעס אויפ'ן אַמעריקאַנישען באָדען.

אַלע רעוואָלוציעס אין אייראָפּע, אַלע מלחמות און דיפּלאָמאַטישע דרעהדלעך אין אייראָפּע האָט זיך אימער אויף אַ קליינעם מאַסשטאַב זיך אָפּגערופען, אין אַמעריקאַנישען לעבען.

צייט אייראָפּאַ האָט געהאַט צו זינגען און צו זאָגען מיט'ן טערק און דערפאַר האָט קאָלאָמבוס זיך געלאָזען זוכען אַ וועג קיין אינדיען און געפונען אַמעריקע, ווערט אַמעריקע אַריינגעשלעפּט אין אַלע אייראָפּייאישע פּלאָנטערס ביז דער לעצטער וועלט מלחמה, וואָס דאָס איז געווען פאַר אונזערע אויגען.

און עס איז דאָך נאַטירליך: אַמעריקע איז דאָך ניט מעהר ווי אַ פאָרטזעצונג פון אייראָפּאַ.

און אָט קומען מיר צו צוויי שוידערליכע פאָלגען פון דער לעצטער גרויסער וועלט־מלחמה.

אָט נעמט, צוביישפּיל, ראַקאָוו.

וואָס פאַר אַ שייכות האָט ראַקאָוו געהאַט צו גאַליציע? האָט זיך ווען עס איז אונז גע'חלומ'ט, אַז מיר וועלען ווערען גאַליציאַנער? אַך, ווי ווייט מיר זיינען פון גאַליציען אימער געווען, סיי געאָגראַפיש, סיי גייסטיג.

פאַסירט אַ וועלט מלחמה, רוסלאַנד צופאַלט אַרום איהרע ברעגען ווי אַ ניט געראָטענער צוואָראָך; פּוילען ווערט אַ מדינה, גאַליציען איז די גילדערנע פאָהן פון פּוילען, און ראַקאָוו ווערט צוגעשצאָבעט צו פּוילען און מיר זיינען גאַליציאַנער.

פון מינסק ווערען מיר פאַרצאַמט און אין גאַליציען פאָהרען מיר ווי שלום עליכמ'ס „טביה דער מילכיגער" פון בויבעריג קיין יעהופּעץ גאַליציען האָט אונז איינגענומען, פראַנץ יאָסעל'ס געוועזענע פּראָווינץ האָט אונז באַזיגט.

און די צווייטע שוידערליכע געשעהעניש פון דער מלחמה איז, וואָס דיזער גאַליציאַנער זיעג האָט זיך אויך אָפּגעשפּיעלט אין אַמעריקע, ס'איז דאָך נאַטירליך, אַז דער אייראָפּייאישער זיעג פון גאַליציע איבער ראַקאָוו זאָל האָבען איין איינפלוס אויך אין אונזער אַמעריקאַנישען לעבען.

און דאָ, ביי אונז אין בראָנזוויל האָט אַ גאַליציאַנער מיידעל באַזיגט דעם געוועזענעם סעקרעטאַר פון דעם ראַקאָווער אַרבייטער רינג ברענטש, אייב קאָהן, אַן אמת'ער הונדערט פּראָצענטיגער ראַקאָווער, פון סאַמע בוקערקע פאַלט אַריין אין פלען צו גאַליציען.

ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ גאַליציאַנערען, האָט שוין מיט איהר אַ קינד זאָל זיין אויף לאַנגע יאָהר, און ער איז שוין אויף אייביג אַן עבד בנעמי ביי גאַליציען, זאָל עס איהם וואויל באַקומען.

פון א. ל ץ

(די שיער גאַסען, זשורנאַל פון ראַקאָווער ברענטש 428, אַרבייטער רינג, 1923).

---

## ניט מעהר ווי אביסעלע שפּאַס.

ווען אַ מעמבער בעט דאָס וואָרט ביים טשערמאַן, מיינט דאָס נאָך ניט אַז ער ווייסט וואָס צו רעדען.

ווען אַ טשערמאַן קלאַפּט מיט דעם האַמער און איז בייז ווי אַ רוח, מיינט דאָס נאָך ניט אַז ער איז אַ גוטער טשערמאַן.

ווען חנא יויליק שטופּט זיך נאָר אַז ער זאָל זיין אין אַלע קאָמיטעס, מיינט דאָס נאָך ניט אַז ער איז אַזוי געטריי דער סאָסייעטי.

און ווען אַלע מעמבערס פּראָטעסטירען קעגען ברודער זאנוועל, אַז ער איז ניט פּאַסענד צו לויפען פאַר אַן אַמט, מיינט דאָס נאָך ניט אַז יענע שרייערס זיינען לייטישער פון איהם.

ווען אַ מעמבער פּאַסט אויף אַז עס זאָל חלילה קיין שווינדעל ניט פּאַרקומען, מיינט דאָס נאָך ניט אַז ער אַליין איז אַזוי כשר.

ווען אַ מעמבער קומט צו מיטינגס און זיצט און שוויגט, מיינט דאָס נאָך ניט אַז ער איז מיט אַלעס איינפאַרשטאַנען.

ווען אַ מעמבער איז ביי זיך שטאָלץ און קליימט אַז ער איז אַן עקספּערט אין די ביכער, מיינט דאָס נאָך ניט אַז ער קען זיין אַ סעקרעטאַר.

ווען אַ קראַנקער מעמבער שרייט ביים מיטינג אַז ער דיינקט נאָך אַ פּאָר וואָכען ניט צו אַרבייטען, מיינט דאָס נאָך ניט אַז מען דאַרף איהם ניט וואַטשען.

ווען אַ מעמבער האַלט אין איין שרייען, אַז די באַאַמטע טוען גאָר ניט, מיינט דאָס נאָך ניט אַז ער וואָלט יאָ ווע־לען טאָן...

(20 יאָהריגער יובילייי־זשורנאַל „יונייטעד וויניצער י. מ. א.“, 1935).

## אַ לעסאָן אין ענגליש

1. קאָפּ, קאָפּ צו דיין קאָפּ — העד, העד טו יור העד.

2. דער רבי איז מלוה די מלכה — דהי ראַבאַי עסקאָרטס דהי קווין.

3. ער האָט מיר אָנגעפּייפט אין פּעסיל בוריקעס — הי וויסל׳ד אין מאי בערל ביעטס.

4. זי איז אַ מויד ווי אַ צימעס — שי איז עי גאָירל לאיק עי פּודינג.

5. פייף נישט, ווען דער ענדיק איז אין שטוב — דאָנ׳ט ויסטל ווען דהי טאָיקי איז אין דהי האוז.

6. שטאָ טאָ זי סעלאָ, שטאָ מעקיטאַ זא סטאַראָסטא — וואהאט איז איט פאָר עי ווילעדזש וועהער מאיק איז דהי סקווייער.

7. איבער דעם געהען די קאַטשקעס באָרוועס — אָווער דהיס דהי דאָקס גאָ בערפיטעט.

8. יהודי בלא, קורקא פיט באַטשקו — דאָנ׳ט מאי דזשו, דהי טשיקען איז אנדער דהי באַרעל.

9. רעד מיר צום דאַשעק — טאָק טו מאַי העד־פּיעק.

10. זאָל זיין פון אַ קאזאק, אַבי צום לעבען — לעט איט בי פראם אן אָפיסער אָנלי טו ליוו.

11. ער מיינט, ער האָט שוין אָנגעכאַפּט דעם רבש״ע ביי די פּיאַטעס — הי טהינקס, הי קאָהט גאד ביי דהי הילס.

12. זאָל מיינס איבערגעהן — לעט מאי גאָ אָווער.

13. האָץ, קלאָץ, קדוש — דזשאָמפּ — לאָמבער, האָלי.

14. אַ געזונט אין דיין פּופּיק — ע גוד העלטה אין יור נעוויל.

15. ער האָט איהם געקוילעט די קאַפּאָטע — הי קילד היז אָווערקאוט.

16. זעה נור ווי ער קאָכט זיך דאָרט! — לוק, האו הי איז קוקינג הימסעלף, דהער!

17. ער שיילט מיר אָפּ מיין פּנים — הי פּיעלס מאי פּעיס אָף.

1. זיי אַ מענטש וועסטו עסען אין סוכה — בי עי מען, ענד יו וויל איט אין דהי שענטי.

19. דך אַ סוחר — דזשאהן אַ ביזנעסמען.

20. אַן עק אַ סוף — אַן ענד, עי פיניש.

פון פּראָפעסאָר קאָזאב.

(באָלעכאָווער ק. א. פּ., 1912)

## סאָסייעטים ווערטער בוך.

פּרעזידענט — א איד וואָס זיצט אויפ׳ן בענקעל און קלאפּט מיט׳ן האַמער (און איז חלילה קיין שוסטער).

וויס פּרעזידענט — אַ בעאַמטער מיט א סך מאַכט און אָהן אַ אַמט.

פינאנס סעקרעטער — אַ בעל חשבון, וואָס שרייבט אַ סך און רעדט ווייניג.

פּראָטאָקאָל סעקרעטער — אַ טאַלאַנטפולער פּאָרלעזער פון אייגענע פאַרפאַסונגען.

טרעזשורער — אַ שומר חנם, היט דער סאָסייעטי׳ס געלט, אָהן באַצאָהלט.

טראָסטים — מענטשען וואָס שרייבען אונטער פּרעמדע טשעקס.

אינער וואַכע — אַ בעאַמטער, וואָס האָט די גאַנצע מאַכט איבער דער טיר פון דער סאָסייעטי.

אַדווייזאָרי באָארד — דער מיניסטאָרען קאַבינעט פון דער סאָסייעטי.

אַקטיווע מעמבערס — ברידער וואָס קומען תמיד צו די מיטינגען און רעדען אָפּט איבער וואָס אַנדערע האָבען שוין גערעדט.

פּאַסיווע מעמבערס — ברידער וואָס קומען צו מיטינ־גען נאָר דאן ווען עס פעהלט אויס צום מזומן.

קאָנסטיטושאָן — אַן אַלטער אויסגעדראָשענער איבער־געניצטער מאַנוסקריפּט.

אַ פּאָרשלאָג — אַ נייע לאַטע אויף אַן אַלטען בגד.

אַמענדמענט — אַ לאַטע אויף אַ לאַטע.

אפרים לערנער,

(18־יאָהריגער יובילייי־זשורנאל, קאלאראשער בעסאראבער ב. פּ. א., 1935).

# אַנטאָלאָגיע

## פון לאַנדסמאַנשאַפט-פּאָעזיע אין דער אַמעריקאַנער אידישער דיכטונג

### לאַנדסלייט-יובילײ

צום יובילײ פון דער סאָסייעטי
פון לאַנדסלייט בין איך אויך געווען;
מיין ליבע שטעטעלע, די ווייטע,
האָב איך פאַרזאַמעלט דאָ געזעהן.

עס איז געווען ווי א וואונדער,
עס איז געווען ווי א טרוים;
געוואָרען גרויס פון דאן די קינדער,
די עלטערע דערקען איך קוים.

די שעהנע מיידעל באַשע-ריווקע,
געוואוינט פון אונז די צווייטע הויז;
די האָר פאַרקאַמטע אין אַ „גריווקע" —
פלעגט זי פאַרנאַכט פון הויז אַרויס.

דאָך קען איך זי נאָך איצט דערקאָנען,
זי שמייכעלט ליב נאָך ווי אַמאָל,
און רופט מיך אָן ביים ערשטען נאָמען
און היימיש קלינגט אויך דאָ איהר קול...

באלד הויבען אָן זיך טענער וויגען —
ס'האָט די קאַפּעליע זיך צעשפּילט;
מען שפּילט אויך דאָ נאָר יענעם ניגון,
וואָס האָט דאָס הארץ מיט פרייד דערפילט.

דער פידלער הירש — אויך דאָ דער בעסטער,
און זעליג שפּילט נאָך אויף דער פלייט;
דאָס איז דער היימישער אָרקעסטער,
וואָס אונז דערפרייען איז נאָך גרייט.

אברהם רייזען.

# אינהאַלט

אל. גוריה (רעדאַקציע־סעקרעטאַר)

# פאָרוואָרט צו דער אַנטאָלאָגיע פון לאַנדסמאַנשאַפט־פּאָעזיע

וואָס דאָס פאָלק פיהלט, וועגען וואָס עס חלומ'ט, צו וואָס עס בענקט — דאָס דריקט זיך אויס אַ סך קלאָהרער פאַר איהם אין די שאַפונגען פון זיינע פּאָעטען. דאָס האַרץ פון פאָלק באַוועגט זיך אין דער פּאָעזיע מיט לעבעדיגען כח. די פּאָעזיע פאָרמירט און קאָלירט דעם פאָלק'ס געדאַנקען און זיינע שטימונגען און זיינע בענקשאַפטען, און פאַרהיט איהם פון ווערען צו טרויעריג אָדער צו פאַרצווייפעלט, און דערנענטערט איהם אוממיטעלבאַר צום געשיכטליכען קוואַל פון בטחון און דויערהאַפטיגקייט.

די אַנטאָלאָגיע פון לאַנדסמאַנשאַפט־פּאָעזיע איז אַ מוסטער דערפון.

די דאָזיגע זאַמלונג לידער איז אייגענטליך ניט קיין אַנטאָלאָגיע, — עס איז גיכער אַן אָפּגעשלאָסענער און ענגער אַ ל ב ו ם. די לידער זיינען דאָ אויסגעשטעלט נאָכ'ן א"ב פון די שטעטלאך און געגענטען פון וואַנען די פּאָעטען אַליין שטאַמען.

ס'איז אַן אַלבום, דער ערשטער אין זיין מין, וואו אונזערע אַמעריקאַנער אידישע פּאָעטען עלטערע און איינגערע, האָבען אַריינגעשריבען, יעדער לויט זיין כח און אויף זיין שטייגער — אַ בילד, אַן ערֿאינערונג, אַ בענקשאַפט־אויסגוס פונם פאַרבליבענעם היים־שטעטעל און פון די פאַרבליבענע אייגענע מעבר־לים.

דער לייענער וועט געפינען, אַז די זאַמלונג באַשטעהט ניט דוקא פון טרויעריגע לידער — ווי ס'קאָן זיך דענקען; אונזערע בעסערע פּאָעטען האָבען געוואוסט צו פאַרהיטען דעם הומאָר פונם אידיש לעבען אינם שטעטעל, כדי ניט צו ווערען צו טרויעריג. (מאַני לייב, האַלפּערין.)

אין איניגע לידער, ווי אַ שטייגער אין ה. לייוויק'ס, אין אברהם רייזענ'ס, אין י. אַ. ראָנטש'עס איז דאָ שוין אַ לירישער דאָקומענט פון מאָמענט, אַ פאַרצייכענונג פונם לעבען פון היינט.

אין זיין שטעטעל איהומען, וואו דער פּאָעט ה. לייוויק איז געבאָרען געוואָרען, און וואו

שטילע פאַרשנייטע פאַרנאַכטען
ווערען נאָך שטילער פאַרשנייט,

איז שוין היינט אַן אַנדער לעבען דאָרט, און דער דיכטער דערצעהלט דערפון מיט גרויס באַגייסטערונג, אַז

קיינער וויל ניט לעבען מעהר מיט זכות פון אבות...

דאָס איז ניט נאָר מיט אידען אַליין, אויך דער פראַוואָסלאַוונער קלויסטער

...האָט ניט וואו אַהינצוטאָהן זיינע קעפּ־קופּאָלען;

ווייל

די צינגער פון די גלעקער האָבען אויסגעפּיקט די קאָמסאָמאָלען.

עס איז אַ מאַרש אין שטעטעל, אַלע מאַרשירען

...און אויך מיין אַלטער פעטער
מאַרשירט אַ דורך מיט קינדישען, מיט יאָלדעשדיגען פּנים.

ו ו י ל נ ע איז ביים דעם פּאָעט אברהם רייזען אַ געזאַנג, זינגענדיג מיט איהם, וועט דער לייענער דערוויל געוואָהר ווערען ניט נאָר ווילנע'ס פאַרגאַנגענהייט, נאָר אויך ווילנע'ס היינטיג לעבען — ווילנע'ס יחוס.

אויך ראָנטש איז אַ פאַרצייכענער. זיינע ל אָ ד ז ש ע ר ק ו י מ ע נ ס גיבען איבער אַ געטריע אָפּשפּיגלונג פון דער שטאָט לאָדזש פון היינט. אמת, לאָדזש האָט דעם פּאָעט ניט געגעבען קיין פריילעכעס צו זינגען, אָבער זיינע רעפלעקטיוו־גראָטעסקע פאַרצייכענונגען — „די גאָרגעלדיגע קוימענס", די „הינקענדיגע געסלאַך־קאַליקעס" און אַנדערע אַזעלכע גראָטעסקען וואָס מען געפינט אין דער ליד, וועט יעדען געקומענעם פון לאָדזש זיכער צוריקברענגען צו זיין אַמאָליג טראַכטען, אַז, אויך

איך האָב אַלס קינד געשראָקען זיך פאַר הויכע קוימענס פון פאַבריקען,
וואָס האָבען אויף מיר געדראָהט פון לאָדזשער הויפען,

און דער לאָדזשער ווערט פון דער ליד געוואויער, אַז אין לאָדזש

שטעהען איצט פאַבריקען קרישעלדיג ווי מומיעס.

און —

...די הויכע קוימענס, אָט־די לאַנגע דראָנגען,
גאַפען סתם, ווי אָפּגעריסענע נאַרען.

און ס'שאַפט זיך ביי דעם לאָדזשער אַ געפיהל, אַז אָט אין די שאַגאַל־מעסיגע פאַרצייכענונגען ליגט אַ האָפערדיגער אָנזאָג אויף אַ בעסערער צייט פאַר לאָדזש.

לידער, ווי אַ שטייגער א. ליעסינ'ס, הויבען זיך איבער אונזער מאוים'דיגער צייט, ווי לירישע קריכפלאַנץ. דער לייענער וועט זיך ניט אַרויסדרעהען פון דעם וויזיאָנירטען רעאַליזם און פון דיכטער'ס מחשבות'ן לייענענדיג די לידער זיינע אין דער זאַמלונג.

ליעסין גייט שפּאַצירען אויף דער קאָכיגער בראָדוויי און זעהט

ווייט־ווייט אין מיין געבורט־שטאָט געהט די נאַכט איצט אום
אין בלויער גלוטיגקייט, אַ פראָסט־געשמידטע שטום,
און גאָלדיג די לבנה, גרויס אַזוי און פול,
קוקט טרויעריג אַרונטער אויף דער אַלטער שוהל.

און דער לאַנגער שפּאַציר (דאָס ליד) ענדיגט זיך מיט אַ דערפיהלען

...אַ פרייִדיגע, אַ טיפע זעהלען-רוה,
אַ קינדער-גליק באַפאַלט אַן אויגענבליק מיך שטום
אין מיטען פייער-פלאַטער פון בראָדוויי אַרום.

אויך נחום יוד פאַרגעסט ניט אין ניו יאָרק זיין שטעטעל מאָהילעוו אויף זיינע שפּאַצירען. ער איז דער בעל־בטחון צווישען אונזערע פּאָעטען, און ווי אַזעלכער טראַכט ער פון מאָהילעוו מיט ערנסטע האָפענונג אַז

איך ווייס, דו האָסט געענדערט זיך,
די צייטען זיינען אַנדערע...
— — — — — — — — — — —
די צייט איז איצט אַ שטורמישע...
און בוימער אַלטע קראַכען איצט,

די אַנטאָלאָגיע שליסט איין כמעט אַלץ וואָס אונזערע פּאָעטען אין אַמעריקע האָבען געשאַפען וועגען זייערע אַלטע היימען. אַ חוץ די צוויי אברהמ׳ס — אַברהם רייזען און אברהם ליעסין, האָבען די עלטערע אידישע דיכטער אין אַמעריקע זעלטען ווען ס׳איז אומגעקוקט זיך אויף זייערע אייגענע שטעטלאך. ביי מאָריס ראָזענפעלד׳ן איז געפונען געוואָרען נאָר איין ליד וועגען זיין היימשטעטעל. דער מ. ל. האַלפּערין־און־זישא לאַנדוי־דור האָט אַ באַדייטענדיגע און ווערטפולע צאָהל לידער פון אייגענע שטעטלאך פאַרצייכענט. די מעהרסטע און כאַראַקטעריסטישע פון אָט דעם דור זיינען אויפגעזאַמעלט אין דער אַנטאָלאָגיע. איהר האָט דאָ האַלפּערין מיט זיין ז ל אָ ט ש ע ו ו , וואָס וועט פאַרשאַפען אַ נחת־רוח ניט בלויז זלאָטשעווער. איהר האָט דאָ מאַני לייב׳ן, אונזער באַלאַדיסט, מיט זיינע לידער פון נ י ע ז ש י ן .

איבער ניעזשין הענגט אַ כמאַרע
און אַ גרויסע שליאָטע;
פאָהרט אין שטאָט אַ באַלעגאָלע,
זינקט די בויד אין בלאָטע

אָדער זיין ליד אין פאָלקס-טאָן:

— גדליה, גדאלקע, פון וואַנען שטאַמסטו,
וואָס דו קלינגסט און קלינגסט אין פרייהייט-גלאָק?
— איך רוף מיט׳ן גלאָק אַז די פרייהייט זאָל קומען,
און שטאַמען שטאַם איך פון ביאַליסטאָק.

זיינען לידער וואָס וועלען אַרויסרופען צו זיך נגונים, כדי זיי צו זינגען. צו דעם דור געהערט אויך משה נאַדיר מיט זיין נ אַ ר אַ י ע ו ו , און ראובן אייזלאַנד מיט זיין ט אַ ר נ אָ ו ו .ביידע פּאָעטען האָבען דאָס שעהנסטע צו ערצעהלען פון זייערע שטעטלאך. משה נאַדיר זינגט: „דיין ווינטער — הויל קרישטאָל, דיין זומער — עמעראלד” און אייזלאַנד זינגט: „מיין שעהנסטער קינדער־חלום — טאַרנאָוו”.

אויך די נייע פּאָעטען האָבען אַ סך שטעטעל-לידער געשריבען. אַ גרויסע צאָהל פון די נייע פּאָעטען טראָגען זייערע שטעטלאך ביי זיך צום האַרצען. ניט געקוקט וואָס אינדערהיים זיינען די פאַרהעלטעניסען פונדרויסען געוועזען ניט איבעריג פריינטלאך, אָבער עס זיינען דאָרט געבליבען — קינדהייט, חדר׳יאָהרען, בענקשאַפט, און אויך נויט און עגמת־נפש׳ן, און יאָהרען לעבען, און רגע׳ס פון אָפשיידנעמען, און קברים, דעריבער איז די ווענדונג צו דער פאַרלאָזענער שטעטעל ביי אַ גרויסע צאָהל פון אָט־די פּאָעטען מיט אַן אויסרוף — „ מ י י ן ! ” —

„ליטע, מיין שטויביגע וויגעל”, „מאַלינעץ, מיין היים אין בעסאַראַביע”, „סאָראָקי — קליין שטעטעלע מיינס”, „סווענציאַן — מיין אָרימע ליטווישע ערד”, „פּוילען — מיין פּויליש לאַנד”, „פּינסק — מיין שטעטעלע”, „מיין שטעטעלע פעטריקאָוו”, „קריניק — היים מיינע באַרג אַראָפּ”, „מיין היימאַט גראָדנע”, „מיין וואַרשע”.

צווישען די פּאָעטען אין דער זאַמלונג צעהלט זיך אַ גרויסע צאָהל אויך פּראָלעטאַרישע דיכטער.

עס איז כדאי צו ציהען די אויפמערקזאַמקייט צו דער ליד „האָראָדענקע” פון דעם יונגען פּראָלעטאַרישען פּאָעט מאַרטין בירנבוים. אַליין אַ פּראָלעטאַרישער דיכטער, אויפּדערצויגען אין פּראָלעטפען, און אויף דעם פּראָלעטאַרישען רעוואָלוציאָנערען וועלט-באַנעם, האָט ער זיך אַ קעהר געטאָהן צום שטעטעל זיינעם,

אין פלאַכען טאָהל —
דאָס שטעטעלע האָראָדענקע,
די בידנעקייט —

דער לייענער וועט געפינען אַן עכטע ליד פון אַ אידישען ישוב אין דער אַלטער היים, מיט שורות וואָס געהען ניט בלויז אויף האָראָדענקע אַליין. „די גרויסע שוהל, דאָס בית־מדרש און די קלויז”

... טיף
אין דעם געפלעכט פון געסלאַך —

איז אַ בילד פון אַ סך היימישע שטעטלאך מעבר־לים.

אונזער אַמעריקאַנער אידישע פּאָעזיע האָט ניט קיין סך פרויען דיכטערינס וואָס זאָלען זי רעפּרעזענטירען ווען עס קומט צו עפּעס אַ ליטעראַרישען יום־טוב. בלויז צוויי־דריי פּאָעטעסינס האָבען באַוויזען, אַז ווען ניט ווען האָבען זיי אויך געהאַט אין זייער לעבען אַ געוויסע שעה, ווען זייערע שטימונגען זיינען געפלאָסען האַרמאָניש מיט די עראינערונגען פון דער אַלטער היים — און האָבען צוגעטראָגען צו דעם אַלבום אויך זייערע שאַפונגען.

דער לייענער וועט געפינען אין דער אַנטאָלאָגיע לידער, וועלכע זיינען געוועזען באַקאַנט דער אידישער איסט־סאַיד פאַר און בעת די מלחמה־יאָהרען, און וועלכע פלעגען דאַן דעקלאַמירט ווערען און אויך געזונגען ווערען אין היי־זער און אין שעפּער, אַ שטייגער דאָס ליד „וולעדניק” פון מיכל קאַפּלאַן.

אַ קליינע זאַמלונג, דאָך פעהלט ניט אין איהר קיין איין כאַראַקטעריסטישע נאָטע פון די אַלע אַקאָרדען וואָס צוזאַמען שטעלען זיי צענויף אַ לירישען דאָקומענט פון דעם, וואָס ס׳איז אַמאָהל געווען, און וואָס עס איז איצט — אין אונזערע אידישע ישובים מעבר־לים.

# אַדעס

געדענקט איהר, שיינער ריטער,
דעם פרעהליכען פלאַטער־פליטער
פון שלייערן, אויגען און צעפּ?

פלעגט איהר דעם הויף נאַר פאַרבייגעהן
אומבאַקאַנט, שלאַנק און פאַלקאָמען,
איבער׳ן ראַנד פון באַלקאַנען
פלעגען מיידלאַך זיך ציטערענדיג נייגען.

אַ, טרויעריגער ריטער, געדענקט איהר
אַ ליכטיגען שמאָלען אַוואַל
אין גאָלדענעם, בלענדענדען זאַל?
און אַ לאַשצענדען און אַ פאַרביינקטען
האַלב־פאַרגעסענעם וואַלס
אויפ׳ן האַלב־קינדישען באַל?

און אויף בולוואַרען, פאַרשפּונען
אין שיין פון עלעקטרישע זונען
האַלב געשוועבט און האַלב געשוואומען
האָבען מיר, גאַנץ אין זיך פאַרשלאָסען.
און פון אָרקעסטער איז געפלאָסען
די פאַר׳חלום׳טע פּאַפּורי
און געבעטען: „בלי!״

און קענט איהר זיך דערמאַנען
אַלץ דאָס, וואָס האָט ניט קיין נאָמען
און איז בלויז אַ דופט און אַ סוד?
און דעם אָטעם פון סטעפּ,
און פון זון, און פון סמאַלע?
און צום זינגענדיגען ים האָט די שטאָט,
ווי מיט אַ זיידענעם שלעפּ,
גענידערט פון טוזענט מירמעלנע טרעפּ.

**אַננאַ מאַרגאָלין.**

# אַדעס

אַדעס, דו זידליכע פּאַלמירע,
אַ, שטאָט פון צוגווינטען און שטיין,
ס׳האָט פּושקין נאָך געזונגען שירה
דיין גאָלדיג־צויבערליכען חן.

אין דיינע שיקעלנדיגע ליקען,
אויף דיינע סקווערען — רונד און ברייט —
אויף דיינע קרייצענדיגע בריקען
האָט דרום זוניג זיך צעשפּרייט.

האַלב־מעקלערין און האַלב־קאָקאָטקע,
האַלב־סעדיכע און האַלב־מאַדאַם, —
אַ, שטאָט פון ליבע און טשעטשאָטקע,
אַ, קליין־פּאַריז ביים שוואַרצען ים.

פון אומעטום, פון ווייטסטע מיילן,
מיט שיף, מיט פורען און מיט באַהן,
פלעגט האַלבע וועלט זיך קומען היילען
אויף דיין כאַדזשבייעווער לימאַן.

אַ, שטאָט מיט לאַנגע דורכגאַנג־הייזער,
אַ, קראַך פון בלענדיגען מיראַזש, —
דיין גורל היט דער קרומער ווייזער
אויף געלען טורעם און פּאַסאַזש.

אויף דיינע אויסגעפּוצטע גאַסען,
אויף דיינע טומעלדיגע מערק
אַ בבל׳דיגער מיש פון ראַסען:
כאַכאַל, אַרמענער, איד און טערק.

עס פינקלען מויערען, ווי קובען,
פון רויטען ציגעל און גראַניט
און ווינטען יאַמערען און טרובען
אויף דיינע סקווערען זייער ליד.

אַ, לאַנזשעראָן, אויף דיינע פעלזען
ווער ס׳האָט דעם רויש פון ים געהערט,
דעם וועט שוין קיינמאָל ניט געפעלען
קיין אַנדער זון, קיין אַנדער ערד.

**ל. פיינבערג.**

# אוקראַינע

איצטער בליהען אין מיין שטעטעל
גרינע אַגרעסען און זאַפטיגע מאַרעלען;
פון די דערפער שיקסעס אויף ירידים
אויסגעפּוצט אין קווייטען און אין קרעלען.

קליינע אינגעלאַך לויפען באָרוויסע אַרום איבער
די גאַסען,
שפּילען זיך אין „באַלשעוויקעס״, „דאַטשען״ און
אין „פערד״;
אַלטע אידען זיצען אויף די פריזבעס
און קעמען מיט די פינגער זייערע בערד.

אויפ׳ן ברודער־קבר פון די שטעטעלדיגע ערשטע
רויט־אַרמייער
בליהען בלומען אויס אַ רויטען סערפּ און האַמער;
ווייבער שלעפּען פולע קאָשיקעס פון מאַרק
און שעלטען ביז׳ן דריטען דור אין טאַטענס
טאַטען אַלע קרעמער...

**לייב סאָברין.**

# א י ה ו מ ע ן

שטילע פאַרשנייטע פאַרנאַכטען
ווערען נאָך שטילער פאַרשנייט,
דאָ אין דיין שטיבעל פאַרמאַכטען
גייט אויף פון פרידען דער קנויט.

ביז צו די טרעפּ פון דיין שטיבעל
וועז, ווי אַזוי איך קום צו? —
האַרץ מיינס פון אַלטען פאַראיבעל
יוגענט זיך אונטער דיין רוה.

כסלו׳שער הימעל אין שייבעל, —
ליבער אַמאָליגער פריינט!
זעלביגער ביסטו — צום בלייבען —
אין דיין אַמאָליגקייט היינט.

איך בין שוין אָבער ניט זעלביג,
איך בין שוין גרוי און צעקריצט;
זעסט דאָך, ווי מויעריג, ווּעלביג
איך, דער געקומענער, זיץ.

זיץ ניט! — אָט דאָ אינם מולטער
מולטער — מיין קינדישע וויג —
קאָפּ צווישען דינינקע שולטער
לייג זיך אַנידער און ליג.

ווענט פון מיין היים מיינע דאַרע,
דאַך — מיין צעטראָגענער האָן,
בעט איז נאָך אַלץ ווי אַ נאַרע,
דיל — ווי אַ מויל אָן איין צאָן.

גופ׳ען פון יונגען — אויף שטרויזעק
לויכטען, ווי עפּעל, אין פרייד,
זינגען און חוזק׳ען חוזק
און פייערען פייליגע רייד.

איהר, מיינע טעג, מיינע יונגע,
שטייט פון פאַרגעסענקייט אויף,
לאָזט זיך אַזוי ווי די יונגען
אויפגעהן אין ליכטיגען גוף.

טריט קושען אוים טראָטואַרען,
זעגענען זיך אויפ׳ן ראָג,
טעג מיינע — ברוגז׳ע נאַרען,
ס׳קומט אָן אַ קליגערער טאָג.

ה. לייוויק.

# מ אַ ר ש ע ן

קיינער וויל ניט לעבען מעהר מיט זכות פון אבות.
קיינער וויל ניט מזכיר זיין געוועזענע לויה;
אויפ׳ן בוידים פון דער קאַלטער שול זיצען
בלינדע סאָוועם

און האַלטען אין די שנאָבלען אַ צעבלוטיגטען
דעם שם הויה.

אַנטגעגען איבער שטייט דער פּראַוואָסלאַוונער
קלויסטער
און האָט ניט וואו אַהינטאָן זיינע קעפּ-קופּאָלען;
אין ווּיסטעניש פון גלעקער וויגט זיך ישו דער
געקרייצטער,
די צינגער פון די גלעקער האָבען אויסגעפּיקט
די קאָמסאָמאָלען.

און איבער אַלע געסלאַך — טריאומפירענדיגע
מאַרשען,
און זון אויף אַלעמען, ווי דורכזיכטיגער עמבער;
און אויסרופען פון יוגענט וויגען זיך, ווי פולע קאַרשען
אויף די צווייגען — אויף די שעה׳ן — פונם
זיבעטען נאָוועמבער.

אויפ׳ן אַלטע מאַרק — אַ טויער פון געקנופּטע
ברעטער, —
טויער-רעוואָלוציע, — דורך איהם מיט רויטע פאָהנען
דאָס גאַנצע שטעטעל שפּאַנט, — און אויך מיין
אַלטער פעטער
מאַרשירט אַדורך מיט קינדישען, מיט
יאָלדעשדיגען פּנים.

ה. לייוויק.

# די באָקשאַ

אַ דינער שאָטען ציטערט אויף דער באָקשאַ.
די זילבער-בערדיגע פישער פאָהרען
אויף איהרע דראָבנע, אווענט-שטילע וועלען —
דעם פאַנג דעם נאַכטיגען צו מאַכען. —
עס קוקט די לבנה און איך.

עס רודערען די ווּעסלער אין דעם וואַסער,
דער נעץ, ער פאַלט אַלץ טיף און טיפער:
קריסטאַלענע שופען בליצען דורך דעם טונקעל.
אָ, שיינע קינדער פון די פלוטען! —
עס קוועלט די לבנה און איך.

אַלץ ווייטער גענען שוואַרצען זוים פון וועלט-באַרג
פאַרלירען זיך די גרויע שיפלאַך.
איך זעה זיי קוים, און ביי די סמיטנע ברעגען:
די זיסע דאָרף-נגונים קלינגען. —
עס הערט די לבנה און איך.

מיין גרוס איייך, פישער, אויף דער שטומער טיפקייט!
מיין גרוס דיר זענפטע דאָרף-קאַפּעליע!
די ווייכע נאַכט-לופט זויגט איין מיינע ברכות.
מיין נשמה שיפט זיך אויף דער באָקשאַ. —
עס שווייגט די לבנה און איך.

מאָריס ראָזענפעלד.

# ביאַליסטאָק

(אין פאָלקס-טאָן)

— גדליה, געדאַלקע, פון וואַנען שטאַמסטו,
וואָס דו קלינגסט און קלינגסט אין פרייהייטס-גלאָק?
— איך רוף מיט'ן גלאָק אַז די פרייהייט זאָל קומען,
און שטאַמען שטאָם איך פון ביאַליסטאָק.

— גדליה, געדאַלקע, דו העלדישער בחור,
ווי האָסטו זיך פון פרייהייט דערוואוסט?
— איך האָב די פרייהייט מיט דער מילך געזויגען,
מיט דער זיסער מילך פון מיין מאַמעס ברוסט.

— גדליה, געדאַלקע מיט די בלויע אויגען,
האָט ביאַליסטאָק העלדען אַ סך ווי דו?
— געוועזען דאַרטען העלדען, ליכטיגע העלדען,
ליגען זיי איצטער אין אייביגער רוה.

— גדליה, געדאַלקע, העלד פון העלדען,
ווי קומען אין ביאַליסטאָק העלדען זיין?
— זיי קומען פון בעקער, פון גאַרבער און וועבער,
זיי קומען פון אַרבעטער נויט און פיין.

— גדליה, געדאַלקע, און דו ביזט אַנטלאָפען
פון ביאַליסטאָק און אין דער וועלט אַוועק?
— דאָס בין איך געלאָפען דורך שטעט און לענדער,
אויף שונאים פון פרייהייט פאַרשפרייטען שרעק.

— גדליה, געדאַלקע, און וואו ביזטו איצטער?
וואָס אין פרייהייט גלאָק קלינגסטו ניט מעהר?
— איך בין געפאַלען פאַר דער הייליגער פרייהייט,
ווייל אָן דער פרייהייט איז מיר לעבען שווער.

גדליה, געדאַלקע, איז רוה אין דיין קבר
מיט אַלע העלדען אין דער אייביגער רוה:
און אין פרייהייטס-גלאָק וועלען אַנדערע העלדען
קלינגען און קלינגען אַזוי ווי דו!

**מאַני לייב.**

„ביאַליסטאָקער פרוינט", יובילעאום אויסגאַבע, ברענטש 88,
א. ר., (1905—1935).

# בירזש.

מיין שטעטל, היים, די ווייסע קרעטשמע אויפ'ן וועג,
בליט ליכטיק אויף אין טיף פון מיין זכרון.
ווי ס'האָט אין מאַי געבליט דער ווייסער בעז
ארום די ווענט
פון אַלטן שלאָס. און נאָענט — די בלויע בלומען
אין די קאָרן...

דער ברייטער וועג — די ריטלדיקע לינדען ביי
דער זייט,
אראָפ צום סטאוו, וואו פישער-נעצן האָבן זוניקע
געצויגען
דעם גאָלד פון גרונט און גאָלד פון וואונדערלאכע טעג,
פאר טיף-פארוואונדערטע קינדערישע אויגן.

דער גאָלד פון יענע טעג אויף מויער-ווענט
שוין בלייכט
פארנאַכטיק. און טונקעלער אזוי אין ווייט זיך ציט —
ווי איבער וואָלקן נאַכטיקע ביים שארף פון האָריזאָנט,
נאָך זון פאַרגאַנג, אַ דינער ליכט-פאַס ציטערט, גליט.

**א. בערגער.**

# בעלץ

נו, הייסט עס, געקומען צופאָהרען
אַ קוק-טאָן אַמאָהל אויף דער היים.
אין קלייטען — פאַרזשאַווערטע שטאַרען,
אויף שטיבער — געשוואָלען דאָס ליים.

די דראָזשקע, אויף שפיציגע שטיינער,
דעם היים-חלום מיינעם צעשיט,
די שטיבער, געהויקערטע, וויינען
און ס'פאַלט פון די שויבען דער קיט.

דאָס פערד שניידט די ביינער ריפּען
און וואַרפט די האָלאָבליעס אין גאַנג,
צעשטאָכענע הימלען, ווי זיפּען,
צעשפריצען אַ דריבנע געזאַנג.

דער פוהרמאַן זיצט עלענט פון פאָרענט
און רעדט מיט דער פלייצע צום ווינט:
— ס'איז קיינמאָהל דער איד ניט באַוואָרענט,
ווען ס'לעבען די לייצעס צעבינדט.

— נו, הייסט עס, געקומען... געפינען
וועסטו ניט קיין נחת אין בעלץ,
דו זעהסט די דעכער, זיי רינען
און רעגען די שטיבער צעשמעלצט.

— מיר האָבען די סיגוראַנצע,*)
מיט פינצטערע היילען און שמיץ,
קיין יחוס איז דאָ ניט קיין פאַנצער,
מען כאַפּט דיך, מען שמייסט דיך און זיץ.

ס'בית-עלמין, מצבות צעשפאָלטענע,
אין שוואַרץ-ערד פאַרזונקען פ"נ,
עס רוהען דאָ מיינע געשטאָלטענע,
וואָס זענען פאַרגאַנגען ווי זון.

---

*) געהיימע פּאָליציי.

די אידען, וואָס האָבען דעם וואַלעד
„געזאָגט”, ווי גמרא א דף,
געוועזן איז דער ניגון דאָס צאַלעכץ
דעם אייבערשטען פאַר זיין באַשאַף.

כ׳וואָלט אָפּשאָבען וועלען די פּלאַסטעס
און אויפלעבען קריק זייער וועלט,
נאָר כ׳בין ניט קיין עדגאַר לי מאַסטערס
און ספּון ריווער איז ניט מיין בעלץ.

די מענטשען געשטאָרבען דאָ פּשוט,
מיט לעבען פאַרפולט ווי אַ קרוג,
אַ פערד האָט אין בעלץ זיך צעפּלאָשעט,
אַ איד האָט געלעבט און — גענוג.

אפרים אויערבאַך.

# בעסאַראַביע

ווערט אַ מענטש געבוירען אין קיסניצע, פּאָדאָליע,
וואַקסט אויף אין בעלץ, בעסאַראַביע,
זאַפּט אַריין אין די יונגע ביינער
דעם אומעט און טרויער פון ישיבה-בענק;
לעבט אָפּ אַ לעבען אין ניו יאָרק —
און ס׳ביינקט זיין בלוט נאָך דער אַראַבישער
אַבאַיע און אַגאַל,
וואָס האָט איינמאָל נאָר זיין לייב באַקליידט,
און ס׳זינגט זיין בלוט דאָס הייסע ליד פון מדבר.
נאָר אין די עלענדע פיר ווענט,
ווען ס׳רויעט זיך אין איהם דער רויער כח —
זינגט ער זיך אַ טרויער-ליד,
בעט ער זיך: — רויער כח, רויער כח!
האָסט געזונגען פון ראַכאַמאַ און איבראַהים,
האָסט אויסגע׳חלומ׳ט דעם ראָזען חלום פון דעלאַווירא.
איצט זינג-זשע מיר דאָס ליד פון בעסאַראַביע —
מיין ליד פון בעסאַראַביע.

משה שיפּריס.

# בריסק

די אַלטע שטאָט, אַ שטאָט אי קליין אי גרוי,
איז טויט אַצינד ווי אַטהען און ווי טראָי.
נאָר ליבענדיג, פאַר׳צער׳ט, מיט ווייכען אָטעם
כישוף איך פון זיך אַרוים אַמאָל איהר שאָטען:
די גאַסען אין פאַסעלאַכדיגען גאַנג אָן ווילען,
די שרעקיגע און אייביג פלוצלינגע אַפּרילען,
די רעגענס פול מיט זיין, די פעסטונג דראָהענד שטום,
די מידע פליגעל פון צוויי אַלטע מילען.
די דעמבעס וואַנדערען אַרוים פון קיסר-סאָד,
דער רודער צוקט איבער׳ן טייך, דער רודער
שאָרכט: „אַ שאָד, אַ שאָד”.
און ס׳געניצען די ליידיגע בולוואַרען
מעכטיג שטראָמט ־דער טיי פון בלישטשענדיגע
סאַמאָוואַרען,
איבער בענטש-ליכט, תחינות, אייניקלאַך —
אין אַן אָרגיע די שלייפלאַך פון די באָבעס,
און דינע ליפען שעפּטשען אַלץ די נעמען פון די אבות.
אויף טישען פינגער אין די בערד און
אויפגעמישטער ש״ס
און ס׳פלעכט דער ניגון זיך מיט אַ סטודענט׳ס אַ באַס.
אין גערטלאַך — זונבלומען, רעזעדע, מאָן,
בלאָנדע צעפּ, קאָקאַרדעס, פּושקין און נאַדסאָן.
און אין רויטער דעמערונג, מיט רייד אַלץ
נעפּעלדיגער, שטילער,
ווי נאָך אַן אומזיכטבאַרען שפּילער
ציהען פּאָרלעך זיך אין פעלד.
און איבער אַלץ אַזוי פיל פרילינגדיגער טרויער,
שימער,
דער ריח פון בעז.

אַננאַ מאַרגאָלין.

# בריסק

אין אַ ווינקעל, וואו צוויי טייכען האָבען זיך באַגעגענט,
האָבען דריי מדינות זיך געטראָפען אין אַ סגל
און אַ שטאָט איז פון קדמונים אָן געלעגען.

דריי מדינות — פּוילען, ליטע און וואָהלין
און די סגל׳דיגע שטאָט אין מיטען, ווי אַ קלין,
און פון יעדער מדינה ציט חיונה זיך אַהין.

איבער וועגען ציהען וועגענער מיט משא,
אידען האַנדלען אויפ׳ן לאַנד און אויפ׳ן וואסער,
און אויף תורה און אויף צדקה צאָהלט מען מעשר.

און מען צאָהלט דעם מלך אויך אַ חלק פון ריווחים,
גיט ער אויף די אידען זיינע גוט השגחה,
טוט עס איינער און אַ צווייטער מלך נאָך איהם.

ביז כמעלניצקי ימח-שמו קומט מיט אַ שחיטה,
קומען שעכטען די חיילות מאַסקאַוויטער
און עס דאַכט זיך — ס׳איז א סוף צו בריסק דליטא.

אָבער ס׳בלייבט אַ רעשט און שטאָט איז ניט
פאַרעלענדט
נייער ישוב וואַקסט פון דעם, וואָס האָט געברענט.
און אויב קלעצער ברענען, בויט מען ציגעלדיגע ווענט.

האָט אַ יאָג געטאָן דער קייסער מאַסקאַוויטער
און אַ זאָג געטאָן: אַ סוף צו דעם געשפּליטער!
אַלע גרעניצען פאַרנעם איך אין מיין היטעל.

האָט אַ יאָג געטאָן, אַ זאָג געטאָן, אַ קוק —
ערשט עס ליגט אַ שטאָט ביים סאַמע מוכאַוועץ
אין בוג,
און אַ רעווע: העי, דו אַלטע, גיב זיך נאָר אַ רוק!

מ׳האָט זיך עס צעליינגט דאָ ווי אין טאַטענ׳ס גאָרטען!
דאָ דאַרף מען אַ פעסטונג אויפבויען מיט פאָרטען,
און איהר קענט זיך קראַצען אויף די לאָנקעס
דאָרטען!...

ווער וועט זיך גיין דינגען מיט אַזאַ בורילע?
נעמט די אַלטע שטאָט זיך אָפּרוקען במחילה
מיט די ברעגען פון דעם מוכאַוועץ, דעם שטילען.

ס׳ווערט אַ פישמאַרק, וואו געווען איז אַ בית-עולם,
פון דער פאַשע וואַקסט אַ צערקווע מיט אַ צלם —
מאַסקאַוויטער צלם ביי די וואַסערען פון פוילען.

האַנדלען סוחרים, אַרבעטען מוליאַרעס און
סטאָליאַרעס,
קומען אויף קאַזאַרמעס, שלעפּט מען טישען, נאַרעס —
און אין קלויזען קלינגט דאָס זילבער פון די קערות.

---

פון די פאָרטען הילכען יעדען טאָג האַרמאַטען,
גאַסען, מערק און קראָמען זיינען פול סאָלדאַטען,
און עס קלינגט די ברכה אין מאַמען און טאַטען.

און סאָלדאַטען דאַרפען קאַשע און מונדירען,
און אַ כוסה מאַכען אָפיצירען,
און אין הלכות נשים האָט מען אויך ניט לב
צו חקירה׳ן.

פאָניע חקירה׳ט ניט און שטעלט אויף אַלץ
אַ שטעמפּעל.
לעבט די יאַטקע-גאַס און גאַס מיט רויטע לעמפלאַך,
און קבצנים קאָכען, אויב ניט פלייש, איז ווערמפלאַך.

ס׳איז גענוג דאָ ניט צו קאַרגען אויפ׳ן גראָשען,
בויט מען אויף אַ גרויסע שול און בתי-מדרשים
און אַ הקדש און מקוואות פאַר די נשים.

הערט מען: בריסקער הימלען רעגענען מיט מן.
ציט קיין בריסק דער בעל-מלאכה, מעקלער, אָרימאַן,
וואַנדערט מען צו-פוס, מיט אָקס און מיט דער באַן.

ווערט אויף יעדען נגיד צען אָרימעלייט
יעדער קרעמער קריגט נאָך זיבען ביי דער זייט,
און דער דלות וואַקסט אין שמאַטעס און אין זייד.

מנחם באָריישאַ.

# בריסק

בריסק,
מיין געאָגראַפיע-לערער
האָט געלערנט: גרויסען זיך מיט דיר —
ערשט-קלאַסיגע פעסטונג.
פאַר מיר ביזטו געווען
ס׳קבצנ׳יש געסעל,
מיט בערעל סעטשקע-מאַכער׳ס הויף,
וואו ס׳האָט זיך גאַנצע טעג ארומגעדרייט אַ
בלינדע קליאַטשע.

היים
וואו טאַטע האָט אַ גאַנצען טאָג
געשטאָפּט סאָלדאַטסקע פאַפּיראָסען,
און מאַמע האָט געקוקט אין פענצטער,
צי ס׳גייט ניט דורך אַמאָל אַ פאָליצייסקע.

יוגענט,
פון דרייצען יאָהר ביז זעכצען,
וואָס טאַטע האָט פאַרקויפט אויף אַ קאָנטראַקט
צום שטאָט-גביר רב כאַצקעל,
אויף זיבען טעג אַ וואָך
אַ חוץ פרייטאָג-צונאַכטען —

חלום
ווען כ׳האָב דאָס ערשטע מאָהל
געזעהן אַרויפקומען מיין באַלעבאָס רב כאַצקעל׳ס
איינגסטע טאָכטער זעלדעניו.
און איינמאָהל אין אַן אָוונט
האָב איך אָנגעטראָפען אויף איהר שאָטען
און אָפּגעשטעקט אַ בריוועלע,
וואָס איז געבליבען אָהן אַן ענטפער.

בצלאל פרידמאַן.

# גלינע

דער גוי האָט נאָכגעלאָזט די לייצעס.
ביידע לייבען רייסען דורכ׳ן רוים.
פון באָגדאַניוקער וואַלד, דער לעצטער בוים
איז וויט שוין הינטער אונז—דער „פעלטעוו" שניידט
דעם וועג אונז דורך ברייט. —
ווי אויף אַ טאַפעל שיבען מיר זיך איבער.
די קאַפּליטשקע און די גוי׳עשע שטיבער
ליגען אין אַ טאָהל טיף פאַרשנייט. —
דאָס אויג זעהט וויט, — אין שוועבעלדיגען פראָסט,
שווימען די קופּאָלען פונם קלויסטער זילבערען אַרויס.
עס צינדט דער לאָמפּ זיך איצטער אויף דער פּאָסט,
און ס׳שטאַרען איבער אַלע דעכער
די קוימענס פון אונזער הויז.

אַבא שטאָלצענבערג.

# גראָדנע

(פראַגמענט)

מיין היימאַט, גראָדנע, פעסטונג-שטאָט פון ליטע,
די גובערניאַלע שטאָט פון צאַרישען ראָסיי.
זכרונות טויכען אויף, ווי בלומען ערשט-צעבליהטע,
געשטאַלטען שוועבען דורך און שטעלען זיך
אין רייה...

קאַזאַרמעס, קלויסטערס און טאַבאַק-פאַבריקען,
מיט באַרג און פעלד און וואַלד מיין היימאַט-
שטאָט איז רייך.
באַריהמט מיט איהרע גרויסע אייזען-בריקען,
צעלייגטע אויפ׳ן הימעלבלויען ניעמאַן-טייך...

דער ניעמאַן שווימט פאַרביי צעגרינטע פעלדער,
וואָס רינגלען, קראַנצען איהם אַרום פון יעדער זייט;
און הינטער בערג דאָרט שוואַרצען זיך די וועלדער
און קייטלען זיך, ווי כמאַרעס ציהען זיך העט-ווייט.

עס בלאַנדזשען פישער-שיפלאַך אום, ווי טרוימען,
אויף קלאָהרען ניעמאַן-האַרץ און זוכען אַ באַשייד...
ניט איינמאָהל האָב איך אין די וואַסער-תהום׳ען
פאַרטרויט מיין טיפען צער און אויך מיין זוניג
פרייד...

עס וואַקסט קאָלאָזשער באַרג מיר פאַר די אויגען,
דער שלאָס, דער שווייצער-טאָהל און גובערנאַטאָר-
סאָד:
דערמאָהנונגען פון טעג, וואָס לאַנג פאַרפלויגען,
געמישט פון שוואַרצען פיין, און פולע מיט גענאָד...

עס קומען אויף געהיימע, ליבע ערטער:
פושקי, סאַקרעט, לאָסאָסנע, גראַנדזשיץ, פאָניעמאָן,
די ערשטע אויפגעכאַפטע, נייע ווערטער:
אַ רעוואָלוציע, קלאַסען-קאַמף און רויטע פאָהן...

מאַרטירער וואַכען אויף אין מיין זכרון
פון גראָדנער אָרעמקייט פון היינט און פון אַמאָהל...
וואַרשטאַטען-קינדער, אין קעלער-שטוב געבאָרען
פון שול-הויף, יורד׳דיגע, פון פאָרשטאָט און פאָדאָל...

דער שטענדיגער געבראַזג פון תפיסה-קייטען
אין גראָדנער טורמע-הויף פאַרפאָלגט מיין יעדען
טריט...
די שאָטענס פון די הויכע ווענט פאַרשפרייטען
אַ שאָטען אויף מיין יעדען אָטעם-צוג און ליד...

אַ. פאָמעראַנץ.

# דימידיווקע

אינמיטען וועלט אויף אַ פעלד — אַ שטעטעלע.

שטיבער, וואָס שטייט איהר דאָ?
מענטשען זיינען דאָ — זיינען מיר דאָ.

מענטשען, וואָס טוט איהר דאָ?
אונזער היים איז דאָ.

אַ דאַך פון שטרוי.
אַ דאַך פון שינדלען.
אַ דאַך פון טשערפּעס.
אַלע דעכער — סקאָס אַראָפּ.
קרום.

טריב,
טרויעריג.
יעדער אַראָפּ — איז טרויעריג.

יעדער הויז — אַליין.
אַוועקגעשטעלט — שטייט עס.
וואוהין זאָל עס גיין?
ווייטער איז דען בעסער?

אַן אַלטע הויז
שוין אָנגעשפאַרט אויף קוליעס.
איינגעבויגן
הכנעה׳דיג.
וואָס קאָן מען זיך העלפן?

אַ יונגע הויז — אַ נייע,
ערשט אויפגעבויט,
שטוינט:
טאַקע?
אזוי וועל איך ווערן אויף דער עלטער?

אַ מיטליאָריגע הויז —
אַ פאַריכטע.
אריינגעשטעלט אַ נייעם פענסטער —
קוקט די הויז קאַסאָקע
אויףביידע שטיבער מיטאַמאָל,
און לאַכט — און וויינט.

אָט אַ קוימען,
ליגט ער אויפ׳ן דאַך.
איבערגעקערט.
— ליג.

אָט אַ טויער,
היינגט ער איינגעבויגן,
נאָר אויף איין זאַוויעסיע.
— היינג.

אַט אַ טאַפּ.
אַמאָל געווען אַ טאַפּ.
געטומלט.
געקאַכט.
שוין ...
אָפּגעטומלט.
אָפּגעקאַכט.
צעבראַכן —
ליגט ער אויף דער ערד.
צוריק אַהיים.
צו דער מאַמען.

אַלעמענס מאַמע.
אַלעמענס היים.

אַ טאַפּ.
אַ שטוב.
אַ מענטש. —

אַלע — איינס.
איין סוף.

א. לוצקי.

# האַראַדענקע

אין פלאַכען טאָהל —
דאָס שטעטל, האַראַדענקע.
די בידנעקייט
מיט גאָלד פון זומער-זון באַשפּריצט.
דאָס טייכעל — די טשערוואַנע —
ביים בית-עולם,
די בלויע סקאַלעס בלויז געדענקען —
אין מצבות אין צעקרימטע,
וויפיל בלוט און וויפיל טרעהרען
ס'זיינען איינגעקריצט ...

אויף סטרילטשער וועג — די קאַפּליצע די קליינע;
דער סאַביק-טייך, דאָס וועלדעלע ביים ראַנד;
דער קאַשטשאַל-שפּיץ;
דער דאַך פון דער געמיינדע —
כאַטש נעם דאָס גאַנצע
און פאַרדעק עס
מיט אַ דלאָניע פון דער האַנט ...

און העט — ביים שטעטעלשען צוקאַפּענס —
צווישען סעדער,
ווי אַ פעסטונג,
דראָהענדיג און שוואַרץ —
דאָרט, וואו ס'געהען אום דערשראָקענע, מיט
היט אין די הענט,

די כלאָפּעס —
דאָרטען שטעהט דער אַלטער, ליובאָמירסקישער
פּאַלאַץ.

און טיף,
אין דעם געפלעכט פון געסלאַך —
די גרויסע שול, דאָס בית-מדרש און די קלויז;
דאָס שטעטעלע —
וואָס פון דער נאָהענט
איז עס אַזוי איינגעהויקערט-העסליך —
און פון דערווייטענס
זעהט עס אַזוי נעט-געווירעט,
זעהט עס אַזוי שעהן-אידיליש אויס.

אין אָט-דעם פלאַכען טאָהל
האָב איך מיין ערשטען חלום אויסגעשפּונען;
ביי דער קאַפּליצע,
צום ערשטען מאָהל,
באַריהרט אַ יונגפרוי'ס ליפּ.
אין יענעם טאָהל —
אָן עכאָ אין דער אייביגקייט אַנטרונען —
איז מיין מאַמען נאָכגעגאַנגען צום בית-עולם
מיין פאַרשטיקטער, קינדערשער כליפּ ...

אין יענעם טאָהל — אין האַראַדענקע —
האָב איך צום ערשטען מאָהל
געגאַרט
נאָך סוד פון האָריזאָנט —
און אויב אַ קינד קען אָנמערקען אַ ציל פאַר בענקען,
האָב איך געבענקט ביז קאָלאָמיי אַזש —
און ווייטער
האָב איך בענקען ניט געקאָנט ...

אין יענעם טאָהל
האָב איך צום ערשטען מאָהל די פרייד באַנומען;
צום ערשטען מאָהל
באַנומען האָב איך דאָרט דעם גרויל.
די פרייד —
ווען ס'איז מיין טאַטע — אַזאַ שטאָלצנער —
פון אַמעריקע געקומען!
דעם שרעק — מיט איין יאָהר שפּעטער —
ווען ס'האָט אַ קאָזאַק
אָנגעשטעלט אויף טאַטענ'ס שטערען אַ פּיסטויל ...

ס'האָט דער קאָזאַק דאַן מיין טאַטען ניט געשאָסען —
נאָר מיט'ן גרויל
האָט אויך דער ערשטער האָס
געטאָהן אין האַרץ ביי מיר אַ שפּרונג.
דערנאָך, ווען ס'איז אין יענעם טאָהל
דאָס בלוט אין טייכען שוין געפלאָסען —
האָב איך אויפגעהערט אַ קינד צו זיין —
האָב איך אויפגעהערט צו ט ר אַ כ ט ע ן יונג ...

און קאָלאָמיי
האָט אויפגעהערט צו זיין דאָס ווייטסטע ...

און די גרויסע שול איז אויך געוואָרען קליין. —
צו די האָריזאָנטען —
צו די וועגען, צו די שטויביגע, געקרייצטע —
האָט דער טויט אַ זעץ געטאָן אין שויבען
און מיט בלוט אין אויג באַפוילען:
געהן!

און ווען דער טאָג פון קריק-קער איז געקומען
און די נאַקעטקייט פון קוימענס
האָט אַ שוואַרץ געטאָן פאַר אויג —
איז די בענקשאַפט שוין געוועז פאַרטריקענט
אויפ'ן גומען —

איז דאָס האַרץ, דאָס אינגלישע,
געוועז שוין — רויג...

טראַכט איך איצט
פון יענעם טאָהל דעם פלאַכען —
ווייטע, שלייער-שווערע, פרעמדע טעג.
נאָר ווען וואָלט איך נאָך אַמאָהל —
מיט אַ שטילען גרוס
מיין טאַטענ'ס טיהר פאַרמאַכען...
און אפשר
צו דער קאַפליצע אַ וואַנדער טאָן אויף סטרילטשער
וועג...

ווען וואָלט איך נאָך אַמאָהל —
אַריינזאַפען אין זיך
די ביטערקייט פון יענע נויטען;
די אָרעמקייט
צופוסענס פונם פירשטליכען פּאַלאַץ;
דעם לעבען דאָרט — דעם אידישען —
פון דעקאָגראַמס און לויטען;
דעם לעבען דאָרט,
מיט הייסען דיכטער אויג,
אַריינקוקען אין האַרץ...

**מאַרטין בירנבוים.**

# וואַרשע

## (סאָנעט)

איך האָב פאַר דיר, ניו יאָרק, מיין היים געביטען,
עס האָט מיך וואַרשע אויפגעהאָדעוועט פאַר דיר;
איך זאָל מיין וועלט אויף דיינע גאַסען בויען מיר,
און איבערנעמען פון דיין לעבען נייע זיטען.

און ווי עס לויפט דורך וואַלד פאַרביי אַ שליטען,
און בוימער ווייטע שווימען פאַר מיין אייל צוריק;
געלאָפען זיינען טעג מיט פרייד פאַרביי מיין בליק,
וואָס כ'האָב מיט זיי מיין יוגענט דורכגעריטען.

די ווייט אין נאָהענט-פרעמד פאַר מיר געוואָרען,
דאָס נייע לעבען האָב באַגעגענט מיך מיט לאַסט,
ווי ס'וואָלט די פרעמדע וועלט מיין אויפבוי נאָר געהאַסט,
געקריצט מיט פיין מיין האַרץ פון שווערע יאָהרען.

און איצט מיט עלענד רייסט מיך נאָך די ווייט
אַוועק; —
פון דיר, ניו יאָרק, וואו כ'האָב פאַרלוירען יוגענט-טעג.

**י. ל. קאַלושינער.**

# ווילנע

## (אַ געזאַנג)

שטאָט — ווילנע! איך רוף-אָן דיין נאָמען,
און ווי נאָר דיין נאָמען דערמאָהנט —
געפיהלען זיי ברויזען, ווי שטראָמען,
און ס'מוטיגט און ס'וועקט און עס מאָהנט...

כ'זעה אָרעמע הויפען, אין טיפען —
געצעלטען אין שאָטען צעשטעלט;
איך האָב דאָרט דערהערט און באַגריפען
דעם רוף, וואָס זיי שיקען דער וועלט.

געזעהען דאָרט די „דרוקען", „פאַרלאַגען"
פון „פונק" און פון „מיץ" און פון „ראָם",
וואָס „האָבען" ווי בליצען-זיגזאַגען
באַלויכטען דאָס לעבען ביז תהום...

די שולכלאַך, וואו ס'לויכט קוים אַ פייער,
וואו ס'קלינגט קוים דער ניגון אין לופט;
און ליד פון די נייע באַפרייער,
וואָס מוטיגט, וואָס וועקט און וואָס רופט.

און נעמען פון ווילנער משכילים,
ביי וועמען נאָר בילדונג איז גליק...
און רייד פון די איידעלע תמימים,
פון פין און פון שולמאַן, און דיק.

און ס'קלינגען פון נעמען די קלאַנגען
פון קעמפער — מיט פרייהייטס פאַרלאַנג,
וואָס זיינען אַנטקעגען געגאַנגען
דעם הערשער — אין מוטיגען גאַנג.

דיין שוסטער, וואָס האָט זיך דערוואָרבען
אַ נאָמען, וואָס קלינגט אין דער וועלט —
געפאַלען פאַר פרייהייט אַ קרבן —
הירש לעקערט — פון ווילנע דער העלד.

געזעהען אין דיר, הויפטשטאָט פון ליטע,
דעם צענטער פון אידישער וועלט,
וואו פרעמדקייט וואָלט האָבען די שליטה —
פאַראייניגט דיין גייסט און באַזעלט.

דיין נעץ פון די וועלטליכע שולען
און פעסטונג פון אידישען וואָרט.
דאָס זיינען די קוואַלען, וואָס פולען
מיט זין און מיט פרייד יעדער אָרט.

די פאָרשער פון שריפטען — אַרכיוועז,
וואָס ראַנגלען ביי דיר זיך מיט נויט,
באַנייען די ווייטסטע ישובים,
וואָס זיינען אין לענדער צושפּרייט.

וואָס לעבען אין דחקות, ניט זיכער,
און נעכטיגען ניט וואו געטאָגט —
זיי בויען פּאַלאַצען פאַר ביכער,
פאַר אוצרות, וואָס ס'פאָלק נאָך פאַרמאָגט.

די קעמפער, וואָס האָבען צושפּרייט זיך
ביז דאַנען — אַריבער דעם ים,
און דאָ אין דעם לאַנד, וואו באַנייט זיך —
געשטיצט און באַוואָהרט זייער שטאַם...

אברהם רייזען.

## ווילנע

דיין נאָמען, ווילנע, קומט צו מיר פון טיפעניש
פון יאָהרען,
ווען איך האָב ווייט פון דיר געטרוימט, פון דיין
געשטאַלט.
איך וויים ביזט אָרעם, איך וויים ביזט אַלט,
נאָר ווי אַ מאַמע ברייגגסטו מיר — ניט אונטער-
גאַנג, ניט ארון, נאָר טאָג פון מיין געבאָרען.

די שטאָט, די גאַסען פון מיין איצט, אין
כוואַליעדיגען ברומען, —
אין מיטען קאָך, מיר דוכט, איך שאַר זיך ביי אַ צוים,
אַ צוים אין ליטע, בית עולם-בוים.
אַ הימעלראַנד, וואָס האָט ווי אַ פרוכת זיך צענומען,
מיט יעדען גרוס וואָס איז צו אונז פון דיר געקומען.

אַ שטעטעל ביי אַ טראַקט, וואו ס'בייטען זיך די
שעה'ן, —
אַן אורח געהט. — שלום! עליכם שלום!
פון וואַנען? אָ, וואונדערליכער חלום!
דער זיידע גלעט די באָרד, די אויגען טוקען זיך
אין גרויען,
— דער אורח איז געווען, געזעהען דעם אוהל
פונם גאון.

לעגענדעס, איינס און צוויי, אַ שיכט אויף שיכטען, —
דער ווילנער גאון מיט אַ זאַק אויף זיינע פּלייצעס.
— דער ווילנער גאון פירט פאַרבלאָנדזשעט פערד
ביי לייצעס.

— דער ווילנער גאון אין אַ וואַלד אַ פינצטערען —
געדיכטען,
— דער גאון איז אַוועק אויף וועגען גלות
אָפּצוריכטען.

אַ שטעטעל ביי אַ טראַקט, וואו ס'הערט זיך
סווישטש פון בייטשען, —
עס קייקלען רעדער זיך אַוועק אויף שווערע אַקסען.
דער זיידע איז שוין טויט, די אייניקלאך — שוין
אויסגעוואַקסען,
די באָבע קרעכצט, וואָס יונגוואַרג געהט אַרום,
ווי גאַנצע דייטשען, —
די ווערטער אַלט-פאַרוואָרצעלטע, נאָר נייע טייטשען.

און ווידער איז אין שטעטעלע אַ נאָמען אויפגעגאַנגען:
געקומען מיט דער שניידיגקייט פון בליץ:
— הירשעל, הירשקע! און אין האַרצען גיט אַ קריץ,
— דערצעהל, דערצעהל! — אין ווילנע איז מען
אין אַ מאַרש געגאַנגען,
אין ווילנע האָט מען לעקערט'ען געהאַנגען.

די טאַטעס סוד'ען זיך, די קינדער הערען מיט די
אויגען. —
— די ווילנער יונגען געהען געגען ניקאָלאַי'ען,
— די שניידער-שוסטער זאָגען, אַז מען דאַרף די
וועלט באַפרייען!
אַריבער שטעטלאך ליטווישע, אַריבער פּלויטען
איינגעבוינען,
האָט זיך צעשפּרייט אַ רעגענבויגען.

עס רוישט דער ים געזאַלצענער, עס שווימען
נייע יאָהרען,
געשטאַלט האָט זיך געביטען אויף געשטאַלט, —
איך וויים ביזט אָרעם, איך וויים ביזט אַלט,
נאָר ווי אַ מאַמע ברייגגסטו מיר ניט אונטערגאַנג,
ניט ארון,
נאָר טאָג פון מיין געבאָרען!

ב. י. ביאַלאָסטאָצקי.

## אַ פאָלקס-ליד וועגען ווילנער אידען

(מיין פריינט יעפים ישורין אַ מתנה)

איבער ניעזשין הענגט אַ כמאַרע
און אַ גרויסע שליאָטע;
פאַהרט אין שטאָט אַ באַלעגאָלע,
זינקט די בויד אין בלאָטע.

זיצט אין בויד אַ איד אַ פרעמדער,
קומט פון אַלדי ווייטען;
— וואָס-זשע פיהרט אַ איד קיין ניעזשין?
— סחורה, וואָס פאַר לייטען.

אזש פון ליטע ביז אוקראינע
פיהרט דער איד זיין סחורה;
תורה איז די בעסטע סחורה, —
פיהרט דער איד זיין תורה.

און זיין זיידענע קאפאטע
איז אים אפגעריבען;
און דער ווילנער גרויסער דלות
אין דער פרעמד פארטריבען.

תורה איז די בעסטע סחורה —
ניט מיט גאלד צו וועגען,
אידען, ניעזשינער פראסטאקעס,
האבען א פארמעגען:

זאטען ברויט און פולע שפייכלער,
פעטע שאף און רינדער;
נאר זיי האבען ניט קיין תורה,
ניט פאר זיך און קינדער.

בלייבט דער ווילנער איד אין ניעזשין —
ניעזשין דארף זיין סחורה.
זיצט דער ווילנער איד מיט קינדער
און ער לערענט תורה.

קלינגט זיין לערענען איבער ניעזשין,
איבער אלע שטיבער;
אידען, ניעזשינער פראסטאקעס,
נעמען זיך אזש איבער:

— א געזונט זיי אין די ביינער
אלע די ליטוואקעס,
וואס זיי לערענען זייער תורה
ניעזשינער פראסטאקעס.

**מאני לייב.**

# ווילנער פארנאכטען

(צום אנדענק פון צ. קאפעלזאן)

איך זעה איהם פאר זיך, ווי א מאהל, א פארטראכטען;
ער שטעהט אויפ'ן ראג אין די ווילנער פארנאכטען.
ער קוקט אזוי ליטע'דיג, ארעם און בלאס,
ווי אויבען דער הימעל, ווי אונטען די גאס.
א שטאט — א צעשרומפען געזיכט פון א זקן,
צעקנייטשט אין זאווולקעס, פארגעלט און
צעשראקען.
די מענטשען, די מויערלאך — שטשופלע און קליין,
און גרוים טיילט זיך אוים נאר דער וואלקען אליין.
ער הענגט אזא דיקער, אין לאנגוויל אין שווערען,
און טריפט נאכאנאנד זיינע גרויאיגע טרעהרען.
און אונטער איהם ליגט די פארהאוועטע גאס,
וואס טומעלט זיך נעבעכדיג, נישטיג און נאס.
דאס קעהרט זיך ניט אן מיט'ן יונג דעם פארטראכטען,
וואס ווארט אויפ'ן ראג אין די ווילנער פארנאכטען.
ער שטעהט און ער קוקט ניט און קוקט אבער גראד,
ביז וואנען ווער פלאטערט פארביי, ווי א סוד.
א דריי מיט'ן אויג און א שושקע אין אויער,
עס שאטנט ווער דורך און פארשווינדט אין א טויער.
און שטום אויפ'ן ראג שטעהט דער ווארטער
און שטעהט,
דער פנים פארטוליעט, די בליקען צעשפרייט.
אט סוד'עט זיך איבער א צווייטער, א דריטער,
און שווינדען אין טויער מיט פריידיגען ציטער.
מען רוקט און מען רוקט זיך געהיימניספול צו;
אט צינדט זיך א פייערל אן ערגעץ-וואו.
און ווייטער אויף אנדערע ראגען און ווייטער,
עס שטעהט אויף דער וואך אלץ א יונג א פארשייטער.
און פייערלאך, פייערלאך פיל, אזוי פיל,
זיי צינדען זיך אן אין דער שטיל, אין דער שטיל.
זיי גיסען זיך איינס מיט'ן צווייטען צוזאמען;
די פייערלאך ווערען פארצערענדע פלאמען.
זיי רייסען מיט אימפעט זיך דורך פרייערהייט,
באלויכטען די נאכט אזוי רויט, אזוי רויט.
זיי שפרינגען פון בוידעם, זיי שפרינגען פון קעלער,
פארכאפען שוין אלע עטאזשען אלץ העלער.
זיי שפרינגען פון ווילנע און מינסק און סמארגאן,
זיי צינדען די מלוכה די ריזיגע אן.
אט פלאקערט גאנץ רוסלאנד און ברעכט שוין
צוזאמען,
אט שטעהט שוין די וועלט א פארכאפטע אין פלאמען.
די במורנע, די שווערע, פארפאנצערטע וועלט,
אין פייער געלייטערט, פון פייער באהעלט.

:: :: ::

וואו ביזטו דו צינדער, וואס האסט אויף די ראגען
די פייערלאך אלע געהיט און געטראגען?
צו ליגסטו עק-וועלט וואו, פון שנייען פארוויהט,
דיין וויסט-ווייס געביין אויף די וועגען פארזייט?
צי שטעהסטו נאך אלץ און באוואכסט נאך דעם פייער,
ווי שטענדיג, א גרייטער, ווי שטענדיג, א טרייער?
צי מיד, אויף א ווייט-פרעמדער ערד ערגיץ וואו
דערלעבסטו די יאהרען די לעצטע אין רוה?
צי טראגסטו אין גלות אויך, שטיל און באשיידען,
דאס הייליגע פייער אין הייליגע ליידען?
דו העלד פון מיין ליטע, אוואו נאר דו ביזט,
א, זיי מיט דער שרפה דער גרויסער באגריסט!

**א. ליעסין.**

# וולעדניק

גענוג שוין! שרייט אוים משה יאָסעל,
דאָס מוז און דאָס וועט באַלד געשעהן.
אַהיים וועל איל איך פאָהרען, קיין וולעדניק
און טאַקע נאָך שבת, איר'ט זעהן.

פאַרברענט זאָל ער ווערען, קאָלומבוס!
אַ טייפעל געפינט אוים אַ לאַנד!
אַ גיהנום, אויף מיינע נאמנות!
עס ברענט דאָ, עס פלאַקערט אַ בראַנד!

אַהיים וועל איך פאָהרען קיין וולעדניק,
אַרויסגעהן פאַמעלעך אין מאַרק,
פאַרדינען דאָרט עטליכע גראָשען
און גאָר ניט געהאָרעוועט שטאַרק.

און לעבען אין כבוד, אין נחת,
און האָבען אַ ווערדע ביי לייט.
אַ חשוב ביים פריץ כאַליוטין —
געהאַנדעלט מיט איהם אַזאַ צייט.

אַ טייערער גוי, דער כאַליוטין.
ער האָט ליב צו מאַכען אַ שפּאַס:
„אָט זינג", זאָגט ער, „יאָשקע מה יפית"!
ער רעדט אַזוי גראָב אויפ'ן באַס.

ער ווערט אַמאָל כלומר'שט משוגע,
און הויבט אָן די פּריצ'ישע שטיק:
„פּאַשאָל וואָן זשידאָווסקאַיאַ מאָרדאַ"
און שיקט מיך באַלד רופען צוריק.

און קומען וועל איך אין בית־מדרש,
(דאָרט ברויכט מען קיין טיקעט ביים טיהר),
איך האָב דאָרט אַ שטאָט אַזש אין מזרח,
ניט ווייט פון ר' סענדער דעם גביר.

און הערען בן־ציון דעם חזן:
זיין טיפען געבעט, זיין געוויין;
ער שפּרייט אוים די הענט און ער טענה'ט,
זיין טענה קען ריהרען אַ שטיין.

און הערען דאָרט שלום דעם מגיד,
ער רעדט אַזוי האַרציג געטריי,
ער מאָלט אוים אַ חבוט־הקבר —
איז פּונקט ווי איהר זייט דאָרט דערביי.

און ס'וועט זיך אַרום מיר פאַרזאַמלען
אַ רעדעל אין שול־הויף, אין גאַס.
און איך וועל אַ רייד טאָן אין ענגליש:
„העלאָו!" וועל איך זאָגען אין שפּאַס.

„ליידיס און דזשענטעלמען, ליסען,
איהר לעבט דאָ ווי ווערים אין כריין,
און ווילד זענט איהר ווי אינדיאַנער,
און ווייסט ניט וואָס גוט איז, וואָס שעהן".

„צי ווייסט איהר, אַ שטייגער, וואָס מיינט דאָס:
„אָפּסטעז" און „טאָפּ־פלאָר" און „די בעק",
און „לענדלאָרד" און „קאָורט" און „סיידוואָק"
און זוכען אַ „דזשאָב" און ס'איז „סלעק"?

„אַלבעטשע" איהר ווייסט ניט וואָס „בלאָף" איז?
און „העלפּ־יורסעלף" ווייסט איהר וואָס מיינט?
אוי „גרינהאָרנס", ווילדע באַרבאַרען!
„קאָלאָמבוס" וואָלט אייך דאָך פאַרשטיינט.

און שטעהן וועט דער עולם און טראַכטען:
„ס'אַ מזיק! ער רעדט דאָס אַ שפּראַך"
און איך וועל זיך ברייען און ברייען,
אַרומריידען איטליכע זאַך.

און „רענטען" וועל איך דאָרט אין וולעדניק,
ביי נחום דעם שמש אַ „פלעט",
און קויפען אַ שעהנע קאַנאַפּע,
און קויפען אַ הילצערנע בעט.

און הייסען מיר קאָכען אַ קרופּניק,
איך זאָג אייך, ס'א מאכל, אַנטיק! —
אַהיים וועל איך פאָהרען קיין וולעדניק,
אַהיים וועל איך קומען צוריק.

מיכל קאַפּלאַן.

# זאבעלין.

כ'האָב געטראַכט און האָב געטאָן
אויף מיין אייגענעם באַראָט.
אויפגעבליצט האָט מיין שגעון
און פאַרלאָקט מיין יונגן טראָט.

כ'בין אַוועק, אַוועק, אַוועק — — —
דאָרפיש שטויב נאָך זיך געלאָזט;
ליב געווען דער ערשטער שטעג,
איינגעשניטן אין דעם גראָז.

קיינעמס וואָרט נישט אויסגעהערט,
(ליבע, ליבע, מאַמע רייד;) —
און נישט קלאָר נאָך דער באַגער,
און פאַרפלאָנטערט דער באַשייד.

צוועלף יאָר! — און קליינגעוויקס,
א געשריי אין האַרצן ברויזט;
ווי אַ הייסע קויל פון ביקס
האָט געריסן זיך ארוים!

מאַמעס וויין האָט נאָכגעיאָגט,
טאַטעס בליק — דעם וועג פאַרשטעלט.

נאָר ס'האָט איינגעשפּאַרט געלאָקט
פרעמדער ריח, פרעמדע וועלט!

ווי אַ בויגן האָט מיין הויט
ביז צום פּלאַצן זיך פאַרשטייפט;
ס'לויפט מיין לייב דורך קאַלטער שרויט,
כ'האָב מיין אומעט צוגעפייפט.

וואָס דערוואַרט מיך אין פאַראויס?
וואָס זאָגט צו פאַר מיר די ווייט?
שוואַרצער רויך און באַן־גערויש
שטילע רואיקייט צעשניידט.

באַן כאַפּט צו מיך, און פאַרטראָגט
מיט אַ טעמפּען שטאָלען קלאַנג;
גאָרנישט, גאָרנישט צוגעזאָגט,
קיין איין איינציקן פאַרלאַנג!

ב. לאַפּין.

## חורבן זוויהיל

ערשט נעכטען געווען נאָך
אַ שטעטל — אַ פּראַכט...
זעהט נאָר, וואָס היינט
האָבען „מענשען" געמאַכט!...

— — —

דער טייוועל ט'געעפענט
זיין גיהנום'דיג מויל,
מיט שלאַנגען פון פייער
פאַרדרייט אין אַ קנויל.

די צונגען — זיי לעקען
פון הימעל דעם ראַנד,
רויטלען און פּענזלען
דריי טעג נאָכאַנאַנד.

ניטאָ מעהר קיין הייזער
און בוימער ביי זייטען,
פּעך — שוואַרצער רויך
ציהט זיך פון ווייטען.

קאַרניזען, באַלקאָנען
פּלאַצען און פאַלען,
ס'שפּילט זיך דאָס פייער
אין שויב מיט די שטראַהלען.

די בוימער פאַר'שרפה'ט,
צושפּאָלטען און טרוקען,
מיט טענות די צווייגען
צום הימעל נאָר קוקען...

געשענדעט, געשטאָכען
געקרייצט אויף די פּלויטען
מיט צוועקעס געהאַמערט
די קעפּ פאַר'ן טויטען...

מיט בלוט־רויטע פלעקען
געקווייטעלט די שטיינער...
הינט גריזשען און לעקען
פון הרוגים די ביינער.

— — —

ניטאָ שוין קיין זכר
פון פּראַכטפולען שטעטעל!
מען זעהט מעהר ניט שטעהן
אַ סלופּ מיט אַ ברעטעל...

די ראַגאַטקע פאַרבונדען
מיט פאַראָסטעטען דראָט,
און אויפגעשריפט פון אויבען:
„די געשטאָרבענע שטאָט!!!"

א. פראַוואַטינער.

## זלאַטשאָוו

אין יענער נאַכט, דער לעצטער נאַכט,
ווען אָפּגעזעגענט כ'האָב מיין היים —
דעם רב ר' פייוועל'ס ציגעל־מויער
און באָבע ליבע'ס שטוב פון ליים — —

מיר דאַכט,
אַז קיין שום לעבענס־פרייד וואָלט ניט פאַרגעסען מיך געמאַכט
דעם קינדיש־צאַפּלדיגען טרויער
פון יענער נאַכט.

פערד־און־וואָגען האָט געפויזעט אויפ'ן שמאָלען, לאַנגען וועג
ווי אַן אָרימאַנסקע לויה,
און באַרג־אַרויף האָט זיך צעקרעכצט
די אַקס אין ראָד און ווי אין הארץ —
אוי, עפּעס שלעכטס, עפּעס שלעכטס
וועט ברענגען מיר דאָס נייע...
וואָלט וועמענס וואָרט מיט שאַרפען פרעג
מיין פרוכנעם דישעל דאַן צעזעגט —
אויף אַלע פיער וואָלט איך דאָך באַלד
געקראָכען מיט'ן וועג צוריק,
צו כאַפּען נאָך אַ לעצטען בליק
אויף דרימלענדיגע דעכער, איינגעטוליעטע אַזוי געדיכט
ביים ברעג פון שוואַרצען וואַלד.

אַ ליד האָט עמיץ זיך צעזונגען,
האָט עס ווי געוויין געקלונגען,
ווי טאַטענ'ס זיפץ און מאַמעס תפילה, צינדענדיג די ליכט — —

געשטאַנען דער בית-עולם אָפען —
אַ מויל מצבות, ווייסע ציינער — —
היט זיך, היט זיך! ס'האָט געטראָפען
אַז אין מיטנאַכט האָבען מתים
(גאָלע טאַנצענדיקע ביינער
אין תכריכים און טליתים)
פאַרפיהרט אַ וואָגלער אויף די קברים
און דאָרט פאַרענדיגט איהם זיין וועג!

פאַרגאַנגען זיינען לאַנגע טעג
און זונען-פרייד און שווערען שטורעם
זייט יענער נאַכט.
נאָר מיר דאַכט,
אַז קיין שום וועלטענס צויבער-פּראַכט
האָט אין זכרון ניט פאַרשטעמפעלט אַזאַ אייביג-
טיפען דרויער
ווי דער היימוויי און דער טרויער
נאָך מיין שטאָט אין יענער נאַכט.

און האָבען וויסטע, בייזע קראָען
אַ חורבן אויף מיין היים געבראַכט —
דאָרט לייכטען זיכער שטערען נאָך יעדען שטורעם
ווי אַ יאָהרצייט נאָך הייליגע שעה'ן,
געבאָרען לענגאוים ביי די איינזאַמע קברים
אין יענער נאַכט.

יעקב מעסטעל.

## זלאָטשאָוו, מיין היים

אָ, זלאָטשאָוו, דו, מיין היים, מיין שטאָט
מיט דיין קלויסטער-שפּיץ און שול און באָד.
און מיט דיינע זיצערקעס אויפ'ן מאַרק
און מיט דיינע אידעלאך, וואָס רייסען זיך אָפּ,
ווי הינט אויף דעם פויער, וואָס קומט אַראָפּ
מיט אַ קוישעל אייער פון סאָסנאָווער באַרג —
ווי דאָס לעבען אין פריהלינג וואַכט אויף אין מיר
מיין אָרעם ביסעל בענקשאַפט צו דיר, —
מיין היים, מיין זלאָטשאָוו.

נאָר אַז איך דערמאָן זיך, פאַרבענקטערהייט,
אָן דעם נגיד ראַפּאַפּאָרט, ווי ער גייט
מיט זיין גראָבען בויך אין שול אַריין,
און שאַיע הילעלס, דעם פרומאַק,
וואָס וואָלט, ווי אַ חזיר אין אַ זאַק,
פאַרקויפט אַפילו די זון מיט איר שיין —
איז דאָס גענוג עס זאָל אויסגיין אין מיר,
אַזוי ווי אַ ליכט, מיין בענקשאַפט צו דיר, —
מיין היים, מיין זלאָטשאָוו.

ווי דערציילט זיך די מעשה פון יענעם פראַנט:
ער האָט איינמאָל פאַרנאַכט, אַזוי לאַנג נאָכאַנאַנד,
געזעהן מלאכים אַרום דער זון,
ביז סע האָט איהם אַ שכור, אַ גוי מיט אַ האַק,
אַזאַ פאַרפאָהר געטאָן אונטער'ן פראַק,
אַז ר'איז נעבעך שיעור ניט געשטאָרבען דערפון —
דער גוי מיט דער האַק איז מיין שנאה אין מיר
צו מיין זיידען, און איהם צוליב, אויך צו דיר, —
מיין היים, מיין זלאָטשאָוו.

דיין ערד איז אַן עדות אַז איך טראַכט ניט אויס:
ווען מיין זיידע האָט מיין מאַמען פון הויז
אַרויסגעשטעלט מיט דער פאָליציי.
האָט מיין באָבע, אין דער ברייט מיט די פיס,
געשמייכעלט שיעור אַזוי האָניג-זיס,
ווי אַ שיקסע, וואָס שטעהט צווישען זעלנער צוויי —
אַז פאַרשאָלטען זאָל ווערען מיין שנאה אין מיר,
וואָס האָט מיך דערמאָנט אָן איהר און אָן דיר, —
מיין היים, מיין זלאָטשאָוו.

ווי אַ קופּקעלע נאַקעטע אידען אין באָד
אַרום אַ פאַרבריהטען, האָט מען אין ראָד
געשאָקעלט די קעפּ און די בערד זיך געגלעט,
אַרום די אַרויסגעוואָרפענע פּעק
און שמאַטעס און בעבעכעס אין זעק.
און אַרום דעם צעבראָכענעם שטיקעל בעט —
מיין מאַמע וויינט נאָך איצטער אין מיר,
ווי דעמאָלט אונטער דיין הימעל אין דיר. —
מיין היים, מיין זלאָטשאָוו.

נאָר וואונדערליך איז דאָך אונזער וועלט:
מיט אַ פערד און וואָגען איבער אַ פעלד
שלעפּט מען זיך אַרויס צו דער באַהן.
וואָס פליהט ווי אַ שד איבער פעלדער אַוועק,
ביז זי ברייגנט אויף אַ שיף מיט אַ צווישענדעק,
וואָס פיהרט אַריבער קיין ניו יאָרק דאַונטאַון —
איז דאָס טאַקע די איינציגע טרייסט כאָטש פאַר מיר,
וואָס מען וועט מיך ניט באַגראָבען אין דיר, —
מיין היים, מיין זלאָטשאָוו.

מ. ל. האַלפּערן.

## טאַלנע-מאָסקאַליווקע.

דער רבי רב דוד'ל איז געווען אין טאַלנע
און איצט איז ער אין ראַכמיסטריווקע;
איך בין ביי היינטיגען טאָג אין נעוויאָרק,
כאָטש שטאַמען שטאַם איך פון מאָסקאַליווקע.

עס איז אַ מהלך פון נעוויאָרק קיין טאַלנע
און פון מיר צום רבי'ן אַ שיינער להבדיל:
אַ שבת צונאַכטס, ווען איך טאַנץ אויף אַ באַל, זינגט
דער רבי מיט גרויס התלהבות המבדיל.

נאָר פונקט ווי ס'באַווייגען די מקורבים פון טאַלנע
דעם רבי'נס ארויספאָר קיין ראַכמיסטריווקע,
באַווייגען אַזוי אויך מיין נעוויאָרקער יאַזדע,
מיינע לייבליכע קרובים מכּפר מאַסקאַליוווקע.

און די בענקשאַפט פון קרובים און די בענקשאַפט
פון חסידים,
די טאַלנער בענקשאַפט ווי די מאַסקאַליוווקער —
גיט אַ עליה מיין פאַרשייט נעוויאָרקער לעבען,
גליקזעליגט דעם רבי'נס זיו בק"ק ראַכמיסטריווקע.

די טעזע איז איינפאַך: כאָטש ס'גלייכען זיך ניט
לפנים
דער רבי מיט מיר און איך מיט'ן רבי'ן,
האָבען ביידע פאַראורזאַכט מיט שינוי-המקום,
אַ בענקשאַפט און האָפנונג איין יסוד פון לעבען.

און ס'זיינען אַזוי נאָך אין זיסן צער פאַרבונדען
די פעדים צווישען נעוויאָרק — מאַסקאַליוווקע,
ווי ס'זיינען באַהעפט דער צאַרטער אומעט פון טאַלנע
מיט התפעלות'דיגען גייסט פון ראַכמיסטריווקע.

מיכל ליכט.

# טאַרנאָוו

(פראַגמענט)

עס שמעקט מיט זאַפראַן, נעגעלאַך און ענגלישען
געווערץ.
מיט זיסען צוקערוואַטע און שאַרפען קימעל,
מיט ריחות פון געוואַנדען און מיט ראָסט פון אייזען
און מיט דער קעלט פון לאַנגע שטאַבעם שטאָהל.
עס שמעקט מיט זעק און צוגעפוילטען שטרוי,
מיט קוישען, שאַכטלען און מיט קאַסטענס, וואָס
דערצעהלען
פון ווייטע שטעט און פרעמדע מענשען,
און מעהר פון אַלץ פון יענער שטאָט.
וואָס איז פאַר מיר דער טויער צו דער גרויסער
וועלט געווען,
מיין שענסטער קינדער-חלום — טאַרנאָוו.

דו ביזט ניט איבעריג גרויס און ניט איבעריג שעהן,
דו, ליבסטע מיינע פון די שטעט.
צווישען בערגער צוויי ביזטו צענויפגעדריקט,
ווי אַ ריזען-פויגעל מיט צוויי לאַנגע אויסגעשפּרייטע
און צוגעשפיצטע פליגעל,
איינער רעכטס און איינער לינקס.
נאָר גרויס ביזטו
מיט דעם שטאָלץ אין טראָט פון די סוחרים דיינע,
און גרויס ביזטו מיט דעם רעש פון טויזענטער,
וואָס קומען האַנדלען אין דיינע טויערען,
און גרעסער נאָך פון אַלץ
מיט דיין ברייטען אָטעם,
וואָס שפּרייט זיך ארוים אויף וועגען און הויכט
אָן לעבען
אין פערציג שטעט און דערפער הונדערטער אַרום.

און שיין ביזטו מיט דיינע טעכטער,
גאַליציענס שיינע טעכטער,
און מיט דעם בלויען גלאַנץ
איבער דיינע רויטע דעכער.
דאָך שענער נאָך
מיט דיינע גרינע פייערען, וואָס צינדען זיך אין רייהען,
אין די אויגען פון אַ אינגעל,
וואָס קוקט אויף דיר פון באַרג.
און שענער נאָך און גרעסער אין דעם ציטער
פון מיינע קינדערשע חלומות.

ראובן אייזלאַנד.

# טריסק

מיין בענקשאַפט האָט אַהינצו מיך געטריבען
און וואָס איז מיר פון דאָרט געבליבען? —
דאָס זעלבע שטעטעל און די זעלבע שטיבעלאַך,
די זעלבע וועגען שטויביגע מיט גריבלאַך,
דער זעלבער טשוואָק אין מיט פון אונזער סטעליע,
די זעלבע חתונה און אַלץ די אייגענע קאַפּעליע,
דער זעלבער מאַרק, נאָר היינט אַביסעל לעהרער,
דער זעלבער יצחק, נאָר ער האָט די קוה ניט מעהרער.

אברהם סטעלמאַך איז געשטאָרבען און זיין
זיהנדעל איציע
פאַרטעסעט מיט'ן זעלבען העקעל פאַר אַ וועגעלע
אַ שפּיציע.
די קלויסטערס סטאַרטשען מיט די צלמים צו
דעם הימעל
און דער בית-מדרש, איינגעהויקערט כאָפּט אַ דרימעל,
די קייטלאַך אויפ'ן מאַרק, ווי די קבצנים אום
חול מועד,
אויף גוי'איש געסעל שטייט אַ הונט און וואויעט,
אויף וואָס? אויף וועמען? קאָן זיין אויף זיך,
אויף זיינע יאָהרען
און אויף דעם שטעטעל, וואו גאָרניט איז דאָ
אַנדערש ניט געוואָרען.

אָ, טריסק! דעם אוריאַדניק, וואָס איז שווער
אויף דיר געריטען,
האָט היינט אַ וואָנצעלדיגער קאָמענדאַנט פאַרביטען.

ווי דענצמאָל קרעכצסטו אונטער האַנט, דער שווערער,
כאָטש דער מלמד הייסט ביי דיר הייגט אַ לעהרער.
אַ ריינער הימעל איבער דיר, נאָך אויפ'ן מארק
איז אַלץ אַ בלאָטע
ר' משה גרויסמאַן טראָגט נאָך אַלץ די אייגענע
קאַפּאָטע,
און אידען קרעכצען נאָך ביי דיר מיט די זעלבע
אָך'ן", — — —
די באָד איז אָן אַ דאַך, דער פּאַרקען פון בית-עולם
איז צעבראָכען.

אַ שטעטעל מיינס! — די גרויס, ווי פון אַ
נאָדעל-לעכעל
איך האָב אויף דיין בית-עולם אויפגעשטעלט אַ
צוימעל מיט אַ דעכעל
מיין טאַטענ'ס קבר צו באַשיינען, נאָר ווער-זשע
וועט די לעכער
פאַרריכטען איבער דיינע קוימענס און דיינע
שינדעלדיגע דעכער?
אַ שטעטעל פון בערגעלסאָנ'ס „נאָך אַלעמען",
דו לעבסט מיט הארען
אויף נסים בלויז און אויף אַמעריקאַנישע דאָלארען.
אַ גאַסט איז צו דיין שוועל פון ווייטען לאַנד געקומען
און גאָרנישט ניט געבראַכט און גאָרנישט ניט גענומען.

די בענקשאַפט, וואָס האָט מיך אַהין געטריבען
איז אויף צוריקוועגס אַלץ נאָך טיף פאַרבליבען.
צו וואָס-זשע בענק איך עס אַצינד, צו וועמען?
און אַז די מיידלאָך וויסען שוין זיך ווי די האָר
צו קעמען
איז אָך און ווי אַפילו, ווען דער טאַטע האָט דאָס
ביסעל גדן,
אין לופטען טראָגט זיך אַלץ דאָס אַלטע קול:
„ואני בבואי מפדן".
אוי טריסק! אוי שטעטעל מיינס! ביי דעם
באַגעגענען!
אוי מאַמע מיינע! שוועסטער מיינע! ביים
געזעגענען!

ז. ווײנפּער.

## צום טשעכאַנאָווער

(ר' אברהם לאַנדוי, 1785—1875)

איך בין ניט פריי — פון מיינע זיידעס
ציהט זיך נאָך מיר אַ לאַנגע קייט;
איך בין ניט פריי — מיין טראָט און קעהר איז
פון אויגען נאָהענטע שטרענג באַגלייט!
נאָכלעסיג, אָבער מיט אַ האַנט אַ פעסטער,
דיך שמיד איך ווייטער, אייזערנע קייט.

אָט נאָהענטסטען פיהלט מיין בלוט דיך,
טשעכאַנאָווער,
ווייל פונקט ווי דיר איז ס'לעבען מיר אַ פליכט,
וואָס יאָ צי ניט באהבה אָנגענומען,
דאָך אָבער פאַר דעם שיקזאַל'ס שטיינערנעם געזיכט
וועט ס'הארץ מיינס ניט קיין ציטער געבען,
ווייל פונקט ווי דו פיהל איך די הייליגקייט פון פליכט.

דאָ אין דער נעץ פון פליכטען און געזעצען,
אַ, וויפיל פרייהייט איז פאַראַן און פרייד!
און בלויז אַ שקלאַף קען מיינען, אַז אַן אָדלער
האַלט אין דער שטייג ניט זיינע אָרעמס
אויסגעשפרייט!
אַ, ר' אברהם טשעכאַנאָווער,
איך האַלט ווי דו די אָרעמס אויסגעשפרייט!

זישאַ לאַנדוי.

# טשעמעלאָף

עס הענגט אַ שבת'דיגער, פאַרנאַכטיגער אומעט
איבער'ן קליינעם פוילישען שטעטעלע טשעמעלאָף.
די גלות-שכינה האָט זיך דאָ אָפּגעשטעלט, —
קינדער האָבען אויפגעהערט זייער שפיל-געלאָף.

אהרון בעדער דאַווענט מנחה און ציהט די ווערטער,
איינטאָניג זינגט ער דעם מנחה'דיגען נוסח
פון אתה אחד, ושמך אחד, ומי כעמך ישראל! — — —
אַן עדה אידען כאַפּען אונטער די ווערטער מיד
און שוואַך.

מרה-שחורה-דיגע שאָטענס באַזעצען זיך אין
שוהל-הויף,
און מען גייט ביחידות אַהיים פראַווען שלש-סעודות;
עס בלייבען אַ מנין אידען אין ווינקעל ארום אַ טיש,
מ'עסט... מ'זינגט די שלש-סעודות'דיגע זמירות.

קינדער דערצעהלען זיך מעשיות פון גיהנום און גן-עדן,
און פון הימעל בליקט אריין דער מערב'דיגער
שטערען, —
טובל'ט זיך אין דער בלויקייט פון דער שטומער נאַכט.
די צייט ציהט זיך, אַן אייביגקייט, ווייל אויס ניט
ווערען...

ה. מ. קודלאָוויטש.

# לאַדזש

(מיין מאַמע)

מיין מאַמעס בלאָנדקייט האָט געלויכטען אין מיין
קינדיש קיניגרייך,
מיט וואַרעם-דינער אומרוה פון דעם לאַנד'ס
נערוועזע טעכטער.
איך האָב מיין ערשטען שלוק מיט לופט געשלונגען
ביי דעם ווייסעל-טייך,
און יענע לופט איז היפּש געמישט מיט פּיכע,
פּויליש-עכטער.

מיין מאַמעס היים-געבאָדענקייט, כ'געדענק זי
גוט. אין שטוב אין גאַס
געוואַרט אויף יענעמ'ס גרוס, אַנישט זיך אויפ'ן
אָרט באַליידיגט.
„איך קום ארוים פון תוספות יום-טוב און
גע'ירשנ'ט אויך זיין כעס" —
האָט זי דערנאָך זיך מיט שטיל-שעמעוודיגען
חן פאַרטיידיגט.

מיין עלטסטער ברודער וויגדער האָט דעם יחוס
ווינציג אָנערקענט,
און אָפט געלאַכט: „ווי טאַקע נאָר אַ פּיעטער-
קאָווסקע דאַמע!"
און כאָטש כ'האָב קוים פאַרשטאַנען, האָט אַ
אַ שטאָלץ זיך טיף אין מיר צעברענט,
און כאָטש כ'האָב מיטגעלאַכט, האָב איך געקוועלט
אין זיך — מיין מאַמע!

געבראַכט פיל קינדער. זיבען אויסגעהאָדעוועט
אין ענגער שטוב,
און זיך אין זייער שיינקייט אָדער חכמה היים
געשפּיגעלט.
געוואַרעמט האָפנונגען און יעדע האָפנונג —
— איהר לעבענס-קנופּ,
און יעדען קנופּ מיט טרעהרען אויף די קינדערס
קעפּ פאַרזיגעלט.

אַ אידישע משפּחה — זאָמען לויזע אויף דעם
ווינט צעזייט.
מיך האָט פאַרטראָגען ווייט. ניו יאָרק האָט קיין
געדולד צו בענקען.
נאָך ניינצען יאָהר האָב איך זי שיר געאירצט
נאָך ערשטען קוש און רייד,
כ'האָב זיך פאַרכאַפּט — נאָר קיינמאָל וועל איך
זיך איהר בליק ניט שענקען.
צו פינף-און-זעכציג האָט איהר אויג געשימערט
מילד און ריין,
און אין דער בלויער טיף האָט אַ באַדויער שטיל
געהויערט.
„ווען בין איך אַלט געוואָרען? אָסור צי איך וויים
און קאָן פאַרשטיין".
ווי זעכציג-פינף לבנות וואָלטען פּלוצלינג זיך
צעטרויערט.

„אז ווען האָב איך געלעבט? זאָג אהרן אפשר
ווייס מען דאָרט ביי'ן ענק?"
כ'האָב פוסטע טרייסט ניט אָנגעטאָן אין ווערטער
צי געדאַנקען.
אַ צערטליכקייט האָט אויפגעקוואַלט פון
טיפעניש, די קעל פאַרענגט —
די ליבשאַפט האָט געשטיקט, ווי קוק פון נאָהנטען
טויטלאַך-קראַנקען. —

זי האָט נאָך דאַן געטראָגען גראַד און גרינג איהר
גוט-געשניצטען קאָפּ,
און לייכט איהר טראָט — די לאָדזשער גאַס
געשניטען פלינק, בראַוואַדיש,
נאָר נאָך צוויי יאָהר האָט מיט געצוקטען כתב
און ציטערדיגען טראָפּ
מיין טאַטע מיר געשריבען: זוהן, פאַרגעס ניט
זאָגען קדיש.

א. לעיעלעס.

# לאָדזשער קוימענס

די גאַרגעלדיגע קוימענס קוקען גדלות'דיג אַראָפּ
אויף שמאָלע הינקענדיגע געסלאַך-קאַליקעס,
אויף הויקערדיגע הייזלאַך — פאַרקאָפּטשעט און
פאַרפּראָפּט,
אויף שייבלאַך פאַרשטעלט מיט ברודנע שאַליקעס.

איך האָב אַלס קינד געשראָקען זיך פאַר הויכע
קוימענס פון פאַבריקען,
וואָס האָבען אויף מיר געדראָהט פון לאָדזשער הויפען,
ווי שיקעל-אויגיקע קאָזאַקען מיט האָצקעדיגע פּיקעס,
פון וועלכע מיר פלעגען זיך ווי מייזלאַך צעלויפען.

שטייען איצט פאַבריקען קרישעלדיג ווי מומיעס.
פון די בלודנע פענצטער פינצטערט פחד-הונגער.
שטאָלענע קאַפּעליע פון מאַשינען שטום איז,
גריזשענדיגע נויט האָט וועבשטוהל אָפּגעדונגען.

און די הויכע קוימענס, אָט-די לאַנגע דראָנגען,
גאַפּען סטאַם, ווי אָפּגעריסענע נאַרען.
כ'וואָלט די גאָרגלען די פאַרריסטע איצט באַהאָנגען
מיט אַ סטענגע שפּולען שוואַרצע גאַרען.

י. א. ראָנטש.

# ליטע

.1

ליטע, מיין שטויביגע וויגעל,
ליטע, מיין אָרימע לאַנד;
שיטערע, נאַקעטע וועלדלאַך, —
פעלדער, פאַרטראָגען מיט זאַמד.

אָרים אין בוימער, און בלומען, —
ביזטו מיט לאַנגווײלע רייך.
גרילצט אין די קאָרען דער היישעריק,
קוואַקען די זשאַבעס אין טייך.

ליטע, מיין שטויביגע וויגעל,
ס'נעמט מיך אויף דיר אַ פאַרדראָס:
שילטען, — ווי טאָר מען, אַ מאַמען?
בענשען — ניטאָ דיך פאַרוואָס...

.2

נעם איך זיך מיין היים דערמאָנען,
שווימען מיר אַרויס אַנטקעגען:
פלאַכע פעלדער, זאַמד-באַדעקטע,
געלע, שלעפּערדיגע וועגען.

פלאַכע פעלדער, פלאַכע בערגלאַך,
אָנגעוואָרפענע באַזונדער.
הינטער יעדען בערגעל זוכען
פלעג אומזיסט איך מעשה-וואונדער.

פלעג אומזיסט אין יעדען וועלדעל
וועלען האָרענס שאַלען הערען,
און אין יעדער לוזשע זוכען
די לבנה און די שטערען.

פלאַכע פעלדער, צו פרי האָט איהר
זיך געלאָזט צו מיר דערקאָנען;
ווערט מיר פוסט אין האַרצען — האָב איך
גאָרניט וואָס זיך צו דערמאָנען...

יוסף ראָלניק.

# ליפּקאַן, מיין היים

א.

ווער ווייסט צי וועל איך נאָך אַמאָל באַטרעטען
דיין ערד, אַ בעסאַראַביע, מיין היים.
כאָטש דאָ ביי אונז, אין רייכען לאַנד און פעטען —
געדענק איך דיינע שטיבעלאַך פון ליים.

כ'געדענק דיין שבת-יום-טוב, די באַטאָגען,
די פאָרלאַך הינטער שטאָט אויף אַ שפּאַציר:
וואו טרויער פון דער וואָך ברענגט מען צעטראָגען,
ווייל ס'עפענט ניט דאָס האַרץ — דורך דער וואָך —
די טיהר.

געדענק איך דיינע לויטערע פאַרנאַכטען,
די טשערעדע, די „דוינע" פון טשובאַן",
און פיינליך ווערט אַמאָהל פון דיר צו טראַכטען —
דו פינטעלע, דו ליכטיגס, מיין ליפּקאַן.

ווער ווייסט צי ס'וועט נאָך ווען אַמאָהל באַטרעטען
מיין פוס, אַ בעסאַראַביע, דיין ערד:
כ'נעם אָבער אָן ביז לעצטען האַרבסט-טאָג שפּעטען —
מיין גורל, וואָס איז מיר אַ דאָ באַשערט.

באַשערט איז מיר אַ דאָ אין פרעמד פאַרשייטער,
צו בלאָנקען וויט פון דיר אין נויט און זאָרג,
און שיקען זאָל איך גרוסען דיר פון ווייטען —
מיינע לידער פון דעם כרך ניו יאָרק.

ב.

פאַרגיב מיר, היים, וואָס כ'האָב דיך ניט באַזונגען,
דו ווינקעל — וואו מיין וויגעל איז געשטאַנען:
דיין ערד האָט שוין מיין טאַטען לאַנג פאַרשלונגען —
און האַלסט ביי זיך אַלס משכון נאָך מיין מאַמען.

אויך זי וועט דאָרט איהר לעצטע רוה געפינען,
און הייליגער וועט נאָך דיין ערד מיר ווערען.
נאָר איך וועל דאָ ביז לעצטען אָטעם שפּינען —
מיין שטאָטיג ליד און אייביג דיר געהערען.

אָפט גייט אין מיר אַ בענקשאַפט אויף מיט וואונדען,
אַ בענקשאַפט ווי נאָך אַ ליב-פאַרלוירענער
באַקאַנטשאַפט.
ס'האָט אייגען אונז די ערד אַזוי פאַרבונדען —
אַז ס'וועט אייביג בלוטיג זיין אונזער פאַרוואַנדשאַפט.

צעשיידטע אָבער וועלען מיר שוין בלייבען.
ניט איך וויל און ניט איך קען מיין גורל מיידען.
און ווען איך וועל דאָס לעצטע ליד אָנשרייבען —
אָ קום מיין האַרבסט, מיין קאָפּ איז גרייט פאַר
שניידען.
דעם לעצטען אָטעם אויסהויכען אין לידער.
מיט נייער ערד אַ נייעם בונד דאָ שליסען:
און ס'איז באַשערט מיר דאָ, ס'זאָל מיך די
פייכטע נידער —
מיט רידלען ערד, צום לעצטען מאָל, באַגריסען.

אליעזר גרינבערג.

# אַ גרוס

אַ גרוס צו דיר, מיין שטעטעלע,
אין מאָהילעווער גובערניע!
אַ גרוס אייך קליינע שטיבעלאך,
צעוואָרפענע אין טאָל!

איך ווייס, דו האָסט געענדערט זיך,
די צייטען זיינען אַנדערע...
דאָך ליב ביזט דו און טייער מיר,
מיין שטעטעל פון אַמאָל!

די צייט איז איצט אַ שטורמישע...
און בוימער אַלטע קראַכען איצט,
און ווינטען נייע האָבען זיך
איצט אויף דער וועלט צושפּילט.

נאָר קלערער פיל און ליכטיגער,
און שענער נאָך און לויטערער
שטייט אויף פאַר מיינע אויגען איצט
דאָס וואונדערליכע בילד.

אָ, בילדער שיינע, ליכטיגע,
און לעבענס שטילע, ערליכע,
און פרומע אַלטע אידישע
ישובים פון אַמאָל!...

שוין יאָהרען לאַנגע וואַנדער איך
דורך לענדער און מדבריות,
און זוך צוריק דעם וועג צו דיר,
מיין שטעטעלע אין טאָל!...

נחום יוד.

# מאַלינעץ

מאַלינעץ, מאַלינעץ, מיין היים אין בעסאַראַביע,
שטיל באַשיידען שטייסטו דאָרטען אונטער'ן וואַלד,
געווען ביזטו מיר אַ היים אַ ליבע
נאָר דער בייזער שיקזאַל האָט אונז צעשיידט.

ניט נאָר איינמאָל האָב איך אין דיינע וואַסערען
תהום'עז
פאַרטרויט מיין טיפען צער, מיין זוניג פרייד.
קראַנצען געפלאָכטען האָב איך פון גאָלדענע טרוימען
ניט געזעהן דעם טרויער וואָס אין לעבען מיך
ערוואַרט.

זכרונות טויכען אויף, ווי בלומען ערשט צובליהטע
אַ בענקשאַפט אין האַרצען אַזוי נאָגט
נאָך די טאָהלען, בערג, נאָך שליאַך ביי דער מיהל,
נאָך דעם שראַנק ספרים אין דער אַלטער שוהל.

אוי, מאַלינעץ, מאַלינעץ, מיין ליבע היים פון אַמאָל,
דערצעהלען פאַר דיר וואָלט איך וועלען מיין וויי,
געקושט וואָלט איך דעם זוים פון דיין קלייד
מיט ליבע אין האַרצען אָפּגעשעצט דיין ווערט.

מענדעל אַקערמאַן.

# מיין צוריקקער קיין מאָלינעץ.

כ'וועל זיך אומקערן פון ווייטער וועלט,
צוריק אַהיים אַן אָפּגעגאַרטער און אַ מידער;
מיט געלע שיך — און צעריסן האַרץ
און אַ רענצל מיט געדרוקטע לידער.

כ'וועל אַרונטערפאָרן פון וואָקזאַל
אויף אַ דראָזשקע מיט די שענסטע טראָלדן,
אַז כ'האָב אַהיים געבראַכט אַן אוצר געלט,
וועלן מיינען די קליינשטעטעלדיקע יאָלדן.

איך וועל טראָגן רינגלאַך אויף די הענט
און אַ זייגער מיט אַ גראָבן קייטל.
(אָ, ווען נישט איר, „אינגערסאָל” און „וואָלוואָרט”,
מיט וואָס וואָלט איך אָפּגענאַרט מיין שטעטל!).

ס'וועלן צו מיר אָנהויבן צו גיין
שדכנים — ליגנער — מיט די רייכסטע כלות.
אָ, נאַראָנים איינע, ווען איר ווייסט,
ווי ביי מיר אין רענצל סוויסטשעט עס דער דלות!

איך וועל קיינעם נישט דערציילען אינדערהיים
(א חוץ די הינט און די חזרים),
ווי מ'האָט מיך באַליידיקט אויף דער גרויסער וועלט:
שונאים און א סך מאָל כלומרשטע חברים.

איך וועל צופאַלן צו יעדן פלויט
און וועל אויסקושן אַ יעדעם ריטל. —
צווישן ציניקער כ'בין געווען אזוי פיל יאָר
און כ'האָב אָנגעזאַפּט אין זיך אזוי פיל ביטול.

נאָר אַרויסגיין וועל איך אויף דער גאָס
מיט געמאַכטער גאוה און וועל קיינעם נישט באַגריסן.
אַז כ'האָב געבענקט נאָך זיי אזוי פיל יאָר,
דאָס וועל איך און גאָט נאָר וויסן...

העניך אַקערמאַן.

# מאַלקין

איך זיץ ביי דער מאַשין
און טראַכט גאָר פון לידער
אַמאָל דוכט זיך מיר אוים
אַז איך בין ווידער — אין מאַלקין.

איך שטיי ביים וואָקזאַל — אַ באָרוועסער אינגעל,
און וואַרט אויף אַ באַהן, וואָס דאַרף באַלד אָניאָגען.
פּאַסאַזשירען פאָהרען אַרונטער פון וואַרשע,
איז דאָ אַמאָל אַ פּעקעל אונטערצוטראָגען.

קריג איך אַ מאַרק, אַמאָל צוויי,
און לויף מיט פרייד אַהיים צו דער מאַמען.
קויפט מען שוואַרץ ברויט און מען קאָכט אויף טיי,
עסען מיר וועטשערע אַלע צוזאַמען.

זעליג דאָרפמאַן.

## מאַקאַראָוו

(אויסצוג פון אַ בריוו: יאַנקעל דעם שמידס
זון פאַררייכט איצט דעם טראַקטאָר, ער איז אויך
דער ריכטער פון דאָרף...)

איך האָב געקאָנט דעם טאַטען זיינעם, דעם
שטאַרקסטען שמיד אין שטאָט,
פויערים בייזוויליגע, האָבען געציטערט פאַר זיין טראָט,
און אידען, העלדען זיידענע, פון מזרח־וואַנט, אין קלויז,
זיי האָבען זיך באַרימט און געהאַלטען מיט איהם
גרויס.
אַ שלאַנקער, אין זיין קוזניע דאָרט, שוין יאָהרען
לאַנג ער שטייט,
די קלאַנגען פון דער קאָוואַדלע, זיי פאַרהילכען
ווייט און ברייט;
און ברעכט אויס אַ געשלעג אין מאַרק, און אידען
שרייען געוואַלד!
קומט יאַנקעל שמיד צולויפען, און אַלץ ווערט
דאָרט רוהיג באַלד.
דער זוהן זיינער, אַ שנעק נאָך דאַן, אַ יאַט פון
אַ יאָהר אַכט,
פלעגט קומען מיט'ן טאַטען גלייך, און גרייט צו
גיין אין שלאַכט!
איך, פון וועג פאַרבלאָנדזשעטער, פאַרוואָרפען
ערגעץ ווייט,
פלעג הערען נייעס פאַרשידענע, אַ גרוס פון צייט
צו צייט:
פון טעג און נעכט אומרוהיגע, פעטליוראַ און
קאָלטשאַק,
און פון הימנען רויט־אַרמייאיגע און פוליעמיאָטען־
קנאַק...
פון שטעטעל איבערוואַנדערונג, פון ערד און פעלד
און ווייץ...
פון טראַקטאָרען, פון אויפקום און פון אויפבוי
פול מיט רייץ —
און איבעראַל, און אומעטום — אין יעדען גרוס
באַזונדער,
איין נאָמען לעגענדאַריש קלינגט, שיעור ניט ווי
אַ וואונדער,
און בראַוו און מוטיג איז דער יונג, און ווערט
גאָר קיינמאָל מיד,
דער שנעק, דער יאַט אַמאָליגער, דער זוהן פון
יאַנקעל שמיד.

אָ. יאָ, —
איך האָב געקאָנט דעם טאַטען זיינעם, און אַ צווייג
פון אַזאַ שטאַם,
איז טויזענט מאָל מעהר ריטמיש פון דיכטערישען
גראַם...

פיין־טווערסקי.

## מינסק—בראָדוועי

די פייערען די פלאַטערדיגע פון בראָדוויי,
עס הענגט פאַרלענדט די לבנה הינטער זיי,
עס הענגט מיט איהר די שטילקייט אויף אַ הויכען דאַך,
אוןביידע קוקען פרעמדע אויפ'ן פייער־שליאַך.

איך גיי פאַר'חלומ'ט צווישען טעניץ פון פלאַמען־ווענט,
פון כוואַליעס ליכטער און געזיכטער דורכגעבלענדט,
און אַלטע בענקשאַפטען, ווי שאָטענס, פאַלען צו
און טראָגען שאָטענדיג אַוועק מיך ווייט אוואו.

ווייט־ווייט אין מיין געבורט־שטאָט גייט די נאַכט
איצט אום
אין בלויער גלוטיגקייט, אַ פראָסט־געשמידטע שטום,
און גאָלדיג די לבנה, גרוים אַזוי און פול,
קוקט טרויעריג אַרונטער אויף דער אַלטער שוהל.

אין מיטען שוהל־הויף שטייט די אַלטע, קאַלטע שוהל,
אין טרוים אין גאָלדענעם פאַרהילט ווי אין אַ טיול,
פון אויבען הימעל־בלויקייט, רחבות אָן אַן ענד,
פון אונטען בלויער שניי־שיין בליצט אַזוי און בלענדט.

די ווייסע, ווייטע קינדהייט וויהט אַ וויל מיר וואו —
איך פיל אַ פריידיגע, אַ טיפע זעלען־רוה,
אַ קינדער־גליק באַפאַלט אַן אויגענבליק מיך שטום,
אין מיטען פייער־פלאַטער פון בראָדוויי אַרום.

א. ליעסין.

## מעזריטש—אין אַ בלוטיגען יום־כפור

גאָט האָט זיך באַהאַלטען אויפ'ן הימעל איבער'ן
שטאָטישען וואַלד —
הינטער אַ רויט פאַרגייענדיגער זון...
אידען מיט אָפגעשניטענע בערד דעקען אין טליתים
זיך איין.
דורך די טונקעלע פענצטער פון בית־מדרש
גיסט זיך דאָס יום־טוב'דיג ליכט איבער אָונטיגע
גאַסען.
זעלנער מיט הילצערנע פיס איילען צו כל־נדרי.
יונגע פרויען אין יום־טוב'דיגע קליידער
שטייען געבויגענע ביי ליכט און וויינען פאַר גאָט.

גאָט האָט פאַרכטיג געמאַכט די נאַכט
אָפגעווישט פון דער ערד דאָס בלוט
און צעהאָנגען אַ בלויען הימעל, —
אַ גרויסע לבנה צו באַלייכטען די ערד.

מאיר סעגאַל.

## נאַראַיעוו
(משה נאַדיר'ן)

... און דיין בענקען נאָך די זיבען יאַטקעס
פון שטאָט נאַראַיעוו אין סאַמע מיטען מאַרק,
טרויער איך מיט — מיט דיר, דיין טרויער
און טרינק לחיים דעם אַלטען מאַרק.

רייסט זיך אַפּ ביי מיר דאָס בענקען —
ווי ס'רייסט אַ הונט זיך אַפּ פון קייט;
רייב איך די אויגען, הייב אַן געדענקען —
ווערען קינדער־יאָהר אויפסניי צעבליהט, אויפסניי באַנייט.

דערמאַן זיך אין דעם איינגעהויקערטען שטעטעל
וואַרעשעצע, דער טייך — אַרום — די גרינע פּאַשע,
„שבת שירה" פון שוועלבלאַך דאָס זינגען,
מיר קינדער טיילען זיי מילך מיט זערנע קאַשע.

קלמן הייזלער.

## א גוטען טאָג, נאַראַיעוו

אָ, קום צו מיר, נאַראַיעוו, שוין צום לעצטען מאָל;
די באַדיג־בלום איז ראָז, די ריקע אַנגעשוואָלען
גרוי ווי שטאָל,
דער באַרג: טויזענט־און־איין־טאָג פון ווייסען ליים —
אָ, קום צו מיר צום לעצטען מאָל,
מיין היים —
און לאָז אַ קוש טאָן שטאַרק דיין דאַרע שוועל,
ווי מיין פּנים איינגעקאַרבט און געל.

לאַמטערען פאַר דער קלויז, שטיינבאַנק ביי פּאַרלאַג,
פון יעדען קרומען סלופּ מיין יוגענט גיט אַ שלאָג.
ברענגט נגיד־גרוסען פון יאָרע נײַנצען־איינס.
די האָפּען־שטענגעלאַך קלינגען ריין און שיין
און איך בין אין דער ווייטער וועלט אַליין,
אוי דו,
אוי דו,
נאַראַיעוועל, מיין היים.

פון שוואַרצע ליולקעלאַך אויף ווייסע בערד
שפּריצען פינקעלאַך מיט וועלט און וויים,
ס'האָט אַפּגעריטען אויף אַ קייסער־פערד
מיט טשאַקע אויפ'ן קאָפּ, מיט שווערד ביי לינקער זייט
די גאָלדענע, די שיינע צייט!
און איך אַליין בין קליין דאָ אויף דער גרויסער ערד,
ווי דו ביזט גרוים, נאַראַיעוועל, מייך טרעהר.

דער שטילער רויך פון קוימענעס געליבטע,
די גרויע בלעטער — אַטלעס פאַר'ן טראַט,
און איך פון וואַנדערען אַן איינגעמידטער,
בין מיד פון מענש און גאָט;
בין מיד און מאַט
פון צייט־און־בלוט־פאַרגאָס —
נאַראַיעוועל, צו דיר מיין לעצטען כוס!

איעדער צייט פון יאָהר צווייטעט אין געדאַנק מיר:
דיין ווינטער — הויל קרישטאָל, דיין זומער —
עמעראַלד;
צום לעצטען מאָל, אָ קום צו מיר, נאַראַיעוו,
איך גיי צו דיר מיט קליינע טריט, כ'בין שוין אַלט.
עלטער ווי די וואָרצלען אין דיין וואַלד —
נאַראַיעוועל מיין קוואַל פון גאָלד און גאַל!

משה נאַדיר.

## ניעזשין

ניעזשינער שליאַבען און שליאַכטעס,
אוגערקעס, ווערבעס און שטרוי.
איבער די כאַלעוועס בלאַטעס,
איבער די סטריכעס דער שניי.

בעטלער אין מאַרק מיט באַנדורעס,
קומען מיט מאַגערע פערד,
קיילער, חזירים, באַנטורעס,
מעקלער מיט קאַלטענע בערד.

איבער די פוטערנע היטלען —
הימעל, די בלוי ווי דער ים;
וואָלקענדלאַך ווייסע אין קיטלען,
זון מיט איהר פייער אין קאַם.

און מיט זיין גנב'ישען קעפּעל,
באַרוועס, אַ הינטעל פון קייט,
קריכט מאַני לייבעל נאָך עפּעל,
איבער אַ פּריצ'ישען פּלויט.

און אַז די נאַכט איז צעשטערענט,
פול מיט געזאַנג און געוויין —
האָרכט מאַני לייבעל און לערענט
וויינען און זינגען אַליין.

מאַני לייב.

## סאַלאַנט

אָט, הער איך ווידער דיין היימיש לידעלע
אָט, זעה איך ווידער: דעם עירוב, דעם צוים —
ביזטו דאָס טאַקע, מיין ליטוויש שטעטעלע?
אָדער זעה איך דיך אין טרוים?

אָט שטייט דאָס שוהלעכעל, נאָהענט לעבען
גראָבען דאָרט.

פענצטער צעבראָכענע, קרומענקע ווענט —
שטיבעלאך־קברים׳לאך, דעכעלאך געזונקענע. —
ווידער האָב איך אייך דערקענט!

זאָג מיר, וואו זיינען איצט מיינע חברים׳לאך?
לעבען זיי, וואַנדלען זיי, זיינען זיי טויט?
זינג פון דעם וויגעלע, זינג פון דעם ציגעלע,
זינג פון דער אידישער נויט!

ס׳ציהט זיך אַ לידעלע אַ מעלאַנכאָלישע,
טרערלאך הייסענקע פליסען אָן שיעור;
און פיל ערינערונגען קינדערשע, הערליכע,
לעבען אין האַרץ אויף ביי מיר.

יוסף יפה.

# סאָראָקי—ביים דניעסטער

קליין שטעטעלע מיינס,
ביי די ברעגען פון דניעסטער,
פאַרכאַלעשטע פראַכט
ביי די גערטנער פון רויטער אוקראַינע,
ס׳האָט דיין מאַמישער יעכץ
ביז ניו יאָרק דערטראָגען
דעם בלוטיגען רוף
פון פינף קינדערלאך דיינע.

אָ, קליין שטעטעלע מיינס,
ביי די ברעגען פון דניעסטער,
לאַנד מיינס פון פעלדער,
פון בעזענע סעדער אין גרין,
כ׳וועל איצט זינגען אַ ליד
פון בלוט און פון צאָרן
און שענקען אַ לויב
דיינע העלדישע זין.

דוד סעלצער.

# סווינציאַן

מיין אָרימע, ליטווישע ערד —
פון סווינציאַן, מיכאַלישעק און סווינציאַנקע,
מיט לידער פון בעטלער, ציגיינער און פייגעל,
איז קיין מאַרצעפּאַנעס קיינמאָל ניט געווען באַשערט.
די זאַפטיגסטע סעדער,
האָבען ניט גע׳שיכור׳ט מיט וויינטרויבען.
דער באָב, די ציבעלעס און דער האָבער,
האָבען ניט געהאַט פאַרוואָס גאָט צו לויבען.

„מענדעלעס קליאַטשע" אין בלאָטע געזונקען,
האָט דאָ געשלעפּט די דערטרונקענע רעדער
און מיט אַ צעביטשטער פעל געהונקען —
דורך פּאַסיקעס אויסגעהאַקטע, דורך שיטערע פעלדער;
איהר האָט געגריסט:
ווען־ניט־ווען,
אַ פלעדערמויז אין איינזאַמען פליהען —
און די פאַסטעכדיגע וויסט,
מיט ווילדע שוומלאך אין גיפטיגען בליהען.

מיין אָרימע, ליטווישע ערד —
פון סווינציאַן, מיכאַלישעק און סווינציאַנקע,
איז ניט מיט קאָרן, ניט מיט בולבעס פאַרזייט,
נאָר מיט קראָפּיווע מיט פאַדלע און מיט ווערים —
אַ זון אַ קראַנקע,
טריקענט די טויטע געדערים,
פון קינדער, פון זעלנער און פון פערד.

מעינקע קאַץ.

(פון בוך „ברענענדיק שטעטל", 1938.)

# פּאָדאָלער דאָרף

די אלול־טעג — פלאַקסיווע, כמאַרנע האָבען
אָנגעהויבען רוקען זיך צום דאָרף.
די דאָרפסלייט נעמען טראַכטען וועגען
איבערקלייבען זיך אין שטאָט:
ביז איבער די יום־טובים זיך דערנעהענטערען
צו אידען און צו גאָט!

די ווייבער לופטערען דאָס בעטגעוואַנט,
די יום־טוב׳דיגע קליידער און דאָס גרעט.
אויף פריזבעס ליגען אָפענע מחזורים, און דער ווינט
מיט קאַלטע פינגער מישט די בלעטער — טוכלע,
שטויביג און פאַרגעלט —
ער מישט מיט פרומען ערנסט, ווי ער וואָלט געזאָגט:
— נו, אדרבה, אָט לאָמיר זעהן צי פעהלט ניט
עפּעס... אפשר טאַקע פעהלט?!

דער בלאָנדער ליפּע האָט גענומען לערנען מיט די
קינדער ווינציגער פון טאָג צו טאָג:
סוף זמן... שוין שפּעט... גיי כאַפּ דעם טאָג, דעם
נעכטיגען? נו, כאַפּ איהם, גיי דעריאָג!...
פאַרפאַלען סיי ווי סיי:
די איינגלאַך וועלען זיין געראָטען אין די טאַטעס —
שווער, מגושמ׳דיג, פאַרגרעבט.
די מיידלאך, ווי די מאַמעס זייערע —
שווערלייביג, שעמעוודיג
און אונטערטעניג, ווי די קי, וואָס האָבען זיך
כסדר, יאָהר נאָך יאָהר, געקעלבט...

ה. ראָזענבלאַט.

## פ ו י ל ע ן

**מיין פוילישע לאַנד געדענק איך לאַנג,**
**עס טוט מיר אַלץ נאָך אָפּטמאָל באַנג,**
**וואָס כ'בין פון דאָרט אַוועק צו פרי,**
**אויף ווייטער ערד צו זוכען מיה,**
**אין פרעמד צו גאַרען רוה און ראַנג.**

**עס זעהט אוים אָן צוזאַמענהאַנג**
**אין ווייטען לאַנד דער אונטערגאַנג,**
**דאָך בינדען פעדים פון דאָ הי**
**מיין פויליש לאַנד.**

**עס ברענט נאָך אַלץ אין מיר אַ דראַנג,**
**וואָס דריקט מיך אָפּטמאָל ווי אַ צוואַנג,**
**צו גליהען מיט דעם ערשטען גליה,**
**באַזינגען, איך באַגרייף ניט ווי,**
**און ווידמען מיין באַפרייט געזאַנג**
**מיין פויליש לאַנד.**

מאַרק שווייד.

(פון זאַמלבוך „פוילישע אידען", צווייטער יאָהר-בוך, 1934.)

## פ ו י ל ע ן

קאָנסקאָוואָליע, מזליבאָזשעץ, קאָזשניצע,
ליעוורטאָוו, פולאַווע און בעכעווע,
גליסק, פיוסק און שאַבעשין —
נעמען פון פוילען'ס שטעט, ווייסט דער טייוועל
פאַרוואָס.
שווימען נאָך אום ווי מרחץ-בלעטלאַך אין מיין זכרון.

ווען איך בין געווען אַ קליינער פעמפיק,
האָב איך געוואוסט אַז אַ נסיעה אַהין,
שמעקט מיט אַ בויד, אַ פוהר, אָדער אַ
סקריפענדיגען וואָגען,
וואו עס פאָהרען שטענדיג וואַרימע דינסטמיידען
אויף דינסט.
איך האָב געזען אַלע שטעטלאַך ווי אידישע מלוכות,
וואו יום-כפור לייגט אַוועק אַ שרעק,
אפילו איבער די גויאישע כאַלופעס,
וואו עס הענגען צלמים
פאַר אַ שמירה קעגען אידישען גאָט.

איך וואָלט אַוועקגעגעבען גאַנצע מאַיאָנטקעס
מיט אָרימקייט
איך זאָל אַצינדער נאָך דעם בענקען.

יעקב גלאַטשטיין.

## פ י נ ס ק

פינסק, מיין שטעטעל,
מיין אייביגער טרוים;
איך ליב דיך, איך בענק נאָך דיר
עד היום.

דיין אָזערע, דיין פינע,
מיט די לאָדקעס ביינאַכט,
וואו גערוהט האָט אויף אונז די שכינה
ווען מיר האָבען זיך געשיפט און געלאַכט.

דיין נאַבערעזשנע, דיין גרויסע גאַס,
וואו ס'האָט הילכיג פאַרבראַכט
דיין שפּאַצירענדע יוגענט
ביז שפּעט אין דער נאַכט.

דיין ליעשטשער וואַלד,
וואו מיר פלעגען מיט לוסטיגקייט
ווערען באַנייט
ווען מיר פלעגען פון חדר ווערען באַפרייט.

זאַפּאָליע — האַלעווע —
אַ גן-עדן אַ פראַכט,
וואו די יוגענט, ווי איהר טבע,
האָט זיך פרייליך געמאַכט.

דיינע ליניששעם פול בלאָטע —
ווי האָבען דאָרט מענשען געלעבט?
אָרימקייט און סוכאָטע
האָבען איבער די גאַסען געשוועבט.

ווינציג גליקען אויף דיינע פאַבריקען —
האָבען אַרבעטער געמאַכט.
פאַר די לוריעס
געשקלאַפט און געשמאַכט.

צום קאַמף העלדיש
איז זיין יוגענט געגאַנגען אין שפּאַן,
אַרונטערצוואַרפען
ניקאָלאַי דעם טיראַן.

אידען קלוגע, אידען פרומע
זיינען אין פינסק אַ סך געווען,
די שיינקייט פון אונזער אומה
האָט מען דאָרטען געזעהן.

פינסק מיין שטעטעל —
אָך-און-וויי איז מיר,
וואָס די מלחמה און די פּאָליאַקען
האָבען געמאַכט פון דיר!

דיינע זיבען-און-דרייסיג קדושים
ביי דער וואַנט פון מאָנאַסטיר...
אַ וואונד אין האַרצען אויף אייביג
האָבען געלאָזען אין מיר.

פינסק, מיין שטעטעל,
מיין אייביגער טרוים;
איך ליב דיך, איך בענק נאָך דיר
עד היום!

מאָריס אייזענבערג-בראָדסקי

# פּעטריקאָוו

מײַן שטעטעל פּעטריקאָוו איז גאַנץ אין אַלע פיר סעזאָנען:
אין פריהלינג שפּיגלען איהרע טייכען אָפּ די זיבען הימלען,
זומער זיינען סעדער און גערטנער צעבליהט מיט זעט,
הארבסט—איין גרויע כמאַרע, ווינטער—אַ
מעשה'לע אין דרימלען...

איך זעה ר' עליע מיט זיין ווייסער, פלאַטערנדיגער באָרד,
און סוקעוואַטען, ברוינעם שטעקען אין זיין האַנט;
ער גייט טאָג־איין, טאָג־אויס אויף פּאָסט
נאָך בריוו פון זיין מיזיניק אינם ווייטען לאַנד.

אינמיטען טאָג רייסט אויף די שטילקייט אַרום קלויסטער גאַס:
ס'איילט אַרויס אַ שייגעץ מיט זיין בלאָנדער גריווע,
מיט אַ לייווענטענעם זאַק פאַרצויגען איבער'ן קאַרק
און ווי אַ גוטער שליח — טיילט ער יעדען
איינעם בריוו.

דער טאַטע זעצט זיך אַרום טיש דעם ברייטען,
מיט התמדה לייענט ער דאָס בריוועל אות־באות.
די מאַמע מיט נייגער — פלאַטערט ווי דאָס
בייגעלע פּאַפּיר
און גאַנצער ווערט איהר פרייד — פולער ווי אַ כוס...

אַנאַ זארעצקי.

# אויף די וועגען פון פּשיטיק

אויף די וועגען פון פּשיטיק
ציהט זיך אַ שוואַרצע לויה.
אידען טאָפּטשען אין דער בלאָטיגער ערד,
די גרויע בערד אין ווינט ווײנען, ווייהען.
טיף אין גאַרטלען ליגט דער טרויער באַהאַלטען.
און איבער זיי קראָהען שפּאַלטען
דעם הימעל מיט זייער הונגעריגען געשריי.

און יתומים, באָרוועסע,
מיט קעלט־געשוואָלענע פיס,
קנעטען דאָס הארבסטיגקייט מיט זייערע טריט.
דער רוף פון ווײ
שפּאַרט פון יעדען גליד,
פון שטאָם, פון צווייגען.

גייען אידען פאַרזונקענע אין שווייגען,
דער ווינט קעמט בלעטערדיג די בערד.
פאַלעם ווייהען — שוואַרצע פעהנער,
און ווייבער פאַרצערט,

מיט פּנים'ער פון ערד,
קומען און דערציילען פון טויט,
וואָס האָט זיך אויסגעשפּרייט
איבער שטאָט, פעלד און בייט.

ביי דער זייט פון וועג,
אַ בוים — אַלט און דאַר,
האָט אויסגעשטרעקט די צווייגען־הענט,
קוקט נאָך שטאַר
דעם שוואַרצען אָרון, די טרויעריגע עדה —
אַזוי האָט ער אויך נאָכגעקוקט מיין זיידען,
וואָס איז דאָ געקומען בויען,
און דערצויגען די טעג
ביז'ן אומעטיגען גרויען.

אין ראָוו ביים פּשיטיקער טראַקט
ליגט אַ פאַרבלוטיגטע די האַק,
און געקוילעט איז די וואָר
פון מיין יונגען דור.

שאול מאַלץ.

# קאָלאָמיי

ס'איז אַלצדינג ווי געווען: דער מאַרק, די מויערען,
די אַלטע שורה פון „די גילדענע פאָהנען",
די בונטע בלענדענדיגע באַלען פון באַלקאָנען,
די איינפאָהר־הייזער מיט די ברייטע טויערען.

דאָס ראָטהויז מיט דעם זייגער, ס'וועטערפעהנדעל,
די קראָמען רונדאַרום — אַ רייהע נאָך אַ רייהע,
דאָס קלויסטער מיט דעם גילדערנעם שם־הויה —
אַלץ רעדט פון אַלטע וואונדער און לעגענדען.

און טעג און נעכט און ס'גאַנצע לעבען זינגען שבחים
די אַלטע לייט, וואָס זיינען קיינמאָל ניט צופרידען:
אַמאָל, אַמאָל איז אַלץ געוועזען ווי ביי לייטען,
סע האָבען אידען זיך געפיהרט ווי אידען,
געלערענט תורה און געגאַנגען אין גאָט'ס דרכים,
און שפע איז אויך געוועזען מעהר ווי היינטיגע צייטען.

נפתלי גראָס.

# קאָמעראַיקע

אין איינעם אַ אָוועגט, איז מיר געווען באַשערט
צוריק איינצואוואָרצלען אויף אייגענער ערד
אַ מענשען, וועמען דאָ, די פרעמדקייט באַשווערט.

און צו דעם האָב איך גאָר קיין שיף ניט באַדאַרפט
וואָס שניידט מיט'ן דנאָ — ווי אַ מעסער געשאַרפט
דעם ים, וואָס אַהערצו אַ בענקשאַפט צעוואַרפט.

דעם כח פון וואָרט האָב איך בלויז באַנוצט
אויף אַן עלענדען מענשען אין טראַנטעס „געפּוצט"
אין אַ פּאַרק וואָס האָט מיט'ן הערבסט איהם געשוצט.

אין שכנות מיט איהם אויף איין באַנק כ'האָב גערוהט.
איך פאָרש שטיל דעם מענטשען וואָס זיצט דאָ אָן מוט
און רוף אָן אַ שטאָט וואָס ליגט אין מיין בלוט.

דאָס וואָרט גיט מיין שכן אין האַרצען אַ צופּ!
ער פרעגט: צי קען איך די קליינינקע שטוב
אויף דעם בלאָטיגען הויף, מיט באַרג און מיט גרוב?

—כ'קען! — האָב איך גלייך איהם מיין ענטפער
געשענקט —
מיין יוגענט שווימט דאָרט ווי אַ טייכעל געאייגט...
מיין שכן, ער הילט זיך אין טרויער פאַרבענקט.

זיין טאַטע, זיין מאַמע, שוועסטער און ברידער,
די נאָהענטסטע אַלע, פון היים פון זיין ליבער,
הויבען אָן לעבען אין בלוט ביי איהם ווידער.

מיט וואַרעמקייט גלעט מיך דער קלאַנג פון זיין שטים.
איך צינד זיך אויך אָן ווי אַ פאַקעל פאַר איהם,
און כ'זוער מיט'ן פרעמדען באַהאָפטען אינטים.

ער שיילט אוים אַ דאַנק פון די וואַרעמסטע רייד,
און לאָזט זיך פון פאַרק צו משפחה דערפרייט, —
נאָר זיין עלענדען גאַנג האָט אַ שאָטען באַגלייט...

לוי גאָלדבערג.

# קאַרטוז-בערעזאַ

איך בין פון דיר שוין לאַנג אַוועק,
פאַרגעסען ציילען וויפיל יאָהרען;
מיין קליין שטעטעלע, דו לעבסט
נאָך ביז אַצינד אין מיין זכרון.

ווער ווייסט ווי איצטער זעהסטו אוים?
דיין מאַרק מיט קראָמען אין דער מיטען,
דיין שוהל־הויף מיט זיין אַלטען צאם, —
ווער ווייס ווי האָסט דיך אומגעביטען?

און דער שאָסיי, דיין איינציגע גאַס,
וואו דורכגיין געווען איז מעגלאך
פאַר פסח, ווען דער שניי צוגעהט
און זומפען ווערען דיינע שטעגלאך.

דיין בריק דער אייזערנער, דיין שטאָלץ,
וואו ס'פלעגט דער באַהן מיט גרילץ זיך טראָגען,
און פלעגט צו מאָל אין שטילע נעכט
דיין זיסע רוהיגקייט צושלאָגען.

דיין קלויסטער־סאָד, דיין שעהנסטער פלאַץ,
וואו שבת פלעגט מען גיין שפּאַצירען,
און יונגע פאָרלאַך, שטילערהייט,
דאָרט פלעגען זייערע ליבעס פיהרען.

די שווינדעל־טרעפּ אין קלויסטער־סאָד,
דיין אַלטער זכר פון פאַרצייטען,
וואו פון דער הויך כ'האָב ליב געהאַט
צו קוקען אין דיין פלאַכען ווייטען.

דיין שמאָלער טייך וואָס פריהלינג נאָר
פלעגט שעהן און ברייט צוגיסען,
און בעלי־בתים פלעגען דאַן
מיט שטאָלץ איהם קומען גריסען.

דיין חסידים־שטיבעל מיט די טענץ,
מיט זמירות און געזאַנגען;
ווי גוט מיר האָט זיך דאָרט געטרוימט
אין האַרציג־זיסער באַנגען.

ווי וואָלט איך איצט דיך וועלען זעהן
דו וויג פון מיינע יונגע יאָהרען.
ס'האָט ניט די ווייט, און ניט די צייט
דיך אויסגעמעקט פון מיין זכרון.

אַב. וויקטאָר.

# קאָרעץ

איך האָב זיי אַלע אין מיין קליינשטאָט גוט געקענט:
די אַלטסטע שטוב, דעם שווער־יאָהריגען בוים.
ביים קלויסטערגאָרטען מיט צונומענע הענט
אַפּאָסטאָל יוהנן: קומט, דאָ איז אייער היים.

דער ווינטער האָט מיט זיין בערישען פעלץ
צוליינט, צעוואָרפען אין זיין גרוים און ברייט.
די ווייסע לאַפּעס איבער יעדער דאַך און שוועל.
דער זונפאַרגאַנג נאָר וואַרפט זיין העליש רויט.

מיט טרויער און מיט טיפער פאַרכטיקייט
איבער דער גרויסער ווייסער רו און טאָל.
דאָ לעבט דאָס קליינע לעבען אונזערס, אונזער נויט,
אין שווערען רויען הויקערדיגען עול.

נאָר ווי אַ ווערימעל אַ גרינס — דער ערשטער שפּיל
פון זומערוועגט איבער דער נאָכגעלאָזטער קעלט.
די קליינע ביימלאך, קינדעריש, ווייד און שטיל
אין דעם פאַרנאַכטיגען רחמנות פון דער וועלט.

די הימלען לעשען אוים די גאָלדענע ליכטיגקייט,
און פרומער אומעט טרעט צו אַלע שוועלען צו
אָ קליינע היימוועלט, כ'קוק אַריבער צו דיין ווייט,
און שטרעק די הענט צו דיר נאָך היילונג און נאָך רו.

י. י. סיגאַל

# קאשאוואטע

א שטעטעל אַ קליינס, קבצנים א סך,
הילצערנע הייזער, מיט שטרוי יעדער דאַך.
דאָס גרויס פון דעם שטעטעל, איז פונקט ווי אַ ראָד:
אַ שוהל, אַ בית-המדרש, אַ חדר, אַ באָד.
אין מיטען דעם שטעטעל, דאָרט קראָמען, בלויז צוויי:
אַ שניט קראָם, אַ יאַטקע און פיש אַלערליי...
דאָס קליינינקע שטעטעל, האָט ציגען אַ סך,
ארונטער דעם באַרג דאָרט, אַ בלאָטיגער טייך...
אַן אַלטער בית עולם, מען טרעט אויף די קברים,
אַ סמן אַ גוטער, דאָס שטעטעל איז אָרים.
דאָס גליק איז וואָס זומער, דאָרט שיינט כאָטש די זון,
— קלייבען כאָטש נחת — קבצנים דערפון...
נאָר קומט אָן דער ווינטער, די שרעקליכע קעלט,
טויט איז דאָס שטעטעל, אוי טויט פון דער וועלט.
דאָס דאָזיגע שטעטעל, אַ נאָמען אויך האָט,
ק א ש א ו ו א ט ע רופט מען עס, שטראָף מיך ניט
גאָט ! ! !

ב. באָטשעליס

# קדימה

געבאָרען אַף די ברייטע סטעפּס פון אוקראַינע,
און אויפגעכאָוועט ביי אַ פּראָסטער אַם,
האָב איך ביי יחוס'דיגע עלטער-זיידעס' מיינע
גע'ירש'ענט אַלע זיטען פון מיין שטאַם.
אַ, שטעטל מיינס מיט הייזער ווי די טשערדעס,
צעווישען פעלדער קאָרן און פּאַפּשוי,
מיט שטיבלאַך לייםיגע און דעכער-סטערטעס,
וואו שינדלען זעלטענער און אָפטער שטרוי.
זאָג, ווער האָט אויסגעטראַכט אַז דו ביסט אָרים,
זאָג וועמענס קינדער איז דען מער באַשערט:
ווי הייסע זון פון טונקל-ברוינעם דרום
ווי שוואַרצע, פוטערדיגע מאַמע-ערד?
די פעלדער — ברייט-גרייפעלטע אין פּאַסען
אַ רייפט אין שוואַרץ, אַ רייפט אין גרין און געל —
און אויסגעמאָסטען, ווי מיט ווירעס — גאַסען
און העל-געשטרייפעלט, ווי דער זעברע'ס פעל.
ווען אָוונט-צייט דערציילט דער זיידע זישע
ביים שיין פון קאַנעץ, ווי עס פיהרען קריג
„דער פעטער פיניע מיט דער מומע ריסיע"
און וויגט פאַרטראַכט דאָס אייניקעל אין וויג.
ביים קליינוואַרג גלאַנצען אויגען שרעקיג, גיריג,
בשעת דער זיידע רעדט מיט „אָך-און-וועי",
פאַרבייטענדיג „מ'מלופּם" פאַר אַ „חיריק",
און שלינגענדיג אַן „אלף" פאַר אַ „העי".
אַ, שטעטל מיינס, מיט גאָלדיג- מילדע הארבסטען
האָסטו מיר אויסגעבעט מיין יוגענט-צעל
און שפּעטער אָפּגעריסען מיך פון האַרצען
און ווייט פאַרוואָרפען אין דער ברייטער וועלט.

ל. פיינבערג

# קומארנע

שטעטעל קומארנע,
גרויס ווי אַ קיעווער;
פיר איילען די לענג
צוויי איילען די ברייט:
און היינט ביסט מיר ווייט,
העט-ווייט אין די הייכען,
מיטן האַנט צו דערגרייכען,
מיט מיין פוס צו דערשלייכען.
אָבער דאָס אויג אין קאָפּ —
דאָס אויג אין קאָפּ —
קוקט אַרויף, קוקט אַראָפּ,
ק-ו-מאר-נע
פיר איילען די לענג,
צוויי איילען די ברייט,
מיין פיצעל לעבען
מיין גרויסער פרייד.

קלמן הייזלער

# קיידאַנאָוו

מיר דאַכט, איך בין אַ קליינער אינגעל,
איך האָב ערשט אָנגעהויבען לעבען:
די גאַנצע וועלט איז בלויז דאָס שטעדטעל
און שעהנערס קען פאַר איהם ניט געבען.

מיר דאַכט, איך בין אַ קליינער אינגעל
און בין נאָך ערגעץ ניט געפאָהרען,
און וואָס איך האָב געזעהען אין לעבען
איז ווי דורך כשוף ניט געוואָרען.

עס איז געבליבען בלויז דאָס שטעדטעל,
אַ גאַנצע וועלט מיט זיבען גאַסען:
זיי ציהען זיך אין מיין זכרון
ווי זון-באַשטראַלטע, גאָלדענע פּאַסען.

דער שול-הויף איז דער פּלאַץ דער שעהנסטער,
די שוהלען פיער — איך זעה זיי תמיד:
צוויי טויבען אויפ'ן אָרון-קדוש,
צוויי לייבען הויערן ביים עמוד . . .

דאָס טייכעל קלאָר און ריזעלט פרעהליך
מען קען זיך אין זיין וואַסער שפּיגלען:
דער ווינט-מיהל איז דער גרעסטער וואונדער:
עס דרעהען זיך אַליין די פליגלען.

דער ווייטסטער וועג — צום וואַלד דעם גרינעם,
אַהין שוין מוז מען געהן צוזאַמען,
און הינטער'ן וואַלד איז ענדע וועלט שוין
און ס'הויבען אָן זיך ווייטע ים'ען...

אברהם רייזען

# קרינִיק

היים מיינע, באַרג-אַראָפּ,
וואו שלאָפט איצט דיין פלאַכע ערד?
וואו גרינט איצט דיין טאַליקער שראָט?
דיינע וועלדער שטעהען פון לאַנג שוין —
מיט הוילע קעפּ פאַרשעמט,
דיינע פעלדער ליגען דאָך פון לאַנג שוין —
מיט פאַרטריקענטע בריסט.
איך האָב מיין געזונטען לעבען אַוועקגעטראָגען,
מיט צעזעגעלטע שיפען
אויף אַ פאַלשער ערד,
אָפּגעגעבען האָב איך די אויסגעוואַקסענע יאָהרען
אַף פאַרפאַנצערען זיך מיט שטאָל און רויך,
אַ גרוס אַ בלוטיגען צו דיר אויסציהען
פון דעם ווייטערדיגען לעבען, וואָס איך האָב דאָ
אויסגעאָטעמט?
ווייל אָפּגעריסען האָב איך דאָך פון דיר
אַזעלכע אויפגעבליטע לעבענס,
און געלאָזען האָב איך דיין פעלד שטעהען
אַ ניט-צעאַקערטס, —
איז ווי אַזוי וועט אויפגעגרינט ברויט
דיין פאַרשעמטע טראַכט קענען אויסטראגען?

היים מיינע, דאָרטען!
וואָלט איך נאָך דערקענט די אַכט יאָהר
וואָס דו האָסט מיר אַזוי ציטערדיג אויסגעוויינט?
כאָטש מיין ווייטערדיק לעבען
ווערט אַף דיין נאָמען, קריניק, צוגערעכענט;
אויסגעגלאַצטע וואַלגערען זיך
די יאָהרען, וואָס איך האָב פון דיר אַפּגעריסען,
אַ פאַרשולדיקטער קייקעל איך זיי
אַף פאַרשפּיצטע בערג אַרויף.

היים מיינע, דאָרטען!
עס ווילט זיך ניט פאַרשעמען דיין נאָמען
וואָס דיינע גאַרבאַרסקע זין
האָבען פון דיר אויסגעשטאָלצט,
ניט אָפּוואַשען קען זיך דאָס בלוט
פון מיין פעטער מאיר
וואָס האָט פאַרלויכטען
די ביאַליסטאָקער גאַסען,
איך בינד אָן אויף זיך —
די נאָענטקייט פון דיין נאָמען,
קריניק, מיין היים!

יאָסל קאָהן

# ראַדאָם

(אויסצוגען פון אַ ליד)

די זון פאַרגייט, דער האַנדעל איז געשלאָסען,
אויך אַ פאַרלאָזענער ליגט שוין דער מאַרק,
דאָ האָט טאָג איין, טאָג אויס געברויזט מיט לעבען —
איצט איז געבליבען דאָ נאָר מיסט אַ באַרג.
אויך הערט מען שוין נישט מעהר קיין פייגעל
צווויטשערען, —
זיי זיינען לאַנג שוין ערגעץ אינ׳ם וואַלד,
און פונ׳ם הימעל-רוים טראָגט זיך אַ צאַרטע
און איינזאַמע טרויערקייט צום שטעטעל באַלד.

בלויז אין דעם אָרעם, ענגען מקוה-געסעל
באַוועגט זיך רעש׳יגער דאָס לעבען איצט:
עס לויפען, איילען אידען יונגע, אַלטע,
מיט נאַסע באָרד און פאות; רויט, פאַרשוויצט. —
דאָס זיינען אידען פון די מערק און קראָמען
(אין יעדענס בליק שיינט איצט אַ שטאָלצער גרוים)
דאָס האַרץ ביי יעדען שלאָגט מיט פורכט און ליבע, —
כל נדרי-נאַכט קומט דאָך אין אידענ׳ס הויז.

דאָס יאָהר האָט אַלעמען געשפּייזט מיט צרות,
מיט בלוט און וויטאָגען און מיט געוויין;
אויף דעם צעקלאָגען און אויף גוטס צו בעטען,
קלייבט קהל זיך איצטער גיין אין שוהל אַריין.
אַ ווידער-קול טראָגט זיך פון ווייטע וועגען,
ער הילכט אָפּ אין יעדען אידיש הויז,
און ליכט געצונדען ווערט... עס קומט דער שבת —
דער גרעסטער פון שבתים, ריין און גרויס.

⁂

עס בלאַנקט ביי אונז, ווי ס׳בלאַנקט דעם טאַטענ׳ס
קיטעל —
דער מאַמעס אַרבייט איז אויף אַלץ פאַרשפּרייט,
און איצטער ווייגט זי פאַר די ליכט און בעט
הכנעה׳דיג — געזונט, פרנסה, פרייד.
מיט טיפען זינען זעה איך צו דאָס אַלצדינג,
איך, כאָטש אַ אינגעל נאָך, דרינגט אַלץ אין מיר.
דער טאַטע, גרייט אין קיטעל, רופט אין שוהל מיך,
די מאַמע גלעט מיך, פיהרט מיך צו דער טיר.

מיט שטילע טריט גיי איך ביים זייט פון טאַטען,
די שוהל-גאָס ווערט אַלץ מעהר מיט אידען פול.
די הערצער ערנסטער, די אויגען פרומער —
פון ווייטען וועקט דאָס אָנזעהן פון דער שוהל.
און אינגלעך דאָ און דאָרטען מיט מחזורים,
זיי גייען חברה-וויַיז און שטיל-פאַררעדט;
אויף יעדענס פּנימ׳ל, דאָס בלייכע, צאַרטע
זעהט זיך נאָך אָן זיין מאַמעס ווייכער גלעט.

⁂

די תפילות טראָגען זיך פון שוהל אינדרויסען.
ס׳שפּאַצירט נישט קיינער היינט... אַרום איז שטיל...
עס רוט די נאַכט... ס׳צעטראָגען זיך חלומות
און מאַכען האָפּערדיג געדאַנק, געפיל.
עס טוליעט פירכטענדיג זיך אַ פאַרטרויטע
דאָס ליבע שטעטעל צו דער שטילער ווייט,

עס איז ווי זי וואָלט זיך אַליין געהייליגט
אין דער געהייליגטער נוראים-צייט.

איך געה ביז שפּעטער שעה אַרום אינדרויסען,
וואו כ'פיל זיך ווי אַ גייסט פון לאַנג שוין פריער,
עס שלאָפט שוין לאַנג דאָס שטעטעל, בלויז איך איינער
דרעה זיך דאָ וואַכענדיג אַרום אין איהר.
און אַזוי וואַכענדיג וועל איך דורכשפּרייזען
דעם ברייטסטען ים, דעם ווייטסטען וואַלד און פעלד,
און וועל די שטומע בענקשאַפט אַלץ נאָך פילען,
און טראָגען זי מיט זיך אין ווייטער וועלט.

אל גוריה.

(1913)

# ראַדאָשיץ

מיין קליין און אָרים שטעטעלע —
איך זעה דיך פאַר מיר קלאָר;
איך האָב שוין לאַנג פאַרלאָזען דיך
שוין באַלד צוויי צענדליג יאָהר.

דאָך זעה איך דיינע געסלאַך נאָך
און יעדען שטיין פון דאָרט,
די הייזלאַך קליין, ווי מאַרמאָר העל,
דעם ברונעם אויף זיין אָרט.

דער מאַרק איז רונדיג און פאַרצאַמט
מיט ביימלאַך, ווי אַ קייט;
פאַר יעדען הויז — אַ קאַשטען-בוים,
די קראָמען אָפען, צעשפּרייט.

און מיכאל שטייט, דער טעמפּער גוי,
דער גוטער שבת-גוי, —
ביים ברונעם שטייט ער אָנגעשפּאַרט
און קייעט פויל אַ שטרוי.

און יאַן מאַרשירט אַדורך דעם מאַרק,
אַרומגעהילט אין זאַק
און אויף זיין אַקסעל פינקעלט איהם
די גרויסע, בלאַנקע האַק.

דער וואַכמישטש שלעפּט זיך שיכור — לוט,
פון קראָם צו קראָם אין גאַס
און בייזערט זיך אויף יונג און אַלט,
אויף יעדען מלא כעס.

דעם נגיד'ס קוואָקע מיט'ן האָן,
מיט הינדעלאַך אין קרייז —
אַנטלויפען פאַר דעם שיכור'ען
און בלאָזען זיך אָן בייז.

דעם שטאָט-באַק טרייבט מען מיט אַ דראַנג
פון בעקער'ס שטוב אַרויס,
ער מעקעט זיך פאַנאַנדער הויך,
די הערנער גרייט צום שטויס.

עס יאָגט איהם נאָך דער קצב'ס הונט
און רוקט זיך פון דער זייט
און ביידע שטעלען זיך צום קאַמף —
אויף טויט און לעבען גרייט.

די קינדער לויפען זיך צונויף,
מען עפענט טויער און טיר;
ווי פריילאַך און ווי לעבעדיג
לייכט יענער טאָג פאַר מיר!

י. ה. ראַדאָשיצקי

(פון בוך „ראַדאָשיץ", ניו יאָרק, ).

# ראַקיטנע

אָ, ראַקיטנע, קליין שטעטל אויף דער אוקראַינע
לעם קיעוו!
ווער האָט עס געלערענט מיט אונדז ליבע צו דיין ערד?
צו דיינע וועלדער? צום פויער'ס פעלדער און טייכען?
כאָטש איישעוו'ס ברויט האָבען מיר דאווקע
שאַבעסדיג געגעסען...
נאָר ליב געהאַט האָט מען נאָר דעם שעיך אַוראַמען
וואָס איז מיט זיינע ווייבער און קעפּסווייבער
אין מאַמריין געליגען און פאַר דער גאַנצער וועלט
איצכאַק-יאַנקעף-זאַמען געפּלאַנצט — ווי שטויב
און שטערן —
צווישען די געצעלטען וואָס האָבען געלאַגערט אין
שאָטען פון אייכען.

פון שיקאַגאָ ביז דער אוקראַינישער ראַקיטנע —
אָט-דער וועג איז צו מיר אַזוי נאָענט!
קיין בוענאָס איירעס, וואַרשע, פּאַריז, לעמבעריק,
איז דער וועג פאַר מיר אויך ניט וויט;
נאָר קיין פּאַדנאַראַם? מאַמריין? גווישע?
ערצאַיסראַל?
צווישען אַדעם וועג ליגט שוין אַ היפּשער מאַהאַלאַך!
איינשטיינס ליכט-מאָסען פון רוים און צייט....

מאָטעס דייטש (שיקאַגאָ).

# רוסישער דאָרף.

דער טאַטע האָט געקויפט אַ פורל האָלץ
ווען ס'האָט פאַרטאָג אַ נאַסער שניי געשמיסן.
דער ווייסער פויער פאָרט אַריין אין הויף,
סקריפּען פון דעם טויער די זאַוויסעס.

עס קומען אַלע שכנים זיך צענויף.
עס גרייכט דער שניי דער טיפער ביז די קני.
קוקט מען און מען שאָקלט מיט די קעפּ,
שאַצט מען אָפּ די זעלטענע מציאה.

פון דעם פערדל שלאָגט די פּאַרע וויים.
עס זיינען שוין די האַלצהעקער געקומען,
אומעטיק וועט זינגען לאַנג די זעג
מיט פאַרוויינטע וואַלדישע נגונים.

ש. נעפּאָס (קאַנאַדע).

## מיין היים שטאָט ריגע.

די ערד, וואָס איך האָב אינגלווייז באַטראַכט,
וועט שוין אויף אייביק שוועבן פאַר מיין בליק.
דו האָסט מיך אָנגעזאַפּט מיט ליכט און שאָטן,
און מיט דיין בענקשאַפט-ליד, אַ ריגע, מיך געוויגט.

צעליכטיקטע געביידער מיט ווערענדעס
און בוימער ביי די ביידע זייטן גאַס.
עס טרעפט: אין זוניקע אַלייען וואַנדערסט
און ס'גייט אַוועק פון דיר די לעבנסלאַסט.

ביזט שיין, מיין שטאָט, מיט דיינע וואונדערוועגן,
מיט יוגענטליכן, אויפגעשטראַלטן גאַנג.
און ס'שוימט די פרייד אריבער אַלע ברעגן,
ווען בלאַנדע לעטינס קומען מיט געזאַנג.

נאָר ליבער נאָך פון אַלץ איז מיר די געגנט
פון באַלמעלאָכעס-אָרעמען קוואַרטאַל.
דאָ האָב איך מיט מיין קינדהייט זיך באַגעגנט.
דאָ האָב איך מיין ערשטע ליד געשאַפט.

דאָ האָט מיין מאַמע לידער פאַר'ן שלאָפן
געזונגען אונז אין האַרציק-שטילן טאָן,
און מיר — די מידע אויגעלעך געשלאָסן,
ווי נאָר דער אָוונט-שטערן צינדט זיך אָן.

עס שווימען אויף די הילצערנע געביידעס,
די בוידעם שטיבלעך, די אַלטע גוטע לייט,
דאָ האָט מיין פרייד געפורעמט זיך באַשיידן,
דאָ האָט איר מאָרגן-טרוים געוועבט די צייט.

דוד אַפּאַלאָוו.

## ריישער וואַליע

יונגען פון דער וואַליע, די שטאַרקסטע אין שטאָט!
פייערדיגע, מיט גרויסע גזשיוועס איבער די אויגען,
און מיט געזונטע קצב'שע פנים'ער, אַקסלען וואָס
טראָגען געשאָכטענע קעלבער.
פון טרייבען קעלבער האָבען זיי האַרטע הענט, פון
שינדען נבלות גלאַנצען די קליידער
און שמעקען מיט שעכטהויז, מיט פרישען בלוט,
מיט יאַטקע און רויע פליישען.

אין אַ יום-טוב-טאָג האָבען זיי ליב צו פּוצען זיך
אין זעלנערישע מונדירען,
קורטקעס מיט מעשענע קנעפּ, אויפגעשטעלט די הויכע
קעלנער,
און לעדערנע דאַשקעס פאַררוקט אין אַ זייט
אַפּעציריש
רייטהויזען, לאַקירטע שטיוועל, מיט שטילעטען אין די
כאַלעוועס,
שפּאַצירען זיי מיט כלות ריטמיש נאָכ'ן קלאַנג פון
זילבערנע שפּאָרענס.

מיילער האָבען זיי, ווי זייערע מאַמעס די פּזשעקופּקעס,
וואָס שליענטשען אָן אין קעלטען מיט אויבסט אין
מאַרק
און קענען שילטען מיט בייזע קללות,
פון בלאָזען פייער-טעפּ האָבען זיי צעפּאַדערטע ליפּן;
פון קוישען, זעק און רעגענס פוילען אויף זיי די
קליידער,
און נעגל האָבען זיי שאַרפע וואָס קענען מאַכען
וואונדען.
יונגען פון דער וואַליע, פון טאַטעס מיט באַן-פּיאַקערס,

און פערד, וואָס לאָזען זיך אויסגעשפּאַנט אויף
פרעמדע לאַנקעס פּאַשען.
פון זייערע רייד פילט זיך בראָמפען מיט טרוקענעם
ריח פון ביליקען טיטין;
און האָבען נישט קיין בושה צו קאָפּען די מאַמע, דעם
טאַטען און די שוועסטער,
און צו וואוינען מיט ווייבער פון באָרדעל.
פון צופיל ווייבער גייען זיי אַרום מיט נאָכגעלאָזטע
טריט,
און פון אויף-זיין לאַנגע נעכט טריפען זייערע אויגען.

אין פּוילישע ווינטער-נעכט בלאַנקען אום זייערע
שוועסטער,
און האָבען ליב די ליבע לעם אַ גאַסען-טויער אונטער'ן
פאַל פון שניי,
פון אַ הפקר-יונג, עפענען זיך זייערע בריסט נאָך
זייגענדיגע קינדער,
און ווערען מאַמעס באַם טריבען שיין פון אַ גאַסען-
לאַמפּ.

יונגען פון דער וואַליע, די שטאַרקסטע אין שטאָט:
פייערדיגע, מיט גרויסע גזשיוועס איבער די אויגען,
און מיט געזונטע קצב'שע פנים'ער, אַקסלען וואָס
טראָגען געשאָכטענע קעלבער.
פון טרייבען קעלבער האָבען זיי האַרטע הענט, פון
שינדען נבלות גלאַנצען די קליידער
און שמעקען מיט שעכטהויז, מיט פרישען בלוט,
מיט יאַטקע און רויע פליישען.

בעריש וויינשטיין.

# ביבליאָגראַפיע

## 1. קאָנסטיטוציעס

(זע צוגאַב, זייט 244)

„קאָנסטיטושאָן פון די אושאצער בענ. אסס'ן, אינק."
געגרינדעט מאַרטש 5, 1927. (אידיש : 37 זייטען, ענגליש : 36 זייטען).

„קאָנסטיטושאָן פון די אָהאָטער וואַרשאווער יאָנג מענס פראָג. סאָסייעטי."
געגרינדעט 1920. (אידיש 20 זייטען).

„קאָנסטיטושאָן פון אניקסטער אונט. פאַראיין."
אַרויסגעגעבען צום 40 יאָהריגען יובילעאום, דעם 23טען יאַנואַר, 1937. געגרינדעט אין יאָהר 1897. דיזע קאָנסטיטושאָן איז אויסגעבעסערט און אָנגענומען געוואָרען אין 1936.

„קאָנסטיטושאָן פון דיא יאָזעפאָף אָרדינאַצקי בענעוואָלענט סאָסייעטי."
געגרינדעט 28טען דעצעמבער, 1910. (אידיש : 44 זייטען).

„קאָנסטיטושאָן ערשטע ארינינער יאָנג לײדיעס סאָס."
געגרינדעט דעם 5טען דזשון, 1925. (אידיש : 22 זייטען).

„קאָנסטיטושאָן און ביי-לאָהס פון די אינדעפענדענט ביזאָנער חברה."
(אידיש : 19 זייטען ; ענגליש : 16 זייטען).

„קאָנסטיטוציאָן דער ביסקער בני ברית ק. א. פ."
געגרינדעט דעם 11טען אָקטאָבער, 1911, אין ניו יאָרק. אָנגענאָמען דעם 12טען מערץ, 1921. (אידיש : 39 זייטען).

„ערשטער ברעזאָווער ברוק. קר. א. פ."
געגרינדעט אם 21 דעצעמבער, 1900. געזעצע אנגענאָמען נאָוועמבער 6טען 1916. ניו יאָרק, 1917. (אידיש : 27 זייטען).

„תקנות החברה פיר דיא עדת ישראל אנשי גאַליציע מנהג ספרד."
ד' פרשה נשא שנת תרס'ג. אם 3טען יוני, 1903. (אידיש : 34 זייטען).

„קאָנסטיטושאָן דער אגודת עזרת הגליל", מא"י.
געגרינדעט ט"ו אדר, תרע"ו, דעם 9טען פעברואַר, 1916. (אידיש : 16 זייטען ; פאָרעדע).

„קאָנסטיטושאָן פון די רבינו נחום אַנשי גראָדנאָ."
1892. (אידיש: 42 זייטען).

„קאָנסטיטושאָן פון די דאלהינאווער יאָנג מענס בענעוו. און עדיוקל. אסס'ן."
געגרינדעט דעם 10טען סעפטעמבער, 1907. געדרוקט אין 1915, (אידיש : 42 זייטען).

„קאָנסטיטוציאָן און נעבען געזעצע דער קאָנגרעגיישאָן בני ראפאפארט אנשי דאמבראווע."
געגרינדעט דען 30 אקטאבער, 1885. (אידיש : 47 זייטען).

„קאָנסטיטושאָן פון דער חברה אנשי דיווין."
אָרגאַניזירט דעם 25 אויגוסט, 1900. די קאָנסטיטושאָן איז פאַרפאַסט געוואָרען און גוטגעהייסען געוואָרען דעם 2טען אפריל, 1932, ניו יאָרק. (אידיש : 34 זייטען).

„קאָנסטיטושאָן פון די האָראָדישצער בראָדערס בענעוואָלענט אסס'ן."
געגרינדעט דעצעמבער 4, 1900, ניו יאָרק. דריטע אויסגעבעסערטע אויסגאַבע, דזשולײ 1טען, 1930. (אידיש : 78 זייטען).

„קאָנסטיטושאָן פון חברה בני ישראל אנשי הלוסק."
געגרינדעט חוהמ"פ, תרס"ו. אַמענדירט תרצ"ג. (אידיש : 49 זייטען).

„קאָנסטיטושאָן פון די וואָלקאָווישקער יאָנג מענ'ס בענעוואָלענט אסאָסיאיישאָן."
אָנגענומען געוואָרען צום צווייטען מאָל דעם 1טען יאַנואַר, 1920, אין די קלוב-רומס, 235 איסט בראָדוויי, ניו יאָרק. (אידיש : 54 זייטען).

„קאָנסטיטושאָן פון די עזרת אחים אנשי ווידז."
געפרינטעט אפריל, 1938. (אידיש : 14 זייטען).

„קאָנסטיטוציע פון דער וויסאקער מאזאוויעצקער יאָנג פרענדס בענעוואָלענט סאָסייעטי."
געגרינדעט יוני 15, 1915. אָנגענומען דעצעמבער, 1931. (אידיש : 26 זייטען).

„קאָנסטיטושאָן פון דער וועליזשער פראָג. פאַראיין."
געגרינדעט אין 1904. ערשטע קאָנסטיטושאָן געדרוקט אין 1913. רעוויזירט, 1932. (אידיש : 34 זייטען ; ענגליש : 30 זייטען).

קאָנסטיטוציאָן פון דער פוירסט זאוויכאסטער יאָנג מענס בענעוואָלענט אסס'ן."
אָרגאַניזירט 19 נאָוועמבער, 1913, ניו יאָרק. (אידיש : 35 זייטען ; ענגליש : 32 זייטען).

„קאָנסטיטוציע פון דער אינדעפענדענט האדאראווער יאָנג מענס בענעוואָלענט סאָסייעטי."
געגרינדעט דעם 24טען יאַנואַר, 1909, 1930. (אידיש: 42 זייטען ענגליש: 43 זייטען). עמבלעם.

„קאָנסטיטושאָן פון די חברה מגן דוד אנשע חאראשץ."
געגרינדעט 1888. (אידיש: 41 זייטען און ענגליש: 39 זייטען).

„קאָנסטיטושאָן פון דעם ערשטע טוראווער אונטערשטיצונגס פאַראיין."
אָנגענומען מאַי דעם 25טען, 1935. געגרינדעט אָקטאָבער דעם 14טען, 1903. (אידיש: 32 זייטען; ענגליש: 29 זייטען).

„קאָנסטיטושאָן פון דער ערשטער טלוסטער ברידער אונטערשטיצונגס פעראיין."
עמבלעם : האַנד-דרוק. געגרינדעט דעם 25טען פעברואַר, 1899. (אידיש : 59 זייטען ; ענגליש : 59 זייטען).

„קאָנסטיטושאָן פון טעלעכאנער סוועגטאוואליער סיק בענעוואָלענט סאָסייעטי."
געגרינדעט 1903. (אידיש : 63 זייטען ; ענגליש : 60 זייטען), 1934.

„קאָנסטיטוציאָן דער טשערנאביליער אונט. פעראיין."
עמבלעם. האַנד-דרוק. געגרינדעט דעם 5טען אויגוסט, 1905, ניו יאָרק סיטי. (אידיש: 40 זייטען; ענגליש 34 זייטען).

„קאָנסטיטושאָן פון דער חברה בני יעקב אנשי טשעכאנאווצע."
אָרגאַניזירט אין 1893. (1929). 20 זייטען.

„קאָנסטיטושאָן פון ערשטע טשערנאסטראווער פאָדאָליער אונטערשטיצונגס פאַראיין."
געגרינדעט דזשולײ דעם 3טען, 1910, ניו יאָרק. אָנגענומען די קאָנסטיטושאָן דזשון דעם 28טען, 1931, ניו יאָרק. (אידיש : 53 זייטען).

